# צום זיג

## ליטעראַרישער זאַמלבוך

אָגיז
מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס“
מאָסקווע ★ 1944

Printed in Soviet Union

# ברידער
# אין שלאכט



ל. רעזניק

# מאָנען און צאָלן

איך בלעטער איצט נאָכאַמאָל אַלטע פאַרגעסענע בלעטער
און מיש אויף דעם רום פון מײַן פאָלק און זײַן פּײַן און זײַן צאָרן.
איצט וויל איך ניט גאָרנישט פאַרגעסן — איך וועק אין זיקאָרן
פאַרגאַנגענע צײַטן מיט בלוט און מיט טרערן געזעטיקט.

עס טליִען אין שטעט דײַנע, דײַטשלאַנד, פאַרצײַטיקע שפּורן
פון בלוטיקן בילבל, פון לאַנד-לאַטעס, שײַטערס, פּאָגראָמען.
ניט אָפּגעווישט האָט זיי די צײַט און ניט דראַנג און ניט שטורעם, —
איצט גליִען זיי העל און באַלויכטן דעם וועג צו נעקאָמע.

און זע איך דײַן האַקנקרייץ איצט מיט די פּינצטערע שלייפן,
און העלדוער פון ליכטיקע מיידלעך די שלייפן פאַרציִען, —
דערמאָן איך די קרייצטרעגער דײַנע, און היימלען אין סרייפעס,
און גלייביקע ייִדעס, געהאַנגען מיט הינט אויף איין טליִע,

און אָטעם דערשטיקטן אין פריש-אָנגעשאָטענע קוואָרים
אויף מאַמעס און קינדער אין קערטשער און קיִעווער טאָלן,
און קדושים, געשאָכטן אין שפּייער, אין מײַנץ און אין וואָרמס. —
איצט וויל איך ניט מוחל זײַן גאָר נישט, — כ'וויל מאָנען און צאָלן.

די זין דײַנע, דײַטשלאַנד, מיט מעסערס פאַרקלעמט אין די ציינער
(זיי האָבן פאַרפּײַניקט מײַן ברודער און דיר א מאַטאָנע
געשיקט זײַנע אָרעמע קליידער), — בײַ זיי וועל איך מאָנען
פאַר איצט און פאַר פריִער, און דו וועסט מיט בלוט זיי באַווײַנען.

אויף זיי און אויף זיך וועסטו ווײַנען אין טאָג פון נעקאָמע —
זיי האָבן מײַן ייִדן געפּײַניקט אין נאָמען פון קריסטוס,
איצט שענדן זיי קינדער, און שעכטן, און היימען פאַרוויסטן
אין דײַן נאָמען, דײַטשלאַנד, — געשענדט איז אויף אייביק דײַן נאָמען.

ניט אָפּוואַשן וועסטו מיט טרערן פון דײַטשישע מאַמעס,
מיט בלוט פון די זין דײַנע, דײַטשלאַנד, דײַן שאַנד און די קלאָלע
פון פעלקער און דורות, און וועסט ניט פאַרלעשן די פלאַמען
פון האַס און פון צאָרן אין טאָג פון דערמאָנען און צאָלן.

# האס און ליבע

פון אלע זײַטן ברענט דער קאָנטינענט, —
מיט קינד אפ מידע הענט עס לויפן מאמעס,
און טויטע טאטעס וויגן זיך אין יאמען.
מײַן ברודער קרעפטיקער, פארבײַל די הענט!

דער סוינע האָט באטראָטן אונדזער שוועל, —
איז ענגער שליס די ריי, די טריט נאָך שטײַפער,
און שארפער שפיר, און שלאָג, און טרעף, נים פעל, —
דײַן ליבע זאָל דײַן האס און צאָרן שלײַפן!

אפ אונדזער מי, אפ ליד און פרייד פון לאנד
פארמאָסטן איז א הענקערישע האנט,
אפ יונג און אלט מיט גוואלד, און בלוט, און פײַער.

איז שארפער שלײַף, מײַן ברודער, דאָס געווער,
און ברידערס רוף נאָך הילף פארנעם און הער, —
דײַן האס און ליבע זאָל די ערד באפרײַען!

——★☆★——

# דאָוויד בערגעלסאָן

## פרײַנטשאַפט

צווישנ די פארטיזאנער אינ פול־געפאקטע ערד־שטיבל, וואס אינמיטנ וואלד,
האט אלעמאל אנ אנדערער געפרואווט זיכ דערשלאגנ, זי זאל זיכ אפ אים אומקוקנ:
— זשאנא!
— א?.. זשאנא!
נאר זשאנע איז אלצ געווענ שטארק ארײַנגעטאנ אינ באטראכטנ דעמ פילאט
בירויקאווו, וואס איז אקארשט־א אינ שטארקנ פראסט צום ערשטנ מאל געקומענ
צו פליענ אהער פונ דער „גרויסער ערד". ער איז געווענ דער סאמע הויכער מענ־
טיק צעוואקסענער מאנצבל, וואס זי האט אפ איר לעבנסטאג געזענ.
— מיט א קלאפ אינ טיש האט ער געצווונגענ, מע זאל נאכ אלע אפזאגעכצנ
דאכ אוועקשטעלנ פאר אים אינ א קווערטל דאס, וואס ער פאדערט אפ צו דער־
וואַרעמענ זיכ. פונ דעמ איז געווענ צו דרינגענ, אז אכוצ זײַנ גוורע, איז ער נאכ,
אזוי צו זאגנ, א מענטש מיט א גאנצ שטורמישנ כאראקטער.

אונ האָב האט אימ זשאנע, קענ מענ זאגנ, געגומענ מיטנ ערשטנ קוק פונ
אירע ביז גאר שווארצע אונ ביז גאר קײַלעכדיקע אויגנ. ווי נאר ער האט געכאפט
אפ זיכ זייער בליק, אזוי באלד איז ער געבליבנ זיצנ קימאט ווי א סטאטיק, אנ
שום באוועגונגענ. אימ האט געוווּנדערט: „ווי נעמט זיכ גאר אינ א מענטשנס
אויגנ אזא קראפט?"

מע דארפ צוגעבנ, אז לויט בירויקאווס ערשטנ אײַנדרוק איז בא זשאנענ אלצ,
אויסער די אויגנ, — ארײַנגערעכנט די הענט אונ די פיס, — געווענ זייער שוואכ
אנטוויקלט. מע קענ זאגנ אפילע: אומבאהאלפנ. נאר דער דאזיקער אײַנדרוק האט
געקענט קומענ פונ דעמ, וואס דערזענ זשאנענ האט ער דעמאלט דעמ ערשטנ מאל,
אונ גראד אפ די הענט פונ איר מוטער דער פארטיזאנקע — זשאנע איז צו יענער
צײַט אלט געווענ פונקט צוויי יאר מיט פינפ כאדאשימ.

ווי א מענטש מיט א שטורמישנ כאראקטער, האט בירויקאווו פונ מאמיד אנ
ניט געקענט פארטראגנ, מע זאל אפ אים עפעס ארופצווינגענ, זאל זײַנ אפילע
א בליק.

— פי מישעווא?! — האט ער געפרואווט אפ זשאנענ זיכ אנבייזערנ.

דאס האט ניט געהאלפנ. זשאנע מיט איר קוטשעראווע קעפל איז ברייטלעכ,
ווי א מאלכעס, געזעסנ אפ דער מוטערס הענט אונ האט ניט אפגענומענ פונ אימ
איר בליק. אנו, עס זאלנ אפילע א מינדסטנ ציטער טאנ די נײַגעריקע פלעמלעכ
אינ אירע קײַלעכיקע שווארצע אויגנ — אינ יעדער אויג א ביז־גאר נײַגעריק פלעמל.

— דו קוק בעסער ניט אפ מיר! — האט מיט א באס איבערגעבאזערט בירוי־
קאוו. — איכ בינ א בייזער דיאדיע!.. אוכ, א בייזער!

נאר גראד דערופ האט אימ זשאנע געענטפערט מיט אנ אומבאשטימטנ קלאנג
„נגנא", באגלייט מיט עפעס א מינ שוואכ שמייכעלע, וואס האט בלויז אינ א פאר
ערטער צעקריכט איר מינקל סאמעט־גלאט פּנימל. אונ דאס דאזיקע שמייכעלע

האָט געהאַט סאַבאַקל איינ טײַטש: זשאַנע, כאָטש דאָ, אינעם פאַרטיזאַנישנ טייל, האָט זי שוינ ניט איינ מאָל געזענ אַרומ זיכ פאַרוווּנדעטע אונ געהאַרגעטע, פונדעסטוועגנ גלייבט זי ניט, אַז אפ דער וועלט זײַנענ פאַראַנ בייזע מענטשנ. איינער קענ אַמאָל מאַכנ אַ מינע פונ אַ בייזנ — דאָס יאָ. נאָר טאַקע דאָס איז לויט זשאַנעס מיינונג קאָמיש, זייער קאָמיש.

— צו וואָס האַלט מענ דאָ דאָס קינד? — האָט דאָס מאָל אפ אַנ עמעצ בייז געפרעגט בירויקאָוו.

— וואָס הייסט „צו וואָס?“

ארויסגעוויזנ האָט זיכ, אַז מיטנ פאַרטיזאַנישנ טייל האָט זשאַנע שוינ דורכגעמאַכט ניט איינ הייסע שלאַכט. צוריק מיט אַ יאָר צוויי האָט איר מוטער — אַ ייִדיש מיטל=וווּקסיק אונ זייער רירעוודיק ווײַבל — זיכ דערקליבנ צומ טייל מיטנ קינד אפ די הענט — אַ פיצל קינד פונ פינפ כאַראָשיכ. נו, האָט מענ איר דאָכ ניט געקענט זאָגנ: „גיי אַוועק!“ צי, לעמאַשל, ווי עס פאַסירט אָפט מיט פאַרטיזאַנישע טיילנ: מע מוז מיט שלאַכטנ איבערוואַנדלענ פונ איינ אָרט אפנ אַנדערנ, קענ מענ דאָכ ווידער ניט זאָגנ צו אַ מוטער: „וואַרפ אַוועק דײַנ קינד“. ווער שמועסט, אַז דאָס ווײַבל איז מיט דער צײַט געוואָרנ אַ גוטע פאַרטיזאַנקע, זיכ אויסגעלערנט ניט שלעכט שיסנ אונ פירט ניט שלעכט די פאָליטישע אַרבעט אינ טייל — זי איז אַ פאַרטייִשע. נו, אָט... אונ צומ קינד האָט מענ אינעם טייל זיכ שוינ צוגעוווינט... איר ייִדישנ נאָמענ העניע איז שווער אויסצוריידנ, האָט מענ איר דאָ אַ נאָמענ געגעבנ זשאַנע... אָ! עס איז שוינ געוואָרנ עפעס ווי אַנ אײַנגעשטעלטע זאַכ, אַז אַנדערע, איידער זיי לאָזנ זיכ אפ זייער אַ געפערלעכער אָפעראַציע, גייט מענ צו צו זשאַנענ: „נו, זשאַנע... מירנ פאַר דיר בײַשטיינ, גיב אַ האַנטל!“ אונ זשאַנע טוט דעמ כעסעד אונ דערלאַנגט איר הענטל... אונ איינמאָל, באַמ איבערוואַנדלענ פונ איינ אָרט אפנ אַנדערנ... מע האָט געמוזט אָרגאַניזירנ אַ קרײַז=פאַרטיידיקונג — זשאַנענ האָט מענ באַשטאַט אינ אַ גריבל — נו, נו, האָט מענ זיכ דעמאָלט נעשלאָגנ!!!...

---

עס איז געווענ בלאָטיק אינ דרויסנ. עס האָט אָנ אויפהער געגאָסנ דער רעגנ.

די עטלעכע קילאָמעטער פונ דער באַנ=סטאַנציע אונטער מאָסקווע ביז צומ קינדער=הויז, וווּהינ איכ בינ געגאַנגענ, וואָלטנ זיכ געווענ געדאַכט פיל לענגער אונ פיל שווערער, ווי זיי זײַנענ, ווענ מיט מיר אינאיינעמ זאָל אַהינ ניט געווענ גיינ דער פילאָט בירויקאָוו — אַ בלאָנדער, צעוואַקסענער גוואַר אונ אויכ אַזאַ ברייטלעכ צעוואַקסענער מיט זײַנ נאַטור. ער איז איינער פונ יענע רוסישע מענטשנ, וואָס ווי נאָר דו ביסט אימ מיט עפעס נעפעלנ געוואָרנ, אַזוי באַלד הייבט ער גלײַכ אָנ זיכ פירנ מיט דיר, ווי מיט אַ לאַנגיאָריקנ פרײַנט, אונ נעמט גלײַכ אַריבער מיט דיר אפ „דו“, אונ צווינגט דיכ עסנ פונ זײַנ פעקל, אויב ער פאָרט מיט דיר אינ איינ קופע, אונ לייגט דערבײַ אויס פאַר דיר אַ שטיק פונ זײַנ לעבנ, אונ שטעלט אַוועק אינ אַ זײַט דאָס גלעזל, אויב דו זאָגסט זיכ אָפ מיט אימ מיטצוטרינקענ, אונ וועט דיכ שוינ רופנ אינ קאָמפאַניע מיט זיכ אומעטומ, וווּהינ ער וועט גיינ — אַפילע אינ וואַשצימער.

אפנ וועג אינ קינדער=הויז האָט ער מיר דערציילט, ווי שווער אימ איז אָנגעקומענ אַרויסצורײַסנ זשאַנענ פונעמ פאַרטיזאַנישנ טייל. ריכטיק געזאָגט, האָט קיינער אינעמ פאַרטיזאַנישנ טייל ניט געהאַט קיינ באַזונדערנ כיישעק אָפצולאָזנ זשאַנענ — ניט די פאַרטיזאַנער אונ ניט אַפילע די מוטער. כאָטש, פונ דער אַנדערער זײַט: דאָס האַרצ פונ אַ מוטער אינ אַזאַ מינ פאַל קענ מענ זיכ פאָרשטעלנ... נישט קיינ נאַריש ווײַבל, אַנ ענערגישע אַזאַ, פונ יענע, וואָס האָבנ פונ די פיאָנערישע יאָרנ אָנ זיכ אויפגעצויגנ אינ דער פאַרטיי=אַטמאָספער. גשריכטע אומרויִקע שאָטנס האַלטנ אינ איינ אַרויסיאָגנ אפ איר יונגנ שוואַרצכיינעוודיקנ פאָנעמ, אונ

איר שטערנ איז שטענדיק אָנגעשטרענגט, ווי זי וואָלט צו יעדער צײַט זיכ באַאומרויִקט, צי זי האָט נית דורכגעלאָזט איינע פונ אירע פיל ארבעטנ אינעמ פארטיזאנישנ טייל. דער מאנ אירער — אנ אקטיאָר, צי עפּעס א מינ שפּיל רעזשיסער פונ א קאָלווירטישער טרופּע אינ ווײַסרוסלאַנד, — איז לויט אלע אירע האשאָרעס אומגעקומענ. פונ אירע עלטערנ אינ וויטעבסק איז שוינ אָפּגעערדט. געבליבנ איז ערגעצ אינ דער עוואקואציע איר שוויגער, שוינ זייער אנ אלטיטשקע — גיי זוכ זי אופּ. אוודע וואָלט דער מוטער זיכ וועלנ איבערשיקנ דאָס קינד אפ דער „גרויסער ערד“. פונ איינ זײַט, צו וועמענ וועט זי עס איבערשיקנ? פונ דער אנדערער זײַט — ווי וועט זי זיכ מיטנ קינד שיידנ? געפינט זי אויס א טערעצ: אפ איבערצושיקנ וועמענ־נית־איז פונ א פּארטיזאנישנ טייל אפ דער „גרויסער ערד“ דארפ מענ האָבנ א דערלויבעניש פונ די נעהעריקע אָרגאנענ. „עכ!“ — מאכט צו איר בירויקאָוו — „איכ האָב שוינ אפ זיכ א פּאָר דיסציפּלינ־אופמאָנונגענ, אלצ איבער מײַנ כאראקטער... וועל איכ שוינ האָבנ נאָכ איינ אופמאָנונג“. נייִנ, זי איז א דיסציפּלינירטע פּארטייערנ. אקיצער, באמ צווייטנ רייס, וואָס בירויקאָוו האָט געמאכט פונ דער „גרויסער ערד“ צומ פּארטיזאנישנ טייל, האָט ער געבראכט דעמ יִדישנ ווײַבל א דערלויבעניש אפ אריבערצוברענגענ מיט זיכ דאָס קינד. שוינ גוט? הייבט זיכ אָנ באנײַס א מײַסע: צו וועמענ וועט זי שיקנ דאָס קינד? „סטײַטש?“ — טײַנעט מיט איר בירויקאָוו, — „צו דעמ מאנס מוטער, צו דער באָבענ“.

„וואָס מיר באָבע?... אז קיינער ווייסט נית, וווהינ האָט מענ די באָבע עוואקוירט, סײַדנ עפּשער ווייסט עס דער אלטערס פּלימעניצע — א פּראָוויזאָרנ אינ א מאָסקווער אפּטייק...“. „א פּראָוויזאָרנ אינ א מאָסקווער אפּטייק? איז דאָכ ווידער גוט“ — דורכ דער פּראָוויזאָרנ וועט בירויקאָוו זיכ דערוויסנ דער אלטערס אדרעס אונ וועט איר איבערגעבנ דאָס קינד מאמעש אינ די הענט אריינ. ער גיט אנ ערנ־וואָרט, אז וואָס עס זאָל נית פּאסירנ — די באָבע וועט ער אופזוכנ...

ווער עס מיינט, אז בירויקאָוו האָט דעמאלט זײַנ וואָרט נית געהאלטנ, יענער האָט א גראָבנ טעות. ער האָט בא זיכ, ערשטנס, א „פּראָפּוסק“ פאר דער באָבענ אפ צו קומענ פונ קוזולופּ קיינ מאָסקווע, צווייטנס — א בריוו צו דער באָבענ פונ ווײַסרוסישנ פּאָלקאָמבילד, אז מע שיקט איר ארויס אפ הויצאָעס, אונ דריטנס — אנ אײַנלאדונג פונעמ קינדער־הויז, וווהינ מיר גייענ איצט, אז די באָבע זאָל קומענ זיכ זענ מיט איר אייניקל. ווי נאָר מיר קומענ ארײַנ אינ ערשטנ קאָרידאָר פונעמ קינדער־הויז, באווײַזט מיר בירויקאָוו אָט די אלע דרײַ דאָקומענטנ — זיי זײַנענ אימ אָנגעקומענ צוריק פונ קוזולופּ מיט א צושריפט, אז... זשאנע האָט שוינ מער נית קיינ באָבענ...

אינ נאָכ איינעמ א דאָקומענט ווײַזט מיר בירויקאָוו. דאָס איז א בריוו פונ זשאנעס מוטער וועגנ זשאנעס יִכעס — א נײַער מינ סאָרט מעטריקע, וואָס הייבט זיכ אָנ מיט די ווערטער:

„צו וועמענ אינ די הענט מײַנ קינד זאָל נית ארײַנפאלנ, בעט איכ, מע זאָל געדענקענ: ס'איז א קינד פונ א פּארטיזאנקע“.

— צו וועמענ זשע איז עס געשריבנ? — האָב איכ זיכ אינטערעסירט.

— צו וועמענ?..

שמייכלענדיק, האָט בירויקאָוו צוריק ארײַנגעלייגט דעמ בריוו אינ אייבערשטנ טאש פונ זײַנ פּילאָט־רעקל אונ צוריק פארשפּיליעט דעמ טאש אפנ קנעפּל, ווי א באל־מאכלעס.

— אפּאָנעמ — האָט ער געזאָגט, — דער בריוו איז געשריבנ צו דעמ, בא וועמענ ער געפינט זיכ...

---

אינ קינדער־הויז, ווענ מיר זײַנענ אהינ צוגעקומענ, האָט מענ נאָרוואָס פאר־פרי געהאט אָנגעצונדנ דאָס עלעקטרישע ליכט.

אין גרויסן צימער, וווּהין מע האָט אונדז אַרײַנגעלאָזט, — אַ צימער מיט אַ פּאָדלאָגע, באַדעקט דורכויס מיט גומ־געוועקסלטן רויטלעכן לינאָלעום, — זײַנען אַרום נידעריקע טישלעך געזעסן באַ אָנדערהאַלבן צענדליק קינדערלעך, אַלע — זייער פּאַרטאָן אין איבערכאַפּן. מיר זײַנען געבליבן שטיין באַ דער טיר.

— אָט איז זי! — האָט מיר אָנגעוויזן בירויקאָוו און איז געבליבן צוגעשמידט מיט די אויגן צו אַ ווײַסלעכן טישל, ווו אונטער דער האָזשגאָכע פון אַן אויסגעצ־רומער גענעצנדיקער ניאַניע האָבן דרײַ קינדער געזופּט זייער קיסעל פון די שע־לעכלעך, — די סאַמע קלענסטע...

צו אונדז מיטן רוקן איז אויף אַ נידעריק בענקעלע געזעסן נאָך גאָר אַ קליין, נאָר פּעסט מיידעלע מיט אַ דין העלדזעלע, מיט האָר אויפן נידעריק־געשווירענעם קעפּל, וואָס, ווי קורץ זיי זײַנען ניט, הייבן זיי האָבן זיך קרײַזלען, און פון זייער שוואַרצקײַט שלאָגט אויס אָפּ מיט אַ גלאַנץ.

— זשאַנאַ! — האָט אַ רוף געטאָן בירויקאָוו און איז מיט אַ צעעפנט מויל געבליבן שטיין אין וואַרמעניש.

זשאַנע האָט צערעסט ניט דערהערט, אז מע רופט זי, און רויק געזיפּט ביז איר שעלעכל. באַם צווייטן רוף האָט זי דאַפּקע זייער געשווינד איבערגעדרייט צו אונדז איר קעפּל, נאָר געבליבן איז זי גאַנץ קאַלט, גרייט זיך באַלד נעמען צוריק צו איר שעלעכל. זי האָט ווירקלעך געהאַט זייער קײַלעכיקע און זייער שוואַרצע אויגן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז פון צורירן זיך צו זיי מיט אַ פינגער וואָלט פון זייער שוואַרצקײַט געבליבן אויפן פינגער שפּור.

— זי האָט מיך ניט דערקענט! — האָט מיט אַ ציטער אין קאָל אַ זאָג געטאָן בירויקאָוו.

איך האָב זיך צו אים אומגעקוקט. זײַן פּאָנעם איז מיטאַמאָל געוואָרן פינצ־טער און צעקרימט, ווי עמעצער וואָלט זיך פאַרמאָסטן אים שלאָגן. ביידע זײַנע הענט זײַנען פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ פּרעגנדיקער פּאָזע:

— זשאַנאַ?! — האָט ער איבערגעבאַזערט מאָנענדיק אין קימאַט ביז. — זשאַנאַ?!

זשאַנע האָט זיך פונסנײַ אין אים אײַנגעקוקט. מע קען זאָגן, אַז צוערשט האָבן בירויקאָווס דערקענט בלויז די נײַגעריקע פּלעמלעך, וואָס אין אירע אויגן, זיי זײַנען געוואָרן אַלץ ליכטיקער, אָט די נײַגעריקע פּלעמלעך, ביז זיי האָבן אָנ־געהויבן שמייכלען, פון דאָרט האָט דער שמייכל באַמעלעך־באַמעלעך גענומען זיך פאַרשפּרייטן איבער איר מונקעלן סאַמעט־גלאַטן פּענעמל. ניט בלויז פון איר מויל, נאָר מיט פון איר ברוסטל האָט מאַמע׳ס אַ פּלייכע געטאָן דאָס פריילעכע וואָרט:
— הדר... דיאַדיאַ!

גראַציעז, ווי מיט בעסעד, האָט זי נאָכדעם, זיצנדיק באַ בירויקאָוון אויף די הענט, גענומען דאָס שטיקל שאָקאָלאַד, וואָס ער האָט איר דערלאַנגט.

— אָט וועט איר זען, ווי קלוג אָט דאָס קליינע עסט! — האָט בירויקאָוו צו מיר אַ שעפּטשע געטאָן.

ווירקלעך. זשאַנע, קען מען זאָגן, האָט גענעסן „מיט קאָפּ“. אָפּגעביסן אַ שטיקל שאָקאָלאַד, האָט זי ניט געײַלט עס צעקײַען — זי האָט דעם ביסן אַ ווײַלע גע־האַלטן אין מויל אָן שום באַוועגונג. בלויז אירע אויגן האָבן זייער פּאַמעלעך זיך געגלאָצט אַרופ־און־אַראָפּ, און קענטיק איז געווען, אַז זי פאָרשט גרינטלעך די זאַך — זי געהער צו יענע מענטשן, וואָס נאָך אַלעם איבערגעלעבטן פּאַרזוכן זיי באַנײַען די וועלט זייער פאָרשנדיק: וואָס פאַר אַ טאַם האָט זי?..

---

— איך האָב באַמערקט, — האָב איך אויף צוריקוועגס פון קינדער־הויז געזאָגט צו בירויקאָוון, — איר האָט זיך מיטאַמאָל געתאָט אינגאַנצן איבערגעביסן... אָט דאַן, ווען זשאַנע האָט אײַך ניט באַלד דערקענט.

— א קלאָרע זאַכ! — האָט איליק געענטפערט בירױקאָװ און איז געבליבנ שטײנ אינמיטנ דער בלאָטע, איבער װעלכער מיר האָבנ געשפּאַנט, — זשאַנע מוז האָבנ אינ לעבנ כאָטש אײנ מענטשנ, װעלכנ זי דערקענט! Это очень важно!

עס איז געװענ פינצטער, בלאָטיק אונ עסעריק קאַלט. דער רעגנ האָט געגאָסנ נאָכ שטאַרקער, װי באַטאָג, אונ דער װעג דורכנ װאַלד פונעמ קינדער־הױז צו דער באַנ־סטאַנציע װאָלט שױנ אַװאַדע געװענ זיכ אױסגעדאַכט זײער לאַנג, װענ מיט מיר אינאײנעמ זאָל ניט געװענ גײנ אָט דער קרעפּטיק־צעװאַקסענער רוסישער מענטש. אינ מײַנע אױערנ האָבנ נאָכ אַלצ געקלונגענ זײַנע װערטער:
Это очень важно!

מיר האָבנ זיכ שטאַרק דערמאָנט אינ די װערטער, װאָס איכ האָב אַמאָל, נאָכ אינ בירגערקריג, געהערט פונ אַנ אַנדער רוסישנ מענטשנ בא גאַנצ אַנדערע באַדינגונגענ:

— משטאָ װי, שוטיטיע!?



עזרא פינינבערג

# געזאנג וועגנ לויב

1

קײנ מײַרעוו-זײַט שרײַ איכ:
— אָ, פאָלק מײַנס, ווו ביסטו? —
סע ענטפערט ניט קײנער.
סע ענטפערט די וויסטע:

ס'האָט אלע אינ יארנ
פארוואָרפנ דער סוינע.
ס'האָט אלע פארברענט דאָרט
דער טײַוול דער ברוינער.

— אוי, ווו איז דײַנ יִישעוו
אונ ווו איז דײַנ וווינונג?
אָ, ענטפער מיר, פאָלק מײַנס! —
אײנ קויל ווערנ אוינע.[1]

מיט קוי נ מיט וויפל
פונ ביקס אונ פונ ברוינינג,
מיט באָמבעס מיט וויפל
דײַנ שענטער באלוינענ?

אָ, ענטפער מיר, פאָלק מײַנס! —
אײנ קויל ווערנ אוינע.

2

קײנ מײַרעוו-זײַט שאל איכ
אינ מעכטיקסטנ שויפער.
קײנ מײַרעוו-זײַט שיק איכ
די שנעלסטע פונ לויפערס.

קײנ יִידישער קלאנג ניט,
קײנ יִידישער אָטעם.
מיליאָנענ — באגראָבנ,
מיליאָנענ — פארשאָטנ.

איכ פלי קײנ אוקראִינע,
קײנ רײַסנ, קײנ ליטע.
בלויז אײנס מיכ באגעגנט:
דאָס פעלד נאָכ דער שכיטע.

בלויז קלאָווים אונ ראָבנ
נאָכ פרעסנ די בײנער.
געבליבנ איז גאָרניט.
געבליבנ איז קײנער.

3

די זומפעניש האָט דאָרט
דאָס קינד שוינ פארזויגנ.
(„וואָס שיט איר מיר, פעטערלעכ,
זאמד אינ די אויגנ?")

פארמויערט מײַנ פאָלק איז —
אָפ מײַל — א שערענגע.

אונ אונטער די ברייטנ,
אונ אונטער די לענגענ

א מענגע דערשטיקטע
אינ ערד־טיפ זיכ ציט דאָרט.
אונ אויבנ איז גאָרניט.
אונ אויבנ איז מידבאָר.

1 אינ קול ואינ עונה — קײנ שטימ אונ קײנ ענטפער. (ר ע ד.)

איז ווי וועל איך טאָן דאָרט
די אויגנ אַנ עפֿנ,
אז כ'וועל שוינ דאָרט קיינעם ניט,
קיינעם ניט טרעפֿנ?

אז טויט איז מײַנ ברודער,
און טויט איז מײַנ קאָרעוו,
אז אלצ איז דאָרט וויסט
און אז אלצ איז דאָרט כאָרעוו?

. . . . . . . . . . . . . . .

פֿארגלייווערט מיר שטייענ
איינס קעגנ צווייטנ —
איך און די וויסט
מיט די פֿרײַנט די געטייטע.

איך האָב זי אינ הארצ שוינ
אַרײַנגעצויגנ.
זי פֿינצטערט בא מיר
אינ דער טיפֿ פֿון די אויגנ.

דו זעסט מײַנע אויגנ?
ס'איז שטיל דאָרט אָנ אופהער.
א הימל פֿונ אײַזנ.
א באָדנ פֿונ קופּער.

איך שלינג זי, מײַנ וויסטע,
מיט אויג, וואָס איז אָפֿנ.
און ס'קומענ בעסוילעמס
פֿונ דאָרעמ, פֿונ צאָפֿנ.

און ס'קומענ צו יארנ
אלצ מערער און מערער.
און ס'קומענ צו קוואָרימ
אלצ שווערער און שווערער.

דו זעסט מײַנע אויגנ?
סע זידט דאָרט, סע גליט דאָרט
מיט קאָכיקע יאמענ
א פֿלאמיקע מידבאָר.

5

איך גיי מיט די מאכנעס,
איך שפּאנ מיט די ריזנ,
מיט בלוטיקע פֿאָנענ,
מיט שטראליקע שפּיזנ.

איך טראָג זי, מײַנ וויסטע,
לעמ רויטער קאנאָנע.
איך וועל זי דערטראָגנ
צומ לאנד פֿונ די סאָנימ.

אפֿ ערדנ פֿונ דײַטשלאנד
כ'וועל טאָנ זי א שלײַדער,
און זאָל זי די שעכטער
גוט געבנ א שנײַד דאָרט.

און זאָל זי דאָרט פֿאלנ
אפֿ ראָצכישע לעבנס —
א זודיקער מאבל
פֿונ פּעך און פֿונ שוועבל,

זיי זאָלנ אינ דולקײַט
די אויגנ צעגלאָצנ,
קיינ בוימ זאָל ניט וואקסנ,
קיינ גראָז זאָל ניט שפּראָצנ,

און זײַנ זאָל דאָרט פֿינצטער
און לײדיק און גרויזאמ
א גאנצנ יאָרטויזנט
און נאָך א יאָרטויזנט.

6

אָ, זאָלנ פֿארבלײַבנ
די גרויליקע ווידעס
אינ מעכטיקע קלאנגענ,
אינ קלאנגענ אפֿ יידיש.

איר, טײַערע קלאנגענ,
איר, ליבינקע ווערטער
פֿונ שטעט פֿונ פֿארמעקטע,
פֿונ הייליקע ערטער!

אָ, פליט, מײַנע פויגלענ,
הײַנט גיכער, געשווינדער.
אהינ, קיינ בערלינ קומט,
אונ צינדט דאָרט, אונ צינדט דאָרט.

פאלט דאָרטנ ווי באָמבעס
אפ הײַזער אפ שטילע:
פאר קינדער פאר קליינע,
וואָס זײַנענ פארטיליקט.

פאר ווײַסרוסנ — ברידער,
פאר ברידער — אוקראינער,
פאר לײדנ פונ פעלקער,
פונ פעלקער פונ מײַנע.

פאר בלוט אינ די נעכט
אינ פאר בלוט אינ באגינענס,
פאר בלוט אינ די פרילינגס,
פאר בלוט אפ רויִנענ.

פאר אש אונ פאר כורבנ,
פאר שוידער, פאר פײַנענ
פונ פעלקער פונ מײַנע,
פונ ברידער פונ מײַנע.

7

לעם שטאָט סטאלינגראד
ס'האָט די פיס מיר צעבראָכנ.
דורכ קנוילנ פונ פײַער
כ'בינ ווײַטער געקראָכנ.

לעם קיִעוו דער שטאָט
ס'האָט די ריפ מיר צעשמעטערט.
אפ הייכנ פונ בערג
האָב איכ ווײַטער געקלעטערט.

איכ טראָג זי, מײַנ וויסטע.
דער טאָג איז ניט ווײַט שוינ.
מע זעט שוינ, מע זעט שוינ
דאָס לאנד פונ די דײַטשנ.

אפ ראָצכישע נעסטנ,
אפ גאסנ אפ גלאטע
מײַנ וויסטע כ'היב אופ,
ווי א דונער-גראנאטע.

אזוי איז באשטימט
אונ אזוי איז באוויליקט:
דו סוינע פונ וועלט,
דו וועסט ווערנ פארטיליקט!

8

סע גייענ די מאכנעס
באגײַסטערט אונ מוטיק.
סע גייענ די וועלדער,
וואָס זײַנענ פארבלוטיקט.

סע גייענ די זיידעס,
וואָס זײַנענ צעשאָסנ.
סע גייענ די קינדער,
וואָס זײַנענ צעדראָשנ.

סע גייענ די העלדנ
אפ ווינטיקע שיפנ
אינ הימלשע הייכנ,
אינ יאמישע טיפנ.
סע גייענ די ברידער,
די שטאָלצע גיבוירים.
סע גייענ די קינדער,
וואָס ווערנ געבוירנ.

סע גייט אונדזער לעבנ,
דאָס גאָלדענע, טײַערע:
— אפ מײַרעוו, אפ מײַרעוו!
אפ מײַרעוו, אפ מײַרעוו! —

סע גייענ די ווײַטנ,
סע גייענ די נעבנס:
— אפ מײַרעוו! אפ מײַרעוו!
מיר לעבנ! מיר לעבנ! —

אפ שטרעקעס, וואָס ברענען,
אינ פרײַיקע שטראלנ
סע גײט מיט אונדז לעניג,
סע גײט מיט אונדז סטאלינ.

ס׳גײט קרעפטיק די העלקײַט
פונ ריזיקע פעלקער,

און ס׳גײען די קויכעס
פונ ליכטיקנ וועלט-גאָר:

— אפ מײַרעוו, אפ מײַרעוו!
אזוי איז באוויליקט:
דו פײַנט פונ דער וועלט,
דו וועסט ווערנ פארטיליקט!

---

# לעמ דער וואָלגע

1

אינ איינ-אונ-פערציקסטנ, אינ כוידעש אינ סענטיאב.
א וואלד-געדיכטעניש, א צימער פונ א שטאב.

פונ פרי ביז שפעט
נאָכאמאָל און ווידער און באנײַס א קאָנ
אינ אלע ווינקלענ קלינגט דער טעלעפאָנ:

— בערעזע רעדט?
— סע רעדט דער דעמב...
— די סאָסנע רעדט?
— די סאָסנע רעדט? —

און נאָכאמאָל און ווידער און פונ אָנהייב אָנ:

— סע רעדט דער קליאָנ?
— סע רעדט דער דעמב...
— די סאָסנע רעדט?
— די סאָסנע רעדט? —

און טאָג און נאכט סע פאלט
דער בלאט דער גאָלדענער אינ וואלד.

און טאָג און נאכט דאָס פאָלק דורכ שטעגנ טרעט,
דאָס פאָלק, וואָס גײט אינ ריזיקנ געוועט,
דאָס פאָלק, וואָס גײט אקעגנ שווארצנ שעד.

פונ באגינ און ביז באגינ
באמ פאָלק איכ דינ.
איכ זע און איכ פארנעמ:
סע שרײַענ שטעט פארקלעמט.
סע שרײַענ נאקעט-פלאקערדיקע שטעט:
— רעט אונדז! רעט אונדז! רעט! —

און טאָג און נאכט דאָס פאָלק צום קריג גייט דורכ —
א מעכטיקער באגער.
און טאָג און נאכט דאָס פאָלק צום קריג גייט דורכ —
א לויכטנדיקע שווערד:
— אפ אונדזער ערד וועט ווערנ, פּײַנט, דײַנ קראפט צעשטערט!
— אפ אונדזער ערד וועט ווערנ, פּײַנט, דײַנ קויעכ אָפּגעטעמפּט!..

— בערעזע רעדט?
— די סאָסנע רעדט?
— סע רעדט דער דעמב...
— דער דעמב...
— דער דעמב... —

לעמ שויב — נעקראסאָווס אָזערע,
נעקראסאָווס לויטער-אָסיענדיקע טעג.
ס'איז דאָ אמאָל געגאנ נעקראסאָוו אפ געיעג.
ס'איז יעדער שטעג אינ וואלד מײַנעמ — זײַנ שטעג.
די בימער זינגענ אינעמ וואלד זײַנ ליד.
זײַנ פאָלק גייט דורכ צום קריג מיט זײַנע טריט,
מיט זײַנע אויגנ און מיט זײַנ געמיט.
ער שעפּטשעט פונ די בלעטער, פונ די שטאמענ
מיט ניגנ הארציקנ פונ רוסלאנד-מאמע:

„דײַנ ליד וועט קלינגענ — הער זיכ צו —
אפ וואָלגע, אפ אָקא, אפ קאמא,
ליוליו, ליוליולינקע, ליו-ליו...“

ער גייט ארומ אינ וואלד פארקלערט
און קוקט, און הערט:
אפּסנײַ דער ליבער ערד —
דורכ בלוט און פײַערנ אדורכגייענ באשערט.
דאָס גאנצע פאָלק — א לויכטנדיקע שווערד... —
ער קושט דאָס פאָלק, ער בענטשט די שווערד.

ארומ דעמ וואלד איז שטיל אינ דערפער.
אפ אלטנ גאנעק ווארעמט זיכ א גראָער מאנ.
ס'איז דאָס לאנד מיט אייביק-יונגנ קערפער
באשיצנ זיכ אוועקגעגאנ.
און כמורנע ערנסט איז די שטוב די פראָסטע.
און כמורנע ערנכט לעבנ קאלכנ גלאָז
קוקט און קוקט ארויס די באלעבאָסטע,
ס'זאָל זיכ אומקערנ דער באלעבאָס.

און נאָענט יאָגט איר שטרענגע וועל די וואָלגע.
אפ ברעג אירן אין מאכנעס אין אָנצאָליקע
דאָס יונגע פאָלק מיט אײַזן און מיט שטאָל גייט.
ווי א שטעג נאָר, ווי א וועג נאָר, ווי א שליאַכ —
נעקראסאָווס בריק, נעקראסאָווס בליק, נעקראסאָווס שפּראַכ.
מיט אויג, וואָס איז באַטרערט,
ער שטייט אין רייען מיטן פאָלק, וואָס טרײַהײַט שווערט,
ער קושט דאָס פאָלק, ער בענטשט די שווערד:

„אין פארוואָרפנסטן דאָרף, אפ דער הייליקער Русь
זאָלן מאַמעס דערהערן: דער פײַנט איז געטייט,
און דער זון איז געזונט, מיט ניצאָכן ער גייט,
און ניט זאָרגן ער הייסט, שיקט א האַרציקן גרוס...״

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

באנאכט ער קומט מיט מיר ארויס צום ברעג פון וואלד.
אין הויכן בלוי די וועלט מיט די מאזאָלעס פלאַטערט.
צו גאָר דער ברייט א האָרן שאלט:
סע גייט דאָס פאָלק אוועק צום קריגס-טעאַטער,
דאָס פאָלק, וואָס קיינמאָל ווערט ניט אלט,
דאָס פאָלק דאָס קיינמאָל ניט פארמאטערטס.
צום שלאכט-פעלד גייט אוועק דאָס לאנד ראסיי —
און מיר אין ריי, אין סאמע מיטן ריי.

2

מײַן פאָלקס פאמיליעס, מײַן מאכנעס מיליטערישע בילעטן.
דרײַ טויזנט ביכעלעך מיט ווונדערלעכן בלענד.
מיר ווילט זיך יעדער טעווועלע א גלעט טאָן:
— געגריסט זײַ, לעבעדיקער מענטש! —

סע איז די גאנצע שטרעקע דאָ פאראנענ,
פון גאָר אמאָל און אזוי הײַנטיק הייס.
פאראן פעשקאָוו דאָ און פאראן דאָ פושקין און פאראנען דאָ סוסאנין
(איך אָרדן אײַן זיי לויטן אלעפבייז).

פאראן אוליאנאָוו דאָ און פאראן סוווערָאוו.
נעמען הויך און גרויס און שיין.
באַם פאָלק זיי האָבן דאָ א גרויסן קאָרעוו —
דאָס פאָלק אליין.

דרײַ טויזנט ביכלעך, דינע מיליטערישע בילעטן —
מײַן לאנד מײַן לעבעדיקס, מײַן לאנד מײַן רויטס.

איך קום ארויס אין וואלד, פון גרויסנ צעטל
די נעמענ, וועלכע שעמענ, רופ איך אויס.

שטעלט אופ זיך נעבנ מיר אינ וואלד די גאנצע שטרעקע,
דאָס פראָסטע פאָלק, מיט גאָרנישט ניט באצירט —
די מוליערס, אונ די סטאָליערס, אונ די שוסטערס, אונ די בעקערס,
אונ די פעסטע בויער פונ קאָלווירט.

מיט שטרענגע פענעמער סע שטייט פאר מיר די רײַכע מאסע,
די ערד די רוסישע, איר טוווע אונ איר צווייט.
אונ רופ איך אויס: — נעק־אסאָוו! — שפאנט ארויס נעקראסאָוו,
א גוואר א פאָשעטער, א יונגער שמיד.

אונ שײַנענ שײַנט עס מיר, ווי איך וואָלט אופגערופנ
פונ טיפנ — אלעס, וואָס איז שטארק אונ צארט,
דאָס פאָלק דאָס הויכע אפ דער הויכער שטופע
מיט גרויסנ נאָמענ אונ מיט גרויסנ הארצ.
ס'וועט באלד א שפאר געבנ מיט גיבערישע גופים
אריבער יאר אונ בארג, אריבער אומגליק אונ געפאר,
מיט איינ פארלאנג, מיט איינ געזאנג, מיט איינ געדראנג:
— מײַנ לאנד באפרײַ! דעם זיג דערלאנג! —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

——★☆★——

# דער טײַך

דרײַ מאָל אין טאָג האָט מען געפּאָיעט דאָ די פערד און רינדער,
און ס׳פלעג פון זײערע מײַלער װאַרעם, מאַכיק־װײך
אַראָפּרינען דאָס װאַסער מיט זילבער־װײכע סטרונעס
און אָנפּאַרטרויען דער לופט די מעלאָדיע פון טײַך.

עס פלעג די לאָנקע צושװימען אזש ביז צום סאמע ראַנד
מיט פיאָלעטע, ראָזלעכ־רויטע, געלע, ברוינע װעלן
פון גלאָקן־בלום, פון װילדער נעלק, פון נאסקער און פון ליובטשיק,
װאָס איז א סגולע צו געטרײַקײַט, צו ליבע און געפעלן.

עס פלעג זיך אופװעקן דער דרעמלענדיקער ברעג
באַם שטילסטן טריט מיט גרינעם רעגנבויגן
פון זשאַבעס — און ס׳פלעג דאַן פון הויכן װאַסער־פּליוסק
א ציטער טאָן די װערבע אלט און אײַנגעבויגן.

און אפ די שערבעלעך פונעם צעבראָכענעם הימל,
װי אפ א קאָבאלט־טעלער מיט אויסגעצאַקטן ראַנד,
פלעגן צושװימען א שלײַען־קאָפּ און מיט די װײַסע בלעזלעך
פּאַרקיטעװען דעם ריס און אויסגלעטן דעם קאַנט.

דאָ איז געװען א זאַנע א פאַרבאָטענע פאַר מײַנע קלײנע פיס —
אפילע אינעם כאָלעם האָט מײַן מאַמע מיך געזען שוין ליגן אין דער טיפ.
און אײנמאָל טאַקע האָט מען דעם גאַנצן טײַך צעאַקערט
מיט גראַבליעס, װילעס, זוכנדיק אין אים מײַן טויטן גוף.

בײַס איך בין געזעסן רײַטנדיק אפ פּלײצע פונעם „שטומען",
װאָס האָט געטראָגן מיך צו זיך אין דאָרף, װי א טראָפּײ,
אלס זיגער פון זײַן שטומער און פאַרשעמטער ליבע
צום ברוינעם מײדעלע פון קנאַפּע יאָרן דרײַ.

אין טײַך האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען פון נאָענט דעם שטערן,
מיט װעלכן ס׳האָט מײַן באָבע שבײיסענאַכטס דעם הימל אופגעשלאָסן,
װען ס׳איז איר בענטשונג פון א „גליקלעכער און גוטער װאָך"
געפאַלן אפ מײַן קאָפּ, װי שטילע, קילע ראָסע.

דורך קישעפּ כ׳האָב אין אים געוואָלט דערזען דאָס בילד
פון מײַנע באַשערטן, ווי עס האָט מײַן ניאַניע מיר געראָטן —
נאָר דו ביסט דאָרטן נישט געווען, און עס האָט בלויז געציטערט
די וועל אונטער דעם טיפן. קילן ווערבע-שאָטן.

איצט פאָיעט דאָרט זײַן פערד א פּרײַסישער סאָלדאַט,
און ס׳גייט מיט בראַנד און בלוט אין טײַך דער מײַרעוו אויס,
און ס׳קרײַזן נאַוועגאַדע, נעסט-באַרויבטע פייגל
מיט הײַזעריקן שרײַ איבער פאַרברענטן הויז.

און ס׳איז פאַרבליבן נאָר א נישט-דערברענטער בוים,
אויב נישט קיין גאַנצער בוים — א האַלב-פאַרקוילטער סוק,
אויב נישט קיין סוק, איז וועלן וואָרצלען אַרויסשפּאַרן פון ערד
און אויסוואַקסן צו טליִעס איבער נאַכט פאַר אונדזער מאָרגיקן נעקאָמע-טאָג.



# א גאָלדנ הארצ

## I

מאָטי־בער, א שעמ־דאָוואָר אינ טעטיעוו. פונ קינדהייט אָנ — א יאָסעמ. א פרייליכע נעשאָמע, א כוואט אפ פאָלגנ א גאנג, א שטיפער, א לאכער. אינ די יאריד־טעג געהאָרעוועט בא די קארטאָפליעס לעבנ זײַנ מאמעס שטעל. געלעבט אינ דאכקעס, דעמ דריטנ טאָג א שטיקל ברויט. גאָר צו זײַנ געזונט האָט זיכ עס ניט אָנגעקערט. ער איז געוואקסנ הויכ אונ געזונט, מיט ברייטע פלייצעס, מיט א שטעל, מיט א פארנעמ פונ א גיבער.

די מוטער, די אלמאָנע, האָט דעמ בעניאָכיד אירנ ניט אָפּגעלאָזט פונ זיכ. זי האָט אימ געהאלטנ ניט נאָר ווי א הילפ אינ דער ארבעט באמ טראָגנ שווערע זעק אפ די יארידנ, נאָר אויכ ווי א סגולע צו דער פארנאָסע. צוריידנדיק א שווערנ קוינע, פלעגט זי אָפּט הינטערווײַלעכס א ווײַז טאָנ מיטנ קאָפּ אפנ זונ:

— איר מיינט, איכ האָרעווע אימ מיט פלייש? מײַנע סאָנים זאָלנ דאָס האָבנ אפ די ביינער! ס'איז פונ מײַנע קארטאָפליעס, נ אָ ר פונ זיי, זיי צעשיטנ זיכ מאָ־מעש אינ מויל...

אונ ס'האָט זיכ בא איר געצוקעט דער פידיעג.

אז מאָטי־בער איז אונטערגעוואקסנ, האָט ער מער ניט געוואָלט דינענ בא דער מאמענ פאר קיינ „סגולע“, איז ער אוועק צו זוסיע דעמ פעלצניק אפ דער לער. מיט קיינ סאכ ארבעט איז דער דאָזיקער זוסיע ניט געווענ פארוואָרפנ, האָט דער געזעל זײַנער געהאט גענוג צײַט אפ ארומדרייענ זיכ אינ די גאסנ. דאָס גאנצע שטעטל איז געווענ מיט אימ פול. יאנקל דעמ באלעגאָלעס אָנפאָיענ די פערד באמ טײַכ. בא רייזע דער בעקערנ צעהאקנ א פורל האָלצ. העלפנ די קינדער פארהא־מענ א רימשקע אינ א גוס־רעגנ. אינ אז מוני קיילעס האָט אויסגעטראכט א ליד אפ פעטליורע דעמ באנדיט, ווי ער שעכט ווי שעפעלעכ די יידישע אייפעלעכ, האָט מאָטי־בער, שוינ א יונג פונ א יאָר עטלעכע אונ צוואנציק, צוגעקלערט א ניגנ צו דער ליד.

מע האָט אימ מעסוקנ ליב געהאט אינ שטעטל, אונ ער דאָס שטעטל — נאָכ טויזנט מאָל מער.

קעגנ פעטליורענ האָט מאָטי־בער ניט נאָר געזונגענ א ליד. ווענ אווראָמ פינ־קעלשטיינ אונ די קאָוואלעס האָבנ אָרגאניזירט טעטיעווער זעלבשוצ, האָט מאָטי־בער זיכ פארשריבנ פונ די ערשטע. אונ אלע כעוורע פונ זײַנ גאס האָט ער מיט זיכ מיטגעבראכט. וווּ ערגעצ א שיסערײַ, באנאכט צי באטאָג, איז ער באלד דאָרטנ אויסגעוואקסנ מיט זײַנע יונגענ אונ ניט איינ מאָל אָפּגעטריבנ א באנדע פונעמ שטעטל. פונ זײַנ געוואגטקײַט, דרייסטקײַט, פונ זײַנ ווארפנ זיכ שטענדיק דער ערשטער אינ פײַער ארײַנ האָט מענ וווּנדער דערציילט. אונ ווענ אווראָמ פינקעל־שטיינ איז געפאלנ טויט אינ א שלאכט לעבנ אניוזקער קרעטשמע, האָט מענ מאָטי־בערנ אויסגעקליבנ פארנ עלטסטנ פונ דער זעלבשוצ.

אינ יענע שווידערלעכע פּאָגראָמ=טעג, ווענ פריִער פּעטליורע, דערנאָכדעמ אָרליק, דערנאָכדעמ סטרוק האָבנ געווילדעוועט אינ די ארומיקע שטעטלעכ אונ דערפער, ווענ יידיש בלוט האָט זיכ געגאָסנ טײַכנווײַז, ווענ ייִשוּווימ זײַנענ אַוועק מיטנ פײַער, ווענ גאנצע קעהילעס זײַנענ כאָרעוו געוואָרנ, האָט איינ טעטיעוו זיכ געהאלטנ. מאָטי=בערס אָטריאַד האָט געהיט די וועגנ אונ ניט צוגעלאָזט די קוילערס צומ שטעטל. די רויטע ארמיי האָט זיכ געשלאָגנ ערגעצ אפּ א ווײַטנ פראָנט, נאָר מאָטי=בערס מענטשנ האָבנ אָנגעשפּארט אויש אהינצו, אונ דער שטאַב האָט זיי באַזאָרגט מיט געווער.

טעטיעוו איז געווענ ארומגערינגלט, זיכ געפונענ אינ שווערער באַלאַגערונג. טויט אונ פארלענדונג האָט געלאָקערט פונ די סלאָבאָדעס, פונ די וועלדלעכ, איינ באַנדע האָט זיכ פארפּעסטיקט אפנ יידישנ בעסוילעמ. הונגער אונ שלאָפלאָזיקײַט האָבנ באַצווּנגענ די ענגע צעשראָקענע געסלעכ. מע האָט געדארפט דערהאלטנ דאָס שטעטל מיט לעבנס=מיטלענ, מיט רעפּוּעס. אונ דאָס האָט אויכ געטאָנ די זעלבשוץ. אפנ שטרענגסטנ דיסקאָנט געהאלטנ די פאַראַנענע פּראָדוקטנ, אראָפּגעבראַכט א דאָקטער, געעפנט א שפּיטאָל אינ בעסמעדרעש, געזאַמלט וועש אינ קליידער פאר די אָרעמע אינ נויטבאַדערפטיקע, פאר די אָנגעלאָפענע פונעמ אויסגעסארפּעטנ ארומ.

צו מאָטי=בערנ זײַנענ געקומענ פרישע אלמאָנעס, נײַע יעסוימימ, יאָרדימ, אָרעמעלײַט, קראַנקע, יונג אונ אלט, אונ ער האָט געגעבנ שפּײַז, זיכ געטיילט מיטנ לעצטנ ביסנ, באַזאָרגט מיט היילונג, מיט א געלעגער.

זײַנ נאָמענ איז געווענ א בראָכע אפ אלעמענס ליפּנ. א ווינטער א גאנצנ האָט ער פארהיט דאָס שטעטל, ביז די אלע באַנדעס האָבנ זיכ ניט פארייניקט אונ זיכ ארײַנגעריסנ אינ שטעטל, דורכגעשלאָגנ זיכ מיט די לעוואַדעס. ס'האָבנ זיכ מיטאמאָל אָנגעכאַפּט אלע הינטער=גאַסנ, אפנ מארק=פּלאַצ האָט זיכ אָנגעהויבנ א מוירעדיקע שכיטע, אינ רויכ אונ אינ גוואַלדנ איז אינ איינ פארשריגענעמ שאַבעס אומגעקומענ די שטאָט.

א טייל, א קליינינקנ טייל טעטיעווער האָט מאָטי=בער, צוזאַמענ מיט די געצײַלטע לעבנ=געבליבענע כאַווײרימ פונ זײַנ אָטריאַד, פאַרט ארויסגעראַטעוועט פונעמ פײַער. באַנאַכט האָבנ זיי ארויסגעפירט די קליינע איידע אומגליקלעכע אונ באַגלייט זיי ביז דער באַנ=סטאַנציע פּאָגרעבישטש, וווּהינ די רויטע ארמיי איז צוגעקומענ נאָכ בלוטיקע שלאַכטנ. מאָטי=בער האָט דעמ גאנצנ לאַנגנ וועג געטראָגנ אינ דער לינקער האַנט א פארוווּנדעט קינד, זאלמענ דעמ זייגערמאַכערס יינגעלע. די רעכטע האַנט מאָטי=בערס איז געווענ פאַרבאַנדאַזשירט, דורכגעשאָסנ אפ דורכ אונ דורכ סאַמע באַמ עלנבויגנ.

2

א קנאַפּער פערטל יאָרהונדערט אינדרינענ. די יונגע יעסוימימלעכ פונ נאָכנ טעטיעווער כורבנ האָבנ שוינ לאַנג פאַרלאָזט די קינדערהײַמענ. א סאַכ האָבנ געענדיקט הויכשולנ, געוואָרנ ספּעציאַליסטנ אינ פארשיידנסטע געביטנ. ס'האָבנ זיכ שוינ לאַנג פארהיילט די וווּנדנ פונ יענעמ גרוויזאַמענ יאָר. הער ס'איז אינ קאָלווירטנ, אינ פאַבריקנ, אפּ מעלוכע=שטעלעס, אינ רעדאַקציעס, אפּ די באַנענ. מע קאָנ באַגעגענענ טעטיעווער אינ אַקאַדעמיעס, אינ שטאַבנ. גרויס אונ ראַכוועסדיק איז דאָס היימלאַנד, אונ היימ האָט שוינ אזא מעווע: אינ יעדנ ווינקעלע איז דיר גוט אונ וואַרעמ, א מעכײַע. איבער אלעמענ, זײַנענ טעטיעווער אָנגענומענ, ווײַל זיי זײַנענ האַרציקע מענטשנ.

אונ מאָטי=בער?

מאָטי=בער האָט זיכ אומגעקערט פונ שפּיטאָל צו זיכ אינ שטעטל. ער איז נאָכגעגאַנגענ דעמ ערשטנ פּאָלק פונ דער רויטער ארמיי, וועלכער האָט גערייניקט טאַראַשטשער אויעזד פונ די באַנדעס.

געקומענ איז ער קיינ טעטיעוו באַנאַכט. אומיסטנ אזוי, ער זאָל ניט דערזענ

גלײַכ פאַר די אויגנ די ווײסטע כורוועס, דאָס פארזאָמטענע בלוט אפנ מארק, די בערגלעכ לײמיקע ערד אפ די פרישע קוואָרימ. דעמ זעלבנ באנאכט, נאָכ א קורצנ שמועס מיטנ פאָלק=קאָמאנדיר, איז ער אוועק אינ דער „דעמבענע“, אינעמ גרויסנ געדיכטנ וואלד, אונ אכט טאָג צײַט האָט מענ פונ אימ גאָרניט געהערט, אזוי ווי אינ וואסער ארײַנ. ווו האָט ער ארומגעוואָגלט א גאנצע וואָכ, דער מענטש מיט א קאליע האנט, מיט ארומגעברענטע אויגנ פונ צוזענ אזויפיל אומגליק אונ פײַנ — האָט קײנער ניט געוווּסט. אײנמאָל א פארטאָג האָט ער זיכ געיאָוועט צוריק, נאָר מער אויסגעבלײכט, דאר, די באקנ אײַנגעשרומפנ. אינ שטאב האָט מענ אימ קוימ דערקענט.

— איכ האָב אײַכ געבראכט א פארשוינ, גײט, נעמט אימ! — האָט ער גע=זאָגט, זיכ אנידערגעזעצט אפנ בענקל, וואָס מע האָט אימ אונטערגעטראָגנ, אונ איז אנשלאָפנ געוואָרנ.

שפעטער מיט א מינוט, ווענ מע האָט ארײַנגעפירט א הויכנ ווערגעלעצ, די הענט געבונדנ אפ הינטנ, האָט מאָטי=בער אפ א ווײַלע אופגעריסנ די אויגנ אונ א טײַטל געטאָנ אפ אימ:

— דאָס איז סטרוקס רעכטע האנט.. נעמט אימ צו פונ מיר.. ס'גײט אימ נאָכ א טײַכ מיט בלוט...

אונ ס'איז געבליבנ א סאָד ביז הײַנטיקנ טאָג, וויאזוי האָט א מענטש אָנ א האנט בײַגעקומענ אזא גוואר, אזא געזונטנ גאזלענ.

מיט דער צײַט איז מאָטי=בערנ אָפגעגאנגענ די שווארצקײַט פונ אונטער די אויגנ. כאָטש אלײנ ארבעטנ האָט ער שוינ ניט געקאָנט, נאָר א באלעבאָס אינעמ פעלצנ=קאָאָפעראטיוו „נײַ=לעבנ“ איז ער געווענ א זעלטענער. ער האָט גוט געוווּסט, וואָס דאָס דאָרפ דארפ האָבנ אונ וואָס ס'האָט ליב. זײַנע פעלצנ האָבנ געשמעקט אינ דער סוויווע. ער האָט אופגעזוכט אלטע ארבעטער, אמאָליקע באלמעלאָכעס=פעלצניקעס, דאָרפס=גײער, ער האָט אויסגעלערנט דעמ פאכ נײַע. פונעמ קאָאָפע=ראטיוו איז געוואָרנ א פאבריק, א מעלוכישע אונטערנעמונג. מאָטי=בער איז געוואָרנ דירעקטאָר פונ דער גרויסער פעלצנ=פאבריק.

— פונוואַנענ זײַט איר?

ער האָט שטארק ליב געהאט, מאָטי=בער, ווענ ער פלעג קומענ אינ דער גרויסער שטאָט נאָכ פורניטור, נאָכ מאטעריאלנ, אז מע האָט אימ געשטעלט אָט די פראגע.

— איכ בינ א טעטיעווער! — האָט ער געענטפערט עטוואָס צעצויגנ, אקצענ=טירט יעדנ טראָפ. אינעמ טאָנ האָט זיכ געהערט זיכערקײַט פונ א פארפונדעוועט לעבנ אונ שטאָלצ, אָנ א שיר שטאָלצ פאר זײַנ אופגעבליט שטעטל. טעטיעוו — דאָס מײנט: ברײטע שאָסײענ, גרינע לעוואדעס, דער בלויער טײַכ ראָס, די „דעמ=בענע“, די נײַע שול, דער געמויערטער שפיטאָל. פונ זײַנ פאבריק איז שוינ אָפ=גערעדט! א נײַע סלאָבאָדע מיט ליכטיקע שטיבלעכ האָט ער אויסגעבויט פאר זײַנע ארבעטער. אזש פונעמ אָדעסער גרינטרעסט האָט ער אויסגעשריבנ זוימענ אונ געהײסנ פארזעצנ בלומענ בא די שטיבלעכ, ארומ דער פאבריק.

— זאָל דאָס דאָרפ אָנשמעקנ, ווו מע מאכט גוטע פעלצנ. — האָט מאָטי=בער געזאָגט גאנצ ערנסט.

ס'מאכט זיכ — אינ א זומערדיקנ גוס=רעגנ גאנוועט זיכ דער פאבריק=דירעק=טאָר ארויס אונ זוכט אָפ אפ דער סלאָבאָדע דאָס פילדערנדיקע קלײנוואַרג קלוי=מערשט אײַנדרײַענ אפ זיי, זיי זאָלנ ניט פוסטעפאסעווענ אונ פארנעמענ זיכ אינ זײער קינדער=גאָרטנ... נאָר ער האָט דענ א הארצ צו שרײַענ אפ קינדער? מע קימט אימ זוכנ פונ ערגעצ א צעכ, טרעפט מענ אימ זיצנ אפ די שפיצ פינגער אינ העלפנ דעמ קלײנוואַרג פארהאטענ די פלײצנדיקע רימשקע. דאָס איז געווענ מאָטי=בערס א וואָרט:

— צווישנ קינדער פארגעס איכ אלט צו ווערנ.

אזוי ווערמלענדיק זיכ, פלעגט ער אמאָל פארזשמורענ אנ אויג אונ צוגעבנ:

— פונדעסטוועגנ דאכט זיכ מיר, אז די עלטער מײַנע שטייט ערגעצ אפ א באנ־סטאנציע נאָכ א בילעט קיינ מעטיעוו... — מאָטי־בערס שלייפנ האָט באזילבערט דאָס ערשטע פרעסטעלע, פונ די פולע באקנ האָבנ קנייטשעלעכ זיכ פארקוקט צו די ווינקלענ מויל, קײַלעכיק איז געוואָרנ די ברייטע פלייצע.

אליינ האָט ער עס אפילע שטארק ניט באמערקט. ער האָט זיכ גוט געפילט אינ געזונט, אויסגעצייכנט האָט אפ אימ געווירקט די לופט פונ זײַנ סלאָבאָדע.

נאָר אָט איז געקומענ די בייזע שאָ. דער דײַטש איז אָנגעפאלנ אפנ לאנד. אינ ראיוואָיענקאָמאט האָט דער מיליטער־קאָמיסאר עטוואָס קרימיש א קוק געטאָנ אפ אימ אונ געפרעגט אימ מיט א פרײַנטלעכנ שמייכל:

— וויפל זײַט איר אלט?

קלאָר, ס'איז געגאנגענ דעריקער ניט אינ דער עלטער. נאָר פונ דער קאליע האנט האָבנ דערווײַל ביידע געשוויגנ. אונ וויפל מאָטי־בער האָט ניט געטײַנעט, אז אונדזער לאנד זײַנענ באפאלנ בייזע כײַעס, אויסוווּרפנ, מערדערס, אונ אז ער פילט זיכ אינ קויעכ, ווי פריער, מיט פינפ אונ צוואנציק יאָר צוריק — האָט עס ניט געהאָלפנ.

דער קאָמיסאר האָט ווייכ אונ כאוועריש אימ ארופגעלייגט די האנט אפנ אקסל. ער האָט אימ בארויִקט:

— היצ זיכ ניט, טײַערער. דער פראָנט איז אומגעהייער גרויס. דײַנ אָרט איז ניט אפ די פאָדערשטע פאָזיציעס...

אזא ענטפער האָט מאָטי־בערנ ניט צופרידנגעשטעלט. ער האָט א ווײַלע געשוויגנ, דאָס פּאָנעם איז אימ געוואָרנ ראָז פונ אָנשטרענגונג. ער האָט געזוכט ריידנ שטיל. שטענדיק, ווענ ער איז אופגערעגט, רעדט ער שטיל. ער האָט זיכ אָנגערופנ שטיל צומ קאָמיסאר:

— איר מיינט מײַנ האנט? זי וועט אויסהאלטנ!

ער האָט זיכ לאנג אינ וואָיענקאָמאט ניט פארהאלטנ. גייענדיק אנ אָנגעכמורעטער אהיים, האָט ער געמורמלט צו זיכ אליינ, עטלעכע מאָל איבערגעכאזערט: „דײַנ אָרט איז ניט אפ די פאָדערשטע פאָזיציעס“... ניט אפ די פאָדערשטע — אפ וועלכע דענ פאָזיציעס?“

אינ אָוונט איז ער אוועק צומ קאָמיסאר אהיים, מיטנ אויסרייד צו באווײַזנ אימ א בריוו פונ זײַנ זונ דעמ רויטארמייער, אונ איז שוינ אָפּגעזעסנ בא אימ ביז שפעט אינ דער נאכט.

די פאשיסטישע האָרדעס האָבנ זיכ דערנעענטערט צומ שטעטל. זיי האָבנ זיכ שוינ געהאט ארײַנגעריסנ קיינ קאשפּריווקע. טאָג אונ נאכט איז אש, ווי שווארצער שניי, געפאלנ אפ די שטעטלדיקע דעכער. דאָס איז פונ דער שרייפע אפנ קאשפּריווקער צוקער־זאוואָד אונ אפ דער גוראלניע. מאָטי־בער האָט אָפּגעשיקט די לעצטע פורלעכ מיט דער אויסשטאטונג פונ זײַנ פאבריק אונ אליינ זיכ אוועקגעלאָזט צופוס אינ דער „דעמבענע“.

3

מאָטי־בער איז געווענ אויסגעקאָכט אינ אלע וועגנ אונ שטעגנ פונ דער „דעמבענע“, דעמ גרויסנ וואלד, וואָס ציט זיכ אפ מײַלנווײַט דורכ װאָלאָדארקע, פּיאטיגאָרי אונ סקיבינעצ אזש ביז הינטער בעלאָצערקאָוו. וויפל מאָל איז ער קינדווײַז געפאָרנ דורכ דעמ דאָזיקנ וואלד אפ יארידנ, זיכ נאָכגעשלעפט נאָכ דער מאמענ. וויפל מאָל האָט ער אימ אויסגעשפאנט צופוס מיט זוסיע דעמ פעלצניק אינ זײַנע װאָגלענישנ איבער די דערפער נאָכ א שמאָכ ארבעט. בײַ עמיי פעטליורע האָט טעמיעווער אָטריאד פונ דער זעלבשיצ דאָ געהאלטנ דאָזאָרנ קעגנ די באנדעס. אינ די סאָוועטישע יאָרנ האָט מאָטי־בער פונאנדער געצויגנ געהילצ אפ בויענ זײַנ נײַע פאבריק אונ די ארבעטער־סלאָבאָדע. דער וואלד האָט געהאט אינ זיכ אי יארנ, אי זומפּנ, אי ווינט־געוואלגער.

א זומער אינ שלאַכטנ, אינ טויט=געראַנגל האָט אָפגעזומערט אינ דער „דעמ=בענע" מאַטי=בער מיט זײַנע לײַט.

אינ די יארנ האָט ער אויסגעגראָבנ חעמליאַנקעס. אינ די זומפּנ האָבנ ער אונ זײַנע לײַט געלאָקערט אפ דעמ סוינע. דער ווינט=געוואַלגער איז געווענ א גוטע שיצ קעגנ די פאשיסטישע טאַנקענ.

בלינדע לירניקעס זײַנענ טאָג ווי נאַכט געזעסנ אין די שליאַכנ, געזונגענ טרויעריקע אוקראַינישע „דומעס" אונ פאַרבונדנ די פּאַרטיזאַנער מיט די פאַרפּײַניקטע שטעטלעכ אונ דערפער. דורכ די נעכט איז מענ געגאַנגענ צו מאַטי=בערנ, זיכ גענאָזעט אינ זײַנ אָטריאַד מיט דער געדיכטעניש פונ דער ניט אָפגעשניטענער טווע. כע איז געקומענ מיט מעשוגענע אויגנ אונ מיט פײַערדיקער כינע אינ האַרצנ. צו די יארנ האָט מענ געטראָגנ אויסגעצערטע, האַלב=לעבעדיקע קינדער אונ אוואַטאַמאַנ, גרויל=יעדיעס אונ קעסטלעכ קוילנ.

פאַרנ זומער האָט מאַטי=בערס אָטריאַד אופגעריסנ עלף באַנ=בריקנ, פאַרנארט א דײַטשישנ אָבאָז אינ די זומפּנ אַרײַנ, א פײַנטלעכנ שטאַב=אוטאָבוס פאַרוואָרפנ מיט גראַנאַטעס. פאַר דרײַ כאַדאָשימ צײַט האָט ער איבערגעפּעקלט איבער דער פראָנט=ליניע אײַנציקווײַז ביז הונדערט שווער=פאַרוווּנדעטע רויטאַרמייער אונ א צוויי צענדליק געפאַנגענע. מאַטי=בער האָט אויכ באַוויזנ שוינ צו שטײַנ אונטער דער טליע אפנ טעמיעווער מאַרק=פּלאַצ פאַר די אויגנ פונ א גרויסנ צונויפגעטריבענעמ דערשלאָגענעמ אוילעמ — קאַשפּעריוּוקער, אונ בורשטיוּוקער, אונ סקיבינעצער...

ער איז געשטאַנענ אונטער דער טליע מיטנ נאָכ לויזנ טויט=שלייפ אפנ האַלדז. דאָס פּאָנעמ פאַרגאָסנ מיט בלוט, דאָס לײַב אינ הוילע וווּנדנ. דער טאַליענ האָט געוואַרט אפ א צייכנ, ער זאָל פאַרציענ דעמ שטריק, נאָר דער קאָמענדאַנט האָט געהאַט צײַט... מאַטי=בערס בליק איז געווענ רויק, עטוואָס פאַרשטאַרט, אונ ס'האָט זיכ אינ זײַנע שטיי'נדיקע שוואַרצאַפּלענ אָפּגעשפּיגלט די ערד אינ איר כורבנ, די מענטשנ אינ זייער גרויסער פײַנ.

נעהויקערטע, אײַנגעבראָכענע מענטשנ האָבנ געקוקט אפ אימ אינ אַנגסטנ. ייִדנ מיט נעלע לאַטעס אפ זייער קרוע=בלוע, פויערטעס מיט פאַרצופּעטע מײַלער, קינדער מיט אַלטע, צעקנייטשטע פּענעמער... וויפל מע האָט אָנדערצײלט מאַטי=בערנ אינ וואַלד, האָט מענ אימ גאָרניט ניט דערציילט! אינ די לעצטע רעגעס פונ זײַנ לעבנ האָט ער איינ זאַכ דערשפּירט, ווײטעקלעכ באַנומענ — ער האָט קאַרג, ער האָט ווייניק קאַטנ אומגעבראַכט פאַרנ זומער.

אונ זײַנע אויגנ האָבנ געקוקט אונ זײַנענ ניט בלינד געוואָרנ.

מיידלעכ האָט מאַטי=בער דערזענ. מיידלעכ אינ בונטנ געקווייטלטנ ציצ האָט א סאָלדאַט מיט א ביקס צוגעשפאַרט צו א וואַנט אונ הירושענדיק גענומענ זיי קנײַפּנ די בריסט. אָנגעפּודערטע אלע, די ליפּנ העל געשמינקט, די נעלע האָר אופגעשויבערט.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגנ: מע האָט נאַפּקעס פונ דײַטשלאַנד געבראַכט קוקנ אפ זײַנ בייזוונדער... י

דערנאָכ האָט ער די אויגנ צוריק געעפנט אונ באַמערקט א געוואַלגער באַיענער וואַנט, ווו די מיידלעכ זײַנענ געשטאַנענ. א קווייטשערײַ האָט זיכ דערטראָגנ, א געוויינ האָט ווי מיט שפּיזלענ געשטאָכנ די אויערנ. ער האָט דערהערט אנ אומבאַהאָלפענעמ געשריי: „מאַמע!"

ער האָט שוינ געוווּסט, ווער ס'זײַנענ די מיידלעכ! לאַנג, נאָכ איידער ער איז אַרײַנגעפאַלנ צו די קוילערס אינ די הענט, איז פעסי מינדלינס געקומענ צו לויפנ צו אימ אינ וואַלד. בלוט האָט זיכ פונ איר געגאָסנ, ניט קיינ טרערנ: מע האָט איר מאַכמער פאַרנומענ אינ שפּיטאָל. דאָס שאַנד=הויז זייערס איז אינ שפּיטאָל... פונ די דערפער האָט מענ גענומענ מיידלעכ, פונ אלע שטעטלעכ זיי אָנגעבראַכט... אלעמענ האָט מענ איבערגעפאַרבט די האָר אינ אויסגעסטראָצלט אינ ציצ...

ועט אויס, דער קאָמענדאַנט האָט זיי אַרויסגעפירט צו זײַנ לעווײַע.

שטייענדיק אפנ הויכנ בענקעלע אונטער דער טליע, האָט מאָטי⸗בער דער ערשטער דערזענ, ווי רײַטער יאָגנ אינ גאלאָפּ גלײַכ צום פּלאצ — ער האָט דערקענט זײַנע יונגענ... האָט ער מיד, קימאט מיט א פוילער באוועגונג, אונטערגעטוקט דעם קאָפּ אונ באפרײַט דעם האלדז פונעם שלייפ.

פונעם געדיכטנ אוילעם האָט ארויסגעיאָגט פאָרויס וואסילי טרעגובענקאָ אונ געוואָרפנ פאר די פיס די דײַטשנ, וועלכע האָבנ זיכ פארלוירנ אינ דער ערשטער מינוט, איינ רויכ⸗באָמבע, אונ נאָכ איינע, אונ נאָכ איינע...

פונ די קנוילנ רויכ האָט זיכ געהערט מאָטי⸗בערס שטימ:

— אהערצו, אָדלערס מײַנע! הארגע די פאשיסטנ! הארגע!

די רײַטער⸗פּארטיזאנער האָבנ געארבעט, ווי די רוכעס. שיסנ האָבנ זיי אָנגעהויבנ ערשט דאנ, ווענ דער אָנגעטריבענער אוילעם איז זיכ צעלאָפנ פונעם פּלאצ.

דער רויכ איז זיכ צעשווומענ. פוסט האָט אויסגעזענ דאָס שטעטל. א סאכ געהארגעטע פּריצנ האָבנ זיכ געוואלגערט אפנ שאָסיי. דער ווינט האָט געקלאפּט מיט אנ אראָפּגעריסענעמ בלעכ פונ א דאכ אונ געהוידעט א מענטשנ אפ דער טליע אינמיטנ מארק. דאָס האָט זיכ געהוידעט דער מאליענ, וועלכער האָט באדארפט הענגענ מאָטי⸗בערנ.

מאָטי⸗בער האָט ווידער געגראָמייעט אינ דער „דעמבענע“.

4

א טעמיעווער יינגעלע מיט א לײַוונטענער טאָרבע אפ דער דארער פּלייצע האָט לאנג ארומגעבלאָנקעט איינער אליינ. ער האָט די נייטיקע ריכטונג נימ געקאָנט אָנטאפּנ. די וועגנ האָבנ אינ דער טוניקלקײַט פונעמ וואלד זיכ געדרייט, געשלענגלט, געפּאָרט זיכ אינ מאָלנ אונ בא זומפּנ זיכ צעלאָפנ. די שווערע טאָרבע האָט אימ געבויגנ צו דער ערד. די פיס האָבנ זיכ אימ אונטערגעבראָכנ, אונ צוזעצנ זיכ האָט ער מוירע געהאט. ס'האָט באדארפט זײַנ א קרומעוויאזנע בערעזע אונ דערנאָכדעמ א גרוב, איז שוינ די בערעזע געווענ — אונ מער נאָרנימ. מע האָט אימ אָנגעזאָגט, אז פונ דער גרוב דארפ ער זיכ נעמענ רעכטס, נאָר די גרוב איז נימ געווענ. ער האָט געדארפט זיכ שטארק היטנ פונ די פּריצנ.

דאָס מאָל האָבנ די דײַטשנ שוינ ארויסגעשטעלט א פּאָלק קעגנ דער „דעמבענע“. זיי האָבנ פריער גוט זיכ באוואָרנט, ארויסגעבראכט דעם גאנצנ חינמ⸗געוואלגער. מיט טאנקעטקעס אונ פאנצער⸗מאשינעס זײַנענ זיי ארומגעגאנגענ די יאָרנ, אָנגעגריפנ פונ דרײַ זײַטנ אונ געשפּאָרט מאָטי⸗בערס אָטריאד צו די זומפּנ. נימ באטאָג, נימ באנאכט האָט די שיסערײַ נימ אויפגעהערט. איינ פאשיסטישע טאנקעטקע האָט זיכ ארײַנגעוואלגערט אינ א וואָלפנ⸗גרוב, נאָכ צוויי האָבנ זיכ אויפגעריסנ אפ מינעס. פונ הינטער יעדנ הויפנ ערד האָט געלויערט אפ זיי דער טויט, די ביימער⸗געדיכטעניש האָט זיי באגעגנט מיט פײַער פונ אווטאָמאטיש געווער. נאָר זיי זײַנענ אלצ ווײַטער געקראָכנ.

די פּארטיזאנער זײַנענ אָפּגעגאנגענ מיט בלוט. וואסילי טרעגובענקאָ, מאָטי⸗בערס ערשטער געהילפ, איז געפאלנ אינ שלאכט, ווי א גיבער. ער האָט זיכ ארײַנגעריסנ מיט זײַנ האנט⸗קוילנוואַרפער אינעם סוינעס טראנשייענ אונ געמאכט דאָרט א חורבנ: ווענ די קוילנ זײַנענ אימ אויסגעגאנגענ, האָט ער געשלאָגנ מיט דער קאָלבע, ווענ די קאָלבע האָט זיכ צעבראָכנ, האָט ער געגעריקט מיט די פויסטנ, געצילט צו טרעפנ מיט דער פויסט דעמ סוינע אינ הארצנ. א קויל האָט אימ אוועקגעלייגט אפ א בארג פאשיסטישע פּגאָרימ.

ס'איז געפאלנ איציק דער שמיד ביים א באנאכטיקער אטאקע. דער יונגער פּאָפּאָוו איז אומגעקומענ. גויעכ, זוסיע דעמ פעלצניקס זונ, האָט נימ פאָרזיכטיק א וואָרפ געטאָנ א גראנאטע אונ זיכ איפּגעריסנ. די פארוווּנדעטע האָט מענ אָפּגעטראָגנ אינ די זעמליאנקעס בא די זומפּנ...

ס'איז שוינ געווענ גענוי אויסגעארבעט דער פּלאנ פונ אָפּטרעטנ טיפער אינ וואלד, צו סקיבינעצ⸗צו, זיכ פארייניקנ מיטנ בירשטיווקער אָטריאד, — אָנזאמלענ

קיכעס און איבערגיינ אינ אָנגריפ. צו שטארק איז איצטער דער סוינע, מע דארפ איבערווארטנ, זיכ איבערגרופּירנ...

און ברויט איז גארנית געבליבנ, אפ קיינ רעפוע.

שוינ די צווייטע וואָכ, אז די דייטשנ האָבנ באלאגערט די שליאכנ, אויסגעקוילעט די לירניקעס און לאָזנ פונ טעטיעווער זייט קיינ פויגל נית צו צומ וואלד. די פרויענ גייענ איינ שווייגנדיקע, ס'רייסט דאָס הארצ אפ די קינדער, מע דארפ די פארוווּנדעטע פּילגעווענ.

די פארטיזאנער האָבנ אזויפיל טעג קיינ ביסנ אינ מויל נית געהאט. נאָר נישקאָשע, זיי וועלנ איבערטראָגנ... אפ היינטיקער נאכט כאָטש פארהאלטנ דעמ סוינע, ביז מע וועט באווייזנ ארויספירנ דאָס לעבעדיקע פונ די זעמליאנקעס! דאָס קליינע גאָלדעלע לויכט זיכ שוינ דורכ, מע מוז איר מיט עפּעס דערהאלטנ די נעשאָמע... זי וועט נית איבערטראָגנ דעמ לאנגנ וועג!

מאָטי=בער האָט געשפּאנט מיט די פארהוילטע וואלד=וועגנ, באהאנגענ מיט גראנאטעס, דעמ אווטאָמאט אפנ בויכ, און געזוכט א שטעגל צו טעטיעוו: אינ די פינצטערע הייזלעכ וווינענ בלוט=אייגענע, ברידער וווינענ הארציקע. זיי וועלנ טראָגנ אנטקעגנ זייער לעצטנ טרוקענעמ סוכאר, אויב די מערדערס האָבנ אימ נאָכ בא זיי פונעמ מויל נית ארויסגעריסנ...

— פעטער מאָטי=בער!

פונ די קוסטעס האָט זיכ ארויסגעשארט דאָס יינגעלע מיט דער לייוונטענער מאָרבע אפ דער פּלייצע. ער איז געבליבנ שטיינ פאר מאָטי=בערנ, מיטנ ארבל געווישט זיינ פארשוויצט פּענעמל. די מוירע צו פארבלאָנדזשעט ווערנ איז אימ נאָכ נית איבערגעגאנגענ. ער האָט שווער געכאפּט דעמ אָטעמ, זיכ פארהיקעט פונעמ אויסגעמישטנ געפיל פונ שרעק און פרייד.

— פעטער מאָטי=בער! — האָט ער געהיקעט. — א מאָרבע טראָג איכ... מיט בברויט... די ששטאָט האָט געששיקט...

מאָטי=בער האָט זיכ צוגעזעצט אפנ פייכטנ זומפ=גראָז, אוועקגעזעצט צו זיכ אפ די קני דאָס יינגעלע, אימ ארומגענומענ צוזאָמענ מיט דער מאָרבע — און געשוויגנ. וואָס וועט דענ פארשטיינ דאָס קינד? טעטיעוו! געבענטשט זאָלנ זיינ דיינע דארע אויסגעדייווערטע הענט, דיינע ציטערדיקע פארבלוטיקטע פינגער, וואָס האָבנ אויסגעשטרעקט א שטיקל ברויט אינ אזא ביטערער מינוט!

ביקסנ=קנאלנ האָבנ זיכ אָנגעטראָגנ פונ א נאָענטער דעליאנקע, ביקסנ=קנאלנ און א טויב בילנ אפ א פרעמדער, פיינטלעכער שפּראכ. ס'האָבנ געקנאקט צווייגנ אונטער שווערע געקאָוועטע שטיוול...

מאָטי=בער האָט שטיל ארויסגעלאָזט דאָס קינד פונ זיינע אָרעמס, געהאָלפנ דעמ זיכ אופשטעלנ, גוט דעמ איינגעמאָסטעט די מאָרבע אפ דער פּלייצע און זיכ אָנגערופנ זייער רויק:

— לויפ, טאטע. לויפ מיט די קוסטעס גלייכ, גלייכ; זעסט, די זונ האָט זיכ א גלימש געטאָנ אפנ הימל, זאָלסטו האָבנ די זונ פאר די אויגנ, ביז דו וועסט נית צוקומענ צו אונדזערע זעמליאנקעס...

ער האָט אימ א קוש געטאָנ אינ קעפּל:

— לויפ, טאטע. ביסט א קליינינקער, מע וועט דיכ פונ די קוסטעס נית ארויסזענ... זאָלסט זאָגנ הערשל טורי, ער זאָל פארנעמענ אלע אפ סקיבינעצ, ער זאָל קיינ מינוט זיכ נית פארזאמענ, אזוי באפעל איכ... און די קינדער זאָל מענ אָנהאָדעווענ.

מאָטי=בער איז געבליבנ ליגנ אפ א גאנצער נאכט באמ ראנד פונ דער דעליאנקע, פונוואנענ ער האָט באצויגנ געהילצ פאר זיינ נייער פאבריק און פאר דער ארבעטער=סלאָבאָדע. ער האָט מיט גראנאטעס, מיט קורצע קויל=רייענ פונ זיינ אווטאָמאט פארשטעלט די פריצנ דעמ וועג צו די זעמליאנקעס. דאָ אפ דער דעליאנקע האָט א קויל אימ געטראָפנ אינ הארצנ ארייִנ, אינעמ גאָלדענעמ הארצנ.

# זכויר

ער איז פונ מיטנ ווינטער אפ היילונג אינ דער סאנאטאריע, וואס געפינט זיכ אינ א וואלד בא דער וואלגע. פונ דער ביימער-געדיכטעניש זעט זיכ אן א גאקעטער בארג-רוקנ מיט געשטופלטע זײלנ פונ קאלכ-שטיינ אפ זײנע שיפועים, אויסגעשווענקטע פונ רעגנ, פונעם ווינט ארומגעשליפענע. פונ צווישנ די זײלנ שלאגט א קוואל הייל-וואסער, א באוווסטער אינעם גאנצנ לאנד. די סאנאטאריע טראגט דעם נאמענ פונעם קוואל — א שווערער צונויפזאצ פונ א כעמישער פארמולע. אינ פאלק אבער רופט מענ זי איצט פאשעט: די פארטיזאנישע.

די סאנאטאריע נעמט אופ מענטשנ פונ דעם סויגעם טיפנ הינטערלאנד. זייערע מײסימ זײנענ פארשריבנ אינ פארשנורעווועטע ביכער. עס איז נאכ נית די צײט, מע זאל ריידנ אפנ פונ זיי. זייערע פערזענלעכע אנקעטעס ליגנ אינ פאקעטנ, פארזיגלטע מיט טריוואקס. געזונט ווערנדיק, קערנ זיי זיכ ווידער אומ אינעם בלאנדזשנ פונ זייערע וועלדער, אינ די פארטײעטע דערפער, אינ די באצווונגענע שטעט — אהינ, ווו דאס לעבנ הענגט אפ א האר, ווו זיי פירנ דעם גרויסנ כעזשבנ פאר די פאלקס-ליידנ.

די וווּנד אינ די לונגע: האט זיכ שוינ בא אימ פארצויגנ. עס האט זיכ אומגעקערט דער אפעטיט. א שווײגער אינ מעשעכ פונ לאנגע כאדאשימ, רעדט ער שוינ אויס מיט מענטשנ א ווארט, ער פוט אמאל א שמייכל צומ יינגל מיטנ אפגעהאקטנ פוס, — א פארטיזאנישער אויסשפירער פונ דער ווײסרוסישער פאלעסיע. ערשט נעכטנ איז ער אוועק אינ וואלד אפ א לאנגנ שפאציר מיט הארפינע, דער באיארמער פרוי פונ ערגעצ הינטער בריאנסק! ער האט זי גערואלטנ פאר דער האנט — זי איז בלינד, בא אנ אופרײס אינ די וועלדער האט זי געפאטערט די אויגנ.

הײנט גאנצפרי האט ער לאנג פארבראכט אינ דער פאלאטע בא די אוקראינער. דער שמועס איז געווענ זייער א לעבעדיקער, אונ ער האט אלעמאל זיכ איבערגעריסנ, ווענ עס פלעג ארײנגייענ צוליב עפעס די מעדשוועסטער.

נאכדעמ איז ער ארײנגעקומענ אינ דער קאנצעליאריע אונ האט געבעטנ, מע זאל אימ אויסשרײבנ פונ דער סאנאטאריע: ער איז שוינ געזונט אונ ער קלײבט זיכ אינ ווענ ארײנ. אבער אפ אויספארטיקנ זײנע האקומענטנ איז נייטיק געווענ דעמ פראפעסארס דערלויבעניש. האט ער גענומענ די פאפירנ אונ זיכ געלאזט אינ ווײסנ קאבינעט.

דער פארוואלטער פונ דער שפיטאל-אפטיילונג, א פראפעסאר מיט א וועלט-נאמענ, האט אימ אויסגעהערט דאס הארצ אונ געבעטנ אימ זיכ צוזעצנ אפ דער סאפע. ער האט אימ דערלאנגט א שמעקנדיקנ פאפיראס, זיי האבנ ביידע לאנג גערייכערט אונ געשוויגנ. ענדלעכ האט דער פראפעסאר געזאגט:

— פונדעסטוועגנ מיינ איכ, איר וואלט נאכ באדארפט זיכ אפהאלטנ פונ פארנ.

דער פארטיזאנער האט זיכ טיפער פארצויגנ, געהוסט לאנג אונ יאדעשליווע. ער האט גארנישט נית געענטפערט.

— דאס הארצ איז בא אײכ אפגעשוואכט. — האט דער פראפעסאר געזאגט.

— איר דארפט האבנ אבסאליוטע רו — האט דער פראפעסאר געזאגט שפעטער, ווענ ער האט אפ קיינ ענטפער זיכ נית דערוואַרט.

דער פארטיזאנער האט געקוקט זיכ אפ די לאנגע, עטוואס פארוויכערטע דארע פינגער. ער האט זיכ פארטראכט אונ, זעט אויס, נית געהערט, וואס מע רעדט צו אימ.

— די ערשטע איבערלאדונג פונ אײער הארצ דראט מיט קאמפליקאציעס.

דער פארטיזאנער האט געשוויגנ.

— איר וועט נאכ א צײט ווייניק נוצנ קאנענ ברענגענ. — האט דער פראפעסאר שוינ בייז ארויסגערעדט.

דער פּארטיזאנער האָט אפ אים אופגעהויבנ זײַנע אומעטיקע אויגנ, אנ אקשנפײַערל האָט זיכ איננ זיי באוויזנ. מיט די לאנגע דארע פינגער האָט ער צעטראָגנ זיכ א קעמ געטאָנ די גרויע באָרד. א הארב וואָרט איז געהאנגענ אפ זײַנע ליפּנ. נאָר ער האָט זיכ אײַנגעהאלטנ. ער האָט געשוויגנ.

— איכ בינ גענויגט צו פארבאָטנ אפ א צײַט אײַער אָפּפאָר. — האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט, ווי ניט גערנ.

דאָ האָט דער פארטיזאנער זיכ אופגעהויבנ פונ אָרט, ווי ער זאָל זוכנ עמעצנ צו הילפ, נאָר ער האָט קײנעמ ניט געפונענ. ער האָט זיכ אָנגערופנ געלאסנ:

— מאָרגנ פאָר איכ אָפּ, מיטנ צוויי־אזייגערדיקנ אווטאָבוס פאָר איכ אָפּ צום וואָקזאל! — ער האָט אומגעריכט פארענדיקט: — דאָקטער, גיט מיר נאָכ א ציגאר...

ער האָט זיכ צוריק אײַנגעטאָסטעט אפ דער כאָפּע, פארייכערט באמ אָנגעצונדענעמ שוועבעלע, וואָס דער פּראָפעסאָר האָט אימ אונטערגעטראָגנ, אונ גענומענ ריידנ עפּוואָס צעצויגנ. ער האָט זיכ וואָפּט אָפּגעשטעלט, געזוכט א גײַטיקנ אויסדרוק, א פּאָשעטערנ, ווי מע זוכט אָפּט, בעשאס מע רעדט מיט א יונגערנ פונ זיכ.

אָנגעהויבנ האָט ער אזוי:

— איכ וויל ריידנ יידיש, וועט מיר זײַנ גרינגער.

דער פּראָפעסאָר האָט באַניטיקנדיק א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

— ווי איר זעט, בינ איכ א ייד... — האָט דער פּארטיזאנער א קנײטש געגעבנ דאָס פּאָנעמ איננ א שמייכל, — אונ איכ האָב מיר געהאט מײַנ גאנג: וואָס דאָס פּעלעכל אפ דער כײַע איז כעשעווער, יאָגט מענ זיכ מער נאָכ איר.. אזוי האָב איכ געהאלטנ אמאָל, ווענ איכ האָב איננ דער יוגנט ארײַנגעקוקט איננ דער געשיכטע פונ אונדזער פאָלק, אונ אפילע ווענ איכ בינ געלעגנ אפ א בוידעמ אונ געווארט אפנ טויט איננ קרושעוואנס צײַטנ... איצט אָבער...

ער האָט נערוועז גענומענ שפּאנענ הינ אונ צוריק לענגאויס דעמ גרויסנ ווײַסנ טיש איננ מיטנ צימער. ער האָט זיכ באדארפט אָנטאָנ א קויעכ, ער זאָל זיכ אָפּשטעלנ פארנ פּראָפעסאָר, וועלכער איז געזעסנ איננ פּאָטעל־שטול, ניט אראָפּנעמענדיק פונ אימ זײַנע שארפע, שווארצע אויגנ. ער האָט צענומענ די הענט, ווי פארענטפערנדיק זיכ:

— איכ בינ ניט קיינ קויפער־בעזקער. איכ לייקנ, כאָלילע, גאָרניט אָפּ... איצט האלט איכ נאָר, אז יאָגנ יאָגט מענ דעריקער שוואכע, די, וואָס לאָזנ זיכ, די, וואָס האָבנ קיינ הערנער אונ קיינ נעגל ניט אפ שטעלנ זיכ אנטקעגנ...

ער האָט פארמאכט די אויגנ אונ ווידער זיי געעפנט, געטריבנ פונעמ געדאנקענ־שפּראָט.

— וואָס זאָגט איר, דאָקטער? קידעש־האשעמ, זאָגט איר? פארוואָס שווײַגט איר, דאָקטער? גאנצע יידישע קעהילעס האָבנ זיכ געלאָזט אויסשעכטנ, האָבנדיק די אסאָרייִ הארוגיי מאלכעס פאר די אויגנ. רעב אקיוועס קאָפּ האָט אונדז געקאָסט זייער טײַער... יידנ האָבנ זיכ נעלערנט פונ אימ, מע האָט אימ נאָכגעטאָנ...

ער איז געווענ ווײַס, ווי קרײַד. ער האָט ארויסגעשעפּטשעט:

— איכ זאָג זיכ ניט אָפּ. איכ זאָג זיכ ניט אָפּ פונ גאָרניט: פארקערט, איכ האָב נאָכ מער גענומענ אפ זיכ... די גאזלאָנימ האָבנ מיכ געבונדנ אונ מיכ גענויט כײַזײַנ בא דער שכיטע פונ דער אלט־קאָנסטאנטינאָווער קעהילע, בא דער בלוטיקער שכיטע. ווייי צו די אויגנ!... נאָכדעמ האָט מענ באמ אָפּענעמ קייווער מיר געגעבנ א רידל איננ די הענט, א הילצערנעמ רידל... נאָכדעמ... נאָכ דער קווורע האָבנ זיי מיכ איבערגעלאָזט אײנעמ אליינ: איננ פעלד אונ מיט כויזעק מיר געהייסנ שפּאנענ... ער זאָל אומזיינ נאוונאד איבער דער וועלט, דער ראָוו, וואָס האָט באגראָבנ זײַנ איידע! איכ בינ ראָוו, איכ בינ דער אלט־קאָנסטאנטינאָווער מוירע־הויראָע...

ער האָט זיכ צוריק אוועקגעזעצט. ער האָט שווער ארויסגערעדט:

— א פאָלק זאָל געדענקענ נאָך דעם „וועאָהאוומאָ“ — זאָלסט ליב האָבנ... נו, אונ ווו איז דער „זכויר“ — זאָלסט געדענקענ, וואָס אמאָלעק האָט דיר געטאָנ?.. איכ האָב אינ די אוקראַינישע וועלדער אָנגעטראָפנ ייִדנ, וואָס געדענקענ...

זײַנע אויגנ האָבנ געברענט. ער האָט זיכ עפשער דערזענ שטײַנ אפ א באַלע=מער. זײַנ שטימ איז געוואָרנ הארטער, ער האָט אויסגעשטרעקט פאר זיכ ביידע הענט מיט צונויפגעדריקטע פויסטנ אונ געוואָרנט:

— אויב א ייִד אד סאָפ קאָל האדוירעס וועט פארגעסנ, וואָס היטלער האָט גע=טאָנ מיט ייִדנ, אונ ניט דורשטנ נאָכ נעקאָמע, זאָל זײַנ נאָמענ אפגעמעקט ווערנ פונ דער ערד!

ער איז אופגעשפרונגענ, האסטיק צו צום פראָפעסאָר אונ איכ ארופגעלייגט די האנט אפנ אקסל. ער האָט געזאָגט באפעלעריש:

— דאָקטער, שרײַבט מיר אונטער דעם פאפיר, מענטשנ וארטנ אפ מיר באמ בוג!..

דער פראָפעסאָר האָט אונטערגעשריבנ.



# מיך ציט אהין

איך טראַכט פון זיך:
איך ליג אין קיך
אָן א ליַילעך, אָן א ציך
אין דער פינצטער, אין דער פריה,
און איך טו זיך ניט קיין ריר:
קני צו קני און האַנט אין האַנט —
ס'איז מילכאָמע אינעם לאַנד,
איבער גאָר דער ערד — איז גרויל,
גאָר די וואַרעמקייַט פון מויל
און דער בלוט-גאַנג אונטער הויט,
און אין גאַסן שפּאַנט דער טויט,
בא מײַן טויער שטעלט זיך אָפּ;
טרויער, גרויער ווערט דער קאָפּ...
כ'האָב אליין דעם טויט פאַרטרויט:
כ'האָב ניט מוירע פאַרן טויט —
ערגעץ סיפּ דאָרט, אפן גרונט,
איז געשלאָסן שוין דער בונד,
נאָר אזויפיל אכט איך זיך, —
כ'זאָל ניט אומקומען אין קיך...

ליבער, גוטער, פרײַער ווינט,
פיר אהין מיך, וווּ מײַן קינד
איר געליבטן האָט געלאָזט
ליגן איינזאַם אפן פראָסט...
וווּ מײַן שאָכן, וווּ מײַן העלד,
וווּ מײַן דיכטער ט'זיך געפעלט,
וווּ געסטײַעט האָט אים מוט
אונטער שניי זאָל זײַן אים גוט,
אין די קאַלטע, נאַסע גריבער
איבערטראָגן שלעק און פיבער,
הויל און גרויל און ווי א גיבער
שרײַבן לידער מיט זײַן בלוט...

דעקאַבער 1942

---

# א טורייסט

די ווונד וועט אויך מיסטאמע זיך פאַרהיילן.
ס'וועט ווערן שטיל, און אינדערשטיל מיר וועלן ציילן;
אפּ איבערציילן אלע מיסאמאָל —
ניט סטײַען וועט קיין הארץ פאַר אָט דער צאָל.

און ניט דײַן אייגן קינד — וועט זײַן די מאָס,
און ניט א ברודער לײַבלעכער וועט זײַן דער כּרוּוו-שטיין,
פאַר יעדן אומגעקומענעם אין יאם מאַטראָס
עס וועלן גאַנצע גאַסן, פלעצער פורכטיק אופשטיין.

פון ברעג ביז ברעג די וועלט וועט טאָן א ציטער,
ווען צווישן יעדע צוויי וועט אויספּעלן דער דריטער!
און ווער פאַרפּילן וועט דעם טיפן, שוואַרצן בלויז,
ווען בא א מוטער איז געוועזן איינער בלויז?

בא וועמען — איינער, און בא וועמען — צוויי,
און דריי, און פיר, און זעקס — בא וועמען...
צוריק די שוועל אריבער וועלן נאָר די נעמען,
זיך איינפּאַסן אין רעמעלעך פון וויי.

נאָר זיין פאַרהיילט וועט אויך די וווּנד אָט די, —
א טרייסט געפינט זיך אלעמאָל און שטענדיק,
ווען אופשטיין וועלן זיי אפ מאָרגן אינדערפרי
און זען, דאָס לעבן האָט זיך ניט געענדיקט.

און יענע לעבן אויך, נאָר קיינער ווייסט
דאָס אָרט, ווו זיי געפינען זיך, ווי ס'הייסט.
און ווייט אזוי דער וועג, וואָס פירט אהינצו,
אז אפ צוריקקומען וואָלט זיין איין לעבן ווינציק.
און דאָס וועט זיין די האָפענונג,
און דאָס איז אויך א טרייסט...

---

# מײַן ערשטע ליקעבאַמע

אויב וויסן ווילסט דעם גראַד פון אומגעדולד,
מיט וועלכן כ'האָב דיין אָנקומען דערוואַרט,
איז האָב געדולד און הער מיך אויס: אמאָל —
דאָס לעבן איז געווען נאָך גרויס; דאָס קאָל —
נאָך זאַפטיק, צאַפּלדיק און צאַרט
(ס'איז איצטער טרוקן, מידבאָרדיק און האַרט).
אין פּלוס און אָפּפּלוסן פון זינד נאָך ניט געשולט,
געווען דאָס אויג איז בלענדיק-שוואַרץ און מוטער-פול;
דער ווילדער אָדלער האָט אין ברוסט גערוט,
אין אָדערן האָט הייס געבריט דאָס בלוט;
די גרעסטע זינד, די שווערסטע שולד:
די מאַמע אָפּנאַרן, אז ביסט געווען אין שול,
גערעדט מיט גאָט אפ „דו" און ניט פאַרפעלט קיין וואָרט,
צי צוקלעפּן מיט פעך צום טיש דעם רעבנס באָרד;
די שאַבעסדיקע ליכט פאַרלעשן מיט איין שטאַרקן בלאָז,
צי אינדערשטיל זיך לערנען שנײַדן גלאָז מיט גלאָז, —
כ'האָב דעמלט ליב געהאַט צו האַלטן גלאָז אין האַנט:

ס׳איז גלאט, ס׳איז הארט, כאָטש בוי פון דעם א וואנט,
דערבײַ — אין זאמד — א הארבסטיק וואסערל דערמאָנט.
דאָס אלץ — אהינטער ערגעץ כ׳האָב געלאָזט...
אמאָל, ווי דורך א כאָלעם נאָר, צי דורך א גלאָז,
דער אָנהייב לעבן נעמט זיך ווידער וועבן,
און דאן — איינ זאך ביז ווייטעק מיר פארדריסט:
כ׳האָב לעבן דורכזיכטיק א ניידער זיך געגעבן
און כ׳האָב געשוואָרן זיך אומזיסט.
נו, איצטער ווייסטו שוין, צי אלץ נאָך ניט?
כ׳האָב ליב געהאט פארפאלן ווערן בא דעם שמיד
אין שמידערײַ, צי איינ-אליין אוועק
אין פעלד — צו יענעם ווײַטן, טונקל-גרויען ברעג,
וווּ ס׳לאָזט דער הימל זיך אראָפּ באם סאמע וועג.
קאָן זײַן, עס וועט דיר אויסקומען א ביסל ווילד,
נאָר אויב דעם ריינעם עמעס אויסהערן דו ווילסט,
כ׳האָב נאָך ביז הײַנט ניט אופגעהערט צו גלויבן,
אז ס׳ליגט די ערד צעשפרייט, און איבער איר פון אויבן
זיך בלויט דער רונדער הימלשער געצעלט,
וואָס לאָזט באטאָג ארויס די זון, באנאכט — די שטערן,
אז ניט די ערד איז קײַלעכדיק, ס׳איז קײַלעכדיק די וועלט.
אזוי צי אנדערש — נאָר מײַנ פארפאלן ווערן
האָט מיר געקאָסט אי קלעפּ, אי אויער-ריסן.
דערפאר איז אָבער ריינ געוועזן מײַנ געוויסן:
א דײַגע — זאָלן זיי זיך, טאטע-מאמע, מיינען
(דער שטאָלץ דער קינדערשער, ער האָט דאָך טויזנט כיינען),
אז נאָר פאר עפּעס זייער שווערע, הארבע זינד
גאָט האָט געשטראָפט זיי מיט א ניט-געהאָרכזאם קינד...
א דײַגע — זאָלן זיי — זיי זײַנען איצט שוין ביידע דאָרטן,
וווּ קינדרווײַז איז געשטאנען יעדער שיינער גאָרטן,
וווּ יעדער בוים און בלאט געשמעקט האָט מיט גאניידן —
אנ אָנדענק ליכטיקן זייביידן.

איז אָט: אינ יענע גליקלעכ-ברויזנדיקע טעג
עס האָט דער טאטע פלוצעם מיך געטאָן א פרעג,
ווי גאָרניט אויסנ זײַענדיק דערבײַ:
— אינ כיידער גייסט הײַנט ניט? צי ביסט שוין פרײַ?
וואָס פאר א יאָמטעוו האָסטו זיך געמאכט? —
דערבײַ, מיר דאכט, ער האָט אליין זיך שטארק פארטראכט
און שטיל א זאָג געטאָן, קימאט צו זיך אליין:
— דו האָסט געהערט מיסטאמע?
די זון וועט הײַנט אינמיטנ טאָג פארגיין,

צו האלבנ טאָג וועט ווערנ פינצטער, ווי באנאכט,
עס וועט הײַנט זײַנ א ליקעכאמע...—
די פרייד מײַנע געוועג איז שרעקלעכ גרויס!
מיט שפרונגענ צוויי אינ הויפ בינ איכ ארויס,
נאָר גלײַכ געבליבנ שטיינ, ווי פונ א שטארקנ שטויס:
דער טאטע — אָט דער הויכער, מאלכעסדיקער דעמב —
צי דענ האָט ער דערשראָקנ זיכ פאר דעמ?
דער טאטע — וואָס אפ טויזנט יאָר פאָרויס
א „לועכ״ האָט געמאכט מיט אלע זונ-פארגאנגענ
אונ אופגאנגענ אונ וויסט, וואָס דארפ אונ וועט אמאָל פאסירנ, —
איז פלוצעמ צו אזא מינ גראד דערגאנגענ —
מיט מיר, דעמ שנעק, א שמועס פירנ
ווי מיט א גלײַכנ זיכ, אונ מיט אזא מינ שטימ,
אז ס'האָט דאָס הארצ מיר ווי געטאָנ אפ אימ,
אז לויפנ טרייסטנ כ'וואָלט אימ, ווענ איכ קאָנ, —
נאָר איינס איז קלאָר — דער דעמב א ציטער האָט געטאָנ,
ווער וויים — פארוואָס? צי ווײַל דערזענ האָט ער אינ קאָנ
דאָס גאנצע לעבנ שטיינ? צי ווײַל געוועג איז ער פארטאָנ,
פארנומענ מיטנ לעצטנ ליקעכאמע אפ דער וועלט
אונ האָט דערווײַל דעמ סאמע נאָענטסטנ פארזענ, פארפעלט,
צו זיכ אינ „לועכ״ ניט ארײַנגעשטעלט?
נאָר עפשער איז אימ מיטאמאָל געוואָרנ קלאָר,
אונ זיכ דערשראָקנ האָט ער פאר זײַנ צו פיל דרייסטנ שווונג:
עס גייט, עס קומט א העלדיש-בלוטנדיקער דאָר,
וואָס וועט אפילע ניט באווײַזנ ווערנ יונג...
אונ ער, דער אלטער, האָט געמאכט אזא מינ לײַכטזיניקנ שפרונג:
א לעבנ צוגעזאָגט פאָרויס אפ טויזנט יאָר...

ווער וויסט, וואָס ער האָט דאנ געמיינט דערמיט?
ביז גרונט דערגיינ איכ האָב זיכ ניט באמיט —
איכ האָב געזוכט א גלאָז. א האלבע שויב געזוכט.
כ'האָב גלאָז געהאט א סאכ, נאָר מיר האָט זיכ געדוכט:
די זונ, פארגייענדיק, האָט זיכ אפ מיר פארלאָזט,
אונ איך ארויס צוריק זיכ ווענדט, אוועלכנ גלאָז
כ'וועל איצטער אויסקלײַבנ... אונ כ'האָב געקליבנ לאנג —
ס'איז דאָכ געוועג מײַנ ערשטער זונ-פארגאנג
אינמיטנ טאָג... אונ ס'איז מיר נאָר געבליבנ
פארשווארצנ זי, די שויב, וואָס איכ האָב אויסגעקליבנ...
א ליכטל אָנצינדנ איכ האָב זיכ ניט פארגונענ,
האָב איכ א גאָלדנ, פעכיק קינעלע געפונענ
אונ איבער שמעקנדיקנ פלאמ געהאלטנ לאנג דאָס גלאָז,

ביז ס'איז דאָס גלאָז געווען פאַרויכערט אין דער מאָס —
אַזוי געדיכט און שוואַרץ און פעט, אַז זיבן זונען
עס וואָלט די שוואַרצע שויב דורך זיך ניט דורכגעלאָזט.
אַ צײַט האָב איך דורך אָט דער שוואַרצער שויב געקוקט
אַרויף: אַ קרײַז אַ זילבערנער האָט זיך געטוקט
אין יאַם צערודערטן פון אויפגעבליכטן רויך
(מײַן אויג — געזוכט, געמאָנט די זון האָט אין דער הויך).
וואָס ווײַטער — בלאַסער, קעלטער ווערט דער קרײַז,
אָט באַלד — און בלײַבן וועט פון אים אַ רייפל אײַז
אַ בלענדנדיקס... און אָנגעכאַפּט איך האָב זיך בײַ דער שויב,
ווײַל אויב די שויב איצט טאָן דעם מינדסטן בויג,
דעם שוואַכסטן הויב,
די שײַן מיט בלינדקײַט שלאָגן קאָן דאָס אויג...
און כ'האָב מיט ביידע אויגן זיך אַרײַנגעזויגט
אין גלאָז. און שטיל געוואָרן איז אַזוי, אַז ס'האָט געדאַכט —
די גאַנצע וועלט אַרײַן איז צווישן טאָג און נאַכט,
און אַלץ פאַרענדערט איז: דער קלאַפּ פון האַרץ
זיך ציט אַ יאָר; דער אויגנבליק — פאַרזאַמט,
און גרוי דער הימל איז, און גרויער נאָך דער זאַמד.
און פּלוצעם ווערט די גאַנצע פרייד מיר אָפּגעסאַמט:
צי ערגעץ האָט די שויב געפּלאַצט? צי קאַרג פאַרשוואַרצט?
כ'האָב אָפּ אַ נעם געוואַרט: פון טאָג זאָל ווערן נאַכט;
צום ערשטן ווונדער ס'האָט דאָס האַרץ דערוואַכט.
געמיינט, באַטאָג דערזעען וועל איך אָפן הימל שטערן,
און זי, די וועלט, זי וואַרט און וויל ניט פינצטער ווערן,
אַן אייביקײַט איז דורך, און ס'איז נאָך אַלץ פאַרנאַכט.
... מיטאַמאָל מיר האָט זיך אויסגעדאַכט:
די זון צוריק וועט קיינמאָל מער שוין ניט אַרויס,
די ערד וועט כאָרעוו זײַן און אַלץ וועט ווערן אויס,
און שולדיק זײַן וועל איך אין אַלץ...
גאָטס שטראָף — די טויכעכע וועט פאַלן אַף מײַן האַלדז
און אַף מײַן קאָפּ — פאַר גאָר דער וועלט די שולד...
דו שטעלסט זיך פאָר מײַן דעמלדיקן אומגעדולד,
דעם אומרו אין מײַן לײַב, דאָס פײַערל אין בליק,
מײַן קינדערשן באַגער, — די זון אַרויסגיין זאָל צוריק...
איז אויב דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן, דו שטעל זיך פאָר
די זעלבע שאָ, נאָר שפּעטער מיט אַ דרײַסיק יאָר,
ווען סטו כאָטש האָבן דאַן דעם מינדעסטן באַגריף,
ווי אומגעדולדיק כ'האָב געוואַרט
דעם אָנקום פון דײַן שיף.

# דער שמיד בא זײַן פֿײַער

„מײַן גאָט, דו ביסט בעעמעס אומגערעכט", —
געטײַנעט האָט אמאָל א יונגער שטאלטנער שמיד
פארנאכטלעך, ווען געוואָרן איז ער מיד
פון לאנגן זעכצנשאָ̈קן געפּעכט
מיט שווערן האמער און פון פונקען-שיט,
וואָס האָט זײַן הויט געבראָטן און געבריט.

פון פרי ביז נאכט געשמידט האָט ער אן אקס,
און ערשט פארנאכט פארענדיקט אײַנשנײַדן דעם שרויף;
איצט שטייט דער שמיד אינמיטן ברייטן הויף
ארום א ריזיק-הויכן וואָגן פלאקס
אין צעפּ געפלאָכטענעם ווי זילבער-גרוי,
ווי אטלעס גלאט, און שמעקט מיט האָר, מיט פרוי.

„פארוואָס פארטראכט האָסטו אזוי די וועלט?" —
געטײַנעט האָט דער שמיד אי שטיל, אי הויך:
„דעם פײַער דינען סט'מיך אוועקגעשטעלט,
און כ'זע מײַן לעבן נאָר, ווי דורך א רויך;
און גאָר מײַן שטארקײַט איז — דער האמער-שווונג,
און גאָר מײַן רײַכקײַט איז — דער פײַער-פונק.

פון וואָס איך טו א טראכט — עס ווערט באלד שווארץ,
און שווארץ, מיר דאכט, ווערט אויך דאָס בלוט פון הארץ.

נאָר ווען די זון — זי קײַקלט זיך אראָפּ
אהינטער טײַך — די שווארצקײַט טוט זיך אָפּ
פון מיר — מײַן האנט ווערט, ווי דער מוילעד, קלאָר,
כאָטש לאָז זיך שווימען מיט אים גלײַך אין פּאָר;
און מיטן ערשטן שפּרונג כ'בין שוין אינמיטן טײַך;
צום ברעג מיר קומען מיטן מוילעד גלײַך.
און גאָר מײַן שטארקײַט איז — אין אָט דעם שפּרונג,
און גאָר מײַן רײַכקײַט איז, וואָס איך בין יונג".

אזוי געטײַנעט האָט דער שמיד פארנאכט אין הויף:
פון מידקײַט שליסן זיך די אויגן אים צונויף,
די גאנצע וועלט — ווי אײַנגעהילט אין רויך,
דער שווערער וואָגן פלאקס ווערט גרינג און הויך,
און בלאס-לעוואָנעדיק עס ווערט דער פלאקס,
און ס'וואקסט דער וואָגן אלץ און וואקסט, און וואקסט...

שוין ניט קיין וואָגן מער — א ריזן-סטויג,
און שײַנט אזוי — כאָטש נעם פארשטעל דאָס אויג.

און ס'האָט דער שמיד נאָך טיפער זיך פארטראכט:
„ווער האָט דעם וואָגן פלאקס אהער געבראכט?
ווו איז דער גליקלעכער? ווער איז ער דער,
וואָס האָט דעם סטויג מיט שײַן פארפירט אהער?
אויב ער איז אויך א מענטש — פון בלוט און הויט —
וואָלט ער מיר עפשער אָט דעם סאָד פארטרויט:

פארוואָס איז פײַכט דער פלאקס און שמעקט מיט לײַב?
כאָטש ביזן האָנען-קריי באַם סטויג פארבלײַב...״

נאָר פלוצעם האָט דער יונגער שמיד דערפילט,
אז ס'ווערט זײַן הייסער שטערן אָפגעקילט,
אז ערגעץ פריש פון טײַך א ווינטל ציט,
א קלאפ פון רעדער האָט דערהערט דער שמיד,
פרימאָרגן-שויבן האָבן זיך אין גאס צעהעלט,
און ס'האָט זיך אָנגעהויבן פונדאָסנײַ די וועלט:

פארנייגט, פארבראָכן שטייט דער וואָגן פלאקס,
און ס'שמידט דער שמיד פאר אים די צווייטע אקס.

---

# די באלאדע וועגן דעם שיפל און דעם ווינט

דו פרעגסט, ווער געבראכט האָט? — א הירש אפן האָרן.
דו פרעגסט, ווען געשען איז? — פאר טויזנטער יאָרן.

אפ גרונט פונעם אָפגרונט איך האָב עס פארשעפט:
אמאָל אפ דער ערד דאָ א ווינט האָט געלעבט.

געלעבט זיך באזונדער, און איינער אליין
פארבאָרגן געלעבט אין א שפאלט פון א שטיין,

און קיינער געוווּסט האָט זײַן וווינונג, זײַן אָרט,
מיט שכײנישע ווינטן זיך קיינמאָל געפאָרט.

ער פלעגט נאָר געפינען א זעלטענע שאָ,
ווען ס'איז אונטער זון מער קיין ווינטן ניטאָ,

ארויס און צעבישן דעם יאם מיט דער דעק,
די דעק מיטן ברעג און צוריק זיך אוועק,

מיט שטויב באַם אוועקגיין פארשיטן די זון...
דאָס שיפל באַם ברעג האָט געליטן דערפון,

נאָר קיינמאָל געקלאָגט פארן יאם האָט די שיף;
נו, מיילע — א ווינט טוט אמאָל זיך א שטיפ,

נו, טוט זיך א שפיל מיטן שיפל דער ווינט;
איז וועמען גייט אָן דאָס, און וואָס איז די זינד?

ערשט דאן, ווען דער ווינט האָט זי איבערגעקערט
ארופ מיט דער דעק, האָט די שיף זיך פארקלערט:

„וואָס פעלט אים, דעם ווינט, און וואָס וויל ער פון מיר?
דוווילסט — רײַס מיך אָפּ פונעם ברעג און פארפיר

אהינצו, פונוואנען דאָס וואסער עס פליסט,
אהינצו, פונוואנען געקומען דו ביסט.

און נייג מיך, און בייג מיך, און קרויז מיך, און קער,
נאָר איין מאָל דערצייל מיר, וואָס איז דײַן באגער?"

און פלוצעם געקומען דער ווינט איז באנאכט,
דריי קרײַזן, דרײַ ברייטע באם שיפל געמאכט.

אוועק איז דאָס שיפל אָן איינציקן וואָרט...
א ווײַל איז פאריאָסעמט געבליבן דאָס אָרט.

דער יאם האָט געגעבן אָן ברעג זיך א שטויס,
א פלייץ געטאָן האָט נאָר דאָס וואסער און — אויס.

געשוועבט האָט דער ווינט אפן שיפל א נאכט,
א טאָג מיט א נאכט, ביז ער האָט עס געבראכט

צום וואסער, וואָס רינגלט ארום יענעם שטיין,
ארופ אפן שטיין און געלאָזן עס שטיין

אליין איבער שווארצער און פינצטערער טיף;
געדולדיק געווארט אפ איר ווינט האָט די שיף.

אדורך זײַנען הימלען, באדעקטע מיט בלײַ,
דערנאָך זײַנען שטערן געפאלן פארבײַ,

דערנאָך זײַנען הימלען געוואָרן, ווי מילך...
געקומען דער ווינט מיט א ברום, מיט א הילך,

א פײַף געטאָן האָט צו דעם שיפל דער ווינט:
„געבראכט האָב איך, שיף, דיר, מײַן ליבלינג — א קינד.

געבאָרן כ׳האָב צוויי, און כ׳האָב איינעם געסויט —
איך האָב אים מײַן הערשאפט נאָך מיר ניט פארטרויט.

צו גוט וואָלט געוועזן דאָס קינד פאר דער ערד,
ער וואָלט מיט זײַן גוטסקײַט דאָס בייז נאָר פארמערט,

דערפאַר איז דאָס צווייטע — פון שלעכטנ דאָס שלעכטס...״
א וויג געטאָנ האָט זיכ דאָס שיפל אפ רעכטס,

א בויג אונ א קרעכצ אונ דער ווינט האָט דערהערט:
„אויב שיקנ מיט מיר ווילסט דאָס שלעכטס אפ דער ערד,

אונ וואקסנ דאָס שלעכטס וועט בא מיר דאָ אינ שויס, —
מײַנ הערשער, בייג אָנ זיכ — דײַנ שיפל הער אויס.

באשיידנ אונ קליינ דער באגער פונ דײַנ דינסט,
דאָס מינדסטע פונ פריידנ אויב מיר דו פארגינסט,

לויפ, ברענג מיר זײַנ ברודער, וואָס דו האָסט געטויט, —
ער איז דאָכ געבויט פונ דײַנ לײַב אונ דײַנ הויט,

געבאָרנ ער איז דאָכ, מײַנ ליבער, פונ דיר,
מײַנ גיבער, איכ בעט דיכ, גיב איבער אים מיר.

כ׳וועל וויגנ זיי ביידנ אונ ברענגענ אהינ,
זיי ברענגענ אהינצו, פונוואנענ איכ בינ.

אונ סײַדנ אינ וועג וועט אנ אומגליק זיכ טרעפנ...״ —
געגעבנ דער ווינט האָט דאָס מויל א צעעפנ,

אונ ביז ס׳האָט דאָס שיפל פונ פאכעד דערוואכט,
דער ווינט האָט צום שיפל דעם צווייטנ געבראכט.

אוועק איז דאָס שיפל געלאָדנ מיט ביידנ —
זיי ביידנ באהעפט — אפ זיי קיינמאָל צעשיידנ.

אונ ס׳שווימט איבער יאמענ דאָס שיפל אינ שרעק,
א ווינט זאָל ניט צווינגענ זיי צושטיינ צום ברעג.

אונ ווו נאָר א וואסער, אונ ווו נאָר א טײַכ —
דאָס שיפל עס גליטשט זיכ אי לאנגזאמ, אי לײַכט.

באטאָג אונ באנאכט — אלצ פאָרויס אונ פאָרויס,
אונ ס׳דאנקט אָפ דער כוואליע פאר יעטווידנ שטויס.

באנאכט אונטער שטערנ, באטאָג אונטער זונ...
דאָס שלעכטס אינעמ שיפל ווערט קרעפטיק, געזונט,

אינ ס׳וואקסנ אימ פליגל, דער אייווער ווערט שטײַפ,
די האָריקע לענדנ — געקנאָטנ אונ רײַפ,

אונ ס׳שעמט זיכ דאָס שיפל צו קוקנ אפ אימ,
דער צווייטער — ער ליגט מיטנ רוקנ צו אימ,

צום דעק מיטנ פּאָנעמ — אפ אייביק צעקריגט —
אונ ס׳דוקט זיכ דאָס שיפל, אונ טוקט זיכ, אונ וויגט.

נאָר איינמאָל געשען מיטן שיפל א פאל:
געקומען דאָס שיפל צו א וואסערפאל.

פארפלייצט איבער פעלדן, אין דער טיפעניש גלייַך,
עס יאָגט און עס שלאָגט און עס טראָגט זיך א טייַך.

געבליבן דאָס שיפל פארלאָרן איז שטיין —
דעם וועג צו דעם אָפּגרונט פארצוימט האָט א שטיין.

א דריי געטאָן האָט זיך דאָס שיפל — א קער,
א הוידע געטאָן זיך באם שטיין און א קלער:

„די לאסט, וואָס איך טראָג, און די גאָב, וואָס איך האָב,
באגלייַך מיטן טייַך זאָל אין אָפּגרונט אראָפּ:

קיין זייכער זאָל בלייַבן פון זינדיקן ווינט,
פון זינדיקן ווינט און פון וואקסנדן קינד,

קיין שפור זאָל ניט בלייַבן פון זיי און פון מיר...״ —
און ס׳האָט זיך דאָס שיפל געגעבן א ריר,

א הייב און א ריס, נאָר א קוק — און פארגעס,
נאָר דאָ האָט, ווי שטענדיק, געטראָפן א נעס.

אמאָל, זאָגט מען, פלעגן זיי אָפּטער זיך טרעפן...
פון האסטיקן פלי האָט די אויגן צעעפנט

דער ברודער דער צווייטער — דער מאלעך פון פרייד,
אריבערן אָפּגרונט די פליגלען צעשפרייט,

גענומען אפ זיך אי די שיפ, אי די לאסט,
(אזוי ווי א מאלעך א גוטן עס פאסט).

געטראָגן זיי לאנגזאם, געניִדערט, געבראכט,
געשטעלט אפן וואסער... און ס׳האָט זיך צעלאכט

דער ייִנגערער ברודער — אז ס׳האָט זיך גערדאכט,
א פעלדז איז געפאלן אפ פעלדזן א סאך

און שטיינער זיך קייַקלען אין יאם נאָכאנאנד...
און אויסגעשטרעקט האָט ער זייַן האָריקע האנט,

דעם ברודער געכאפּט פאר די פליגלען די צווי,
א דריק נאָר געגעבן, א פּאָך, א צעווי,

און גלייַך, ווי א שמעטערלינג — בלענדיק און לייַכט —
געבליבן איז ליגן דער ברודער אין טייַך.

און ס׳האָט זיך באם שפּיץ פונעם שיפל געשטעלט
דער ייִנגערער ברודער — דער האר פון דער וועלט:

אײנ פליגל צעשפּרײט, װי א פינצטערער זעגל,
דער צװײטער — באהעלט פונ דער זונ, װאָס אקעגנ,

אונ װער ס׳האָט דאָס שיפל דערזענ — האָט געדאכט:
עס שװימט אפנ װאסער דער טאָג אונ די נאכט...

דו פרעגסט מיך דעם סאָף — ס׳איז א סאָף אויך געװענ,
נאָר ס׳איז, װי עס טרעפט זיך, אנ אומגליק געשענ:
א טײל פונעם סאָף מיטנ שלאָף איז אװעק,
א טײל האָט פארטראָגנ א פיש אפנ עק,

א טײל האָט פארכאפּט א לעװאָניקער שטראל,
דאָס רעשט האָט דערשלונגענ די קו אינ דער שטאל...

נאָר אנדערע זאָגנ — ס׳האָט אנדערש געטראָפנ:
דער סאָף איז צוריק צו דעם אָנהײב אנטלאָפנ,

אונ בײדע אינײנעם — דעם הירש אפנ האָרנ,
באם הירש אפנ האָרנ די מײַסע געבאָרנ.

דער הירש איז געשטאָרבנ, דער האָרנ — פארלאָרנ,
די מײַסע — זי ציט זיך שוינ טױזנטער יאָרנ.

---

# דער װאָלקנ

ס׳איז מיר אזוי גוט צו טראכטנ װעגנ דיר,
ס׳איז מיר אזוי ליב אפ דיר זיך ריכטנ.
מיר דאכט, איך װאָלט איצט אלע קרומקײַטנ פאריכטנ
אונ שטרענג באטראכט מײַנ יעדנ קער אונ ריר.

דער װאָלקנ, װאָס פונ טונקלקײַט הײבט אָנ זײַנ לעבנ,
אונ װאָגלענדיק בלײַבט יונג, אונ בלאָנדזשענדיק װערט אלט,
װענ ער פארשלינגט דעם מוילעד אונ אינ זיך באהאלט
אינײנעם מיטנ װאכ-שטערנ, װאָס ברענט דערנעבנ, —

װער װעט דעם װאָלקנ כװשעד זײַנ אינ דעם,
אז ליב איז אים צו האלטנ זיי א נאכט אינ קלעם?
א קינד אינ װיג, מיר דאכט, עס װײסט:
דאָס זוכט דער װאָלקנ זיך באנאכט א טרײסט.

װײַל װי טונקלקײַט זאָל אים ניט װיכטיק זײַנ —
ער װיל, אז ערגעצ טיפ אינ אים זאָל ליכטיק זײַנ.
איז װער װעט זאָגנ מיר: דו טוסט ניט רעכט.
איך זוך דאָך אויך, װי ער, א טרײסט זיך אינ די נעכט.

★☆★

# נויעכ לוריע

## לי

די געשיכטע האָט מיר דערציילט אנדריי פאוולאָוויטש פעדאָטאָוו, א בלאָנדער גרויס-קערפערדיקער מאַנצביל מיט העל-גרויע האָזעדיקע און פריילעכע קלוגע אויגנ, מיט א ברייטער נאָז און א ברייט, לײַביק מויל, פיל מיט אויסדריק פונ קויעכ, גוט-סקײַט און לעבעדיקע באַגערנ, גיכ אַפ שמייכל און אַפ צאָרנ, אַפ מיטגעפיל און פאַראַכטונג. דאָס הייסט, אזא איז ער געווענ פריער. איצט זײַנענ אימ די האָר קי-מאַט דורכויס גרוי, כאָטש ער דאַרפ אלט זײַנ א יאָר עטלעכע און דרײַסיק, ניט מער, און אינ די אויגנ האָט זיכ באַוויזנ א שווערקײַט, א בלײַערנער אָפזאַץ פונ דעמ, וואָס זיי האָבנ זיכ אָנגעזוען אַזוינס, וואָס מע קאָנ עס זיכ מיט קיינעמ ניט טיילנ, ס'איז גאָר קיינ לאָשנ נישטאָ עס אַרויסצוגעבנ. אונדזער באַגעגעניש איז פאָרגעקומענ אומגעריכט, אַפ אנ אָוונט אינ אײנעמ א שפיטאָל. ווענ ער האָט זיכ צערעדט, האָט זײַנ אויסגעבליכט פאָנעמ א שפיל געטאָנ מיט דער אַמאָליקער אויסדריקפולער באַוועגלעכקײַט, וועלכע איכ האָב אזוי ליב געהאַט. איכ האָב גע-בעטנ, ער זאָל עפעס דערציילנ.

— מיר זײַנענ דורכגעגאַנגענ בערג, — האָט ער געזאָגט, — און דו פאַרלאַנגסט א קאָלירט שטיינדל. איכ ווייס דאָכ, וואָס דו דאַרפסט.

און אַפ עטלעכע מינוט איז ער אינגאַנצנ אײַנגעשוויגנ געוואָרנ.

— גוט, איכ וועל דערציילנ — האָט ער ענדלעכ אָנגעהויבנ. — שלאַכט-עפי-זאָדנ איז דאָ גענוג אינ די צײַטונגענ, איכ וועל דערציילנ וועגנ א מיידל. לייע לעוויק האָט זי געהייסנ, לי.

האַרבסט 1939 יאָר האָב איכ פאַרבראַכט עטלעכע טעג אינ אײנעמ א שטעטל פונ מערב-ווײַסרוסלאַנד; בינ דאָרטנ אײַנגעשטאַנענ אינ א פריוואַטער ייִדישער שטוב. א מעשונעדיק אומעטיקע שטיב. שווער צו זאָגנ, פונוואַנענ דער אומעט איז געגאַנגענ — פונעמ טונקעלנ שפאַליר און דער לאַנג ניט געווײַסטער סטעליע, פונ דעמ אָפגעניצטנ מעבל, אויסגעבליאַקעוועטע גרינבלעכ-טונקעלע פאָרטיערנ און סערוועט אַפנ טיש, צי פונ די אײַנוווינערס פנימער, נאָר אינ די צימערנ איז געווענ שטענדיק ווי פאַרנאַכטלעכ. ס'האָט דאָרט קיינמאָל ניט געשמעקט מיט גע-קעכטס און געבעקס, ווי אינ אַנדערע הײַזער, כאָטש מע האָט, פאַרשטייט זיכ, עפעס געקאָכט און עפעס געגעסנ, נאָר ס'האָט אזוי ווי קיינ רייעכ ניט געהאַט. ס'איז בכלל ניט פאַרשטענדלעכ געווענ, פונ וואָס די מענטשנ לעבנ. זיי האָבנ זיכ מיט גאָרניט ניט פאַרנומענ.

אַפנ דריטנ טאָג קומ איכ אײנמאָל אַרײַנ פונ דער גאַס און דערזע א נײַ פאָ-נעמ, א פרוי. נאָר די שטערנ קאָנענ זײַנ אזוי שיינ. נאָר ביים איכ האָב דאָס ערשטע מאָל דערזענ דעמ יאַמ, האָב איכ געהאַט אזא געפיל. ניינ, דער יאַמ איז אהער קיינ פאַרגלײַכ ניט, פאַרשטייט זיכ. דאָרט — שײַנענדיקע סטיכיע, אומענד-לעכע ברייט, און דאָ שטייט עס אינגאַנצנ פאַר דיר, מענטשלעכ, צאַרט, ריידנדיק, ווי מוזיק, אינעמ פאָנעמ — עטוואָס קינדישס. און דאָכ איז אינ דער קראַפט פו-נעמ אײַנדרוק, אינעמ כידעש, וואָס כאַפט אַרומ דײַנ גאַנצנ וועזנ, געווענ עפעס

ענלעכס צומ יאמ. אינ ווי דער יאמ איז אלעמאָל אנדערש אונ נאָכ שענער, דאכט זיכ, ווי געווענ, אזוי האָט זי אלעמאָל אָנגעקוואָלנ פונ אינווייניק מיט נייער שיינ. א געפּלעפּטער, האָב איכ אויסגערופֿנ.

— פונוואנענ האָט איר זיכ גענומענ, אזא ווּנדער?

ענטפערט זי:

— זאָגט מיר בעסער, ווי טו איכ אימ אהינ, אָט דעמ ווּנדער?

איכ האָב ניט פארשטאנענ, וואָס זי מיינט, גיט זי מיר צו פארשטיינ:

— ווענ איכ בינ א געוויינלעכ מיידל, וואָלט איכ עפּשער מיט זיכ אזוי פיל זאָרג ניט געהאט.

זי האָט גערעדט אָנ פארלעגנהייט אונ אָנ אזארט, איינגעהאלטנ, עטוואָס מיד, נאָר דאָס האָט ניט געקאָנט פארשטעלנ דעמ ערנסט אונ וויי פונ די ווערטער. איכ האָב זי אויסגעפרעגט אונ בינ געוואָרנ געוווירע: זי איז אנטלאָפנ פונ די דייטשנ, געפינט זיכ דאָ בא ווייטע קרוווים. היינט איז זי בא זיי, אונ וואָס וועט מאָרגנ זיינ?

— איכ וואָלט אייכ, עפּשער, געהאָלפנ קריגנ ארבעט, — זאָג איכ, — נאָר מאָרגנ גאנצפרי פאָר איכ אוועק פונדאנענ.

— נעמט מיכ מיט — בעט זי.

— וווּהינ?

— וווּהינ איר ווילט.

— וואָס איז דאָס, — פרעג איכ, — צוטרוי, לייכטזינ אָדער פארצווייפלונג?

— נאָר ניט קיינ לייכטזינ. איר הייסט כאווער, אונ איכ האָב קיינ ברייַרע ניט.

אירע רייד, די אופריכטיקייט פונ איר גיט הויכנ, קארג אינטאָנירנדיקנ קאָל האָבנ מיכ צערודערט ניט ווייניקער, ווי איר אומגעוויינלעכ אויסזענ.

ערשט איצט האָב איכ באמערקט: בא די ווינקלענ פונ איר מויל צוויי קורצע דינע קניימשעלעכ, צוויי שארפע מעסערלעכ, וואָס שניידנ זיכ איינ אינ הארצנ. אונ אויכ איר שמייכל, — אזא קינדיש אומבאוווסטזיניקער אונ ליכטיקער — א ביי=געמיש פונ אומבאהאָלפנקייט, פונ האָפענונגסלאָזיקייט, — ס'איז שווער צו כאפּנ, וואָס דאָס איז, נאָר ס'האָט פארשטשימעט, ניט צו באשרייבנ. ביכלאל דאָס גאנ=צע וועזנ פונ דעמ מיידל לאָזט זיכ שווער באשרייבנ. איר קערפּער=שטעל — אזא באשיידענער אונ שטאָלצער איינצייטיק. א באשיידענער דערפאר, ווייל דאָ איז קיינ זאכ ניט נייטיק ניט באהאלטנ, ניט אונטערשטרייכנ.

איכ האָב ליב פרויענ אונ האָב צו זיי מאזל. נאָר דאָ איז געווענ עפּעס אנ=דערש. אזא, ווי די, דארפ מענ באזעצנ אינ א מירמל=פּאלעצ, אָפּגעבנ איר דאָס לעבנ. זי איז עס ווערט. מיר זיינענ אָבער מענטשנ מיט ניכטערע קעפּ, מענטשנ פונ פליכט פריער פאר אלצ. די צייט פאָדערט עס, קאָנסט דאָ גאָרניט איבערמאכנ. איכ גיי אינ גאס, — סע רוישט אינ מיר, ווי א וואלד אינ א ווינט, — אונ איכ טייַנע צו זיכ: „אנדריי, האָסט א ווייב מיט קינדער, זיי האָבנ דיר קיינ' שלעכטס ניט געטאָנ“... אונ טאָמער איז קארג איינ שטריק, בינד איכ זיכ מיט נאָכ א שטריק. „אנדריי, טו א טראכט, פונוואנענ דאָס עפּעלע האָט זיכ פארקייקלט — פונ יענער זייט, פונ אנ אומבאקאנט ביימעלע, פונ א פרעמדער ערד“...

דעמ זעלבנ טאָג שפּעטער מיט עטלעכע שעה האָב איכ זי ווידער געטראָפנ אינ שטוב.

— ווער זייט איר? — פארלאנג איכ פונ איר. — איכ ווייס דאָכ וועגנ אייכ גאָרניט. דערציילט פונ אָנהייב ביזנ סאָפ.

אונ זי האָט דערציילט, פּראָסט אונ טרויעריק, ווי מע טוט זיכ אויס פאר א דאָקטער.

זי האָט געשטאָפּט פּאפּיראָסנ אפ פריוואטע באשטעלונגענ. דערפונ געלעבט. די עלטערנ, פונ פאראָרעמטנ באלעבאטישנ שטאנד, האָבנ געהאָפט: אזא טאָכטער וועט מענ אויסבאפנ, מע וועט זי גליקלעכ מאכנ, זי וועט גיינ אינ גאָלד, אונ בא

איר וועלנ זײַ אויכ האָבנ א רויִקע עלטער. „ווי איר זעט, — שמייכלט זי, — האָט מיכ קיינער ניט אויסגעכאַפּט. אייניקע פונ מײַנע כאַווערטעס, געוויינלעכע מיידלעכ, זײַנענ דאַפּקע יאָ געקומענ צו א טאַכלעס — האָבנ קינדער, ווייסנ, אַלנפאַלס, צוליב וואָס זיי מוטשענ זיכ. איכ האָב אַלצ געוואַרט. אַפּ א פּרינצ, א מיליאָנער? אַפּ א באַרימטנ קינסטלער, א גרויסנ מענטשנ, א גלענצנדיקנ גאַסט פונ ערגעצ, וואָס וועט צופעליק פאַרבלאָנדזשענ צו אונדז, מיכ דערזענ און אַוועקפירנ אינ זײַנ שענערדיקער וועלט? מײַנ עלנטע שיינקײַט! — זאָגט זי, — איכ האָב פונ איר געהאַט אַזוי ווייניק נאַכעס, נאָר מיר האָט אַלצ געדוכט, איכ בינ איר שולדיק א כויוו, כ'בינ מעכויעוו איר פאַרשאַפנ דאָס מעלעכל פונ הימל"... ס'זײַנענ פאַרשפּיט זיכ, געוועננ אַזוינע, וואָס האָבנ זי ליב געהאַט, און גאָר ניט ווייניק, אַפילע א ביסל צו פיל, ווי זי מיינט. „אונדזערע אָרעמע שטעטלשע יינגלעכ, — דערמאָנט זי זיכ, — זייערע ריינע, איידעלע הערצער, זייער קלוימערשט אומגעריכט אַנטקעגנקומענ אַפּ די גאַסנ, ווו איכ בינ געגאַנגענ, זייער באַריידעוודיק שווײַגנ, זייערע שטאַמלענדיקע רייד, די בריוועלעכ, וואָס זיי פלעגנ מיר אַרײַנלייגנ אינ האַנט, איכ זאָל זיי לייענענ שפּעטער. איינער האָט זיכ אַפילע געסאַמט. נאָר וואָס פאַר א פּאָר זײַנענ מיר געוועננ, צוויי קאַליקעס, וואָס ווייסנ ביידע ניט, ווו זיכ אַהינטאָנ? איינער איז געוועננ נאָר א סאָלידער מאַנצביל, א דאָקטער אינ די מיטעלע יאָרנ מיט גוטער פּראַקטיק, מיט געזעלשאַפטלעכנ אָנזענ, מיט אינטערעס צו קונסט, — ערנסט, עלעגאַנט. זײַנ ליבע איז געוועננ סאָליד, ווי ער אַליינ. זי האָט אויסגעהאַלטנ די פּרוּוו פונ זיבנ יאָר, זיכ ניט געלאָשנ, ניט געמינערט. ער האָט מיר געשענקט בלומענ און שאָקאָלאַד און פאַרשיידענע פײַנע קלייניקײַטנ, ער האָט מיר פאַרגעלייגט געלט, נאָר ער האָט דאָכ ניט געקאָנט אַוועקוואַרפנ א ווײַב מיט קינדער, ער איז דאָכ געוועננ א לײַטישער מענטש און האָט זיכ געפירט, ווי א לײַטישער מענטש.

— אָפּט האָב איכ צו זיכ אַליינ גערעדט, — דערציילט זי: „וואָס וועט זײַנ פונ דיר? ס'איז אַריבער די צײַט, ווענ מע האָט צוליב אַזעלכע פרויענ כאַרעוו געמאַכט שטעט און אויפגעבויט שטעט. דו וועסט פאַרקויפנ הערינג אינ א קלייט, אויב אַלצ וועט גיינ געוויינלעכ, אָדער אָנקומענ פאַר א קעפּסווײַב צו א גאַלאַנטעריי-פאַבריקאַנט, אויב ס'וועט דיר צושפּילנ דאָס מאַזל"...

אויסגעלאָזט האָט זיכ אַנדערש. דאָס מאָטאָמעכאַניזירטע אומגליק איז אָנגעפלויגנ, דאָס הויז פאַרברענט, טאַטע-מאַמע דערהאַרגעט, — ערגעצ באַם וועג אינ א קאַנאַווע וואַלגערנ זיכ זייערע ביינער. זעקס טעג איז זי געלאָפנ, זיכ קוים דערשלאָגנ אַהער. קיינ דרײַ טעג זײַנענ ניט אַריבער, האָט עס זיי ווידער אָנגעיאָגט. ווײַטער לויפנ איז קיינ קויעכ ניט געוועננ און קיינ צײַט ניט געוועננ. דאָ האָט זי דערפילט, אַז איר שיינקײַט איז ניט נאָר עלנט און אומבאַהאָלפנ, זי איז איר קלאָלע. ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ: „ווו באַהאַלט מענ דיכ, ווו טוט מענ דיכ אַהינ? עס פעלט נאָר, די מעכאַבלים זאָלנ דיכ דערזענ". מע האָט זי אָנגעטאָנ אינ שמאַטעס, אויסגעשמירט דאָס פּאָנעם אינ סאַזשע, אינ בלאָטע, נאָר עס העלפט ניט. „וואָס האָסטו צו אונדז, — טײַנענ די קרובים, — פונוואַנענ האָסטו זיכ גענומענ אַפּ אונדזער קאָפּ? מע זאָל עס גאָר ניט קאָנענ פאַרשטעלנ, פאַרליאַפּענ מיט עפּעס, וואָס מער דו שמירסט עס, אַלצ מער האָט עס כיינ, שײַנט פונ דער בלאָטע אַרויס, ווײַ צו אונדז. פאַרוואָס האָסטו קליינווײַז ניט געפּאָקט, ווי אַנדערע קינדער, ניט איבערגעקערט אַפּ זיכ א קאָכעדיקנ סאַמאָוואַר?".. א וואָכ צײַט האָט מענ זי אַזוי אויסבאַהאַלטנ, געלעבט אינ ציטערניש, ביז די רויטע אַרמיי איז אַרײַנ. „זאָגט, — פרעגט לי בא מיר, — וועט איר שוינ דאָ כאָטש בלײַבנ אַפּ שטענדיק, ניט אַוועקגיינ?"

איכ בינ אַוועקגעפאָרנ און מער איז מיר אינ דעם שטעטל ניט אויסגעקומענ צו זײַנ. לי, האָט זי געזאָגט, זאָל איכ זי רופנ. איכ האָב אַפילע איר נאָמענ, ווי עס דאַרפ צו זײַנ, ניט געוווּסט.

אינ פאָריקנ האַרבסט האָב איכ לויט דער שליכעס פונ דער אַרמייִשער צײַטונג, וווּהינ איכ בינ קורצ פאַר דעם באַשטימט געוועננ, באַזוכט דעם שטאַב פונ איינער

א ריוויזיע. אפ דער דאָרפישער גאס האָב איך דורכן אווטאָמאָביל־פענצטער, פאַר־ביַיפאָרנדיק, זי דערזען. דאָס פאָנעם איז איר געווען פאַרבאַנדאַזשירט. איך האָב זי דערקענט לויטן אייגנאַרטיקן אומפאַרגעסלעכן קערפּער־שטעל, אזא באַשיידענעם און מאַיעסטעטישן אייַנציִקן. שפּעטער מיט א האַלבער שאָ האָט זיך געעפנט די טיר, און זי איז אַריַין.

איין אויג איז נאָך געווען אָפּגעדעקט, א היפּש אויג, פול מיט שטראַלנדיק־רייַנעם שוואַרצן פייַער. איבער דעם — א ווינקל שטערן, מאַטעוו וויַיס מיט א פייַנער פונקל־ברוינער ברעם, און אונטער דעם — א פאַסיקל באַק; אַלץ אינאיינעם — א שפּילימער פון יענער זעלטענער שייַנקייַט, וואָס איך האָב נאָך קיין גליַיכן צו איר ניט געטראָפן.

— וואָס איז דאָס? — פרעג איך, אַנווייַזנדיק אפן בינט.

— וועגן דעם אנ אנדערס מאָל... איר בליַיבט דאָ בא אונדז?

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז זי אַרבעט אין איינעם פון די ספּעציִעלע טיילן, וואָס באַדינען דעם שטאַב.

שפּעט אין אָוונט בין איך אַריַין צו לי. איר באַלעבאָסטע, א פריַינטלעכע עלטערע פרויערטע, האָט מיר צוגעגרייט היימיש עסן. נאָכן עסן זיַינען מיר געזעסן אייניער קעגן דעם אַנדערן און געריייכערט. הינטער די ווענט האָט געוואָיעט דער האַרבסטי־קער ווינט. ס'האָבן זיך דערטראָגן קלעפּ פון ניט אָפּטער אַרטילערישער שיסעריַי. איך האָב געבעטן, לי זאָל דערציילן, ווי־אזוי זי איז אָנגעקומען אַהער, אַלץ, וואָס מיט איר איז פאַרלאָפן, זינט מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט. א צייַט האָט זי געשוויגן, דערנאָך דערציילט:

אינגיכן נאָך מיַין אַוועקפאָר האָט זי געקראָגן אַרבעט אין א ניי־וואַרשטאַט, וואָס האָט זיך אין שטעטל געעפנט, באַקומען א סאָוועטישן פּאַספּאָרט, זיך באַטייליקט אין די וואַלן. מע האָט איר געטרויט, דאָס האָט געגעבן מוט. זי האָט שוין געגלייבט, אז זי טרעט ווירקלעך אַריַין אין א ניַי לעבן, דערוויַיל ניט קיין נאָר באַקוועם און גרינג לעבן, דערפאַר מיט א פרישער לופט, מיט א לויטערן הימל איבערן קאָפּ. זי האָט, פאַרשטייט זיך, געוווסט, אז ס'ע גייט א צייַט פון גרויסע שלאַכטן און ערדציטערנישן, ניט פון רו; דאָך ניט געטראַכט, אז ס'וועט אָנפאַלן אזוי האַסטיק, ס'האָט זיך ניט געגלוסט אזוי טראַכטן.

א שטעטל ניט וויַיט פון דער גרענעץ — גליַיך אין דעם ערשטן טאָג האָבן די באַנדיטן פון דעם געמאַכט א באַרג אש. די איַינוווינער זיַינען געלאָפן צווישן אויפ־רייַסן פון באָמבעס, אונטער א האָגל פון בליַי. דער טראַנספּאָרט, וואָס איז געווען געגרייט אָנגעלאָדן לויט זיַינע אייגנטלעכע אויפגאַבן, האָט געהאָלפן די אַנט־לאָפענע, וויפל ס'איז מעגלעך געווען, פריִער פאַר אַלץ פרויען מיט קליינע קינדער, אַלטע און שלאַפע, און וויַיטער, נאַטירלעך, די פלינקערע, די, וואָס קאָנען מאַכן א נעבעך־פאָנעם, צושטייַן און זיך ניט אָפּטשעפּען. זי איז ניט פון די, וואָס קאָנען געשיקט אויסנוצן א געלעגנהייַט, אונטערכאַפּן א שאַנס. זי איז געגאַנגען, געשלאָגן די פיס. איך מאָל זיך זי אויס: פאַרשטויבט, פאַרמאַטערט, נאָך מיט דער ווירדע, מיט דעם נאַטירלעכן צויבער, וואָס לאָזט זיך פון איר ניט אָפּנעמען, ווי די פריש־קייַט — פונעם פרילינג־געוויקס. זי האָט ניט פּרעטענדירט אפ קיין אַנדער גורל, ווי די אַלע, מיט וועלכע זי האָט אינאיינעם געוואָגלט, זיך ניט באַקלאָגט, ביז־לאָל זייער ווייניק גערעדט, נאָר מענטשן ארום איר, צעבראָכענע, פאַרמוטשעטע, האָבן זיך ניט געקאָנט באַרויִקן, אַלעמאָל פונדאָסניַי אָנגעהויבן: „מיט איר וואָס טוט מען? ווען די מערדער לויפן כאַלילע אָן און דערזעען זי, אזא ליכטיקע זון, ווו באַהאַלט מען זי?“

און אָט האָבן די אומגליקלעכע איינמאָל אָפּגעשטעלט א שטאַרק איבערגעלאָ־דענע מאַשין, פּראָסט פאַרשטעלט איר דעם וועג, ניט געלאָזט פאָרן וויַיטער, אַרויס־געשטופּט לי פאָרויס און געמאָלדן: „איר האָט ניט קיין אָרט, מיר זעען, נאָר אָט די מוזט איר נעמען“. און דער שאָפער און נאָך איינער, מיסטאָמע דער

עלטסטער איבער דער מאַשינ, וואָס האָבנ לעכאַטכילע ניט געוואָלט הערנ קיינ שומ באַקאָשעס, זײַנענ, דערזעענדיק דעמ פּאַסאַזשיר, באַלד שטיל געוואָרנ אונ שטרענג, קימאַט פֿײַערלעכ, ווי לי דערציילט, זיכ אָפּגערופֿנ: „יאָ, אָט די מאָר מענ דאָ ניט איבערלאָזנ. מע מוז זי נעמענ".

נאָכ עטלעכע שאָ רײַזע האָבנ זיי זי אַראָפּגעזעצט אינ עפּעס א שטעטל. די לאַגע אַפּ אָט דער ריכטונג איז געווענ אַזאַ, אַז מע וואָלט זיכ געדאַרפֿט גלײַכ רוקנ ווײַטער, נאָר דאָס מיידל איז געווענ שטאַרק אויסגעמאַטערט, אונ גוטע מענטשנ האָבנ איר געגעבנ וואַסער צומ אײַנוואַשנ זיכ אונ היימיש געקעכצ צו אונטערשפּאַרנ דאָס האַרצ אונ א זויבער געלעגער אַפּ באַנאַכט, ביכלאַל אויפֿגענומענ זי, ווי א שוועסטער. זי האָט זיכ געלאָזט פֿאַרהאַלטנ אַפּ עטלעכע טעג. זי האָט זיכ געקליבנ אַרויספֿאָרנ צוזאַמענ מיט די נײַ-דערוואָרבענע פֿרײַנט אונ פֿאַרשפּעטיקט אײנײגעמ מיט זיי. פֿונ שטעטל איז איר געלונגענ אַנטלויפֿנ אינ וואַלד, נאָר ווײַטער זײַנענ געווענ אָפּגעשניטנ אַלע וועגנ.

די ווײַסרוסישע וועלדער זײַנענ ברייט אונ ווילד. ווי פֿרעכ די דײַטשנ האָבנ זיכ ניט געריסנ פֿאָרויס, האָבנ זיי דאָכ מיט גרויסער פֿאָרזיכט אַרײַנגעדרונגענ אינ די טיפֿענישנ, וווּ פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדנ האָבנ שוינ צו יענער צײַט זיכ געזאַמלט אינ די צענדליקער. דעמ טאָג האָבנ די אַנטלאָפֿענע איבערגעוואַרט אינ א זומפּיקנ העק. ווענ ס'איז פֿינצטער געוואָרנ, האָט מענ זיכ געלאָזט גיינ. עמעצער האָט מיסטאַמע געפֿירט. מע איז געגאַנגענ איינער נאָכ דעמ אַנדערנ. אימלעכער האָט קוימ געזענ דעמ, וואָס פֿאַר אימ. אַפּ די, וואָס זײַנענ אָפּגעשטאַנענ, האָט מענ ניט געוואַרט. טאָמער האָט ווער גערופֿנ, איז דער רופֿ געבליבנ אָנ ענטפֿער. לי האָט צעקלאַפּט א פֿוס אָנ א פּניאָק. ביז זי איז צו-זיכ געקומענ, איז שוינ קיינער לעבנ איר ניט געווענ. זי האָט זיכ א וואָרפֿ געטאָנ אָניאָגנ אונ, אָפּאָגעמ, אַראָפּ פֿונ דער סטעזשקע. קיינ מענטש, נאָר אַלעמאָל א שאָרכ, א שורשע, א טופּ פֿונ דער, פֿונ יענער זײַט. שאָטנס פֿאַר די אויגנ. זי שטרעקט די הענט אונ כאַפּט אָנ לופֿט, שטויסט זיכ אָנ אינ א שטאַמ. אונ ס'ווערט אַלצ פֿינצטערער, געדיכטער... בלאָנדזשענ באַנאַכט אינ א וואַלד איז פֿאַר א ניט געוווינטנ אונ געניטנ ניט קיינ גרינגע אויפֿגאַבע. ביפֿראַט פֿאַר א פֿרוי, א שטאָטישער, צומ ערשטנ מאָל אינ לעבנ. איינס איז געווענ קלאָר — ווײַטער גיינ האָט קיינ זינ ניט. אונ די פֿיס האָבנ ווײ געטאָנ. זי האָט אָנגעטאַפּט א פּניאָק אונ זיכ צוגעזעצט. א וואַרעמער אָוונט. יול. אונ שטיל, קיינ שאָס, קיינ רויש פֿונ א מאָטאָר. א בלאַט פֿאַלט אַראָפּ, הערט מענ זײַנ באַוועגונג. לי דערציילט:

— איכ האָב דערפֿילט — פֿאַרנ וואַלד איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבנ. פֿאַרקערט, די ביימער פֿאַרשטעלנ מיכ, די פֿינצטערניש איז מײַנ שוצ. איכ נעמ אַרויס פֿונ קעשענע א רעשטל ברויט, עס שמעקט קרעפּטיק אונ ערלעכ, ווי די פֿרײַנטשאַפֿט פֿונ די מענטשנ, וואָס האָבנ מיר דאָס ברויט געשענקט. איכ קײַ עס אונ טראַכט: „עטלעכע שאָ האָב איכ רו, נאָר אינדערפֿרי וואָס וועט זײַנ?" איכ דרעמל זיצנ-דיק. אָנגעטאָנ בינ איכ אינ א לײַכט זומער-מאַנטעלע. טיפֿער אינ דער נאַכט האָט א ציטער דורכגענומענ דאָס לײַב. איכ שטעל זיכ, טוליע זיכ צו צו א ברייטער סאָסנע, דריק זיכ צו איר שטאַרק, שטאַרק, אַמאָל מיט איינ זײַט, אַמאָל מיט דער אַנדער זײַט, מיטנ ריקנ אונ וואַרעמ זיכ אַזוי אַרומ. די וואָלקנס, וואָס האָבנ פֿאַרצויגנ דעמ הימל, צעגייענ. א שטערנ באַווײַזט זיכ צווישנ די שפּיצנ, איז ער שוינ בלאַס. ס'עט שאַרײַעט. אָט ווערט ליכטיק, וואָס וועט דענסטמאָל זײַנ?..

אונ אָט איז ליכטיקער געוואָרנ, אונ פֿונ צווישנ די ביימער האָט זיכ נעיאַוועט א מענטש. א הויכער, א ביסל א סוטולעוואַטער, אַראָפּגעהאַנגענע שטרויענע וואָנצעס. גאָר ניט קיינ פֿרײַנטלעכער. אײַנגאַנצנ באַהאַנגענ מיט געווער. אינ מויל א ליולקע, שטייט, רייכערט, קוקט אונ זאָגט גאָרניט.

— וואָס שווײַגט איר? — טוט ער פּלוצעמ א פֿרעג.

— איכ ווייס ניט, ווער איר זײַט.

— דאָס דאַרפֿט איר ניט וויסנ. גענוג, אַז איכ ווייס, ווער איר זײַט.

— פּינגוואנענ?

דערויפ איז קיינ ענטפער ניט געווענ.

— קומט! — האָט ער באַפוילנ.

ער האָט זי געפירט לאַנג, געבראַכט צו א נידעריקער זעמליאַנקע, קוים אָנצוזוענ זי צווישנ די ביימער. קיינ שום מיר. אינ אַראָפּגאַנג — עטלעכע ערדענע טרעפּלעכ. אינווייניק — א טישל — פיר ברעטלעכ אויפ פיר פלעקער, א בענקל, איינגעאָרדנט אויפ דעמ זעלבנ אופנ, א געלעגער פונ יעלאָווע צווייגנ.

— אָט דאָ זיצט, ביז מע וועט אײַכ זאָגנ, — האָט ער אויסגעוואָרטשעט אונ איז אוועק.

אינ אָפענע לאָכ, אָנגעטאָפּט א מיר, א שווײַגנדיקער וואַלד, נאָר ס'האָט א שמעק געטאָנ מיט מענטש. מע קאָנ זיכ צעשפּאַרנ שלאָפנ, האָט לי באַשלאָסנ. ווענ זי האָט געעפנט די אויגנ, איז אויפנ טישל געווענ ברויט אויפ א ריינעמ האַנטעכ אונ מילכ א פלאַש, אונ קיינ לעבעדיקער נעפעש ניט אינווייניק, ניט אינדרויסנ, וועמענ מע זאָל קאָנענ זאָגנ א דאַנק. זי האָט מיט פאַרגעניגנ געגעסנ דאָס ברויט אונ געזופּט די מילכ. ס'איז געווענ א זייגער אכט אינדערפרי. שוינ האָבנ זיכ געצויגנ, א לאַנגער הייסער זומערדיקער טאָג, אונ קיינער האָט זיכ ניט געוויזנ. פאַר אומעט האָט זי זיכ ווידער צוגעלייגט אונ ניט אויפגעהערט צו טראַכטנ: „וואָס באַטײַט עס? וואָס וועט עס זײַנ?.“ דאָ האָבנ זיכ דערהערט טריט.

ס'זײַנענ אַרײַנ צווייע — דער אינדערפריִיקער אונ נאָכ איינער מיט אימ, יונגער אינ יאָרנ, נאָר, קענטיק, עלטער אינ מאַכט, אָנגעטאָנ כאַקי, א שטרענג, רויק פּאָנעמ, א הויכער שטערנ. דאָס היטל האָט ער, אַרײַנקומענדיק, אַראָפּגענומענ אונ אַנידערגעלייגט אויפ דער באַנק. א ווײַלע האָבנ זיי בײדע זי אָנגעקוקט שווײַגנדיק.

„כאָטש איכ האָב, — דערציילט לי, — שוינ געזענ אונ פאַרשטאַנענ, מיט וועמענ איכ האָב צו טאָנ, האָט דאָס האַרצ פונדעסטוועגנ שטאַרק געקלאַפּט.

— פאַרוואָס רעדט איר מיט מיר ניט? — האָב איכ ענדלעכ ניט אויסגעהאַלטנ.

— מיר קלערנ, וואָס טוט מענ מיט אײַכ. — רופט זיכ אָפּ דער נײַער. — מיר קאָנענ אײַכ אַרויספירנ אויפ א סטעזשקע אונ ווײַזנ: אָט אהינ גייט, אונ ווײַטער וואָס וועט זײַנ?

— דאָס שרעקלעכסטע, — זאָג איכ, — איז ניט דער טויט.

— דאָס איז ריכטיק. — באַשטעטיקט ער.

איכ נעמ זיכ אָנ מיט מוט אונ בעט:

— לאָזט מיכ איבער בײַ אײַכ!

— ניינ, — זאָגט ער. — בײַ אונדז קאָנט איר ניט בלײַבנ. כויצ אַנדערע סיבעס, זײַט איר צו שיינ.

— ס'איז דענ אזא כיסאָרנ?

— ניט קיינ כיסאָרנ, נאָר א סאַקאָנע. אָט פאַרטונקלט מענ דאָכ די שײַנ. ווי לאַנג זײַט איר געווענ בײַ אונדז אינ שטאָט — עטלעכע טעג, אונ כשוורע קענענ אײַכ שוינ. איר וואַרפט זיכ אינ די אויגנ.

— וואָס זשע טוט מענ?

— זײַט רויק, — זאָגט ער. — מיר וועלנ ניט דערלאָזנ, אזא, ווי איר, זאָל אַרײַנפאַלנ צו די באַנדיטנ אינ די הענט.

„סאָפ טאָג, — דערציילט לי ווײַטער, — איז מענ געקומענ נאָכ מיר. א באַיאָרמער קאָלווירטניק, א ווײַסרוס, מיט טיפע קנייטשנ אויפנ אָפּגעברענטנ פּאָנעמ. א גאַנצע נאַכט האָט ער מיכ געפירט, ניט אויסרייִדנדיק קיינ וואָרט. וואַלד אונ וואַלד, אונ מיר אינצווייענ. צווישנווײַז טויבע אָפּקלאַנגענ פונ א ווײַטער שיסערײַ. איכ בינ געגאַנגענ לעבנ אימ, ווי קינדווײַז לעמ טאַטנ, אינ דער פינצטער זיכ אָנגעהאַלטנ אָנ זײַנ אַרבל, אונ צומ ערשטנ מאָל אינ לעבנ האָב איכ געפילט, אז מײַנ שיינקייט איז עפּעס ווערט, מע היט זי אָפּ, זי איז עמעצנ טײַער.“

נאָר ס'האָט איר ניט געגליקט. די פראָנט־ליניע האָט זיכ אינ די טעג אָפט איי־בערגערוקט. די הימלעראָוועס האָבנ זיכ דורכגעריסנ אינ פאַרכאַפּט דעמ יישעוו, ווו לי האָט גענעכטיקט. פאַרכאַפּט ניט אַפּ לאַנג, נאָר זייערט האָבנ זיי אָפּגעטאָג.

לי האָט מענ, ווי א באַזונדערס פאַרדעכטיקע פּערזאָנ — דאָס פּאָנעם איז אַנ איידעס — אָפּגעפירט צומ נאַטשאַלניק פונ דער געהעריקער אָפּטיילונג. קוקנדיק אַפּ איר, האָט ער געשמייכלט. נאָר דער טויט, זאָגט לי, פאַרמאָגט אינ אונדזער פאַר־שטעלונג אזא פּאָדלענ אונ שרעקלעכנ שמייכל. זײַנ פאַרהערונג איז געווענ קורצ אונ ניט צווייטײַטיק: „זי זאָל דערציילנ, מיט וואָס פאַרא אויפגאַבנ זי איז געשיקט אינ ספּעציעל איבערגעלאָזט גראָד אַפּ אָט דעמ אָרט. קיינ שומ דערקלערונגענ זײַנענ ניט דערלאָזט. דאָס פּאָנעמ רעדט מער, ווי די פּרימיטיווע ליגנס, מיט וועלכע זי מיינט זיכ אויסצודרייענ, אונ ווי די פאַלשע דאָקומענטנ, מיט וועלכע זי האָט זיכ באַוואָרנט. ניט אינגאַנצנ קלאָר איז בלויז, צוליב וואָס זי פאַרשטעלט זיכ פאַר א יידישקע. כאָטש אינ אירע שטריכנ איז האָ עטוואָס פונ אָריענט, דאָכ ניט פונ סעמיטישנ טיפּ. וואָס געהער ראַסע אינ טיפּ, ווענ אימ שוינ קיינער ניט פאַרפירנ, אזוי צי אנדעריש, זאָל זי וויסנ: א דײַטשישער אָפיצער פאַרמאָגט גוסט פאַר א שיינער פרוי, אונ די אויפמערקזאַמקײַט, וואָס איר קומט, ווי א פרוי, וועט איר גע־שענקט ווערנ. נאָר פריער פאַר אַלצ מוז זי געבנ די ידיעס, וואָס מע פאַרלאַנגט פונ איר, אונ מע וועט זיי בא איר ארויסקריגנ סײַווײַסײַ, מיט די צי מיט אנדערע מיטלענ...“ וואָס האָט זי דערויפ געקאָנט ענטפערנ? זי האָט געשוויגנ. דאָ איז ער אויפגעשטאַנענ, פונעט אופגעמאַכט פּאַפּיראָסנ־קאָר, וואָס איז געלעגנ אַפּנ טיש, גענומענ א פּאַפּיראָס, פאַררייכערט אינ דאָס פײַער דערנאָכ צוגעטראָגנ דער געפאַנגענער האַרט צומ אויג. „ס'ארא וויעס,— האָט ער געזאָגט,— איבערגעוויינלעכ!“ אונ מיט איינ באַוועגונג אָפּגעטשאַליעט איר די הערלעכ ביז צומ לײַב.

— וועלנ מיר ענדלעכ עפּענענ דאָס רייז־מײַלכענ, ווי? — האָט ער א פרעג געטאָנ.

דאָס איז געווענ דער אָנהייב. דער גאַנג איז דעמ מאַליענ געפעלנ געוואָרנ. ניט אויפהערנדיק קוקנ דעמ קאָרבנ אינ פּאָנעמ אַרײַנ אונ שמייכלענ מיט זײַנ פּאָדלענ שמייכל, האָט ער פונ ערגעצ באַקומענ א שטיקל דראָט, דעמ עק, וואָס צו דער האַנט, ארומגעוויקלט מיט פּאַפּיר, דעמ צווייטנ אָנגעגליט איבערנ לאָמפּ אונ גע־נומענ אַרבעטנ דערמיט, פונ מאָל צו מאָל, איבערפּיפּנדיק: „ס'ארא שטערנ, ס'ארא קינ! וווּנדערבאַר! קאָלאָסאַל!“ אז דאָס דרעטל איז אָפּגעקילט געוואָרנ, האָט ער עס ווידער אָנגעוואַרעמט. אז די געפּײַניקטע איז פונ די פיס געפאַלנ, האָבנ באַ־העלפער זי אונטערגעכאַפּט אונ געהאַלטנ, ווי ס'איז נייטיק געווענ פאַר דעמ מאַ־ליענס באַקוועמלעכקײַט.

„איכ האָב שטענדיק פאַרמאָגט אזוי ווייניק מוט, דערציילט זי, אונ דאָ — פונ־וואַנענ האָבנ זיכ גענומענ צו מיר קוילעס? מע האָט מיכ געבראָכנ. פּונעט אָנ־געצונדענעמ פּאָנעט האָט געזעצט א פײַער אזוי הויכ, אז איכ האָב עס געזענ. א רויטער אָפּשײַנ איז מיר געשטאַנענ פאַר די אויגנ. דער מאַרכ האָט געברענט. ס'האָט געשמאַרעט מיט געסאַרפּעט פלייש, אינ איכ בינ געשטאַנענ, ווי א שטיינ, געשוויגנ אונ זיכ געזאָגט: „גוט, גוט אזוי. נאָכ, נאָכ! פאַרטיק מיט איינ זײַט פּאָנעמ, פאַרגעסט ניט אינ דער צווייטער. רײַסט מיט אײַזערנע קאַמענ מײַנ לײַב, לאָזט ניט איבער קיינ איינ גאַנצ אָרט. זאָל שיידערנ פונ מײַנ אויסזענ! אויב מײַנ שיינקײַט איז געווענ אזוי אומבאַהאָלפנ, וועט עפּעשער די העסלעכקײַט מיר בײַשטיינ, עפּעשער וועט זי היטנ זײַנ מײַנ שוצ...“

„אונ דאָ, — דערציילט זי ווײַטער, — איז געשענ אזוינס, וואָס איכ האָב ניט געקענט פאַרשטאַנענ. דאָס שטיקל מיט אַלצ אינ אַלעמענ, וואָס אינ דעמ, איז אונ־טערגעשפּרונגענ אינ צעפלויגנ געוואָרנ. א דינערנדיקע כמאַרע פונ בראָכוואַרג אונ שטויב האָט מיכ אָנגעדעקט. אינ דער פינצטער, שוינ אַפּ דער גרענעצ פונ אומ־באַוווּסטזײַנ האָט א געדאַנק, ווי א פּראָזשעקטאָר־שטראַל, אַפּ א רגע מיכ דורכ־געלויכטנ: „ס'איז די אויסלייזונג, די שטראָפּ... אַלציינס, צי איכ וועל נאָכ אומ־

שטייג פונ דעמ אָרט, צי נײנ"... ווי איר זעט, — זאָגט זי, — בינ איכ געבליבנ לעבנ. אונדזערע זײנענ געקומענ אונ האָבנ מיכ אָפּגעראַטעוועט".

לי איז אנשווינג געוואָרנ. א שפּעט־נאַכטיקע שטילקײט איז געשטאַנענ איבערנ יישעוו, נאָר דער ווינט האָט ווי פריִער געוואָיעט הינטער דער וואַנט, אונ פונ מאָל צו מאָל האָט זיכ דערטראָגנ א רויש פונ א דורכיאָגנדיקער מאַשינ. איכ האָב געקוקט אפּ לי. דאָס אָפּענע אויג האָט געשײנט, ריינ, ווי א שטערנ, אונ די פאַרקײלעכונג צו דער באַק נידעריקער איז געווענ, ווי א שורע פונ א טײערער ליד. מיר האָבנ זיכ געפונענ אפּנ פּראָנט, אונ איכ בינ ניט קיינ יונגעלע. נאָר אינ די שאָענ האָב איכ פאַרגעסנ, ווי איכ בינ, וויפל איכ בינ אלט, איכ האָב גערעדט, אונ אלע הארציקסטע ווערטער האָבנ מיר אויסגעוויזנ אָרעמ אונ קליינ. דאָס איז געווענ ליבע אונ ווי אינ א ווילנ צו טרייסטנ אונ באַלוינענ פאַר אלצ, וואָס זי האָט איבערגעטראָגנ, אָפּגעבנ איר כאָטש עפּעס פונ דעמ, וואָס איר קומט, פונ דעמ לויב אונ דאנק, וואָס זי רופט ארויס שוינ מיט דעמ אלײנ, וואָס זי איז דאָ אפּ דער ערד. איכ האָב געקושט אירע הענט. רײסנדיק אלע בונדנ, האָב איכ גערעדט וועגנ דעמ, אז מיר מוזנ געהערנ איינער דעמ אנדערנ, פונ הײנט אָנ אונ אפּ אייביק.

איכ געדענק ניט, וואָס איכ האָב דענסטמאָל נאָכ גערעדט. לי האָט געהערט שווײגנדיק, ניט אָפּגענומענ די הענט, נאָר ניט אָפּגערופנ זיכ מיט קיינ וואָרט. דערנאָכ האָט זי זיכ אופגעהויבנ אונ שטיל געזאָגט:

— קערט זיכ אָפּ אפּ א מינוטקעלע.

איכ האָב עס געטאָנ. זוענ איכ האָב זי ווידער דערזענ, בינ איכ פאַרציטערט געוואָרנ. פאַר מיר איז געשטאַנענ אנ אומבאקאנט שרעקלעכ באַ[illegible]ט, פונ אויבנ ביז אראָפּ דעפאָרמירט אונ צעקאַטעוועט. די ליפּנ — געדראָלג, אויסגעדרייט, בלוי. אָנשטאָט דעמ לינקנ אויג — בלינד פלייש, א וווּנד. אלצ אינײנעמ — אנ אומענטשלעכע גרימאַסע, וואָס מאַכט גליווערנ דאָס בלוט אינ די אָדערנ. אונ לעבנ דעמ, אומזיכער צוגעטוליעט — א צארטער איבערבלײב פונ דעמ, וואָס איז געווענ, א בליק, אנ אָנהייב שמייכל, אנ אָפּבילד פונ יענער, דער אמאָליקער... מיר האָט זיכ געוואָלט שרײענ. מיר האָט זיכ געוואָלט רעווענ פאַר ווייטעק אונ צאָרנ, נאָר גלײכצײטיק בינ איכ געווענ, ווי געליימט, ניט געפונענ קיינ ווערטער, קיינ באַוועגונג.

— מע דאַרפ ניט. — האָב איכ אומגעריכט פאַר זיכ אלײנ אויסגערעדט — איכ קאָנ ניט מער. גענוג.

— אָט זעט איר — האָט זי טרויעריק געזאָגט. — מיכ קאָנ מענ שוינ ניט ליב האָבנ.

— האָס... — האָב איכ געזאָגט. — מאָפּטשענ זיי, שטיקער פונ זיי שנײדנ. —

— יאָ, — האָט זי געענטפערט. — האָס. דאָס איז פונ הײנט אָנ מײנ ברויט אונ מײנ זאַלצ, מײנ מאנ אונ מײנ קינד...

דאָס איז אײנגעלעכ גאָר. מיר האָבנ זיכ געזעגנט. באַנאַכט בינ איכ אוועקגעפאָרנ. מיר האָבנ זיכ מער ניט געזענ.

— אנדערע צוויי אומשולדיקע באַגעגענישנ, — האָט אנדריי געזאָגט נאָכ א שווײגנ. — ס'איז, פאַרשטייט זיכ, שווער זיי אָנרופנ ליבע. נאָר עפּשער איז עס מער אונ שטאַרקער פונ ליבע. מיר דוכט, איכ קאָנ פאַרגעסנ מײנ מוטער, מײנ זונ, אונ לי וועל איכ ניט פאַרגעסנ. ס'איז גענוג, עפּעס זאָל דערמאָנענ אינ איר, איכ זאָל צופעליק וועגנ איר א קלער טאָנ, אז דאָס הארצ, דאָס גאַנצע בלוט אינ מיר זאָל אופזידנ אונ זיכ ניט לאָזנ שטילנ, אונ קיינ געדאַנק וועגנ הײמ, וועגנ רו זאָל ניט האָבנ קיינ מאַכט איבער מיר. איכ קאָנ זאָגנ מיט אירע ווערטער: האָס — דאָס איז פונ הײנט אָנ מײנ ברויט אונ מײנ זאלצ, מײנ ווײב אונ מײנ קינד.

—★☆★—

# ד. האָפּשטיין

## I. אריַינפיר אין דער פּאָעמע 1941

שיקט זיך, אז געזעלשאפטן, פעלקער, מיט אײנ
וואָרט, אלדאָס געמײנשאפטלעכע זאָל קײן זיקאָרן ניט
האָבן!

האָנאָרע באלזאק — „יעווגעניע גראנדע".

איך געזעגנ זיך שטיל
אפ דער שוועל
מיט דיר, יאָר,
וואָס דו ביסט שוינ געווען.
ס'איז מיר לײַכטער דײַנ רוקנ
צו זען,
אינ דײַנ בליק איז מיר קוקנ
צו שווער,
דײַנ געזיכט איז פארייכערט אונ סרײפעדיק העל,
דײַנ אוועקגײנ זאָגט צו מיר פיל מער.
גיי אוועק אונ ניט ווער!
כ'האָב דײַנ פאָרגײער ציטריק באגלײט,
כ'האָב ווי, שטענדיק, א מאָנעלע טרייסט זיך געזוכט
אינ פילוואָגיקע פעק פונ יעסורים אונ לײד.
אונ אינ וואָלקנס פונ שרעק
כ'האָב א מענטשלעכ געזיכט זיך געזוכט,
וואָס נאָר שמײכלט אונ שמוכט...
אונ געקומענ ביסטו,
אונ כ'האָב זוכנ פארלאָזט,
אונ פארלאָזט כ'האָב מײַנ הויז
אונ מײַנ טיש
אונ מײַנ בוך,
אונ געלאָזט זיך אינ וואָגל
אָנ לאסט, ווי מע שטײט, ווי מע גײט,
אונ כ'האָב ווידער דערזען
אפ דעם הימלשנ טוך
מײַנ שוינ פיל מאָל באוויינטער, באזונגענער לאָגל דאָרט שטײט
אונ פארפולט איז מיט טרערנ,
וואָס ווערנ זיך גאָר ניט,
אונ זיי געבנ אנ אָרט
פאר די טרערנ פונ פעלקער, וואָס מישנ זיך דאָרט.

כ׳האָב מײַן לאָגל מײַן אלטן מיט מילדקײַט געשענקט
אלע פעלקער, וואָס זינקען אין שרעק און אין פּײַן...
מײַן געשאנק, אלע פעלקער, אין יאָרן אין ווײַטערע ברענגט:
ברענגט אה׳ין. נים פארגעסט, פארגעדענקט —
און מײַן טרייסט וועט דאָס זײַן.
און מײַן טרייסט זאָל דאָס זײַן.

---

## II. ארייַנפיר אין דער פּאָעמע 1944

און אז איך וויל,
פארשטאָפּ איך מײַנע אויערן
און שטארק מײַן הארץ,
און ס׳ווערט ארום מיר פּאָרכטיק שטיל:
ניטאָ קיין טרויערן,
ניטאָ קיין ווי-געשרייען,
ניטאָ קיין פּײַן. קיין נויט.
און א פארשעמטער,
שטייט דער בלאסער טויט
און כאזערט טויב:
„תפסת מרובה לא תפסת״ [1] —
גיי, כאפ דעם שטויב...
— סטײַטש...
אזויפיל, דאכט זיך, אויסגעשאָכטן ייִדן,
די דײַטשן האָבן מיר דאָך טרײַ געדינט,
און דאָך —
דער סאר פון די ייִדן,
ער קוקט א ביסעלע פארזאָרגט, —
און ער איז דאָך צופרידן:
דער סאר טוט איינס —
ער לײַט און באָרגט
עמונע און ביטאָכן
אף לינקס, אף רעכטס
אי קליינע פעלקערלעך, אי גרויסע,
ער גלייבט אלץ אין זײַן אייביקן ניצאָכן,
ער טײַנעט פאר דער גאנצער וועלט,
פאר דעם גרויסן דרויסן:
— גרויסע וועלט,
עס איז איצט קלאָר דיר,
גרויסע וועלט:

---

1 טאָפאסטאָ מערובאָ לוי טאָפאפטאָ — האָסטו א סאך אופגעכאפט, האָסטו גאָרניט אופגעכאפט. (רעד.)

כ'וויל איצטער זײ ניט ציילן, די פארלוסטן,
די אוויידעס,
די בײַלנ אונ די וווּנדן,
מײַנ גאנצער גורל איז געשטעלט אינ קאָנ...
מײַנ בליק איז צו איינ פונקט געבונדן,
אונ איכ האָב שוינ אליינ געזען:
אָט דאָרט, אינ קאָנ פונ אלע קאָנען,
ווו אלצ דאָרט אינ די הייכנ
ווערט פארקריצט, פארצייכנט,
דאָרט, קעגנ מײַנ שוינ פיל דערמאָנטנ נאָמען,
שטייט:
— ז כ ה!
דאָס איז טײַטש: ער האָט געוווּנען!
אונ קעגנ נעמענ
פונ אלע מײַנע סאָנים
בעפיירעש שטײט:
— לא זכה! [1]
...אָ, גרויסע וועלט!
איכ
האָב געוווּנען!
מײַנ גאנצער גורל איז אינ קאָנ געווען געשטעלט!
איכ ווײס:
מיליאָנען פײַנען
נאָכ לויערנ אפ קינדער מײַנע
אינ אלע עקנ, בא אלע טויערנ פונ וועלט...
אָ, גרויסע וועלט,
איכ האָב געוווּנען!..
מײַנ זײַנ באשטעטיקט איז —
אונ צווישנ שענסטע זײַנען
וועט ער אייביק זײַנ.

אזוי דערהער איכ זי אמאָל
אינ שטילקײַט פאָרכטיקער,
די שטים
פונ דעם פארשעמטנ בלאסנ טויט,
ער כאַפּט איבער טויב
די אלטינקע ציטאטע:
„תפסת מרובה לא תפסת".
— נו, גײ אונ כאפ דעם שטויב.

1 ז כ ה — זאָכאָ, ל א ז כ ה — לוי זאָכאָ. (ר ע ד.)

אזעלכע רעגעס זײַנען
מײַן טרייסט מײַן אײנציקע לעסאטע,
און אין אזעלכע רעגעס
בין איך נאָך אימשטאנד זיך נעמען צו דער פען
און מיטן אלטן נוסעך שרײַבן נאָך איך קען.
עס וואכט מײַן ציכטיקער זיקאָרן,
וואָס קאָן אזויפיל אויך פארגעסן, —
איך צי דעם שנור פון יענע יאָרן,
פון יענע ליכטיקע מעסלעסן,
ווען כ׳האָב א גאנצן דאָר
געצוווּנגענע פארגעדענקענע קלאָר
פון מײַנע שורעלעך א גאנצע פּאָר.
ס׳איז ניט קיין פראגע,
ניט קיין פראגע, ניט קיין קלאָג!
ס׳איז גלאט אזוי א זאָג,
וואָס מע געדענקט אים נאָך בא הײַנט צו טאָג:
„אין ווינטער-פארנאכטן אף רוסישע פעלדער
ווו קאָן מען זײַן עלנטער, ווו קאָן מען זײַן עלנטער?"

---

די ייִנגסטע שרײַבער אונדזערע פיל מאָל
האָבן מיר די שורעס צוגעשיקט פון שלאכט-פעלדער פארווייטע,
איך האָב געהערט
פון טויזנטער דאָס קאָל,
ווען צוגן האָבן זיך געטראָגן,
געיאָגט פון פײַנט
אף שטעטעלעך פארשנייטע.
ווער זאָגט עס,
אז מײַן פאָלק
האָט שוין פארלאָרן
זײַן מעכטיקן זיקאָרן?
אויך איך, אויך דו
געדענקען נאָך דאָס ביסל רו
פון יענע ווײַכטיקע מעסלעסן.
מײַן פאָלק נאָך דענקט,
מײַן פאָלק געדענקט!
ס׳איז אלץ פארהיט
געטרײַ און גלייביק
אין זײַן געמיט
אף אייביק!

—★★★—

## יעכיעל שרײַבמאנ

# כאווער בראָווער

די אלטע בראָווערקע שלאָגט גוט אויס פּוטער; א באָרשטש פארקאָכט זי מיט „קאטיק“ [1] — האָט ער אלע טאמים; אונ די קיביטקע אירע, כאָטש פונ לײמ, כאָטש מיט א שמאָל קלײנ פענצטערל אינ דער קרימ, איז פונדעסטוועגנ טאָמיד פול מיט זונ, אונ די לײמ אפ די ווענט גאָלדיקט זיכ מיט א ליכטיקנ פאָמעראנצנ-קאָליר.

דער ערשטער כמארנער טאָג אינ קישלאק. א רעגנדל שפּריצט קעגנ דער זונ מיט זיבעצנ פארבנ.

אינ דער הײמ איז שוינ עט-עט, נאָכ די סוקעס-טעג, גאָבנ אָקטיאבער-יאָמטעוו: גרינגע שנײעלעכ פאלנ אונ צעגײענ, א גאנצנ טאָג אזוי, פאלנ אונ צעגײענ. איבער נאכט קנײטשט דער פראָסט אויס געמעלנ אינ די בלאָטעס. די קינדער קערנ זיכ שוינ גליטשנ אינ דער הײמ.

אונ דאָ וועלנ נאָכ זײַנ א סאכ ווארעמע טעג. אינ אוזבעקיסטאנ איז דעמ זומערס לאנגער עק פרילינגדיק, ערעוופּײסעכדיק. די זונ איז דאָ א גרויסע אונ א נידעריקע.

שטיקער כמארעס רוקנ זיכ אלעמאָל אָנ אפ דער זונ אינ פארטונקלענ זי. עס שווינדלט אינ די אויגנ.

די אלטע בראָווערקע איז ארײַנ אינ א פּאָר גרויסע מאנצבלשע שטיוול. אונטער דער שפּיציקער גאָמבע קרײַצנ זיכ אראָפּ צוויי קורצע פּאטשײלע-עקנ. זי איז שטארק פאראשט. ס'קלײד אירס האָט זי אפּאָנעט פארגארטלט אונטערנ קאָפּטל אינ גרויס אײַלעניש: הינטנ טעלעבענדעט זיכ נאָכ א לאנגער שלײפּ, אונ פאָרנט — איז דאָס קלײד פארקירצט, ווי בא א מעוּבערעסדיקער. מיט א שטריק אינ דער האנט, געהויקערט, פארקאָרטשעט, שטעלט זי ברײטע גיכע שפּאנ. די באבעצי איז ארויס פונ א קינדער-מײַסעלע אונ גײט צונויפקלײַבנ „אוטינ“ [2] אפ אוזבעקישע סטעפּעס. באלד וועט זי צוריק שפּאנענ מיט א בינטל שטעכלקעס אפ די פלײצעס. די קיביטקע וועט זי טרעפנ אויפגעריגלט, צעפּראלט. ס'בערעלע איז דאָ צוגאסט געווענ? וואָס דערצײלט אינגערל-פינגערל אינ פּלעטל? וויאזוי האָט אָט דער גראָבער בער אירע קלוגע אײניקלעכ פארנארט?..

דער בראָווערקעס אלע דרײַ אײניקלעכ זײַנענ אָבער עט פריִער, גאנצפרי נאָכ אוועק אינ קינדערגאָרטנ.

א קישלאק איז פארט א קישלאק: די פארוואלטערנ פונ קינדערגאָרטנ, די „לײטענאנטקע“, אָנגעטאָנ אינ א וואטניק, אײַנגעוויקלט אינ א שאלעכל, מיט צוויי שפּיציקע קאלאָשנ אפ די פיס, טראָגט א זאק פּראָדוקטנ אפ די פּלײצעס, אונ אלע קינדער, דער גאנצער קינדערגאָרטנ, שפּאנט נאָכ פונ הינטנ, ווער מיט א טאָפּ אינ די הענט, ווער מיט אנ אוזבעקישנ קילימ איבערנ רוקנ, ווער מיט א זיפּל, ווער אָנגעטאָנ א שיסל אפנ קאָפּ — דער קינדערגאָרטנ פירט זיכ, הײסט

---

1 אזא אוזבעקיש זויערמילכ.

2 הײצונג.

עס, איבער אינ א ווינטערדיקער ווארעמער קיבּיטקע. די קינדער שרײַענ, קווימשענ. דער בראָנערקעס עלטסטע אייניקל, איזי, מיט א רויטער פּארוקטער טיובּעטייקע, ווארפט אינמיטנ גיינ שטיינער פונעם בארג אינ טאָל אַרײַנ אַז יונגע שפּרינגענדיקע ציגלעכ. אז ער טרעפט נית, קווימשעט ער אויס אָפּ א דינג, קלינגענדיקע קעלעכל גראָבע אוזבעקישע זידל-ווערטער. די „לייטענאנטקע" שטעלט אראָפּ דעם זאק פונ די פּלייצעס.

— פע, איזיק! — שרײַט זי — הער אויפ!.. כ'וועל דערציילנ דעם טאטנ, איזיק!.. איזי לאכט — ער צילט א שטיינ גלײַכ א ציגל אינ די הערנערלעכ אַרײַנ.

— ווו וועט איר דערציילנ? ווענ וועט איר דערציילנ?..

— כ'על דערציילנ... וואָסי, מע קענ נית? נאָכ דער מילכאָמע וועל איכ דערציילנ.

— וואָס וועט איר דערציילנ?

— אָט דאָס-אָ... אָ-די אוזבעקישע מיִעסע רייד!..

— כא-כא... ער וועט דענ וויסנ וואָס, דער פּאַפּע? ער'ט דענ פארשטיינ אוזבעקיש? דערפאר פארשטייט שוינ דער זיידע איזיס אוזבעקיש. טאקע נאָרוואָס האָט ער אויסגעטײַנעט זיכ מיט אנ אוזבעק: דער אוזבעק האָט אים, ווי דער שטייגער איז, פארבעטנ צו גאסט, האָט ער צוריק דעם אוזבעק פארבעטנ: „סעניקע-מעניקע, מעניקע-סעניקע!.." [1]. איצט שנײַדט ער דורכ דעם וועג, דער אלטער, אונ לאָזט זיכ אראָפּ מיטנ בערגל צום וואסער-גרוב: די פּאָטשט-טרעגערינ, מיט א חערמע בריוו אונ צײַטונגענ, האָט דאָרט דורכגעשווינדלט צווישנ די ביימער. איזיס טאטע, יאנקל, איז דעם צווייטנ טאָג מילכאָמע אוועק אפנ פראָנט. זיי אלע האָבנ זיכ דערנאָכ אינגיכנ עוואקוירט. ווייסט יאנקל נית, ווו זיי זײַנענ, אונ זיי ווייסנ נית, ווו יאנקל איז.

— פּאָטשטאליאָנקע... — גיט איצט בראָווער א פרעג ווי טאָמיד, ווי אלע מאָל, ווענ די פּאָטשט קומט אָנ, — האקלאל, ווענ ברענגסטו מיר שוינ דעם בריוו, מײַנ יאנקלס, פּאָטשטאליאָנקע?..

— וויאזוי זעט ער אויס, באָווער בראָווער?

בראָווער — א הויכער שמאָלער ייִד מיט א ביינערדיק געגאָלט פּאָנעם אונ צוויי גרויע צעשויבערטע וואָנצעס. ס'רעקל טראָגט ער אפ די אקסל. אפנ שפּיצ קאָפּ — א בלאָ היטל מיט א קנעפּל. הויזנ שמאָלע, העלע. שיכ — לײַוונטענע, מיט שפּיציקע לעדערנע נעז. שוינ גאָר-גאָר לאנג איז בראָווער א פּאָר יאָר געווענ אינ אמעריקע אונ דאָרט געארבעט אינ א „שאפּ". דערפאר האָט ער שפּעטלעכ כאסענע געהאט. אינ אוקראינע, באם בית, ליגט א שטעטל, איי, א שטעטל, וואָזנעסענסק — בראָווערס שטעטל. כאווער בראָווער רופט מענ אים שוינ אנ ערעכ... הא, וויפל? ווענ האָבנ זיי אינ וואָזנעסענסק צעהאנגענ רויטע פענדלעכ אפנ טעלעפאָנ? פונעם פינפטנ יאָר ביזנ צוואנציקסטנ אונ נאָכ צוויי צענדליק, שוינ אנ ערעכ... פונ אנ עטלעכע אונ דרײַסיק יאָר, הייסט עס... נאָר מענטשנ גלייבנ אים נית. מענטשנ זאָגנ, אז אינ אמעריקע אינ שאפּ שטיצנ נאָר קרוּוּוים זײַנע; אז די שיכ מיט די געלע נלאנציקע נעז זײַנענ נאָכ פונ די פעקלעכ, וואָס אָ-די קרויווים פלעגנ צוריק מיט יאָרנ איבערשיקנ; אז טאָמיד האָט ער נאָר געמעקלערט, בראָווער, באם וואָזנעסענסקער וואָקזאל, בא די שיפנ, וואָס זײַנענ אראָפּגעשוואומענ מיטנ בוג אפ ניקאָלײַעוו, אונ ערשט נאָכ דער רעוואָליוציע איז ער פלוצעם, איבער נאכט, געוואָרנ א מאנדעטנער שוסטער אונ אליינ זיכ א נאָמענ געגעבנ כאווער בראָווער. מענטשנ האָבנ אָבער ליב צו טרײַבנ רעכילעס. איז — גיי זײַ א בעריע אונ זוכ אָפּ, ווו עס שטעקט דער עמעס...

די פּאָטשט-טרעגערנ איז פארוויקלט אינ א ווײַסנ שאל מיט פרענדז, קאָטע פרענדז. איבער די הענט — פרענדז, ארומ האלדז — פרענדז, ס'פּעקל בריוו — אינ פרענדז. פונ אונטער די פרענדז פלאָנטערט זיכ ארויס א גרויסער דרײַ-עקיקער בריוו צווישנ מיידלשע פינגער. זי לויפט דאָכ אימ אנטקעגנ, די פּאָטשט-טרעגערנ.

[1] „דיר—מיר, מיר — דיר".

— כאווער בראָווער.. האקלאל, נאמ איינ א בריוו פונ איער יאנקלענ, כאווער בראָווער!..

בראָווערנ ווערט הײם אונ קאלט ווי בײם א מאליאריע־אָנפאל. א ציטערניש באפאלט אימ: יאָ. יאנקלס קסאוו... ס׳רעקל גליטשט זיכ אימ אראָפּ פונ די אקסל אונ פאלט אינ א נעצ ארײנ. שוינ אזויפיל צײט אינ פײער אונ ער לעבט, יאנקל. אוואדע. אדרעס: פעלד־פּאָסט, נומער אזויפיל, יאשע בראָווער. אָנ ברילנ לייענט ער דעמ בריוו פונדערווײטנס, וויפל די האנט לאָזט זיכ אויסציִענ. ס׳היטל ליגט אפנ קאָפּ ניט אײנ. פונ דער קעלט ווערט א מעכײַעדיקע ווארעמקײט. פונ דער ציטערניש — א שמייכלענדיקע רויִקײט. וואָרענ, ער האָט ניט געוווסט, בראָווער. יאנקעלע וועט זײ ניט אָפּזוכנ?

— אונ עפּעס נײס, פּאָמשטאליאָנקע?..

— אונ עפּעס נײס, כאווער בראָווער!.. אָפּגעטריבנ פונ סטאלינגראד... פופצנ קילאָמעטער... אײנגעכטנ... קאלאטש־אפנ־דאָנ נײמ איר דורכגעפאָרנ, כאווער בראָווער?

— יאָ, דורכגעפאָרנ, נישט דורכגעפאָרנ... אָפּגעטריבנ פונ סטאלינגראד? אוווא!..

דערנאָכ שפּאנט ער אינ קאָנטאָר ארײנ, בראָווער. יאנקלס בריוו ליגט שוינ באהאלטנ צווישנ די פאפירנ ערגעצ טיפ אינ בוזעמ־קעשענע. די שנור זײנע, ריווקע, ארבעט אינ דער קאָלווירטישער קאָנטאָר פאר אנ אופראמערנ אונ באקומט א טאָג פאר א טאָג. זי האָט א שוואכ הארצ, ריווקע, אונ מע דארפ איר וועגנ בריוו דערציילנ מיט קאָפּ, פּאמעלעכ, מיט א באזונדער מינ צוגרייטונג. א קלײניקײט — אָנדערהאלבנ יאָר, אז זי הערט פונ אימ גאָרניט, פונ יאנקלענ. אזעלכע אָנדער־האלבנ יאָר. זי האָט זיכ שוינ נעבעכ מעיאעש געווענ, דער נאר. „שרעק זיכ ניט, ריווקעלע, קלאָמפערשט א שטיקל גרוס אָפּגענומענ. ס׳א סוואָרע, אז ער לעבט...“ גײנ! צו גיכ! עפּשער גאָר אָנהײבנ מיט א כאָלעמ? אינ א האָספּיטאָל... יאנקל איז פארוונדעט... מע מאכט אימ אנ אָפּעראציע אפּ א פוס... פּאמעלעכ. ניט מיט־אמאָל. „שרעק דיכ ניט, ריווקעלע!“

נאָר אינ קאָנטאָר ווייסט מענ שוינ בײדע נײסנ. ריווע איז שוינ לאנג אינ דער הײמ. איזיקל לויפט ארומ איבער: קישלאק אינ שרײט: „זיידע! זיידע!“ ס׳גאנצע „נעסל“ איז בא בראָווערנ אינ שטוב. וועג אינ מענ עס אלצ געווירע נעוואָרנ, וועג?.. שפּעטער זיצט בראָווער איבער א צעשפּיליעטער איבער א שיסל ווארנישקעס. ריווקע איז שוינ צוריקגעגאנגענ אינ קאָנטאָר. די מענטשנ האָבנ איבערגעלאָזט אינ שטוב א שוויסיקע דושנעקײט. אינ קאמער קוואָקענ הינער. אלע דרײ אײניקלעכ זײנענ ערגעצ אוועק צו א שאָכנ שפּילנ זיכ. מיט א שיסל לײמ אינ די הענט איז א האלבע בראָווערקע ארײנ אינ אויווג ארײנ. כאווער בראָווער שוויצט איבער די ווארנישקעס אונ טראכט, אז דאָס, וואָס ער האָט זיכ פירגענומענ איבערצו־לעבנ די מילכאָמע, איז גאָר ניט אזא מעסוקענע זאכ. ער פארלייקנט די יאָרנ ווי א קאלע־מויד, זאָגנ מענטשנ. האלעמײ אוזבעקנ, ווײסע זקײנימ, האָבנ פיצלעכ קינ־דער אב דער עלטער? אבי מע האָט אימ שוינ אָנגעהויבנ טרײבנ, דעמ דײטש. ווו ליגט עס ערגעצ קאלאטש־אפנ־דאָנ? נישקאָשע, מ׳האָט נאָר געדארפט א ביסל קומענ צו־זיכ, נעמענ זיכ אינ די הענט ארײנ. ער׳ט שוינ איצטער לױפנ. אוי, וועט ער לויפנ! ער זינגט זיכ צו, בראָווער, ווי בא דאָמ — צפארדייע אינ דער האנאָדע, צײלט ער אפּ די פינגער אונ מאכט געאָגראפיע מיט א ניגנ:

— דאָנ, דניעפּער, בוג, — וואָזנעסענסק!..

— אלטע בראָווערקע... — טוט ער דערנאָכ א שפּאנ צומ פריפּעטשיק, — ס׳עט פונ אימ קײנ זײכער ניט כלײבנ. הערסט, וואָס איכ זאָג דיר!..

— א ווייטעק איז מיר. וואָס רעדסטו?.. פונ וועמענ איז?..

— פונעמ דײטש, יידענע, פונעמ דײטש!..

— טפו צו דײנ נאדר!..

קריכט די בראָווערקע ארויס פונעמ אויווג, ווישט אָפּ די לײמ פונ די הענט,

נעמט ארויס אַ ווײַס פּאָרל גרעט פֿונעם קאסטן און דערמאָנט בראָווערן, אַז מע הייצט הײַנט דאָס קאָלווירטישע בעדל.

אין דרויסן איז שוין ווידער זומער. די כמארעס זײַנען אוועק אין די בערג; ס'רעגנדל האָט אויפֿגעהערט; די בלעטער אַף די ביימער האָבן זיך אויסגעטריקנט. און אין באָד איז הײַנט קיינער נישטאָ. איינן מאָרדכע בעסאראבער, אַ נאקעטער, מיט אַן אָנגעזייפֿטער שמאָל-געוואָרענער באָרד גיסט, איינס נאָכן אַנדערן, הייסע עמערס וואסער אין אָנגעגלימטן אויוון אַרײַן און קאָן זיך אַלץ ניט דערוואַרעמען. די צוויי קליינע פֿענצטערלעך אין ציממער שוויצן. די פּאַרע זעצט פֿונעם אויוון און דעקט אַלצדינג צו מיט אַ געדיכטער גראָקײַט. ווו זײַנען די גליטשיקע בענק, ווו שפּײַט די פּאַס, ווו איז מאָרדכע בעסאראבער? בראָווער — נאקעט, זעט אויס ווי צוויי איבערגעקרייצטע שטעקנס, אָנגעטאָן אין אַ הימל, פֿייגל אָפּצושרעקן. ס'לײַב זײַנס איז איבערגעטריבן ווײַס, בלאָלעך — אַלע ביינער זעט מען אָן, גלײַך זיי וואָלטן געווען אָנגעשאָטן אין אַ גלעזערנער זאַק, ניט אין בראָווערן. מאָרדכע גיט בראָווערן אָפּ מאָזלטאָוו און קריכט אַרויף אַף דער אויבערשטער באַנק. וואסער גיסט זיך אַפֿן שמיינערנעם פּאָל מיט אַ קלונג. דערנאָך זייפֿט איינער דעם אַנדערנס פּלייצע. אין דער פֿאַרנער טונקלקײַט פּלאָנטערן זיך צוויי שאָטנס איינער אַרום אַנדערן און זעען זיך ביידע ניט אָן. איין שאָטן אַ הויכער, מיט צוויי לאַנגע שטעקלדיקע פֿיס. פֿון צווייטנס שפּיציקער באָרד רינען גאַנצע שיסלען וואסער אַרויס. איינער רעדט אַרײַן דעם אַנדערן אין אויער אַרײַן, נאָר די קוילעס זייערע זײַנען הויכע, שרײַענדיקע, גלײַך ווי איינער וואָלט געשטאַנען דאָ, און דער צווייטער — ערגעץ ווײַטער מיט וויאָרסטן. אין דער אויסגעלייַדיקטער פּאָס ענטפֿערט אַ טויב-לעך ווידערקאָל:

— אַ מײַסע מיט אַ דײַטש, הײַ, כאַווער בראָווער?
— מיט אַ פֿאַסקודנעם דײַטש...
— מע וועט עס אויסהאַלטן?
— מ'עט אים איבערקומען!..
— זען?
— מירן עס דערלעבן!..
— ביידע?
— ביידע!..
— און מירן אַהיים פֿאָרן?..
— פֿונוואַנען זײַט איר?
— הײַ, וואָס פֿרעגט איר?
— פֿונוואַנען זײַט איר, זאָגט מיר? פֿון קישענעוו?
— פֿון קישענעוו!..
— דאָן, דניעפּער, בוג, דניעסטער — קישענעוו...
— אײַ, קישענעוו!..
— אײַ, וואָזנעסענסק!..

די פּאַרע צעזייט זיך — ביידע אַלטע לײַט קריכן אַרײַן אין ווײַסע פּאָרלעך גרעט, פֿאַרייבערן ציגאַרן און בלײַבן זיצן מיט שווערע אַראָפּגעלאָזטע הענט — רויטע, צעווייקטע, מידע. אַ שטילקײַט צעלייגט זיך אַרום זיי. אין שטילקײַט גייט אום אַ ווײַטע פֿאַרטראַכטע בענקשאַפֿט...

אוזבעקיסטאַן. 1943



## ה. שוועדיק[1]

# ווי געגאנגען זײַנען מיר...

1

### דער מאמעס טרער

ווי געגאנגען זײַנען מיר דורך סאמארקאנד
צו דעם צוג, וואָס וועט אין שלאכט אונדז פירן,
זײַנען מאמעס, מאמעס נאָכאנאנד
ארויסגעגאנגען פון טויערס און פון טירן.

מיט וויפל אויגן כ'האָב זיך ניט באגעגנט,
איז אלץ געווען מײַן מאמעס בליק,
און אלע האָבן זיי בא דער געזעגנונג
שטילערהיים געווונטשן גליק.

אזוי צארט האָבן גערעדט די אויגן,
און ס'איז קלאָר אזוי געווען דער זין,
אז עס וואָלטן קיין שום ווערטער טויגן
בא דעם שווײַג-געשפרעך פון מאמעס און פון זין.

א קליינע מאמעשי (אף מײַנער אזוי ענלעך)
האָט אפן טראָטואר ארויסגעבראכט
א גרויסן עמער וואסער מיט צוויי קענדלעך
פאר די זין אירע, וואָס גייען אף דער שלאכט.

ס'איז אין עמער שטיל איר טרער געפאלן,
און געזען האָב איך (ניט איך אליין):
ס'איז דאָס וואסער גלײַך געוואָרן מאָדנע שטראליק,
אזוי ווונדערלעך און זויבער-ריין.

וווּ איך וועל ניט זײַן (אין פײַער און אין רויכן)
אף מײַן פײַנפולער און שטרענגער ערד,
וועט מיר פאר די אויגן שטענדיק לויכטן
אָט די קלאָרע, ווונדערלעכע טרער.

1 געבוירן אין 1914, געפאלן אפן שלאכט־פעלד דעם 11/X 1942.

ס'וועט די טרער מיר לויכטן ווי א שטערן,
און פאָרויס נאָר צילן וועט די רער,
ביז עס וועט די גאנצע ערד ניט ווערן
ריין און ערלעך, ווי א מאמעס טרער.

2

## דער זאפעוואלע זינגט

זינג אין באטאליאָן א זאפעוואלע
איז, כאווירימלעך, ניט גרינג, ניט גרינג.
גייסט אמאָל פארטראכט, דערזעסט דיין היים, דיין קאלע,
און פלוצלינג הערסט אן אויסרוף: — זינג!

זינג אונדז, ברודער, זינג, די רויטארמייער ווארטן, —
טוסט א טרייסל מיטן קאָפּ און דו הייבסט אָן:
„מאָרגן פרי, מיט פעסטן טראָט מיט הארטן
וועלן מיר אוועקגיין אפן פראָנט".

און דערזעסט באקאנטע, ליבע שטיבער
אין דער שטילער ווייסרוסישער שטאָט
פון דיין ערשטער ליד, דיין ערשטער ליבע,
פון דיין ערשטן קינדערישן טראָט.

שוועסטער, מאמעס, ברידערלעך און טאטעס
פונעם בוידעם, פונעם קעלער, פונעם שטאל
לויפן גריסן רויטן פאָנען-פלאטער,
לויפן, לויפן ליכטיק און צעשטראלט.

נאָר זי איינע ז'ניט ארויס פון הינטער טויער,
קוקט אין שפארונע און דאָרשטיק הערט.
ס'זינגט דער זאפעוואלע... און פארטרויערט
און דערפרייט דאָס הארץ צוזאמען ווערט.

ער איז צו צו איר און אויסגעקושט די טרערן,
און געזאָגט איר צארט און שטילערהייט:
— רויט וועט שטענדיק שיינען אונדזער שטערן,
נאָר דיין אויג וועט מער ניט זיין פון טרערן רויט.

בלוי און בלוי (אזוי ווי מיינע אויגן),
בלוי און לויטער שיינען וועט דיין בליק.
ס'איז דער טרויער ווייט אוועקגעפלויגן,
און מיין קויל וועט ניט דערלאָזן אים צוריק.

מ'האָט באלידיקט דיך... נאָר, קאלעניו, מיין קאלע,
דו ביסט טייער מיר, ווי קיינמאָל, קיינמאָל ניט... —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט פארוואָס עס קלינגט באמ זאפּעוואלע
פרײלעכ-טרויעריק די שטאָלצע ליד:

— הערט זיכ צו, ווי די טרומײטנ שאלנ.
קוקט זיכ צו, ווי ס׳פלאטערט רויט די פאָנ.
ניינ, ס׳איז גאָרניט, עס איז גאָרניט ניט פארפאלנ,
אונ דאָס לעבנ, אונדזער לעבנ הייבט זיכ אָנ!

3

## באמ פענצטער

איר הערט, ווי די ייִדישע דיכטונג רופט,
ווי אונדזערע לידער בעטנ:
— ברידער דיכטער, גיכער אופ!
מע מוז די דיכטונג רעטנ! —

עכ, פארלאָרנ האָב איכ א סאכ,
צופיל האָב איכ פארלאָרנ.
נאָענט שוינ, נאָענט דער אפדערנאכט,
מונטערע צוגנ פאָרנ.

איכ שטיי בא דעמ פענצטער, —
די זונ לעשט זיכ אויס.
וויקלענ זיכ, וויקלענ זיכ פאָנענ.
אונ בלאס, אונ פארדײַגעט, אונ שטיל שווימט ארויס
אונ פאָדערט נעקאָמע, אונ יאָגט מיכ פאָרויס
מײַנ אלטיטשקער מאמעס פּאָנעמ.

4

## עס קרײענ הענער

וואָס איז טרויעריקער, וואָס איז שענער,
וואָס קאָנ דעמ הארצ זײַנ מערער נאָ׳נט,
ווי דער פלוצלינגדיקער קריי פונ הענער
אפנ סאמע מיטנ פראָנט.

צווישנ הארצרײַסנדנ פײַפ פונ מינעס,
צווישנ קנאלנדער הארמאטנ-שטימ
קלינגט דאָס קרייענ דאָ אינמיטנדרינענ
אזוי הארציק, אזוי אינטימ.

וואָס טויג מיר ס׳ליד פונ סאָלאָווייענ
אונ פלייטנ-פײַפ אונ פידל-שפּיל,
איבער דאָס הייזעריקע פראָסטע קרייענ
וועקט אינ מיר אזא געפיל,

אז נאָר פאָרויס דאָס הארצ עס בעט זיכ
אי דורכ פײַער, אי דורכ בלוט
צו דעמ ווײַסרוסיש-ייִדיש שטעטל,
וווּ געוועזנ איז מיר גוט...

וואָס איז טרויעריקער, וואָס איז שענער,
וואָס קאָנ דעמ הארצ זײַנ מערער נאָ׳נט,
ווי דער פלוצלינגדיקער קריי פונ הענער
אפנ סאמע מיטנ פראָנט,

5

## פרײַנטשאפט

טרעפט, מע זיצט אינ סאמע פײַער,
קומט ניט אָנעט אזוי גיכ
אונדזער ליבע, אונדזער טײַערע
פיר־רעדערדיקע קיכ.

איז בא אײנעמ ברויט א ברעקל,
שלינגט ער עס ניט אײַנ אלײנ, —
מענ עס אפ אײנ צאָנ בלויז קלעקנ,
נאָר צעטײלט אפ אלע צײנ.

ווי מיר פלעגנ אײנ ציגארל
רײכערנ באדריט, באפערט,
ווי פונ קלײנינקנ סוכאריק
פיר סוכאריקלעכ עס ווערט.

ווי ס'איז ווארעמ אונדז אינ פרײַנטשאפט
אפ דער קאלטער, נאסער ערד.
גײ געפינ אזא מינ פרײַנטשאפט,
גײ שאצ אָפּ איר ווערט.

ניט פאר איר איכ גײ זיכ שלאָגנ
מיט מײַנ ביקס און מיט מײַנ שווערד?
ניט פאר איר דאָס בלוט דאָס טײַערס
אינ דער שלאכט פארגאָסנ ווערט?

ניט פאר איר פּאָרויס מיר גײענ
קעגנ פינצטערע ארמײענ,
וועלכע קומענ סינע זײענ
אפ מײַנ שמײכלענדיקער ערד?

זי וועט דורכגײנ אלע פלאמענ,
ווי דעמ דיכטערס גרויסע ליד.
דיכטער שטארבנ, נאָר די דיכטונג
וועט ניט שטארבנ — קײנמאָל ניט.

ס'וועט די גרויסע פרײַנטשאפט
קומענ,
זעסט, זי מערט זיכ אלצ און מערט.
זי וועט קומענ, זי וועט קומענ,
און ס'איז אופגײנ איר באשערט
אינ מײַנ לאנד — מײַנ ליבער מוטער,
אפ מײַנ רײנער, אפ מײַנ גוטער,
וווּנדערלעכער ראטנ־ערד.

6

## אָשער שווארצמאנענ

דאָ, אפנ פראָנט, ווערט נאָכ נעענטער צומ הארצנ
מײַנ עלטערער ברודער — אָשער שווארצמאנ.

ווי איכ, פלעג ער ליגנ באנאכט אינ טראנשײ
אינ שטעכיקנ רעגנ, אינ ברײַיקנ שנײ,
מיט הארצ מיט פארטרוימטנ גײנ, גײנ
אהינ, וווּ ס'איז רײנ, רײנ.

צי זײַנ וועט מײַנ סאָפּ ווי זײַנער, צי ניט,
נאָר ס'ווילט זיכ מיר פריִער דערשרײַבנ די ליד,
די ליד, וואָס פונ גאנצנעמ ליבנדנ הארצנ,
אזא ווי בא דיר, מײַנ הארציקער שווארצמאנ.

הײַנט גײ איכ באפרײַענ דײַנ אוקראַיִנע
דורכ בלײַיקנ רעגנ פונ קוילנ, דורכ מינעס,
דײַנ אוקראַיִנע, מײַנ אוקראַיִנע...
יאָג מיכ, מײַנ ליבשאפט,
טראָג מיכ, מײַנ סינע!

סענטיאבער — אָקטיאבער 1942, מײַרעוו־פראָנט.

א. בעזימענסקי

# טאמארא סאוויצקאיא

(פארצייכענונג)

## 1

כ'איז איר גאָר קיינמאָל ניט אויסגעקומענ צו פארטראכטנ זיכ איבער דעמ, וואָס איר מאנ איז א ייִד. באדארפ מענ פרעגנ בא דער זונ: פונ וואָסער ראסע ביסטו? באדארפ מענ פרעגנ בא פרייד: ווער איז דײַנ מאמע? ער איז געווענ פאר איר: זונ אונ קוועלנדיקע פרייד.

אי פאר איר אי פאר אימ האָט מוטערלעכ אונ צארט געעפנט זײַנ שויס דאָס סאָוועטנ־לאנד. אלצ איז געווענ אזוי פארשטענדלעכ אונ אזוי פּאָשעט. זי הייסט סאוויצקאיא, ער — ליפשיצ. אונ לעבנ זיי, מיט זיי — לייביק, דאָס זוניקע קינד פונ זייער ליבע.

געלעבט האָבנ זיי — אפ אונדז אלע געזאָגט געוואָרנ. גליק איז געווענ ניט קיינ ארײַנגייער, נאָר א טוישעוו אינ זייער היימ.

ארומ האָבנ אויכ געלעבט גליקלעכע מענטשנ. אונ דער זיכערסטער פונדאמענט פונ דעמ אלגעמיינעמ טאָגטעגלעכנ גליק איז געווענ דאָס טיפע געפיל פונ אכטונג צו אלע מענטשנ פונעמ לאנד, צו אלע זײַנע פעלקער.

...אונ איצט האָט זיכ אלצ געענדערט. אינ שטאָט זײַנענ די דײַטשנ. זיי רײַסנ זיכ ארײַנ אינ די דירעס, ראבעווענ אינ קוילענ מענטשנ פונ אלע נאציאָנאליטעטנ. באזונדערס, ווײַזט אויס, איז אָבער גרויס די סאקאָנע פאר לייביקנ.

כעמיאָנ איז אינ שטאָט ניטאָ. ער איז אוועק מיטנ אויסראָטונגס־באטאליאָנ. ס'איז איר שווער אָנ אימ, ס'באפאלט א פּאכאד. זי איז אָבער ניט אליינ. מיט איר זײַנענ דאָ אינ שטאָט פארבליבנ די שוועסטערס, די מאמע. עס כאפנ זיכ ארײַנ שכיינימ אונ עפּעס פונ אלעמענ דער אלטער פרײַנט פיאָטר גריגאָריעוויטש סאווטשענקאָ, וואָס איז שוינ א צײַט מיט יאָרנ אינ איר פארליבט. ער הינקט, סאווטשענקאָ, האָט מענ אימ אינ דער ארמיי ניט גענומענ. בײַ דער עוואקואציע האָט ער פונ בעלגאָראָד ניט באוויזנ אוועקגיינ. איצט פרווט סאווטשענקאָ זי פארווײַלנ מיט עפּעס, בארויקנ, צעשטרייענ. עס געלינגט אימ אָבער ניט...

א שטארקער קלאפ אינ טיר האָט איבערגעריסנ די שווערע געדאנקענ. נאָכ ניט וויסנדיק, וואָס וועט געשענ, האָט זיכ טאמארע א וואָרפ געטאָנ צומ זונס בעטל, פארשטעלט אימ מיט איר קערפער. לויט דער שנעלקײַט, מיט וועלכער עס האָט זיכ אָנגעטאָנ די מוטער, האָט טאמארע פארשטאנענ, אז די מאמע האָט די גאנצע צײַט מיט קיינ אויג ניט צוגעמאכט.

עס איז ארײַנ א דײַטשישער פעלדפעבל אונ צוויי פּאָליציי־לײַט.

— הערט זיכ אײַנ, איר דאָרט! — האָט איינער געזאָגט מיט א הייזעריקער שטימ, — טוט אָנ דעמ ייִדישנ מאמזער. מיר וועלנ אימ מיטנעמענ מיט זיכ.

טאמארע האָט דעמ אָטעמ ניט געקאָנט כאפנ.

— איר פארשטייט ניט? — האָט מיט א כוועק־שמייכעלע געפרעגט דער פאַליציאַנט. — דו... איר... קאָנט בלייבנ אינ דער היימ. אונ דעמ דאָזיקנ יינגל, דעמ ייִדישנ זונ, גיט אונדז אָפ. מיר וועלנ שוינ זאָרגנ וועגנ אימ...

מאַמאַרע האָט בליצשנעל אָנגענומענ א באַשלוס.

— טו אָנ ליוסיקנ! — האָט זי שטיל א זאָג געטאָנ צו דער מוטער. ביז קלאָוו־ריע ניקיטישנע, א האַלב טויטע פונ שרעק, האָט זיכ געכאַפּט ארומ דעמ אייניקל, האָט מאַמאַרע אַריינגעוואָרפנ אינ רוקזאַק די נייטיקע זאַכנ אונ דאָס ביסל שפּייז, וואָס זי האָט שוינ פונ לאַנג געהאַט צוגעגרייט, דערנאָכ האָט זי זיכ אָנגעטאָנ אונ גענומענ דאָס קינד אַפ די הענט.

ליוסיק האָט ניט געוויינט.

— מיר פאָרנ צומ טאַטנ? — האָט ער, א שלעפעריקער, געפלאַפּלט, — צו די פאַרטיזאַנער? עמעכ?

— עמעס, קינד מיינס, עמעס! — האָט געענטפערט מאַמאַרע אונ האָט זיכ געלאָזט צומ טיר.

דער פאַליציאַנט האָט איר פאַרשטעלט דעמ וועג.

— דו... איר... האָט ניט אַלצ פאַרשטאַנענ. גיב אָפ דעמ מאַמזער אונ שוינ, דיר... אייכ... וועט נעמענ צו זיכ דער הער פאָלקאָווניק אַליינ.

א שטרענגע, מיט אַנ אופגעהויבענעמ קאָפּ, האָט זיכ די יונגע פרוי געלאָזט פאָרויס, ווי פאַר איר וואָלט זיינ א פוסטע אָרט. קיינ אייינ מוסקול אַפ איר פּנימ האָט ניט קיינ ציטער געטאָנ.

דער פאַליציאַנט איז אָפּגעטראָטנ אָנ א זייט.

2

איבער דער שטאָט איז טענ דורכ סאַכאַקל עטלעכע טריט. פינצטערע גליטשי־קע טרעפ האָבנ געבראַכט מאַמאַרענ אונ אירע באַגלייטער אינ א קאָלאָסאַלנ, טיפנ קעלער פונ עפּעס א סקלאַד. דער שווידערלעכער איפעש האָט אַזאַ שפאַר געטאָנ מאַמאַרענ אינ פּנימ, אַז זי איז שיר ניט אומגעפאַלנ. בא דער ציטערדיקער שייַנ פונ דעכ לאַמטערנ, וואָס א פאַליציאַנט האָט געהאַלטנ אינ האַנט, האָט זי דער־זענ, אַז אינ קעלער וואַלגערנ זיכ הונדערטער מענטשנ. גיינ האָט מענ געמוזט איבער עטלעכנ פיס. מענטשנ האָבנ געשריענ פונ ווייטעק, אָבער וואָס האָט מענ געקאָנט טאָנ?..

מאַמאַרע האָט זיכ אַוועקגעזעצט אַפנ רוקזאַק. זי האָט קיינ זאַכ ניט געזענ, נאָכ קיינ זאַכ ווי געהעריק ניט פאַרשטאַנענ. א שווערער דרימל האָט זי באַהערשט. פונ אַלע זייטנ האָבנ זי אונטערגעהאַלטנ קערפּערס פונ מענטשנ, וואָס זיינענ אַפ עפּעס געזעסנ. ווענ מאַמאַרע זאָל וועלנ פאַלנ, וואָלט זי אויכ ניט געקאָנט.

ס'איז געוואָרנ טאָג, אונ זי איז נאָכ אַלצ געזעסנ אינ דער זעלבער פּאָזע.

מאַמאַרע האָט זיכ אַוועקגעשטעלט, געוואָלט זיכ אויסגלייכנ אונ איז געבליבנ זיינ א געפּלעפטע. עס איז איר אויכ געווענ ביטער, ניט בעסער ווי אַלעמענ דאָ רומ, נאָר אַזאַ געזאַמל פונ אומגעהייערנ מענטשלעכנ מאַסנ־אומגליק האָט זי נאָכ קיינמאָל ניט געזענ.

אָט ליגט א זאָקנ מיט איבערגעבראָכענע פיס. אָט — א באָכערל מיט אַנ אויס־געהאַקטנ אויג. אָט א צעמיימעסט יינגל, דער קערפּער — פאַרלאָפנ מיט בלוט. אַנ זעמענ מע טוט נאָר א קוק — כאַלעשט דאָס האַרצ. בישכייַעס מיט מאַמאַרענ יצט, ווי א פאַרקערפּערונג פונ צאַר אונ איבערמענטשלעכנ וויי, א פרוי — אַנ זומבאַוועגלעכע, א שווידערלעכ גלייכגילטיקע צו אַלצ. שפּעטער האָט זיכ סאַ־ויצקאַיאַ דערוווּסט וועגנ דער פרוי אָט וואָס: לויט דער מיינונג פונעמ דייטשישנ עפרייטאָר האָט זיכ די פרוי צו לאַנג געפּאָרעט באַמ אָנטאָנ איר צוויי־יאָריקע טאָכטער. האָט דער דייטש געכאַפּט דאָס קינד פאַר די פיס אונ געשפּאָלטנ אימ ...עמ קאָפּ אָנ זוואַנט.

טאמארע האָט דאָ געהאט [illegible] באקאנטע. דאָס זײַנענ געווענ ערלעכע האָרעפאשניקעס אונ מישפאָכעס פונ האָרעפאשניקעס, טוער פונ שולנ, שפיטאָלנ, סאָוועטישע אנשטאלטנ, לאבאָראטאָריעס, אינסטיטוטנ, פאבריקנ אינ זאוואָדנ.

עס האָט זיכ געעפנט די טיר, אונ אינ קעלער האָט זיכ ווידער אראָפגעלאָזנ א האמוינ נײַע געפאנגענע — צעקײַלטע אונ צעבײַלטע. די לופט איז פול גע-וואָרנ מיט פרעכער זידלערײַ פונ די פאָליציאנטנ. די אויסוווּרפנ האָבנ געשלײַדערט די מענטשנ אפ דער ערד, ריכטיקער געזאָגט, אפ די, וואָס האָבנ זיכ שוינ געוואַל-גערט אפנ דיל. די קרעכצנ אונ געשרייענ פונ די געפּײַניקטע האָבנ געריסנ טאמא-רעס הארצ. ווענ די פאָליציאנטנ זײַנענ אוועק, האָט זיכ אָנגעהויבנ א שטופעניש ווײַל יעדערער האָט זיכ געדארפט געפינענ א שטיקל אָרט, אונ די ענגשאפט איז געווענ א שרעקלעכע.

— אזוי קאָנ ניט זײַנ! — האָט זיכ פליצעמ ארויסגעריסנ בא סאוויצקאיא.

— כאווײרימ! מע מוז אומבאדינגט עפעס טאָנ! — האָט איר אָפגעענטפערט ערגעצ פונ א ווינקל א רײנע פרויענ-שטימ.

דאָס מײדל האָט געהייסנ לײע אראָטאָווע. אינ א מינוט ארומ זײַנענ שוינ בײ-דע פרויענ געזעסנ אינײנעם. דער שמועס זײערער איז געווענ א קורצער. טאמא-רע אונ לײע האָט ארומגעכאפט יענער דראנג צו טעטיקײַט, יענע באגײַסטערונג, וואָס שטויסט די באשײדנסטע מענטשנ צו העלדנטאטנ.

— בירגער! — האָט א געשריי געטאָנ סאוויצקאיא, — מע מוז טייקעפ מאכנ אנ אָרט אפ צוצולײגנ זיכ פאר די שווער-פארוווּנדעטע, מע דארפ איבערבינדנ די וווּנדנ. ס'איז אונדז אלעמענ שווער. כוץ אונדז אלײנ, וועט אונדז אָבער קײנער ניט העלפנ.

— אלע דארפנ זיכ שטעלנ! — האָט געהייסנ לײע אראָנאָווע. — פאָלגט אונדז, אונ מיר וועלנ אלצ אפגיכ ברענגענ אינ אָרדענונג. די בירגערנ, וואָס האָט ערשט מיט אײַכ גערעדט, איז א רוסיישע. זי האָט באוויזנ א בײַשפּיל. לאָמיר איר נאָכטאָנ.

אלע האָבנ זיכ אוועקגעשטעלט אינ געמאכט בא דער וואנט אנ אָרט, ווו מע האָט אוועקגעלײגט די צעמײַמעטע. מע האָט צעריסנ א פאָר שטיקלעכ וועש אונ איבערגעבונדנ די וווּנדנ. געהילפנ האָבנ טאמארע אינ לײע נעהאט גענוג.

די פרויענ האָבנ ענערגיש אונ שנעל אָפגעגעבנ פאראָרדענונגענ. מענטשנ האָבנ זיכ אויסגעזעצט באקוועמער, עס איז געוואָרנ געראמער.

3

פיאָטר גריגאָריעוויטש טאווטשענקאָ איז שוינ אויסגעווענ אינ אלע דײַטשישע קאָמענדאטורנ. ווענ ער פלעגט זיכ שוינ ענדלעכ דערשלאָגנ, מע זאָל אימ אופ-נעמענ, פלעגט ער באקומענ אײנ ענטפער:

— זאָל זי איבערלאָזנ דעמ זונ, וועלנ מיר זי ארויסלאָזנ. עפּשער וואָלטנ מיר עס ניט געדארפט טאָנ, נאָר אונדז איז אויסגעצייכנט באקאנט דעמ הער פאָלקאָוו-ניקס פארלאנג.

הינקענדיק שטארקער ווי געווײנלעכ, איז טאווטשענקאָ געגאנגענ אינ א צווייט אָרט, אונ האָט ווײַטער געמוזט אויסהערנ דעמ זעלבנ ענטפער.

אײנמאָל האָט אימ „אָפּגעגליקט“. ער האָט געפונענ דעמ פאָליציאנט, וואָס האָט ארעסטירט טאמארענ. ער איז דרייסט צוגעגאנגענ צו אימ אונ געבעטנ ארײַנ-גײנ זיכ דורכשמועסנ וועגנ אנ אינינע. דערהערט, אז מע וועט אימ גיבנ באלוינונג פאר דער טירכע, איז דער פאָליציאנט אײַנגעגאנגענ.

— איכ האָב פארגראָבנ גאָלדענע כפייצימ, — האָט געזאָגט פיאָטר גריגאָריע-וויטש. — כ'וועל זיי אײַכ אוועקגעבנ... כאפט זיכ ניט צומ רעוואָלווער. איר קאָנט מיכ, אוודאי, דערהארגענענ, אָבער אָנ דעמ גאָלד מעגט איר דאנ פארגעסנ. אונ צומ טויט בינ איכ גרייט...

— זײער שווער, — האָט א בורטשע געטאָנ דער פאָליציאנט, אראָפנעמענדיק די האנט פונ רעוואָלווער. — נאָר פרווו וועל איכ...

מאמערע האָט ניט געגלייבט, אַז דאָס ווענדט מענ זיכ צו איר.

— סאַוויצקאַיאַ, — האָט איבערגעכאַזערט די שטימ בײַ דער טיר.

מאמערע האָט אַ ציטער געטאָנ אונ האָט ווידער ניט געענטפערט, זי האָט בלויז קאָנוווּלסיוו געדריקט אַראָנאָוועס האַנט.

דער פּאָליציאַנט האָט אויפגעהויבנ דעמ לאַמטערנ אונ האָט זיכ געלאָזט פּאָרויס, באַלײַכטנדיק די פּענעמער פונ די שטייענדיקע אונ זיצנדיקע מענטשנ. דערזענ סאַוויצקאַיאַ, האָט ער זיכ געלאָזט צו איר. מאמערע האָט פעסטער צוגעדריקט צומ האַרצנ איר שלאָפנדיקנ זונ אונ איז ווי פאַרגליווערט געוואָרנ.

— נעמט אײַערע זאַכנ אונ גייט, דער פּאָלקאָווניק האָט אײַכ געהייסנ באַפרײַענ, — האָט געזאָגט דער פּאָליציאַנט. — כ'וועל אײַכ אַרויספירנ.

— אַרויס! אויסוואָרפנ! מערדער!

ליוביק האָט זיכ פונ איר געשריי אויפגעכאַפּט אונ הייבט זיכ פאַנאַנדערגעוויינט. אימ האָט געענטפערט דער געוויינ פונ אַנדערע קינדער. עס איז געוואָרנ אַ טומל. דער פּאָליציאַנט האָט זיכ אויסגעדרייט אונ איז אַרויס.

...לאַנג האָט סאַוויצקאַיאַ ניט געקאָנט באַרויִקנ איר זונ. אינ קאָפּ האָבנ זיכ געדרייט ביטערע מאַכשאָוועס וועגנ איר גוירל. לייע אַראָנאָוועס פעסטע, צערטלעכע האַנט האָט געגלעט אירע אַקסלענ. פונ דער דאָזיקער שטומער באַגריסונג איז געוואָרנ לײַכטער אויפנ האַרצנ.

אונ מאמערע האָט אָנגעהויבנ אויסדערציילנ דער באַווערמטע אירע געדאַנקענ.

זי, מאמערע, איז אַנ אײַנפאַכער מענטש אונ פאַר טויט האָט זי שטאַרק מוירע. ווי קאָנ זי אָבער איצט אַוועקגיינ? ווענ מע איז יענע נאַכט געקומענ נאָכנ זונ, איז זי אָנ וואַקלונגענ אַוועק אויפ טויט אונ אומקומ, ווײַל זי האָט ניט געקאָנט אָפּגעבנ די אויסוואָרפנ איר קינד, דאָס קינד פונ איר גרויסער ליבע, דאָס דאָזיקע געפיל איז נאָכ איצט אויכ זייער שטאַרק אינ איר. איצט אָבער איז צוגעקומענ נאָכ עפּעס. ווענ זי האָט דערזענ, ווי גערנ די מענטשנ דאָ אינ קעלער האָבנ זי געהאָלפנ, ווי פונ אירע פעסטע אונ דערמוטיקנדיקע טרייסט־ווערטער איז די כאַוויירימ לײַכטער געוואָרנ איבערצוטראָגנ די אומגעהייערע ליידנ, — האָט זי דערפילט אַזאַ פריידיקע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר אַלעמענ. זי האָט זיכ דערמאָנט אייניעמ אַנ אָוונט, ווענ זי האָט צוזאַמענ מיטנ מאַנ געלייענט לענינס אַרטיקל: „וועגנ דעמ נאַציאָנאַלנ שטאָלצ פונ די גרויסרוסנ“... אָ, איצט פאַרשטייט זי אַלצ נאָר אַנדערש, בעסער. זי, מאמערע, איז אַ רוסישע אונ דאָס רוסישע פאָלק איז דער פאַרטיידיקער פונ אַלע אונטערדריקטע, דער עלטערער ברודער פונ די אַרבעטנדיקע פונ אַלע נאַציאָנאַליטעטנ. די דאָזיקע ווערטער, פריִער אַזוינע אַבסטראַקטע, זײַנענ איר איצט געוואָרנ אַזוי נאָענט אונ פאַרשטענדלעכ, ווי די ערד, איבער וועלכער זי טרעט, די לופט, מיט וועלכער זי אָטעמט. אונ ווענ דער דאָזיקער אויסוואָרפ האָט איר פאָרגעלייגט זיכ ראַטעווענ, האָט איר ניט געלאָזט אַוועקגיינ ניט נאָר די ליבע צומ זונ, נאָר אויכ דער שטאָלצ, יאָ, יאָ, דער שטאָלצ, וועגנ וועלכנ עס האָט גערעדט לענינ....

אַראָנאָווע האָט שטאַרק אַרומגענומענ מאַמערענ.

— עפּשער וואָלט איר עס אַלצ דערציילט... אַלעמענ?

— אַלעמענ? נו, רעכט.

לייע האָט זיכ אויפגעשטעלט.

— כאַוויירימ! באַלד וועט מיט אײַכ ריידנ אַ רוסישע פרוי, מאמערע סאַוויצקאַיאַ, הערט זיכ צו אויפמערקזאַמ.

מאמערע איז קיינמאָל ניט אַרויסגעטראָטנ אויפ קיינ איינ פאַרזאַמלונג. אונ דאָ האָבנ זיכ די ווערטער בײַ איר אַ גאָס געטאָנ פּאַמעלעכ אונ לײַכט, ווײַל זי האָט אַראָפּגערעדט פונ האַרצנ. ווענ זי איז אײַנגעשוויגנ געוואָרנ, איז צו איר צוגעגאַנגענ

א הויכער זאָקנ מיט א גרויסער גרויער באָרד און האָט זי א פּוש געטאָנ אינ שטערנ.

— איר קאָנט זײַנ מײַנס אנ אייניקל, נאָר דערלויבט מיר אײַך אָרופנ טאָכמער. איכ בינ שוינ אלט צוויי און זיבעציק יאָר, און צאָרעס האָב איכ געזענ א היפש ביסל. ביז דער סאָוועטנ־מאכט אָבער, טאָכטער מײַנע, בינ איכ געווענ א שקלאָפ בא מײַנע צאָרעס. און איצט בינ איכ דער באלעבאָס איבער אלצ, אפילע איבערנ גרעסטנ אומגליק. און כאָטש מיר זעענ ניט דאָ אינ קעלער די זונ, איז זי דאָכ פאראנ. איר, טאמארע און לייע, זײַט אירע שעליכים. אונדז אלעמענ איז זייער שווער. דאָ זײַנענ דאָכ קימאט דורכווים זקיינים, פרויענ און קינדער. מיר וועלנ אָבער ניט פארשעמענ אונדזער פאָלק. מיר וועלנ ניט בייגנ אונדזערע קעפ פאר די מערדער. איכ האָב צוויי זינ און פיר אייניקלעכ אפנ פראָנט. זיי וועלנ זיכ נויקעמ זײַנ פאר אונדז..

— און מײַנ זונ איז א פליִער! — האָט זיכ געלאָזט הערנ ערגעצ פונ דער פינצטערניש.

און גלײַכ האָט זיכ א שאָט געטאָנ פונ אלע זײַטנ:

— מײַנ זונ איז א טאנקיסט!

— מײַנ נאכמענ איז א פארטיזאַנ!

— מײַנ ברודער איז א סנײַפער! ער האָט דערהארגעט הונדערט מיט אכט דײַטשנ...

און די אלטע פרוי, וואָס האָט געהאלטנ ליוסיקנ אפ די הענט, בייס טאמארע האָט נע־עדט, האָט פּאַרזיכטיק אוועקגעשטעלט דאָס קינד אפ דער ערד, האָט זיכ אופגעהויבנ, שטאָלצ זיכ אויסגעגלײַכט און שטיל געזאָגט:

— און מײַנ זונ איז א העלד פונ סאָוועטנפארבאנד...

5

אינ א שאָ ארום איז ווידער געקומענ דער פּאָליציִאנט, ווען דאָס צונויפגעזאָגטע גאָלד האָט ניט געלאָזט רוענ. טאמארע האָט גלײַכגילטיק אויסגעהערט זײַנע אײַנדיידעגישנ, זײַנ לאנגע דראָשע.

פלוצעמ האָט דער פּאָליציִאנט דערזענ לייעס פּאָנעם. און מיט אזויפיל פּאראכמונג, מיט אזויפיל כויזעק זײַנענ פול געווענ אירע אויגנ, אז דער שלימאזלדיקער אָראטאָר האָט דערפילט א שטומענ אָבער שטארקנ זעצ.

זײַנ גאנצנ קאָס האָט דער מערדער אויסגעלאָזנ צו לייענ. ער האָט זיכ א ריס געטאָנ פּאָרויס, אָנגעכאפּט זי פאר די האָר, א זעצ געטאָנ איבערנ פּאָנעמ און גענומענ שלעפּנ צומ ארויסגאנג. וואָס האָט טאמארע, מישטיינסגעזאָגט, געקאָנט העלפנ דער כאַווערטע אירער?

— פּאלט ניט אראָפּ בא זיכ, כאווײרימ! — האָט געשריִענ לייע. — א בראָכ צו די פאשיסטנ! זאָל לעבנ אונדזער סאָוועטיש היימלאנד!..

אינ קעלער איז געוואָרנ נאָכ פינצטערער און ביטערער. טאמארענ האָט זיכ געוואָלט וויינענ, קיינער האָט אָבער ניט געטאָרט זענ אירע טרערנ. ווענ ארעמאָווע איז געווענ לעבנ איר, זײַנענ זיי ביידע פאר אלעמענ געווענ א קוואל פונ מוט און פרייד. איצט איז זי געבליבנ אליינ.

אָנגעשטרענגט דעמ גאנצנ ווילנ, דערשטיקט אינ זיכ די טרערנ און דעמ וויי, האָט זיכ סאָוויצקאיא אופגעשטעלט און שטיל ארויסגעבראכט ווערטער פונ טרייסט, ווערטער פונ צעגלימנ, הייליקנ האס.

6

דער פּאָליציִאנט איז געזעסנ אנטקעגנ סאָווטשענקאָ און מיט א רויִקער שטימ דערציילט:

— אלצ איז געווענ אזוי, ווי איכ דערצייל, איר קאָנט זיכ בארויִקנ. זי איז שוינ מער ניטאָ אפ דער וועלט. קיינ שומ אײַנרעדעגישנ האָבנ ניט געהאָלפנ, איכ

האָב געטאָנ מער, ווי מע קאָנ. איר ווייסט אליינ. איכ האָב אײַכ איבערגעגעבנ אלע אײַנצלהײַטנ. זי האָט געבעטנ אײַכ זאָגנ, אז זי איז אײַכ מויכל. עפּשער וועט מיר מײַנ נאטשאלסטווע אויכ מויכל זײַנ.

איבער סאווטשענקאָס פּאָנעמ האָבנ זיכ געקײַקלט טרערנ. אויכ דעריבער איז ער ניט געווענ ווערט טאמארענ, וואָס האָט אפילע קיינ טרער ניט געלאָזנ. זי איז אימ מויכל געווענ, נאָר זיכ אליינ וועט ער קיינ זאכ ניט מויכל זײַנ.

— אָט וואָס, — האָט, אופהייבנדיק זיכ, געזאָגט דער פּאָליציאַנט, — ברענגט אָקאָרשט צו שלעפּנ אײַער גאָלד. אינ א שאָ ארומ קומ איכ נאָכ דעמ. פּרוווט ניט מאכנ פּלייטע אָדער אויסדרייענ זיכ. איכ האָב אָנגעזאָגט, מע זאָל נאָכ אײַכ נאָכשפּירנ. פּריער איז דאָס גאָלד געווענ אנ אויסקויפ פאר איר, איצט וועט עס זײַנ אנ אויסקויפ פאר אײַכ. דערהארגענענ אזא איינעמ — איז א שפּײַ ניט ווערט. פארשטאנענ? איז געגאנגענ זאָל ווערנ.

ווענ ער איז אוועק, האָט סאווטשענקאָ אפּ יעדנ פאל צונויפגענומענ זײַנ גאנצ ביסל געלט, ארײַנגערוקט אינ די קעשענעס עטלעכע זילבערנע כפּייצים, א פּאָר שטיקלעכ ברויט, א פּיצינק זעקעלע אונ איז ארויס אינ גאס. ער האָט זיכ גענומענ דרייענ איבער דער שטאָט אונ האָט זיכ איבערצײַגט: דער פּאָליציאַנט האָט געלײַגנט, קיינער האָט נאָכ אימ ניט נאָכגעשפּירט. האָט ער זיכ געלאָזט מיט אומוועגנ צו דער בעלגאָראָדער פּאָרשטאָט פּעסקי, איז געשטאנענ א רעגע בײַ דעמ בארג הייסנ אש, וואָס איז דאָ געלעגנ, אונ דערנאָכ אוועק אינ א ווײַטנ דאָרפ, ווו ער איז אָפּגעווענ ביזנ אָנקומ פונ דער רויטער ארמיי. ס'איז אומעגלעכ פארצושטעלנ זיכ זײַנ פּײַנ: יעדע נאכט האָט זיכ אימ געכאָלעמט די שטארבנדיקע טאמארע. ער האָט אומגעהייער געליטנ, קלאָר פאָרשטעלנדיק זיכ, ווי דאָס איז געווענ.

## 7

...אונ געווענ איז עס אזוי.

אינ א שטאָק־פינצטערער נאכט האָט מענ פונ עטלעכע קעלערס ארויסגעטריבנ צוויי טויזנט מאנ. יענע, וואָס האָבנ שוינ ניט געקאָנט גיינ, האָט מענ אוועקגעפירט אפּ מאשינעס.

עס האָט זיכ אוועקגעצויגנ א לאנגע קאָלאָנע זקיינים, פרויענ אונ קינדער אונטערנ קאָנוואָי פונ דײַטשישע סאָלדאטנ. קיינ זאכנ האָט מענ קיינעמ ניט דערלויבט צו נעמענ, מע האָט אויכ ניט דערלויבט זיכ אָפּשטעלנ כאָטש אפּ איינ מינוט.

נאָר פאר טאמארענ האָט מענ געמאכט אנ אויסנאמ, באמ ארויסגאנג האָט איר אָפּגעוואַרט אלצ דער זעלבער פּאָליציאַנט, ער האָט איבערגעכאזערט דעמ פּאָלקאָווניקס פאָרשלאָג איבערלאָזנ דעמ זונ אונ אוועקגיינ אהיימ. ווענ טאמארע האָט אימ א שלײַדער געטאָנ אינ פּאָרצעפ עטלעכע באליידיקנדיקע ווערטער אונ האָט געזאָלט גיינ ווײַטער, האָט איר דער פּאָליציאַנט פארשטעלט דעמ וועג אונ אויפגעהאנגענ אפּנ הארצנ א הילצערנע ברעט מיט אנ אויפשריפט: „מײַנ מאנ איז א ייִד". דאָס איז געווענ א מאמאָנע פונעמ הער פּאָלקאָווניק, וואָס האָט געהאט א ביטערנ טאָעס אינ כעזשבנ, וואָס האָט אָבער ניט געקאָנט פארגעסנ די רוסישע שיינהײַט טאמארע סאוויצקאיא.

ווי אפּ פליגלענ איז טאמארע אוועקגעלאָפנ צומ שפּיצ פונ דער קאָלאָנע. זי האָט געוואָלט, אז אפּ איר וועט מענ קוקנ, נאָכ איר וועט מענ זיכ גלײַכנ. זי האָט געדארפט ווײַזנ א בײַשפּיל פונ מוט אונ פעסטקײַט.

טאמארע האָט געזענ, אז דער פּאָליציאַנט שטייט אלצ ניט אָפּ אונ מאכט צו איר פונ צײַט צו צײַט מיט די אויגנ, איינמאָל האָט ער אפילע אָפּגעשטעלט די קאָלאָנע, האָט זיכ דערקליבנ צו סאוויצקאיא אונ שטיל געזאָגט:

— לאָז איבער דעמ מאמזער, גיי אוועק.

הויכ, אז אלע זאָלנ הערנ, האָט זי א געשריי געטאָנ:

— מערדער! פאסקודסטווע, וואָס וועט .. נ דער ערד אויסגעמאַרטעט ווער! מיר האסנ אײַך! מיר פאראכטנ אײַך!

---

...דער שטאָל אינ פעסקי איז געווענ זייער א גרויסער — א פינצטערע נעבײַדע צווײ הונדערט מעטער די לענג, אָנ איינ פענצטער, נאָר מיט א דאַך טירנ.

א געדיכטע קייט דײַטשישע מיליטער האָט ארומגערינגלט די געבײַדע. פונ די שבייבישע הײַזער האָט מענ די אײַנוווינער נאָך נעכטנ ארויסגעזעצט.

עס האָט שוינ קימאט געטאָגט, ווענ די דײַטשישע סאָלדאטנ האָבנ ארײַנגעשטופט אינ שטאָל אלע מענטשנ, וועלכע זיי האָבנ געבראכט. יענע, וואָס מע האָט נעכטנ געבראכט אפ די מאשינעס, האָט מענ פאָשעט א שמיץ געטאָנ אפ דער ערד. איבער זיי האָבנ מיט ווילדער האנאָע געטאָפטשעט פאשיסטישע שטיוואלעס.

אקסל צו אקסל, צוגעקוועטשט איינער צום צווייטנ, זײַנענ געשטאנענ די מאַרטירער — נאקעטע, באָרוועבע, פארבלוטיקטע.

...עס זײַנענ געקומענ דײַטשישע פינפטאָניקע לאסט־אויטאָמאָבילנ. זיי זײַנענ געווענ געלאָדנ מיט האָלצ אונ צוויגלעכ. די סאָלדאטנ האָבנ עס אלצ ארײַפגענומענ פונ די מאשינעס, צוגעשלעפט צו די ווענט פונ שטאָל, צוגעוואָרפנ עס דאָרט אונ באגאָסנ מיט בענזינ.

אלצ איז שוינ קימאט גרייט געווענ. נאָר פלוצעם האָט א ווילדער געשריי זיכ צעטראָגנ ווײַט ארום. דורכ די שפאלטנ אינ די ווענט פונ שטאָל האָבנ די מענטשנ דערזענ, וואָס פאר א טויט מע גרייט פאר זיי. האלב משוגע פונ שרעק, האָבנ זיי פארגעסנ אלצ ארום, האָבנ אופגעריסנ די טירנ, אונ דער האמוינ פארצווייפלטע מענטשנ האָט א פלייצ געטאָנ אפ דער גאס.

טייקעפ האָבנ זיכ געלאָזט הערנ די דײַטשישע קוילנוואַרפער. מענטשנ זײַנענ געלאָפנ, געפאלנ, זיכ אופגעהויבנ, אָבער דער האָגל בלײַ האָט זיי אָנ ראכמאָנעס ווידער געשלײַדערט אפ דער ערד.

ווענ אלע, וואָס זײַנענ ארויסגעלאָפנ, זײַנענ שוינ געלעגנ אויסגעקוילעטע, האָבנ זיי באנדיטנ אָנגעהויבנ שיסנ מיט צינד־קוילנ אינעם געהילצ, וואָס ארום שטאָל. לאנגע פײַער־צונגענ האָבנ א לעק געטאָנ די ווענט פונעם שטאָל, נאָכ א רגע — אונ די גאנצע געבײַדע האָט שוינ געברענט ווי איינ גרויסער שײַטער.

אָט דעמלט טאקע האָט דער פאָליצײַאנט געטאָנ דאָס, מיט וואָס ער האָט זיכ עס שפעטער בארימט פאר סאווטשענקאָ. ער האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ צו דער טיר, האָט זי צעעפנט אונ א געשריי געטאָנ:

— סאוויצקאיא, גיי שוינ אוועק! גיי אוועק!

טאמארע איז געשטאנענ צווישנ די געבליבענע ווי א ווונדערבארע סקולפטור, ווי א פארקערפערונג פונ קראפט, צאָרנ אונ געקאָמע. זי האָט ניט געטראכט ניט וועגנ ראטעווענ זיכ, ניט וועגנ ראטעווענ איר קינד.

אפ דעם פאָליצײַאנטס ווענדונג האָט זי געענטפערט דערטיט, וואָס זי האָט אים א שלײַדער געטאָנ אינ פאָנעם די הילצערנע ברעט, וועלכע איז געהאנגענ בא איר אפ דער ברוסט. די טיר האָט זיכ פארהאקט.

ברייט אונ פרײַ האָט געהיליעט דער פלאם. שווארצע קנוילנ רויכ האָבנ דערגרייכט אזש ביז די ווײַטסטע גאסנ פונ שטאָט. פונ שטאָל האָבנ זיכ ווײַט ארום צעטראָגנ געשרייענ אונ קרעכצנ פונ אומקומענדיקע מענטשנ.

8

צווײ טעג האָבנ די דײַטשנ קיינעם ניט צוגעלאָזנ צו דעם דאָזיקנ אָרט. נאָכ אָט איז אוועק די וואכ, עס זײַנענ אוועק די סאָלדאטנ.

שפעט באנאכט האָט זיכ אהער, צום בארג איש, געבראכט צו שלעפנ א הינקענדיקער מענטש. ער איז לאנג געשטאנענ בא די ארומגעברענטע טויטע קער-

פערס, בא די נאָכ טליִענדיקע באלקנס, דערנאָכ האָט ער זיכ אראָפּגעלאָזט אפ די קני אינ ארײַנגעלײגט א הויפנ אש אינעמ קלײנעמ זעקעלע, וואָס ער האָט געטראָגנ מיט זיכ.

9

יאָ, דאָס איז טאקע געווענ אזוי.

אָט זיצט אנטקעגנ מיר קלאַוודיע ניקיטיטשנע סאוויצקאיא, טאמארעס מוטער, אינ דערצײלט מיר אלע אײנצלהײטנ וועגנ דער טאָכטערס לעבנ, וועגנ איר אויפירונג בײסנ ארעסט אונ שפּעטער.

אָט זיצט אנטקעגנ מיר לײע אראָנאָווע, די סאנימארקע פונ נ־סקער טײל. דאָס, וואָס מע האָט געהאלטנ דאָרט אינ קעלער פארנ גרעסטנ אומגליק, האָט זי גאָר געראטעוועט. מע האָט לײענ שוינ געפירט שיסנ. זי האָט אָבער אויסגעצײכנט געקענט די שטאָט, בא אײנעמ פונ די צעשטערטע הײַזער האָט זי זיכ א וואָרפ געטאָנ אונטער די פיס דעמ סאָלדאט, וואָס האָט זי געפירט. ווענ יענער איז אומגעפאלנ, איז זי דורכגעלאָפנ דורכ א דורכגאנגס־הויפ צו א באקאנט אָרט אונ האָט זיכ באהאלטנ אינ א בלינדאזשיק, וואָס איז דאָרט געווענ אויסגעגראָבנ. מע האָט זי ניט געפונענ.

אראָנאָווע דערצײלט וועגנ אלצ, וואָס איז פאָרגעקומענ אינ קעלער, וועגנ טאמארעס אויפירונג, וועגנ זײערע שמועסנ.

...אָט זיצט אנטקעגנ מיר פּיאָטר גריגאָריעוויטש סאוויטשענקאָ. ער טראָגט א מיליטערישע אוניפאָרמ. ער האָט זיכ אײַנגעבעטנ, מע זאָל אימ נעמענ אינ א שפּיטאָל. זײַנ הארצ פּלאצט פאר ווײטעק. ער זיצט מיט אראָפּגעלאָזטע אויגנ. סאוויטשענקאָ קאָנ זיכ ניט מויכל זײַנ, וואָס ער האָט געוואָלט אײַנרײדנ טאמארענ ווארפנ דעמ זונ. ער קאָנ זיכ ניט מויכל זײַנ, וואָס ער האָט געווײנט פארנ פּאָליציאנט. ער וויל זיכ קײנ זאכ ניט מויכל זײַנ...

סאוויטשענקאָ דערצײלט, מיט וואָסער כײַשער האנאָע דער פּאָליציאנט האָט אימ איבערגעגעבנ אלצ, וואָס ער האָט געזעענ, אלצ, וואָס טאמארע האָט אימ געענטפערט, אלצ, וואָס זי האָט געטאָנ. דער פּאָליציאנט האָט גערעדט א שאָ צוויי, ניט דורכלאָזנדיק קײנ אײנ דעטאל.

איכ האָב מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקײַט פארשריבנ אלצ, וואָס עס האָט מיטגעטײלט סאוויטשענקאָ. דערנאָכ האָט ער ארויסגענומענ פונ דער לינקער בוזעמקעשענע א קלײנ זעקעלע אונ האָט געזאָגט:

— דאָס איז טאמארעס אש. איכ האָב עס געפונענ אינ שטאל. איכ האָב געמײנט, אז איכ וועל שטארבנ פונ צאר. איכ בינ אָבער ניט געשטאָרבנ, ווײַל איכ דארפ, איכ מוז לעבנ צוליב נעקאָמע... איכ טראָג דאָס זעקעלע אפנ הארצנ אונ איכ זאָג אײַכ — דאָס אש קלאפּט אינ מײַנ הארצנ. עס וועט קלאפּנ אינ אלע מענטשלעכע הערצער, ביז מיר וועלנ ניט אויסברענענ פונ דער ערד דעמ פאשיסטישנ ברוד. דאָס איז טאמארעס רופ, דאָס איז די שטימ פונ אלע אָרנטלעכע מענטשנ אינ גאָר דער וועלט...

★☆★

מ. טאַלאַלײַעווסקי

# ראַקעטעס

ס׳פליִען קוילן זאַלבעצווייט,
זאַלבעדריט און סטענגעסווײַז.
ווערט דער הימל אויסגעגייט,
באַ די זוימען — קווייס צו קווייט
בליִען בונט און שלענגלען זיך.

פלוצעם טוט אַ פלי אַרויס
עס, צו די פלאַנעטן,
ווי אַ דראָענדיקע פויסט,
רויט און בלענדיק, ווי אַ רויז,
אַ סיגנאַל-ראַקעטע.

ס׳איז פאַר מיר,
איך ווייס גענוי,
די סיגנאַל-קאָלירן.
וואָס הייסט גרין און וואָס הייסט בלוי,
וואָס הייסט העל ווי זומער-שטרוי —
כ׳וועל ניט מיד צו שפּירן.

ס׳איז די ערשטע נאָך דערווײַל.
הײַנט באַדײַט זי: — אַכטונג!
ביז צום סוינע איז איין מײַל.
שטענדיק גרייט, נאָר ניט געאײַלט
וואַרט איך אַף מײַן שלאַכט-וועג.

עס פאַרזידט אין מיר דאָס בלוט,
שווער צו זײַן געדולדיק,
פון איין שלאַכט ניט אָפּגערוט
אין אַ צווייטן? — זייער גוט!
ביבין דעם סוינע שולדיק

טויזנט קוילן, אויב ניט מער,
צענדליקער גראַנאַטן —

פאר מײַנע טאָכטערס הײסער טרער,
פאר דעם װײ פונ אונדזער ערד,
פאר מײַנ קראַנקנ טאַטנ.

גיכער, גיכער פלי ארויס,
ניט פארהאַלט דעם װיכער!
ס'איז שוינ גרײט מײַנ הארץ, מײַנ פויסט,
אונ מײַנ שווערד כ'האָב שוינ אנטבלויזט, —
איז אינ שלאכט, אונ גיכער!

---

## א פארווונדעטער העלד...

שווארצ איז דאָס פעלד,
אונ די זונ איז אינ פלאקער,
הויל איז דאָס פעלד.
הארט בא דעם וועג,
לעמ פארוואָרלאָזטנ אקער —
א פארווונדעטער העלד.

האססיק אונ שנעל
איז אוועק אינ אטאקע
זײַנ באטאליאָנ.
עס, בא דעם הימל-ראנד
זעט ער, ווי ס'ווימלט,
ווי ס'פלאטערט די פאָנ.

צאנקט קעגנ זונ
דער פארזשאווערטער מעסער,
בענקט נאָכ דער ערד.
אינ הארצנ באם העלד,
איז דער ווייטעק נאָכ גרעסער —
ער בענקט נאָכ זײַנ פערד.

אוי, טוט אים באנק,
וואָס ער פליט ניט אינ פײַער
מ'ט אלע אינ קאָנ.
זײַט זשע באגליקט,
מײַנע ברידער-באפרײַער, —
העכער די פאָנ!

ס'וועט נאָכ דער אקער
זײַנ ציכטיק אונ בלענדיק,
שוינ נאָענט די צײַט!
ס'וועט נאָכ דער זעלנער
געזונט זײַנ, ווי שטענדיק,
אונ זיגנ אינ שטרײַט!



יויסעפ קערלער

# ס'גייט מיר נאָך דאָס היימלאַנד

ס'וועט עפשער שפּעטער גרינג זײַן צו דערמאָנען
דאָס ערשטע בייזע פּרעסטל אַף די האָר, —
ס'גייט מיר נאָך די דאָרפישע לעוואָנע,
ווי א טרײַער גוואַרדיע-דאָזאָר.

שוין וויפל מאָל מיך אויסגעהיט פון טרויער,
און, ווער קאָן וויסן, עפשער אויך פון טויט, —
דער אַלטער קליאָן, דער פרישער סקריפּ פון טויער,
דער שיקערדיקער דופט פון היימיש ברויט...

מיר טרעטן אָפּ פאַרקלעכט פון שטאָל און פײַער,
א שווערער שטויב ליגט ביטער אַף די צײן,
נאָר ס'גייט אונדז נאָך א מוטערלעך-געטרײַע
דאָס ברעגלאָז-פרײַע היימלאַנד מײַנס אַלײן...

דערפער ברענען, פליטים אַף די שליאַכן...
וויגלאַנד מײַנס, מיר וועלן קומען צריק!
סײַדן איבער אָפּגרונטן פון שלאַכטן
בלײַבן מיר פאַר ברידער ווי א בריק...

זאָלט איר דעמלט בענטשן אונדזער ווײטעק,
אונדזער שטאָלצן בלוטנדיקן דאָר —
ס'גייט מיר נאָך דאָס היימלאַנד ווי א צווייטלינג,
ווי א טרײַער גוואַרדיע-דאָזאָר.

1941. וויאַזמע

---

# אַף מײַ־רעוו

באַ בערגלעך אַש פאַרקוילטע קליאָנען שטײען,
ווי פרײַנט פאַרעלנטע באַ פרישע קוואָרים, —
דער טויט וועט שפּאַנען צריק צום שלעכטן ריין,
צום גרײַזן איויוערבאָטלדיקן וואָרעם!

ווער קאָן פאַרגעסן יענע יולי־ער טעג,
וואָס האָבן אונדז געפּלעט, ווי שווערע יאָרן? —

איצט וויקלט זיך פרימאָרגנדיק דער וועג
פון אונדזער ווײַטעק און געדעכטן צאָרן.

ס׳פּרירן שפּעטע שטערן איבער שליאַך,
און איבער קוימענס נאַקעטע זייִ צאַנקען —
כּאַיאָלעס שטומע ציִען זיך צום שלאַכט
מיט שווערן האַס געוויײַטעקטן באַהאַנגען.

אַף שניי נאָך פרישן שרײַען פּלעקן רויט
און ס׳גליווערן די דײַטשישע פּגאָרים...
צוריק אַף מײַרעוו טרײַבן מיר דעם טויט,
צום שלעכטן ריין, וואָס פּויזעט ווי אַ וואָרעם.

סענטיאַבער 1942. אַף רזשעוו

---

# דײַן סאָלדאַטסקער רום

שוין פאַרסאַרפּעט ווי געווען אַ טרער,
איצטער ברענען טרוקן מײַנע אויגן.
ברודער, ס׳וועט מײַן בלוטנדיקע ערד
פאַר דײַן סאָלדאַטסקן רום זיך נויגן.

אָך, ווי ס׳טוט מיר ווי
מײַן דאָרשטיקע, מײַן אומרויִקע סינע, —
דײַן שטאַרקן שמייכל — קעגן זון און שניי
האָבן אויסגעלאָשן קרעציקע קרעטינען...

יעקע, פעסט פון באַם פאַרפלוכטן ריין!
אַלץ, וואָס איז אונדז ליב, זיי לעכצן שעכטן,
סרייפעס. אויגן-גלאָמפּן אין רעציכע זיך פאַרגיי׳ן —
פרעסן וויל די בלאָנדע שליוכע גרעטכן!..

גאָרנישט ניט פאַרגעסן און ניט שוינען,
יעדע ווי איז טיף אין האַרץ פאַרשניטן,
ס׳וועט מיט שוואַרץ דײַן ליכטיק בילד באַזוימען
ס׳הינטיש בלוט פון דײַטשישע באַנדיטן!

נישט באַקלאָגן דיך און נישט באַוויינען.
שטאָלצער צאַר, מיט מיר אַף מײַרעוו קום!
ס׳וועט מײַן לאַנד נישט נייגן זיך פאַר קיינעם,
כוץ פאַר דײַן סאָלדאַטסקן רום.

1942, קאָוואָרוו.

---

# מיטן פראָסט

נו, א פרעסטעלע, דער טײַוול זאָל עס נעמען!..
אלטער ווײַסערכעוורעניק, ווארט צו, —
אָנגעברויגעזט זײַנע גרײַזע ברעמען,
כאָטש פארבײַס פון קלעמעניש די צונג.

שטארקער, שטארקער, זיידעשי, מײַן פראָסט,
אזש די יאָדלעס זאָלן ביטער טרישטשען!
ווו ס'וועט דעם דײַטש ניט אָניאָגן מײַן שאָס,
דו וואלגער אים, פארגליווער אים,
פארוויסט אים!..

הונדערט גראם, קיין טראָפן מער אין גלאָז.
אלטער שיקער, קאָנסט פון בראנפן טײַען.
מיר דארפן נאָך אין שלאכטן גיין, מײַן פראָסט,
ווי גוטע-פרײַנט און ווי סאָלדאטן טרײַע!

לעכאיִם, זיידעשי, און לאָמיר זײַן געזונט
אפ צעפיקעניש פיקירנדיקע שפארבערס!
מיר לעבן צוליב קילן ווונד נאָך ווונד
און צוליב קאָנען אָן כאראָטע שטארבן!

יאנואר, 1943. צענטראלער פראָנט.

---

# סינע

מײַן סינע ז'וואָגיק-שווער.
זי וועגט
א בלוטנדיקע ערד,
וואָס ליגט פארגוואלדיקט,
לעכצנדיק נאָך ראכע.

זי וועגט
א קארגע זעלנערישע טרער
באם בלוי-פארשטילטן ברודער-לײַב
אין שלאכטפעלד.

איר וויג —
א שטארער מוטערלעכער בליק,
וואָס ווייסט:
ס'וועט זיך נישט אומקערן צוריק
די לעצטע טרייסט...

ז'וועגט א שווערע בענקשאפט, וועלכע
ציט
צו היימישע פארשמאכטע שליאכן,
און סעג ווי יאָרן זי פארגליט
אין הארץ דעם דאָרשטיק וואכן.

אז ווויל איז דעם, וואָס הייבט
זי אויף
אפ זײַנע פלייצעס פעסטע
און מײַדט נישט אויס קיין טראָפן ווײ,
קיין טרערעלע פארגעסט ער.

און קאָן זי ריכטן שארף-געצילט,
אין הארץ פון סוינע ריכטן.
קײַן לעבן איז פאר דעם נישט פיל—
דעם טויט אפ טויט פארניכטן!

1943.



### י. פאליקמאנ

# דער עלטסטער פונ מײנ שטאמ

באמ ארויסגאנג פונ דאָרפ, נעבנ ארומגעצאמליעטנ יאָדלע=װעלדל, — א יונג װעלדל, װאָס האָט די פרישקײט פארלאָרנ אונ זעט אויס זקײניש, אויבנגעהאקט אפ האלב, אומעטום לײדיקע קאָנסערװנ=קעסטלעכ, באפירנ, קופקעס שטרוי, אלצ אזױ קוימיק אונ עקלדיק, װי אלײנ די דערמאָנונג װעגנ די פארשװוּנדענע דײטשנ, — ליגנ אָפגעשטעמפלט אינעמ זאמדיקנ װעג פיל איבערגעפלאָנטערטע שפורנ פונ באָרװעסע פיס.

מיר האָבנ געמיטנ מיט דער אלטער מארפע דאָס פארברענטע דאָרפ, זי האָט מיכ אומיסטנ ארויסגעפירט צומ יאָדלע=װעלדל, דאָ זײנענ אונדזערע ניט דורכגעגאנגענע אונ ניט פארטריבנ מיט די טאנקענ=קײטנ, מיט די שװערע רעדער פונ הארמאטנ אונ מיט די טלאָענ פונ פערד די שפורנ אינעמ זאמד, מ'איז די דײטשנ פארגאנגענ אינ פלאנג אונ ארויס אפנ שליאכ העכער פונעמ װאלד. א הײסער אװגוסט=טאָג, א בלויער הימל אונ אָט די שפורנ פונ פיל באָרװעסע פיס אינ זאמד... א שמאָלע, לענגלעכע פיאטע, פינפ אײדעלע גריבעלעכ פונ פינגער — דאָס איז געגאנגענ א פרוי, אזעלכע שפורנ זײנענ דאָ פאראנ פיל; אָט גאָר א לײכטער, אײליקער שפור, דריבנע טריט, אינ זאמד לאָזנ זיכ קוימ מערקנ לענגלעכע גריבעלעכ, צארטע אָפדרוקנ פונ אײנ גרעבערנ פינגער אונ קוימ קענטיקע צײכנס פונ די איבעריקע — דאָס איז געגאנגענ א קינד; אונ אָט איז א ברײטער, שװערער טראָט, כימאָגימ פונ גרויסע פינגער — דאָס איז אנ אלטער מאנ געגאנגענ, לעבנ די טריט זענענ זיכ גריבעלעכ פונ א שטעקנ...

— אָט, אָט, קוק! — די אלטע מארפע שלײכט זיכ געשיקט איבערנ זאמדיקנ װעג אונ װײַזט מיר א שפור פונ שיכ מיט בוילעטע צײכנס פונ אָנגעקלאפטע טשװעקעס אפ די פאָדעשװעס, — דאָס איז ער, דער דײטש, געגאנגענ, װעלכער האָט זײ אלע געטריבנ, כ'האָב אימ גוט געזענ פונ מײנ באהעלטעניש, װוּהינ איכ האָב זיכ פארקראָבנ, — ער איז א הויכער אונ א געלער. איכ בינ געזעסנ אינ קראָפיװע, אונ ער האָט אהינ ניט געװאָלט קריכנ, ער האָט בלויז א שאָס געטאָנ אהינ פונ זײנ אויטאָמאט, כ'האָב פארשטעלט די קינדער מיט מײנ גופ, ביני'אָמקענ אונ זלאָביקנ, די קוילנ האָבנ דורכגעפײפט לעבנ אונדז. גוט, װאָס ער האָט מער ניט געשאָסנ, דער דײטש, אונ איז אװעק. דעמ צװײטנ האָב איכ ניט געזענ גוט, ער איז געװענ נאָר א נידעריקער, געגאנגענ פונ יענער זײט װעג, אונ דער האמויג האָט אימ פארשטעלט, כ'האָב נאָר געהערט זײנ שילטנ זיכ, דעמ דאָזיקנ צװײטנס...

די אלטע מארפע מיט אפ מיר א שטרענגנ קוק מיט אירע מאָדנע=אָפגעשטעלטע, שװארצע אויגנ. ס'איז אינ זײ פארגליװערט דער שוידער פונעמ דורכגעלעבטנ. אלײנ איז זי בלויז װי א שאָטנ פונ דער שײנע מארפע, װעלכע כ'האָב געקענט מיט עטלעכע יאָר צוריק, װענ כ'האָב באזוכט דאָס דאָזיקע דאָרפ — די הײמ פונ מײנ טאטנ, זײדנ אונ פונ אונדזער גאנצנ שטאמ. מארפע האָט זיכ מיר באזונדערס פארגעדענקט צוליב א קלײניקײט — װענ כ'בינ אהער געקומענ

צוגאַסט צום פעטער מוישע, האָט זי געבראַכט אינ פאַרטעכ פאַר מיר עטלעכע פריש־אָפגעקאָכטע יונגע פיטעניטשקעס, פונקט ווי בײַ דער מומע כאַנע אינ גאָרטנ זאָלנ גאָר קיינ פשעניטשקעס ניט זײַנ... זי האָט געבראַכט די פשעניטשקעס, אונ זאַכאַר נעדילקאָ, דער מאַנ אירער, אַ הויכער אונ אַ ביינערדיקער פישער, אינ אַ שטרויענעמ קאַפעליוש אינ אינ לײַוונטענער העמד אונ הויזנ — כ'זע אימ איצט ווי אַ לעבעדיקנ, מיטנ גוטנ שמייכל אינ די פײַכטלעכע, צוגעזשמורעטע אויגנ אינ מיט די אַראָפגעצויגענע, גרויע וואָנצעס — האָט דאַנ אינ אָוונט געבראַכט פיש. די מוישעכע, די מומע מײַנע, האָט זיי דאָ טאַקע געמוזט באַלד אָפרעגלענ פינעמ גאַסטס, ד.ה. פונ מײַנ, קאָוועד וועגנ.

כ'פלײַס זיך איצט דערמאָנענ נאָך עפעס וועגנ זאַכאַרנ. עפעס ווײַזט זיך מיר אויס, אַז שטענדיק, ווענ כ'פלעג טראַכטנ וועגנ ריזשניק, האָב איך געזענ פאַר די אויגנ גראָד אימ, דעמ קרעפטיקנ אונ פאַרהאַסטנ זאָקנ, זײַנ פאָנעמ, אַזאַ פרײַנטלעכנ אונ גוטס. אונ עפישער טראַכט איך עס אַזוי איצט, ווענ איך ווייס שוינ דעמ סאָפ זאַכאַרס אונ די גרויסקײַט פונ זײַנ איפטו. כ'דערמאָנ זיך, ווי כ'בינ איינמאָל קאַיאָר געפאָרנ מיט אימ אַפ פישפאַנג. ביים מיר האָבנ אָפגערוט אַפנ ברעג, האָב איך אימ געפרוווט אַראָפטאָלנ. ווענ ער האָט עס באַמערקט, האָט ער זיך וואַזשנע אָנגעבלאָזנ. כ'געדענק, ווי ער פלעגט הויך זיך באַגריסנ מיט אַלעמענ, וועמענ ער האָט דערזענ אינ גאַס, ווי ווײַט יענער זאָל ניט זײַנ, דער ערשטער באַגריסנ זיך אונ סטאַמע אַזוי, פונ גרויס האַרציקײַט אינ גוטסקײַט פרעגנ: „נו, וואָס מאַכסטו, גוט, האַ?“ נאָר דאָך ווייס איך, אַז איך דערמאָנ זיך אינ דעמ אַלעמענ בלויז איצט. פריִער האָב איך וועגנ דעמ אַפילע ניט געטראַכט. איצט שטרענג איך אָנ דעמ זיקאָרנ אונ ער ברענגט מיר אַרויפ, ווי פונ אַ ווײַטנ נעפל, פאַרשיידענע שטריכנ אונ בילדער וועגנ זאַכאַר נעדילקאָ.

ווענ כ'פלעג שוינ יאָ טראַכטנ וועגנ ריזשניק, — נאָר ניט אָפט פלעגט עס פאָרקומענ, ס'ליגט זיך ערגעצ אַ דאָרפ אינ אוקראַינע, דאָס היימ־אָרט פונ מײַנ שטאַמ — האָב איך פריִער פאַר אַלצ געזענ דעמ פעטער מוישע. פינ יונג אָנ איז ער מיר געווענ באַזונדערס אײַנגעבאַקנ אינ האַרצנ. כ'בינ פרי פאַרבליבנ אָנ אַ פאָטער, אונ ער, מוישע, איז געווענ דער איינציק לעבנ געבליבענער ברודער דעמ טאַטנס אונ דערצו — דער עלטסטער. אינ כאָטש מיר האָבנ ניט געוווינט אינ איינ־נעמ, האָב איך שטענדיק געפילט זײַנ זאָרג. נייט צו ווינטער, האָט דער פעטער מוישע געדענקט, אַז איך האָב נאָך קיינ שטיוול ניט, האַרבסט־צײַט האָט ער געזענ, אַז די מאַמע מײַנע. די אַלמאָנע, וואָס האָט געוווינט אינ שטעטל, זאָל זײַנ באַזאָרגט מיט קאַרטאָפל, צי די שטאַרקע פרעכט פלעגט ער איר אַלע מאָל אינטערוואַרפנ אינ שטעטעלע אַ פורל האָלצ. אַרופקומענדיק צו אונדז אַפ אַ זונטיק־יאַריד אָדער יאָמטויווים־צײַט, האָט ער ליב געהאַט אַ נעמ מאָג מיך אַפנ פאַרהער, ווי האַלט איך עס מיטנ מאַנאַכ, ווענ כ'האָב נאָך געלערנט אינ כיידער, אונ דערנאָך — אינ כעזשבענענ אונ לייענענ רוסיש, ווענ כ'בינ שוינ אַריבער אינ שול. כ'האָב פונ קליינוויז אָנ ניט פאַרגעדענקט קיינ זיידנ, ניט פונעמ טאַטנס אונ ניט פונ דער מאַמעס צאַד, אונ בינ שטענדיק שטאַרק מעקאַנע געווענ מײַנע כאַווייריִמ, וועלכע האָבנ געהאַט זיידעס. האָב איך אינ די טרוימענ בײַ זיך דעמ פעטער מוישע — אַ קרעפטיקנ זאָקנ, וואָס האָט זיך ווי אָפגעשטעלט אינ זײַנע יאָרנ, אונ זינט כ'האָב אימ געדענקט, ווי ניט עלטער געוואָרנ — פאַררעכנט פאַר מײַנ זיידנ...

דאָס איז געווענ אַ ייִד אָנ אַקשנ, מיט פעסטע אײַנגעשטעלטע אָנשויונגענ. ער האָט געהאַט אַ געפיל פאַר דעמ, וואָס קומט אופ. ווענ כ'בינ אויסגעוואַקסנ, אונ דער פעטער מוישע האָט שוינ געהאַט אַ גרונט אַכטנ אינ מיר אַ זעלבשטענדיקנ מענטשנ, פלעגט ער קלוג, נאָר ניט פאַרודטײלעריש, אַ ביסל אָפשפעטנ פונ אַלצ, וואָס האָט אַ שײַכעס צו אונדז, יונגע, נאָר עפעס איז ער אויך ווי מעקאַנע געווענ אונדז, פאַרשטאַנענ אונדז, ער פלעגט ניבטער אונ גיריק אויפנעמענ פאַ־

ליטישע נײַעס. אַלטע פֿרײַנט, זײַנע גלײַכע, פֿלעגנ קומענ צו אימ אַרומרעדנ אונ אַרומכקירנ יעדע נײַע געשעעניש. אָפֿטמער אָבער איז ער אַרומגעגאַנגענ פֿאַרשלאָפֿנ אונ פֿאַרזאָרגט. מוישע האָט אומצופֿרידנ אַרײַנגעקוקט אינ דיקע העברעישע ספֿאָרימ — דאָס האָט ער זיכ אַרומגעטראָגנ מיט זײַנע אייגענע, ניט אַרויסגעזאָגטע, דײַגעס פֿאַר דער וועלט אונ איר גורל... אַזאַ איז ער געווענ, מוישע, דער עלטסטער פֿונ מײַנ שטאַמ.

שטענדיק, ווענ איכ פֿלעג טראַכטנ וועגנ זיכ, וועלנ פֿאַרשטיינ מײַנע אייגענע נעמענ אונ אופֿטוענ אינ זוכנ אינ זיכ א וואָרצל, אַנ אָפּשטאַמ, האָב איכ געזענ פֿאַר זיכ דעמ פֿעטער מוישע. אונ ריזשניק גופֿא, דאָס דאָזיקע גרינע, שיינע דאָרפֿ מיט די בושל-ברונעמס, מיט די צעוואָרפֿענע כאַטקעס אינ יאַר אונ בײַ דער רימשקע, מיטנ וועלדל בײַ דער זײַט, אפֿנ באַרג-קראַוש, מיט דעמ אָנגעגליטנ זאַמד אינ די הייסע זומער-טעג, ריזשניק מיט זײַנע פּראָסטע, גוטע, אַרבעטסזאַמע מענטשנ, — האָט געלעבט אונ געשפּילט אינ מײַנ בלוט.

איצט ליגט אַלצ אינ אַש. איכ בינ געקומענ אפֿנ ריזשניקער כורבנ. די מילכאָמע-כוואַליע האָט מיכ אַרויסגעטראָגנ אינ די דאָזיקע מעקויעמעס, צוגעשלאָגנ מיכ צומ אָרט, ווו ס'איז געשטאַנענ דאָס וויגעלע פֿונ מײַנ טאַטנ אונ זיידנ. איכ גיי איבער די פֿרישע שפּורנ פֿונ א גרויסנ פֿאַרברעכנ. איכ האָב שוינ געזענ פֿיל אומגעבראַכטע דערפֿער אונ שטעט אפֿנ לאַנגנ וועג פֿונ מײַנ מילכאָמע-וואָגל, איכ בינ געשטאַנענ לעבנ קענגמאַנק-גראָבנס, אָנגעפֿילטע מיט לײַב אונ בײַנ פֿונ מײַנע ברידער אונ שוועסטער, געזענ די גאַסנ אינ ראָסטאָוו, ווו ס'זײַנענ געלעגנ הונדערטער אויסגעשאָכטענע מענטשנ, מײַנ אויג האָט שוינ אַלצ געזענ אונ מײַנ האַרצ האָט שוינ וויפֿל מאָל זיכ צונויפֿגעקלעמט פֿאַר האַס אונ צאָרנ. איצט בינ איכ בײַ זיכ אינ דער היימ אונ גיי א קוק טאָנ אפֿנ אייגענעמ כורבנ. עס פֿירט מיכ מאַרפֿע, דעמ פֿעטער מוישעס שכײנע, וועלכע איכ האָב ניט געקאָנט דערקענענ אונ וועלכע האָט צווישנ די רויטאַרמייער מיכ דערקענט. איכ בינ געשטאַנענ לעבנ די רוינעס פֿונ מוישעס שטוב, ווענ זי איז צוגעקומענ, צוגערירט זיכ צו מײַנ אַרבל אונ געזאָגט:

— קומ, איכ וועל דיר באַווײַזנ זײַנ קייווער... אינ וועסט אַוואַדע וועלנ א קוק טאָנ אפֿ זײַנ אור-אייניקל, אפֿ ביניאָמקענ. כ'האָב אימ געראַטעוועט, ביניאָמקענ... דו ביסט דאָכ מוישעס פּלימעניק, האַ?

מיר האָבנ גענומענ דעמ וועג מיט די שרעקלעכע שפּורנ פֿונ באָרוועסע פֿיס, מיר זײַנענ אַרויס אינ פֿוסטנ פֿעלד, ווו סע שטייט אַנ אייניציקע הויכע סאָסנע מיט אַרומגעבראָכענע צווײַגנ — אַנ אייִדעס פֿונ א שוינ לאַנג אויסגעהאַקטנ וואַלדבאַצירק. אינ פֿאַרלאָזטנ פֿעלד האָט זיכ געהויבנ א פֿאַרוואַקסנ בערגל.

— אָט דאָ, — האָט מאַרפֿע געזאָגט אונ געוויזנ מיר מיט דער האַנט אפֿנ בערגל, — דאָ ליגנ זיי ביידע, דײַנ פֿעטער מוישע אונ מײַנ זאַכאַר. — זי האָט פּאַמעלעכ זיכ אַראָפּגעלאָזט אפֿ דער ערד, פֿאַרנומענ די פֿיס אונטערנ קליידל, אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אינ די סטאַרטשעדיקע דאַרע קני, די צעקנייטשטע באַק אַוועקגעלייגט אפֿ די שמאָלע דלאָניעס, ווי ס'זאָל איר שווער זײַנ אײַנהאַלטנ דעמ קאָפּ אפֿנ דינעמ האַלדז.

כ'האָב זיכ אַראָפּגעלאָזט לעבנ מאַרפֿענ אפֿ דער ערד. זי האָט עטלעכע מינוט געשוויגנ. פּלוצעמ האָבנ אירע שוואַרצע אויגנ אומרויִק אופֿגעבליצט, ווי זי זאָל דערזענ עפּעס שרעקלעכס, אַזוינס, וואָס פֿאַרפֿאָלגט זי די גאַנצע צײַט. איבער איר פֿאַרמאַטערטנ געזיכט איז א פּײַנלעכער שאָטנ דורכגעגאַנגענ, זי האָט עטלעכע מאָל פֿיבערהאַפֿט א צוק געטאָנ די אַקסל, נאָר עס איז באַלד דורכגעגאַנגענ. איר בליק איז אויסגעלאָשנ אונ טרויעריק געוואָרנ.

— די מומע דײַנע, — האָט זי געזאָגט, — האָט קלוג געטאָנ. ווענ ביסטו געווענ בײַ אונדז צוגאַסט — א יאָר פֿיר צוריק? אונ זי איז געשטאָרבנ מיט א יאָר שפּעטער, עטלעכע כאָדאָשימ פֿאַר דעמ, ווי עס האָט אויסגעבראָכנ דער צאָרנ.

געבליבנ איז מוישע אליינ. נו, ווער עס זאָל אַפ אימ אכטונג געבנ האָט ער גראָד געהאט — עמעס, אלע קינדער זײַנענ זיכ צעפאָרנ, דאָס ווייסטו גוט, אָבער מיט אימ איז פארבליבנ דאָס עלטערע אייניקל זײַנס, ביילע... זי האָט כאסענע געהאט, ביילע, פאר א טשערנאָווער באָכער נאָכ פאר כאנעס צײַט; אנ ארבעט-זאמער אזא, א שטילער, ער איז צוגעשטאנענ צו אונדזער קאָלווירט, אונ ט'איז פונ אימ געווענ צופרידנ. ס'איז בא זיי געבוירנ געוואָרנ א יינגעלע, ביניאָמקע. ביניאָמקענ קערסטו געדענקענ נאָכ אינ די וויקעלעכ. איצט איז עס שוינ א וויל יינגעלע, גאָר א ווילס, וועסט אליינ זענ... ער איז אינ איינע יאָרנ מיט מײַנ וולאסיקנ, מײַנ אייניקל, אניסקעס קינד... דו געדענקסט אניסקענ, צי ניט? זי האָט אמאָל א קליינינקע צוזאמענ מיט דיר זיכ דערשראָקנ פאר גענדז, וועלכע האָבנ גענומענ פליענ איבערנ דאָרפ פאר א רעגנ... דו ביסט דאָ אינ ריזשניק פונקט געווענ צוגאסט מיט דײַנ מאמנ, מיט שמוליקנ, איכ געדענק ווי הײַנט... יאָ... אניסקע איז דערווײַל ניטאָ, דער דײַטש האָט זי מאקע אוועקגעטריבנ. זי איז ארויסגעגאנגענ נאָכ אנ עמער וואסער פונ קעלער, האָט ער זי געכאפט אונ פאר-טריבנ צום קלויסטער, דאָרט איז שוינ געווענ צונויפגעטריבנ א גרויסער אוילעמ, אונ פונ דאָרט אהער, אפ טשערנאָווער וועג... מענטשנ קערנ זיכ אומ, מע אנט-לויפט אינ וועג אינ די דערבײַיקע וועלדלעכ, אינ קאָרנ, איז עפשער וועט אניסקע מײַנע אויכ אנטלויפנ אונ זיכ אומקערנ. אונ עפשער וועל איכ שוינ דארפנ נעמענ באוויינענ איר געביינ אויכ. ווו נעמט מענ אזויפיל טרערנ, הא?

ביילע דײַנע איז אומגעקומענ נאָכ ווענ די רויטע זײַנענ דאָ געווענ. ער איז אָנגעפלויגנ, דער דײַטש, ווי א שעד, מיט זײַנע אעראָפלאנענ אונ באשאָסנ דאָס דאָרפ. ביילע איז פונקט געזעסנ אינ הויפ אונ געבראָכט קרויט אפ צו פארזײַערנ, האָט עס איר געטראָפנ מיט א קויל גלײַכ אינ הארצנ. זי האָט אפילע קיינ גע-שריי טאָנ ניט באוויזנ. ס'איז מוישע געבליבנ אליינ מיט דעם אור-אייניקל, מיט ביניאָמקענ. אָט דאָ איז שוינ אפ אימ א ראכמאָנעס געווענ, אפ מוישענ, גאָר ער האָט געשוויגנ. קענסט דאָכ אימ — פונ אײַזנ א טרער קאָנ מענ ארויסרופנ, אזוי בא אימ א קרעכצ. גאָר ער האָט שטארק געליטנ, ער האָט זי ליב געהאט, ביילענ. אונ דאָ האָט די כמארע אלצ נעענטער זיכ אָנגערוקט — דער דײַטש איז געגאנגענ, אונ מוישע איז איינער אליינ מיטנ קינד. דער מאנ ביילעס איז פונ די ערשטע טעג אפ דער מילכאָמע אוועק.

ווענ דער דײַטש האָט זיכ שטארק דערנעענטערט, אונ מיר האָבנ שוינ געפילט, אז ריזשניק וועט אינ זײַנע הענט ארײַנפאלנ, האָבנ מיר געזאָגט מוישענ — די נאָענטע שכײנימ אונ בכלל אלע מענטשנ פונ דאָרפ: „מיר הערנ דאָכ, וואָס ער טוט, דער פאשיסט, מיט אונדזערע מענטשנ אונ בפראט נאָכ מיט יידנ, איז ווי דו פארשטייסט, מוישע, מיר קאָנענ דיר געבנ פונ קאָלווירט א פערד אונ וואָגנ, מירנ דיר אויסטיילנ דעמ כיילעק ברויט, וואָס דו האָסט מיט דײַנ מי פארדינט אונ וואָס דײַנ ביילע מיט איר מאנ האָבנ פארדינט, דו זאָלסט מיטנ קינד ניט הונגעריק זײַנ, נעמ, וואָס דו געפינסט פאר נייטיק פונעמ שטוביקנ גוטס, אונ וואָס דו וועסט לאָזנ, וועט אויב גאָר דער סוינע וועט עס ניט טשעפענ, אונ פאָר אוועק. דאָס גאנצע דאָרפ קאָנ דאָכ ניט אוועקפאָרנ. אונ אויב דו ווילסט ניט, איז בלײַב דאָ, וואָס ס'וועט מיט אונדז אלעמענ זײַנ, וועט זײַנ מיט דיר אויכ. קיינער וועט דיכ דאָ ניט ארויסגעבנ". מוישע האָט געשוויגנ, ער האָט ניט געזאָגט ניט יאָ, אונ ניט ניינ. א קלוגער מענטש איז ער געווענ, האָבנ לײַט געוווּסט, אז מע דארפ אימ די דאָזיקע רייד ניט איבערכאזערנ — ער האָט זיכ געמאכט אנ אויספיר: עפשער האָט ער ניט געוואָלט פארלאָזנ דאָס דאָרפ אינ אזא צײַט, ס'איז אימ טײַער געווענ, ווי אונדז אלעמענ. א ווערטעלע — א מענטש האָט אָפגעלעבט אזויפיל יאָרנ דאָ, אינערגעצ קיינמאָל זיכ ניט געקליבנ, אונ מיטאמאָל וועט ער גאָר אוועקפאָרנ. מיר האָבנ דאָכ אלע אזוי געקלערט. אונ עפשער האָט מוישע אויכ געוואָלט איבערפרוּוונ די קראפט פונ אונדזער אלעמענס

וואָרט, באַטש נײַנ, ער איז ניט אזא מענטש געווענ. מעגלעכ אויכ, אז דאָס לעבנ האָט שוינ בײַ אימ קײנ שום ווערט ניט געהאַט. ער האָט גאָרניט ניט געזאָגט, נאָר אינערגעצ זיכ ניט געקליבנ. שוינ פאַר דעמ, ווי די דײַטשנ זײַנענ צו אונדז אַרײַנ, האָט ער דאַפקע געזאָגט מײַנ זאַכאַרנ, אז ער וואָלט וועלנ ערגעצ אָפּשיקנ ביניאָמינקענ, נאָר ווּהינ, אז אַלע וועגנ זײַנענ שוינ געווענ אָפּגעשניטנ און אַלע קרויווימ אײַערע, וואָס האָבנ געוווינט אינ די דערבײַיקע שטעטלעכ, זײַנענ שוינ לאַנג אַוועקגעפאָרנ ווער ווּהינ. האָט זאַכאַר אימ געזאָגט: „ווער וועט משפּטנ א קינד. זאָל עס זיכ זײַנ דאָ, מאָמער וואָס, וועלנ מיר זאָגנ, אז ס'איז אונדזערס...“

א שוואַרצע קראָ מאַכט א האַלבנ קרײַז אַרומ דער סאָכנע, לײגט צונויפ די פליגל, שטרעקט אויס די פיסלעכ און נעמט אַראָפּלאָזנ זיכ אפנ קייווער־בערגל. מאַרפע הערט אויפ רײדנ, קוקט אומרויִק אפ דער קראָ. נאָר יענע האָט האַרט איבערנ בערגל א פוילבלעכנ מאַכ געטאָנ מיט די פליגל, א קראַקע געטאָנ, ס'האָבנ טעמפּ און זשעדנע א בלישטשע געטאָנ אירע קײַלעכדיקע אויגנ, — זי האָט זיכ אַוועקגעטראָגנ אינ פעלד, צו די קאָפּיצעס קאָרנ... מאַרפע האָט פאָרגעזעצט:

— די פאָדערשטע דײַטשישע טײלנ, וואָס זײַנענ דורכגעגאַנגענ אונדזער דאָרפ, האָבנ מיט די אײַנוווינער גופע זיכ אזוי ניט פאַרנומענ. דערופ איז בײַ זײ קײנ צײַט ניט געווענ. אַוועקגעקוילעט עטלעכע כאַזײרימ, אַרויסגעריסנ בײַ וועמענ, ניט געקוקט אפ די טרערנ און גוואַלדנ, די אײנציקע קו פונ שטיבל, אָפּגעדרײט די קעפּלעכ בײַ א פּאָר צענדליק הינער און געגנדז, איבערגעגעכטיקט, אָנגעפּאַסקודיעט, ווי עס האָט זיכ זײ פאַרוואָלט, און קאַיאָר אַוועק ווײַטער. נאָר אָט האָט דער פראָנט זיכ אָפּגעקײַקלט פונ אונדז. בײַ אונדז אינ דאָרפ האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט א צוויי צענדליק דײַטשנ. זײ האָבנ אַרויסגעטריבנ די באַלעבאַטימ פונ די הײַזער און אַלײנ זיכ אײַנגעאָרדנט אינ זײ. וואָס וועסטו טאָנ, וועסט זאָגנ, אז דו ווילסט ניט?

ביז ס'האָט זיכ אזוי געטומלט און געדרײט, האָט מוישע אינערגעצ זיכ ניט באַהאַלטנ, ער האָט זיכ געלעבט אינ זײַנ שטוב. פינצטער איז ער געווענ, ווי א כמאַרע, אזוי פאַרביטערט, דערשלאָגנ, עמעס, ניט געבויגנ זיכ, דעמ קאָפּ געטראָגנ שטאָלצ, נאָר דאָס פּאָנעמ — א פאַרומערטס און ווי ניט קײנ היגס. נאָר בײַ ווע־מענ איז דענ דאָס פּאָנעמ פרײלעכ געווענ? געקומענ א פרעמדער סופּאָסטאַט אפ אונדזער ערד, די קינדער פאַרטריבנ ערגעצ, אַלײנ באַלעבאַטעוועט ער דאָ, און דו ווײסט ניט, וואָס ער רעדט און ווענ ער וועט נאָכ דײַנ נשאָמע קומענ...

ס'האָט זיכ בײַ אונדז פאַנאַנדערגעטראָגנ א נײַס — די דײַטשנ שטעלנ אַוועק איבער אונדז אַלעמענ א סטאַראָסטע. אינ א טאָג אַרומ האָבנ מיר זיכ דערוווּסט, אז אינ דאָרפ איז געקומענ וואַכילי משומאַטש, מ'האָט אימ אַראָפּגעבראַכט אַהער אפ א דײַטשישנ מאָטאָציקל — דאָס איז ער טאַקע געווענ דער סטאַראָסטע. מיר האָבנ שוינ לאַנג פאַרגעסנ אינ משומאַטשנ, געמײנט, אז די ערד האָט אימ שוינ אײַנגעשלונגענ און אז דאָס געבײנ זײַנס פוילט שוינ. ווי טראָגט דאָס די ערד אפ זיכ אזא מערדער? קאָרג האָבנ מיר זיכ פריִער אָנגעליטנ פונ אימ, וויניק יעסוי־מימ האָבנ פאַרגאָסנ טרערנ? דערנאָכ האָט ער אונדז די גערעטעניש אונטערגע־צונדנ, ווענ ס'האָט זיכ בײַ אונדז געשטעלט א קאָלווירט. מע האָט אימ צוגענומענ, האָבנ מיר געמײנט, ער וועט פאַרפאַלנ ווערנ אינ אָסטראָג, — ערשט נײַנ! ער איז געקומענ ווידער אפ אונדזער בײזוונדער — א נאַהײַקע אינ דעמ דײַטשנ העמט. נאָר וועסט גײנ זאָגנ, אז דו ווילסט אימ ניט?

איצט האָט זיכ שוינ מוישע געמוזט באַהאַלטנ. אפנ צווייטנ אָדער דריטנ טאָג נאָכ דעמ, ווי משומאַטש האָט זיכ אומגעקערט, זײַנענ אינ אופּראַווע אַוועקגעפירט געוואָרנ עטלעכע אונדזערע אַקטיוויסטנ — צוויי פרויענ צווישנ זײ — און זײ זײַנענ ביז הײַנט ניטאָ. ווער ווײסט, וווּהינ זײ זײַנענ אַהינגעקומענ. מוישע האָט באַוויזנ אַריבערגײנ צו אונדז — זאַכאַר מײַנער האָט אימ אַלײנ באַהאַלטנ אינ קלוניע, צווישנ הײ. משומאַטש איז געקומענ צו מוישענ אינ שטוב, באַקוקט זי, און מענטשנ האָבנ געהערט, ווי ער האָט באַדויערט, וואָס דער ייִד האָט באַוויזנ אַנטלויפנ... קײנער

האָט אפילע מיט קיינ ווונק ניט ארויסגעגעבנ, אז מוישע איז דאָ. ריזשניק, דארפסטו וויסנ, איז ניט משומאמש, ריזשניק איז ריזשניק.

מוישע האָט ניט געקאָנט זײַנ די גאנצע צײַט אינ שמאל. די לעצטע צײַט האָט אימ א הוסט גענומענ דושענ, כוץ דעמ איז קאלט געוואָרנ, באזונדער אינ די נעכט, ס'האָבנ זיכ אָנגעהויבנ רעגנס. מיר האָבנ אליינ ניט געקאָנט דערלאָזנ דעמ געדאנק, איכ אונ זאכאר, אז מיר זאָלנ זיצנ אינ שטוב אונ מוישע — בא אונדז אינ שמאל. נו, ביניאָמקע האָט זיכ ניט געהאט וואָס צו באהאלטנ. ער איז געבוירנ געוואָרנ, ווענ משומאמש איז שוינ ניט געווענ אינ דאָרפ, אזוי אז יענער האָט ניט געקאָנט וויסנ, ווער דאָס יינגעלע איז. ביניאָמקע איז זיכ געזעסנ מיט וולאסיקנ אפנ אויוונ, אָדער אויסגעטאָנ זיכ אונ דעמ זיידנ באָרוועס אונ געלאָפנ אינ אונדזערע שטיוול אינ גאס. קינדער, וואָס פארשטייענ זיי? אלצ אָפטער אונ אָפטער פלעגט זאכאר מיר זאָגנ: „גיי, אָקאָרשט, מארפע, רופ ארײַנ מוישענ, זאָל ער מיט אונדז דאָ אופעסנ די קארטאָפל", אָדער — „גיי טו אימ א רופ, זאָל ער זיכ דערוואַרעמענ, קיינער וועט ניט אָנשפרינגענ אינ אזא צײַט". ווי־אזוי מוישע דארפ גיינ, האָבנ מיר שוינ געוווּסט — לענגויס דעמ פלויט איז בא אונדז געלעגנ כוואָראָסט, אזוי אז פונ שמאל ביז דער שטוב האָט מענ געקאָנט דורכגיינ אימבאמערקט, בלויז אינ איינ אָרט האָט מענ געדארפט כאָנ א לויפ א פאָר שפאנ. צוליב דעמ פלעגט מוישע ארופווארפנ אפ די פלייצעס זאכארס פעלצל, הויכ אונ דאר זײַנענ זיי ביידע געווענ, פונ א זײַט וואָלט מענ אלציינס ניט דערקענט, ווער דאָס איז. נו, אינ שטוב, ווענ עמעצער קומט גראָד אָנ, איז אויכ ניט שרעקלעכ — אינ ווינקל לעבנ אויוונ איז געווענ דאָס מירל אינ קעלער ארײַנ, ביז וואָס־ווענ קאָנ מוישע זיכ אהינ באהאלטנ. פלעגנ איכ גיינ אונ ארײַנרופנ מוישענ אינ שטוב. א פארטראכטער איז ער אלע מאָל געווענ, טראכט אונ טראכט, ווי ס'זאָל א ווייטעק אינ אימ וואקסנ, אונ מיר האָבנ שוינ אפילע מיט זאכארנ ניט איינ מאָל איבערגערעדט — סע קאָנ אימ אײַנברעכנ, מוישענ, שוינ צופיל פײַנ געמט ער אפ זיכ.

ער האָט ניט געוואָלט זיצנ אָנ ארבעט, מוישע. „וואָס זיצ איכ בא אײַכ אינ טו גאָרנישט?" — האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט מיט פארדראָס. ער האָט דערזענ, אז איכ רײַב קערנער אפ מעל אינ א מעשונעדיקנ קײַלעכדיקנ ריבײַזנ, וואָס איז אָנגעדרייט אפ א קלעצל, ארומגעקלאפט מיט בלעכ. די מיל האָבנ דאָכ די דײַטשנ פארברענט, האָבנ מענטשנ צוגעטראכט דעמ דאָזיקנ מינ ריבײַזנ. לאנג דארפ מענ מאָלנ אזוי, ביז מע באקומט ארויס א ביסל מעל. קעדיי פארזאָרגנ אפ א טאָג אונדזער קליינע מישפּאָכע, האָט מענ געדארפט גוטע צוויי שאָ מאָלנ. איז מוישע באשטאנענ אפ דעמ, אז מאָלנ מעל פאר דער שטוב וועט ער. ער קאָנ די דאָזיקע ארבעט טאָנ אינ שמאל, ס'וועט אימ זײַנ אי היימלעכער, אי וואַרעמער. אינ נאָכ אנדערע קלייניקײַטנ האָט ער זיכ צוגעטראכט צו טאָנ, אבי ס'זאָל אימ ניט זײַנ אזוי שווער דאָס זיצנ האָרט אונ פאנאנדערטרײַבנ די געדאנקענ. זאכארקע האָט מיר דאפקע געהייסנ געבנ אימ ארבעט. „לאָז ער טאָנ עפּעס, מוישע, ער איז געוווינט ארבעטנ, ס'איז גרינגער אזוי, מארפע", — פלעגט זאכאר מיר זאָגנ.

אָפט פלעגנ מענטשנ קומענ באזוכנ מוישענ, געוויינלעכ אלטע לײַט, אונ געוויינלעכ אייניקווײַז. מע רעדט זיכ דורכ מיט אימ, מע באטראכט די וועלט, מע ברענגט עפּעס א קלאנג, וועלכנ מ'האָט געהערט, אונ מע פרעגט אימ, ווי מיינט ער. אונ ער, מוישע, — בא אימ איז דער מייעכ קלאָר געווענ די גאנצע צײַט, — ער איז פעסט געווענ בא זיכ, געגלייבט, אז איר וועט קומענ. „אונדזערע קינדער, — האָט ער געזאָגט, — זײַנענ געוואקסנ פרײַע. זיי וועלנ קומענ צוריק, זיכ אָננעמענ מיט קראפט אינ קומענ. אנ אנדער זאכ, צי זיי וועלנ אונדז טרעפנ לעבעדיקע. נאָר דאָס איז שוינ ניט אזוי וויכטיק". אונ נאָכ אנדערע אזעלכע רייד פלעגט ער ריידנ.

מיט ביניאָמקענ האָט ער געלערנט אײַער שרײַבנ — ייִדיש. ער פלעגט אימ נעמענ צו זיכ אינ שמאל, אוועקזעצנ אינ היי אונ לערנענ שרײַבנ אונ לייענענ. צו מיר אונ זאכארנ האָט ער געזאָגט: „זאָל דאָס קינד כאָטש א ביסל קאָנענ די

דאָזיקע שפּראַכ. צי כ'וועל א מאָל באַווייזנ אויסלערנענ, ווייס איכ ניט, נאָר זאָל עס אינ זיכ האָבנ עפּעס מיינס...“

מיינ זאַכאַר האָט עפּעס א ביסל צוגעקרענקט. מיינער, ווייסטו האָכ אווודע, האָט פונ שטענדיק געהאַט א שוואַכקייט צו פישפּאַנג, אַלע זיינע יאָרנ געוויקט זיכ אינ טייכ, אינ זומפּנ, האָט ער זיכ געהאַלטנ מיט א רעווּמאַטיזם, וואָס פלעגט אים יעדנ מאָרגנ פונ די ביינער אַרויסציִענ. קוים ענדערט זיכ דער וועטער — קריכט ער אָפּ די ווענט. און דאָ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ רעגנס. דאָס מאָל האָט אים, חיזוק אויס, א גוט געטאָנ שטאַרקער, ווי געוויינלעכ. מיר זאָגט ער ניט, נאָר ער דאַרפּ מיר דענ זאָגנ, איכ זע אַליינ. איכ טו אים וואָס מע דאַרפּ — לייג אים הייסע זאַמד צו די קניכלעכ, פלעשער מיט וואַרעמ וואַסער צו די פיס. איכ לאָז אים ניט אַראָפּ פונ בעט. נו, בא דער קו אינ שטאַל האָט זיכ, זעט אויס, אָנגעקליבנ ציפיל מיסט. מוישע האָט דאָס אי ניט געקאָנט ליידנ, ווייל ער איז געזעסנ אינ שטאַל, אי ער האָט געוואָלט פאַר אונדז עפּעס טאָנ, האָט ער זיכ גענומענ אויס־רייניקנ די שטאַל. איכ געדענק זאַכאַרס ווערטער און זאָג אים גאָרנישט, זאָל ער רייניקנ. כ'האָב נאָר אַרופגעוואָרפנ אים אָפּ די פּלייצעס זאַכאַרס פּעלצל, אַז ס'זאָל פונ נאַס, אייב עמעצער וועט הויכגיינ, אויסקומענ, אַז האָט רייניקט זאַכאַר די שטאַל.

כימאַמאָל האָב איכ דערהערט א שטאַרקע זידלעריי אינ הויפ. כ'האָב געגעבנ א שפּרונג אַרויס אינ פאַרהייזל און בינ פאַרגליווערט געוואָרנ, גלייכ דערפילט, אַז איצט איז שוינ אַלצ פאַרלאָרנ. אינ הויפ איז געשטאַנענ וואַסילי טשומאַטש, לעבנ אים — א דייטש, און אַנטקעגנ, אָנגעשפּאַרט אָפּ דער ווילע — מוישע. זיי האָבנ אים געטראָפנ בא דער אַרבעט. ערשט דערנאָכ האָב איכ זיכ דערוווּסט: וואַסילי איז געקומענ מיטנ דייטש זיכ דערוויסנ, פאַרוואָס מיינ זאַכאַר גייט ניט אַרויס אָפּ אַרבעט, און זיי האָבנ פונקט אָנגעטראָפנ אָפּ מוישענ. שכייניס דער־ציילנ, אַז ער האָט זיכ אַזוי פאַרוווּנדערט צוערשט, דער מערדער, אַז ער האָט אווודע א מינוט ניט געקאָנט קיינ וואָרט אויסריידנ. דערנאָכ האָט ער געזאָגט צו מוישענ: „אָט ביסטו גאָר ווו, און איכ האָב געמיינט ביסט אַנטלאָפנ!“

מוישע האָט זיכ ניט דערשראָקנ פאַר אים, ניט פאַרלוירנ זיכ, ער האָט געזאָגט:

— כ'האָב געוווּסט, וואַסילי, אַז כ'וועל דיכ באַגעגענענ. כ'האָב לאַנג געוואַרט אָפּ דיר בא זיכ אָפּנ בוידעמ. נאָר מענטשנ זאָגנ, אַז דו ביסט איצט בלינד אָפּנ רעכטנ אויג נאָכ מער, ווי אָפּנ לינקנ (טשומאַטש איז קאָסאָקע אָפּ איינ אויג), זעסט גאָר ניט, אַז אָפּ די דייטשנ וועט גיכ קומענ א סאָפּ און אַז דיכ וועלנ לייט אויפהענגענ אָפּ דער ערשטער אָסינע, דו זעסט אפילע ניט, אַז בא זיכ אָפּנ בוידעמ זיצט א ייִד און וואַרט אָפּ דיר. און אַמאָל פלעגסטו אפילע רעדנ, בא וועמענ כע טריקנט זיכ א פעל אָפּנ בוידעמ און אַראָפּנעמענ זי באַנאַכט (געווענ אַזא כעט בא וואַסילנ). נו, איצט איז קיינ כידעש ניט, וואָס דו האָסט מיכ דער־זענ — כ'בינ אַראָפּגעקראָכנ אַנטלייענ א ווילע באַם שאָכנ, און שוינ גענומענ זיכ אויסרייניקנ אים דעמ שטאַל, ווייל ער ליגט צו בעט... איי, וואַסילי, וואַסילי, אַז דיינ מאַמע האָט געשוואַנגערט, האָב איכ גאָר ניט געוווּסט, וואָס פאַר א שטיינ זי טראָגט אינ בויכ... נו, הייס דעמ דייטש, ער זאָל מיכ פירנ!

מ'האָט פאַרנומענ ניט נאָר מוישענ, נאָר אַרויסגעשלעפּט פונ בעט אויכ מיינ זאַכאַרנ און ביידע זיי אַוועקגעפירט אינ פעלד. דאָ בא דער סאָסנע האָט מענ מוי־שענ געהייסנ גראָבנ א גרוב, גראָבנ מיט דער ווילע, קיינ לאָפּעטע האָט מענ אים ניט געגעבנ. נאָר דערנאָכ האָט די דייטשנ זיכ אויסגעוויזנ צו לאַנג דאָס וואַרטנ, האָט מענ געשיקט נאָכ א לאָפּעטע, געגעבנ זי מוישענ אינ די הענט און געהייסנ אים גראָבנ שנעלער. ער האָט געגראָבנ שיווייגנדיק. ווענ די גרוב איז שוינ געווענ טיפ גענוג, האָט מענ אים באַפוילנ אויפהערנ גראָבנ און אַוועקלייגנ זיכ אינ איר. מיר האָבנ געמאַכט א גוואַלד, די עלטערע פרויענ און אַלטע דאָרפס־לייט, וואָס זיינענ דאָ געווענ. מוישע האָט אויפגעהויבנ די הענט און א געשריי געטאָנ צו

אונדז: „נו, מענטשנ פײַערע, איר זאָלט נאָכ דערלעבנ גוטס“... ער האָט זיכ אראָפּגעלאָזט אינ גרוב. אונ דאָ איז פאָרגעקומענ דאָס סאַמע שרעקלעכסטע: מײַנ זאַכארנ, װעלכנ די דײַטשנ האָבנ די גאַנצע צײַט געהאַלטנ אפּ די פיס ניט װײַט פונ גרוב, האָט מענ ארײַנגעשטופּט די לאָפּעטע אינ די הענט אונ מיט צײכנס אים באַפוילנ, ער זאָל נעמענ פארשיטנ. װאַסילי טשומאַטש איז געשטאַנענ דערבײַ, געשטאַנענ דער שװאַרצער, אונ זיכ אפילע קײנ ריר ניט געטאָנ. זאַכאַר האָט אָפּגעװאָרפנ די לאָפּעטע אינ א זײַט. ער האָט באַקומענ מיט א פויסט אינ באַק. דער דײַטש, װאָס האָט אים געגעבנ דעמ קלאַפּ, האָט אים װידער אונטערגעטראָגנ די לאָפּעטע אונ, א טופּע טוענדיק מיט דעמ פוס, געהײסנ פארשיטנ.

— גײנ, איכ קאָנ אפּ מײַנ געשאָמטע אזא מינ זינד ניט נעמענ! — האָט זאַכאַר אים געענטפערט הויכ. ער האָט ארײַנגעקלאַפּט די לאָפּעטע אינ דער ערד, איז פעסט צוגעגאַנגענ צו דער גרוב אונ געזאָגט, — בעסער זאָל מענ מיכ שױנ דאָ אויכ פארשיטנ... כ'האָב דרײַ זינ אינ דער רויטער ארמײ, װי מײנסטו, מוישע, דאָס איז װײניק, אז א דײַטש זאָל מיכ אינ גרוב פארשיטנ?

מ'האָט אים װידער גענומענ שלאָגנ איבערנ קאָפּ, איבער די פּלײצעס, נאָר ער האָט זיכ אפילע ניט אָפּגעקערט אונ פונ זײַנ װאָרט ניט אָפּגעטראָטנ. איכ האָב ניט געשריגנ, שװײַגנדיק צוגעקוקט דאָס אלצ, קעדײ מיט מײַנ געשרײ קײנ איבעריקנ װײטעק אים ניט פארשאַפנ. מיטאַמאָל האָבנ די דײַטשנ זיכ איבערגעװאָרפנ מיט עטלעכע װערטער, אײניקע פונ זײ האָבנ זיכ צעלאַכט, מ'האָט באַפוילנ מוישענ ארויסקריכנ פונ גרוב אונ זאַכארנ באַװיזנ, ער זאָל אהינ קריכנ.

— זאַכאַר! — האָב איכ א געשרײ געטאָנ אונ זיכ א ריס געגעבנ צו אים. ער האָט א מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט, עס האָט געהײסנ — ניט דײַנ זאַכ, מיש זיכ ניט! — א שאָקל געטאָנ צו די פארזאַמלטע מענטשנ מיטנ קאָפּ אונ זיכ אראָפּגעלאָזט אינ גרוב. מוישענ האָבנ די דײַטשנ דערלאַנגט דעמ זאַסטעפּ אונ באַפוילנ:

— פארשיט....

א צעפּאַטלטער איז ער געװענ, מוישע, מיט גלעזערנע אויגנ. די מינוטנ, װאָס ער איז געלעגנ אינ גרוב, האָבנ אים שטאַרק געענדערט. ער האָט מיט ציטעריקע הענט גענומענ די לאָפּעטע, געשטאַנענ א רעגע שװײַגנדיק לעבנ באַרג ערד, דערנאָכ אָנגעבויגנ זיכ, אָנגענומענ א זאַסטעפּ ערד אונ געזאָגט צו זאַכארנ:

— זײַ אפּ מיר ניט ברוגעז, זאַכאַר... עפּשער האָב איכ װענ א װאָרט אָנ איבעריקס געזאָגט... צװישנ שכײנים מאַכט זיכ... איז זײַ מיר מוחל... אונ אָט איצט — עפּשער ביסטו דורכ מיר אָט דאָ אינ גרוב... אונ איכ מוז... א מענטש איז שװאַכ...

— שיט, מוישע, שיט גיכער, ניט דו האָסט מיכ געלײגט אינ גרוב...

— יאָ, ניט איכ... — מוישע האָט מיטאַמאָל זיכ געגעבנ א גלײַכ אויס, א שאָט געטאָנ די לאָפּעטע ערד דעמ דײַטש, װאָס איז געשטאַנענ דערבײַ, אינ פּנים ארײַנ, פארשאָטנ אים אלצ — דאָס מויל, די אויגנ; אויפגעהויבנ די לאָפּעטע איבערנ קאָפּ אונ א װאָרפ זיכ געטאָנ מיט איר צו װאַסילנ, נאָר דאָ האָט א טראַסקע געטאָנ אנ אויטאָמאַט, די דײַטשנ האָבנ געמאַכט א טומל, ארויסגעכאַפּט דאָס געװער אונ געשאָסנ אינעמ שוינ טויטנ מוישענ. א דײַטש איז צוגעלאָפנ אונ עטלעכע מאָל אויסגעשאָסנ אינ גרוב, אינ זאַכארנ. כ'האָב זיכ א װאָרפ געטאָנ צו װאַסילנ, די אויגנ אויסדראַפּענ אים, נאָר כ'בינ אומגעפאַלנ, די שײַנ האָט זיכ אויסגעלאָשנ פאַר מיר...

אינ דער אײגענער גרוב האָבנ די דײַטשנ ארײַנגעװאָרפנ אויכ מוישענ אונ אפילע זי ניט פארשאָטנ ביז ארופ. מענטשנ האָבנ שױנ דערנאָכ זי פארשאָטנ אונ פארגלײַכט דאָס בערגל דאָ. אונ אזוי ליגנ זײ דאָ בײדע אינ דער דאָזיקער ערד...

מארפע איז אנשװיגנ געװאָרנ. די צעקנײטשטע הויט האָט זיכ צונויפגעצויגנ אפּ אירע באַקנ. די אויגנ האָט זי מיד צוגעמאַכט. נאָר באַלד האָט זי זײ געעפנט, ס'האָט אינ זײ געלויכטנ א קאַלט געקאָמטע-פײַערל:

— קומ, — האָט זי געזאָגט, — אויב דו ווילסט, קאָנ איכ דיר באווײַזנ וואסילי פּשומאמשס סאָפּ. ער ליגט אָט דאָ א געשוואָלענער אינ א קאנאווע... נאָר עס לוינט אפילע ניט קוקנ אפּ דעמ דאָזיקנ הונט... מירנ צוגיינ אינ וואלד, כ'וועל דיר באווײַזנ ביניאָמקענ, אונ וועסט ביכלאל א קוק טאָנ, וווהינ ריזשניק קומט זיכ צונויפ...

מיר זײַנענ אוועק דורכנ יונגנ יאָדלע־וועלדל צומ אלטנ טונקעלנ סאָסנע־וואלד, וואָס האָט זיכ געצויגנ ווײַטער. צווישנ די שטאמענ האָב איכ דערזענ איבערגעצויגענע שטריק, אפּ זיי האָט זיכ געטריקנט גרעט, אונ עס זײַנענ געהאנגענ פּארשיידענע שמאטעס, דאָ אונ דאָרט זײַנענ צו די שטאמענ געווענ צוגעקלאפּט קאָלדרעס, לײַלעכער, אָנגעצויגענע, ווי דעכלעכ אונ ווי ווענטלעכ פונ בײַדלעכ, שפּײַמערס האָבנ גערויכערט, ווו־ניט־ווו זײַנענ אינ די קוסטעס געשטאנענ צוגעבונדענע בעהיימעס, ציגנ, אפּ א נידעריקנ צווײַג פונ א בוימ האָט זיכ געהוידעט א קינדער־ליולקע, אונ א בלאָנד מיידעלע פונ א יאָר זיבנ מיט דינע צעפּלעכ אונ מיט א ליכטיק פּענעמל האָט, זיצנדיק אפּ דער ערד, מיט א שטריקל, וואָס איז געווענ צוגעפעסטיקט צו דעמ פוס, געוויגט די ליולקע אונ מיט דער האנט אײַנגעשטילט א שמאטעריקע ליאלקע, וועלכע איז געלעגנ אפּ א געלעגער פונ שישקעס אינ גראָז. אינ וואלד איז געווענ טומלדיק. עס האָט געקלונגענ פונ שטימענ.

— אָט דאָ קלײַבט זיכ צונויפּ ריזשניק, ווער עס האָט זיכ באהאלטנ פונעמ דײַטש אָדער ווער עס האָט באוויזנ אנטלויפנ פונ אימ אינ וועג... נישקאָשע, ריזשניק וועט זיכ אופהײַבנ! — האָט מארפע געזאָגט.

פלוצעמ האָט זיכ א שמייכל צעגאָסנ איבער איר ביינערדיק געזיכט:

— אָט זײַנענ זיי, ביניאָמקע אונ וואָלאסיק...

פונ הינטער א קוסט זײַנענ ארויסגעלאָפנ צוויי יאָטלעכ פונ א יאָר זעקס אינ קורצע, צעריסענע הייזלעכ, וואָס האלטנ זיכ אפּ שטריקלדיקע שלייקעס, אינ אויסגעצווימעטע, פּארוואשענע העמדלעכ, אײַנער — מיט א קאָפּ פּארשײַטע קאשטאנעווע קוטשערנ, א לענגלעכ פּאָנעמ, פרייִלעכע אויגנ — ביניאָמקע, דער צווייטער — מיט ווײַסע, גלאטע האָר אפּנ קעפּל, א קײַלעכדיק פּאָנעמ, ליכטיקע, פּארטרוילעכע אויגנ אונ א פּאריסנ נעזל... זיי האָבנ געפירט אנ אויסגעדארטנ הונט אפּ א שטריק.

— אָ, באָבע! — האָבנ ביידע ייִנגלעכ מיטאמאָל א געשריי געטאָנ, — באָבע, מיר האָבנ געכאפּט א דײַטש... וו זאָלנ מיר אימ פּארשפּארנ?.. נו, גיי גיכער, — האָבנ זיי גענומענ אונטערשטופּנ דעמ הונט, וואָס האָט זיכ אלע מאָל פויל צונעזעצט אפּ די הינטערשטע לאפּעס, ניט געוואָלט גיינ, — געשפּאנט, געשפּאנט. נו, דו! — די כעווּרע האָבנ באטראכט מיכ, מײַנ מיליטערישע אוניפאָרמ אונ שוינ אָנ באזונדערנ כיישעק אוועקגעשלעפּט דעמ הונט צווישנ די קוסטעס.

מארפע האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ:

— די וועלט איז א וועלט, וועסט זי ניט אומברענגענ אונ ניט אויסקאָרטשעווענ...

אוגוסט, 1943.

אָפּערירנדיקע ארמיי.

—★☆★—

מ. גרוביאַנ

# בייזע לידער

I

ווענ אפ מײַנ ביקס געפאלנ כ׳בינ אינ בייזער שלאכט,
האָט צו מיר פונ באנאכט
א שטערנדל פונ הימל זיך צעלאכט.
וואָס קאָנ א מענטש זיך ווינטשנ נאָך:
באם טויטנ בערגל פאלנ ווי א שטערנ,
עס זאָל די גאנצע ערד פונ אים באלויכטנ ווערנ.

ווי ליב — האָב איך געטראכט —
איז גײנ פאר דיר, מײַנ פאָטערלאנד, אינ שלאכט,
אז אויך א רעגע פארנ טויט
עס האָבנ זיך ניט אָפגעטאָנ פונ מיר
צום לעבנ די באגערנ,
וואָס נערנ מיך אונ דיר געהערנ
אונ וועלנ קיינמאָל, קיינמאָל ניט פארלאָשנ ווערנ.

II

אפ איינ בוים אינ סאָד הערט יעדעס בלעטעלע א קלונג פונ שטערנ,
אפ א צווייטנ בוים דער בלאט שלאָפט אינ עפל-גאָלד-שײַנ אונ וויל קיינ זאך
ניט הערנ;
אפ א דריטנ בוים דערלעבנ קוים די בלעטער די בלאָווקײַט פונ טאָג,
צו טרינקענ ביז שיקרעס די פרישקײַט, וואָס יאָגט;
אפ דעם פערטנ בוים זײַנענ קיינ בלעטער ניטאָ, ער דארט שוינ אזוי דעם דריטנ
זומער.
א קראָ איז צו זײַנע קרוינענ-שפיצנ א ביסעלע זיצנ געקומענ,
האָט ער אזא יונגנ ציטער געטאָנ מיט אלע זײַנע דארע צווײַגנ אינ מײַנ שויב.
דאָס כאָלעמט זיך אים ווידער בלעטער-וווקס אינ א געראָטנ יאָר
אונ אז די קראָ, וואָס אפ אים זיצט, איז א טויב.
דעם דריטנ זומער שוינ, אז איך קוק אויס נאָך מײַנ פרוי אונ קינד די אויגנ,
פארבײַ מיר איז אפילע די קראָ די שווארצע אויך ניט דורכגעפלויגנ.

סענטיאבער 1943 יאָר.

## III

אתדז האָט גאָרניט געפּעלט, געהאט מיר האָבן אלץ,
סײַ ברויט און סײַ פּאטראָנעס,

און אין פעלד בא צאריצין א טעלערל זאלץ
האָט איבערגעקערט די לעוואָנע.

מיט שטאָל און מיט כאיל געגורט איז דאָס פעלד,
דער פײַנט האָט אין קלעם אונדז געבונדן.

מע וואָלט טונקען דאָס ברויט, נאָר זאלץ האָט געפעלט,
און דער וועג און די וועלט איז אונטערגעצונדן.

און וואָכן אזוי פון גרוב צו גרוב
מיר פויזען ארום אין דעם שוץ-רונג דעם ענגן.

קיין גרײַפּעלע זאלץ פארן קעסעלע זופּ
וועט קײנער אהער דיר ניט ברענגען.

צינגא קומט אראָפּ און באהערשט, און באפאלט,
און אונטער די צײנער זיך וואָרצלען די ווייען.

פון אונטער פּאָדעשווע דעם סקריפּ פון שנייען
מע הערט און מע קוקט, צי ס'איז ניט קיין זאלץ...

ווען מע וואָלט איצט געקאָנט פארגעסן אין אלץ,
בלויז דעם טאם פון א מאָנעלע זאלץ זיך דערמאָנען,

און אין פעלד בא צאריצין א טעלערל זאלץ
האָט איבערגעקערט די לעוואָנע.

דער טויט און די נויט ס'זיך געזעצט אפן קארק,
און ארום און פארבײַ נאָר בלײַ און פײַער.

נאָר מיר זײַנען געשטאנען אין אָקאָפּעס שטארק,
ווי יונגע צײן אין מויל בא יונגע כײַעס.

## IV

אז געבליבן איז פון אונדזער היים
א בערגעלע אש — ניט מײן,
קאָנען מיר דאָך קיין וואזאָנעס
אין די פענצטער ניט שטעלן.
וויין, מײַן טײַערע, וויין,
הימל און ערד דײַנע טרערן,
ווי דימענטן, קלויבן איצט וועלן.

אז געבליבן איז פון אונדזער גאָרטן
איין פּניאָק פונעם עפּלבוים, ניט מײן,
קאָנען מיר דאָך אין שאָטן זײַנעם
מיט דיר ניט זיצן.
וויין, מײַן טײַערע, וויין,
הימל און ערד פון דײַנע טרערן
מיט בלויזע מעסערס איצט בליצן.

## V

(פאָלקס-מאָטיוו)

טאָמער פאראטסטו מיך, טײַערער,
וועל איך דיך מיט גאָרניט שעלטן.

אלע טאָג זאָלן גײן דורך דײַן גאס לעווײַעס,
כאסענעס זען זאָלסטו זעלטן.

טאָמער פאראטסטו מיך, טײַערער,
זאָל דײַן עפּלבוים בערג מיט עפּל טראָגן.

פון דרויסן יעדער עפּעלע — גאָלד און פײַער,
און אינעווייניק — א ווערעמל א קליינס זאָל נאָגן.

טאָמער פאראטסטו מיך, טײַערער,
זאָל איבער דײַן דאך ניט פליִען קיין שטערן,

אויב ליכטן וועט יאָ דיר ווען פײַער,
זאָל עס זײַן פון דײַנע אייגענע טרערן.

## VI

זײַנען זיי, זײַנען זיי,
די טײַבעלעך, פון טויבנשלאק צע-
פלויגן,
און דער בוים
מיט א שטריק אפן האלדז
שטייט דעם קאָפּ אראָפּגעבויגן.

האָב איך מוירע צום טויבנשלאק
אופהייבן די אויגן...

זײַנען זיי, זײַנען זיי,
די שניי-ווײַסע טײַבעלעך,
מיט בלוט געפרוּווט,
מיט אש באצויגן.

און זייער נעסט אין גרינעם צווײַג-געוועב
איז מיט א בייזן ווינט צעפלויגן.

האָב איך מוירע צום טויבנשלאק
אופהייבן די אויגן...

זײַנען זיי, זײַנען זיי,
מײַנע יוגנט-יאָרן, מײַנע טײַבעלעך,
אויך מיט בלוט געפרוּווט,
אויך מיט אש באצויגן.
און מײַן היים אין גרינעם צווײַג-געוועב
איז מיט א בייזן ווינט צעפלויגן.

ווערט די ליד א פײַל בא מיר,
און דאָס הארץ — א בויגן.

★☆★

לייזער קאצאָוויטש

# מיר וועלנ צוריקקומענ

(פראגמענטנ פונעם בוכ „די מישפּאָכע")

## I

דעם זאוואָד האָט מענ עוואַקויִרט אינ א זומערדיקנ, רעגנדיקנ טאָג. מענטשנ, דורכגעווייקטע אפ דורכ אונ דורכ, האָבנ אײַלנדיק געלאָדנ די זאוואָדישע אויסשטאַטונג אפ די פּלאַטפאָרמעס פונעם לאַנגנ פראַכט-צוג. דער גערודער פונ אווטאָמאָבילנ, דער געפּיפּ פונ לאָקאָמאָטיוונ אונ די קוילעס פונ די מענטשנ האָבנ זיכ געמישט מיטנ גערויש פונעם גוסרעגנ אינ אײנ אלגעמײנעם, ניט קלאָרנ גערודער.

אונ דאָ דערבײַ — בא די טעפּלושקעס — האָבנ זיכ געפּאַקט די געזינדנ פונ די אַרבעטער. פרויענ מיט קלײנע קינדער אפ די הענט, אײַנגעוויקלטע אינ זומערדיקע קאָלדרעס, זײַנענ פאַרהאַוועט ארומגעלאָפנ פונ וואַגאָנ צו וואַגאָנ, זוכנדיק מיט אומרויִקע אויגנ זײערע קרויווים. דורכ דעם געדיכטנ רעגנ איז שווער געווענ צו געפינענ די טעפּלושקע, ווו ס'איז געבליבנ זיצנ די באָבע מיטנ פּאַק בעטגעוואַנט, אָדער דאָס קינד, וועלכנ מע האָט שטרענג פאַרזאָגט ניט רירנ זיכ פונ אָרט אונ היטנ דעם משעמאָדאַנ.

מענטשנ האָבנ אינ אײַלעניש געשלעפּט אפ זיכ פונ בײַוואָקזאַל-פּלאַצ דאָס ביסל גוטס זײערס, וואָס זײ האָבנ באוויזנ צו פאַרכאַפּנ מיט זיכ אונ, אַרײַנוואַרפנדיק די זאכנ אינ וואַגאָנ, שווער אָטעמענדיק, האָבנ זײ אראָפּגעלאָזט דעם מידנ גופ אפ א פּאַק אונ געבליבנ זיצנ אָנ קויכעס.

סערעדאַס אונ פײַנשטײַנס געזינדנ האָבנ צוזאמענ פאַרנומענ א טעפּלושקע.

נאָכ באגינענ, ווענ אפ דער שטאָט זײַנענ מיט אנ אימפּעטדיקנ גערודער אָנגעפלויגנ דײַטשישע אעראָפּלאַנענ אונ אפ די פּוסטע גאסנ האָט עלנט ארומגעשפּאַצירט דער ווינט, זײַנענ מאַקאַר סערעדאַ אונ איטשע פײַנשטײַנ אוועקגעלאָפנ פונ זאוואָד צו זיכ אהײמ. דער הילכיקער געקלאַפּ פונ זײערע שווערע שטיוול האָט זיכ אַרײַנגעריסנ אינ די קעלערס אונ ערשטע שטאָקנ, ווו מענטשנ האָבנ אומרויִק געוואַרט אפ „אָטבאָי". איטשע אונ מאַקאַר זײַנענ געלאָפנ ניט אומקוקנדיק די זאכנ אינ וואַגאָנ, שווער אָטעמענדיק, האָבנ זײ אראָפּגעלאָזט דעם מידנ מאלבושים האָבנ אָפּגעגלאַנצט מיט פאַרטריקנטע שוואַרצע בוימל-פלעקנ.

סערעדאַ אונ פײַנשטײַנ האָבנ געוווינט בישכײנעס. אונ יעדערער פונ זײ האָט, אַרײַנגעקומענדיק צו זיכ אינ שטוב, בעכיפּאָזנדיק אונ פאַרזאָרגט, געגעבנ צו וויסנ וועגנ אָפּפאָר.

זאָסיע, סערעדאַס ווײַב, — א הויכע אונ א מאָגערע מיט א ברײטבײנערדיק פּאָנעם, האָט זיכ דעמלט געײַסעקט מיטנ אלטנ קיכ-אלמערל. זי האָט אימ אויסגעליידיקט אונ אויסגעטרײסלט די טישקעסטלעכ. נאָר סערעדאַ האָט זיכ אָפּגעזאָגט צו נעמענ מיט זיכ דאָס קיכ-אלמערל. ס'איז אלעמענ שטרענג אָנגעזאָגט געוואָרנ נעמענ נאָר דאָס סאמע נײטיקסטע.

— וועסט זיכ באגײנ אָנ דעם אלמערל, — האָט ער צו איר א זאָג געטאָנ אונ זיכ אָנגעכמורעט.

— וועל איך גאָר ניט פאָרן! — האָט זאָסיע געענטפערט, גלײַך ווי דאָס וואָלט זי באַלײדיקט.

דעמלט איז סערעדאַ ווי אַ בער צוגעגאַנגען צום אַלטערל, אויפגעהויבן עם און מיט אַלע קוילעס אַ שלײַדער געטאָן אָן דער ערד.

— אָט! — האָט ער רוגזדיק אַ זאָג געטאָן, אָנווײַזנדיק אויפן קיכ-אַלטערל, וואָס האָט זיך געבעט צעשאָטן אויף שטיקלעך...

פײַנשטיין איז אַרײַנגעפאַלן צו זיך אין שטוב אָן אָטעם.

— גיטע! — האָט ער אײַנגעשריִען און האָט זיך פאַרהוסט, שווער אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, — מיר פאָרן! הערסט, מיר פאָרן! וואָס זיצסטו וואָס?

גיטע האָט מיט גרויסע, פאַרוווּנדערטע אויגן אַ קוק געטאָן אויפן מאַן און אײַמעדיק שטיל אַ פרעג געטאָן:

— וווּהין וועלן מיר פאָרן?

ער האָט פון אונטער די ברעמען באַטראַכט זײַן ווײַב. זי איז געווען היפּש נידעריקער פון אים. אַ דיקע, אַ זשוואַווע, אויף זייער הויכע קאָרקעס און גאָר הויך פאַרקעמט.

— ווודין? — האָט פײַנשטיין אַ זאָג געטאָן און האָט פאַרזשמורעט די אויגן. — דאָס איז אַ מיליטערישער סאָד. הערסט? — און האָט אויסגעלאָזט מיט קאַעס. — ניטע, דאַרפסט איבעריקע דיבורים?

— ניין, — האָט זי מיט טרערן אויף די אויגן געענטפערט, — איך דאַרף ניט קיין איבעריקע דיבורים... אַ דאַנק דיר, גאָט, פאַר אַלץ און פאַר דאָס אויך...

זי האָט זיך טײַקעף אַ לאָז געטאָן איבערן צימער מיט דריבנע, גיכע טריט.

— לייבקע! — האָט זי אַ געשריי געטאָן צום זון. — קלײַב אויף די קישנס!

און ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק צום אָפּפאָר: די פאַרפּאַקטע טשעמאָדאַנעס, קערב און פּעק זײַנען שוין געווען צעטיילט צווישן די מיטגלידער פון ביידע מישפּאָכעס, האָט זיך ערשט דעמלט דער זיידע מאַראָס, סערעדאַס פאָטער — אַרומגעזוכט און האָט פּלוצעם געמאָלדן, אַז ער פאָרט ניט.

ער איז געזעסן אין ווינקל און פאַרלאָרן אײַנגעקוקט זיך אין אַלעמענס פּנים. ס׳האָט זיך אים ניט געוואָלט אוועקפאָרן פון דער היים. ס׳האָט זיך אים ניט געוואָלט פאַרלאָזן די שטאָט, פון וועלכער ער איז אויף לעבן ניט אַרויסגעפאָרן. ס׳איז אים ביז ווייטעק געווען פאַרדראָסיק אוועקצופאָרן ערגעץ אין אַ נײַ, אומבאַוווּסט לעבן.

— ווייסט איר וואָס, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ ציטערדיק קאָל, — פאָרט, קינדערלעך, אָן מיר...

דעמלט ערשט איז אויף אַלעמען אָנגעפאַלן אַן אימה. אין שטוב האָט גע-הערשט אַ פאַרוווּנדערטע שטילקייט. מער ניט דער פאָטער פאָטעדיקל פונעם אַלטן זיי-גער, וואָס איז געבליבן הענגען אויפן וואַנט, האָט הילכיקער ווי שטענדיק געציילט די לעצטע מינוטן, וואָס דעמי געזינד איז פאַרבליבן צו פאַרברענגען אין דער היים.

נאָר די באָבע מאַריליע האָט ניט אויסגעהאַלטן. זי האָט זיך געשמעלט* הענגען זיידן, אַ פּוטולע, מיט אַ שטרענג פּאָנעם, וואָס איז געווען אין איינע קנייטשן און האָט געהאַט אַן אויסזען פון אַן אויסגעטריקנטער באַר.

— וואָס ווילסטו נאָך אויסטראַכטן, אַלטער! — האָט זי בייז געזאָגט. — ב׳איז אַזוי אויך גוט אויפן האַרצן, דאַרפסטו נאָך אונדז מאַטערן? ווילסט אונדזער בינדן די הענט? בינדר!

דער זיידע האָט אויף איר אַ קוק געטאָן אַ דערשלאָגענער, אויפגעהויבן זיך, צו-געגאַנגען צום פענצטער, און זײַנע אַקסלען האָבן עטוואָס אַ ציטער געטאָן.

— אויף וואָסערע שיידים דאַרפט איר מיך האָבן? — האָט ער אַ בריקע געטאָן מיט אַ פאַרביטערטער בייזקײַט. — לאָזט מיך צורו!

נאָר קיינער האָט זיכ ניט גערירט פונ אָרט, מע איז געזעסנ, ווי פארשטייט, אינ געקוקט אפנ זיידנ, מוירע האָבנדיק אָנצורירנ אימ מיט אנ איבעריק וואָרט. מע האָט געטראכט — ער וועט זיכ אליינ ארומזענ. דער זיידע האָט ליב געהאט אָפּטמאָל ארויסווייזנ מאָדנע גענג: פּלוצעמ זיכ צעקאעסנ, ניט געשטויגנ, ניט געפלויגנ און צעשרייענ זיכ גלאט אינ דער וועלט ארייַנ. בעסער אז מע שווייגט אימ. דעמלט זעט ער זיכ אליינ ארומ, אז ער איז אומגערעכט, הייבט אָנ שמייכלענ און ווערט צארט און מילד ווי א קינד. מע האָט געקוקט אפנ זיידנ און באגלייט אימ מיט די אויגנ צו דער טיר. ער איז געגאנגענ פּאמעלעכ, טאפּנדיק מיט אנ אייבגעשטרעקטער האנט דעמ וועג, ווי א בלינדער.

ארויסגעקומענ אפ דער גאס, איז ער אנ עלנטער ארומגעגאנגענ איבערנ טראָטואר. ער האָט זיכ שווייַגנדיק געזעגנט מיט דער היימ, מיט דער גאס. אינ דער הייכ האָבנ גערעוועט דייטשישע אעראָפּלאנענ. דער זיידע האָט זיכ אָפּגעשטעלט, א קוק געטאָנ מיט האס אפנ הימל, וועלכער איז געווענ פארזייט מיט ווייסע קנייַלנ פונ אופגעריסענע סנאריאדנ, און אופהייבנדיק די פויסטנ, האָט ער מיט סינע אויסגעשריענ:

— אויסווורפנ!

פונעמ אעראָפּלאנ האָט זיכ צעהילכט א קוילנוואָרפער און האָט פארטויבט זייַנע הערמער.

דער זיידע איז געפאלנ מיטנ פּאָנעמ צו דער ערד.

און ווענ סערעדא און פייַנשטיינ האָבנ ארייַנגעטראָגנ דעמ פארבלוטיקטנ אלטנ אינ שטוב ארייַנ און אימ אוועקגעלייגט אפ זייַנ בעט, האָט ער נאָר באוויזנ א זאָג צו טאָנ:

— פאָרט אייַכ געזונטערהייט!

און האָט אפ אייביק צוגעמאכט די אויגנ.

אזוי האָט דער זיידע טאראס „צעבונדנ די הענט“ דעמ געזינד.

II

צווישנ וואָקזאל און דעמ עשעלאָנ איז געשטאנענ גרייט אָפּצוגיינ א פּאסאזשירצוג. די טאמבורנ, די קופּעענ און די קאָרידאָרנ זייַנענ געווענ פול געפּאקט מיט מענטשנ, מערסטנטייל — פרויענ און קינדער. נאָר מענטשנ האָבנ זיכ נאָכ אלצ געשפּארט און געשטויסנ פּאָרויס, היצנדיק זיכ און פּאָכענדיק מיט די הענט. איינציקע האָבנ געשלייַדערט זייערע פּעק דורכ די פענצטער און, אופהייבנדיק איבערנ קאָפּ קינדער, איבערגעגעבנ זיי די, וועלכע ס'האָט אָפּגעגליקט און זיי האָבנ זיכ שוינ ארייַנגעכאפּט אינ וואגאָנ. און ערשט נאָכדעמ אליינ, צעשמייַעט אינ צעשויבערט, ארבעטנדיק אָנ אופהער מיט די עלנבויגנס, געסטארעט זיכ ארייַנקריכנ באָטשבי אינ טאמבור.

דער ארומ האָט געווימלט ווי א מורעשקעס-הויפנ. פונעמ וואָקזאל-פּלאצ האָט מענ געשלעפּט אפ זיכ פּעק און, איבעריאָגנדיק איינער דעמ צווייטנ, געאייַלט צו די עשעלאָנענ. ס'האָט זיכ געדאכט, אז ס'וועט צו דעמ קיינ סאָפ ניט נעמענ. צומ עשעלאָנ איז שוינ אפילע געווענ צוגעטשעפּעט דער לאָקאָמאָטיוו. ער האָט הילכיק און אויסגעצויגנ א פייַפ געטאָנ. דער פייַפ האָט אָנגעוואָרפנ אנ אומרו אפ אלעמענ. מע האָט אפגיכ גענומענ קלעטערנ איבער די ביפערס, פויזענ אינטער די וואגאָנענ און, ארויסקומענדיק אפ דער אנדערער זייַט, אייַנגעשמירטע אינ בלאָטע און שווארצנ בוימל, געלאָזט זיכ לויפנ אָנ א נעשאָמע צו די טעפּלושקעס.

דער דירעקטאָר פונ זאוואָד שעוועליאָוו איז רויק געגאנגענ מיט סערעדאנ.

— אָט זעט איר, מאקאר טאראסאָוויטש, — האָט ער געזאָגט, — מיר האָבנ אלצ באוויזנ צו דער צייַט. איר האָט זיכ אומזיסט באומרויקט...

סערעדא האָט, ניט אָפּקערנדיק זיכ, א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

— איר זײט א גוטער מענטש, — האָט אימ שעוועליאָוו גוטברודעריש לײכט א פאטש געטאָנ איבערנ אקסל. — מיט אזוינע ווי איר ווערט מענ ניט פארפאלנ.

— א גוטער בינ איכ? — האָט זיכ אָנגעכמורעט סערעדא. — נײנ, מײנ פרײנט, איכ בינ א בײזער... א בײזער בינ איכ, אָט וואָס... — האָט ער אפנ באס א זאָג געטאָנ. — כ'האָב געטראכט, אז ס'וועט קומענ די עלטער, וועל איכ ווערנ גוט ווי א דימענט... לאָזט זיכ אויס — א מענטש טראכט אונ גאָט לאכט... — ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט אונ האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ צו די פלאטפאָרמעס. — פרוווט זיכ בעריענ צו זײנ א גוטער, אז ס'בלוט קאָכט אינ אײנ... געבויט, גע-בויט, אונ איצט וואָס? דאָס לעבנ וויל אונדז דער הונט פאטערנ, אָט וואָס... אזא לעבנ...

עטלעכע רעגעס האָבנ זײ געשוויגנ. שעוועליאָוו האָט געוווסט, אז סערעדא איז טײער יעדער ווערקשטעל, יעדעס שרײפל. אפילע די שילד, וועלכע מע האָט מיט א יאָר פינפ צוריק צוגעקלאפּט צומ זאוואָדישנ טויער, האָט ער ניט פאר-געסנ מיטצונעמענ מיט זיכ. שעוועליאָוו האָט געוואָלט מיט אימ רײדנ וועגנ עפּעס אנדערש. געבנ אימ צו חיסנ וועגנ אלצ, וואָס סע שטײט אימ פאָר אינעמ לאנגנ, שווערנ וועג. געבנ אימ צו פילנ, אז דאָס סאמע שרעקלעכע אינ דעמ וועג איז פארלירנ דעמ מוט. געבנ אימ צו פארשטײנ, וואָס פאר א טײערדיקע געפאר ס'האָט זיכ אָנגערוקט אפנ לאנד.

אונ ווענ שעוועליאָוו האָט אימ וועגנ דעמ אלצ געזאָגט, האָט סערעדא זיכ נאָכ מער אָנגעכמורעט, שטײפער צוגעשלאָסנ די ליפּנ אונ ווײטעקדיק אָפּגעזיפצט. ער האָט אלײנ זײער גוט פארשטאנענ, וואָס סע שטײט איצט פאָר. ער האָט מיט אלע זײנע כושימ געפילט דעמ אומגליק אונ די שווערע לאגע, אינ וועלכער ס'האָט זיכ געפונענ דאָס לאנד, אינ וועלכער ס'האָט זיכ געפונענ זײנ שטאָט, זײנ זאוואָד, זײנ געזינד. ער איז געשטאנענ פארטראכט אינ פארזאָרגט אראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ. פלוצעמ האָט ער זיכ שווײגנדיק איבערגעקוקט מיטנ דירעקטאָר, אָפּ-געזיפצט אונ איז אוועקגעגאנגענ מיט שווערע טריט, איבערלאָזנדיק שעוועליאָוונ בא די פלאטפאָרמעס.

א ווײלע איז שעוועליאָוו געשטאנענ פארטראכט אונ געקוקט אפ דעמ לאנגנ פראכט-צוג, ווו ס'האָבנ אָפּגעגלאנצט אפ די פלאטפאָרמעס די ווערקשטעלנ, ואָג-נעוואלגערט אײנער אפנ צווײטנ. אָט איז ער — זײנ זאוואָד. דער זאוואָד, וואָס איז אויסגעוואקסנ פונ א קלײנעמ קוסטארנ-ארטעל ביז א היפּשער אונטערנעמונג, איז איצט פאר אימ געלעגנ אינ כאאָס פונ מעטאל, אָנגעשלײדערט אונ צעוואָרפנ אפ די אײזנבאנ-פלאטפאָרמעס. אונ שעוועליאָוונ איז געוואָרנ אומעטיק אפנ הארצנ. לעבנ זײנע פיס האָט זיכ געוואלגערט א פארזשאווערטער שרויפ. ער האָט אימ אויפגעהויבנ, אויפמערקזאמ באטראכט פונ אלע זײטנ אונ האָט אלצ ניט געקאָנט פארשטײנ — צי געהערט דער שרויפ צומ זאוואָד, צי איז ער פארזשאווערט גע-וואָרנ פונ דעמ, וואָס ער איז א לאנגע צײט געלעגנ אונטערנ אָפענעמ הימל. אפ יעדנ פאל האָט שעוועליאָוו א וואָרפ געטאָנ דעמ שרויפ אפ דער פלאטפאָרמ אינ האָט ניט געאײלט אוועקגעשפאנט פאזע די וואגאָנעס.

ער האָט זיכ דערנענטערט צו דער טעפלושקע, אָפּגעשטעלט זיכ א ווײלע אונ, אָנכאפּנדיק זיכ אָנ דער אײזערנער קליאמקע, איז ער ארײנגעשפרונגענ אינעווײניק.

III

אָט איז זי, די טעפלושקע! א פראכט-וואגאָנ מיט אנ אויסגעבויגענעמ דאכ. מיט א ברײטער טיר אפ סקריפּענדיקע רעדלעכ אונ מיט אײזערנע, בראזגענדיקע לאָדנס אפ די לוקנ. א פעסט געבויטע אונ זיכערע רוסישע טעפלושקע. אפ אירע רויטע ווענטלעכ קאָנ מענ שטענדיק טרעפנ, כוצ די פינקטלעכע אופשריפטנ אונ ציפערנ פונ טראפארעט, אויכ קרײד-צײכנס, וועלכע זײנענ בעכיפאזנדיק אָנגע-

וואָרפֿנ מיט דעמ אײַזנבאַנערס האַנט. דאָס זײַנענ אָנווײַזונגענ, וווּהינ, אינ וואָס פֿאַר אַ ריכטונג ס'דאַרפֿ גיינ דער פּראַכט. דאָרט וועט מענ אָפּשעפּנ די טעפּלושקע, אַרויסרײַסנ זי, ווי אַ דובליקאַט פֿונעמ אײַזנבאַנ־בוכ, פֿונ דעמ לאַנגנ פּראַכטצוג, וועלכער רופֿט אַרויס פֿאַרוווּנדערונג בײַ די דאָרפֿישע קינדער מיט דעמ שלאַ־מאַנאָגענ, וואָס ציִענ זיכ אָנ אָנ אויפֿהער אונ אָנ אַ ברעג, אונ מיט די סווידעספּולע פֿאַרפּלאָמבירטע טירנ.

די טעפּלושקע, וואָס מע לאָזט איבער פֿאַריאָסעמט אַפֿ דער סטאַנציע, וועט טייקעפּ אַרויסגעבנ דער רייעכ פֿונ דעמ, וואָס ס'געפֿינט זיכ אינ איר אינגעווייד, נאָכ איידער מע וועט זיכ אַ נעמ טאָנ אויסליידיקנ זי. דער וואַגאָנ, לאָזט זיכ אויס, איז אָנגעלאָדנ מיט אַראָמאַטע ווײַסרוסישע עפּל — געלבלעכנ אַנטאָנ, שטײַפּנ אונ פּרישנ, פֿונ וועלכנ ס'ווייעט אַ קילקײַט. צוריקוועגס וועט דער וואַגאָנ אַוועקגיינ אָנ אָנגעלאָדענער מיט מאַנופֿאַקטור אונ ס'וועט פֿונ אימ טראָגנ אַ רייעכ פֿונ ציצ אונ פּרישע פֿאַבריק־פֿאַרב. ווידער וועט די טעפּלושקע זיכ צונויפֿקומענ מיט איר געזינד אינ וועט דעמ גאַנצנ וועג בראַזגענ מיט די רעדער, רייִדנדיק מיט אירע שוועסטער־טעפּלושקעס אַפֿ איר טשוהונענעמ לאָשנ.

באַלד פֿונ די ערשטע טעג פֿונ קריג האָבנ די טעפּלושקעס מיט גאָר אַנ אַנדער לעבנ אויפֿגעלעבט. ס'האָבנ זיכ אינ זיי באַוויזנ מענטשנ. די מענטשנ האָבנ געזונגענ אונ געשפּילט אַפֿ האַרמאָשקעס. ס'האָט זיכ דערטראָגנ אַ גערוכ פֿונ מאַכאָרקע־רויכ אונ וואַרעמע שוואַרצנ ברויט. נאָכ זיי האָבנ זיכ גענומענ יאָגנ דעמ סוינעס אַעראָפּלאַנענ. פֿאַרוווּנדעטע פֿונ זייערע קוילנ, דורכגעלעכערט פֿונ באָמבע־שפּליטערס, האָבנ זיי פֿאָרגעזעצט זייער שווערנ, ריזיקאַלישנ וועג צומ פֿראָנט.

צוריקוועגס פֿירנ אָפּ די טעפּלושקעס פֿונ די בײַפֿראָנט־געגנטנ עוואַקוירטע זקיינימ, פֿרויענ אונ קינדער אונ גאַנצ אָפֿט טרעפֿט זיכ, אַז פֿונ אַ באָמבע־איפּרײַס פֿליט אַרופּ אינדערלופֿטנ אַ צעטראַסקעטע ברעט פֿונ אַ טעפּלושקע, פֿאַרשפּריצט מיט בלוט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אינעמ וואַגאָנ, וווּ ס'האָבנ זיכ געפֿונענ סערעדאַ אונ פֿײַנשטיינס מישפּאָכע, זײַנענ די מענטשנ געזעסנ שווײַגנדיק. דאָ האָט געשמעקט מיט ווײַנ. דער רייעכ האָט דערמאָנט אָנ בעסערע צײַטנ. קאָנטיק, אַז די פֿעסער ווײַנ, וועלכע האָבנ זיכ אַ צײַט געפֿונענ אינ וועג, האָט מענ ערשט נעכטנ אויסגעלאָדנ.

אהער איז אַרײַנגעשפּרונגענ שעוועליאָוו.

— גוט־מאָרגנ! — האָט ער געזאָגט אונ האָט באַטראַכט די טעפּלושקע.

זאָסיע האָט זיכ פּלוצעמ צעוויינט.

— ווער טרעט דאָ אַרויס מיטנ ערשטנ נומער פֿונ דער פּראָגראַמ? — האָט ער אַ שמייכל געטאָנ. — לאָמיר זיכ באַקאָנענ!

— מײַנ אַלטע... — האָט זיכ אָפּגערופֿנ סערעדאַ אונ האָט עפּעס אַ שטומ געטאָנ זאָסיענ. — באַקאָנ זיכ מיטנ דירעקטאָר.

זאָסיע האָט שטיל געכליפּעט. זי האָט זיכ ניט אומגעקוקט אונ אַלצ געהאַלטנ אינ איינ איבערשטעלנ די פּעק אונ די קערב, וואָס זײַנענ געווענ אָנגעוואַלגערט באַמ אַרײַנגאַנג.

— אויב איר מיינט, אַז טרערנ זײַנענ איצט זייער נייטיק, — האָט שעוועליאָוו געזאָגט, — האָט איר אַ טאָעס...

ער האָט אַ קוק געטאָנ אַפֿ גאַליענ, סערעדאַס עלטערע טאָכטער. זי האָט פֿאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ.

— אײַער טאָכטער? — האָט שעוועליאָוו אַ ביסל פֿאַרוווּנדערט אַ פֿרעג געטאָנ.

סערעדאַ האָט צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ.

— אונ דאָס איז אײַער זומער? גוט־מאָרגנ, באָבעניו!

ער איז צוגעגאַנגענ צו דער באָבע מאַריליע. זי האָט פֿאַרדרײַעט אַ קוק געטאָנ אַפֿ אימ אונ האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגנ. —

— שמארקט זיכ, באָבעניו, — האָט כיטפּילנדיק א זאָג געטאָנ שעװעליאָװ. — מיר װעלנ זיכ נאָכ אומקערנ.

די באָבע מאַריליע האָט װידעראַמאָל א קוק געטאָנ אפ אים. אינ אירע אויגנ האָבנ זיכ אָנגעצונדנ פונקענ פונ האָפענונג.

— גאָט זאָל זיכ דערבאַרעמענ אפ אונדז. — האָט זי אָפּגעזיפצט אונ גענומענ בײַסנ די צעקנייטשטע ליפּנ, װי זי װאָלט זיכ אײַנגעהאַלטנ פונ געװיינ.

שעװעליאָװ האָט זיכ א קער געטאָנ צו דער קעגנאיבערדיקער העלפט פונ װאַגאָנ, װו ס'האָט זיכ געפונענ פײַנשטײנס מישפּאָכע אונ האָט אָנגעװיזנ אפ נימענ.

— איכ שטויס זיכ אָנ, כאַװער פײַנשטײנ, — האָט ער געזאָגט, — אז דאָס מוז זײַנ אײַער װײַב.

— אכט אונ צװאָנציק יאָר, װי איינ טאָג! — האָט געענטפערט פײַנשטײנ.

— אָט זעט איר, — האָט שעװעליאָװ א שמייכל געטאָנ. — ס'איז געקומענ א צײַט צו באַקאָנענ זיכ מיט אײַערע פאַמיליעס. — ער האָט א דריק געטאָנ נימענ די האַנט, — נו, דעם כאַװער קאָנ איכ, — האָט ער זיכ א קער געטאָנ צו לייבקענ. — װאָס מאַכט מענ? — אונ דאָ ערשט האָט ער באַמערקט דעם זייגערמײַסטער. — אונ װער זײַט איר? — האָט ער פּלוצעם א פרעג געטאָנ, זשמורענדיק די אויגנ.

— איכ?

דער זייגערמײַסטער, ארנ קאָפּעליעװיטש, א מאָגערער, מיט אומרויִקע אויגנ, איז בלאַס געװאָרנ אונ האָט קיינ װאָרט ניט געקאָנט אויסריידנ, פּונקט װי מע װאָלט אים געכאַפּט בא א גנייװע.

מיט גרויס מי האָט זיכ אים אײַנגעגעבנ אײַנריידנ דעם שװאָגער זײַנעם, אימשע פײַנשטײנענ, ער זאָל אים מיטנעמענ מיט זײַנ געזינד צו זיכ אינ טעפּלושקע. פײַנשטײנ האָט בעשומויפנ ניט געװאָלט אונ האָט זיכ מיט אלע מעגלעכקײַט געטמאַרעט אָפּטשעפּענ פונ אים. מע האָט באַצײַטנס אָנגעזאָגט אלע איבעריקע פונ זאַװאָד — מע זאָל מיט זיכ קיינ פרעמדע ניט נעמענ. אונ כאָטש דער זייגערמײַסטער איז געװענ זײַנער א קאָרעװ, איז ער אָבער פארנ זאַװאָד דאָכ א פרעמדער.

נאָר הייב זיכ אָנ מיט גיטענ. בא איר איז ניטאָ קיינ קונצנ. שטענדיק װעט זי אויסדרייענ אלצ קאַפויער מיט די פיס.

— אויב מײַנ ברודער איז א פרעמדער, — האָט זי געזאָגט, — טאָ זע אָקאָרשט, צי בינ איכ אויכ ניט קיינ פרעמדע? א קאַשע אפ א מײַסע...

אונ פונ דער צװייטער זײַט האָט זיכ צו אים צוגעקלעפּט דער זייגערמײַסטער אונ איז ניט אָפּגעשטאַנענ פונ אים, װי א קלעק.

— אימשע, — האָט ער זיכ געבעטנ ראַכמימ. — גלייב מיר, איכ װעל דיכ ניט פאַרשעמענ... דו קאָנסט דאָכ מיכ, אייגנטלעכ...

פײַנשטײנס הארצ איז אָבער געבליבנ פאַרשטיינט. ס'האָט זיכ איצט געדאַכט, אז ס'װעט שוינ גאָרניט קענענ העלפנ, אומזיסט די טירכע. ער װעט ניט גיינ קעגנ דעמ דירעקטאָרס באַפעל אונ װעט זיכ ניט מיִעס מאַכנ צוליבנ שװאָגער דעמ מאַכשיט... אינ די גוטע יאָרנ האָט ער אים ניט שטאַרק ליב געהאַט פאַר זײַנ גרויסהאַלטערײַ. א גדולע אפ זײַנ באָבענ, װאָס ער האָט צו טאָנ מיט אַנ אײַדעלער מעלאָכע.

נאָר גיטע, אז זי װיל, װעט זי מאַכנ פונ לעבעדיק טויט אונ פונ טויט לעבעדיק. זי האָט גענוג אויסגעפּרוּװטע אונ זיכערע מיטלענ דערצו. הײַנטיקס מאָל איז זי געפאַלנ אינ כאַלאָשעס. אינעם רעכטנ ברעג, װענ יעדע רעגע איז געװענ טײַער, האָט זי זיכ װילד צעשריגנ. פאַרגלאָצט די אויגנ אונ — טו איר עפּעס. א מאָדנע כאַלאָשעס איז אפ איר אָנגעפאַלנ אונ האָט זיכ געצויגנ אזוי לאַנג, ביז זי האָט דערפילט, אז זי האָט סאָפּקאָלסאָפ געװונענ. דעמאָלט ערשט האָט זי גענומענ די לייצעס אינ די הענט אונ געטאָנ, װאָס זי פאַרשטייט.

— שוינ שיק אָפּ לייקענ מיט כאַנעלענ צום פאַיעזד! — האָט זי געזאָגט דעמ ברודער אירנ.

אונ דאָס האָט אים געקוילעט. ער האָט אװעקגעשיקט זײַנ װײַב מיטנ קינד

צומ עשעלאָנ, אונ אלײנ איז ער אוועקגעלאָפנ נאָכ די זאכנ. דאָ האָט פאסירט דאָס שרעקלעכסטע אומגליק אינ זײַנ לעבנ. ער האָט פארלאָרנ זײַנ געזינד.

ווענ ער איז געקומענ צו לױפנ צו דער מעפּלושקע מיט צוויי טשעמאָדאנעס אונ מיט א פּאק אפ די פּלײצעס, האָט ער זײַנ ווײַב מיט דער טאָכטער דאָרט ניט געטראָפנ. ער האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ זוכנ זיי אינ אנדערע וואגאָנעס. אומזיסט אונ אומנישט, ווי זיי וואָלטנ אפ דער וועלט ניט געווענ. ס'האָט זיכ אויסגעלאָזט, אז זיי האָבנ, נעבעכ, צעפּלאָנטערט די עשעלאָנעס אונ זײַנענ אוועקגעפאָרנ מיט אנ אנדער צוג. אז אָכ אונ וויי איז אימ...

איצט איז ער א טויט-דערשראָקענער געשטאנענ קעגנ דירעקטאָר אונ האָט מוירע געהאט אופצוהייבנ דעמ קאָפּ.

— דאָס איז מײַנער א שוואָגער, — האָט פּײַנשטײנ געזאָגט, — אלײנ איז ער א זײגערמאכער, נאָר איכ בינ פאר אימ אָרעוו... — אונ, באנגעגענעדיק זיכ מיט שעוועליאָװס שטרענגנ קוק, האָט ער מיט אומזיכערקײַט צוגעגעבנ. — אגעוו, קענ ער שפּילנ אפ א פידל... כ'ל אײַכ זאָגנ דעמ עמעס, כ'האָב געמײנט, אז ער וועט אינגאנצנ קומענ אפ קוילנמאכנ-ארבעט, ווי מײנט איר?

— נײנ, — האָט שעוועליאָוו געזאָגט. — אינ מוזיקאנטנ נייטיקנ מיר זיכ ניט דערווײַלע.

דער זײגערמײַסטער האָט דערפילט, אז ער טרינקט זיכ אונ האָט זיכ ניט פאר וואָס אָנצוכאפּנ. ער האָט אומרויִק איבערגעטראָגנ דעמ בליק פונ זײַנע ווי בא א האָז דערשראָקענע אויגנ פונ שעוועליאָװנ אפ פּײַנשטײנענ. ער האָט געוואָלט אָנכאפּנ זיכ אָנ דעמ רעטונגס-קרײַז פונ יענעמס אווטאָריטעט. נאָר פּײַנשטײנ האָט אימ אָנ ראכמאָנעס אָפּגעשטויסנ פונ זיכ, אונ דער זײגערמײַסטער האָט באשײַמ-פּערלעכ דערזענ, אז ער וועט דערטרונקענ ניט אפ צו קלוימערשט.

— אויב ס'גײט א רײד וועגנ אנ אָרט אינ וואגאָנ, — האָט זיכ פּײַנשטײנ גיצ-פּרוווט פארענטפערנ, — האָבנ מיר געקאָנט נעמענ מיט אײנ פּאק ווינציקער...

ער איז געשטאנענ קעגנ דירעקטאָר, ווי א שילער, וואָס האָט אָפּגעטאָנ אנ אוולע קעגנ לערער. א הויכער, א ברייטפּלײציקער מיט א רויטנ פארשעמטנ פּאָ-נעמ אונ מיט דיקע ליפּנ, וואָס האָבנ ארויסגעשטארצט פונ אונטער די געדיכטע טונקעלע וואָנצעס. גיכע האָט אימ א צי געטאָנ פארנ ארבל.

— טשעפּע מיכ ניט! — האָט ער בייז אויסגעשריִענ, פארגעסנדיק, אז ער שטעלט זי מיט דעמ אינ אנ אומאָנגענעמער לאגע. — האָסט דאָכ מיכ לעבנ ניט געלאָזט, איכ זאָל נעמענ דעמ ברודער, ניט אנדעריש! נו, נעמ אימ, דעמ טאכשיט!

גיטע האָט פארביסנ די ליפּנ אונ שולדיק געקוקט אפנ מאנ. ער איז דאָכ טאקע גערעכט: ווענ ניט זי, וואָלט גאָרנישט געווענ. גיי ווייס, אז דער דירעקטאָר אלײנ וועט קומענ קאָנטראָלירנ. פּײַנשטײנ האָט פארשטאנענ, אז ס'קאָסט איר גיצ-ווגט, אונ דאָס האָט אימ געקימערט. עס האָט זיכ אימ געוואָלט אויסלאָזנ דעמ כאס צומ זײגערמײַסטער, אונ ער האָט אפ אימ א וואָרפ געטאָנ א פארניכטנדיקנ קוק. יענער איז אָבער געשטאנענ ניט טויט, ניט לעבעדיק, אונ פּײַנשטײנ האָט זיכ אויכ אפ אימ א ביסל דערבארעמט.

— כײַ וואָלט ער כאָטשבי האָבנ אנ אנדער פאכ אינ האנט, דער טאנעבארע, — האָט ער א זאָג געטאָנ מיט פארדראָס, — ווער דארפ האָבנ א זײגערמאכער אינ מילכאָמע-צײַט...

ארנ קאָפּעליעוויטש האָט שוינ געהאלטנ גאָר שמאָל. ס'האָט אימ אָפּגעגאָסנ מיט א קאלטנ שווייס. ער האָט א וויש געטאָנ דעמ שטערנ מיט דער דלאָניע אונ מיט א נעבעכדיק קאָל געזאָגט:

— איכ וואָלט געקענט, אײנגנטלעכ, דערפינדנ א זײגער, ער זאָל שפּילנ א מי-ליטערישע מארש...

שעוועליאָוו האָט א שמייכל געטאָנ.

— מיר וועלנ פאר אײַכ געפינענ אנ אנדער ארבעט, — האָט ער געזאָגט אונ זיכ א קער געטאָנ צו סערעדא. — האָט אינ זינענ, מאקאר טאראסאָוויטש, מע קאָנ

אים אויסנוצנ אפ פינקטלעכער מעכאניק. איר וועט אזוי גוט זײַנ זאָגנ דעמ אינזשעניער...

אזוי איז פלוצעמ דער זייגערמײַסטער געראמעוועט געוואָרנ.

אינ דער צײַט האָט זיך ווידער דערטראָגנ דער פײַפ פונעמ לאָקאָמאָטיוו, אונ שעוועליאָוו האָט זיך א קער געטאָנ צומ ארויסגאנג. ער איז אראָפגעשפרונגענ אונ געײַלט אוועקגעגאנגענ פאזע די טעפלושקעס, אינ דער ריכטונג צומ לאָקאָמאָטיוו.

ס'האָבנ זיך צעבראזגעט די בופערס, אונ דער טשוהונ-געקלאנג האָט זיך דערקײַקלט ביזנ לעצטנ וואגאָנ. מענטשנ, פארטרויערטע, מיט פארוויינטע, פארומערטע פענעמער זײַנענ צוגעלאָפנ צו די אָפענע טירנ פונ די טעפלושקעס אונ מיט אומעטיקע אויגנ זיך אײַנגעקוקט אינ דער ווײַט. דאָרט, אינ זייער קליינער שטאָט, האָבנ זיך נאָך אלץ ווו-ניט-ווו גערייכערט סטרייפעס..

— גאָט ווייסט, צי מיר וועלנ זיך שוינ אומקערנ... — האָט א זיפצ געטאָנ זאָסיע, — פארבלײַב געזונט..

זי האָט א מאכ געטאָנ מיט דער האנט צו דער זײַט פונ שטאָט, פונקט ווי מע פאָכט מיט דער האנט אינדערלויפנ צו א כאווער, וואָס פארבלײַבט אפנ פעראָנ.

סערעזשא האָט שטרענג אפ איר א קוק געטאָנ.

— מיר וועלנ צוריקומענ! — האָט ער געזאָגט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די שטאָט, ווו זיי זײַנענ געבאָרנ געוואָרנ, ווו זיי האָבנ זיך געהאָדעוועט, געלערנט זיך אונ געארבעט, די שטאָט, ווו יעדע גאס, יעדעס הויז, יעדער בוימ אונ יעדער שטיינ איז זיי געווענ באקאָנט אונ נאָענט; די שטאָט, ווו ס'האָבנ געלעבט זייערע עלטערנ, זייערע זיידעס אונ עלטערזיידעס, ווו זיי זײַנענ אליינ געוואָרנ פאָטערס אונ מוטערס, — אָט-אָ די שטאָט מיט אירע מויערנ, מיט אירע מערק, מיט די גאסנ אונ סעדער איז איצט אוועקגעגאנגענ אינ דער ווײַט...

טײַערע אונ נאָענטע ווײַסרוסישע שטאָט, מיט ניט גאָר קיינ ברייטע גאסנ אונ געסלעכ, ווו מע קענ נאָכ אדאיאָמ געפינענ אינ פארוואָרפענע ווינקלענ אלטע הילצערנע הײַזלעכ, וואָס דערלעבנ זייער וועלט, אונ ברעטלדיקע טראָטוארנ. ליב אונ טײַער זײַנענ אונדז די דאָזיקע געסלעכ, הגאם זיי זײַנענ ניט שטענדיק פארברוקירט אונ זײַנענ שטויביק. ליב איז אונדז אפילע דער שטויב זייערער. ליב איז אונדז דאָס הויז מיט די ברוינע לאָדנס, מיט דער ציג פונ דער באָגאדיע, וועלכע האלט אינ איינ ארומהריזשענ דעמ הילצערנעמ צעקרימטנ פארקאנ, וואָס איז שוינ גרינ פונ אלטקײַט. אָבער אפ דעמ דאָזיקנ פארקאנ, דערמאָנט זיך איטשע, האָט ער קינדווײַז צעריסנ די הייזלעכ. דאָ, באַ דעמ פארקאנ, איז ער שפעטער געשטאנענ מיט זײַנ געליבטמ מיידל ביז טיפ אינ דער נאכט. אונ ווענ ס'וואָלט אימ ניט גערופעט, אז ער מוז גיינ גאנצפרי צו דער ארבעט, וואָלט ער מיט איר דאָ אָפגעשטאנענ ביז טאָג... ס'איז א כײַעס צו שטיינ אזוי זאלבעצווייט אינ אנ אויסגעשטערנטער זומערדיקער נאכט לעבנ דעמ אלטנ פארקאנ אונ טרוימענ וועגנ קומענדיקנ לעבנ...

דערנאָכ איז אָנגעקומענ אנ אָווענט, ווענ אינ שטיבל מיט די ברוינע לאָדנס איז געוואָרנ יאָמטעוודיק ליכטיק אונ פריילעכ. דאָס האָט מענ געפראוועט זייער כאסענע...

אוועק יאָרנ, אונ ווענ ער פלעגט זיך אומקערנ פונ זאוואָד אהיימ, פלעגנ שוינ צוויי קינדער — א ייִנגל מיט א מיידל, איבעריאָגנדיק איינס דאָס צווייטע, לויפנ אימ אנטקעגנ מיט א פריידיקנ געשריי. ער פלעגט זיי אפגיכ א כאפ טאָנ אפ די הענט אונ, הוידענדיק זיי, הילכיק לאכנ צו דער פלוינעסטע, וואָס איז געשטאנענ באַמ טויער אונ האָט מיט א גליקלעכ פאָנעמ אימ באגעגנט.

שפעטער האָבנ זיי זיך אריבערגעקליבנ אינ צענטער-שטאָט, אינ א נײַעמ פיל-שטאָקיקנ מויער, ווו דער שטאָט-סאָוועט האָט אויסגעטיילט דירעס פאר זייער זאוואָד. דאָס געזינד האָט באשטימט ניט איבערשלעפנ דאָס מעבל פונ דער אלטער דירע. ס'האָט זיך געוואָלט צוזאמענ מיט דער דירע באנײַענ דאָס לעבנ... אפנ זא-

וואָר איז ער געוואָרנ א מײַסטער, נאָכדעמ א פאַרוואַלטער פונ א צעכ—דעמ דירעקטאָרס רעכטע האַנט. אַרבעט איז געווענ זייער פיל. אַלצ שפעטער אונ שפעטער פלעגט ער זיכ אומקערנ פונ זאַוואָד אַהיימ. מע האָט אימ ליב געהאַט פאַר זײַנ ענערגיע, פאַר זײַנ אומדערמידלעכקײַט. מע האָט אימ געשעצט אונ געהאַלטנ טײַער, ווי א מענטשנ, וואָס האָט ביזנ גרונט געקענט זײַנ אַרבעט. ער איז געוואַקסנ אַפ די אויגנ. ס'איז אויכ געוואַקסנ דער זאַוואָד, ס'איז געוואַקסנ די שטאָט מיט די פילשטאָקיקע מויערנ, מיט די גרינ-באַזוימטע גאַסנ, מיט די זאַוואָדנ אונ פאַרקנ.

אונ איצט איז אָט די שטאָט אַוועקגעגאַנגענ אינ דער ווײַט. ס'האָבנ זיכ שוינ ניט געזענ די הײַזער, וועלכע זײַנענ געווענ פאַרוויקלט אינ רויכ פונ די טליִענדיקע טרייפעס, אונ לעסאָפ איז פאַרשוווּנדנ אויכ דער רויטער ציגלנער קלויסטער — די העכסטע געבײַדע אינ שטאָט...

IV

מענטשנ האָבנ זיכ אָנגעשטרענגט אײַנגעקוקט מיט אומעטיקע, טרויעריקע אויגנ אַהינצו, וווּ דער הימל האָט זיכ צונויפגעגאָסנ מיט דער ערד אינעמ רויכ פונ ווײַטע טרייפעס, אונ יעדנ איינעמ האָט זיכ געוואָלט גלייבנ, אַז ער פאָרט אַוועק ניט אַפ לאַנג, אַז מע וועט זיכ נאָכ צוריקקערנ צו זיכ אינ שטאָט, צו זיכ אינ הויז, צו זיכ אינ דירע.

דער עשעלאָנ האָט גענומענ גיינ אַלצ שנעלער אונ שנעלער, דער לאָקאָמאָטיוו האָט טויבלעכ אונ צעצויגנ אויסגעשריענ, די וואַגאָנענ האָבנ זיכ צעסקריפעט, אונ די רעדער האָבנ זיכ צערוישט אינ געקלאַפ.

— מיר פאָרנ! מיר פאָרנ! — האָט נאַדייקע פריילעכ אויסגעשריענ, צוטאַנצנדיק אַפ איינ פוס.

אַלע האָבנ אַפ איר מאָדנע א קוק געטאָנ. זי איז אַנשווייגנ געוואָרנ, פאַרשעמט זיכ אונ איז גרייט געווענ אָט-אָט צו צעוויינענ זיכ. סערעדאַ האָט זי צאַרט א גלעט געטאָנ איבערנ קאָפ.

— פרייענ זיכ, מאָכטערל, איז גיטאָ פונ וואָס, — האָט ער געזאָגט, — וויינענ אָבער דאַרפ מענ אויכ ניט...

גיטע האָט זיכ ניט געקאָנט אײַנהאַלטנ אונ האָט זיכ פלוצעמ צעוויינט אַפנ גאַנצנ וואַגאָנ. דאָס האָט אויפגערעגט פײַנשטיינ. ער איז אויפגעשפרונגענ אונ, ענגבערנדיק זי מיט די אויגנ, האָט ער רוגזעדיק אויסגעשריענ:

— מע דאַרפ ניט וויינענ, הערסט, גיטע! וועסט מיכ סאָפקאָלסאָפ אַרויסברענגענ פונ די קיילימ...

גיטע האָט צעשמירט די טרערנ איבערנ פאָנעמ אונ האָט אויסגעגלאָצט אַפ אימ א פאָר גרויסע פאַרוויינטע אויגנ.

— שרײַ העכער, שרײַ, — האָט זי זיכ באַליידיקט. — צעקאָכט זיכ ווי א סאַמאָוואַר.

— שווײַג בעסער! — האָט פײַנשטיינ אויפגעבראַכט אויסגעשריענ. — הער מיר אויפ צו זעגנ דאָס האַרצ!

ער האָט געזוכט א פרימשעפקע. ס'האָט זיכ אימ איצט געגלוסט צעקריגנ זיכ מיט עמעצנ. ער איז געווענ איבערגעפולט מיט האַס אונ פאַרדראָס. אַפנ האַרצנ איז געווענ אַזוי ביטער, אַז ער איז געווענ גרייט צערײַסנ זיכ אַליינ אַפ שטיקער, שלאָגנ, ברעכנ, שטעכנ אונ שרײַענ אָדער וויינענ ווי א קינד. ער האָט געמוזט קילנ דאָס האַרצ, אַז ניט האָט עס געקאָנט פלאַצנ.

גיטעס געוויינ האָט אימ ענדגילטיק אַרויסגעבראַכט פונ געדולד.

— ייִדענע! — האָט ער אויסגעשריענ, — וואָס האָסטו זיכ צערעוועט?

סערעדאַ האָט אויסגעטאָנ דעמ גאַסנ מאַנטל זײַנעמ אונ, ניט אומקוקנדיק זיכ, רויִק א זאָג געטאָנ:

— האָסט ניט וואָס צו שרײַענ, איטשע! קיינ פרעמיע וועט מענ דיר דערפאַר סײַווי ניט געבנ...

— מיש זיכ ניט! — האָט רוגזעדיק געענטפערט פײנשטײנ. — וועסט מיר ניט זאָגנ קײנ דײעס!

סערעדא האָט א קוק געטאָנ אפ אימ פונ אונטער די אָנגעכמורעטע ברעמענ.

— איטשע! — האָט ער געזאָגט, — הער זיכ אפ צו כאָכמענענ...

ער האָט ניט ווײניקער פונ פײנשטײנענ איבערגעלעבט איצט דעמ אומגליק. נאָר ער האָט זיכ אָבער געסטארעט האלטנ אינ די הענט, ניט ארויסווײזנ פאר יענעמ, אז ער איז פארלאָרנ אונ צעטומלט. ער האָט זיכ אָפּגעגעבנ א קלאָרנ דינ־וועכעזשבנ. די עוואקואציע האָט ער אָנגענומענ, ווי א הארבנ מוז, האגאמ אויב אימ, פונקט אזוי, ווי דעמ מאמנ זײנעמ, טאראסנ, האָט זיכ ניט געוואָלט אָוועקפאָרנ פונ דער הײמ. ער האָט געוווּסט, אז ניט קײנ טרערנ, ניט קײנ קרעכצנ אונ ניט קײנ ווינד אונ ווײ וועט ניט העלפנ. דער מענטש דארפ עס אלצ קאָנענ בײקומענ, אנדערש איז ער ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט אימ. אונ זינט סערעדא האָט עס גרינגלעכ פארשטאנענ, האָט זײנ גאנצע לאגע אונ אלצ מיט אנ אנדער גענומענ אויסזענ אינ זײנע אויגנ קלאָר אונ פּאָשעט, ווי א לויטערע שווארצ ברויט, צו וועלכנ ער איז צוגעוווינט פונ קינדווײז אָנ. איצט איז געבליבנ נאָר אײנ זאכ — דערשלאָגנ זיכ, אז דער זאוואָד, וועלכנ ס'האָט זיכ אײנגעגעבנ ארויסצופירנ, זאָל אָנקומענ אפ אנ אָרט אינ א פולקומער גאנצקײט, עס זאָל ניט פעלנ קײנ שרײפעלע. אינ קוידעמקאָל האָט זיכ אימ געוואָלט, אז אלע זאָלנ לעבנ אונ זײנ געזונט. דאָס איז כאָפּאָלסאָפּ די הויפּטזאכ. ער האָט זיכ אויסגעצײכנט מיט דער רויקײט פונ א ווײסרוס, אונ ס'האָט זיכ געדאכט, אז אָט דער מענטש וועט ניט עפענענ דאָס מויל גלאט אזוי אינ וועט ניט ארויסברענגענ קײנ איבעריק וואָרט, ווי ער וועט זיכ ניט באטראכטנ. זעלטנ ווענ ער פלעגט זיכ אופרעגנ. דערפאר אָבער, מע זאָל אימ ארויסברענגענ פונ די כײלימ, איז עק וועלט.

פײנשטײנס קוילעס האָבנ אימ אופגערעגט.

— הערסט דאָכ, איטשע! — האָט סערעדא שטרענג אָנגעוויזנ מיט דער האנט אפ דער אָפענער טיר פונ דער טעפּלושקע. — אויב דו וועסט ניט אופהערנ צו שרײענ — ווארפ איכ דיכ שוינ ארויס פונ וואגאָנ!

— איכ וואָלט עס וועלנ זענ! — האָט זיכ פײנשטײנ ערשט איצט צעשריגנ אינ האָט מיט אנ אויסגעבויגענעמ קארק, ווי אנ אָקס, א טראָט געטאָנ צו אימ. זײ האָבנ א מעסט געטאָנ אײנער דעמ אנדערנ מיט די אויגנ פונ קאָפּ ביז די פיס, גרײט א וואָרפ צו טאָנ זיכ אײנער אפנ צווײטנ.

זאָסיע אונ גיטע האָבנ זיכ געפרוווט פאנאנדערנעמענ זײערע מענער. ס'האָט זיכ אָבער ארויסגעוויזנ, אז ס'איז ניט גאָר אזוי לײכט. דעמלט האָט זיכ צווישנ זײ אוועקגעשטעלט די באָבע מארילע. זי האָט אָפּגעשטויסנ סערעדא אינ אײנ זײט, פײנשטײנענ אינ דער צווײטער אונ האָט ביז א זאָג געטאָנ:

— גוילעמס! אינ אזא צײט, גאָט מײנער... א כארפּע.

סערעדא אונ פײנשטײנ זײנענ אנשוויגנ געוואָרנ. זײ האָבנ פארטײעט א קוק געטאָנ אײנער אפנ צווײטנ אונ זײנענ שטילערהײט מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ אוועק, יעדערער אינ זײנ ווינקל.

די זונ האָט געהאלטנ באמ פארגײנ. אפ די וועגנ, וואָס זײנענ געווענ פארבאהאלטנ צווישנ די האָבער־ אינ קאָרנ־פעלדער, זײנענ פונ צײט צו צײט דורכגעפאָרנ אווטאָמאָבילנ, איבערלאָזנדיק הינטער זיכ קנוילנ ראָולעכנ שטויב. ס'האָט גאָלדיק שעמערירט די צײטיקע טווּע. העלע פארבנ האָבנ זיכ צעגאָסנ איבער די פעלדער.

די באָבע מארילע האָט געקוקט אינדערווײטנ אהינ, ווו ס'איז פארגאנגענ די זונ. זי האָט מיט ציטעריקע ליפּנ געשעפּטשעט:

— גאָטעניו, שיק אָנ אפ אימ א בראָכ אינ אנ אומגליק אפ דעמ ווילדנ ירײטשיק, דעמ בלוטיקנ... ער זאָל ניט האָבנ קײנ טאָג קײנ ליכטיקנ אונ קײנ שטילע נאכט... שוווארצע קראָענ זאָלנ שטיקלעכווײז רײסנ זײנ לײב... גאָטעניו ליבער, העלפ אונדז!

אונ זי האָט זיכ שטילערהײט איבערגעצײלעמט.

פֿונ צײַט צו צײַט האָבנ זיכ די מענטשנ איבערגעקוקט מיט א שטומענ בליק
קײנמאָל האָט א מענטשנס קוק ניט אויסגעדריקט די געפֿילנ אַזוי גוט אונ פֿיל,
ווי איצט. איצט האָט א פּאָשעטער קוק באַטײַט פֿיל מער ווי ווערטער. ניט מאָב⸗
מעס ס'פֿלעגט אויסקומענ באַם רײדנ איבערצושרײַענ דעמ געהילכ פֿונ די רעדער.
נאָר היפּמאָזאַבלעכ דערפֿאַר, ווײַל ווערטער פֿלעגנ איצט אופֿרעגנ אַלעמענ. ס'האָט
זיכ געגלוסט שטילקײַט... נאָר שטילקײַט...

ס'האָט זיכ אָנגערוקט די נאַכט, אונ די קלײנע נאַדרײקע האָט זיכ צעוויינט.
ס'האָט זי געשראָקנ די וואָלקנדיקע טונקלקײַט, וואָס האָט זיכ אַרײַנגעגאַנוועט אינ
וואַגאָנ. די טעלעגראַפֿ⸗סלופּעס מיט די גלאַנציקע פּאָרצעלײַענע טעפּעלעכ האָבנ
זיכ איר אויסגעוויזנ, ווי ווילדע פֿיל⸗אויגיקע כײַעס. זײ פֿלעגנ זיכ פּלוצעמ באַווײַזנ
אונ גלײַכ אַנטרונענ ווערנ ערגעצ. עס האָט זיכ איר געדאַכט, אַז אָט באַלד פֿליִענ
זײ אַרײַנ אינ דער טעפּלושקע. צומ גליק, האָט זיכ זײ דאָס ניט אײַנגעגעבנ. ווײַזט
אויס, נאָר דערפֿאַר, ווײַל דער צוג פֿלעגט שנעל דורכלויפֿנ פֿאַרבײַ זײ...

זאָסיע האָט זי באַרויִקט אונ אײַנגעלײגט שלאָפֿנ. זאָל אײַנוויגנ נאַדרײקענ דער
הוידענדיקער וואַגאָנ אונ דער גלײַכמעסיקער געקלאַפּ פֿונ זײַנע רעדער. זאָלנ זיכ
איר כאָלעמענ גאָלדענע כאַלוימעס פֿונ דער פֿאַרמילכאָמעדיקער גליקלעכער קינד⸗
הײַט... דאָ אינ טעפּלושקע געפֿינט זיכ דער טאַטע אירער, די מאַמע, די באָבע
אונ די שוועסטער, יעדער אײנער פֿונ זײ איז איצט אינ בענקשאַפֿט פֿאַרנומענ מיט
זײַנע געדאַנקענ, מיט זײַנע געפֿילנ, מיט זײַנ אומרו...

סערעדאַ איז געזעסנ פֿאַרטראַכט, אונטערגעשפּאַרט דעמ קאָפּ מיט די הענט, —
האַמעטנע, פֿעסטע הענט, מיט גראָבע פֿינגער, האַרטע ווי אײַזנ. אינ זײ האָט זיכ געפֿילט
א רויִקײַט פֿונ א מענטשנ, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט א היפּשנ לעבנס⸗וועג. אַזוינע
געזונטע הענט פֿאַרמאָגנ נאָר שמידנ. מיט זײ איז גרינגער צו האַלטנ א האַלב⸗
פּודיקנ האַמער, אײדער א לײַכטנ פֿעדער. וועגנ סערעדאַ האָט מענ דערצײלט, אַז
אינ דער יוגנט פֿלעגט ער אָנ אָנשטרענגונג פֿאַנאַנדערבײגנ א פּאָדקאָווע, מיט אײנ
קלאַפּ פֿונ דער פֿויסט — צעברעכנ א ברעט, מיט אײנ זעצ — אַרײַנהאַקנ א טשוואָק.
דאָס איז, פֿאַרשטײט זיכ, א גוזמע, אָבער ס'איז נאָענט צומ עמעס.

סערעדאַ האָט געקוקט אינ אײנ פּינטל. זײַנע ליפּנ זײַנענ געווענ פֿעסט גע⸗
שלאָסנ, אונ די געדיכטע, עטוואָס גראָע וואָנצעס האָבנ קומאַט פֿאַרשטעלט דאָס
מויל. ער האָט זיכ אינגאַנצנ אָפּגעזונדערט פֿונ דער אַרומיקער וועלט, אונ די גע⸗
דאַנקענ זײַנע האָבנ געפּלאָנטערט ערגעצ אינ דער הײכ, איבער דער פֿאַרלאָזענער
ליבער הײמ, ליבער שטאָט, ליבנ ווײַסרוסלאַנד. די רעדער האָבנ געקלאַפּט צומ
טאַקט. סערעדאַ האָט ניט ווילנדיק א מורמל געטאָנ א פּאָר טאַקטנ פֿונ „ליאַוואָ⸗
ניכע" אונ ווידער פֿאַרטאָנ זיכ אינ זײַנע שווערע געדאַנקענ.

קאַטיע האָט זיכ צו אימ צוגעזעצט אונ האָט אימ אַרומגענומענ.
— טאַטעלע, — האָט זי שטילערהײט געזאָגט. — עפּשער דאַרפֿסטו עפּעס⸗וואָס,
זאָג — איכ וועל פֿאַר דיר אַלצ טאָנ...

ער האָט צאַרט א גלעט געטאָנ איר קאָפּ אונ האָט א שמײכל געטאָנ.
— ווילסט? — האָט קאַטיע געפֿרעגט, — וועל איכ דיר עפּעס גאָר דורכלײענענ.

סערעדאַ האָט ניט געאײַלט אַרויסגענומענ א פּאַפּיראָס אונ, צודעקנדיק אימ
מיט דער דלאָניע, פֿאַרײיכערט.
— לײענ.
קאַטיע האָט זיכ צוגעטוליעט צו זײַנ אַקסל אונ גענומענ לײענענ.

— ווײַסרוסלאַנד, מײַנ הײמ, מײַנ ליב ווײַסרוסלאַנד!
זי האָט געלײענט גוט אונ מיט געפֿיל, אונ פֿונ די פּאָשעטע, אויפֿריכטיקע
ווערטער פֿונ דער ליד האָט באַ סערעדאַ א גאַנג געטאָנ דאָס האַרצ.

קאַטיע האָט געענדיקט אונ איז אַנשוויגנ געוואָרנ. סערעדאַ האָט געקוקט מיט
אומבאַוועגלעכע אויגנ אונ האָט פֿאַרטראַכטערהײט געקנײטשט אינ די פֿינגער דעמ

פּאַפּיראָס. ס'האָט זיכ אים פאָרגעשטעלט דאָס לאַנד זײַנס, וואָס דער סוינע ה'איצט געטראָטנ מיט די פיס: פאַרברענט זײַנענ די שטעט און דערפער. די פעלדער און די גאַסנ — פאַרגאָסנ מיט בלוט. אומעטום וואַלגערנ זיכ טויטע קערפּערס פונ פרויענ, קינדער און זקיינים. און צווישנ זיי — זײַנ פאָטער, א טויטער. און ס'יאָמערט דער ווינט איבער די טויטע, איבער דער פאַרסאַרפּעטער שטאָט, איבער דעמ אומגליקלעכנ ווײַסרוסלאַנד...

סערעדאַ האָט זיכ טיפ פאַרצויגנ מיטנ רויכ און פאַרטראַכטערהייט אַרומגענומענ קאַמיענ. נאָכדעמ האָט ער זיכ אויפגעהויבנ, א וואָרפ געטאָנ א בליק אינ דער טונקלקײַט פונעמ וואַגאָנ און איז צוגעגאַנגענ צו דער אָפענער טיר. ס'האָבנ באַרבײַגעשווינדלט סאָסנע־ביימער פונ א פינצטערנ וואַלד און ס'האָט פאַרשטיקט מיט סמאָלע. ער האָט אַנ אָטעמ געטאָנ מיט דער פולער ברוסט די רופּיקע ליפט און האָט זיכ צוריקגעקערט אפ זײַנ אָרט.

קאַמיע איז געווענ צופרידנ און שטאָלצ מיט דעמ, וואָס זי איז געפאַלנ אפנ געדאַנק צוגיינ צומ פאָטער און עטוואָס צעטרײַבנ זײַנ אומעט. אומבאַמערקטערהייט האָט זי אָכטונג געגעבנ אפ לייבקענ. ער איז שווײַגנדיק געזעסנ לעבנ פאָטער און פונ צײַט צו צײַט געוואָרפנ אפ איר א בליק.

פײַנשטיינ האָט געהאַלטנ פאַרקוועטשט אינ זײַנ ברייטער דלאָניע א האַלב פאָנעמ און אָנגעשטרענגט אײַנגעגעסנ זיכ מיט די אויגנ אינעמ דיל. גיטע האָט עטוואָס א שטויס געטאָנ לייבקענ מיטנ עלנבויגנ און האָט אים א ווונק געטאָנ אפנ פאָטער. לאַנג איבערלאָזנ דעמ מאַנ אינ אזא לאַגע האָט זיכ איר ניט געוואָלט. מע האָט געדאַרפט צעטרײַבנ זײַנע שווערע געדאַנקענ. פאַרשטייט זיכ, אז לייבקע איז דער איינציקער מענטש, וועמענ ס'דאַרפ איצט וועגנ דעמ אַרנ. זי וועט דאָכ די ערשטע ניט אָנהייבנ צו ריידנ מיטנ מאַנ, נאָכ דעמ, ווי ער האָט זי אזוי באַליידיקט. באַדײַ ס'זאָל איר גיינ אינ לעבנ...

לייבקע האָט זיכ א קער געטאָנ צומ פאָטער און אים אָנגערירט פאַרנ אַרבל.

— טאַטע, — האָט ער געזאָגט. — וואָלסט עפּעס פאַרייכערט, וואָלט דיר גרינגער געוואָרנ...

פײַנשטיינ האָט, קאָסענדיק די אויגנ, א קוק געטאָנ אפ אים און דערנאָכ אפ גיטענ. זי איז געזעסנ אײַנגעבויגנ. אײַנשפּאַרנדיק זיכ מיט די עלנבויגנס אינ די קני, האָט זי זיכ מיט די הענט געהאַלטנ פאַרנ קאָפּ, וואָס איז געווענ אַרומגעבונדנ מיט א נאַסנ האַנטעכ, און האָט נעבעכדיק געקרעכצט. שטענדיק, ווענ זי פלעגט זיכ צעקריגנ מיטנ מאַנ, פלעגט זי אָפּגיכ אַרופּכאַפּנ אפנ קאָפּ א נאַסנ האַנטעכ. ערשטנס, העלפט עס צו קאָפּ־ווייטעק (אויב דער קאָפּ טוט ניט וויי, קאָנ עס דינענ פאַר א סגולע קעגנ קאָפּ־ווייטעק), צווייטנס, האָט דער נאַסער האַנטעכ אפנ קאָפּ מוירעדיק געווירקט אפנ מאַנ. גיטע איז געווענ קלאָר אינ איר כעזשבנ.

פײַנשטיינ האָט שוינ בעטעמעס פאַרדראָסנ אפ דעמ, וואָס ער האָט אָפּגעטאָנ צוליב זײַנ „ספּילטשיווער" נאַטור. ער פלעגט זיכ אויפרעגנ און צעקאָכנ זיכ אינ איינ אויגנבליק. אָנצינדנ זיכ ווי א שוועבעלע און ווי א שוועבעלע גלײַכ אויסגעלאָשנ ווערנ. בעטעווע איז ער געווענ א גוטהאַרציקער, און זײַנ גוטהאַרציקײַט האָט ניט געהאַט קיינ ברעג פונקט אזוי, ווי זײַנ „ספּילטשעוודיקײַט". אינ א ווײַלע אַרום נאָכ איטעווידנ קריג פלעגט אים מאָדנע אָנהייבנ נאָגנ אינעווייניק. די בײַזקײַט פלעגט זיכ אינ אים צעשמעלצנ. דאָס האַרצ זײַנס פלעגט זיכ אָנפילנ מיט א וואַרעמענ געפיל, און ער פלעגט די רענע כיישעק האָבנ גלײַכ אָנצוהייבנ ריידנ מיט דעמ מענטשנ, וועמענ ער האָט נאָרוואָס באַליידיקט. ער פלעגט זיכ באַרויִקנ נאָר דאַנ, ווענ ער פלעגט דערזענ, אז יענער איז איכ מויכל געווענ.

איצט האָט ער ביז גאָר געזשאַלעוועט גיטענ. ס'האָט אים פּאַשעט געקאָסט געזונט. ס'האָט זיכ אים געדאַכט, אז קיינמאָל איז זי אים ניט געווענ אזוי נאָענט און טײַער, ווי איצט... נאָר אז גיטע האָט דערפילט זײַנ קוק, האָט זי זיכ אויבגע⸗

קערט צו אים מיט דער פלייצע, און ס'האָט זיכ געדאכט, אז זי וויל אפ אים ניט קוקנ און זי וויל אים ניט קענענ.

ער האָט אָפּגעזיפצט, שווײַגנדיק ארויסגעשלעפט דאָס טאבעק־זעקעלע, ארויסגענומענ פונ אינעווייניק א צונויפגעלייגט בלעטל פאפיראָס־פאפיר און האָט אָפּגעפרייסלט דעמ טאבעק־שטויב. נאָכדעמ האָט ער אָפּגעריסנ א פירקאנטיק שטיקל פאפיר, אנגעשאָטנ מיט די פינגער א ביסל טאבעק, געניט פארדרייט א פאפיראָס און מיטנ צונג עס פארקלעפט. קיינ שוועבעלע האָט ער בא זיכ ניט געפונענ, נאָר פארייכערנ בא סערעדא האָט ער בעשומויפנ ניט געוואָלט. אזוי איז ער געבליבנ זיצנ מיטנ פאפיראָס אינ האנט. פײַנשטײנ האָט פעסט באשטימט — בעסער צוווארטנ ביז דער נאָענטער סטאנציע, אראָפּשפרינגענ און צורייכערנ בא אנ אומבאקאנטנ.

V

די טעפּלושקע האָט זיכ געהײדעט אינדערשטיל. מיט דער אָפענער טיר, ווי מיט אנ אויער, האָט זי זיכ צוגעהערט צו דעמ מאָנאָטאָנעמ געקלאפ פונ די רעדער.

די מענטשנ זײַנענ געזעסנ שווײַגנדיק. זיי האָבנ איבערגעלעבט אנ אומרו פאר זייער צוקונפט. מיט יעדער רעגע האָט זיכ דער אומרו צעוואקסנ. האגאם יעדער איינער פונ זיי האָט געוווסט, אז אָט־אָ־דער נאָגנדיקער אומרו דערנידעריקט אימ, האָט דאָכ דער האָזיקער געפיל געוועלטיקט איבער אלצ מיט אנ אנדער, און זייערע געדאנקענ זײַנענ געווענ געווענדט אהינ — אינ דער אומבאוווסטער ווײַטקײַט, וווהינ עס האָט געיאָגט זייער צוג.

לייבקע מיט קאטיענ האָבנ זיכ אהינגערעדט נאָר מיט די אויגנ. יעדע ווײַלע פלעגנ זיי זיכ געהיט ארומקוקנ, צי באמערקט עס ניט עמעצער. אינ דער אָנוועזנהײַט פונ די עלטערנ פלעגנ זיי מאכנ אנ אָנשטעל, אז זיי געהערנ זיכ מיט גאָרניש אָנ איינער צומ צווייטנ. קאטיע סערעדא — א שילערנ פונ פ ע ז ע אָ — וואָלט קיינמאָל זיכ ניט דערלויבט פאר די עלטערנ אינ די אויגנ זיצנ נאָענט לעבנ לייבקע פײַנשטײנענ — דעמ שילער פונעמ זעלבנ פ ע ז ע אָ. נאדרייקע וואָלט זי גלײַכ אנגערופנ „קאלע". פונ אָט דעמ געדאנק נאָר פלעגט קאטיע רויט ווערנ. אָבער איצט, אינ דער טונקעלער טעפּלושקע, האָט זי זיכ ניט געקאָנט אײַנהאלטנ ניט א קוק צו טאָנ אפ לייבקענ. עפעס א מאָדנער קויעכ האָט זיי געצויגנ צו קוקנ איינער אפנ צווייטנ אָפט, יעדע רעגע. און ניט נאָר אינעמ קוק האָבנ זיי אויסגעדריקט זייערע געפילנ. לייבקע האָט זיכ געסטארעט מיט אלע מעגלעכקײַטנ העלפנ קאטיעס עלטערנ, דער באָבענ. פארנ אָפּגייג פונעמ צוג האָט ער זיי געבראכט הייס וואסער, געהאָלפנ צעשטעלנ די פעק, און אז די באָבע האָט אימ געגעבנ ארײַנקלאפנ א טשוואָק אינ וואנט, האָט ער עס געטאָנ מיט אזא ווילנ און אזוי פלינק, אז זאָסיע האָט פונ אנציקונג ניט אויפגעהערט אימ צו לויבנ. דאקעגנ, פארשעמט זיכ, איז קאטיע רויט געוואָרנ און האָט זיכ ניט געפונענ קיינ אָרט.

איצט האָט אפ זיי קיינער קיינ אכט ניט געלייגט. אלע האָבנ געקוקט דורכ דער אָפענער טיר. מיט א גערויש איז אָנגעקומענ פונ אנטקעגנ און איז פארבײַגעפלויגנ א מיליטער־צוג. פונ די טעפּלושקעס האָט זיכ דערטראָגנ א געזאנג, דאָס שפּילנ פונ א הארמאָניק, א הירזשערײַ פונ זאטע פערד. ס'האָט א ווייע געטאָנ מיט טאבאָרקע־רויכ, מיט א גערוכ פונ שווייס און ווארעמ מיסט.

סערעדאס און פײַנשטײנס מישפּאָכעס זײַנענ צוגעלאָפנ צו דער אָפענער טיר פונ דער טעפּלושקע. זיי האָבנ געפאָכעט מיט די הענט צו די רויטארמייער און האָבנ געשריִענ:

— האָט אײַכ א גליקלעכנ וועג!

— צעקלאפט וואָס גיכער דעמ סוינע!

און די רויטארמייער האָבנ צו זיי אויכ געפאָכעט מיט די הענט און האָבנ עפעס אויכ, באגריסנדיק, געשריִענ.

זאָסיע האָט גענישטערט מיט די אויגנ איבער די פאַרבײַשוועבנדיקע פּענעמער פונ די רויטאַרמייער. זי האָט געזוכט איר זונ.

— קוקט זיכ אײַנ, — האָט זי געבעטנ, — עפּשער פאָרט דאָ אונדזער פּעטרוס?

אַלע האָבנ זיכ אָנגעשטרענגט צוגעקוקט צו די מעפּלושקעס, צו די פּלאַטפאָרמעס, אַפ וועלכע ס'זײַנעננ געשטאַנענ האַרמאַטנ און אויטאָמאָבילנ, צוגעדעקט מיט ברעזענט. מיט א הילכיקנ גערודער האָט זיכ פאַרבײַגעטראָגנ דער מיליטער-צוג, און ס'איז גלײַכ מאָדנע שטיל געוואָרנ, ס'האָבנ נאָר עלנט און טריב געקלאַפּט די רעדער אונטערנ וואַגאָנ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'האָט זיכ אָנגערוקט א גערדיכטע פינצטערניש פונ דער וואָלקנדיקער נאַכט. די באָבע מאַריליע האָט זיכ געלייגט אַפ דער נאַרע, אונטערבעטנדיק אַנ אַלטנ מאַנטל. צוקאָפּנס האָט זי אוועקגעלייגט א קליינ קישעלע. זי האָט שווער אָפּגעזיפצט, דערמאָנענדיק זיכ אָנ דער היימישער ווײַכער בעט און אָנ דער פרישער קילקײַט פונ די קלאָרע לײַלעכער.

אינ דער טעפּלושקע, האָט זיכ געדאַכט, האָבנ אַלע געשלאָפנ. נאָר אָט האָט זיכ אופגעהויבנ לייבקע. ער האָט זיכ צוגעהערט, א קוק געטאָנ אַפ די שלאָפנדיקע עלטערנ און ייִיער געהימ, פונקט ווי ער וואָלט געטראָפנ אַפ משוועקעס, איז ער צוגעגאַנגענ צו דער האַלב-אָפענער טיר. אינ דער זעלבער רעגע איז אויסגעוואַקסנ לעבנ אימ קאַטיע.

— ס'שלאָפט זיכ ניט... — האָט זי געזאָגט.

לייבקע האָט זיכ אומרויִק ארומגעקוקט און האָט צו איר א דראָע געטאָנ מיטנ פינגער:

— שטילער...

זיי האָבנ זיכ אנידערגעזעצט בא דער טיר, אַראָפּגעלאָזט די פיס און זײַנענ א ביסל צײַט געזעסנ שווײַגנדיק.

— קאַטיע, — האָט לייבקע א שעפּטשע געטאָנ, קוקנדיק אינ דער ווײַט. — גיט, וואָס מיר זײַנענ צוזאַמענ...

זי האָט ניט געענטפערט.

— מיט מיר וועסטו ניט פאַרפאַלנ ווערנ, — האָט ער געזאָגט מיט א טאָנ פונ א דערוואַקסענעמ. — ווילסט זענ, ס'ארא געזונטער איכ בינ?

ער האָט זיכ צו איר א קער געטאָנ, אָנגעשטרענגט איפּגעבויגנ די הענט, קעדיי צו ווײַזנ איר דעמ קויעכ פונ זײַנע מוסקולנ, און האָט זי פליצלינג ארומגענומענ. קאַטיע האָט באַליידיקט א פּאַטש געטאָנ אימ איבער די הענט, באַפרײַענדיק זיכ פונ זײַנע אָרעמס.

— ווײַסט האָכ מיכ דערשטיקנ... קאָכעלאַפּער...

לייבקע האָט צעגומענ די הענט און פאַרשעמטערהייט, טוירע האָבנדיק צו קוקנ איר אינ די אויגנ, זיכ אָפּגעקערט. זי האָט זיכ פונ אימ אָפּגערוקט, און זיי זײַנענ געבליבנ זיצנ שווײַגנדיק.

קאַטיענ האָט זיכ אויסגעוויזנ, אז ער איז ברויגעז. ס'האָט זיכ איר ניט געוואָלט, ער זאָל אַפ איר זײַנ ברויגעז, ביפראַט איצט, ווענ ס'איז אזוי גוט און אָנגענעמ צו זיצנ אָפּגעזונדערט פונ אַלעמענ אינ דער פינצטער זאַלבעצוויים.

— לייבקע, — האָט קאַטיע א זאָג געטאָנ, קוקנדיק אַפנ הימל. — טרעפ, פונ וועלכער זײַט איז דער גרויסער בער?

— פונ יענער! — האָט ער א ברומ געטאָנ, ניט אומקערנדיק זיכ.

— ביסט ברויגעז?

— ניינ...

— טאָ גיב אַפ מיר א קוק.

ער האָט מיט גוואַלד צו איר א קער געטאָנ דעמ קאָפּ. נאָר ווענ ער האָט זיכ באַגעגנט מיט אירע אויגנ, האָט ער איבערגעשאָסנ א שטיל געלעכטער. זי האָט זיכ אויכ צעלאַכט, און ביידע האָבנ זיי פאַרשטעלט די מײַלער מיט די דלאָניעס.

נאָכדעמ האָט לייבקע ערנסט א זאָג געטאָנ:

— געדענקסט, פאַראיאָרנ אינ דער צײַט, זײַנענ מיר געזעסנ אינ שטאָטישנ גאָרטנ אונ האָבנ גערעדט וועגנ די שטערנ, פונקט ווי מיר וואָלטנ געכאַזערט דעמ לימעד. געדענקסט? ס'איז שוינ געווענ קאַניקול-צײַט, אונ מיר האָבנ עס גאָר ניט געדאַרפט. נאָר די שטערנ האָבנ אַפ אונדז געקוקט, האָבנ מיר וועגנ זיי גערעדט...

קאַמיע האָט צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ. זי האָט זיכ דערמאָנט אָנעמ שטילנ יולי-אָוונט — די לעוואָנע-שײַנ אַפ די פּוכיקע צווײַגנ פונ די ביימער אונ א רייעכ פונ קווייטנ. זיי זײַנענ געזעסנ אינגדערשטיל, זאַלבעצווייט. נאָכדעמ האָט זי זיכ באַליידיקט אונ איז אַוועק. בעקיוונ באַליידיקט זיכ, קעדיי ניט צו גיינ גלײַכ מיט אימ אַהיימ.

— ווענ איכ בינ געגאַנגענ אַהיימ, — האָט לייבקע פאָרגעזעצט, דערנענטערנדיק זיכ צו קאַמיענ, — בינ איכ אַדורכגעגאַנגענ פאַרבײַ עטלעכע נאַכט-שוימרימ. זיי האָבנ וועגנ עפּעס געשמועסט. ס'האָט זיכ מיר פלוצעמ פאַרוואָלט וויסנ, וועגנ וואָס עס ריידנ צווישנ זיכ די דאָזיקע מענטשנ... ווייסטו, וועגנ וואָס זיי האָבנ גערעדט? — אויכ וועגנ די שטערנ...

עמעצער האָט א זיפץ געטאָנ אינ שלאָפ. לייבקע אונ קאַמיע האָבנ זיכ צוגעטוליעט איינס צומ אַנדערנ. אינ דער שטילקײַט האָט זיכ אָנ אויפהער אַרײַנגעריסנ דער געקלאַפּ פונ די רעדער.

דער ווינט האָט צו זיי דערטראָגנ א גערוכ פונ פעלד-בלומענ, פונ צײַט צו צײַט א ביסל רויכ פונ לאָקאָמאָטיוו. אונ כוץ דעמ האָט צו זיי דער ווינט דערטראָגנ קלאַנגענ פונ א פידל: אָפּגעהאַקטע, צעפּלאָנטערטע אונ אומעטיקע.

אינ טאָרמאָז-בײַדל פונ א פּלאַטפאָרמ, ניט ווײַט פונ די טעפּלושקעס, איז געזעסנ דער זייגערמאַכער מיט זײַנ פידל אינ די הענט אונ האָט אינ טאַקט פונעמ געקלאַפּ פונ די רעדער געבאָמבלט מיטנ סמיק איבער די שטײַפע סטרונעס, גלאַט אַזוי אינ דער וועלט אַרײַנ.

עטלעכע מינוט זײַנענ זיי געזעסנ שווײַגנדיק אונ פאַרטראַכט צוגעטוליעט איינער צומ צווייטנ. נאָכדעמ האָט לייבקע טרוימעריש שטיל א זאָג געטאָנ:

— אָט וועגנ וואָס איכ טראַכט... מע דאַרפ צונויפזאַמלענ אַנ אָטריאַד פונ אַזוינע יאַטנ, ווי איכ, באַוואָפנטע פונ קאָפּ ביז די פיס.. באַ אַלעמענ זײַנענ אויטאָמאַטנ, אַלע אַפ פערד! ווייסט, ווי איכ וואָלט אימ אָנגערופנ? דער אָטריאַד פונ רויטע שיידימלעכ! ווי א שטורעמ-ווינט פליענ מיר אַרײַנ אינ א דײַטשישנ שטאַב, מיר פאַרניכטנ די גענעראַלנ אונ לאָזנ איבער א צעטעלע: „א טויט די דײַטשישע אָקופּאַנטנ!" אונ מיר שרײַבנ זיכ אונטער: „רויטע שיידימלעכ!"

ער האָט גערעדט פונ טיפנ האַרצנ, אונ זײַנ פּנים האָט געשײַנט, זײַנע אויגנ האָבנ פײַערדיק געגלאַנצט. קאַמיע האָט ווי פאַרקישעפט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

— יאָ, יאָ, יאָ! טאַקע אַזוי וועלנ מיר זיכ אונטערשרײַבנ!

לייבקע האָט זיכ אָנגעכמורעט.

— אינ דעמ אָטריאַד דאַרפנ זײַנ יאַטנ איינע אינ איינע — העלדנ!

זי האָט באַליידיקט אָנגעבלאָזנ די ליפּנ אונ אַראָפּגעלאָזט די אויגנ. ס'האָט זי אָנגערירט זײַנ גרויסהאַלטערישער טאָנ אונ דאָס וועלנ זיכ באַגיינ אָנ איר.

— לייבקע, — האָט זי ערנסט א זאָג געטאָנ. — דו וועסט סײַווי ניט זײַנ קיינ העלד.

— פאַרוואָס?

— ווײַל דו ביסט א פּאַכדנ...

ער האָט זיכ א ביסל פאַרלאָרנ אונ איז געבליבנ זיצנ פאַרטראַכט. פאַרבײַ זיי זײַנענ דורכגעפלויגנ אינ דער פינצטערניש שוואַרצע פלעקנ פונ ביימער אונ טעלעגראַפ-סלופּעס.

— איכ בינ ניט קיינ פּאַכדנ, — האָט ער שטילערהייט געזאָגט. — איכ האָב מער נישט ניט געדאַרפט אַוועקפאָרנ פונ דער היימ... כ'האָב גלײַכ געדאַרפט אַוועקגיינ צו די פּאַרטיזאַנער...

דער ווינט האָט צו זיי דערטראָגנ די צעצויגענע קלאַנגענ פונ א פידל. דאָס האָט נאָכ אלץ געשפּילט דער זייגערמײַסטער. א ברעג פונ דער לעוואָנע איז אפּ א ווײַלע ארויסגעשווומענ פונ אהינטער די וואָלקנס אונ האָט מיט א קאַלטנ שטראַל באלויכטנ דעם זייגערמאכערס בלייכע האנט אונ א זילבערנע סטרונע.

די טעפּלושקע איז, פּונקט ווי דער גאנצער עשעלאָנ, נאָכ א טאָג איפּרעגונג אונ האוועניש, געשלאָפנ מיט א שטארקנ שלאָפ. פּלוצעם האָט די באָבע מאריליע, ניט עפענענדיק די אויגנ, א וואָרטשע געטאָנ:

— זאָסיע! ווו האָסטו אוועקגעלייגט די נאפּטאלינ?

ס'האָט זיכ איר געכאָלעמט די היימ... דער הויפ... באגאָסענע מיט זונ — עס לופטערנ זיכ אפּ די שטריק פּיטערס, קאפּאָטעס אונ מאנטלענ... אָט האָט מענ זיכ א נעמ געטאָנ פארשיטנ זיי מיט נאפטאלינ אונ אײַנייענ אינ לײַלעכער. דער באָבע מאריליענ, ווײַזט אויס, האָט אויסגעפעלט א פּעקל נאפטאלינ.

— זאָסיע, ווו איז די נאפטאלינ?

ס'האָט איר קיינער ניט געענטפערט.

## VI

ס'האָבנ רוישיק געקלאפּט די רעדער.

שטראַלנ פונ דער אופגייענדיקער זונ האָבנ זיכ אדורכגעריסנ דורכ די שפּאַלטנ פונ וואגאָנ אונ האָבנ באלויכטנ די שלאָפנדיקע מענטשנ.

זאָסיע איז אופגעשטאנענ פרײַער פונ אלעמענ אונ האָט זיכ גענומענ שטיללערהייט ברענגענ אינ אָרדענונג די טעפּלושקע. אפנ ליוק האָט זי אופגעהאנגענ א פאָרהענגעלע. אָנשטאָט א טיש האָט זי אוועקגעשטעלט א קאָרב אונ באדעקט מיט א קלאָרנ טישטעכ. אונ אינ א גראפינ מיט אנ אָפּגעבראָכנ העלדזל האָט זי ארײַנגעשטעלט א קליינ בוקעטל פעלד־בלומענ, וואָס נאדייקע האָט צונויפגעקליבנ פארנ אָפּפאָר. נאָכדעמ האָט זי ארייסגענומענ דעמ זונס פאָטאָגראפיע אונ האָט זי מיט א זיכערנאָדל צוגעשטאָכנ צומ וואנט.

דערנעענטערנדיק זיכ צו א סטאנציע, האָט דער צוג פארלאנגזאמט דעמ גאנג. פונדערווײַטנ האָט זיכ דערטראָגנ א פארטויבטער פײַפ. סערעדא האָט זיכ אופגעכאפּט אונ לויט דער געוווינשאפט גענומענ שארנ איבער דעמ לינקנ ווענטל פונ דער טעפלושקע.

— ווו איז דער האנטעכ? — מ'ער א פרעג געטאָנ. — זאָסיע, ווער האָט אראָפּגענומענ דעמ האנטעכ?

זי האָט מיט פארוווּנדערונג א קער געטאָנ צומ מאנ איר מאָגערנ לאנגנ גופ.

— אינ טשעמאָדאנ!

ער האָט זיכ אפּ א ווײַלע פארלאָרנ, פארשעמטערהייט א שמייכל געטאָנ אונ א ריב געטאָנ די אויגנ.

— אָט, א ניט־גוטער... — האָט ער זיכ צעבורטשעט, אײַנבייגנדיק זיכ.

ער האָט אנ עפנ געטאָנ דעמ טשעמאָדאנ, אונ פונ דאָרטנ האָט זיכ ארויסגעקײַקלט א קליינ זעקעלע. סערעדא האָט עס אופגעהויבנ אונ באוויזנ זאָסיענ.

— ווי קומט אהער א זעקעלע? — האָט ער א פרעג געטאָנ. — וואָס איז דאָ?

די באָבע מאריליע האָט זיכ שנעל א הייב געטאָנ פונ איר אָרט אונ מעוווּלוּלדיק אפּ אימ א קוק געטאָנ.

— דאָס איז מײַנס, — האָט זי געזאָגט. — גיב עס אהער.

סערעדא האָט פארכידעשט א קוועטש געטאָנ מיט די אקסלענ. פונ דעמ זעקעלע האָט זיכ אויסגעשאָטנ אפּ זײַנ דלאָניע א ביסל ערד. ער האָט באלד פארשטאנענ, ווענג וואָס דאָ האנדלט זיכ, אונ שווײַגנדיק אָפּגעגעבנ איר דאָס זעקעלע.

אינ דער צווייטער העלפט טעפלושקע האָט מענ זיכ אויכ אָנגעהויבנ אופכאפּנ.

אָנטועענדיק די שטיוול, האָט פּײַנשטיינ א קער געטאָנ צו גימענ דאָס שמייכלענדיקע פאָנעמ זײַנס.

— איצט פארשטייסטו, הארצעניו, — האָט ער געזאָגט. — פארוואָס איכ האָב דיכ געוועקט באנאכט? מיר האָט זיכ אויסגעוויזנ, אז דו האָסט פארגעסנ אוועקצושטעלנ דעמ וועקזייגער. ס'האָט זיכ מיר געכאָלעמט, אז איכ האָב פארשפעטיקט צו דער ארבעט... וואָס ס'מע זאָגנ? איכ האָב אפ מײַנ לעבנ ניט נאָר קיינמאָל ניט פארשפעטיקט, נאָר אפילע א כאָלעמ אזא מעשוגנעדיקער איז מיר אויכ געקומענ דאָס ערשטע מאָל, זינט איכ לעב...

סערעדא האָט מיט א סקריפ צעעפנט די שווערע טיר פונ דער טעפלושקע. אהינ האָט זיכ ארײַנגעריסנ א העלע זונענ־שײַנ אונ האָט אפ א רעגע אלעמענ פארבלענדט די אויגנ. צוזאמענ מיט דער ליכטיקײַט האָט א שפאר געטאָנ אינ זאגאָנ א פרישקײַט פונעמ זומערדיקנ באגינענ. ס'האָט פארשמעקט מיט קילקײַט פונ טויִקע פעלדער. פונ ערגעצ נאָר נאָענט האָט זיכ דערטראָגנ א פויגל־געזאנג.

פײַנשטיינ האָט מיט פארזאָרגטע אויגנ זיכ ארומגעקוקט. ער האָט צענומענ די הענט אינ האָט א באוועג געטאָנ מיט די פינגער.

— ווו איז עס גיטע, הא? — האָט ער געפרעגט. — איכ וואָלט כאָטש דערווײַל...

בא אימ זײַנענ געווענ אומרויִקע הענט — שטענדיק אינ באוועגונג. איבערהויפט זײַנענ געווענ באוועגלעכ זײַנע פינגער. מיט די פינגער פלעגט ער דעריידנ א פראזע. אנומלטנ האָט ער א קוק געטאָנ אפ גיטענ אונ, אויסדריקלעכ באוועגנדיק מיט די פינגער, א זאָג געטאָנ:

— ס'האָט זיכ מיר עפעס פארוואָלט אפ טשיקאוועס אזוינס...

— טיי מיט סאָק! — האָט גיטע געטראָפנ.

— ביסט דאָכ א כאכאָמע! — האָט ער זיכ הילכיק צעלאכט, — טאקע דאָס ווילט זיכ מיר, געזונט זאָלסטו זײַנ!

איצט האָט גיטע אפ אימ פארווונדערט א קוק געטאָנ אונ האָט זיכ אָנגעכמורעט.

— רעט בעזעט?

פײַנשטיינ האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפ.

— מער ווילסטו שוינ גאָרנישט? — האָט זי קאעסדיק געזאָגט. — עפשער וועסטו שוינ אָפקאָכנ ווארמעס אויכ? ס'איז דאָכ אנ עמעסע אָנשיקעניש, ערנ וואָרט, א מענטש זאָל א רעגע ניט קאָנענ זיצנ אָנ ארבעט...

פײַנשטיינ האָט זיכ אָפגעקערט אָנ א זײַט. זײַנ געזונטער נאקנ האָט זיכ אָנגעגאָסנ מיט בלוט. ער האָט פארוואָרפנ דעמ קאָפ אונ שווײַגנדיק גענומענ קוקנ אפ דער סטעליע.

סערעדא האָט זיכ געייסעקט מיט א פלאכ שטיקל שטאָל.

— הער אופ צו קלאפנ, — האָט זאָסיע צו אימ געזאָגט. — ס'טוט מיר אזוי אויכ דער קאָפ ווײ.

ער האָט מיט א בעטנדיק קאָל א פרעג געטאָנ:

— דו האָסט דאָכ מיסטאמע די מעסערס איבערגעלאָזנ אינ דער היימ?

די באָבע מאריליע איז געזעסנ אפ דער נארע. הילכיק גענעצנדיק, האָט זי אינמיטנדערינענ אָנגעשטעלט די אויערנ אונ האָט צוגעשאָקלט צו זאָסיעס מיטנ קאָפ.

— זאָל ער מאכנ, וואָס ארט דיכ? אינ דער באלעבאטישקײַט וועט צונוצ קומענ.

— מע דארפ ניט! — האָט זאָסיע געזאָגט. — מיר האָבנ צוויי מעסערס — וועט קלעקנ.

סערעדא האָט אראָפגעלאָזט די אויגנ.

— מיילע, — האָט ער געזאָגט, — וועל איכ עס אָפגעבנ אפנ וועג א רויטארמייער.

ער האָט גערעדט לאנגזאמ אונ שווער, ווי ער וואָלט די ווערטער ארויסגעשלעפט מיט גוואלד.

פײַנשטיינ האָט ארומגעקוקט די װענטלעכ פונ דער מעפּלױשקע אונ האָט באַמערקט, אז אינ דער טיר פעלט עפּעס. ער האָט זיכ אײַנגעבױגנ אונ האָט מיטנ פינגער א פּאָרקע געטאָנ דאָס פוכטע אָרט.

— זע נאָר, דאָ פעלט דאָכ א שרײַפל! — האָט ער צופרידנ א ריב געטאָנ א האַנט אָנ א האַנט. — איכ װעל עס צורעכט מאכנ אײנס אונ צװײ!..

ער איז אראָפּגעשפּרונגענ פונ װאגאָנ אונ אײַלנדיק א לאָז געטאָנ זיכ אינ דער זײַט פונ די פּלאטפאָרמעס.

מער פונ אלעמענ, האָט זיכ געדאכט, לײַדט פונ לײדיקגײנ דער זײגערמײַסטער. ער האָט שױנ באװיזנ צולױפנ אפ דער סטאנציע, פאנאנדערפרעגנ בא מענטשנ, װעלכע ער האָט באגעגנט, װענ זײַנ געזינד. אונ װענ ס'איז אָנגעקומענ נאָכ אנ עשעלאָנ מיט עװאקוירטע, איז ער אװעקגעלאָפנ אהינ, אונ פארדאלטנדיק זיכ בא יעדנ װאגאָנ, האָט ער אױסגעשריענ:

— לײקע! לײקע קאָפּעליעװיטש! באװײרימ, פונװאנענ זײַט איר, אײנגעלעכ, הא? עפּשער פאָרט מיט אײַכ אינ װאגאָנ א פרױ מיט א קינד, װאָס האָט פאַרלאָרנ דעמ מאנ? נײנ? עפּשער װעט איר זי װו טרעפנ, בעט איכ אײַכ, זאָגט איר, אז איכ בינ, אײנגעלעכ, דאָ... קאָפּעליעװיטש! קאָפּעליעװיטש איז מײַנ פאמיליע!

א פארביטערטער אונ א דערשלאָגענער, איז ער געלאָפנ פונ אײנ װאגאָנ צומ צװײטנ אונ, װענ ער האָט זיכ דערקליבנ ביזנ לאָקאָמאָטיװ, האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט, א װאָרפ געטאָנ א לײַדנדיקנ בליק אפנ לאנגנ פראכט-צוג, װאָס איז געװענ פול-געפּאקט מיט מענטשנ, אונ א פארמאטערטער, מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ קאָפּ, געלאָזנ זיכ גײנ צוריק צו זײַנ עשעלאָנ.

איצט האָט ער זיכ קײנ אָרט ניט געפונענ, פונקט װי ער װאָלט געזעסנ אפ נאָדלענ. יעדע רעגע פלעגט ער זיכ אופכאפּנ פונ אָרט, צולױפנ צו דער נארע, ארױסנעמענ די געצײַג זײַנע, צעלײגנ זײ אונ רײניקנ. לעסאָפּ האָט ער ארײַנגעשטעלט א שפּאקטיװ אינ רעכטנ אױג אונ האָט מיט א שרױפּנציער אינ דער האַנט גענומענ זוכנ אנ אָרט אפנ משעמאָדאנ, װו מע זאָל קאָנענ פארדרײענ א שרײַפל.

נימע האָט פונ דער זײַט געכאפּט אפ אימ א קוק.

— װאָס פאָרקעסטו זיכ דאָרטנ? — האָט זי אומגעריכט א פרעג געטאָנ.

ער האָט א ציטער געטאָנ אונ האָט פארטשעפּעט ניט װילנדיק א פאָרצעלײַענ טעפּעלע. דאָס טעפּעלע איז אראָפּגעפאלנ אפנ דיל אונ האָט זיכ צעקלונגענ מיט שערבלעכ.

— איכ בינ ניט שולדיק, — האָט ער זיכ מיט א געבעכדיק קאָל גענפרוװט פארענטפערנ.

— מײלע, — האָט נימע א מאכ געטאָנ מיט דער האַנט, — זאָל עס זײַנ די קאפּאָרע פאר אונדז אלעמענ...

אונ באגענענענדיק זיכ מיט זײַנ פארלאָרענעמ אונ בעטנדיקנ קוק, האָט זי זיכ אײַנגעבױגנ צו גאליענ אינ האָט שטיל א פרעג געטאָנ:

— דײַנ זײגער גײט ריכטיק?

דער זײגערמײַסטער האָט אָנגעשטעלט די אױערנ.

— ער שטײט אָפּ. — האָט גאליע געזאָגט.

דער זײגערמײַסטער האָט זיכ א כאפּ געטאָנ.

— אומ גאָטעס װילנ! — האָט ער מיט א ראכמימ-טאָנ געזאָגט. — כ'װעל אימ דורכרײניקנ אונ דורכקאָנטראָלירנ, װאָס ארט אײַכ, מיט גאראנטיע!

ער האָט געצײַלטערהײט אראָפּגענומענ פונ גאליעס האַנט דעמ זײגער, טײַרע האָבנדיק, װײַזט אױס, זי זאָל כאסװעשאָלעמ ניט איבערטראכטנ, אונ האָט טײקעפּ לעבהאפטיק א נעמ געטאָנ זיכ צו דער מעלאָכע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לײבקע אונ קאטיע האָבנ זיכ פארקליבנ אינ א פינצטערנ װינקל פונ דער מעפּלױשקע אונ האָבנ זיכ בעכיפּאָזנדיק װעגנ עפּעס צונױפגערעדט.

— געדענק! — האָט לייבקע א שעפּטשע געטאָן. — וועסט נאָר זאָגן דער מאַ-
מען א וואָרט, וועט זי אלץ פאַרשטיין.

— נאָך וואָס? — האָט קאַטיע א קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס. — איך
מיין דאָך, זי וועט באַלד אָנהייבן וויינען, און דעמלט איז אלץ פאַרפאַלן...

קאַטיע האָט זיך ארומגעקוקט און דערזען לעבן זיך גאַדייקען. דאָס מיידעלע
האָט זיך צוגעהערט צו זייער געשפּרעך, נאָר זי האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז
זי איז, קלוימערשט, פאַרנומען מיט איר ליאַלקע.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט קאַטיע פאַרלאָרן א פרעג געטאָן. — האָסט זיך
צוגעהערט?

גאַדייקע האָט זיך אָנגעשאַטירעט.

— גאָר, — האָט זי געזאָגט. — דאָס וויל איך מײַן ליאַלקע אוועקלייגן שלאָפן.
א באַמבע האָט איר אָפּגעריסן א פוס...

קאַטיע האָט א ווונק געטאָן צו לייבקען: „די קליינע — הייסט עס — האָט גאָר-
נישט פאַרשטאַנען“, און סמאַרענדיק זיך, מע זאָל זי ניט באַמערקן, האָט זי גע-
היט און ניט געצילטערהייט דערקליבן זיך צו דער טיר, שטילערהייט אַראָפּגע-
שפּרונגען און איז נעלעם געוואָרן. לייבקע האָט צוגעוואַרט א ווײַלע, איז אויך
אַראָפּגעשפּרונגען פון וואַגאָן און, ניט אומקוקנדיק זיך, אוועקגעלאָפן נאָך איר.

איבערלאָזנדיק הינטער זיך דעם עשעלאָן, האָבן זיי זיך ביידע באַהאַלטן אין
די קוסטעס.

— אוי, דאָס האַרץ פליט מיר ארויס! — האָט קאַטיע שווער אָפּגעזיפצט.

— שטילער! — האָט לייבקע, שווער עטעמענדיק, שטרענג אַף איר א קוק גע-
טאָן. — וועסט נאָך אָנמאַכן צאָרעס...

א ווײַלע זײַנען זיי געזעסן שטיל, אײַנגעגנורעט אהינטער די קוסטעס, נאָכדעם
האָט קאַטיע געפרעגט:

— אונדז האָט קיינער ניט באַמערקט?

לייבקע האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ און האָט א וואָרף געטאָן א בליק
אין דער ווײַט.

— ניין.

זיי האָבן זיך אומרויִק איבערגעקוקט.

— כ'וואָלט שוין אָפּגיין דער צוג, — האָט קאַטיע געזאָגט.

און באַלד מאַקע האָט זיך צו זיי דערטראָגן דער פײַפ פונעם לאָקאָמאָטיוו.
זיי האָבן דערזען, ווי די מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען אַפן פּעראָן, האָבן זיך
נעלאָזט לויפן צו די וואַגאָנען.

— לייבקע! — האָט קאַטיע אופגערעגט א זאָג געטאָן. — מיר האָבן זיך עפּ-
שער געדאַרפט געזעגענען מיט די עלטערן?

— שפּעטער.

— כ'וואָלטן מיר כאָטשבי איבערלאָזן א צעטעלע, — האָט זי זיך נעדווירט.

— מיר וועלן אָנשרײַבן א בריוו.

— וווּהין?

— מירן טרעפן וווּהין! — האָט ער א זאָג געטאָן און מיט קאַסענדיקן בליק
צוגעגעבן: — וואָס נעזעסטו? האָסט זיך עפּשער ארומגעזען? לויף — וועסט נאָך
באַוויזן!

— ניין, ניין... — האָט זי פאַרלאָרן א מורמל געטאָן. — איך גיי מיט דיר.

— טאָ שווײַג!

זי האָט אונטערטעניק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. דער עשעלאָן האָט זיך א ריר
געטאָן פונעם אָרט און האָט זיך גענומען אלץ מער און מער דערווײַטערן פון
לייבקען און קאַטיען.

— זײַט געזונט! — האָט לייבקע שטיל א זאָג געטאָן.

— זײַ געזונט, מאַמע! — האָט קאַטיע מיט א פאַרקלעמט האַרץ געשעפּ-

משעט. — זײַ געזונט, מאמע! זײַ געזונט, באבינקע! זײַ געזונט, גאלינקע! זײַ געזונט, נאדייִנקע!.

דער צוג איז אוועק אינ דער ווײַט אונ איז נעלעמ געוואָרנ. לייבקע אונ קאטיע זײַנענ ארויס פונ הינטער די קוסטעס.

— געגאנגענ! — האָט ער באפוילעריש א זאָג געטאָנ.

אונ זיי זײַנענ ביידע אוועק אינ דער ריכטונג צו דער שטאָט.

VII

ניט געקוקט אפ די אויסערגעוויינלעכ=שווערע באדינגונגענ, האָט דער זייגער=מײַסטער פאָרגעזעצט זײַנ ארבעט אינ דער זיכ הוידענדיקער טעפּלושקע. ער איז געווענ אזוי פארטאָנ אינ דער מעלאָכע, אז ער האָט זיכ אָפּגעזאָגט אפילע גיינ צומ טיש, ווענ גיטע האָט אימ פאָרגעלייגט צוזאמענ מיט זיי עסנ ווארמעס. נאָר גיטע האָט פײַנט, אז מע זאָגט זיכ אָפּ.

זי האָט אימ א נעמ געטאָנ פארנ ארבל אונ מיט קאעס א שלעפּ געטאָנ אימ צומ אימפּראָוויזירטנ טיש.

— דער זייגער וועט ניט אנטלויפנ! — האָט זי געזאָגט. — אונ איכ וועל פאר יעדערנ באזונדער ניט גיינ אייסעקנ זיכ. זעצ זיכ אונ עס!

סערעדאס נעזינד האָט זיכ אויכ געקליבנ מיטיקנ.

בא דעמ קאָרב, וואָס זאָסיע האָט אוועקגעשטעלט אָנשטאָט א טיש, האָט זיכ ארומגעזעצט דאָס גאנצע געזינד.

— ס'פעלט א טעלער, — האָט זאָסיע עטוואָס פארלאָרנ א זאָג געטאָנ אונ האָט צוגערוקט איר שיסעלע דער באָבענ. — עסט, מאמע. איכ וועל שפּעטער א ווײַלע...

— זעצ זיכ אוועק אונ עס! — האָט סערעדא געזאָגט. — איכ קאָנ אויכ צוווארטנ.

די באָבע מארילע האָט אופגעקליבנ די צעקניידשטע ליפּנ אונ האָט אפ אלעמענ קינדעריש=באלייִדיקט א קוק געטאָנ מיט אירע קליינע, פארוועלקטע אויגנ.

— אנ איבעריקע בינ איכ... — האָט זי מיט אָפּגעזיפצט, אָפּגערוקט פונ זיכ דאָס שיסעלע אונ האָט זיכ א שטעל געטאָנ אפ אוועקצוגיינ.

סערעדא האָט זי אונטערגעכאפּט אונטערנ האנט.

— מאמע, — האָט ער ליבלעכ א זאָג געטאָנ — צי דענ איז בא מיר אנ איבעריקער פינגער אפ דער האנט? — ער האָט א באוועג געטאָנ אינדערלופטנ מיט זײַנע שווערע פינגער אונ האָט זיכ א קער געטאָנ צו זאָסיענ, — ווייסט וואָס, גיס מיר אָנ דעמ זופּ אינ קריגל, מיר וועלנ זענ, ווער וועט בעסער מאכנ...

דאָס האָט, ווײַזט אויס, בארויִקט די באָבענ. זי האָט עפּעס שטילערהייט א בירטשע געטאָנ, געזעצט זיכ צומ טיש אונ האָט גענומענ קײַענ די הוילע יאגלעס.

אינ אָט דער צײַט איז זאָסיע צוגעלאָפנ צומ טיר אונ באומרויִקט גענומענ רופנ קאטיענ. נאָכדעמ האָט זי זיכ אײַנגעבויגנ אונ האָט א קוק געטאָנ אונטער דער נארע. ס'האָט זיכ איר אויסגעוויזנ, אז קאטיע האָט זיכ באלייִדיקט אונ באהאלטנ זיכ ערגעץ=ווו, קעדיי ניט צו גיינ עסנ. מיט איר פלעגט זיכ עס אָפּט טרעפנ. נאָר אונטער דער נארע איז קאטיע ניט געווענ.

— ווו קאָנ זײַנ קאטיע? — האָט זאָסיע פארוווּנדערט געפרעגט. — ווו איז קאטיע?

זי איז ווידער צוגעלאָפנ צו דער אָפענער טיר אונ האָט אפנ קאָל גענומענ רופנ די טאָכטער. דער צוג האָט שנעל געיאָגט פאָרויס. דער ווינט האָט נעשוי=בערט אירע האָר. קיינער האָט זיכ ניט ארויסגערוקט פונ די איבעריקע טעפּלוש=קעס. קיינער האָט איר ניט געענטפערט.

גיטע האָט אומרויִק א קוק געטאָנ אפ איר מאנ.

— עפעס זע איכ ניט לייבקענ אויכ... אימשע, ווּ איז אונדזער לייבקע?

— איכ האָב אימ אינ די אויגנ ניט געזענ...

— גאליע, האָסט עפשער געזענ קאַטיענ?

— ארנ, ווייסט ניט, ווּ איז לייבקע?

— זאָל איכ אזוי ניט וויסנ פונ קיינ בייז... — האָט קײַענדיק, רויק געענטפערט דער זייגערמײַסטער.

אונ דאָ ערשט האָט נאדייקע זיכ צעלאכט אונ שטיפעריש א טרייסל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

— אונ איכ ווייס! — האָט זי מיט א ניגנ א זאָג געטאָנ.

אלע האָבנ זיכ צו איר א לאָז געטאָנ. זי האָט זיכ דערשראָקנ אונ האָט זיכ שיר ניט צעוויינט.

— שא, שטילער! — האָט גיטע א מאכ געטאָנ מיט דער האנט. — הערט אויפ צו שרעקנ דאָס קינד!

זי האָט מיט שטומע באוועגונגענ געהייסנ: אלעמענ אָפּגיינ אונ האָט זיכ לאנג געשושקעט מיט נאדייקענ, גלעטנדיק דעמ קינדס קעפּל. פּלוצעמ האָט גיטע א פּאטש געטאָנ מיט די הענט אינדערלויפּנ אונ זיכ צעשריענ:

— ס'איז מיר שוינ אלצ קלאָר, ווי איז מיר! הערסט, אימשע, דעמ באָכער האָט זיכ פארוואָלט ניט אנדערש, ווי נאָר אוועקצוגיינ צו די פּארטיזאנער, אונ די מויד האָט געזאָגט, אז זי וועט זײַנ זײַנ מעדיצינישע שוועסטער...

אונ גיטע האָט זיכ צעוויינט אפּ א קאָל.

פּײַנשטיינ איז צו צו איר אונ איבערגעגט א קוק געטאָנ איר אינ די אויגנ.

— וואָס ארט דיכ... לייבקע איז ניט קיינ נאָדל — ער וועט ניט פארפאַלנ ווערנ.

סערעדא איז געזעסנ אומבאוועגלעכ אונ דערשלאָגנ פונ דעמ גײַעמ אומגליק, וואָס האָט זיכ אוועקגעלייגט אפּ זײַנע פּלייצעס. ס'האָט זיכ אימ ניט געוואָלט גלייבנ, אז קאַטיע, וועלכע איז געווענ אזוי צוגעבונדנ צו די עלטערנ, זאָל ניט געפרעגטערהייט אוועקגיינ. כמורענדיק די ברעמענ, האָט ער א פרעג געטאָנ בא זאָסיענ:

— קאַטיע האָט דיר דענ גאָרנישט געזאָגט?

— דאָס האָט זי לייבקע, ווײַזט אויס, אײַנגערעדט, — האָט זאָסיע א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ אפּ גיטענ.

— וואָס הייסט, ער האָט זי אײַנגערעדט? — האָט זיכ גיטע ווילד צעשריענ. זי האָט אָפּגעווישט די טרערנ אונ האָט זיכ גענומענ פארענטפערנ. — וואָס איז זי, קאַטיע — א קעלבל? אלע קאָנענ דאָכ מײַנ זונ, איכ דארפ אימ לויבנ, צי וואָס? אזא שטיל אינ הארציק קינד וועט איר נאָכ ערגעצ-ווּ געפינענ?

— א שטילער וואָרעמ גראָבט טיפּ! — האָט זאָסיע נערוועז א זאָג געטאָנ. — נאָכ דײַנע רייד קומט אויס, אז קאַטיע האָט אײַנגערעדט לייבקענ?

גיטע האָט צעהיצט א פּאטש געטאָנ מיט די הענט אינדערלויפּנ, אונ אויסדרייענדיק דעמ קאָפּ צו פּײַנשטיינענ אונ צומ זייגערמײַסטער, ווי זי וואָלט פונ זיי געפאָדערט הילפּ, האָט זי זיכ ערשט צעשריענ:

— וואָס זאָגט איר, הא? מענטשנ, הערט זיכ נאָר אײַנ, וועגנ וואָס עס רעדט זיכ דאָ! בא איר קומט אויס, אז מײַנ לייבקע האָט ארויסגעגאנוועט איר טאָכטער, ווי מע גאנוועט ארויס א בריליאנט. פרעגט זיכ נאָר איינ קאשע: ווער איז דער בריליאנט? אײַב איר ווילט וויסנ דעמ ריכטיקנ עמעס, האָט געבלישטשעט לייבקע, אונ ניט קאַטיע... כאָטש, גלייב מיר, איכ וויל דיכ ניט באליידיקנ...

— ס'איז מיר אינ איינ אויער ארײַנ — פונ דעמ אנדערנ ארויס... — האָט זאָסיע רויק זיכ אָפּגערופנ אונ האָט אפילע ניט אָפּגעקערט צו איר דעמ קאָפּ.

סערעדא איז געשטאנענ אנ אָנגעכמורעטער אונ א בייזער. ער האָט געקוקט איצט אפּ די פעלדער, וואָס האָבנ זיכ געצויגנ אפּ צוריק, — פונקט ווי אלצ וואָלט אָנ אויפהער געפלויגנ אפּ צוריק — אהינ, צו דער שטאָט, וואָס זיי האָבנ פארלאָזט. קאַטיע אונ לייבקע זײַנענ אנטלאָפנ אהינ. די פעלדער, די וועלדער, די הײַ-

זער, די טעלעגראפ-סלופּעס — אלצ, אלצ ציט זיכ צוריק... אונ ווער ווייסט, עפּשער האָט עמעצנ פונ די איבעריקע וואגאָנענ אויכ א צי געטאָנ צוריק?.. ס'האָט אימ געקלעמט דאָס הארצ, אונ דער געדאנק וועגנ זײַנ הילפלאָזיקײַט האָט אימ געגעבערט דעמ מויעכ. „וואָס הייבט מענ אָנ צו טאָנ?“ די ראַיוינעס האָבנ צעשפּארט דעמ קאָפּ. פונ איינעמ א געדאנק האָט ער זיכ אזש א צאפּל געטאָנ: „עפּשער איז מענ שוינ צעלאָפנ זיכ פונ אלע איבעריקע וואגאָנענ, אונ מער נית ווי זײַנ געזינד אונ פײַנשטיינס געזינד זײַנענ פארבליבנ?..“ שיינ וואָלט ער אויסגעזוגנ...

שעוועליאָווּנ האָט מענ נעכטנ ארויסגעריפנ קיינ מאָסקווע. אינ וועג האָט ער באקומענ די טעלעגראמע אונ איז דעמ זעלבנ אָוונט אָפּגעפאָרנ. אָנשטאָט זיכ האָט ער אלס דירעקטאָר איבערגעלאָזט סערעדאַ'ענ. איצט איז דער זאוואָד געבליבנ אפ סערעדאס פאראנטוואָרטלעכקײַט.

אונ ווענ דער צוג האָט פארלאנגזאמט דעמ גאנג, צוקומענדיק צו א סטאנציע, האָט זיכ סערעדא א לאָז געטאָנ צומ טיר.

— וווהינ לויפסטו? — האָט זאָסיע אויסגעשריגנ. — וועסט דעמ קאָפּ ברעכנ..

— אויב אונדזערע מענטשנ וועלנ זיכ צעלויפנ, — האָט איר סערעדא געגעבנ צו פארשטיינ. — וועט מיר סײַווי מײַנ קאָפּ זײַנ איבעריק...

אונ ווי גאָר דער צוג האָט זיכ אָפּגעשטעלט, איז ער אראָפּגעשפּרונגענ אונ האָט זיכ געלאָזט לויפנ צו די וואגאָנענ.

## VIII

דער צוג איז אדורכ פארבײַ דער סטאנציע, פארהילט זי מיט א קנוייליקנ רויכ אונ איז ארויס אינ אָפענעמ פעלד. אינ דער טעפּלושקע איז געוואָרנ לעבהאפטער. דער זייגערמײַסטער האָט זיכ צוגעקלעפּט צומ זייגער, ווי א הונגעריק קינד צו דער מוטערס ברוסט, אונ האָט פארגעסנ וועגנ אלצ אפ דער וועלט. אפ דער רענע האָט ער אפילע פארגעסנ אָנ דעמ אומגליק, וואָס האָט מיט אימ געטראָפנ, אונ האָט זיכ צעזונגענ אינ דער שטיל:

„א ליבע איז א װארע טשאכאָ-אָטקע —
אוי וויי איז מיר!
א ליבע איז אנ אומגליק אפ דער וועלט...“

פײַנשטיינ האָט פארענדיקט די מלאָכע. ער האָט פארדרייט דעמ שרויפ, ארומגעשמירט די רעדלעכ, אינ די טיר האָט שוינ קימאט איפגעהערט צו סקריפּענ אונ האָט זיכ גרינג געעפנט אינ פארמאכט. ער האָט א קוק געטאָנ אפ סערעדא, וועלכער איז געזעסנ מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ קאָפּ, טראכטנדיק וועגנ אזוינע זאכנ, מיט וועלכע ס'איז אימ קיינמאָל אפנ לעבנ נית אויסגעקומענ האָבנ צו טאָנ. ער האָט, ווי דערעכ-אגעוו, שוואכ אונ אָנ כיישעק באארבעט דאָס פלאכע שטיקל שטאָל.

— ווייסט איר וואָס, — האָט פײַנשטיינ געזאָגט, — איכ נעמ שעפטומ איבער אונדזער וואגאָנ!

אונ ער האָט טאקע אפנ שטעל א נעמ געטאָנ זיכ צוקלאפּנ לײַסטלעכ צו דער ברעט, וואָס האָט געזאָלט מיט זיכ פארבײַטנ א לייטער.

דער זייגערמײַסטער האָט שוינ איצט געזונגענ מיט אנ אנדער ניגנ:

„מײַנע צאָרעס האָבנ מיכ ארומגערינגלט,
אזוי ווי א באָנדער א פאס...“

סערעדא האָט זיכ אינ אימ אײַנגעגעסנ מיט די אויגנ.

— אומעטיק זינגסטו, — האָט ער א זאָג געטאָנ. — מוראשקעס פויזנ איבערנ לײַב פונ דײַנ ליד, אָבער דו זינגסט פאָרט... אונ אינדז, זעסטו, ברודער-לעבנ, זינגט זיכ נית... — ער האָט זיכ א קער געטאָנ צו פײַנשטיינענ. — וועסט מיר גלייבנ, איכ בינ קיינמאָל נית מעקאנע געווענ א קוסטאר... אונ איצט בינ איכ אימ מעקאנע... ערנ וואָרט, איכ בינ אימ מעקאנע... ער גיט זיכ א פאָרקע אינעמ זייגער אונ — אָט האָסטו עס! אונ מיר ביידע אָנ דעמ זאוואָד, אָנ דעמ ווערקשטעל זײַנען הויל ווי קאטויל...

— איר מ׳געפינענ, אייגנטלעכ, וועמענ מעקאנע צו זײַנ,— האָט דער זייגערמײַסטער א זיפצ געטאָנ. ער האָט א קלונג געטאָנ מיטנ דעקל פונעמ זייגער אונ האָט אימ אָפּגעגעבנ גאליענ.— אָט האָט איר אײַכ אײַער זייגער,— האָט ער פײַערלעכ געזאָגט.— מיט א גאראנטיע אפ א יאָר!

— וויפל קומט אײַכ דערפאר?— האָט גאליע א פרעג געטאָנ.

— וואָס רעדט איר?— האָט זיכ דער זייגערמײַסטער פארכידעשט אונ האָט זיכ א קער געטאָנ צו גיטענ.— מער האָט דאָ קיינער קיינ זייגערס ניט?

גיטע האָט זיכ ארומגעקוקט.

— אימשע,— האָט זי א פרעג געטאָנ.— וואָס הערט זיכ מיט דײַנ זייגער?

פײַנשטיינ האָט ראפּטומ אויסגעדרייט דעמ קאָפּ צומ שוואָגער אונ האָט נײַגעריק א קוק געטאָנ אימ אינ די אויגנ.

— מיט וועלכנ זייגער? האָסט אימ גענומענ מיט זיכ? פאריכט סאָפּקאָלסאָפּ?

דער זייגערמײַסטער האָט הילפלאָז צענומענ די הענט אונ שולדיק א זאָג געטאָנ:

— אימשע, איכ האָב אימ, אייגנטלעכ, איבערגעלאָזט אינ דער היימ...

— דעמ זייגער?— האָט זיכ צעשריגנ פײַנשטיינ,— מײַנ זייגער האָסטו איבערגעלאָזט אינ דער היימ? דאָס איז דאָכ געווענ א „מאָזער“!

— נו, שא!— האָט זיכ גיטע אָנגענומענ פאר איר ברודער.— מיר האָבנ באָרעכאשעמ מער פארלאָרנ...— זי האָט פונ אהינטער דעמ זייגערמײַסטערס פלייצעס געווונקענ דעמ מאנ אונ האָט אימ מיט די אויגנ געבעטנ בארויִקנ זיכ.

— וועסט מיר גלייבנ, אימשע,— האָט מיט א פארקלעמטנ הארצ א זאָג געטאָנ דער זייגערמײַסטער.— ווענ איכ האָב דאָ דײַנ זייגער, וואָלט מיר, אייגנטלעכ, גאָרניט געפעלט... קאָנסט זיכ ניט פאָרשטעלנ, וויפל ארבעט דאָרט איז נאָכ געווענ...

דער צוג איז געגאנגענ פאָרויס, שלעפנדיק נאָכ זיכ די שאָטנס פונ די וואָגאָנענ, אונ האָט געקלאפט מיט אײַזנ איבער אײַזנ. פונ דער טרויב פונ לאָקאָמאָטיוו האָט געשלאָגנ א שווארצ־ברוינער רויכ אונ האָט זיכ ווײַט צעשפרייט איבער די פעלדער, צערונענ ביכלעכווײַז אינ דער לופט. די זונ האָט געסארפעט. די היצ האָט שווער געדריקט אפ די מענטשנ. אינ די העלע שטראלנ, וואָס האָבנ זיכ אדורכגעריסנ דורכ דער אָפענער טיר אונ דורכנ ליוק פונ דער טעפלושקע, האָט זיכ ארומגעהייט א רויכיקער וואָלקנ שטויב. אָנ דער זײַט האָט זיכ איינזאמ געשאָקלט א ציטעריקער דינינקער שטראל. ער האָט זיכ אדורכגעשלאָגנ דורכ דער שפארונע פונ ווענטל אונ האָט זיכ פארגאנוועט צו דער באָבענ. די אלטע איז געזעסנ מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ קאָפּ אונ האָט געדרימלט. פונ צײַט צו צײַט פלעגט זי א פיר טאָנ מיט דער ביינערדיקער האנט אינדערלופטנ, פונקט ווי זי וואָלט וועלנ אָפּטרײַבנ א פליג, וואָס האָט איר דערעסנ. גאליע האָט באמערקט דער באָבעס הילפלאָזנ קאָפּ מיטנ שטראל. זי האָט זיכ צוגערוקט אונ האָט זי פארשטעלט מיט איר פלייצע.

סערעדא האָט זיכ נאָכ אלצ געייסעקט מיטנ פלאכנ שטיקל שטאָל. ס׳האָט אימ נאָכ אלצ געעגבערט אנ אומרויִקער געדאנק. ס׳האָט זיכ אימ געוואָלט צופראכטנ עפעס אזוינס, וואָס זאָל קאָנענ ברענגענ נוצנ, וואָס זאָל זײַנ וויכטיק אינעמ איצטיקנ מאָמענט פארנ גאנצנ זאוואָדישנ קאָלעקטיוו. ס׳איז אימ אָבער שווער געווענ אָפּצושטעלנ זיכ אפ עפעס א קאָנקרעטער זאכ.

דער זייגערמײַסטער האָט, נעבעכ, אומעטיק ארויסגעקוקט דורכ דער אָפענער טיר פונ דער טעפלושקע. אונ ווענ דער צוג האָט זיכ אָפּגעשטעלט בא א סטאנציע, האָט ער, פארזשמורענדיק די אויגנ, אָנגעשטרענגט אײַנגעקוקט זיכ פונ אונטער דער דלאָניע אינ דער ווײַט.

— איכ וואָלט שווערנ, אז דער וואָקזאל־זייגער שטייט!— האָט ער מיט האָפענונג געזאָגט אונ האָט זיכ א לאָז געטאָנ צומ ארויסגאנג.

— וואַרט!— האָט אימ פײַנשטיינ פארהאלטנ אונ האָט זיכ אײַנגעבויגנ צו סערעדא.— ווייסט, וואָס איכ וועל דיר זאָגנ, מאקאר, מיר דוכט, אז דער יאָלד קאָנ אונדז ברענגענ נוצנ... זאָל ער מאכנ פאריכטנ דעמ וואָקזאל־זייגער, נאָר זאָל

אונדז דערפאר דער נאטשאלניק פונ דער סטאנציע דורכלאָזנ אָנ א ריי... מיר פארהאלטנ זיכ צופיל אפ די סטאנציעס...

סערעדא האָט ניט אופגעהערט צו באארבעטנ דאָס שטיקל שטאָל, וואָס האָט שוינ איצט באקומענ א מער דײטלעכנ אײסזענ פונ א מעסער. ניט אָפּקערנדיק צו פײנשטײנענ דעמ קאָפּ, האָט ער א זאָג געטאָנ.

— אימשע, הער אופ צו באָלבענ... לאָז זיכ מיר באטראכטנ... דער קאָפּ ווערט מיר צעשפּאָלטנ אפ שטיקער... — ער האָט שווער אָפּגעעטעמט, אָנבלאָזנדיק די ליפּנ. — די סטאנציעס זײנענ ניט שײעכ... ניט אינ דעמ גיימ עס...

פײנשטײנ האָט אָפּגעלאָזט דעמ זײגערמײסטער, און יענער איז, ווי א פײגל, ארויסגעפלויגנ פונ דער טעפּלושקע. ער האָט זיכ געוואָלט לאָזנ לויפנ צו דער סטאנציע, נאָר באמערקנדיק אפ די ליניעס נאָכ אנ עשעלאָנ מיט עוואקוירטע, האָט ער זיכ אומגעקערט, ארורכגעקראָכנ אונטער א פלאטפאָרמ און האָט זיכ א לאָז געטאָנ פאזע די וואגאָנענ. געלאָפנ און געשריענ:

— כאנע! לײקע קאָפּעליעוויטש! כאנעלע!

בא די פלאטפאָרמעס, ווו מענטשנ זײנענ געזעסנ אפ פעק און קערב, פלעגט ער זיכ אָפּשטעלנ.

— כאווײרימ, איר האָט עפּשער צופעליק געהערט א פאמיליע קאָפּעליעוויטש? א שפּרענקל אפ דער רעכטער זײט באק... נײנ, ניט באמ קינד, בא מײנ װײב...

און ער איז געלאָפנ ווײטער.

— אויב איר ווערט ווו טרעפנ א פרוי מיט א קינד, בא איר איז פונ געבאָרנ א שפּרענקל אפ דער רעכטער זײט באק... נײנ, ניט באמ קינד, בא מײנ ווײב... יאָ! מײנ קינד איז רײנ, ווי א מאלעכל! הא? כאנעלע! רופט מענ זי... און מײנ ווײב הײסט לײקע, און בא איר איז פונ געבאָרנ א שפּרענקל אפ דער רעכטער זײט באק... טומ א טויווע, אויב איר ווערט זי נאָר ווו טרעפנ, זאָגט איר, אז דער מאנ זוכט זי, אײגנטלעכ, ארומ... יאָ! זאָל זי שרײבנ אפ פּאָטשט, פאר מיר... ארנ קאָפּעליעוויטש הײס איכ!.. וווהינ? זאָל איכ אזוי ניט וויסנ פונ קײנ שלעכטס. זאָל זי שרײבנ אינ דער טימל-אזיע! אומעטומ, אײגנטלעכ, זאָל זי שרײבנ...

ער איז געלאָפנ פונ וואגאָנ צו וואגאָנ און האָט געשריענ, געבעטנ ראכמימ, מע זאָל ניט פארגעסנ זײנ פאמיליע.

— פארגעדענקט זשע: ארנ קאָפּעליעוויטש!

און ווענ ער האָט זיכ דערנעענטערט צו די לעצטע טעפּלושקעס פונעמ עשעלאָנ, האָט ער פּלוצלינג דערהערט א קינדעריש קאָל „מאמע"! ס'האָט זיכ אימ אָפּגעריסנ אינ הארצנ. ער איז בלײכ געוואָרנ פונ אומדערוואַרטקײט און האָט זיכ אָפּגעשטעלט מיט אויסגעגלאָצטע אויגנ. דאָס קאָל, האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, איז אימ זײער באקאנט. ער האָט זיכ ארומגעקוקט און האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ צו דער אָפענער טיר פונ א טעפּלושקע.

— כאנעלע!

נאָר דאָס קינד האָט אימ געדיפנ פונ ערגעץ-ווו אָנ דער זײט. ער האָט צעטומלט און פארלאָרנ געדרײט דעמ קאָפּ אינ אלע זײטנ און האָט זיכ אָנגעשטרענגט צוגעהערט, סטארענדיק זיכ צו באנעמענ, פונוואנענ ס'האָט זיכ דערטראָגנ זײנ קינדס קאָל. נאָר פאר זײנע אויגנ זײנענ געווענ פיל קעפ און פיל הענט, וואָס האָבנ צו אימ געפּאָכט און אימ גערופנ. פונקענ זײנענ געפלויגנ פאר זײנע אויגנ, און ער האָט ניט געוווּסט, אפ וואָכער וועלט ער איז.

— אָט בינ איכ, טאטינקע! אָט איז די מאמע!

צו אימ איז צוגעלאָפנ זײנ פרוי מיטנ קינד. זי איז צוגעפאלנ צו זײנ אקסל א בלײכע, א פארווײנטע און איז געבליבנ הענגענ אפ זײנע הענט אינ כאלאָשעס.

מע האָט זײ ארומגערינגלט.

— וואסער! — האָט עמעצער אויסגעשריענ. — דערלאנגט א ביסל וואסער, א מענטשנ איז ניט גוט געוואָרנ!

קאָפּעליעוויטש האָט אונטערגעהאַלטנ מיט די הענט זײַנ ווײַבס אומבאַוועגלעכנ גופ. עטעצער האָט מיט אימפּעט א כליופּע געטאָנ וואַסער אונ פאַרגאָסנ זײַנ פּאָנעמ.

— נישקאָשע, ס'מאַכט ניט אויס! — האָט ער א זאָג געטאָנ. — ווער איז איצטער צו מיר גלײַכ!

די פרויענ האָבנ אַרײַנגעשלעפּט זײַנ ווײַב אינ וואַגאָנ אונ האָבנ זי אַוועקגעלייגט אפנ דיל, אפ אַנ אונטערגעשפּרייטער קאָלדרע. זי איז נאָכ אַלץ ניט געקומענ צו־זיכ אונ איז געלעגנ מיט פאַרמאַכטע אויגנ.

דער זייגערמײַסטער האָט מיט ציטעריקע הענט אַרומגענומענ זײַנ טאָכטערס קאָפּ, געגלעט אונ געקושט זי.

— כאַנעלע, טאָכטערל מײַנס! ס'גלייבט זיכ מיר גאָר ניט, אַז איכ זע דיכ... גליק מײַנס!

— גייט אַרײַנ אינ וואַגאָנ, — האָט מענ אימ געייצעט. — אײַער פרוי איז שוינ לײַכטער געוואָרנ...

נאָר דאָ האָט זיכ דער זייגערמײַסטער וועגנ עפּעס דערמאָנט אונ זיכ דערשראָקנ אַרומגעקוקט.

— ווי טראַכט איר, אייגנטלעכ, איכ וועל נאָכ באַווײַזנ צולויפנ אַהינ אונ צוריק? — ער האָט אָנגעוויזנ אפנ עשעלאָנ, מיט וועלכנ ער איז געקומענ. — איכ האָב דאָרטנ איבערגעלאָזט אַלע אונדזערע זאַכנ...

אונ ניט וואַרטנדיק אפ אַנ ענטפער, האָט ער אופגעהויבנ דאָס מיידעלע, אַרײַנגעזעצט זי אינ וואַגאָנ אונ האָט זיכ געלאָזט לויפנ צו זײַנ עשעלאָנ.

— כאַוויירים! — האָט ער צעהיצט אויסגעשריגנ, אַרײַנרײַסנדיק זיכ אינ טעפּלושקע. — גיט מיר אָפּ מאַזלטאָוו! איכ האָב געפונענ מײַנ געזינד!

אונ ער האָט זיכ גענומענ קושנ מיט גימענ אונ פּײַנשטיינענ. זײַנע אויגנ האָבנ געלויכטנ, דאָס פּאָנעמ האָט געגלאַנצט פונ פרייד. ס'האָט זיכ אָפּ אימ אָנגעטאָנ א נײַע הויט. מיט א הויכ פאַרהויבענעמ קאָפּ האָט ער זיכ אַדורכגעטראָגנ איבער דער טעפּלושקע.

— וואָס זאָגט איר, הא?

פערעדאַ אונ זאָסיע האָבנ אימ געדריקט די הענט אונ געווונטשנ אימ אַלדאָס גוטס.

דער זייגערמײַסטער האָט שנעל צונויפגענומענ זײַנע צוויי טשעמאָדאַנעס אונ דעמ פּאַק בעטגעוואַנט אונ האָט לוסטיק א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

— אַדיע! איכ האָפ, אַז מיר וועלנ זיכ נאָכ טרעפנ! א דאַנק פאַר סטאַנציע!.. נו, וואָס זאָגט איר, אייגנטלעכ, — האָט ער א ווונק געטאָנ צו גאַליענ. — דער זייגער איז פּרימאַ, הא? איכ רעכנ! זײַט געזונט!..

ער איז אַוועק אַנ אָנגעלאָדענער מיט די טשעמאָדאַנעס אונ מיטנ פּאַק. פונ הילפ האָט ער זיכ קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

— איר זאָלט אינגערגעצ ניט אַוועקגיינ! — האָט ער געזאָגט. — ס'קאָנ פּלוצלינג אַוועקגיינ אײַער צוג, אונ איר וועט זיכ נאָכ, כאַסוועשאָלעמ, פאַרלירנ. וואָס חעמ דערמיט זײַנ? איכ ווייס שוינ, בערוכאַשעמ, דעמ דאָזיקנ טאַמ...

ער איז געײַלטערהייט אַוועקגעגאַנגענ, אַדורכגעקראָכנ דורכ דעמ טאָרמאָזבײַדל פונ א פּלאַטפאָרמ, אַראָפּגעשטעלט די טשעמאָדאַנעס אונ דעמ פּאַק אפ דער ערד אונ איז געבליבנ שטיינ א דערשטוינטער.

דער צוג, וווּ ס'האָט זיכ געפונענ זײַנ ווײַב מיט דער טאָכטער, איז נעלעמ געוואָרנ. דער זייגערמײַסטער איז געשטאַנענ ניט טויט ניט לעבעדיק אונ האָט זיכ אָנגעשטרענגט אײַנגעקוקט אינ דער ווײַט.

— אָט האָסטו דיר!.. — האָט ער מיט אַנ אויסגעלאָשנ קאָל א זאָג געטאָנ.

ס'האָט זיכ אימ גלייבנ ניט געוואָלט, אַז ער האָט ווידער פאַרלאָרנ זײַנ געזינד. דאָס געזינד זײַנס, וואָס האָט אימ אַזויפיל געזונט געקאָסט, ביז ער האָט עס געפונענ. דאָס געזינד, וואָס האָט אימ אַזויפיל פרייד געבראַכט נאָכ מיט א

ווײַלע צוריק, איז איצט אַזוי אומגעריכט אַנטרינענ געוואָרנ... ער האָט זיכ גע-
לאָזט לויפנ איבער די ליניעס. די פיס האָבנ זיכ אונטערגעהאַקט, די הענט האָבנ
זיכ געטרייסלט אונ האָבנ זיכ קײנ אָרט ניט געפונענ. ס'האָט אים באַדעקט א
קאַלטער שווייס. „וואָס הייבט מענ אָנ צו טאָנ?“ ער איז מיטאַמאָל ווי צעווייקט
געוואָרנ. זײַנ שטומער קוק האָט גערופנ צו הילפ. ער איז געווענ איצט אינ כּעס
אַפ זיכ אונ האָט פאַרשאָלטנ די מינוט, ווענ ער איז אַוועק נאָכ די זאַכנ. צו וואָס
טויגנ זיי אים — די זאַכנ? די אומגליקלעכע זאַכנ! דאָס צווייטע מאָל, אַז ער
פאַרלירט צוליב זיי זײַנ געזונט. ס'האָט אים א ווייטעק גענאָגט דאָס האַרצ. „אָ,
גאָט! וואָס האָב איכ עס אָפּגעטאָנ!“
א דערשלאָגענער, א נעבעכדיקער, מיט אַנ אַראָפּגעלאָזטנ קאָפּ, האָט ער זיכ
דערשלעפּט צו די טשעמאָדאַנעס אונ האָט פונ כּעס א קוליע געטאָנ מיטנ פוס
דעמ פּאַק בעטגעוואַנט. דער פּאַק האָט זיכ אַוועקגעקײַקלט אונ האָט זיכ אויסגע-
שמירט אינ מאַזוט.
— אינ דר'ערד מיט די האָר! — האָט ער זיכ צעשאָלטנ.
נאָר באַלד אָבער האָט ער זיכ אַרומגעזענ, אויפגעהויבנ דעמ פּאַק, א נעמ
געטאָנ די טשעמאָדאַנעס אינ די הענט אונ האָט זיכ טראָט בא טראָט אָנמעכטיק
אַוועקגעשלעפּט צו דער טעפּלושקע.
גיטע האָט אים די ערשטע דערזענ.
— ריבױנעשעלײלעמ! — האָט זי א פּאַטש געטאָנ מיט די הענט אינ האָט
בריים צעעפנט א פּאָר גרויסע דערשראָקענע אויגנ. — אימשע, גיב נאָר א קוק
אַפ אַרענענ! א שענערנ לייגט מענ אינ קייווער אַרײַנ... זע נאָר, ס'אַרא פּאָנעמ
ער האָט, איכ דערקענ דאָכ אים ניט...
— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט פּײַנשטײנ א פרעג געטאָנ, העלפנדיק דעמ
שוואָגער אַוועקצושטעלנ אַפנ פרידיקנ אָרט די טשעמאָדאַנעס אונ דעמ פּאַק. —
רייד, שרעק מיכ ניט...
דער זייגערמײַסטער האָט אָפּגעווישט מיטנ אַרבל דעמ שווייס פונ שטערנ
אונ האָט א קוק געטאָנ אַפ אַלעמענ מיט א פאַרומערטנ בליק.
— כ'וואָלט בעסער א שטײנ געוואָרנ ווערנ אַפ מײַנ אָרט! — האָט ער מיט
א קאָל פונ אַנ אָפּגעמישפּעטנ צו טויט א זאָג געטאָנ, — גיט מיר עמעצער א
פּאַפּיראָס...
פּײַנשטײנ האָט מיט ביטל א קוק געטאָנ אַפנ שוואָגער. דער זייגערמײַסטער
האָט געהאַט א קאָמישנ אײַסזענ, אונ כ'איז אַפ אים דאָכ געווענ טרויעריק
צו קוקנ.
— קוקט אים נאָר אָנ, דעמ פּיפּערנאָטער! — האָט פּײַנשטײנ צו אים א שאָקל
געטאָנ מיטנ קאָפּ. — ער האָט דאָכ פאַרשפּעטיקט צומ צוג!.. אונ ער וואָלט גאָר
וועלנ, מע זאָל אים דערפאַר פּרעמירנ מיט א פּאַפּיראָס... וואָס זאָגט איר אַפנ
שלימאַזל?
דער זייגערמײַסטער האָט אַפ אים אָנגעשטעלט א פּאָר פאַרגליווערטע אויגנ.
— אימשע, — האָט ער געזאָגט. — סײַדנ דו ווילסט, איכ זאָל זיכ אויפהענגענ!..
ער האָט זיכ מיט בײדע הענט א כאַפּ געטאָנ פאַרנ קאָפּ אונ האָט אים טרויע-
ריק גענומענ שאָקלענ. אַלע האָבנ געקוקט אַפנ זייגערמײַסטער מיט ראַכמאָנעס.
— איר האָט ניט באַוויזנ צומ צוג? — האָט זאָסיע מיט טיפנ מיטלײַד א
פרעג געטאָנ.
דער זייגערמײַסטער האָט א מאַכ געטאָנ מיטנ קאָפּ אַפ יאָ אונ האָט כימ-
אַמאָל פאַרגלאָצט די אויגנ אונ זיכ צערעוועט אַפנ קאָל.
— גאָט מײַנער, פאַרוואָס קומט עס מיר? — האָט ער געכליפּעט. — וואָס טויג
מיר שוינ איצט מײַנ לעבנ...
— נו, רויק! — האָט פּײַנשטײנ א זאָג געטאָנ, צונויפדרייענדיק אים א פּאַ-
פּיראָס. — דער, וואָס האָט געקאָנט פאַרלירנ — דאַרפ קאָנענ געפינענ!..
זאָסיע האָט שווער אָפּגעזיפצט.

— אז ס'קערט זיכ אָפּ דאָס מאזל, העלפט קיינ מײַנעס ניט...

פּינשטײנ האָט דערלאַנגט דעמ זײגערמײַסטער דעמ צונױפגעדרײטנ פּאַפּיראָס, אינ יענער האָט פאַרײכערט. ער האָט געריכערט דאָס ערשטע מאָל אינ זײַנ לעבנ, דאָס ערשטע מאָל פאַר די פינפ אונ פערציק יאָר פונ זײַנ שטיל, גלײַכמעסיק לעבנ, וואָס האָט אויסגעזעג, ווי א רויִקער גאַנג פונ א פּאָמפּעדיקל. אונ דער ביטערער רויכ, וואָס האָט אימ געשטיקט אונ געוואָרגנ, האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ זי עפּעס א שטראָפ פאַר זײַנע זינד, ווי עפּעס אנ אָפּקומעניש. אינ דער רעגע וואָלט ער גרייט געווענ איבערצוטראָגנ דער שוואַרציאָר ווייכט וואָס. דאָס וואָלט אימ נאָר פאַרלײַכטערט זײַנ פּלאָג.

דער צוג איז נאָכ אלץ געשטאַנענ אָפּ דער סטאַנציע. אינ דער טעפּלושקע האָט געבאַרעט פונ היץ, אונ די מענטשנ זײַנענ געזעסנ צעמליִעטע, וואַרטנדיק, דער עשעלאָנ זאָל זיכ שוינ רירנ פונ אָרט. איצט, נאָכ דעמ צופאַל מיטנ זײגערמײַסטער, האָט דאָ געהערשט א געדריקטע שטימונג. אַנ אומעט אונ אנ אופּגעדענקטײַט האָט זיכ ווידער באַוויזנ אינ אלעמענס אויגנ. ס'האָט אלעמענ באַפאַלנ א מאָדנע שרעק.

די באָבע מאַריִע האָט מיט פאַרנעפּלטע אויגנ געקוקט אינ דער ווײַט אונ איז געזעסנ שטומ, ווי א פיש. אויכ דער זײגערמײַסטער איז געזעסנ שטיל, דעמ קאָפּ פאַרוואָרפנ, ווי באַמ שערער אפנ שטול, אונ האָט פאַרטראַכט געקוקט אפּ דער סטעליע.

סערעדאַ האָט ווי אָנ כײשעק באַאַרבעט דאָס אויסגעבויגענע שטיקל שטאָל. ס'האָט זיכ געדאַכט, אז זײַנע געדאַנקענ, די געפילנ אונ אפילע די ריִע איז איצט פאַרנומענ מיט עפּעס-וואָס אנדערש, וויכטיקערס, ווי דאָס, וואָס ער האָט פאַרטראַכט צו מאַכנ, קעדיי צו שענקענ עמעצנ פונ די רױטאַרמײער.

ער האָט זיכ שווער אופגעהויבנ פונעמ אָרט, אָפּגעטרייסלט די פאַרשטאָלענע הויזנ אונ האָט מיט א זיכערנ טאָנ געזאָגט:

— זאָל שוינ נעמענ א סאָפּ צו די טראַכטענישנ! דעמ אוילעמ איז פונ דעמ ניט קאַלט אונ ניט וואַרעמ. אָט וואָס איכ האָב באַשטימט — פונ מאָרגנ אָנ הייבנ מיר אָנ איבערצושטעלנ די וואַרשטאַטנ. מיר וועלנ זיי דורכרײניקנ, ארומקוקנ אונ ווײַטער וועלנ מיר זענ... גאַליע, אנו, נעמ נאָר א זײַטל פּאַפּיר, וועסט שרײַבנ א באַפעל!

גאַליע איז צו אימ צוגעגאַנגענ אונ, ווי פאַרשעמט א קוק טוענדיק אימ אינ די אויגנ, געזאָגט:

— טאַטע, איכ וועל אויכ אַרבעטנ מיט אײַכ צוזאַמענ.

סערעדאַ האָט אומצופרידנ א בורטשע געטאָנ.

— נו, גוט, גוט, וועסט בעסער א ביסל דורכלייענענ, וועסט מער גוטנ ברענגענ...

סערעדאַ האָט קיינמאָל ניט געלייקנט, אז ער איז שטאָלצ מיט דעמ, וואָס זײַנ טאָכטער האַלט באַמ ענדיקנ דעמ אינסטיטוט. דאָס איז אימ פּאָשעט געווענ אָנגענעמ. ער פלעגט זיכ צו גאַליענ באַציִענ ערנסטער אונ פלעגט זי אכטנ מער, ווי אלע איבעריקע מיטגלידער פונ זײַנ מישפּאָכע. ער האָט געטאָנ אלץ, קעדיי זי זאָל איר א טעגלעכקײַט רויִק לערנענ זיכ. נאָר צוליב דער מילכאָמע אונ איבערהויפּט צוליב דער עוואַקואַציע האָט זי ניט אָפּגעגעבנ די לעצטע צוויי עקזאַמענס. אָבער אינ סערעדאַס אויגנ איז זי שוינ געווענ א געלערנטע אונ דער ערשטער מענטש אינ דער מישפּאָכע (רעכענענדיק פיל דורעס אפּ צוריק) מיט העכער בילדונג. אָט פאַרוואָס ס'האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ לעכערלעכ, ווענ גאַליע האָט געזאָגט, אז זי וויל גײנ אפּ שוואַרצ-אַרבעט.

— הערהעל, טאָכטערל... — האָט ער א שמייכל געטאָנ. — זעצ זיכ אונ שרײַב...

ער האָט עטוואָס אופגעהויבנ זײַנ גרויסע, שווערע האַנט אונ, פאַרזשמורענדיק די אויגנ, איז ער געבליבנ שטײנ אפּ א ווײַלע פאַרגליווערט.

— באַפעל נומער איינס! — האָט סערעדאַ לאַנגזאַמ אָנגעהויבנ דיקטירנ, דורכ-

116—

טראַכטנדיק יעדעס וואָרט, — אַלע אַרבעטער, אַרבעטערנס אונ אינזשעניער־טעכנישנ פּערסאָנאַל פונ זאַוואָד „רויטער שטראַל“ באַפעל איכ...

גאַליע האָט געשריבנ. אַלע איבעריקע (אונ אויכ די באָבע מאַריליע, וואָס האָט מיט אנציקונג נאָכגעשפּירט נאָכ איר זונס באַוועגונגענ) האָבנ שווייַגנדיק זיכ צו־געהערט צו זייַנ יעדנ וואָרט. אינ דער טעפּלושקע איז געווענ שטיל, פּונקט ווי אינ געריכט בייַסנ פאָרלייענענ דעם אורטייל.

— באַפעל איכ! — האָט סערעדאַ איבערגעכאַזערט. — מאָרגנ, זיבנ אַזייגער אינ־דערפרי, אַזוי ווי אַלעמאָל, אַלע ווי איינער זיכ שטעלנ צו דער אַרבעט... — ער האָט זיכ אַ קער געטאָנ צו פייַנשטיינענ. — אימשע, ווי מיינסטו, דער מאַשיניסט וועט וועלנ געבנ אַ ספּעציעלנ פייַפ.

— איכ רעכנ, אַז יאָ. — האָט פייַנשטיינ געזאָגט. — ס'קאָסט אים דענ טייַ־ער? — ער האָט אָפּגעזיפצט אונ האָט שפּאַטיש אַ מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט. — אויכ מיר אַ פייַפ...

ער איז געווענ צוגעוווינט צום הייזעריקנ באַס פונ זייַנ זאַוואָדישער סירענע. צווישנ צענדליקער סירענעס פלעגט פייַנשטיינ אָנ אַ טאָעס דערקענענ דעם פייַפ פונעם זאַוואָד „רויטער שטראַל“.

— ס'כריפּעט אינגאַנצנ אַלטער! — פלעגט ער מיט שטאָלצ אַ זאָג טאָנ.

אָבער איצט איז קיינ אַנדער אויסוועג ניט געווענ.

— שרייַב! — האָט סערעדאַ אַ שאָקל געטאָנ צו גאַליענ מיטנ קאָפּ אונ האָט פאָרגעזעצט. — זיבנ אַזייגער, ווי שטענדיק, זאָלנ זיכ אַלע שטעלנ צו דער אַר־בעט לויטנ פייַפ... אונ לאָז, איכ וועל זיכ אונטערשרייַבנ.

אונ ער האָט אַפ אַ ברייטנ אויפנ אונטערגעכאַסמעט זייַנ פאַמיליע.

דער עשעלאָנ האָט זיכ געטראָגנ פאָרויס.

## IX

אַפ איינער אַ סטאַנציע, ווענ דער עשעלאָנ איז צוגעגאַנגענ צום פּעראָנ, האָט מענ פּלוצעמ דערזענ דאָרט שטייענ דעמ דירעקטאָר. שעוועליאָוו איז נאָרוואָס געקו־מענ צו פליענ פונ מאָסקווע. מע האָט אימ ארומגערינגלט אונ, איבערשרייַענדיק איינער דעמ צווייטנ, פאַרוואָרפנ מיט פראַגנ.

— ווענ וועט שוינ נעמענ אַ סאָפ צו די מאַטערנישנ? — האָט פייַנשטיינ אַ זאָג געטאָנ. — ווי לאַנג וועלנ מיר נאָכ פאָרנ?

ער האָט זיכ אַלייַנ פאַרשעמט פאַר זייַנ אומגעלומפּערטער פראַגע אונ איז אַנשוויגנ געוואָרנ.

סערעדאַ האָט אַפ אימ בייז אַ קוק געטאָנ.

— מע קאָנ דאָכ פונ דיר צעפּלאַצט ווערנ, — האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָנ. — רייד צו דיר אונ רייד צו דער וואַנט איז אַלצאיינס...

פייַנשטיינ האָט זיכ בעעמעס דערפילט שולדיק קעגנ אימ. ער האָט באַ־האַלטנ די אויגנ, אַ ריק געטאָנ דאָס היטל פונ דער באָמיליצע אַפנ שטערנ אונ האָט אַ בורטשע געטאָנ:

— ניט דאָס האָב איכ געוואָלט זאָגנ...

סערעדאַ האָט אַ וואָרפ געטאָנ אַנ ערנסטנ בליק אַפנ אוילעמ אינ, איינבייגנ־דיק דעמ קאָפּ צו שעוועליאָוונ, האָט ער שטילערהייט אַ פרעג געטאָנ:

— וואָס הערט זיכ עפּעס נייַעס, כאַווער שעוועליאָוו?

— שוינ וועל איכ דערציילנ. — שעוועליאָוו האָט זיכ אויסגעגלייַכט אונ פייַער־לעכ געמאָלדנ. — טייַערע כאַווייריט! פונ הייַנט אָנ זייַט איר שוינ דער קאָלעקטיוו פונ נייַער זאַוואָד! איכ באַגריס אייַכ!

דער אוילעמ האָט זיכ מיט אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו זייַנ יעדנ וואָרט. זיי האָט זיכ געוואָלט וואָס גיכער דערהערנ פונ זייַנ מויל דאָס, אַמ וואָס זיי האָבנ מיט אַזאַ אומגעדולד געוואַרט.

— אונדזער זאַוואָד וועט איצט אויסאַרבעטנ געווער פאַרנ פראָנט. — האָט

ער באַרגעזעצט אינדערשטיל. — הײַנט פֿלי איך ארויס ווײַטער, קעדיי אלץ צוגרייטנ צו אײַער קומענ...

די ארבעטער האָבנ הילכיק גענומענ אפּלאָדירנ, אונ א פֿרייליכער געטומל אונ א געלעכטער האָט פֿארהילכט דעם פֿראָגנ. צו זיי זײַנענ צוגעגאנגענ זײַטיקע מענטשנ. זיי האָבנ זיך אינטערעסירט, לעקאָווער וואָס ס'קומט פֿאָר דער מיטינג.

— לעקאָווער דעם זינ! — האָט פֿײַנשטיינ געזאָגט. — לעקאָווער דעם קומענדיקנ זינ.

שעװעליאָװ האָט ארויסגענומענ פֿונ דער טעקע א פּאַפּקע מיט צייכענונגענ אונ האָט עס איבערגעגעבנ סערעדא.

— וואָס מאכט דער אינזשעניער? — האָט ער געפֿרעגט. — איר וועט אזוי גוט זײַנ אים דאָס אָפּגעבנ.

עטלעכע מענטשנ פֿונ האמויג האָבנ אונטערגעשטויסנ א ראבנ ארבעטער, ווינקענדיק אים אפֿ שעװעליאָװנ. ער האָט א קראצ געטאָנ די געלע באָרד זײַנע, אָנגענומענ זיך מיט מוט אונ איז צוגעגאנגענ צום דירעקטאָר.

— זאָגט זשע אונדז, כאווער שעװעליאָװ, — האָט ער געפֿרעגט, — וואָס אזוינס וועלנ מיר איצט אויסארבעטנ?

פֿײַנשטיינ האָט אפֿ אים א וואָרפֿ געטאָנ א שטרענגנ בליק.

— ווי געפֿעלט אײַך דער בארדאעכ? — האָט ער א זאָג געטאָנ. — דאָס איז דאָכ א מיליטערישער סאָד...

די ארבעטער האָבנ שווײַגנדיק אכטונג געגעבנ נאָכ שעװעליאָװס יעדער באוועגונג. זיי האָבנ זיך גיט געקאָנט פֿאָרשטעלנ, וואָס פֿאר אנ ארבעט ס'שטייט זיי פֿאָר... א קיפּערנער שטויב האָט זיך געקנוילט ארומ זיי אינ די שטראלנ פֿונ דער פֿארגייענדיקער זונ. די לופֿט איז געווענ אָנגעפֿילט מיט א רייעכ פֿונ שוויים אונ גאזט. א שושקערײַ האָט זיך צעטראָגנ איבערנ אוילעמ. א סוידעספֿולע שושקערײַ ווי א שטילער גערויש פֿונ ביימער.

— מינעגוואַרפֿער... ש־ש־ש...

אָנגעהויבנ האָט זיך עס פֿונ דעמ, וואָס שעװעליאָװ האָט שטילערהייט אפֿנ אויער א זאָג געטאָנ סערעדא. סערעדא האָט עס איבערגעגעבנ פֿײַנשטיינענ אונ אזוי — אייגער דעם צווייטנ. בא די ארבעטער האָט זיך אופֿגעהויבנ די שטימונג. די פֿענעמער זײַנענ פֿריילעכער געוואָרנ. מענטשנ האָבנ לעבהאפֿט גענומענ שמועסנ צווישנ זיך. אונ נאָר דער זייגערמײַסטער אלייג האָט אומעטיק אונ פֿארלאָרנ געקוקט אפֿ אלעמענ, סטארענדיק זיך אָנצוכאפּנ דאָס סוידעספֿולע וואָרט. נאָר ס'האָט זיך אימ געבעכ ניט אײַנגעגעבנ. סאָפֿקאָלסאָפֿ איז ער צוגעגאנגענ צו פֿײַנשטיינענ אונ האָט געפֿרעגט.

— וואָס איז דאָס, איטשע? איכ וויל אויכ וויסנ...

פֿײַנשטיינ האָט זיך אָנגעכמורעט.

— דו מאָרסט פֿונ דעמ ניט וויסנ, — האָט ער געזאָגט אונ האָט זיך שפּאָטיש צעשמייכלט. — עפּיטער ביסטו גאָר א שפּיאָנ. דער גוטער יאָר ווייסט דיכ...

ער האָט א קוק געטאָנ אפֿ סערעדא, א פֿינטל געטאָנ מיט אנ אויג, אונ זיי האָבנ זיך ביידע צעלאכט.

דער זייגערמײַסטער האָט מיט א מעוולוועלנ קוק באטראכט פֿײַנשטיינענ פֿונ קאָפּ ביז די פֿיס אונ פּלוצעמ האָט ער צו אים א דראָע געטאָנ מיטנ פֿינגער אונ האָט אויסגעשריענ:

— אויב אזוי — וועלנ מיר נאָכ זענ ווער — וועמענ!

אונ ער איז א קאעסדיקער אונ א צעהיצטער אוועקגעלאָפֿנ.

שעװעליאָװ, סערעדא אונ פֿײַנשטיינ זײַנענ אוועק צום עשעלאָנ.

— איר וואָלט געדארפֿט א טראכט טאָנ, כאווייריט, וועגנ אונדזערע קאדרעג, — האָט שעװעליאָװ זאָרגעוודיק א זאָג געטאָנ. — אזא מענטש וועט אונדז געוויס צונוצ קומענ... האָט אינ זינענ, אז אונדזער זאוואָד וועט זיך פֿארברייטערנ... — ער האָט ארויסגענומענ פֿונ קעשענע א צײַטונג. — אויב איר ווילט, קאָנ איכ זי אײַכ איבערלאָזנ... דאָס איז א הײַנטיקע — א מאָסקווער...

שעוועליאָוו האָט אָפּגעגעבנ סערעדאַ די צײַטונג אינ, איבערלאָזנדיק אימ מיט פײַנשטײנענ בײַ דער מעפּלושקע, איז ער אַוועק פּאַזע די וואַגאָנענ. סערעדאַ אונ פײַנשטײנ האָבנ אַ ווײַלע אימ נאָכגעקוקט. איצט איז פאַר זײ געווענ קלאָר די צוקונפט פונ זײער זאַוואָד. ס'איז געוואָרנ פרײַדיקער אונ וואַרעמער אויפ דער נעשאַמע. פונ זינט ס'האָט זיכ באַוויזנ דער דירעקטאָר, האָבנ זײ זיכ דערפילט קרעפטיקער. זײַנ אינפאָרמאַציע וועגנ דער פאָרשטײענדיקער אַרבעט פאַרנ פראָנט האָט זײ צוגעגעבנ מוט, זיכערקײַט אונ גלויבנ אינ זײערע קויכעס, אונ זײ זײַנענ אימ ביז גאָר דאַנקבאַר געווענ דערפאַר.

— גיטע! — האָט סערעדאַ געזאָגט, אַרײַנגײענדיק אינ מעפּלושקע, — פונ הײַנט אָנ הײסט ער שוינ מער ניט איטשע פײַנשטײנ...

— ווי דענ?

— כאַווער ענסקי!

אונ ער האָט זיכ אַזוי צעלאַכט, אַז דער גאַנצער גופ האָט זיכ בײַ אימ נעגומענ טרײסלענ.

— געשאַסנ אַ כאָכמע! — האָט פײַנשטײנ אַ קוועטש געטאָנ מיט די אַקסלענ. — וואָס איז דער געלעכטער? — אונ ער האָט זיכ באַלײדיקט אָפּגעקערט אָנ אַ זײַט.

סערעדאַ האָט קוים מיט מאַטערניש אײַנגעהאַלטנ דעמ געלעכטער. ער האָט דערלאַנגט פײַנשטײנענ די צײַטונג.

— לײענ!

אונ אַז פײַנשטײנ האָט, ניט אומקערנדיק זיכ, אַ כאַפּ געטאָנ מיט דער האַנט, האָט סערעדאַ אימ אַ לײַכטנ שטופּ געטאָנ.

— לײענ, זאָגט מענ דיר! — האָט ער מיט אַ באַפעלערישנ טאָנ אַ זאָג געטאָנ. — די אויגנ טוענ מיר וויי...

פײַנשטײנ האָט בײַ איטי צוגענומענ די צײַטונג 'אונ, גאַדלעכדיק אָנכמורענדיק זיכ, גענומענ לײענענ. פּלוצעמ האָט ער אָנגעהויבנ פינטלענ מיט די אויגנ, מאָדנע לעכהאַפּטיק אַ קוק געטאָנ אויפ סערעדאַ אונ האָט טיפער אײַנגעגראָבנ דעמ קאָפּ אינ צײַטונג.

— איכ וואָלט געמעגט שווערנ, אַז דאָס איז פּעטרוס... — האָט ער אַ זאָג געטאָנ.

זאָסיע אונ גיטע זײַנענ צוגעלאָפנ צומ טיר.

— וואָס — פּעטרוס?

סערעדאַ האָט אַ הײב געטאָנ די האַנט.

— שטילער זאָל זײַנ! לײענ...

אונ אָט וואָס זאָסיע האָט מיטאַמאָל דערהערט:

— „דער מאַנקיסט סערעדאַ האָט מיט זײַנ מאַשינ צעקוועטשט דעמ סוינעס אַ קענגמאַנק-באַטאַרײ"... פײַנשטײנ האָט דורכגעלײענט אונ באַלד צוגעגעבנ. — אויפ אימ איז עס צו גלײבנ!..

— אונדזער פּעטראָק! — האָט זאָסיע אויסגעשריִענ. — סאָקאָל מײַנער! ווו איז ער, איטשע, באַווײַזט! — אירע אויגנ האָבנ האָפענונגספול געשײַנט.

סערעדאַ האָט, לאַנגזאַמ ציִענדיק די ווערטער, אַ זאָג געטאָנ:

— ווי מײנסטו, אײנ סערעדאַ איז דאָ אויפ דער וועלט? מעגלעכ, אַז דאָס איז פּעטרוס, מעגלעכ, אַז קאָנדראַט אונ עפּעס גאָר מיקאָלאַ?.. ווײַכטיק איז, וואָס בײַ די דײַטשנ איז געוואָרנ מיט אײנ באַטאַרײ ווינציקער, אָט וואָס... — אונ ער האָט מיט דער דלאָניע ווויליִנגערײש אַ ריק געטאָנ דאָס הימל אויפ אַ זײַט.

גיטע האָט פאַרביסנ די ליפּנ אונ איז פּאַשעט פאַרבלענט געוואָרנ פונ קינע.

— אונ וועגנ אונדזערע איז דאָרטנ גאָר קײנ וואָרט ניט דערמאָנט? — האָט זי, זיכ אײַנבײגנדיק, אַ פרעג געטאָנ אונ האָט אויכ אַרײַנגעקוקט אינ צײַטונג.

פײַנשטײנ האָט אויפ איר אַ וואַרפ געטאָנ אַ שטומענ בליק אונ האָט זיכ ווידער אײַנגעגעראָבנ אינ דער צײַטונג. נאָר באַלד האָט ער אויפגעהויבנ דעמ קאָפּ אונ האָט צו איר אַ ווונק געטאָנ.

— לייבקע לאָזט דיר גריסנ!

— לייבקע? — האָט זיכ גימע פארווּנדערט. אירע אויגנ האָבנ אויפגעלעבט אונ האָבנ זיכ פארברייטערט. — ער איז דאָכ אינ א פארטיזאנישנ אָטריאד?

— הערסטו, דאָס איז דאָכ די מייסע! — האָט פייגשטיינ געזאָגט אונ האָט דורכגעלייענט אָט וואָס: „דער פארטיזאנישער אָטריאד אונטער דער אָנפירונג פונעמ כאווער ל. האָט צעגראָמירט א דייטשישנ שטאב אונ האָט אראָפּגעלאָזט פונ די רעלסנ דעמ סוינעמס א מיליטערישנ עשעלאָנ...“ וואָס זאָגסטו, הא? אונטער דער אָנפירונג פונעמ כאווער ל...

גימע האָט צוגעפלייגט די דלאָניעס אונ האָט זיי צוגעטוליעט צומ הארצנ.

— אונדזער לייבקע, איכ קאָנ שווערנ! — האָט זי מיט זיכערקייט א זאָג געטאָנ אונ האָט גענומענ באטראכטנ די צייטונג. — כ׳אָלט מענ כאָטש אָפּדרוקנ זיינ פאָטאָגראפיע?..

פייגשטיינ האָט זיכ האסטיק צו איר א קער געטאָנ אונ האָט זי באטראכט מיט א שפּאָטישנ שמייכל.

— א ייִדענע בלייבט א ייִדענע, — האָט ער געזאָגט. — ווי איכ זע, הארפסטו איבעריקע דיבורימ?..

— ניינ! — האָט זי מיט א מינע פונ א מייוּנטע געענטפערט. — כ׳דארפ ניט קיינ איבעריקע דיבורימ... — זי האָט געכאפּט א קוק אפ סערעדא אונ האָט אָפּגעזיפצט גליקלעכ אונ צופרידנ. — וויכטיק איז דאָס, וואָס בא די דייטשנ איז שוינ איצט מיט איינ שטאב ווייניקער אונ מיט איינ מיליטערישנ עשעלאָנ ווייניקער...

סערעדא האָט ארומגענומענ זאָסיעס פאר די אקסלענ.

— איי, אלטיטשקע מיינע, אלטיטשקע, — האָט ער צארט א זאָג געטאָנ. — צי דענ קאָנסטו אליינ ניט פאלנ אפנ סייכל?..

ער האָט צו איר שטיפעריש א פינטל געטאָנ מיט אנ אויג אונ האָט א שנעל געטאָנ זיכ אינ האלדז.

זאָסיע האָט אימ באלד פארשטאנענ. זי איז צוגעלאָפנ צו דער קאָרב, ארויסגענומענ פונ דאָרטנ א פלעשל, צעגאָסנ דעמ בראנפנ אינ די גלעזער אונ האָט זיי דערלאנגט סערעדא אונ פייגשטיינענ.

— טרינקט געזונטערהייט! — האָט זי מיט אנ ערנסטנ פּאָנעמ א זאָג געטאָנ. — עס זאָל אונדז אלעמענ זיינ גוט! עס זאָלנ זיכ, האלעוויי, אונדזערע קינדער צוריקערנ לעבעדיקע אונ געזונטע...

זי האָט פלוצעמ ארומגענומענ גימענ, איינגעגורעט דאָס פּאָנעמ אפ איר ברוסט אונ האָט זיכ צעוויינט.

סערעדא האָט זיכ צעטשאָקעט מיט פייגשטיינענ.

— פאר אונדזערע קינדערס געזונט! — האָט סערעדא א זאָג געטאָנ. — עס זאָל, האלעוויי, דיינ לייבקע אונ מיינ קאטיושע... — ער האָט שווער אָפּגעזיפצט. — אונ אונדזערע איבעריקע קינדער... זיי אלע זאָלנ ברענגענ צוריק אונדזערע הערצער איינעמ טאָג פונ זיג!

אונ ער האָט מיט איינ אָטעמ אויסגעליידיקט די גלאָז בראנפנ.

מיט א געוויי אונ בראָזגעריי האָט זיכ דער צוג געטראָגנ אפ מיזרעכ.

דעקאבער 1942
טאשקענט

———★☆★———

מ. גאָלבשטיין

# ברויט כ׳האָב געגעסן שוואַרצן...

דעם גענעראַל־מאַיאָר כאַים קאַראַסיק מיט ליבע

ברויט כ׳האָב געגעסן שוואַרצן,
וואַסער פון פליאַגע געטרונקען.
לידער, ווי זוימען אין האַרצן,
אַפּ שלאַכט-פעלדער האָב איך געקליבן.

טאַבעק כ׳פלעג רייכערן גרויען,
פון שטיינער — אויסשלאָגן פייער.
און רוען נאָך שלאַכטן אַפּ רויערד,
צי גאָר בא אַ פלויט אַ פּאַרקוילטן.

די ווינטן מיר פלעגן אָפּט מאָנען,
אין נעכט, וואָס אין בלוטיקע העמדער,
און שטערן, ווי גאָלדענע פּאַטראָנען,
אַפּ פעלדער ז׳ך האָבן געשאָטן...

מיט רוסישע אַרמייער מיט ווילע
געטיילט כ׳האָב דאָס ברויט און דאָס וואַסער.
דערפאַר ניט גענומען קיין קויל מיך
האָט אין די הייסטע געשלעגן.

פון צווייגן אַ שייטער צעפירן,
אין קעסעלע אופזידן וואַסער.
און אָפּט, ווען דאָס ברויט פלעגט פּאַרפרירן,
שניידן איך פלעג מיט אַ שפּיז עס.

און ווינטער אין פראָסטיקן צאָפּן
האָט מיין שינעל מיך געוואַרעמט,
ווען אַפּ שנייקע סטויגן כ׳פלעג שלאָפן
מיט פאָנעם צו הימלען געווענדעט.

דערפאַר איצט דורך וועלדער געדיכטע
איך גיי און מיך שרעקט ניט קיין פייער,
ווייל איך בין אַ ייד און אַ דיכטער,
אַ שלאַכטמאַן אַ הייסער, געטרייער!

1943 יאָר.

# צווישן ווינט און שניי...

שניי, און שניי, און שניי, און שנייי,
אָן א סאָף און אָן א ברעג.
איך בין איינער מיט מיין ווי
אפ דעם ווייס-פארשנייטן וועג.

כ'טראָג אין רוקזאק א שטיק ערד,
און אין שייד א שווערע שווערד,
מיך געטראָגן דורך געפאר האָט
דאָס געטרייע קלוגע פערד.

נאָר אצינד אין הוילן סטעפ
צווישן ווינט און שניי איך גיי.
און א פיערל איך זוך,
און א קעסעלע מיט טיי.

אין א וועלכער בלינדער טיר
וועל איך אָנקלאפּן באנאכט?
אונטער וועלכן בערגל שניי
וועל איך רוען נאָך דער שלאכט?

ווען ארום איז ווינט און ווינט,
און די וואָלקנס הענגען בלינד?...
איך בין איצטער א סאָלדאט, —
איז מיין לעבן אפן ווינט!..

און צו נאכט, וואָס אזוי שווארץ,
צו דער וועלט, צו זיך אליין,
לעבט א בענקשאפט אין מיין הארץ,—
ווי א פונק לעבט אין א שטיין...

אָקטיאבער, 1941.

---

# די ליד פון מיין קינדהייט

ווען נאָכן הייסן שלאכט איך רו אין פעלד, כ'בין מיד,
גיט אָפּט א קלונג אזא מין ווייטע שטילע ליד,
וואָס כ'האָב אין לעבן שוין אמאָל געהערט...
ס'האָט זיך אין אָט דעם קלאנג צונויפגעגאָסן דיין געזיכט,
די ליד פון ליבשאפט און פון זון די ליכט,
דער דופט פון רויטע בלומען, פון דער ערד...

דאן מאך איך צו די אויגן שטיל. איך וויין. און אָט:
אין הארץ צו מיר מיין קינדהייט קומט — א ליבער טאָג,
ער קומט פונקט, ווי א ווייטע עכאָ-קלאנג...
אזוי אין מויערקעפּל, וואָס איז לאנג שוין פוסט מיסטאָם,
עס הערט זיך אלץ נאָך, ווי עס זינגט דער יאָם
זיין וואונדערלעכן גאָלדענעם געזאנג...

1942 יאָר.

---

## י. ראַבינ

# אייער מאַמע בענטשט אייכ

### שימענ גיבער

1

אינ איינער א שטאָט אינ מיזרעח-ווײַסרוסלאַנד האָט געלעבט א ייִד א קאַצעוו מיטנ נאָמענ שימענ גיבער. ער איז געווענ הויכ אונ שטאַרק אונ געזונט, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט רויטע באַקנ, מיט א שיינער שוואַרצער באָרד אונ מיט א פּאָר הענט, וואָס ברעכנ פּאָדקאָוועס אונ לײַמשנ צענערס. מע האָט געזונגט וועגנ אימ אינ דער שטאָט אונ אינ די אַרומיקע שטעטלעכ אונ דערפער. געזונגט האָבנ וועגנ אימ ייִדנ אונ ניט-ייִדנ. ייִדנ האָבנ זיכ מיט אימ שטאַרק איבערגענומענ, זיכ באַרימט אונ דערציילט ניסימ.

— אונדזער שימענ גיבער... א קלייניקייט זאָגנ... איינער אפ צענ, האָב זאָג איכ אפ צענ, אפ צוואַנציק וועט ער ניט... א קלייניקייט זאָגנ — שימענ גיבער.

ער האָט טאַקע געהאַט אינ זיכ פיל קויעכ, א כאַכ דרייסטקייט, א שטאַרקנ, א געזונטנ פּאָכ מיט די הענט אונ האַרטע אייזנהאַרטע דלאָניעס אינ פינגער. באַר זײַנע הענט האָט מענ שטאַרק מוירע געהאַט. שלעכט איז געווענ יענעמ, וועמ עס איז צו זיי אַרײַנגעפאַלנ. מע האָט דערציילט, אז זײַנ קויעכ נעמט זיכ דערפונ, וואָס ער טרינקט פרישע הייסע בלוט פונ די געקוילעטע בהיימעס, וואָס ער טרינקט עמערווײַז ביר אונ בוטלעגווײַז וײַנ אונ בראָנפנ. מע האָט איבערגעגעבנ וועגנ זײַנע העלדישע נעגנ. דערציילט, אז אמאָל איז ער געפאָרנ אַנטקעגנ פּי. געפאָרנ אליינ אפ זײַנ פערד-אונ-וואָגנ. עס איז געווענ נאַכט, א לעוואָנע-נאַכט אינ געדיכטנ וואַלד. ער האָט געטריבנ דאָס פערד גיבער אַנציקימענ אינ א קרעטשמע אפ איבערנעכטיקנ, קעדיי פאַרטאָג פאָרזעצנ די רײַזע. ער האָט ניט באַמערקט, ווי הינטער די דרימלענדיקע בײַמער אינ שלאָפנדיקנ וואַלד באַהאַלטנ זיכ אויס שאָטנס. דערנאָכ האָבנ זיכ מענטשנ אינ מאַסקעס באַוויזנ אפנ וועג, געכאַפּט דאָס פערד פאַרנ צוים אונ שימענענ באַפאַלנ. נאָר ער איז שימענ גיבער, האָט ער זיי פריִער מיט גוטנ געזאָגט:

— גייט אוועק, טרעט אָפּ — איכ בינ שימענ.

זיי האָבנ אָבער ניט געוואָלט הערנ צי שימענ, צי רוגנ. זיי האָבנ געפאָדערט דאָס געלט אונ געגרייט אַנ אײַזערנע הענטשקע איבער זײַנ קאָפּ. האָט ער דערלאַנגט א פיר געטאָנ מיט די הענט אונ דערלאַנגט איינעמ איבערנ שאַרבנ, אז יענער האָט זיכ באַלד אַראָפּגעלאָזט אפנ גראָז א פאַרטיקער. דערנאָכ א זעץ געטאָנ דעמ צווייטנ אונ מיט אַלע קויכעס אפנ דרימנ זיכ אַרופגעוואַלגערט. די איבעריקע צוויי זײַנענ אַנטלאָפנ. די אײַזערנע הענטשקע האָט שימענ מיטגענומענ מיט זיכ. ער איז פאַרפאָרנ צו פּאָליציי אונ געמאָלדנ:

— דאָרט אונ דאָרט זײַנענ מיכ באַפאַלנ פינפ מאַנ. צוויי זײַנענ געשטאַנענ לעבנ פערד, האָט זיי אָפּגעגליקט, זיי זײַנענ אַנטלאָפנ מיטנ לעבנ, דרײַ זײַנענ געשטאַנענ לעבנ מיר, איז זיי דאָס לעבנ אַרויס, אינ זיי וואַלגערנ זיכ מיט צעלעכערטע שאַרבנס. איכ איר ווילט מיט זיי האָרעווענ וועלט — לאָזט זיי ליגנ, איכ חינמ — קלײַבט זיי צונויפ.

פונ דעמלט אָנ האָט ער די אײַזערנע הענטשקע געפירט מיט זיכ אינ וועג, ווענ ער פלעגט פאָרנ אײַנקויפנ פי.

מע האָט דערצײלט נאָכ וונדערלעכע מײַסעס וועגנ זײַנ גוורע, נאָר א ביסל האָט מענ מיסטאמע צוגעלייגט, אויסגעטראכט, אָבער וואָס עמעס איז עמעס — ער איז געווענ א גיבער.

שאבעס אונ יאָמטעוו פלעגט ער אָנטאָנ א ווייכע הוט, א נײַעמ ראָק מיט א סאַלעסקאָטנ אונ האָט אויסגעזענ גאָר ווי א ראָוו.

געווענ איז עס אמאָל, מיט יאָרנ צוריק. שימענ האָט זיכ געעלטערט. אפ דער עלטער זײַנענ שוינ ניט די קויכעס געווענ, נאָר ער האָט זיכ נאָכ אלצ געהאלטנ שטאָלצ אונ פעסט. קינדער האָט ער געהאט א סאכ. אונ נאָר אײנ זונ. איז דער זונ געווענ געראָטנ אינ טאטנ. וועגנ זונ האָט מענ אויכ דערצײלט ניסימ פונ זײַנ גיבורע, פלינקײַט אונ העלדישקײַט. גערופנ האָט מענ דעמ זונ דאָוויד. דאָוויד איז אויכ געווענ א קאצעוו, אונ מע האָט מוירע געהאט מיט אימ זיכ פארטשעפענ, חאָטש ער האָט אינ דער לינקער האנט געהאט אזויפיל קויעכ, ווי אינ דער רעכ־טער, אונ האָט מיט ביידע הענט געקאָנט אָפלייגנ אפ קאלט צווייענ מיטאמאָל.

אָט אזוי האָבנ אויסגעזענ דער טאטע מיטנ זונ, ווענ די דײַטשנ זײַנענ אָנגעקומענ.

ווער ס'האָט באוויזנ, איז פונ דער שטאָט באצײַטנס אװעק. ווער עס האָט גע־קאָנט, איז אנטלאָפנ, ווער עס האָט געוואָלט, איז אינ וואלד אוועק, פריער זיכ אויס־באהאלטנ אינ דערנאָכ פארטיזאנעווענ, שלאָגנ די דײַטשנ, נעקאָמע נעמענ.

די „שיינע" מײַסימ פונ די דײַטשנ לאָזנ זיכ הערנ אונ פארלויפנ זיי דעמ וועג. אונ די וועלט איז שוינ אזוי אײַנגעשטעלט: דערצײלט מענ גוטס — איז עס אלע־מאָל ניט אזוי גוט, ווי מע דערצײלט, איבערגעטריבנ, פארשענערט אונ פארגרע־סערט. גאָר דערצײלט מענ שלעכטס — גיט עס ניט איבער די גאנצע מאָס שלעכט־קײַט. וועגנ די דײַטשנ האָט מענ געהערט דערצײלנ, מע האָט געזענ לעבעדיקע אײדעס. נאָר אז די דײַטשנ אלײנ זײַנענ אָנגעקומענ...

2

די דײַטשנ האָבנ געוואָלט, אז שימענ גיבער זאָל גײנ אינ דער יידישער געטאָ, ער זאָל אָנטאָנ א לאטע, זיכ קניענ פאר די דײַטשנ, זיכ לאָזנ מײמעסנ, סאמענ אָדער הענגענ. דאָס האָבנ געוואָלט די דײַטשנ. נאָר שימענ האָט עס ניט געוואָלט. שימענ האָט אָפגעלעבט א לעבנ, אונ מע האָט פאר אימ מוירע געהאט, אימ אָפגעטראָטנ דעמ וועג, געמאכט פאר אימ א וואָרע אונ אָפגעגעבנ קאָוועד, ווײל מענ, אז ער, שימענ, זאָל זיכ נייגנ פאר די דײַטשנ, שטעלנ זיכ אפ די קני. געהערט? צי גע־דענקענ ניט די דײַטשנ, אז אינ דער פאָריקער מילכאָמע, ווענ זיי זײַנענ אהער אינ דער שטאָט געקומענ אונ זיכ גענומענ איזדיעקעווענ איבער דער באפעלקערונג, האָט ער, שימענ, מיט נאָכ קאצאָווימ אונ פורמאנעס זיי געשלאָגנ, געלייגט זיי אינ די הינטערגעסלעכ, ווי די פליגנ, אונ אינ די וועלדער זיי געקוילעט? ער איז טאקע געווענ יינגער אונ פעסטער, נאָר יאָרנ זײַנענ יאָרנ, אונ שימענ איז שימענ. שימענ האָט נאָכ די אײַזערנע הענטשקע אונ האָט נאָכ אלע זײַנע ציינער אינ מויל.

שימענ איז געבליבנ בא זיכ אינ דער היימ, אינ זײַנ הויז, אינ זײַנ צימער, אפ א גאס, וווּ עס מעגנ וווינענ דײַטשנ, אָבער א ייד טאָר ניט. שימענ האָט קיינ לאַ־טע אפ זיכ ניט אָנגעטאָנ. שימענ איז אלײנ פאר זיכ. ער האָט א גרויסנ גאָט אפ דער וועלט, אונ ער וועט אימ העלפנ.

דער דײַטש, וואָס איז געקומענ שימענענ בעטנ מעכילע אינ געטאָ ארײַנ, איז פונ אָנהייב פאר שימענענ אָפגעטראָטנ. וואָס האָט דער דײַטש אינ אימ דערפילט, אינ אימ, אינ דעמ עלטערנ יידנ מיט דער גרויער באָרד אונ מיטנ שטאָלצנ אויס־זענ? שימענ האָט געזאָגט: ער גייט ניט. ער וויל ניט אונ געננוג.

— פארוואָס? דערפאר, וואָס דאָ איז ער געבוירנ אונ אויב עס איז באשערט, וועט ער דאָ שטארבנ. ער האָט זיכ זײַנ גאָט, אונ וועט אימ אָפגעבנ כעזשבנ.

— הער אויס, ייִד, — האָט געזאָגט דער דײַטש, — ווילסט שטארבנ דאָ, מע קאָנ עס, — אונ ער האָט ארויסגעשלעפּט א רעוואָלווער. — וועט מענ אָבער דארפנ דײַנ פּעל שלעפנ אזש אינ פארשטונקענעמ געטאָ ארײַנ, בעסער קומ אלײנ צופוס.

שימענ איז ניט דער מענטש פונ פרינ געשפּרעכנ, אונ כאָטש צו אימ איז געקומענ א פּאָרשטײער פונ א גאנצער מעלוכע — האָט ער א שארפנ פאָכ געטאָנ מיט דער האנט, ווי ער וואָלט אימ אָנזאָגנ, אז דער איניענ איז געענדיקט אונ ער קאָנ גײנ.

דער דײַטש מיטנ רעוואָלווער האָט זיכ גענומענ רוקנ נעענטער צו שימענענ. נאָר גלײַכ שיסנ האָט ער ניט געוואָלט, דאָס וועט ער באווײַזנ. דערווײַל וויל ער האנאָע האָבנ פונ דעמ, ווי עס זעט אויס א ייִד, ווענ מע רוקט אימ א רעוואָלווער אינ פּאָנעמ ארײַנ. ער וויל האנאָע האָבנ פונ דעמ, ווי עס זעט אויס א ייִד, ווענ מע זעצט אימ מיט א רעוואָלווער איבער דער נאָז, אז בלוט זאָל ייִשנ. ס'איז אינטערעסאנט אונ ס'איז א פארגעניגנ אָנצוקוקנ דעמ ייִדנ, ווענ מע צילט אינ אימ, מע שיסט ניט, נאָר מע צילט, מע טראָגט צו די רער צו זײַנ שלײף אָדער גאָרגל אונ מע האלט אזוי לאנג, ביז דאָס הארצ פּלאצט בא אימ. אָדער מע שיסט אָפּ אײנ אויער, דערנאָכ דעמ צווייטנ. מײַטנ אימ וועט ער באווײַזנ, דערווײַל וויל ער האנאָע האָבנ, פרײענ דאָס הארצ אינ קוועלנ, וואָס ער שטיפּט א ייִדנ דעמ מויט אינ גאָרגל ארײַנ, אונ יענער קאָנ זיכ אפנ מויל ניט דערוואָרמנ. גײנ, ייִד, איכ וויל ניט נאָר טײטנ דײַנ האנאָע, איכ וויל אויכ האנאָע האָבנ פונ דײַנ טויט. אונ ער איז געקראָכנ, דער דײַטש, מיטנ רעוואָלווער שימענענ אינ גאָרגל ארײַנ, אינ שלײף געצילט, געוואָלט אימ בלוט לאָזנ... נאָר דער דײַטש האָט ניט געוווּסט, אז פאר אימ שטײט שימענ, וואָס האָט פײַנט אזוינע קינצנ. שימענ האָט מיט דער אָפענער אויסגעהאָרעוועטער דלאָניע א זעצ געטאָנ דעמ דײַטש אינ פּארצעפּ, מײַקעס איבערגעבאזערט מיט א פּויכט איבערנ שארבנ אינ נאָכאמאָל דערלאנגט מיט אלע זײַנע קויכעס, וואָס ער האָט צונויפגערופנ אינ דער איצטיקער שווערער מינוט. פונעמ דײַטש האָט געגאָסנ בלוט סײַ פונ דער נאָז, סײַ פונ מויל אינ סײַ פונ די אויערנ. דער רעוואָלווער זײַנער האָט געשאָסנ אינ געטראָפנ אינ „פּאָצנ"-זײַט, אונ ער אלײנ האָט זיכ גענומענ אראָפּלאָזנ פּאמעלעכ אינ גאנצ זיכער.

איצט האָט שימענ ראָ מער ניט וואָס צו טאָנ. זײַנ שטוב איז סײַווי פארמיעסט אונ פארשמוציקט פונ דײַטשנ. איצט קאָנ ער א רויִקער גײנ צו זײַנע ברידער אינ דער געטאָ. וועט ער צוניצ קומענ אפּ נעקאָמע נעמענ, איז ניט; וועט ער אומקומענ — האָט ער שוינ נעקאָמע פאָרויס גענומענ. ער איז רויִק, שימענ, אינגאנצנ רויִק. ער טוט אָנ זײַנע יאָמטעוודיקע קלײדער, דאָס בעסטע אונ דאָס שענסטע, ער נעמט אינ דער האנט זײַנ שײנעמ אויסגעשניצטנ שטעקנ אינ גײט ארויס פונ שטוב. ער איז ארויס אפּ דער הויפּט-גאס, אינ די גאס האָט געגאפט. ווער איז עס? א ייִד! א ייִד אפּ דער הויפּט-גאס? א גרויער, א שטאלטנער, אינ א יאָמטעוודיקער ווייכער הוט אפנ קאָפּ, אינ א שווארצנ נײַ-געניײטנ ראָק אונ פונ אונטערנ ראָק א בלאנק-רײנער מאלעסקאָטנ מיט אלע פיר פּולע ציצעס. אפּ די פּיס — לײַכטע ווייכע שטיוול אינ א געשניצטער שטעקנ אינ דער האנט.

אזוי האָט זיכ שימענ דער גיבער, שימענ דער ייִד געלאָזט גײנ מיט לאנגזאמענ שטאָלצנ טראָט דורכ די הויפּט-גאסנ, וועלכע זײַנענ פאר אימ פארבאָטנ, זײַנענ פאר אימ געפאר, אינ געוואָלט אָנקומענ צו זײַנע ברידער אינ דער געטאָ ארײַנ.

3

— א ייִד צי ניט קײנ ייִד?

— א ייִד! זיכער א ייִד!

— ווי קומט עס א ייִד אינמיטנ א העלנ ליכטיקנ זומער-טאָג אזוי ארומגײנ איבער דער גאס, איבער דער הויפּט-גאס, ווי א ייִד מאָר דעמ שאָטנ פונ זײַנ טראָט ניט באווײַזנ? אינ אזוי פארהייבנ דעמ קאָפּ, נאָכ מיט א הוט אינ מיט א שטעקנ אינ דער האנט?

— נאָר צי איז עס א ייִד? ווי קאָנ זיכ עס א ייִד דערלויבנ? אוממעגלעכ!

און ווי שווער עס זאָל נים זײַנ צו גלייבנ, ווי אומעגלעכ עס זאָל נים זײַנ פארנ דײַטש, אָבער זײַנע אייגנ זעענ דאָכ, אז עס גייט דאפקע א ייִד און דאפקע אינ א מאלעסקאָמנ און דאפקע מיט א פארהויבענעם קאָפּ.

— עי, דו, יודע.

— שטיי, שטיי!

— פארפלוכטער קערל, פארדאמטער יואנ!

— דאָנער־וועטער, דאָנער־וועטער, צומ צווייטנ מאָל!

— יודע!

אָפיצערנ לאָזנ זיכ נאָכ אים. אָט וועלנ זיי באלד אויספרווונ, צי איז עס ווירק־לעכ א ייִד, צי א געשפענצט, צי עפּשער גאָר א מאסקאראד?

— הײַל הימלער! הײַל הימלער! — לויפט אנ אָפיצער און שרײַט אים נאָכ. אָט וועט ער אויספרווונ, צי איז עס אינדערעמעסנ א ייִד.

שימענ גייט זײַנ וועג. דער אָפיצער לויפט אים נאָכ און עס דוכט אוים, ער בילט אפ אים: הײַל, הײַל, הייל!

נאָר שימענ גייט זײַנ וועג.

— א ייִד! א יודע! א פארפלוכטער, פארדאמטער יודע!

און שימענ קאָנ זײַנ וועג ווײַטער נים פאָרזעצנ. ער איז ארומגערינגלט, זײַנ וועג איז פארצאמט. עס ווערט אנ אָנגעלאָפּ אפ דער גאס, עס לויפנ מענטשנ פונ אלע זײַטנ, אָפיצערנ, סאָלדאטנ און גלאט צעווילדעוועטע דײַטשנ און פארעטער.

— א ייִד אפ דער הויפּט־גאס! א ייִד!

— ווער ביסטו, דו?

— א ייִד! א ייִד, וואָס מײַנ נאָמענ איז שימענ.

— איז ווי קומסטו אהער, אָנ א לאטע? פארוואָס ביסטו נים אינ דער גע־טאָ? ווי קומסטו אהער מיט מענטשנ גלײַכ, מיט דײַטשנ גלײַכ, מיט דײַנ הינטיש בלוט פארשמוצנ א ריינע גאס?

— ענטפער, דו שווײַנ, דו רוסישער שפּיאָנ, ווי דערלויבסטו זיכ קעגנ דײַטשישנ געזעצ ארויסטרעטנ? ביסט דומ, צי פרעכ?

צי ווייסט דענ נים שימענ, אז דאָס איז זײַנ סאָפּ? צי פארשטייט ער דענ נים, אז זײַנ סאָפּ איז געקומענ, דער טויט איז אים פאר די אויגנ, און דער מאל־כעמאָוועס דרייט זיכ ארומ אינ דער געשטאלט פונ א דײַטש? שימענ פילט עס גומ, שימענ איז גרייט אופנעמענ דעם טויט. איינ מאָל שטארבט מענ און דעם איינ מאָל דארפ מענ שטארבנ ווי א מענטש, ווי א גיבער, ער זאָל זײַנ פאָלק נים פארמיעסנ, אים זאָלנ זײַנע קינדער נים פארשילטנ און ער אליינ זאָל נאָכנ טויט אפ זיכ אליינ דעם טויט נים דארפנ בעטנ.

— איכ בינ א ייִד, וואָס מײַנ נאָמענ איז שימענ.

— ביסט א הונט!

— איכ בינ א בירגער...

— ביסט א הונט!

— איכ בינ א בירגער פונ סאָוועטנפארבאנד. איכ בינ א ייִד און גיי צו מײַ־נע ברידער ייִדנ.

— שווײַג! שטיל!

— דער גאָט פונ אווראָם...

און מער האָט שימענ גאָרנים געזאָגט... בלוט האָט פונ אים גערונענ, זײַנע קליידער — צעריסנ און צעפליקט, זײַנ שטעקנ — אפ זײַנ קאָפּ צעבראָכנ, ער איז געלעגנ צעטראָטנ, טויט.

נאָכדעם האָט מענ א פערד צוגעטריבנ, שימענס קערפּער צומ פערדישנ וויידל צוגעבונדנ, און אונטער געשריי, פײַפערײַ און הוקערײַ האָט דאָס פערד געשלעפּט דעם טויטנ קערפּער צומ מארק, וו מע האָט אים אפ א סלופּ אופגעהאנגענ.

4

דער דײַטש האָט אויסגערעכנט, אַז דער קערפּער זאָל וואָכנווײַז הענגענ אפנ סלופ איבערנ מארק. נאָר אפנ פערטנ טאָג איז דער קערפּער נעלעמ געוואָרנ. אפנ סלופ איז געהאַנגענ א געלער דײַטש. דער קאָמענדאַנט פונ דער שטאָט האָט באַקומענ א בריוו: „שימענ גיבער איז געבראַכט געוואָרנ צו קווורע לויטנ ייִדישנ דינ, אינ א טאַלעס, אפ א ייִדישנ בעסאַלמענ, אונ זײַנ זונ האָט נאָכ אימ קאַדעש געזאָגט. דו, הינטישער הונט, וועסט אַזוי צו קווורע ניט געבראַכט ווערנ. דײַנ מארכ וועלנ ראָבנ פּיקנ, אונ דײַנ הארצ וועלנ הינט שלעפּנ, וועסט ווי א פּייגער שטינקענ אונטער דער זונ. דאָס וועט זײַנ דײַנ סאָפ אונ דער סאָפ פונ היטלערס דײַטשלאַנד".

געהערט? א געהאַנגענער איז נעלעמ געוואָרנ. געהערט? מע שרײַבט בריוו דעמ קאָמענדאַנט. געהערט? אינמיטנ שטאָט אפנ מארק הענגט מענ דײַטשנ?

דעמ ייִדנ זאָל מענ צוריק אפנ סלופ הענגענ, דעמ אַוטאָר פונעמ בריוו זאָל מענ ברענגענ, די מערדער פונ דײַטשנ זאָל מענ צושטעלנ! — דער דײַטשישער קאָמענדאַנט האָט געשריִענ ביז הייזעריק, ביז די אויגנ זײַנענ פונ די לעכער געקראָכנ.

ס'איז טאַקע א קאָמענדאַנט, א דײַטשישער קאָמענדאַנט, נאָר פאָרט... דעמ קייווער פונ שימענענ האָט מענ ניט געפונענ, דעמ אַוטאָר פונעמ בריוו האָט מענ ניט אָפּגעזוכט, די מערדער פונעמ געלנ דײַטש האָט מענ ניט צוגעשטעלט. פאַרקערט... אינ א ביסל צײַט ארומ איז אפנ זעלבנ סלופ געהאַנגענ נאָכ א דײַטש, ניט קײנ געלער, נאָר א העלער, אנ עכטער אריער, אנ עכטער פאַשיסט אונ — טויט ווי אַלע טויטע.

## שימענ גיבערס זונ

1

א כאַכ קינדער האָט געהאַט דער אַלטער שימענ גיבער אונ נאָר אײנ זונ אײנגאַנצנ, אײנ־אײנציקנ זונ, אונ געהייסנ האָט דער זונ דאָוויד. דער זונ זײַנער דאָוויד האָט געהאַט א שטעט פונ א מענטשנ, וואָס האָט ליב א לעב מאָג, האַנאָע האָבנ פונ דער וועלט, ניט ברעכנ איבעריק דעמ מויעכ וועגנ מאָרגנדיקע זאָרגנ. א פריילעכער, א לעבעדיקער, וואָס האַלט פונעמ גלײַכוועלטל, אַז מע לייגט אינ די צײַנער — געפינט מענ אינ די בײנער. אינ וווּקס איז ער עפּעס נידעריקער פונעמ מאַטנ, נאָר ברייטפּלייציק, ווי יענער, לײַביק אונ אינ דער מאָס מיט פעטס ארומגעוואַקסנ. זײַנ געזיכט איז שפּענדיק ווי נאָכ א גוטער בסורע, אונ דאָס געשוירנ בערדל איז גוטמוטיק צוגעלאָזט צו אַלצ אינ דער וועלט. עס איז קימאַט ניט געווענ קײנ אײנ כאַסענע אינ דער שטאָט, וווּ דאָוויד זאָל ניט זײַנ, ניט טאַנצנ אונ ניט פרייענ זיכ מיט די מעכוטאָנימ אונ רייכערנ ציגאַרנ מיט די קלעזמער. סימכעס־טוירע האָט ער געהוליעט אינ בעסמעדרעש. סיקעס — אינ דער סוקע. כאַנוקע — אינ שפּיל אונ א גאַנצ יאָר — בא זיכ, בא ייִדנ, בא כאַווײרימ, בא ניטייִדנ — אַלצײַנס, אבי דער מענטש איז א מענטש. אונ דערצו האָט ער געפירט א מישפּאָכע, אײַנגעקויפט פי, אינ דער יאַטקע געוועגנ טאַקעס. געהיט, אַז אפ זײַנע קינדער זאָל א שטויב ניט פאַלנ, פאַר די קינדער איז ער געווענ גרייט אפ מעסערס גײנ. אונ פײַנט האָט ער געהאַט א לעווײַע, מע האָט אימ קײנמאָל אפ קײנ לעווײַע ניט געזענ.

— ניט מײַנ פאַכ, קינדערלעכ, כאָטש הארגעט... איכ קאָנ ניט. איכ פאַרנעמ ניט קײנ געוויינ פונ אַלמאָנעס אונ יעסוימימ. נאָר סײַווי אײנ לעווײַע וועל איכ דאָכ ניט אויסמײַדנ — מײַנ אײגענע! וועט פאַר מיר קלעקנ! אַד בעליִדײַ!

דאָוויד האָט געקאָנט געבנ קלעפּ, נאָר געגעבנ האָט ער ווינציק, ניט אַלעמאָל איז אויסגעקומענ. עס פלעגט זיכ מאַכנ, אַז מע בונטעוועט קעגנ ייִדנ אונ עס שמעקט מיט פּאָגראָמ־אַפּעטיטלעכ, פאַרלויפנ אַזוינע, ווי דאָוויד, דעמ וועג אונ זײַנענ פּאָרויִמ מעכאַבעד, אַז עס ווערט טייקעפּ שטיל. נאָר דאָס האָט דאָוויד ניט געהאַלטנ פאַר קײנ געשלעג, דאָס האָט ער געהאַלטנ פאַר א מיצווע.

אַזוי האָט ער געלעבט ביז דער מילכאָמע, אונ ווענ די דײַטשנ האָבנ זיכ דער=

געענדיקט צו דער שטאָט, איז ער צוזאַמענ מיט זײַנ מישפאָכע, מיט װײַב, מיט זינ אונ טעכטער אַוועק אינ וואַלד. עס רעדט זיכ אַזוי „אַוועק“ — אינדערעמעס איז מענ געלאָפנ, געלאָפנ, ווי פונ אַ סרייפע, ווי פונ אַ פעסט. דײַטשישע שראַפנעלנ האָבנ זיכ געריסנ איבער דער שטאָט, דײַטשישע באָמבעס זײַנענ געפאַלנ איבער גאַסנ אונ הײַזער. אינ אַ סאַכ ערטער האָט די שטאָט געברענט. אינ דעמ הילצערנעמ טייל שטאָט האָבנ די הײַזער געפלאַקערט אונ געצונדנ דעמ גאַנצנ אַרומ. עס איז געשטאַנענ אַ טשאַד אינ אַ רויכ, אַ יעלאָלע אונ אַ גוואַלד פונ די אײַנוווינער אונ אַ מעשוגענע רעזערײַ פונ בעהיימעס אינ די פאַרמאַכטע ברענענדיקע שטאַלנ.

די רויטע אַרמיי איז אָפגעטראָטנ.

ווער עס האָט נאָר געקאָנט, איז געלאָפנ, געוואָרפנ הײַזער, ברײַזער, האָב-אונ-גוטס, אַבי דאָס לעבנ ראַטעווענ. אַ סאַכ זײַנענ געלאָפנ מיט דער אַרמיי, אָנגעכאַפט זיכ אָנ יעדער פור, אָנ יעדער מאַשינ. אינ וואַלד איז מענ געלאָפנ. דורכ פאַרשיידענע וועגנ אונ שטעגנ, דורכ בריקנ, וואָס אָט באַלד וועט מענ זיי אויפרײַסנ, דורכנ טײַכ אַפ שיפלעכ, אַפ די וואַגאָנעס פונעמ לעצטנ עשעלאָנ, געיאָגט, געאײַלט וואָס גיכער אַרויסגיינ פונ דער אומגליקלעכער שטאָט, וואָס וועט באַלד זיכ נעמענ-וואַרגנ אונטער דײַטשישע בלוטיקע טריט.

דאָוויד איז, ווי געזאָגט, מיט זײַנ מישפאָכע אינ וואַלד אַוועק.

דער וואַלד אַרומ איז אַנ אַלטער אונ ערטערווײַז אַנ אורוואַלטער. אַפ מײַלנ-ווײַט גייט יאָדלע, וואָס פלעכט זיכ איבער מיט די צווײַגנ, וואַרפט אָנ אַ טונקלקײַט אונ לאָזט אַפילע אינ העלע הייסע זומער-טעג שווער דורכ ליכטיקע שטראַלנ צו די איינגענע שטאַמענ. ס'איז טונקל, אונ אַ קילע פײַכטקײַט טראָגט זיכ אינ דער לופט אונ איבערנ טיפנ מאָכיקנ באָדנ. אַפ מײַלנ-ווײַט גייט סאָסנע מיט הויכ פאַריסענע קרוינענ צומ הימל, מיט פול זונ אַרומ, מיט אַ גרינעמ גראָז-געוועב איבערנ טרוקענעמ ערד-שוימ. ווערכמנווײַז שטייענ פריילעכע בעריאָזעס אונ שפיגלענ זיכ אינ איינגענעמ יאָמטעוו. אונ עס מישט זיכ דעמב, אָלכע אונ אָסינע. אונ נאָכ פריער פונ מענטשנ וווינענ דאָ בערנ אונ וועלפ, אונ פוקסנ, אונ פייגל אַלערליי, זינגענ אונ שרײַענ, אונ קלאָגנ, אונ אַלע זוכנ עסנ, אונ אַלע ווילנ לעבנ, אונ אַלע ווילנ גאַנצ זײַנ.

דאָווידנ איז אַפ אַ סאַכ קילאָמעטער דער וואַלד באַקאַנט. פריער מיטנ טאַטנ, אונ דערנאָכ אַליינ, אָדער מיט כאַווייריט, איז ער צענדליקער יאָרנ געפאָרנ אײַנקויפנ פי. ער האָט געקענט אַ סאַכ פויערימ אינ די אַרומיקע דערפער. פויערימ האָבנ פונ אימ געהאַלטנ, ווײַל ער פאַרמאָגט אי קויעכ אי געוויסנ. דאָוויד האָט געוווּסט, ווו דער וואַלד איז בלאָטיק אונ זומפיק, ווו טויזנטער שטאַמענ וואַלגערנ זיכ צעפוילט פונ יאָרנ אונ פאַרסמאַליעט פונ סרייפעס, ווו וואַסער פליסט אונ פיי איז אַ סאַכ, ווו יאַגד איז אַפ יעדנ שריט אונ טריט, כאָטש שיס מיט אַ שטעקנ, ווו עס זײַנענ הייל, ווו טאָלנ אונ בערג.

זיי זײַנענ געווענ ניט אַליינ, עס זײַנענ געווענ נאָכ מישפאָכעס, אונ אַלע האָבנ זיכ צוזאַמענ באַזעצט. אונ זיי האָבנ אַפ אַ מינוט ניט אויפגעהערט צו טראַכטנ, וואָס עס טוט זיכ אינ דער שטאָט. דערווײַל איז זומער, אינ דער וואַלד, צי ער טראָגט אַפ זײַנע צווײַגנ נאָדלענ אָדער בלעטער, ווייסט ער סמוי ניט, נאָכ וואָס ייִדנ זײַנענ געקומענ אונ האָבנ זיכ באַזעצט: צי דאָס איז דאַטשע, צי דאָס איז גאָלעס. אונ די מענטשנ אינעמ וואַלד ווייסנ דערווײַל ניט, וואָס אַרומ אַפ דער וועלט קומט פאָר. אינגיכנ האָט מענ זיכ אָנגעשטויסנ נאָכ אַפ אַ גרופע מישפאָכעס, אונ מע האָט גענומענ באַנאַכט גיינ אינ געסט איינע צו די אַנדערע, זיכ נאָכפרעגנ אונ זיכ דערוויסנ, וואָס אינ דער שטאָט הערט זיכ. אונ עס האָט זיכ אויסגעלאָזט, אַז מיט ייִדנ אינ דער שטאָט האַלט שלעכט, מע פײַניקט, מע טייט. דאָס גוטס באַראַבעוועט אונ פאַרטריבנ אינ אַ געטאָ. מע קוילעט גרויס אונ קליינ.

— זיי שלאָגנ ייִדנ, — האָט געזאָגט דאָוויד, — דאַרפ מענ שלאָגנ די דײַטשנ!

באַנאַכט איז ער אַוועק אינ געסט צו די ווײַטערע מישפאָכעס אונ געזאָגט:

— מײַנ מאַמע איז א פרומער ייִדענע, נאָר אינ בײדער האָט ער מיכ לאַנג גיט געהאַלטנ, דאָס װײס איכ, אז געװיס האָט גאָט געבאָטנ, אז ייִדיש בלוט זאָל ניט פאַרשװיגנ װערנ.

2

עס איז געװענ נאַכט, װענ דאָװיד האָט זיכ דערװוּסט, אז מיטנ מאַמנ האָט געטראָפנ אנ אומגליק, אז ער הענגט אפנ מאַרק. אינ אײנ אױגנבליק האָט ער צונױפגענומענ זײַנע דרײַ זינ און אינ דער זעלבער נאַכט האָט ער זיכ דורכ פאַרשײדענע װעגנ און שטעגנ געלאָזט צו דער שטאָט.

א גאַנצנ װעג האָט דער מאַמע מיט די זינ געשװיגנ. דער טאַטע איז געגאַנגענ פאָרױס און די זינ נאָכ אים. דער געדיכטער װאַלד איז געװענ װי פאַרצאַרנט און גרױזאַם שטום, און א פאַרטײַעטע פינצטערניש, האָט געדוכט, לױערט פונ אַלע זײַטנ. אינ שטאָט זײַנענ זײ אַרײַנ באַנאַכט, עס איז געװענ די צװײטע נאַכט. דער טאַטע איז אַלץ געגאַנגענ פאָרױס און די זינ נאָכ אים. זײ האָבנ קײנ פאַרזיכטיקײט ניט אַרױסגעװיזנ און זיכ ניט באַהאַלטנ, זײ זײַנענ גלײַכ צום מאַרק אַװעק. דער גרױסער פּלאַץ פונעם מאַרק מיט אַלע זײַנע קרעמלעכ און הילצערנע בײַדלעכ, מיט די טישנ פאַר פלײש און פיש, פאַר גרינס און טװוע איז געלעגנ אײַנגעהילט אינ טונקלקײט. קױמ באַמערקט האָבנ אַרױסגעשטאַרצט סילועטנ פונ די אַלטע קאַרוסעל-הױדעס און פונ דעמ אָפּגעבראָכענעמ הילצערנעמ צירק. אפ עטלעכע לאַמטערנס האָבנ געשטמעלקעט פײַערנ. אַרום די לאַמטערנס האָט שפּאַצירט א דײַטשישער סאָלדאַט. ער האָט אָפּגעהיט די רו פונעמ באַנאַכטיקנ מאַרק און די רו פונ א טױטנ אפ א לאַמטערנ.

אפנ מאַרק איז דער טאַטע מיט די זינ געבליבנ שטײנ.

— קינדער, — האָט געזאָגט דאָװיד, — איר זעט דעמ לאַמטערנ?

— מיר זעענ.

— און װאָס אפנ לאַמטערנ זעט איר?

— א מענטש, טאַטע.

— ניט גלאַט א מענטש... דער זײדע שימענ ניבער!

— אונדזער זײדע? — האָבנ זײ געבערנט.

— אונדזער זײדע... — האָט ער איבערגעכאַזערט.

— אונדזער... — און זײַנענ געבליבנ שטײנ מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ... — טאַטע, דו האָסט אונדז געבראַכט אפ געקאָמע! װײַז אָנ... מירנ-קײנעט ניט שײנענ.

— אױב צינדנ איז צינדנ. אױב שעכטנ איז שעכטנ.

— זינ מײַנע, פריִער װעלנ מיר דעמ זײדנ צו קװורע ברענגענ.

ערשט איצט האָבנ זײ באַמערקט, אז א דײַטשישער װאַכמאַנ שפּאַצירט אַרומ צװישנ די שװאַכ באַלױכטענע לאַמטערנס. זײ האָבנ צװישנ זיכ קײנ װאָרט ניט געזאָגט, אָנ רײד האָבנ זיכ אַלע פיר ראַפּטום א לאָז געטאָנ צום דײַטש. דער דײַטש איז געבליבנ שטײנ א ביסל פאַרחידערט, װינט ער שטײט אפ דער װאַכ, איז קײנמאָל באַנאַכט אפנ מאַרק קײנ מענטש ניט געװענ. און דאָ איז ניט אײנער, נאָר פיר, און גײענ אַזױ זיכער — געװיס אײגענע. זײ האָבנ אים אַרומגערינגלט.

— ביסט א דײַטש... — האָט געזאָגט דאָװיד — און איכ בינ א ייִד! זעסט — א מענטש הענגט, — אױכ א ייִד. מײַנ טאַטע און זײער זײדע!

דער דײַטש איז געשטאַנענ צעטומלט און פאַר שרעק געפינטלט מיט די אױגנ.

— קומ! — האָבנ זײ אים געזאָגט און אינ װעג אים די אױגנ פאַרבונדנ.

די אײניקלעכ האָבנ פאָרזיכטיק אַראָפּגענומענ דעמ געהאַנגענעם, פאָרזיכטיק, אז דעמ טױטנ זאָל כאַסװעכאָלילע קײנ האָרעלע ניט װײ טאָנ, װי א ציטערדיק קינד אַראָפּגעלאָזנ צו דער נידער. זײ האָבנ זײערע רעקלעכ אױסגעטאָנ און זײַנ קערפּער צוגעדעקט.

— טאַטע, — האָט געזאָגט דאָװיד, — מיר זײַנענ דיכ געקומענ צו קװורע ברענגענ. ביסט צװישנ אײגענע, טאַטע, צװישנ אײגענע...

נאָכדעמ האָט דאָוויד א וואַנק געטאָנ צו די זינ אונ אָנגעוויזנ אַפנ דײַטש. די זינ האָבנ זיכ צומ דײַטש געוואָרפנ אונ אײַנגעביסנ איז מענ מיט אימ געווענ פאַרטיק.

די דרײַ אײניקלעכ האָבנ דעמ זײדנ אופגעהויבנ, אַפ די אַקסלענ ארופגענומענ אונ מיט האַרטנ, פעסטנ טראָט אַוועק פאָרויס, אינ דער פינצטער פאַרשוווּנדנ. זײער וועג האָט דורכ הינטערגעסלעכ צומ בעסאָלמענ געפירט. דער זונ האָט פונ הינטנ דעמ טאַטנ באַגלײט. שפּעטער האָבנ מאַצײווס געהערט אונ געזענ, ווי דאָוויד האָט צווישנ זײַנע דרײַ זינ קאַדעש געזאָגט אונ קריע געריסנ. די זינ האָבנ געהערט, געזענ אונ געשוויגנ.

אַפנ מאַרק־פּלאַצ איז אַפנ לאַמטערנ געהאַנגענ דער דײַטש.

3

עס האָט נאָרוואָס העלנ גענומענ, איז דאָוויד מיט די זינ שוינ אינ א שטוב געווענ. די זינ האָט ער געהײסנ רוענ אונ שלאָפנ אונ אלײנ זיכ געזעצט שיווע.

די זינ דאָווידס — בלוט אונ מילכ. אלע דרײַ, ווער ווינציקער פונ אכצנ אונ ווער מער פונ אכצנ יאָר, יונגע אונ געזונטע, גימנאַסטנ, וואָס זײַנענ אינ דער שטאָט געווענ די ערשטע פיזקולטורניקעס אונ וואָס האָבנ אונטערנ טאַטנס דאַכ מער געלעבט, ווי געטראַכט וועגנ לעבנ. זײ האָבנ באַמ טאַטנ ניט געפרעגט, נאָכ וואָס ער נעמט זײ אינ שטאָט, זײ פרעגנ ניט איצט, פאַרוואָס ער הײסט זײ רוענ. זײ מוזנ אלצ, וואָס ער הײסט, אונ פילנ גוט, אז דער טאַטע וועט ניט באַרויִקנ זײַנ בלוט אונ געמיט, ביז ער וועט ניט אָפּצאָלנ פאַרנ טויט פונעמ זײדנ, פאַרנ אומקומ פונ ייִדנ, פאַר לײדנ אונ פּײַנ. אונ זײ זײַנענ גרײט: שלאָגנ דעמ דײַטש מיט זײערע יונגע, פלינקע הענט מיט די שטאַרקע, שטײַפע מוסקולנ.

דערווײַל הײסט מענ זײ רוענ. דערווײַל זיצט דער טאַטע שיווע אונ דער לאַצ אַפ זײַנ רעקל איז שאַרפ אײַנגעריסנ — א צײכנ פונ טרויער.

דאָוויד מיט זײַנע דרײַ זינ געפינענ זיכ אינ דער שטאָט, אינ א שטוב. וואָס הײסט אינ דער שטאָט? ווי קומענ זיכ ייִדנ געפינענ אינ דער שטאָט אונ ניט אינ געטאָ? נאָר זײ זײַנענ דאָפּקע אינ דער שטאָט אינ דאָפּקע, וווּ ייִדנ טאָרנ ניט זײַנ.

פונ א סאַכ יאָרנ וווינט דאָ אַפ דער ווײַסרוסישער ערד באַמ ברעג פונ טײַכ א ווײַסרוס מיטנ נאָמענ סטעפּאַנ קאַנאַש. זײַנ גערטל, זײַנ סעדל, וואָס ארומ הויז, קיקנ אראָפּ פונעמ באַרגיקנ רוקנ צומ וואַסער אונ זײַנענ ארומ פאַרוואַקסנ מיט גרינס, מיט זונ־רויזנ, מיט אַגרעס־קוסטעס אונ מיט פרוכט־בײמער. ער האָט ליב מי, ער האָט ליב זײַנע גענדז אונ כאַזײרימ, ער איז קײנמאָל ניט אָנ אַרבעט, ער הובלט, ער פאַריכט א דאַכ, ער גראָבט דעמ גאָרטנ, ער ווײַסט די בײמער. זײַנ געזיכט איז פולבלעכ אונ בלאַס. ער האָט ליב באַ א שנאַפּס זיכ גוט דורכשמועסנ, ער האָט ליב דעמלט דרײענ די וואָנצעס אונ דערצײלנ וועגנ זײַנ טאַטנ, וועלכער פלעגט אינ א יאָמטעוו, ווענ אינ שטוב איז פונ אלעמ גוטס פאַראַנ, זאָגנ, אז ער איז הונגעריק, אז עפּעס פעלט אימ. „וואָס פעלט דיר? — פלעגט טײַנענ די מאַמע. — כאַזער־ווורשט עס, פלײש עס, פיש עס...“ — „דאָס איז ניט קײנ עסנ, — פלעגט ער ענטפערנ, — אָט וועל איכ אָפּבאַקנ א פּאָר בולבעס, וועל איכ זײַנ זאַט“.

— א ווײַסרוס אָנ בולבע איז... ווי אַפ משיקאָוועס, זאָל איכ אײַכ זאָגנ...

סטעפּאַנ האָט זיכ פונ קינדווײַז געהאָדעוועט מיט ייִדישע קינדער, ער ווײסט ייִדישע יאָמטויווימ, רעדט ייִדיש אונ קענ אפילע לאָשנ־קוידעשדיקע ווערטלעכ.

מיט דאָווידנ איז ער געווענ א גרויסער גוטער־פרײַנט. ער האָט אימ ליב געהאַט פאַר זײַנ ברײטער האַנט, פאַר זײַנ ניט באַשטײנ אַפ קלײניקײטנ. אז ער איז מעכאַבער מיט שנאַפּס, איז דער דיל נאַס פונ בראַנפנ.

אינ שטוב באַ אָט דעמ סטעפּאַנענ האָט זיכ איצט געפונענ דאָוויד מיט זײַנע זינ. זאָגנ, אז דאָוויד איז אַזוי פרומ, אז ער מוז ריזיקירנ מיטנ לעבנ אונ אומבאַדינגט זיצנ שיווע אינ דער שטאָט?

ניט אינ פרומקײט גײט עס. ערשטנס, איז שיווע — מער אָפּשײַ אונ אכטונג, ווי פרומקײט. צווײטנס, איז דאָוויד הײַנט אַזוי געשטימט, אז אלצ, וואָס קאָנ נאָר

ארויסווײַזנ ייִדישקײַט, וועט ער אַלצ טאָנ. אימ איז ביז בלוט, ביז ווייטעק טײַער דער מינדסטער נאָגל פונ א ייִדנ. דער גלאַנצ פונ א ייִדישנ יאָמטעוו, דער געוויינ פונ א ייִדישער לעווײַע, דער בייג פונ ייִדישע קינדער. הײַנט איז ער ניט נאָר דאָוויד, שימענ דעמ גיבערס זונ, הײַנט איז ער דאָוויד א זונ פונ פאָלק, הײַנט איז ער עפּישער דאָוויד האַמײלעכ. ער שטעלט זײַנע קינדער אינ קאָנ. ער קאָנ אומקומענ, אונ די קינדער קאָנענ אומקומענ, נאָר אינ זייערע הענט וועלנ פריִער צאַפּלענ דײַטשישע גאָרגלענ, אינ זייערע הענט וועט ריגנ דײַטשיש בלוט, אונטער זייערע פויסטנ וועלנ קראַכנ דײַטשישע שאַרבנס — נעקאָמע! אונ ער הייבט אָנ פאַר זיכ א טפילע. ניט פונ וואָכעדיקנ סידער, ניט פונ יאָמטעוודיקנ מאַכזער, נאָר נאָר אַפּ מאמעלאָשנ. אונ עס הייבט זיכ אָנ, ווי שימענ גיבער האָט אָנגעהויבנ אונ ניט פאַרענדיקט: דער גאָט פונ אַווראָמ, פונ יִצכאָק, פונ יאַנקעוו, ביסט מעכטיק אונ גרויס, ביסט האַר אונ מײלעכ, ביסט אײנער איבער א וועלט... האָסט געזענ אונ געשוויגנ, ווי מע שעכט אונ מע שינדט... גיב איצט קויכעס, בענטש אונדזער טראָט, העלפּ אינ אונדזער געראַנגל צו פאַרטיליקנ דעמ פאַרשטונקענעמ טראָפּנ פונ דער דײַטשישער נעווײלע, העלפּ וועגנ, שטיקנ, ברעכנ אונ פאַרטיליקנ, העלפּ!

אונ דאָוויד קאָנ שוינ מער ניט אויסהאַלטנ. ער וועקט אויפ באַנאַכט די זינ אונ גייט מיט זיי צומ טײַכ ארויס. א זומערדיקע טונקעלע נאַכט. נאָר נישקאָשע, דאָוויד מיט זײַנע זינ דערקענענ פונדערווײַטנס, ווער עס גייט. אונ אז עס גייט א דײַטש דאָ אינ דער נאַכטיקער שטילקייט באַמ ברעג פונעמ טײַכ, וועט ער ווײַט ניט אוועקגיינ. דאָוויד איז אימ מעכאַבעד איבערנ קאָפּ, אז יענער ווערט צעטומלט, א זונ כאַפּט אימ פאַרנ גאָרגל, אז ער זאָל ניט שרײַענ, מע שלעפּט אימ ארײַנ ביז די קני אינ וואַסער, מע שטעלט אימ מיטנ קאָפּ אינ וואַסער ארײַנ, אז ער זאָל זיכ טרינקענ, ווערגנ אונ דערשטיקנ. אינ נאָכדעמ גיט מענ אימ דעמ געהעריקנ שטײנ אונ מע ברענגט אימ צומ מיטנ טײַכ, אז ער זאָל צומ גרונט גיינ. די אַרבעט ווערט געמאַכט פלינק אונ ריינ. אונ אז עס זײַנענ אָנגעקומענ צוויי דײַטשנ מיטאַמאָל, האָט מענ ביידנ דאָס רעכט אָפּגעטאָנ. נאָר פאַר א דײַטשישנ אָפיצער האָט מענ אינ דער נאַכט געמאַכט אַנ אויסנאַמ. מע האָט אימ איבערנ קאָפּ ניט געגעבנ, נאָר גלײַכ פאַרנ גאָרגל געכאַפּט, פאַרשלעפּט אינ וואַסער אונ געשטעלט אַפנ קאָפּ, אז ער זאָל זיכ ווערגנ, אז ער זאָל זיכ שטיקנ. נאָר ניינ, ליבער דײַטש, ביסט ניט קיינ פּאַשעטער מענטש, ביסט אַנ אײדלמאַנ, האָסט מיכטאַמע געדאַנקענ אינ קאָפּ, וועט מענ דיכ ניט גלײַכ אינ וואַסער דערטרענקענ. אָט וועלנ מיר דיכ שטעלנ צוריק מיטנ קאָפּ ארויפ אונ א פרעג טאָנ: ס'איז עפּעס גוט? געשמאַק א ייִדישנ זאָקנ, אז מע ברעכט אימ די גלידער אונ מע וואַרפט אימ לעבעדיק אינ גרוב? ווויל איז ייִדישע קינדער, אז מע זעצט זייערע קעפּ אָנ שטײנער? גרינג איז ייִדישע טעכטער, אז מע שענדט זיי אונ מע שנײַדט זיי אָפּ שטיקער? גוט איז ייִדישע מאַמעס עס צוקוקנ מיט די אייגענע אויגנ, רײַסנ זיכ די האָר פונ קאָפּ, פאַרשילטנ דעמ נאָפּל, וואָס זיי האָבנ געזויגנ, אינ דעמ טאָג פונ זייער געבוירנ? איר שווײַגט, הער דײַטשישער אָפיצער? איר זײַט דאָכ ניט קיינ ייִד — איר האָט דאָכ רעכט צו ריידנ. אײַכ פאַסט עפּישער ניט, איז בימע, שטויסט זיכ דורכ מיט די פיס. אינ ער שטייט ווידער מיטנ קאָפּ אינ וואַסער, ער כאָרכלט, ער וואַרגט זיכ, ער פאַרגייט פונ שטיקעניש. ער בעט דעמ טויט. אינ דעמ טויט גיט מענ ניט אזוי גיכ. הײַנט, הער אָפיצער, זײַנענ ייִדנ מער ניט קיינ קינדער פונ ראַכמאָנעס, הײַנט זײַנענ ייִדנ קינדער פונ נעקאָמע! אונ ווידער שטעלט אימ דאָוויד מיטנ קאָפּ אראָפּ אונ די זינ ברעכנ אימ די פיס, וואָס איבערנ וואַסער. אינ די ענדע איז — צומ גרונט! עס האָט גענומענ טאָגנ.

ער איז צופרידנ, דאָוויד. ער זאָגט צו די זינ: „צי אינ כײדער האָב איכ געהערט, צי פונ פרומע לײַט, אז ערגעצ אינ די הייליקע ספאָרימ שטייט געשריבנ, אז אַפנ וואַסער שווימט א טויטער קאָפּ, זאָגט מענ צו אימ: דו האָסט דערטרונקענ אונ אליינ דערטרונקענ געוואָרנ אונ ווער עס האָט דיכ דערטרונקענ, וועט אויכ דערטרונקענ ווערנ. אזוי שטייט דאָרט געשריבנ. נאָר הײַנט זאָג איכ רויִק צו די נע-

זײלעס אינעמ טײַכ: איר האָט דערטרונקענ אונ זײַט אַלײנ דערטרונקענ, נאָר וועמ עס האָט אײַכ דערטרונקענ — וועט לעבנ! עס טאָגט, קינדער, קומט!

## שימענ גיבערס אייניקלעכ

1

די זינ האָט דאָוויד אָפּגעשיקט צוריק אינ וואַלד. ער אַלײנ וועט שפּעטער קומענ, מע זאָל אָפּ אימ וואַרטנ. די זינ האָבנ געפאָלגט, באַנאַכט האָבנ זיי זיכ געלאָזט צוריק אינ וואַלד גײנ. דאָוויד איז דעמלט צומ טאַטנ אָפּנ קייווער אַוועק.

— טאַטע, איכ בינ דיר געקומענ אָנזאָגנ, אַז מיר נעמענ נעקאָמע!

פאַרטאָג איז דאָוויד שוינ געווענ צוריק בא סטעפּאַנענ אינ שטוב. סטעפּאַנ האָט אימ מיט בראָנפנ מעכאַבעד געווענ אונ שלאָפנ געלייגט. נאָר לאַנג שלאָפנ האָט דאָוויד ניט געקאָנט, עס האָבנ זיכ אימ געפּלאָנטערט אינ שלאָפ די זינ, געכאָלעמט, אַז זיי זײַנענ אינ געפאַר, אַז זיי קומענ אומ. א צעטראָגענער, איז ער פונ שלאָפ אויפגעשטאַנענ. ער האָט כאַראָטע געהאַט, וואָס ער האָט זיי אַלײנ צוריק אינ וואַלד געשיקט. ער איז געווענ צעטראָגנ אונ שווײַגנדיק. סטעפּאַנס ווײַב האָט שוינ עטלעכע מאָל אימ געבעטנ עסנ, אונ ער האָט זיכ אַלצ אָפּגעזאָגט. ער האָט מיט אומגעדולד געוואַרט, אַז די נאַכט זאָל אָנקומענ, נאָר די שאָענ האָבנ זיכ געצויגנ, ווי פונ פּעכ. נאָכ האַלבנ טאָג איז סטעפּאַנ געקומענ אונ איז אויכ געווענ שטאַרק צעטראָגנ. ער האָט אויכ געשוויגנ אונ זיכ קיינ אָרט ניט געפונענ. דאָוויד האָט עס אָבער באַמערקט.

— וואָס איז געשענ, סטעפּאַנ? צי ווייסט מענ ניט, אַז א ייִד איז בא דיר?

— ניינ, ערגער.

— כע האָט די שטוב אַרומגערינגלט, רייד!

— ניינ, דאָוויד, ניט דאָס. קינדער וואַרפט מענ פונ הויכנ באַרג אינ שטיינערדיקנ אָפּגרונט. קינדער...

— קינדער... וועלכע קינדער?!

— וועלכע, דאָוויד? ווייסט ניט.... ייִדישע קינדער!

— ייִדישע קינדער... — אונ דאָוויד האָט זיכ א ריס געטאָנ פונ זײַנ אָרט. סטעפּאַנ האָט אימ געוואָלט פאַרהאַלטנ, נאָר דאָוויד איז שוינ געשטאַנענ בא דער טיר.

— דאָוויד, שטיי! וווהינ? וועסט אומזיסט טיטנ קאָפּ באַצאָלנ...

נאָר דאָוויד האָט פאַרלאָרנ דאָס געפיל פונ פאָרזיכטיקײַט. ער האָט נאָר געפילט, אַז דאָס בלוט זעצט אינ אימ, אַז אינ די אויערנ רוישט אונ ער אַלײנ איז ניט אינ זײַנע אייגענע הענט, אַז איבער אימ געוועלטיקט א קויעכ, וואָס ער קאָנ אימ ניט באַהערשנ. ער איז פונ שטוב אַרויס אונ זיכ געלאָזט אײַלנדיק צומ באַרג.

אונ וואָס האָט ער דערזענ?

קינדערלעכ, ייִדישע קינדערלעכ — ייִנגעלעכ אונ מיידעלעכ — באָרוועסע, אינ צעקניטשטע אונ טײַלווײַז צעריסענע הייזלעכ אונ קליידלעכ. זייערע צעפּלאָנטערטע אונ לאַנג ניט געקעמטע האָר ווינט דער ווינט. דער הימל איז הײַנט איבער זיי שטאַרק הויכ אונ די זונ באַקט הייס אונ טריקנט זייערע גומענס. זיי שטייענ מיט הילפלאָז אַראָפּגעלאָזטע הענט, אָפּ פאַרשטויבטע מידע פיסלעכ, אונ דער גאַנצער אויסזעענ זייערער איז שרעק. שרעק פאַרנ הויכנ הימל, וואָס איז הײַנט אַזוי פרעמד איבער זייערע קעפּ, שרעק פאַר דער זונ, וואָס איז אָנגעבראַכמאָגעסדיק הייס אונ ליכטיק, שרעק פאַרנ גאַנצנ אַרומ, פאַר די בערג, פאַרנ וואַלד, פאַרנ טײַכ אונ באַזונדערס פאַר די מענטשנ, וואָס אַרומ, פאַר די מענטשנ, וואָס טראָגנ אַזאַ שרעקלעכ ווילדנ נאָמענ — דײַטשנ. קינדערלעכ דרײַיאָריקע, פיריאָריקע, פינפיאָריקע מיט פאַרטרויערטע, פאַרומערטע פּנעמלעכ, בא וועמענ טרערנ אינ די אויגנ, בא וועמענ אָטעמ, בא וועמענ פאַרוואונדערונג, זיי פאַרשטייענ ניט, וואָס האָט מענ זיי אויסגעשטעלט אָפּ בײַ וואונדער אינ א לאַנגער שערענגע איינער הינטערנ אַנ=

פערדנ. די פאָדערשטע גייענ פאָריבער די הינטערשטע נאָכ זיי. די פאָדערשטע פירט מענ צו א ברעט, וואָס הענגט ווי א הוידע איבער אַנ אָפּגרונט צווישנ בערג. אָט גייט ארופ א יונגעלע, גיט זיכ א הוידע אונ ווערט ניט, אָט א מיידעלע.. אונ ווערט אויכ נעלעמ. א שלעכטע שפּיל פילנ זיי, א בייזע שפּיל...

דאָווידנ איז טרוקנ דער גומענ, דאָווידנ ברענט דער קאָפּ, דאָווידנ פעלט לופט. ער זעט, ווי רויק די דעמיטשנ טוענ עס, ווי ציטערידנ זיי זיינענ, ווי זיי ציילנ אונ פארשרייבנ אינ זייערע בלאָקנאָטנ, עס זאָל ריכטיק אונ פּינקטלעכ שטימענ דער כעזשבנ. גוואַלד, צי קאָנ עס האָוויד איבערהאַלטנ, צי קאָנ ער שטיינ רויק אונ באַרעכנט, ווי אָט די רויקע דעמיטשנ... עס פּלאַצט אויס אינ אימ, ער שרייט אויס:

— גאזלאָנימ! מערדער!

אונ ער לויפט פאָרויס, ער רייסט דורכ די וואַכ, ער איז בא דער הויכנדיקער ברעט. דער דעמיטש בא דער ברעט פארשטעלט אימ דעמ וועג. עס ווערט א טומל ארומ. דאָוויד מיטנ דעמיטש שטייענ שוינ אינ געראַנגל. דאָוויד האָט אימ באַוויזנ ארומכאַפּנ, נאָר יענער האָט זיכ אײנגעשפּאַרט אונ לאָזט זיכ פונ אָרט ניט רירנ. דאָוויד האָט אימ מיטנ קאָפּ דאָס פּאָנעמ צעבלוטיקט, דאָוויד שלעפּט אימ צו דער ברעט. נאָר דעמיטשנ זיינענ שוינ דערבײַ, אָט באַפאַלנ זיי אימ. דאָוויד גיט דעמ דעמיטש א ריס צו זיכ, א שפּרונג צו דער ברעט, א הוידע... אונ ביידע ווערנ נעלעמ.

---

מע וואַרט אַפּ דאָווידנ א טאָג, צוויי, דאָוויד איז ניטאָ. עס וואַרטנ די זינ, די טעכטער, דאָס ווײַב. עס גייט דורכ נאָכ א טאָג, דאָוויד קומט ניט. די זינ גלייבנ ניט, אז מיטנ טאַטנ זאָל עפּעס געשענ. דער טאַטע איז גאַנצ, ער לעבט, נאָר פאַר־וואָס קומט ער ניט? אינ כאָפּאָליכאָפּ דערגייט די ידיעה — א שלעכטע, א בייזע ידיעה: אומגעקומענ.

2

דרײַ זינ האָט, ווי באַוווּסט, געהאַט דאָוויד. געוווינטע אינ יונגע. די ידיעה וועגנ דאָווידנ איז אָנגעקומענ באַנאַכט, אונ די זינ האָבנ אינ דער זעלבער נאַכט זיכ גע־לאָזט אינ שטאָט. זיי האָבנ געוואָלט דעמ טאַטנ, ווי דעמ זיידנ, צו קווורע ברענ־גענ. די מאַמע האָט זיי אָפּגעוועג געבענטשט. נאָר דעמ טאַטנס קערפּער האָבנ זיי ניט געפונענ. אונ זיי זיינענ צוריק אינ יאַלדע געריטנ.

— מאַמע, האָבנ זיי געזאָגט, מיר גייענ נעמענ נעקאָמע. אינ יעדנ עמעצער פונ אונדז פאַר דער צייט קומענ — זאָלסטו אימ ניט איבערנעמענ, יעדנ עמעצער פונ אונדז אָפּטרעטנ — זאָלסטו אימ פאַר קיינ זינ ניט רעכענענ. יעדנ עמעצער פאַראַטנ — זאָלסטו אימ פארשילטנ אינ איטלעכנ פונ זייארנ. בענטש אונדז, מאַמע, מיר גייענ צו די פּאַרטיזאַנער.

דער מאַמעס זיינענ טרערנ געשטאַנענ אינ די אויגנ, נאָר זי האָט ניט געוויינט. זי האָט פריער צונויפגעלייגט די הענט אויפ פּאָנעמ, ווי בא ליכט בענטשנ, אונ גע־זאָגט פאַר זיכ: — גאָט, העלפ!

דערנאָכ האָט זי די הענט ארויפגעלייגט אַפּ די זינס קעפּ.

— קינדער מיינע, זינ מיינע... אײַער מאַמע בענטשט אײַכ, אײַער מאַמע וואָלט געקאָנט, וואָלט זי אײַכ איר האַרצ מיטגעגעבנ... זאָלנ אײַערע נעמענ בא יידנ קלינ־גענ ווי העלדנ, ווי כאַשמונאָיִמ... אינ יועט מענ דאַרפנ, וועל איכ נעמענ די שווע־מער אונ אײַכ צו הילפ קומענ.

טרערנ, גרויסע געזאָלצענע טרערנ זיינענ איר אַפּ די ליפּנ געפאַלנ, נאָר זי האָט ניט געוויינט.

★☆★

א. גאָנטאַר

# די שאָ פונעם ניצאָכנ

מײַנ אײנציקער פאַרמעג אַצינד —
א שמאָלינק צימערל, א לוסטיק קינד,
א טרוים, א האָפענונג פונ גיכנ זיג —
דאָס איז מײַנ האָב, מײַנ גליק.

א קראַנצ מיט ציבעלעס אפ דער פאַרפלעקטער וואַנט,
א טשעמאָדאַנ מיט פילקעלעכ מיט רײנע,
א העפטל דיכטונג אונ א מאַפּע פונעם לאַנד,
באַשטעקט מיט רויטע פענדעלעכ מיט קלײנע.

אונ אַלע פרײ איכ שפּרינג אַראָפּ געשווינד,
אונ דורכ דער וואַנט אַנטלײַ איכ בא דעם שאָכנ
די שטים פונ הויכרײדער. אונ ס'ווערט אינ האַרצנ לינד, —
איכ פיל — זי גײט, זי גײט, די שאָ פונעם ניצאָכנ.

---

# הירשל דער צירולניק אונ די וואַזאָנעס

הירשל דער צירולניק טאַנצט,
אז די וואַזאָנעס טרײסלענ זיכ אזש
אפ די פענצטער.
דאָס פּאָנעם איז אינ שווײס.
דער שטערנ גלאַנצט.

נו, איז וואָס, אז ער איז ניט דער שענסטער?
אז א פאַרליבטער אינ די פלינקע פיס
ער קוקט אפ זײ אונ טופּעט שטאַרקער, גיכער,
אָט טוט ער זיכ פונ אָרט א ריס
אונ טראָגט זיכ צווישנ אוילעם, ווי א וויכער.

ער ווײסט, אז כאָטש אינ ווינקעלע זי שטײט
אונ מאַכט זיכ קלוימערשט, אז זי אַרט ניט,
צעגײט דער קאַס אינ איר,

ווי שניי צעגייט,
נו, איז זאָל זי...
זאָל זי, אז אים ארט ניט!

אונ נאָכדעם האָט ער זי געפאקט אינ קיכ
זיכ פאָרענ בא דעם פלאמענדיקנ אויווונ,
אונ, פוצנדיק מיט א געוואנט די שיכ,
האָט ער געזאָגט מיט צוגעמאכטע אויגנ:

— גיטעלע.
אויב אייכ געפעלט עס ניט,
נאָ וועל איכ מער ניט טאנצנ קיינמאָל.
אונ זי האָט זיכ די פינגער אָפגעבריט
אונ האָט פונ קאעס אזש אָנגעהויבנ וויינענ.
— וואָס גייט איר אָנ!
אז זאָל ער שפרינגענ, ווי א ציג.
וואָס האָט זי בא אים דענ פאר א דייע.
נאָר הירשל איז אנ אקשנ —
אונ אינ א יאָר ארום
האָט זי אינ אלקערל געוויגט א וויג,
אונ אָנגעקוועלט פונ קינד זיי האָבנ שוינ אינצווייענ.

אונ איצט האָט גיטעלע א בריוו פונ דעם שפיטאָל —
מע האָט א פוס איר מאנ אראָפגענומענ...
קוקט זי אפ דעם פענצטער, אונ מיטאמאָל
כאפט גיטעלע דאָס טעפעלע מיט בלומענ,
אונ רעדט צו דער וואזאָנע מיט געוויינ:

— ווענ ער פלעגט טאנצנ,
פלעגט איר אפנ פענצטער שפרינגענ,
איצט שטייענ זיי פאריאָכעמטע אליינ,
— א בראָכ צו היטלערנ מיט זיינע אלע יונגענ!

זי נעמט אראָפ זיינ קארטע פונ דער וואנט
אונ קוקט אפ איר דעם טאָג דעם גאנצנ,
א פוס פארשטעלט זי מיט איר שמאָלער האנט,
אונ די וואזאָנעס כוליעט זי צום הארצנ
אונ שעפטשעט שטיל:
— איר וועט נאָכ טאנצנ, טאנצנ.

———★☆★———

ש. גאָרדאָנ

# עליע יעהודינ

## פאַרלאָזט אײַערע הײמענ!

בײַמ אײנ-אײנציקנ לאַמטערנ, װאָס איז, װי אַלפּינגעס, געבליבנ גאַנצ אַפנ צעשמעטערטנ פּעראָנ, איז אינ א פינצטערער האַלב-זומער-נאַכט געשטאַנענ א יונגער-מאַנ פונ א יאָר עטלעכע און צװאַנציק. אָנגעטאָנ אינ א לאַנגנ צעקנײטשטנ שינעל, אינ פאַרבלאָטיקטע שטיװל, מיט אינ שלעפעריק, האָט ער געמאַכט אַנ אײנדרוק פונ א מענטשנ, װעלכער איז נאָרװאָס געקומענ פונ װײַטער א װײַטער נעסיע. די אָנגעפאָרענע פּאַסאַזשירנ זײַנענ זיכ שטיל צעגאַנגענ איבער די צעװאָרפענע כומאָרס אינ יישובים. ס'איז שוינ פונ לאַנג פאַרשװוּנדנ דער צוג, מיט װעלכנ ער איז אַהער-געקומענ פונ דער נאָענטער רעפּובליקאַנישער שטאָט, נאָר דער יונגערמאַנ איז נאָכ אַלצ געשטאַנענ אַפנ פּעראָנ און מיט פאַרנעפּלטע בליקנ באַטראַכט דאָס קלײנע װאָקזאַלעכל, װאָס האָט זיכ געװיקלט אינטערנ רעגנ. עפּעס האָט זיכ אימ נאָכ אַלצ ניט געגלײבט, אַז ער געפינט זיכ אַפ דער זעלבער סטאַנציע, װעלכע ער קענ שוינ פונ אַזױפיל יאָרנ. אַפ װיפל ער געדענקט, איז נאָכ, דאַכט זיכ, גאָרנישט געװענ דער כוי-רעס, ער זאָל דאָ ניט זײַנ צוגאַסט.

אינ װעלכער שאָ פונ מעסלעס ער פלעגט אַהער ניט קומענ, איז ער געבליבנ פונ צײַט אָרבעט אינעמ מומלדיקנ װאָקזאַלעכל. דאָרטנ האָט ער קײנמאָל שטענדיק געטראָפנ באַקאַנטע פונ די אַרומיקע יישובים. זײ פלעגנ אימ באַגעגענענ אינ גלײַכ אויס-דערצײלנ אַלע נײַעס, װאָס זײַנענ לעצטנס געשענ אַפ די פעלדנ.

איצט איז דאָס װאָקזאַלעכל געשטאַנענ מיט אָפּגעריסענע טירנ און אויסגע-האַקטע פענצטער — אַנ אײנזאַמע כורװע אַפ א פאַרװאָרפענעמ װעג. קײנער פונ די אַראָפּגעשטיגענע פּאַסאַזשירנ איז אַהינ ניט אַרײַנ, און פונ זינט ער דרײט זיכ דאָ אַרומ, איז נאָכ קײנער פונ דאָרט ניט אַרויס. דורכנ אַראָפּגעריסענעמ דאַכ האָט ער געזענ, װי דער רעגנ פאַרגיסט די אינװײניקסטע כאַדאָרימ. דער רעגנ האָט אויכ אָנ אויפהער געגאָסנ אינ דער טיפער גרוב אינמיטנ פּעראָנ, די גרוב, װאָס איז געבליבנ נאָכ דער פאַשיסטישער באָמבע.

דער יונגערמאַנ איז געשטאַנענ נאָכ א רעגע, אינ דערנאָכ איז ער מיט האַס-טיקע טריט אַװעק צומ ראַיסאָװעט, װעלכער האָט זיכ געפונענ אַפ יענער זײַט באַנ-ליניע.

ס'איז שוינ געװענ מיט אינ דער נאַכט, נאָר דער פּלאַצ אַרומ דעמ צװײשטאָ-קיקנ ראַיסאָװעט-הויז איז, װי אינ א גרויסנ יאַריד-טאָג, געװענ פול מיט מענטשנ — אַרבעטער, קאָלװירטניקעס, לערער און שילער פונ די עלטערע קלאַסנ. דער יונגער-מאַנ האָט עטלעכע מאָל זיכ אָנגעשטויסנ אַפ אויסגעשטעלטע װעגענער און בריטש-קעס.

בײַמ אַרײַנגאַנג אינ ראַיסאָװעט האָט אימ עמעצער האַרב אָפּגעשטעלט:

— אײַערע דאָקומענטנ.

באַ דער טונקעלער שײַנ פונעמ האַלב-לאַמטערנ האָט דער פּאַטרול איבערגע-לײענט די צײַגעניש, װעלכע דער יונגערמאַנ האָט אימ דערלאַנגט: „דער באַפול-

סעקרעטאר פונעם רעפובליקאנישנ ראטנפאָלקאָם איליא נעראליעוויטש יעהודינ אינ קאָמאנדירט אינעם יידישנ נאציאָנאלנ ראיאָנ..."

— א, באוווער יעהודינ, — האָט, אומקערנדיק אימ די צעטעניש, זיך אָנגערופנ דער פאטרול. — שאָלעמ-אלייכעמ! דערקענט מיך נישט? איך בינ דאָך סלאָוויקינ, אייזיק סלאָוויקינ.

— פונעם 89-טנ יזשעוו? נו, וואָס הערט זיך עפעס בא אייך?

— וואָס זאָל זיך הערנ, מילכאָמע!

— יאָ, מילכאָמע, — האָט יעהודינ שטיל איבערגעכאזערט. — אונ וואָס טוט דאָ עפעס דער אוילעמ?

— ס'הייסט, וואָס? מע גרייט שוצגראָבנס. קיינ באלבויעס דעמ דייטש ווילנ מיר ניט בלייבנ.

— אוווּ איז ראבלינ? בא זיך? — אונ יעהודינ האָט זיך אויפגעהויבנ אפנ צווייטנ שטאָק.

אינעמ אָנגערייכערטנ קאבינעט איז געווענ האלב-טונקל. דער פאָרזיצער פונ ראיסאָוועט, יויסעפ ראבלינ, האָט דעמ ארייננעקומענעמ יונגערמאנ קימאט נישט דערקענט. דאָס לענגלעכע פאָנעמ איינגעצערט, די פולבלעכע ליפנ — אראָפגעהאָנגענ, נאָר די קארע אויגנ — די זעלבע.

— וואָס מאכסטו, עליע, אפ לאנג צו אונדז?

— מע האָט מיך געשיקט צו דיר העלפנ עוואקוירנ דעמ ראיאָנ.

דער קאבינעט איז גלייך פארוואנדלט געוואָרנ אינ א שטאב. די פארזאמלטע קאָלווירטניקעס אונ ארבעטער דאָבנ ארומגערינגלט יעהודינענ אונ אימ פארשאָטנ מיט פראגעס.

— מאקע עמעס, אז דער דייטש איז שוינ ניט ווייט פונ סיזאיש?

— וויאזוי קלערט מענ אונדז ארויספירנ — מיט דער יאבאָטשע צי מיטנ יאמ?

— אונ ווי איז דער דינ, מאָמער וויל איך איינגאנצנ זיך נישט עוואקוירנ, מאָמער וויל איך ווערנ א פארטיזאנ.

— וואָס זיינט איר אימ באפאלנ ווי די היישעריקנ? — האָט אלעמענ איבער-געשריגנ שמועל-באוּמ קאָמ, א קליינוואוקסיק יידל מיט א געל בערדל, — איך קאָנ אייך קאָווירנ, ווייבאלד עליע איז דאָ, וועט שוינ אלץ זיינ קעשערע. איך האָב אָבער צו דיר, עליע, נאָר א וואזשנע שאלע: וואָס טוט מענ מיטנ ברויט? שלעפנ עס מיט זיך — ווער האָט עס קויעכ? נו, אונ זאָל זיינ א כמאָרע, מע זאָל עס איבערלאָזנ דאָ, קאָנ דאָך דאָס אוואדע ניט זיינ. וואָס טוט מענ פאָלט? גיב א אייצע, ברודער.

— דאָס גאנצע ברויט ארויספירנ אפנ עלעוואטאָר. אונ אויב מיר וועלנ נאָכ-דעמ ניט באווייזנ עס ארויספירנ, דעמלט...

— דעמלט ברענ מיר אופ דעמ עלעוואטאָר, — האָט אָנשטאָט אימ פאר-ענדיקט ראבלינ.

— יאָ, אופברענענ, פארניכטנ, אלץ פארניכטנ.

אפ דער קורצער זיצונג פונעם ראיסאָוועט, וועלכע יויסעפ ראבלינ האָט דרינ-גענדיק צונויפגערופנ, האָט דער באפולמעכטיקטער פונעם רעפובליקאנישנ ראט-פאָלקאָם, עליע יעהודינ, גענוי דערציילט וועגנ דער לאגע אפנ פראָנט.

— דער סוינע שטייט בא די טויערנ פונ פערעקאָפ. אונדז שטייענ דאָ פאָר גרויסע אונ שווערע שלאכטנ. די, וואָס קאָנענ טראָגנ געווער, וועלנ בלייבנ הי, די איבעריקע מוזנ מיר עוואקוירנ. דער איינציקער פרייער וועג איז איצט — אפ קערטש אונ פונ דאָרטנ מיטנ יאמ. אויסער פארשלאָגענע הייזער אונ נאקעטע פעלדער מאָר דער סוינע דאָ גאָרניט טרעפנ. דאָס, וואָס מיר וועלנ ניט באווייזנ ארויספירנ, מוז פארניכטעט ווערנ. אונ דאָס איז אלץ.

די זיצונג האָט זיך געענדיקט ארומ דריי באנאכט. אָנהייב פיר זיינענ שוינ די טימגלידער פונ ראיסאָוועט געווענ אינ וועג. עליע יעהודינ איז ארויסגעפאָרנ אינ איינעמ פונ די ווייטסטע דאָרפסאָוועטנ.

דער רעגנ האָט געשווענקט די וועגנ, וואָס האָבנ זיכ געצויגנ פונ דראַנענ, פונ ראַיאָנ-צענטער, צו די פאַנאַנדערגעוואָרפענע יידישע יישוווימ. ס'איז געווענ שטאָק-פינצטער. א מידער, א שלעפעריקער איז עליע געזעסנ אינ זאָטל אונ אונטער-געטריבנ דאָס פערד, וואָס האָט שווער אונ לאַנגזאַמ געקנאָטנ דעמ קלעפיקנ סטעפּ. א פרי-האַרבסטיקער ווינט האָט געשמיסנ אינ פּאָנעמ, זיכ פאַרקליבנ אונטערנ אויסגעווייקטנ שינעל אונ נאָכאַנאַנד אימ דערמאָנט, אז ס'איז שוינ סאָפ זומער, אז ס'רוקט זיכ אָנ דער האַרבסט.

די לעצטע יאָר האָט מענ דאָ אינ סטעפּ באַגעגנט דעמ האַרבסט, ווי דעמ ליבסטנ גאַסט. עס איז געווענ די בעסטע צייט פונ יאָר. מענ טרוקענע, זוניקע, דער כּמעט הימל — בלוי. די קלאָרע דורכזיכטיקע לופט שמעקט מיט צייטיקייט פונ ווייגנטערנער אונ מיט צוגעטריקנטנ היי. וווּהינ ער פלעגט דאַנ נישט אַרייַנפאָרנ, פלעגט אימ יעדער אײגער פאַרבעטנ צו זיכ. אַרומפירנ פונ שטוב צו שטוב ווייַזנ די שפּייַכלערס ווייצ, די פאַרשאָטענע קעלערס גרינס, די אָנגעגאָסענע פעסער וויַינ. איצט ליגנ די זעלבע יישוווימ פאַרזונקענע אינ טיפנ מרויער, אונ אפ אימ, אפ עליענ, איז אויסגעפאַלנ דער גוירל צו ברענגענ אינ די הייַזער די גרויזאַמע בסורע:

— פאַרלאָזט אייַערע היימענ...

עס האָט זיכ אימ אויסגעגעבנ, דער גאַנצער אַרומ ווייסט שוינ, נאָכ וואָס ער פאָרט, ער ווייסט אונ שווייַגט.

ניט צו דערקענענ דעמ סטעפּ! נאָכ גאָר ניט לאַנג האָבנ דאָ געדרוישט טראַקטאָרנ אונ קאָמבייַנענ. פונ ביידע זייַטנ וועג האָבנ ביזנ סאַמע האָריזאָנט זיכ געצויגנ פעלדער מווּע. מאָג אונ נאַכט איז דאָ געשטאַנענ א הילכיקער, מונטערער געזאַנג. דער שטענדיקער מוישעוו פונ סטעפּ — א פרישער לייַכטער ווינט, האָט זיכ נעפּאַשעט אינ זאַפטיקנ גראָז. אונ איצט...

ניט צו דערקענענ דעמ סטעפּ! אפנ גאַנצנ וועג — קיינ איינציק פייַערל. דאָס פערד האָט אָנגעהויבנ צושטייַנ. די נאַכט איז געוואָרנ געדיכטער, פינצטערער, גאָר עליע וועט זיכ פונעמ וועג ניט אַראָפּשלאָגנ. ער קאָנ אימ, אָט דעמ סטעפּ. אוי, קאָנ ער אימ. מיט פאַרמאַכטע אויגנ וועט ער טרעפנ צו די יישוווימ, ווו ער האָט אָפּגעלעבט העכער א העלפט פונ זייַנע זעקס אונ צוואַנציק יאָר.

געטראָפנ האָט ער דעמ קרימער סטעפּ א געדיכט-פאַרוואַקסענעמ מיט ווילד-גראָז. וואָס זייַנענ זיי דאָ, די ערשטע איבערוואַנדערער, ניט אויסגעשטאַנענ. ווינ-טער געלעגנ אונטערנ אָפענעמ הימל. זומער — בײַ רוויקע שטערנ, אונ די לופט איז געווענ פול מיט וואָלקנס פליגעלעכ. עליע האָט צוזאַמענ מיט זייַנ טאַטנ, גע-דאַליע דעמ באַלעגאָלע, געקנאָטנ ליימ, געשלעפּט אפ זיכ ציגל אונ קלעצער אונ געבויט א שטוב, א נייַע היימ געבויט. די דייַטשישע קאָלאָניסטנ, וואָס האָבנ גע-וווינט אינ נאָענטער שכיינעס, האָבנ פאַרווערט די יידנ שעפּנ וואַסער פונ זייערע ברונעמס, — האָט מענ געשלעפּט וואַסער אפ זיכ פונ די ווייַטע רוסישע דערפער. פאַר עליענ איז גאָרנישט געווענ צו שווער, ס'האָט אימ גאָרנישט געשראָקנ. די איבערוואַנדערער האָבנ אימ נאָכ דעמאָלט אויסגעטיילט צווישנ אַלע איבעריקע יינגלעכ פונ זייַנ עלטער.

מיט יאָרנ שפּעטער, ווענ מע האָט עליענ אויסגעוויילט פאַרנ פּאָרזיצער פונעמ קאָלווירט, איז שוינ דער יישעוו געווענ א יישעוו אונ האָט, נאָכ אַלצ גע-האַלטנ אינ איינ וואַקסנ. מע האָט צוגעבויט נייַע הייַזער, שטאַלנ, אויסגעבויט אַנ עלעקטראָסטאַנציע, דורכגעפירט וואַסער-לייטונג פונעמ אַרטעזיאַנער ברונעמ. בײַ יעדער שטוב האָט מענ פאַרפלאַנצט פרוכט-סעדלעכ. מע האָט געבויט א היימ, א שטענדיקע היימ פאַר זיכ, פאַר די קינדער אונ קינדס-קינדער.

איינמאָל נאָכנ שניט האָט מענ עליענ אַרויסגערופנ קיינ מאָסקווע. זייַנ קאָל-ווירט האָט אַראָפּגענומענ די גרעסטע גערעטעניש אינ רעפּובליק. פונ מאָסקווע האָט ער זיכ אומגעקערט א באַלוינטער מיט א לענינ-אָרדענ. דעמ זעלבנ יאָר איז ער געוואָרנ דירעקטאָר פונ א מאַשינ-טראַקטאָרנער סטאַנציע. צו יענער צייט איז עליע יעהודינ שוינ געווענ באַוווּסט אינ די פאַרוואָרפנסטע סיבירער דערפער

אונ קאַווקאַזער אאולנ. אינ מאָסקווע אפ דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג איז געווענ אויסגעשטעלט א „יעהודינ־קאבינעט“, ווו די עקסקורסיע־פירער פלעגנ מיט שטאָלצ דערציילנ וועגנ זײַנע גוטע ארבעטס־מעטאָדנ. מע האָט וועגנ אימ אָפט געשריבנ אינ די צײַטונגענ, מע פלעגט צו אימ קומענ זיכ לערנענ, נאָר אינ די ייִשוווימ פונ דעמ ייִדישנ נאַציאָנאַלנ ראיאָנ איז מענ מיט אימ, ווי פריִער, געווענ אפ „דו“ אונ ליב האָט מענ אימ געהאט ניט אזוי פארנ קאָזער, וואָס ער האָט זיי פארשאפנ, ווי פאר זײַנ צוגעלאָזנקײַט אונ הארציקײַט. א קורצע צײַט פאר דער מילכאָמע האָט מענ יעהודינענ אָפגערופנ אינ שטאָט אפ פראכזאָרט־לעכער ארבעט אינ רעפובליקאנישנ וואָמפאָלקאָמ. דאָרט איז ער געבליבנ דער זעלבער הארציקער צוגעלאָזענער באזער עליע. ווי שטארק ער איז ניט געווענ פארנומענ, דאָכ פלעגט ער אויסגעפינענ צײַט זיכ אראָפכאפנ אינ ייִדישנ ראיאָנ, אינ אומעטומ איז ער געווענ א געהייבענער גאסט. הײַנט איז אפ אימ אויסגעפאלנ דער גורל אָנקלאפנ אינ די הײַזער אונ איבערגעבנ די גרויזאמע בשורע:

— פארלאָזט אײַערע היימענ, וועלכע איר האָט געבויט, די פעלדער, וועלכע איר האָט פארגאָסנ מיט אײַער בלוטיקנ שווייס!...

א מידער, אפ דורכ אויסגענעצט פונעמ רעגנ, איז ער ארײַנגעריטנ אינ ייִשעוו, ווו ער איז אמאָל געווענ פאָרזיצער. עטלעכע מינוט איז ער געשטאנענ אונטערנ פענצטער פונ זײַנ מאמעס הויז, ביזוואנענ ער האָט באשלאָסנ אָנקלאפנ.

די שטוביקע זײַנענ נאָכ געווענ אופ. מע איז געלעגנ אָנגעטאָנ, זיכ צוגעהערט צומ מינדסטנ רויש אפ יענער זײַט פענצטער.

— ווי איכ פארשטיי, — האָט געראליע זיכ אָנגערופנ צומ זונ, — ביסט אהער געקומענ נישט צוגאסט...

— מאמע, — האָט עליע אימ איבערגעשלאָגנ, — איכ בינ איצט שרעקלעכ מיד. שוינ דער פערטער מעכלעס, ווי איכ האָב ניט צוגעמאכט קײנ אויג.

## דער נײַדער פונ פאָלק

אפ קײנ אײנ מינוט האָט זיכ ניט צוגעמאכט די טיר פונ געראליעס שטוב. מע האָט געדארפט האָבנ אײַזערנעמ געדולד פונ איטלעכנ באזונדער אויסהערנ אײנס אינ דאָס זעלבע אונ איטלעכנ באזונדער ענטפערנ אײנס אונ דאָס זעלבע...

— ס'ארא מאָדנע מענטשנ איר זײַט. איר מײנט מאקע, אז איכ ווייס עפעס?

קעדײַ לאָזנ דעמ זונ זיכ אויסרוענ פונ וועג, איז געראליע ארויסגעגאנגענ אינ גאס.

— אדרעבע, זאָגט אלײנ, געקומענ איז ער נאָכ האלבער נאכט א מידער, קיימ ארײַנגעפאלנ אינ שטוב, פיר נעכט מיט קײנ אויג ניט צוגעמאכט. איז ווענ האָב איכ געקאָנט באוויזנ מיט אימ שמועסנ. אדרעבע, זאָגט אלײנ?

אז עליע האָט זיכ אויפגעכאפט, האָט ער אינ צימער געטראָפנ זיצנ דעמ פאָרזיצער פונ דאָרפסאָוועט אווראָמ־יאנקעוו מינוביגנ. פונ די שטוביקע איז קײנער ניט געווענ. פונ גאס האָט זיכ אהער געטראָגנ א מומל.

— וואָס מומלט זיכ עס אזוי אינ ייִשעוו, א, אווראָמ־יאנקעוו? — האָט עליע געפרעגט באמ פאָרזיצער, — ס'האָט עפעס געטראָפנ?

— וואָס זאָל זיכ טרעפנ? מע איז נערוועזע געוואָרנ, אז האָסט געבראכט די גוטע בשורע. קינד־און־קייט האָבנ זיכ צונויפגעקליבנ אונטער די פענצטער.

— נישט צוליב דעמ האָט מענ מיכ אהער געשיקט, אווראָמ־יאנקעוו.

— דער איילעט וויל אָבער וויסנ, ווענ, ווענ הייבט זיכ אָנ די עוואקואציע?

— זי האָט זיכ שוינ אָנגעהויבנ. גיב איבער דעמ פאָרזיצער פונעמ היגנ קאָל־ווירט, אז ער זאָל אינ ערגעצ ניט אָפלאָזנ די פערד. זאָל מענ זיכ שטעלנ טרײַבנ די וועגענער. יעדער שעה איז איצט טײַער. אונ איכ מיט דיר וועלנ זיכ לאָזנ איבער די ייִשוווימ פונ דאָרפסאָוועט.

שטייענדיק שוינ בא דער טיר, האָט אווראָמ־יאנקעוו זיכ אָנגערופנ צו אימ:

— הײַנט באַגינענ זײַנענ צו מיר געקומענ עטלעכע עלטערע ייִדנ בעטנ אי־בערגעבנ דיר, אַז זײ בלײַבנ הי, זײ װעלנ זיכ פונדאַנענ אײַנערגעצ ניט עװאַקויִרנ. זײ האָבנ, זאָגנ זײ, זיכ פאַרשריבנ אינ א פּאַרטיזאַנישנ אָטריאַד, אונ דאָס איז א בראָניע. אויסער דער „װאָיענער װלאַסט“ האָט אַפ זײ קײנער קײנ שליטע ניט.

— אזױ? אינ א פּאַרטיזאַנישנ אָטריאַד? אונ בא װעמענ האָבנ זײ זיכ עס פאַרשריבנ?

— אָט דאָס האָב איכ מאַקע בא זײ געװאָלט דערגײנ, שװײַגנ זײ. אַלפּי־סאָד נאָר האָט מיר שױנ ליבמאַנ פאַרטרױט, אַז זײ קלײַבנ זיכ ערשט פאַרשרײַבנ. זײ האָבנ געהערט, אַז מיט די פּאַרטיזאַנער װעט אָנפירנ יױסעפ ראַבלינ, װילנ זײ צו אים אינ אָטריאַד. „ביזנ קאָלכאָז, — האָט מיר שױנ געזאָגט, — בינ איכ געװענ א קאַצעװ, קאַצאָװים זײַנענ נישט פונ די מענטשנ, װעלכע לאָזנ זיכ שעכטנ. װעט מענ אונדז ניט געבנ קײנ ביקסנ, װעלנ מיר אָנשאַרפנ אונדזערע קאַצאָװישע העק, אונ איר מעגט שױנ זיכ פאַרלאָזנ אַפ אונדז“. הײַנט שמועל־כאַים קאָט, דער חיל ביכלאַל פונ גאָרנישט ניט װיסנ. גיב אים א ביקס אינ פּאַרטיק. נו, װאָס האָב איכ זײ געזאָלט דערױפ ענטפערנ?

— פּאַרטיזאַנער איז פּאַרטיזאַנער, — אונ יעהודינ איז אַרױס פונ שטוב.

װי נאָר דער אױלעמ האָט אים דערזענ, איז באַלד געװאָרנ שטיל.

— ייִדנ! צו װאָס האָט איר זיכ אַהער פאַרזאַמלט, ייִדנ? — האָט עליע װי־שטענדיק רויִק געפרעגט.

— די צאָרעס האָבנ אונדז אַהער געבראַכט, — האָבנ זיכ פונ אַלע זײַטנ דער־הערט קולעס. — מע זאָגט, די האַסט געבראַכט די גוטע בסורע.

— װוּהינ װעלנ מיר זיכ לאָזנ מיט די פּיצלעכע קינדער? ס'גײט צו װינטער.

— אזא אומגליק, אזא בראָכ...

עטלעכע פרויענ האָבנ זיכ צעיאָמערט, געפאַלנ אינ כאַלאָשעס. עליע האָט דער־פילט, עס שטיקט אים אינ האַלדז, עס שװינדלט פאַר די אױגנ.

— ניט אינ גאַלעס גײענ מיר, — האָט הילכיק געקלונגענ זײַנ אױפגערעגטע שטימ, — אינ יעדער שטוב, װוּהינ מיר װעלנ אַרײַנקומענ, װעלנ מיר טרעפנ א הײמ! יעדער מענטש, װעלכנ מיר װעלנ באַגעגענענ אינ װעג, װעט אונדז אױפנע־מענ, װי א ברודער. די מעלוכע האָט מיכ געשיקט אַהער, איכ זאָל אײַכ אַרױס־פירנ פונ אונטערנ באַלעפּ. די מעלוכע אונדזערע װעט אײַכ נישט פאַרלאָזנ. גלײבט מיר, ייִדנ, אַז אינגיכנ װעלנ מיר זיכ מיט אײַכ צוריק באַגעגענענ.

— אינ א מאַזלדיקער שאָ.

— אָ־מײנ! — האָט דער אױלעמ, װי אײנ מענטש, געענטפערט.

דער אױלעמ איז זיכ לאַנג ניט צעגאַנגענ. מע האָט אַרויסבאַגלײט יעהודינענ ביזנ דאָרפסאָװעט, װוּהינ ער איז אַרײַנגעגאַנגענ צוזאַמענ מיטנ פּאָרזיצער. דאָ איז מענ װידעראַמאָל געשטאַנענ בא די פענצטער, געטומלט, געטײַנעט, פונקט װי מע װאָלט געװענ זיכער, אַז עליע באַהאַלט פאַרט פונ זײ עפּעס אײס.

אינ כאַמע געדיכטעניש פונ האַמוינ איז געשטאַנענ דער קלײנװוּקסיקער שמועל־כאַים קאָט. כאָטש ער אַלײנ האָט הײַנט אינ דאָרפסאָװעט אפילע ניט אַרײַנגעשמעקט, פונדעסטװעגנ איז ער געשטאַנענ מיט אַנ אױסזענ פונ א מענטשנ, פאַר װעלכנ עס זײַנענ ניט פאַראַנ קײנ סוידעס, אונ דערצײלט, װאָס עס װערט באַהאַנדלט אַפ דער זיצונג פונ דאָרפסאָװעט.

— די מעלוכע האָט אים אַהער געשיקט. אַרויספּעקלענ אַלע „ניעבאָיעספּאָסאָב־נע“ מענטשנ אונ דעמ איבעריקנ אױלעמ מאַכנ פאַר פּאַרטיזאַנער. נאָר איר װעט זענ, װעגנ די פּאַרטיזאַנסקע אָטריאַדנ װעט ער איצט ניט רײדנ. יױסעפ ראַבלינ רעדט אײכ נישט װעגנ דעמ. אַפּאָנעט, אַז מע טאָר נאָכ װעגנ דעמ ניט רײדנ. איז װעגנ װאָס רײדנ זײ יאָ? װי איכ פאַרשטײ, שפּעלט מענ איצט דאָרט צונױפ ספּיסקעס פונ אַלטע לײַט, קראַנקע, קימפּעטאָרנס. פאַר װעמענ, מײנט איר, רע־מאָנטירט מענ עס די װעגנער? פאַר דיר, צי פאַר מיר?

— רעב שמועל־כאַימ, — זײַנענ די דערבײַ־שטײענדיקע אימ באַפאַלנ, — חיבאַלד איר זײַנט אינ אַלצ אַזױ באַקי, איז עפּעס קאָנט איר אונדז זאָגנ; װוּהינ אַנ ערעב װעט מענ אונדז פונדאַנענ עװאַקוירנ אונ װי האַלט איר גופע, װוּ איז בעסער — אַפ קאַװקאַז, צי אינ דער װײַטער סיביר.

— שײַעכ בעסער. גוט, װי דאָ, װעט אונדז אינערגעצ ניט זײַנ, נאָר װאָס קאָנ מענ העלפנ? א גזײרע. נו, ײדנ, האָט מיר א גליקלעכנ שלימװעג.

— ס׳הײסט? אונ איר?

— איכ? א היגער. װאָס אַנ ערעב װעט זאָגנ די װעלט, אױב אַזא, װי איכ, װעל זיכ אױכ אָפּהײבנ אינ אַװעקפאָרנ? דער ײד, װאָס קאָנ זיכ שלאָגנ אונ װיל, אַז עמעצער אַנדערש זאָל דאָס פאַר אימ טאָנ, דער איז בײַ מיר קײנ ײד ניט. עליע זאָגט אױכ דאָס זעלבע. אױ, איכ בינ ניט פונ די שימשונ־האַגיבערס, דערפאַר אָבער האָב איכ א געהײבענעמ פאַכ. די גוטע־יאָרנ מיר, װיפל בערג מיט צעפּױלטע דײַטשנ איכ װעט אימירצעשעט דאָ טרעפנ. נײַנציק אײלנ אינ דער ערד װעל איכ זײ באַגראָבנ, די האַמענטנ, — אונ, װי בײַמ לײענענ די מעגילאַס־עסטער, האָט שמועל־כאַים צוגעטאָפּעט דערבײַ מיטנ פוס. — איכ בינ דאָכ עפּעס א קאַברענ בענ קאַברענ, בענ־בנוי שעל קאַברענ.

יעהודינ איז אַרױס פונ דאָרפּסאָװעט. קײנער האָט בײַ אימ גאָרניט געפרעגט. עס האָט אַלצ פאַרשטאַנענ אָנ װערטער.

צו האַלבנ טאָג איז שױנ דאָס דאָרפ געװענ ניט צו דערקענענ. די גרױסע משפּחות זײַנענ געשטאַנענ צונױפגעטריבנ אינ גרױסנ קאָלװירטישנ הױפ. די בעהײמעס האָבנ מיט פרעמדע אומעטיקע אױגנ געקוקט צו די לאָנקעס פאַשע, פונ װעלכע מע האָט זײ פּלוצעמ אָפּגעריסנ. אַרומ די װעגענער, װאָס זײַנענ געשטאַנענ מיט די דישלענ אַרױף, האָבנ זיכ געפּאָרעט די שטעלמאַכערס, געשמירט די רעדער מיט דזעגעכצ, פאַריכט די אַקסנ, צונױפגעקלאַפּט בױדנ. די רימערס האָבנ צורעכט געמאַכט דאָס געשפּאַנ. קײנער האָט זיכ ניט אומגעקוקט אַפ די הינער אונ גענדז, װאָס האָבנ זיכ עלנט אַרומגעדרײט איבער דער גאַס. בײַ די שטיבער האָבנ זיכ געטומלט די פרױענ. מע האָט געטריקנט קרעפּצעכ ברױט אַפ דער זונ, איבערגעקליבנ דאָס ביסל האָב־אונ־גוטס, זיכ מעיאַשעװ געװענ מיט די שכנים, װאָס זאָל מענ מיטנעמענ אונ װאָס זאָל מענ איבערלאָזנ דאָ. איבערנ װעג האָבנ א גאַנצנ טאָג זיכ געשלעפּט צומ עלעװאַטאָר אָנגעלאָדענע מאַשינעס מיט װײצ. יעדער אײנער האָט אָפּגעגעבנ מער, װיפל ער האָט געקאָנט.

אינ משך פונ עטלעכע טעג זײַנענ עליע יעהודינ מיט אַװראָמ־יאַנקעלעס געפאָרנ איבער די ײשובים פונ דאָרפּסאָװעט. אימעטומ האָבנ זײ געטראָפנ די זעלבע פאַרכױשעכטע פּענעמער. דער אָטעמ פונ דער מילכאָמע האָט זיכ געפילט אינ יעדנ רױש פונ צװײַג, אינ יעדנ שאָרכ פונ גראָז.

אינ אײנעמ א װײַטלעכנ ײשעװ האָבנ זײ בײַמ קאָלװירטישנ קלוב געטראָפנ אַנ אױלעמ. יעהודינ איז אַרױסגעשפּרונגענ פונ זאָטל אונ איז אַרײַנ אינ קלוב. דער גרױסער זאַל איז שױנ קימאַט אינגאַנצנ געװענ פאַרפולט מיט אָנגעטראָגענע װעלאָסיפּעדנ, פּאַטעפאָנענ, טאַצנ, לײַכטער אונ מיט נאָכ פיל פאַרשײדענע װערטפולע כפײצים. בײַמ טיש זײַנענ געזעסנ עטלעכע פרױענ אונ פאַרשריבנ, װאָס יעדער אײנער טראָגט אַרײַנ.

צומ טיש איז צוגעגאַנגענ א הױכע, מיטליאָריקע פרױ אונ אַרױסגענומענ פונ א װײַסנ נאָזטיכל א פּאָר גאָלדענע אײרינגלעכ אונ א שװערנ קידושינ־פינגערל.

— דרײַ זינ, זאָלנ געזונט זײַנ, האָב איכ אַפנ פראָנט — זײ זײַנענ איצט מײַנ צירונג.

— אַזױ האָט מענ אַמאָל געטראָגנ בײַמ בױענ דעמ בײס־האַמיקדעש, אונ איצט — בײַמ כאָרעװ װערנ.

יעהודינ האָט זיכ אומגעקוקט צומ מיטנ זאַקנ, װעלכער איז געשטאַנענ אָנגעשפּאַרט אַפ א שטעקנ.

— דאָס לעצטע העמד פונ זיכ אויסטאָנ, אבי גיכער פּאַטער ווערנ פונ די ראָצכימ.

אזראָכי־יאַנקעוו האָט זיכ אומגעקערט צוריק אינ דאָרפסאָוועט. עליע יעהודינ האָט זיכ פארהאלטנ. ער איז ארומגעפאָרנ פונ דאָרפ צו דאָרפ, אונ ווי נאָר ער פלעגט זיכ באווייזנ, איז עפּעס אלעמענ געוואָרנ ווי גרינגער אפנ הארצנ, לייכטער אפנ געמיט.

— אַז אייגענער מאמע וואָלט פאר אונדז אזוי נימ געדייגעט, ווי ער דייגעט פאר אונדז.

צוריק אינ יישעוו, ווו עס האָבנ געוווינט זיינע עלטערנ, האָט עליע יעהודינ זיכ אומגעקערט ערשט אינ א וואָכ ארומ.

ס׳איז געווענ א שטילער אויסגעשטערנטער אפּדערנאכט. די גאסנ פּוסט אונ פארלאָרנ. פונ א ווייטיקער שטוב האָט ער דערהערט פארשטיקטע וויינענדיקע קוילעס.

— מינ תאמ־יצאר קאָראָסי יאָ...

עליע איז צוגעגאנגענ צומ פענצטער, פונוואנענ עס האָט זיכ דערטראָגנ דאָס אימעטיקע געזאנג. באמ שייַנ פונ דער לעוואָנע האָט ער דערזענ עטלעכע יידנ. זיי זיינענ ווי אומ מישעבאָח געזעסנ אפנ דיל.

— אפּאָפוני כעוווליי מאָוועס אימעצאָריי שעויל מעצאָונ...[1]

עליע האָט זיכ האסטיק אומגעקערט מיטנ פּאָנעמ צומ סטעפּ. טרערנ האָבנ אימ געשטיקט.

— מייער וועט איר באצאָלנ פאר די טרערנ פונ די זקיינימ. מיר וועלנ נאָר־נימ פארגעסנ.

אינ דער היימ האָט ער קיינעמ נימ געטראָפנ.

— ווו זיינענ עס אלע אהינגעקומענ? — האָט ער א פרעג געטאָנ באַ דער שוועסטער, וועלכע ער האָט באגעגנט אפנ וועג.

— אפנ הייליקנ אָרט, — האָט די שוועסטער אימ געענטפערט.

— קענסט מיר עפּעס זאָגנ, וואָס איז עס היינט פאר א טאָג, וואָס מע האלט אינ איינ...

— היינט זיינענ מיר דאָ די לעצטע נאכט. גאנצפרי לאָזנ מיר זיכ דאָכ אינ וועג ארייַנ.

— ווער האָט דאָס געזאָגט?

— ס׳הייסט ווער? מע רעדט שוינ וועגנ דעמ עטלעכע טעג.

עליע האָט זיכ אומגעדרייט איבער די פּוסטע גאסנ אונ הערבייַ אליינ נימ באמערקט, ווי ער האָט פארקערעוועט צומ בייסאלמענ. נימ דערגייענדיק עטלעכע טריט, איז ער שטיינ געבליבנ. צו שווער איז אימ געווענ צו הערנ דעמ געיאָמער, וואָס האָט זיכ פונ דאָרט געטראָגנ...

— יידנ!

פונ זיינ הילכיקער שטימ האָבנ אלע אפנ בייסאלמענ אופגעציטערט.

— יידנ! — האָט עליע נאָכ העכער אויסגעשריגנ, — נימ איצט איז די צייט פאר טרערנ אונ מאגייסימ. געקאָמע! נאָר נעקאָמע!

— נעקאָמע! — האָט דער עוילעמ, ווי א שוווּע, איבערגעכאזערט.

— די ערד, אפ וועלכער מיר האָבנ אויסגעבויט אונדזערע היימענ, איז פארגאָסנ מיט אונדזער בלוט. דערמאָנט זיכ, יידנ, וואָס דאָ איז געווענ, ווענ מיר זייַנענ אהער אָנגעקומענ. מיר וועלנ נישט דערלאָזנ, די פאשיסטנ זאָלנ פארוואנדלענ אונדזער צעבליטע ערד אינ א וויסטעניש, אונדזער סטעפּ אינ א מידבער. מיר וועלנ זיכ שלאָגנ, ווי עס דארפנ זיכ שלאָגנ יידנ פאר זייער ערד, פאר זייער גליק. זאָל יעדער איינער פונ אונדז געבנ א נייִדער, קאָלנמאנ עס טראָגנ אימ נאָכ די פיס...

— מיר גיבנ א נייִדער.

די שוווּע איז איבערגעגעבנ געוואָרנ פונ יישעוו צו יישעוו, פונ האָרצ צו האָרצ. די הייליקע שוווּע פונ דער גרויזאמער צייט.

[1] פסוקימ פונ תילימ. (רעד.)

# אינ דער רעכטער צײַט פינ באַדעקנ די װײַנגערטנער

אפ דעמ האָט זיכ קיינער ניט געריכט,

שוינ די אנדערע װאָכ, אז מע זיצט אפ די קלומקעס. אינ װיפל װעט נאָכ אזוי אויסקומענ זיצנ?

— מאָנעפּישעכ, אויב עװאקוירנ זיכ פונדאנענ איז א מינ-זאכ — מאַ װאָס זאָל מענ עס אָפּציִענ אינ דער לאַנגער באַנק אַרײַנ? מאָנעפּישעכ, אהינ אָדער אהער. ראכט זיכ, עליע אליינ האָט אײַנגעליינט װעלטנ, אז יעדער שאָ איז טײַער. פּלוצעמ פאָרט ער זיכ מיט ראבלינענ אװעק אינ שטאָט אַרײַנ אינ לאָזט אונדז דאָ איבער װי אפּנ װאסער.

— פינװאנענ װייסט איר, נאָכ װאָס זיי זײַנענ געפאָרנ אינ שטאָט אַרײַנ? עפּשער זײַנענ זיי געפאָרנ נאָכ דער גיטער בכירע, מע זאָל זיכ פאנאנדערפּאקע-װענ?

— האלעװײַ.

כ'איז געװענ די רעכטע צײַט פונ הארבסט-פאַרזוי", פינ איבעתראַכנ די נערט-נער, באַדעקנ די װײַנגעדטנער. אונ קימאַט אלע זײַנענ געװעסנ אינ די הײַזער. די װײַבער האָבנ פונ זיכ אינערגעצ נײַשט אָפּגעלאָזנ די קינדער אינ די מענער, די פאסטעכער האָבנ ניט געטריבנ די טשערעדעס אינ פעלד, װאָרעמ שוינ נײַשט אײַנ-כאָל האָבנ די פאשיסטישע אעראָפּלאנענ זיכ דאָ ארומגעדרייט. דאָס האַרצ האָט זיכ באַגאָסנ מיט בלוט צוצוזענ, װי עס פוילנ די װײַנגערטנער, װי עס ליגנ צע-שפּאלטנ די צײַטיקע קאַװענעס אינ דיניעס אפ די באַשטאַנעס. כ'האָבנ זיכ כא קיינעמ נײַשט געהויבנ די הענט אָפּקלײַבנ די אוצרעס, מע האָט נײַשט געװוסט, װוהינ זאָל מענ זיכ אהינטאָנ מיט די שוינ פאַרטאָכענע שפּײַכלערס אינ קעלערס. אזא גערעטעניש, קיינ אײַנהאָרע... ס'האָט זיכ גאָר ניט געװאָלט גלייבנ, אז כ'װעט איכקומענ אָװעקגײַנ פונ אזא אשירעס.

אינ אײנעמ פונ אָט די טעג האָט עמעצער פאַרשפּרייט א קלאַנג, אז פינ די ארומיקע שטעט אונ ראַיאָנענ האָבנ זיכ שוינ אלע עװאקוירט, אז אפ עליענ אט אפ יויסעפנ װעלנ זיי זיכ ניט דערװאַרטנ. מענטשנ האָבנ געזענ, װי דער פאַרזוי-צער פינ ראַיבאָיועט, יויסעפ ראבלינ אונ עליע יעהודינ האָבנ אײַנגעזעצט זייע-רע מישפּאָכעס אינ עשעלאָנ אינ אליינ זײַנענ זיי אנטלאָפנ אפ א לײַכטער מאשינ, דערבײַ האָט מענ צוגעגעבנ, אז זעכציק קילאָמעטער פינדאנענ האָט זיכ ארויס-געזעצט א גרויסער דײַטשישער דעסאנט אינ אז מאָרגנ — איבערמאָרגנ, קאָנ מענ זיכ ריכטנ אפ געסט.

אינ די יישובימ פונ ראַיאָנ האָט זיכ אָנגעהויבנ א בעהאָלע.

— װאָס האָט איר זיכ אװעקגעזעצט אינגער אונדזערע פארטעכער? — זײַנענ די װײַבער אָנגעפאלנ אפ די מאנצבלעט, — גייט אינ ראַיאָנ אונ שטעלט זיי דאָרט אָפּ א כאסענע, זייערע קינדס-קינדער זאָלנ עס פאַרגעדענקענ. מ'האָט איר אײַכ א יידישע מעלוכע. ס'איז דאָכ א װיסטער ביזאָיענ פאר דער װעלט.

די װײַבער האָבנ זיכ דערשלאָגנ זייערס. מע האָט זיכ געלאָזט אינ ראַיאָנ — פינ יעדנ דאָרפ צי עטלעכע מאנצבלעט. אפנ ערד-ביילעק, װו עליע איז אמאָל גע-װענ פאָרזיצער, האָט זיכ געטומלט מער, װי אימעטימ. די גאַסנ זײַנענ געװענ שװארצ פונ מענטשנ, פינ די נאָענטע דערפער זײַנענ אהער געקומענ צו לויפנ די װײַבער אונ באלאָגערט געדאליעס שטוב.

— זאָגט נאָר, כ'בעט אײַכ, — האָט געדאליע יעהודינ געפרעגט זיכ מיט זײַ אויסטײַנענ רויק, — איר האָט מאקע אליינ געזעענ, װי מײַנ עליע איז אנטלאָפנ אפ א מאשינ?

— טוט נאָר א קוק אפנ נעבעכל. א ביטערער ראכמאָנעס אפ אימ. ער הייבט גאָר ניט אָנ צו װיסנ. אװאדע האָט מענ געזעענ.

— װער? װער האָט געזען? — האָט גערעליע שױנ אױסער זיכ געשריִען, — עמעצער פונ די סאָניִמ האָט בעקיװנ פארשפריִיט א קלאַנג, אונ איר הערט זיכ צו. װי קלערט איר, צי דענ װאָלט ער ניט פארפאָרנ נאָכ מיר? א שמיקל טאטע בינ איכ אימ נאָכ צי גײנ, א? נאָר װיבאַלד אזױ, פאָר איכ מאָרגנ באַגינענ צו אינ שטאָט אונ מיטנ ערשטנ צוג ברענג איכ אימ אהער צו פירנ.

ס'האָט נאָר אָנגעהױבנ טאָגנ, איז שױנ גערדאליע יעהודינ געװענ אינ װעגנ. די גאנצע צײט האָט זיכ אימ אױסגעגעבנ, אז אלע ישועװימ קוקנ אימ נאָכ, מע װאַרט אפ אימ אונ, װי צו באַרויִקנ דעמ ארומ, האָט גערדאליע אפ א קאָל אױנגעכאַזערט די רײד, מיט װעלכע ער װעט זיכ װענדנ צומ זונ:

— כ'װיל פונ גאָרניט הערנ. די מינוט זאָלסטו זיכ אופזעצנ מיט מיר אונ פאָרנ. זאָלנ מענטשנ זענ, אז מע האָט זיכ אינ דיר ניט געגארט.

„אונ װי, אז איכ װעל אימ דאָרט ניט טרעפנ, — האָט אימ געגעבערט א פאָר־באָרגענער געדאנק, — מאָמער איז דאָס כאָלילע טאקע אנ עמעס, װאָס מענטשנ דערצײלנ“.

— אויב ס'איז אנ עמעס, אז ער האָט געראַסעװעט די אײגענע פעל אונ איז אנטלאָפנ — איז ער מיר מער קײנ זונ ניט.

פארבײַ א כומאָר, װאָס האָט זיכ געפונענ אינמיטנ װעג, האָט װי א װינט זיכ געטראָגנ א לײַכטע מאשינ, גערדאליע איז קוימ אָפגעטראָטנ פונעמ װעג.

— טאטע!

גערדאליע האָט זיכ אומגעקוקט:

— עליע, דו?

— װוהינ איז, טאטע?

— צו דיר.

— צו מיר?

— יאָ, אראָפברענגענ דיכ צו אונדז.

— אזױ גאָר? אונ דו, טאטע, האָסט אויכ געגלײבט אינ דעמ?

גערדאליע האָט גלײַכ פארשטאַנענ, אז עליע װײסט שױנ װעגנ אלצ אונ אז ער פארשפאָרט אימ דערצײלנ. פונ מאשינ איז אַרױסגעגאַנגענ יױסעפ ראָכלינ.

— װאָס הערט זיכ בא אײַכ אפנ ישוװ?

— מע זיצט אפ די קלומקעס, מע װאַרט. מע האָפט. אַנדערע זאָגנ, עפשער װעט מענ זיכ דאַרפנ פאַנאַנדערפאַקעװענ.

ער האָט אַרײַנגעקוקט עליענ גלײַכ אינ די אױגנ אונ האָט דאָרט איבערגע־לײענט דעמ פינצטערנ גזאַר.

— װענ?

— מאָרגנ!

עליע האָט אַרײַנגעזעצט דעמ טאטנ אינ מאשינ, אונ ער מיט יױסעפנ זײַנענ אװעק צופוס.

— א גאנצע נאכט ניט ארױס פונ דער מאשינ. װי נאָר א ישוװ — קײנ אײנעמ ניט דורכגעלאָזט, איז לאָמיר כאָטש פרײַ אנ עטעמ טאָנ, — האָט ער זיכ װי פארענטפערט פארנ טאטנ.

אינ אזא באַגינענ קאָנ מענ אָפגײנ צענדליקער מײַל אונ ניט װערנ מיד. עליע מיט יױסעפנ האָבנ גישט געצײלט. זײ האָבנ לאנגזאַמ געשפאַנט איבערנ פארלאָזטנ סטעפ. בײדע האָבנ זײ זיכ איצט דערמאָנט אינ א שפעט־האַרבסטיקנ באַגינענ. ס'האָט דאַנ געגאָסנ א קאַלטער, אײַנגעגעסענער רעגנ. באָרװעס, מיט פארקאַטשעטע הױזנ האָבנ זײ זיכ בײדע געשלעפט נאָכ די װעגענער אונ מיט קינדער־שרעקנ־שרעק בליקנ זיכ אימלעכע װײַלע אומגעקוקט. װיפל מישפאָכעס האָבנ אינ יענעמ האַרבסט זיכ אומגעקערט צוריק אינ די שטעט אונ שטעטלעכ. גערדאליע יעהודינ מיט זײַנ מישפאָכע האָט זיכ אײַנגעשפאַרט: אײנמאָל גײנ! ער װעט פונדאַנענ

אינערגעצ ניט פאַרנ. עליע געדענקט שוינ קימאַט ניט, וויאַזוי האָט אויסגעזענ דאָס שטעטל, פונװאַנענ ער איז אַהער געקומענ. דאָ אינ סטעפּ איז דורכ זײנ קינד- הײט, זײנ יוגנט. דאָ זײנענ זײ בײדע, ער אונ יויסעפּ ראַבלינ, אויסגעװאַקסנ אינ מעלוכע-מוער.

עליע איז עטלעכע מאָל געבליבנ שטײנ בײ די הויכע סקירדעס חײצ. ער האָט באַלעבאַטיש צונויפגעקליבנ פונ דער ערד די צעשאָטענע זאַנגענ אונ זײ פאַרשטעקט מיט אינ דער סקירדע.

ראַבלינ האָט פאַרוואונדערט זיכ אומגעקוקט אַפּ עליענ.

— האָפסטו נאָכ, אַז מיר וועלנ באַוויזנ אַלצ איבערדרעשנ? — האָט ער בײ אים געפרעגט.

— האַלעווײ זאָלנ מיר באַוויזנ אַלצ פאַרברענענ. קײנ זאַנג זאָל ניט בלײבנ אינ פעלד. מיט גרויענ איש זאָל זיכ באַדעקנ די ערד, ביזוואַנענ ס'וועלנ זיכ ניט צוריקקערנ די עמעסע באַלעבאַטימ.

— קײנ אַנדער אויסוועג איז איצט ניטאָ, — האָט עליע פאַרגעזעצט. — דאָס, וואָס מיר וועלנ ניט באַוויזנ עוואַקויִרנ, וועלנ מיר פאַרניכטנ. די עלעקטראָסטאַנ- ציעס אויפרײסנ, די ברונעמס — פאַרשיטנ, די גאַנצע ערד וועלנ מיר פאַרמינירנ.

עליענ איז געווענ ניט צו דערקענענ. די אויגנ האָבנ אימ געברענט, די אַקסלענ זײנענ געוואָרנ ברײטע. ס'האָט פונ אימ געזעצט אָט יענע קראַפט, וואָס ווענ מע זאָל זי אײנשפּאַנענ, וואָלט זי אויפגעשלעפּט אַפּ זיכ דעמ גאַנצנ סטעפּ.

— עליע, — האָט יויסעפּ אינ אַ ווײלע אַרומ אָנגעהויבנ, — צײט אַ טראַכט מאָג מיקײעב געווער פאַרנ פאַרטיזאַנישנ אָטריאַד. האָפנ, אַז עטלעכער וועט קומענ אונ אויפקלײנ פאַר אונדזערע פימ די נײטיקע צאָל ביקסנ, גראַנאַטנ, איז דאָכ...

— וואָס זשע לײגסטו פאָר?

— עטלעכע מענטשנ דאַרפ מענ אָפּקלײבנ אונ ספּעציאַליזירנ זײ אַפּ מינירנ רעלסנ, אויפרײסנ בריקנ. ווער מײנסטו איז צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ אַרבעט?

— אַזעלכע וועלנ זיכ געפינענ צווישנ די געזעסענע קאַצאָװים, שמידנ, אונ ניט נאָר צווישנ זײ.

עליע האָט מער געשוויגנ, ווי גערעדט. אונ פּלוצעמ:

— יעדער אײנער, וואָס קומט אָנ אינ אונדזער אָטריאַד, דאַרפ וויסנ, אַז ער גײט פאַרטיזאַנעווענ אַפּ דער סאָוועטישער ערד, אונ נאָכ עפּעס — ער איז אַ פּאַר- טיזאַנ אינ זײנ ייִדישנ נאַציאָנאַלנ ראַיאָנ. אינ די ערשטע יאָרנ, ווענ ייִדנ זײנענ געגאַנגענ נאָכנ אַקער, האָבנ זײ געהאַט אײנגעזונגענ ניט בלויז דאָס ברויט, וואָס זײ דאַרפנ פאַרזײענ. זײ האָבנ ניט געוווּסט, אַז ליבנ זײער אַרבעט וועט מענ שאַצנ, צי זײנענ ייִדנ פעיִק זיכ מיט ערדאַרבעט פאַרנעמענ. אונ זײ האָבנ עס דער- וויזנ. די פאַשיסטנ ווײסנ עס גאַנצ גוט. דערפאַר קוועלנ זײ דאָ, מער ווי עטוועס אַנדערש, ווילדעווענ. די סינע פונ די פאַשיסטנ צו אונדז דאַרפ זײנ אונדזער שטאָלצ. מיר פירנ ניט אַרויס פונדאַנענ קײנ פּלײטימ, מיר באַגלײטנ אַרויס אַנ וואָרטאָגי- זידמע אַרמײ, וואָס וועט זיכ אַ נעמ טאָג צו די פעלדער אונ צו די מאַשינעס.

אַרײנקומענדיק אינ יישעוו, האָבנ זײ דערהערט אַ געשרײ.

— צוליב וואָס פאַרהאַקט איר עס אַזוי שטאַרק די טירנ? — האָט יויסעפּ גע- פרעגט בײ אַ קאָלווירטניק, — איר מײנט, אַז אַ פאַרהאַקטע טיר איז אַ סגולע קעגנ גאַזלאָנימ?

— פאַרקערט, — האָט דער ייִד געענטפערט, — די טירעס פונ אַ גאַזלענ ווײס איכ זײער גוט. אינ אַנ אָפענער שטוב וועט ער אַרײנגײנ פאַרזיכטיק. אַ פאַרהאַקטע טיר וועט ער אומבאַדינגט וועלנ איבערײסנ. האָב איכ אַפּ יענער זײט מיר אונגע- האַנגענ שווערע קלעצער, משיהינעס, שטײנער. וויבאַלד איכ אַלײנ וועל דעמ דײטש ניט קאָנענ אויפעפענענ, איז זאָל כאָטש די שטוב מײנע איבערעפענענ ווי ס'דאַרפ צו זײנ. וואָס זאָגט איר?

# אינ וואנדער־וועג

אינ יענע ישעה פונעמ יידישנ נאציאָנאַלנ ראיאָנ זײַנענ איבערגעבליבנ בלויז צו עטלעכע באַזאָרגטע מענטשנ, — דער קערנ פונ די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדנ. די איבעריקע זײַנענ אוועק אַפ קערמש.

דער וועג אַפ קערמש האָט זיכ געריכערט, ווי מע וואָלט דאָ אונטערגעצונדנ די ערד. פונעמ געדיכטנ וואָלקנשטויב זײַנענ די וואַקסנ אינ טײַכנ געוואָרנ גרוי, די פעלדער פאַרכווישעכט. אַפנ וועג פונ וואַנדערונג האָבנ זיכ געשלעפּט צענדליקער כויזנמער מישפּאָכעס פונ שטאָט אונ דאָרפ. אַלע האָבנ געײַלט צומ לעצטנ פּרײַע אַרויסגאַנג — צומ קערטשער אײַנגוס. פונ די היצנ האָבנ אויסגעטריקנט די אויגנ, די פּנעמער זײַנענ געוואָרנ שוואַרצ, די ליפּנ צעשפּאָלטנ. שטומערהייט איז מענ נאָכגעגאַנגענ נאָכ די וועגענער, אַפ וועלכע כ'איז געלעגנ דאָס צעבראָכענע אונ צעשמאָכענע האָב־אונ־גוטס. דאָס קלינגענ פונ די עמער אונ טשײַניקעס, וואָס זײַנענ נעמענ צוגעבונדנ צו די וועגענער, האָט געוועקט דעמ האַרבסטיקנ זוניקנ אַרומ, ווי בײַ א סרייפע. אַפנ וועג האָבנ זיכ צו די וואַנדערער פאַרייניקט אַלצ נײַע אונ נײַע יישוווימ. פונ ביידע זײַטנ וועג איז דער סטעפּ געווענ באַלאַגערט פונ די מישערעדעס פי, וואָס האָבנ שוינ קוימ איבערגעשטעלט די פיס — פונ מידקייט, פונ דעמ, וואָס מע האָט זיי שוינ לאַנג נימ געמאָלקנ. מע איז געגאַנגענ מיט זײַ־ניקע חענגנ אונ שמעכנ. דער אײַנגעפאָרענער שאָסיי, וואָס האָט דורכגעשניטנ דעמ סטעפּ, איז געווענ פאַרפּאַקט מיט מיליטער, וואָס איז געגאַנגענ פונ יאַמ צו די זײַכטע פאַרלאָזענע שטעט. די לופט איז געווענ פול מיטנ גערויש פונ שווערע אַרטילעריע, טאַנקענ, טראַקטאָרנ. די איבערוואַנדערער האָבנ די גאַנצע צײַט גע־קוקט צומ שאָסיי, געזוכט צווישנ די פאַרווונדיקטע, פאַרברוינטע פּנעמער פונ די סאָלדאַטנ זייערע קינדער אונ טאַטעס.

יויסעפ ראַבלינ איז געגאַנגענ בעראָש פונ די פאַסטעכער. ער האָט געײַלט אַצײַטנס עוואַקוירנ דאָס פי.

— שעמ זיכ נימ, יויסעפ, אונ מו, וואָס אינדזערע אָזעס־אוויסיינו האָבנ געטאָנ. וואַרפ אַראָפ פונ זיכ די שטיוול, פאַרקאַטשע די הויזנ אונ זאָל מענ אינ דיר דערזענ דעמ פאַסטעכ. יאַנקעוו־אָוויגנו איז אויכ געווענ א פאַסטעכ, — האָט זיכ אָפּגערופנ דער וווּקסיקער עטוואָס אײַנגעבויגענער יעשיִע ליבמאַנ, — נישקאָ־שע, יויסעפ, מיר וועלנ נאָכ די זעלבע משערעדעס, געפירכפערטע אונ געמערטע, טרײַבנ צוריק.

— זאָג מיר נאָר, שיִע, — האָט יויסעפ זיכ געווענדט צו ליבמאַנען, — ווי עס זײַנ, אויב דיר וועט אויסקומענ האָבנ צו טאָנ מיט א דײַטשישער ביקס אונ מיט א דײַטשישער גראַנאַטע.

— וואָס איז? — האָט שיִע אימ אַפ דערופ געענטפערט, — ווייניק דײַטשנ האָבנ זיכ אינ דער ערשטער מילכאָמע אַוועקגעלייגט פונ זייערע אייגענע ביקסנ. אונ אַז מ'וועלנ אויספעלנ ביקסנ, יויכעפ, וועלנ מיר אָנשאַרפנ אינדזערע קאַצאָווישע העק.

אַפנ פערטנ טאָג גאַנג איז פלוצעמ געוואָרנ קאַלט, ווי ערעוו א שניי. מ'האָט גענומט אויפשנײַדנ די פּעק אונ אַרויסנעמענ די ווינטערדיקע בגאָדימ. אַפ די וועגענער האָט מענ אויפגעהויבנ די בוידנ. ס'איז אוועק א קאַלטער רעגנ.

דער באַפולמעכטיקטער פונ רעפּובליקאַנישנ ראַטפּאָלקאָמ אַפ צו עוואַקוירנ דעמ יידישנ נאַציאָנאַלנ ראַיאָנ עליע יעהודינ איז די גאַנצע צײַט געגאַנגענ צופוס. וויפל מע האָט זיכ בײַ אימ נימ געבעטנ, ער זאָל זיכ צוזעצנ אַפ א פור, האָט עליע דערופ געענטפערט:

— עפּעס א סאַכ יונגעלײַט זעט איר זיצנ אַפ די פורנ? — אונ ער האָט אָנ־געוויזנ מיט דער האַנט אַפנ וועג, וואָס איז געווענ שוואַרצ פונ מענטשנ אונ וועגענער, — אַ? אינדזערע יונגעלײַט זײַנענ אַפ די טאַנקענ אונ בײַ די האַרמאַטנ.

פאַרבײַגייענדיק א וואָגנ מיט אַנ אויפגעהויבענער בויד, האָט עליע דערזענ עט־לעכע עלטערע ייִדנ יאָגנעטאָג יאָמטעוודיק. אינ די הענט האָט יעדער אײנער פונ

...איינציקווײַז זײַנענ אװעק אינ יאמ די שיפנ, די קאטערס, די בארזשעס. אפ די איבערדעקנ, בא די פענצטער זײַנענ געשטאנענ די אוועקפאָרנדיקע אונ האָבנ לאנג געפאָכט צומ הויכנ ברעג, אפ וועלכנ ס'זײַנענ, ווי שלאכטלײַט אפ דער מאכ, געשטאנענ עליע יעהודינ אונ יויסעפ ראכלינ צוזאמענ מיט די, וואָס זײַנענ געבליבנ אופמאָנענ באמ סוינע פאר די רווינירטע יישוווימ, פאר די פרישע קוואָ= רימ, פארנ צײַטווײַליק איבערגעריסענעמ גליק...

## קיבעד־אוו אונ קיבעד־בענ

— אונ טויהו=וואָוויהו איז געוואָרנ פונ דער ערד אונ עס זײַנענ פארשניטנ געוואָרנ אלע באשעפענישנ. ארבאָימ יוימ, ווערבאָימ לײַלאָ — פערציק טעג אונ פערציק נעכט האָבנ די ווינטנ געטריבנ מיטנ וואסער נויעכס טייווע, אונ קיינ יאָ= באָשע איז נאָכ נימ געווענ צו זענ. אונ אלצ דערפאר, ווײַל זיי האָבנ פארדאָרבנ זייער וועג אפנ פאָנעמ פונ דער ערד.

— זיידע, אונ פאר וועלכע זינד האָט מענ אונדז געלאָזט מיטנ וואסער?

— נימ מיטנ וואסער, מיט בלוט. א מאבל פונ בלוט...

אווראָמ=יאנקעוו מינוכינ האָט דערקענט דעמ זאָקנ, וועלכנ ער האָט א קורצע צײַט פאר דער עוואקואציע געטראָפנ אינ איינעמ א ווײַטנ יישעוו פונ זײַנ דאָרפ= ראָיעט. ער איז דעמלט געשטאנענ אָנגעשפארט אפ א שטעקנ, געקוקט, ווי די בא= זעלקערונג טראָגט צונויפ אינ קאָלווירטישנ קלוב די צירונג, אונ גערעדט צו זיכ: — זע טראָגט, ווי מע האָט אמאָל געטראָגנ באמ בויענ דעמ בייסהאמיקדעש...

איצט איז ער געזעסנ אפ דער שיפ צווישנ אָנגעוואָרפענע פעק אונ נימ אופ= געהערט טײַנענ צו די ארומיקע:

— בימאָכנ, יידנ. נאָר בימאָכנ. אונ נימ אראָפפאלנ בא זיכ. אונ נימ איבער= לעבנ בעכאָל טפוצעס האגאָלעס, איבער די צעזייטע שיפנ אונ בארזשעס גיי= גבער, די פרויענ אונ די קינדער: — בימאָכנ.

אווראָמ=יאנקעוו מינוכינ, דעמ געוועזענעמ פאָרזיצער פונ דאָרפסאָוועט, האָט עליע יעהודינ באשטימט פארנ עלטסטנ איבערנ עוואקווירטנ יידישנ נאציאָנאלנ ראיאָנ, וואָס האָט זיכ פונעמ סטעפ אריבערגעקליבנ אפנ וואסער. — בא אים, בא מי= נוכינענ, — האָט עליע געזאָגט, — וועט מענ ווי בא א קאפיטאנ פאָדערנ א כעזשבנ פאר יעדעמ מענטשלעכ לעבנ, פאר יעדער שאָפ אונ רינד. אונ אווראָמ=יאנקעוו מינוכינ האָט די גאנצע צײַט זיכ געפונענ אינ סאמע גערודטעניש פונעמ אוילעמ. ר איז טיטאמאָל אויסגעוואקסנ, געוואָרנ, דאכט זיכ, העכער, די באוועגונגענ — גערנישער, ווענ ער איז ארומגעגאנגענ איבער די קאיוטעס, האָט זיכ אימ גע= כט, אז ער גייט ארומ איבער די יישוווימ פונ זײַנ דאָרפסאָוועט. יעדע שיפ, — א אָרפסאָוועט, אונ אלע צוזאמענ — דער יידישער נאציאָנאלער ראיאָנ, פאר וועלכנ ער, ווראָמ=יאנקעוו, וועט ענטפערנ מיטנ קאָפ.

אונ אפ די שיפנ איז געווענ — א פוס נימ צו שטעלנ. די אויבערדעקנ שווארצ נג מענטשנ. די טרעפ, די מאשינ=אָפטיילנ, די קוילנ=קאמערנ — אלצ איז ווענ באלאגערט אונ פארנומענ, נאָר קיינער האָט זיכ נימ געקלאָגט, קיינער האָט ו קיינעמ נימ געהאט קיינ טײַנעס.

שוינ די פערטע נאכט, ווי מע געפינט זיכ אינ אָפענעמ יאמ אונ ס'האָט זיכ אָכ אלצ נימ געוואָלט גלייבנ, אז מע איז נימ אינ סטעפ, אז מע איז אפנ וואסער. בענקשאפט נאָכנ סטעפ האָט זיכ געפילט אינ יעטווידער באוועגונג. די בענק= אפט איז געווענ אויכגעזאָכנ אפ די פענעמער. ווענג וואָס מע זאָל נישט אָנהייבנ יידנ, איז מענ אומבאמערקטערהייט גלײַכ אריבערגעגאנגענ צו דער ערד, וואָס איז געווענ ווײַט, ווײַט, פונ יענער זײַט האָריזאָנט, אונ אינ דער זעלבער צײַט — באמ אפע הארצנ.

איז געשטאנענ צווישנ די אָנגעוואָרפענע פעק אונ איבערגעשאָטנ פונ איינ האנט אינ דער אנדערער א הויפנ קערנער, וועלכע ער 'האָט מיט זיכ פארכאפט, א זייבער פינעמ צעמוטוויליק איבערגעריסענעמ גליק. דערביי האָט ער עטלעכע מאָל זיכ געפרוווט ארוינמישנ אינעמ געשפרעכ, וואָס האָט זיכ שוינ, ווייזט אויס, געצויגנ א היפשע צייט.

— כאווער גערדאליע, — האָט אינ איינער פונ די פאָרזיצערס, א יונג מיידל, געענטפערט, — וואָס מיינט איר, אז אומעטומ איז אייכ קרומ? אומעטומ קאָנ מענ אזוי שפעט זייענ?

— ס'איז נאָכ ניט שפעט, — איז גערדאליע באשטאנענ אפ זיינס, — פופצנ יאָר האָב איכ פארזייט פעלדער, וועל איכ האיאָר אויכ זייענ.

— רעב יוד, זאָגט נאָר, איכ בעט אייכ, איר פאָרט קיינ קרומ, צי פונ קרומ, א? איר ווייסט, אז דאָרטנ, וווהינ מיר פאָרנ, ליגט שוינ מיסטאמע א שניי ביז איבערנ גארטל.

— נו, אונ אז ער ליגט, איז וואָס? וואָס אשטייגער טוט א באלעגאָלע. ווענ ער לאָזט זיכ אינ וועג אפ א וואָגנ אינ מיצקעדערינגע כאפט אָנ א זאווערוכע? איז וואָס, עק וועלט? איר פרעגט בא מיר, וועל איכ אייכ זאָגנ, וואָס ער טוט. ס'הייסט, מיר וועלנ האיאָר ניט זייענ?

— זאָגט נאָר בעסער, פונוואנענ ווייסט איר, מאָמער זיינענ שוינ די פעלדער לאנג פארזייט.

— וויבאלד אזוי, — האָט גערדאליע לייכטער אָפגעאָטעמט, — איז דאָכ אוודע פארשפאָרט קריגנ זיכ, — אונ ער האָט ארייגעשאָטנ דעמ פולנ הויפנ קערנער צו זיכ אינ קעשענע.

בא דער טונקעלער שיינ האָט אווראָמ-יאנקעוו מיגוכינ געזענ, ווי איינער א פאָרזיצער האָט מיט גרויס ירעס-האקאָווער געהאלטנ דעמ אקט, וואָס דער ישעוו זיינער האָט באקומענ פונ דער מעלוכע, — דעמ אקט אפ אייביק באנוצנ זיכ מיט דער ערד.

— אלע פאָרזיצערס האָבנ מיט זיכ פארכאפט די אקטנ? — האָט אווראָמ-יאנקעוו א פרעג געטאָנ.

— וואָרענ? מיר האָבנ זיי געלאָזט היטלערנ?

— זעסט, אווראָמ-יאנקעוו, — האָט זיינ אָנגערופנ דער זעלבער פאָרזיצער, אופהייבנדיק דערביי דעמ מעלוכע-אקט, — דו זעסט, אָט פאר דעמ שלאָגנ זיכ די קינדער מיינע אפנ פראָנט.

צו אווראָמ-יאנקעוונ איז צוגעגאנגענ שוינ ליבמאנס פרוי.

— איר זייט נאָכ אַפ? — האָט ער בא איר געפרעגט.

— עס שלאָפט זיכ ניט, אווראָמ-יאנקעוו. ווי קאָנ מענ שלאָפנ, אז די משערעדעס שטייענ ניט געמאָלקנ, — אונ זי האָט דורכנ פארהויכטנ פענצטערל אָנגעוויזנ אפ די בארזשעס, ווו ס'האָט זיכ געפונענ דאָס פי, — אווראָמ-יאנקעוו, רעדט איבער מיטנ קאפיטאנ, מע זאָל מיכ אפ א שיפל אריבערפירנ אהינ, צו די משערעדעס. כ'קאָנ דאָ מער ניט זיינ.

— גוט, וועסט פאָרנ צוזאמענ מיט מיר. — אונ אווראָמ-יאנקעוו מיגוכינ האָט זיכ צוגעזעצט אפ א פעקל. האלטנדיק דעמ פאפיר אפ די קני, האָט ער צונויפגעשטעלט צעטלענ פונ בריגאדירנ, מעלקערנס, פאסטעכער.

— נישקאָשע, יונג, מיר האָבנ ניט מיט וואָס צו שעמענ זיכ.

ארומ האלבנ טאָג איז אפנ שיפ-דעק געוואָרנ אומרויִק. די מאטראָסנ זיינענ ארומגעלאָפנ, אראָפגעלאָזנ אינ יאמ די שליופקעס, גרייט געמאכט די רעטונגס-רייפנ, געהייסנ אלעמענ אראָפגייענ אונטנ.

— הא? וואָס איז געשענ?

דער מאטראָס האָט נאָר א ווינק געטאָנ צו דער הייכ אונ איז פארשווונדנ.

— ייִדנ, אנ אעראָפּלאַנ, א דײַטשישער אעראָפּלאַנ, — האָט עמעצער אויסגע-שריִענ.

אפּ די שיפּנ אונ באַרזשעס איז געוואָרנ א בעהאָלע.

— וווּהינ לויפט מענ?

— כאַפּט נעמט אונ וואַרפט זיכ אינ וואַסער.

— ייִדנ, — האָט אַוראָמ-יאַנקעוו ניט מיט זײַנ קאָל אויסגעשריִענ, — נעמט זיכ אינ די הענט! ייִדנ!

עס האָבנ זיכ דערהערט עטלעכע דערשיטערנדיקע קלעפּ, אינ אפּנ יאַמ זײַנענ פּלוצעמאָל אויסגעוואַקסנ הויכע וואַסער-בערג. די שיפ האָט זיכ געגעבנ א הייב אימ אונ באַלד א פאַל אַראָפּ ווי אינ אָפּגרונט.

— וווּהינ פליט איר? — האָט אַוראָמ-יאַנקעוו מיט דער בריסט פאַרצאַפּט דעמ וועג עטלעכע מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ געפּרוּווט שפּרינגענ אינ א שליופּקע, — וווּהינ?

קײנער האָט אימ נאָרנישט געענטפערט. אינ די ברייט-צעעפנטע דערשראָקענע אויגנ זײערע האָט מיניוכינ דערזענ דעמ אָפּשײַנ פונ א ברענענדיקער באַרזשע.

אַוראָמ-יאַנקעוו האָט זיכ האַסטיק איבערגעריסנ מיטנ פּאָנעמ צומ אומ-גליק: א באַרזשע מיט מענטשנ איז געגאַנגענ צו גרונט. מיניוכינ איז דער ערשטער אַראָפּגעשפּרונגענ אינ שיפל, אינ נאָכ אימ איז געשפּרונגענ ווער עס האָט נאָר געקאָנט שפּרינגענ.

די רעטונג-שיפלעכ האָבנ זיכ געטראָגנ צו דער ברענענדיקער באַרזשע...

..אינ עטלעכע טעג אַרומ האָבנ די שיפנ אינ די איבערגעבליבענע באַרזשעס זיכ דערנעענטערט צו דער יאַבאָשע. קינד-אונ-קייט האָבנ זיכ אַרויסגעשאָטנ אפנ איבערדעק.

— אַזוי איז נויעכ מיט זײַנע זינ אינ שניר געשטאַנענ אינ דער פּײַחע אונ געוואַרט אפּ דער טויב, וועלכע האָט זיכ אומגעקערט מיט א צווײַגל פונ א אײל-בערט-בוים אינ מויל. צי וועל איכ דערלעבנ די שעה באַטרעטנ נאָכאַמאָל אונדזער כמעט?

דער זאָקנ האָט זיכ צעוויינט.

— נאָכ א מינ דערלעבנ, ייִדנ! דעריקער ביטאָכנ.

אפּנ ברעג האָבנ שוינ געוואַרט אײַנגעשפּאַנטע וועגענער. די אָרטיקע אײַנוווינער האָבנ באַגעגנט די געקומענע, ווי ברידער באַגעגענענ ברידער, ווי שוועסטער באַגע-גענענ שוועסטער. אפּ קילאָמעטער ווײַט האָבנ זיכ געצויגנ די אָנגעלאָדענע וועגע-נער. מיט אויסגעלײַכטע פּלײצעס, מיט פעסטע טריט האָבנ ברייט געשפּאַנט די פויערימ פונעמ ייִדישנ נאַציאָנאַלנ ראַיאָנ, געשפּאַנט אפּ דער אומבאַקאַנטער אונ דאָכ לעבלעכ-אײגענער ערד.

— ★☆★ —

ל. אָליצקי

# מײַן געזאַנג צום באַשקירן־לאַנד

1

באַ דיר צוגאַסט האָב איך דערשפּירט פֿון האַרבן שוויס דעם טאַם,
וואָס שוואַרצע אַרבעט שלאָגט אַרויס און שפּרינגט צו די ליפּן;
ווען הייסע מי גליט אָן מײַן לײַב, צינדט אָן אין בלוט אַ פֿלאַם,
מיט אײַז־קאָמפּרעסן וויקלען דײַנע ווינטן מײַנע ריפּן.

איך האָב דײַן לײַם געגראָבן, ווינטער זי געהאַקט ווי שטיין,
און מײַנע מוסקלען האָבן זיך ווי דראָטן אָנגעצויגן;
ס'איז שוואַרצע אַרבעט — העל! — געזונגען האָב איך זיך אַליין,
ווען ס'האָט מײַן רוקן אונטער שווערע מאַסעס זיך געבויגן.

דײַן פֿראָסט געשווינדן האָט פֿון מיר די הויט דורך קאַלטן קלייד,
דײַן ווילד־צעשויבערטער בוראַן געשמאָלצן מיך מיט שנייען.
באַ דיר צוגאַסט געצאַפּלט האָב איך זיך פֿון לייד און פֿרייד:
עס האָט מײַן האַרץ געקלאַפּט צום גאַנג פֿון אונדזערע אַרמייען...

2

אַף דײַנע כוואַליעס־היגלען ט'געוויגט זיך מײַן געמיט,
אין דײַנע צויבער־לאַנדשאַפֿטן אַ לינדערונג געפֿונען,
דײַן שמעקעדיקער האָניק אַף מײַן גומען האָט געבריט,
דײַן מילך, ווי בוימל, איבער מײַנע גלידער זיך צערונען.

געלערנט האָט דײַן דאָרף מיך אָנטאָן לאַפּטיעס אַף די פֿיס,
און זעגן, האַקן האָלץ, און וואַסער וועסטנווײַז צו טראָגן;
אַך, ווי געשמעקט האָט דאַן מײַן דאַרער פּענעץ ברויט, ווי זיס —
די בולבעס אין מונדירן, וואָס מיט הייסער פּאַרע שלאָגן!

עס האָבן די „ציטרינענע" דײַנע — ציבעלעס — גאַנץ אָפֿט
געזויסיקט מיך שטאָט ברויט, געלאָזט מיך זען די היים דורך טרערן:
מײַן זיסער אוקראַינעס קוואַלן האָט דער פֿײַנט פֿאַרשטאָפּט
און אויסגעלאָשן אירע אויגן — לאַכנדיקע שטערן.

נאָר ס'טראָגנ איר אנטקעגנ פאקלענ אויכעט דײַנע זינ,
די הארבע, בראווע לײַט מיט גלי אונ פונקענ אינ די בלוטנ;
זײ קעמפנ ווי די לײבנ קעגנ טיגרישער מאשינ,
אונ ס'זענענ אויס בא זײ די „וועלט־באצווינגער" — ליליפוטנ...

3

אונ אײנמאָל יאָגנ ווילדע ווינטנ אָנ מיכ אפנ פעלד
אונ פײַפנ דורכ, ווי דורכ א כאָרעוו הײַזל, מײַנע ריפנ...
דורכ פינצטערניש, געפלעקט מיט בלוט, איכ זע פארגײַנ די וועלט,
אונ מיטנ גלי אונ פראָסט פונ טויט שוינ פיבערנ די ליפנ.

א טאָכטער דײַנע האָט בעסלעסנ לעמ מײַנ בעט געוואכט,
דעמ שאָטנ פונעמ טויט געיאָגט פונ מײַנע בידע אויגנ.
...אוקראינע... ס'שטעטל מײַנס... די טוריע,—האָט זיכ מיר געדאכט,
אונ איבער מיר א ווײנענדיקע ווערבע שטײט געבויגנ...

אפ אירע צווײַגנ—לירעס, ס'שפילט אנ אומעטיקער ווינט.
עס טרערנ בלעטלעכ אפ מײַנ הײסנ שטערנ אונ פארווידנ,
איכ הער, — עס ווײנט מײַנ מאמע-לאנד: אוי, קינד מײַנס, קינד!
א ווײ-גרוס דיר פונ דײַנע ברידער — אוקראינער, ייִדנ!..

נאָר ווענ עס האָבנ די שפּיטאָלישע געקאכלטע ווענט
מיט ווײַסער צארטער האנט געעפנט מײַנע אויגנ,
די ליבע דאָקטערנ אכמעדאָווא האָב איכ דערקענט
אונ יענע ווערבע, וועלכע לעבנ דער טוריע שטײט געבויגנ...

אונ כ'האָב, באשקירנ-לאנד, דיכ ליב באקומענ. דײַנ געזאנג
דאָס אומעטיקע, נאָגנדיקע שאפט מיר פארגעניגנ, —
ס'צעשפּארט מײַנ ברוסט מיט פרײד דער ליכטיקער געדאנק:
עס קעמפנ האנט בא האנט די פעלקער אונדזערע אונ זיגנ!

אונ ווענ איכ וועל אהײמ קומענ, געהײליקט אינעמ שטויב
פונ דער ארמײ, וואָס האָט פארטיליקט גאָרער וועלכס ביזאָיענ, —
מײַנ רויטער שטערנ — כ'הארצ, וועט ווינקענ דורכ דער שויב
צו דיר, באשקיריע, ווו מײַנ לעבנ איז דורכויס ניכאָיענ...

אופא, סענטיאבער 1943.



יעדידע מארגאָליס

# אינ דער בייעס בײַגל

דער אלטער שמיד יִצכאָק=בער קופּערמאַנ איז אינ דאָרפ סעוווּשקי געבאָרנ געוואָרנ. איבער א יאָרהונדערט איז עק סעוווּשקי געשטאַנענ די שינדל=געדעקטע שמיט מיטנ קוזניע=ביניעגדל בא דער זײַט.

מיט עטלעכע אונ צוואַנציק יאָר צוריק האָט יִצכאָק=בער אוועקגעלייגט אָנ א זײַט דעם האמער, אויסגעטאָנ פונ זיכ דעם שמידישנ שירצ אונ צוזאַמענ מיט אלע פּויערים פונ די דרײַ שכיינעסדיקע דערפער, וואָס זײַנענ שפּעטער פאַרייניקט געוואָרנ אינ קאָלווירט „רויטער אָקטיאבער“, גענומענ א ביקס אונ אוועק אויסרויבערנ פונ די ווײַסרוסישע וועלדער די באַנדעס פונ בולאַק=באלאכאָוויטש אונ מארוסיע. צו פינפ אונ פערציק יאָר איז נאָכ יִצכאָק=בער געווענ פלינק אונ שטארק, ווי אנ אבצוניאָריקער באָכער.

אז דער בירגערקריג האָט זיכ געענדיקט, האָט יִצכאָק=בער זיכ אומגעקערט צו דער קאָוואדלע אונ צום בלאָז=זאַק. ווענ די דרײַ דערפער, סעוווּשקי אפּנ רוקנ פונ איינ פעלד=הייכקײַט, מאסאליג — אפ דער אנטקעגנדיקער פעלד=הייכקײַט אונ גרוישעוואָ אונטערנ בארג, האָבנ זיכ צונויפגעגאָסנ אינ איינ ווירטשאַפט, איז יִצ=כאָק=בער קופּערמאַנ געבליבנ דער קאָלווירטישער שמיד.

אינ דעם געוועזענעם פּאָרעצ שיריאַעווס וואַרעמע שפּײַנערנע פי=שטאַלנ איז שוינ געשטאַנענ די קאָלווירטישע טשערעדע. אפ די פעלדער האָבנ געארבעט טראַק=טאָרנ אונ קאָמבײַנענ, די מאַשינ=טראַקטאָרנע סטאַנציע האָט זיכ אריבערגעצויגנ אינעם היפּשנ נײַ=אויסגעבויטנ ביניענ, נאָר פונקט ווי מיט צענדליקער יאָרנ צוריק, האָט מענ דאָס פערד געפירט שמידנ צו יִצכאָק=בערנ, אונ א ראָד אָנמאָנ אינ אײַזנ האָט מענ געטראָגנ צו יִצכאָק=בערנ. יִצכאָק=בערס זונ זאַלמענ איז שוינ געוועזנ א טאַטע פונ קינדער אונ א מײַסטער אינ טעכאַנישנ ווארשטאַט אינעם נאָענטנ שטעטעלע לאַפּיניצע. יִצכאָק=בערס אלטמישקע בראָכע האָט שוינ צוויי כאַ=דאָשימ אויסגערופט אירע בײַנער אפנ לאַפּיניצער בעסוילעם, אונ יִצכאָק=בער קלערט נאָכ אלצ ניט וועגנ ארויספאָרנ פונ דאָרפ אינ שטעטל...

— קאָלזמאַנ שעהאַנשאָמאָ בעקירבעס, בלײַב איכ דאָ אינ סעוווּשקי, דאָ בינ איכ געבאָרנ געוואָרנ אונ דאָ וועל איכ שטארבנ! — האָט יִצכאָק=בער געזאָגט צו זיכ אינ הארצנ.

ער האָט ארײַנגענומענ צו זיכ אינ שטוב די אלטע האלב=טויבע קסעניע מיטנ אײַנהענטיקנ איינִיקל וואָווקע אינ ווײַטער פאַנאַנדערגעבלאָזנ קוילנ אינ זײַנ האָרנ, באקליידט נאָרוואָס געבראַכטע פונ סטעלמאַכ רעדער מיט אײַזנ אונ אונטערגע=שמידט פערדישע טלאָענ מיט פּאָדקאָוועס. לויט זײַנע יאָרנ האָט שוינ יִצכאָק=בער לאַנג געמעגט קריגנ בא כאָוועמסקע וולאַסט פּענסיע, ער האָט זיכ שוינ גענוג אָנגעארבעט אפ זײַנ לעבנ, נאָר ער קלערט אפילע ניט וועגנ דעם. עלטער פאַר אים. האָט נאָכ זײַנ טאַטע שלוימע=כאַיִמ ניט ארויסגעלאָזנ דעם האמער פונ האנט, איז מיט וואָס איז ער, יִצכאָק=בער, ערגער פונ זײַנ טאַטנ אָלעוו האשאָלעמ?

---

ווי א גאַנעוו רײַסט זיכ ארײַנ כאַ=נאַכט צו יענעמ אינ שטוב, אזוי האָבנ היט=לער'ישע באַנדעס אומגעריכט זיכ ארײַנגעריסנ צו אונדז אינ לאַנד. איבער סעוווּש=

קער וועלדער שפרייטנ שוינ זייערע פליגל אינ הודזשענ פינקטלעכע רויב־פייגל. ייִצכאַק־בער זשמורעט א ביסל צו זײַנע גרויע אויגנ אונ קוקט זיכ צו צו סע־ ווישקער סוויטע: שוינ זשע וועלנ פרעמדע, וואָס האָבנ די בערעט ניט געפלאַנצט אונ די פעלדער ניט געאַקערט, קומענ אהער אונ אַלצ אָפּיאַרישענ?

— ספּו זאָלט איר ווערנ! — שפּײַט ייִצכאַק־בער אויס פאַר כאַס, אונ, ווי מיט צוואנציק יאָר צוריק, טוט ער אויפ זײַנ שירצ אונ שליסט צו זײַנ קוזניע.

ייִצכאַק־בער שטייט א ווײַלע פאַר דער קוזניע אונ שלאָגט זיכ אינ דער דייע, וווהינ זאָל ער פריִער גײנ, צי אינ דאָרפּראַט, אינ דער מטס, אונ ער באַשליסט בא זיכ פריִער פאַר אַלצ גײנ אינ מטס. די מטס איז א האַלב שאָ גאַנג פונ דאַנענ, אונ דער דאָרפּראַט געפינט זיכ בא דער האַנט, אינטימנ סעמיושקי. אהינ וועט ער צו יעדער צײַט באַוויזנ. ייִצכאַק־בער וועט בעשטימט ניט דערלאָזנ, אז זײַנ קוזניע מיט אַלע אירע געצײַג, וואָס ער אונ זײַנ טאַטע שלוימע־כאַים האָבנ א לעבנ געוואַרעמט אינ די הענט, זאָל אַרײַנפאַלנ אינ די לאַפּעס צו די יעקעס!

דער קאָלחירטישער הויפ מיט דער מטס שטייט אפ יענער זײַט טינקלדיקנ וואַלד־ דורכלויכט. אינ מטס טרעפט ער נאָר דעם מעכאַניקער. ייִצכאַק־בערנ איז דאָס ווייניק, ער וואַרט אפנ דירעקטאָר, ביז יענער קומט אונ גיט אים א וואָרט בע־ הענישעלי, אז זײַנע קיילימ וועט מענ ניט איבערלאָזנ דעם דײַטש. עס איז שוינ ניט טינקל, ווענ ייִצכאַק־בער קערט זיכ אום צוריק פונ מטס.

אפנ טאַפּטשאַנ בײַם פענצטער זיצט די האַלב־בלינדע קסעניע. ווי איר שטיי־ נער איז, באַחענט זי מיט די ליפנ. זי האָט א מעחע צו ריידנ מיט זיכ.

— ווו איז איצט וואַסקע? — רעדט קסעניע צו די שטיבלעכ פונ קליינעם געלע־ גרויזעכנ פענצטער — פונ פרימאָרגנ אָנ איז ער פאַרפאַלנ געוואָרנ...

וואַסקע איז א צעניאָריק ייִנגל. מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער, זיצנדיק אינ דער הייכ אפ א בוימ, פאַרפירט מיט נאָכ בעוווּשעטער ייִנגלעכ, וואָס זײַנענ גע־ שטאַנענ אונטנ, א שפּיל אינ וואַרפנ זיכ מיט שטײַנדלעכ אינ שישקעס. דער סאָף איז געווענ, אז ער איז אַראָפּגעפאַלנ פונ בוימ אונ זיכ אַזוי צעשעדיקט, אז מע האָט אימ אינ לאַפּיניצער שפּיטאָל געמוזט אַראָפּנעמענ א האַנט. ניט אפנ וויצ, ניט בײַם דער אָפּעראַציע אינ שפּיטאָל האָט ער קיינ טרער ניט אַרויסגעלאָזט. „ראַז פּאָטיראַט!" — האָט ער געזאָגט צו די בעוווּשעטע ייִנגלעכ, ווענ ער האָט זיכ אומגעקערט פונ לאַפּיניצע אַנ אײנהענטיקער.

---

אינ זײַנ שטיבעלע הערט שוינ ייִצכאַק־בער, ווי די מאָטאָרישע וועלדער רופנ זיכ אָפּ אפ דער זיכ דערנענטערנדיקער קאַנאָנאַדע. ער גייט אַרויס פאַרנ שטיב אינ זעט, ווי אינ זונ־דורכגעשטראַלטנ וועג־שטויב באַוועגט זיכ אפ מיזרעכ די קאָלחירטישע טשערעדע. אפ מיזרעכ איז אויכ אַוועק די מטס מיט אַלע זײַנע, ייִצכאַק־בערס, אינסטרומענטנ. ייִצכאַק־בערנ זיצט זיכ ניט אפ אנ אָרט: וואָס טוט זיכ איצט אינ דאָרפּראַט?

פונ בײַדע זײַטנ הילצערנעמ בריקל פונ דאָרפּראַט שטייענ קײַלנ־טאַרפעט, אינ די צעעפנטע געשאַלעוועטע פענצטער זעט מענ קעפּ אפ קעפּ. אינ שאָטנ פונ פּיר־ הויז בלישטשענ באַגנעטנ פונ ביקסנ. דער דאָרפּראַט איז פול מיט מענטשנ פונ די דרײַ דערפער סעמיושקי, טאַבאַלע אונ גריטשעווע, נאָר קיינ ביסל הערט מענ ניט. עס איז ניט קיינ פאַרזאַמלונג אונ ניט קיינ דאָרפּישע באַסעדע. אַלעמענס פּנימער זײַנענ ערנסט.

ווענ ייִצכאַק־בער קומט אַרײַנ, איז זײַנ ערשטע פראַגע:

— ווו איז מיכאַיל טשעפּאַגינטש?

דער פאָרזיצער פונ דאָרפּראַט פאַראַראָז גייט אַרויס פונ קאַבינעט.

— ייִצכאָק־בער, — זאָגט פיאָדאָראָװ, — מיר װײסנ, װי העלדיש דו האָסט זיכ אַמאָל געשלאָגנ מיט בולאַק־באַלאַכאָװיטשנ און מיט מאַרוסיענ. איצט אָבער, מײנ איכ, ביסטו שױנ צו אַלט פאַר דעם...

ייִצכאָק־בער גיט זיכ פאַר קאַס א זעצ מיטנ פױסט אינ דער ברוסט:

— פיאָדאָראָװ, האָסט מיר מיט א מעסער דערלאַנגט אינ האַרצנ!

פיאָדאָראָװ גיט אזא רירנדיקנ שמײכל, װאָס פאַסט, דאַכט זיכ, גאָר ניט צומ אָנגעכמורעטנ, ערנסטנ אױסדריק פונ זײַנ ברײטבײנערדיק געזיכט. ער רופט אַרײַנ ייִצכאָק־בערנ. צו זיכ אינ קאַבינעט, דערצײלט, אז מע לאָזט אים, ייִצכאָק־בערנ, ניט אומזיסט איבער דאָ אינ האָרט. ער װײסט דאָ יעדנ װעג און שטעג און װעט זײַנ דער פאַרבינדלער פונ פאַרטיזאַנישנ אָטריאַד. צו ייִצכאָק־בערנ װעט פונ צײַט צו צײַט קומענ װאָװקע און ברענגענ גרוסנ פונ טאַטעס, ברידער און שװעסטער צו די, װאָס זײַנענ געבליבנ אינ דער הײמ. אז מע װעט דאַרפנ, װעט מענ אים געבנ װיכטיקערע אופטראָגנ אױכ. הײַנט איז ניט אזא צײַט, װאָס מע קאָנ עמעצנ שאַנעװענ.

פיאָדאָראָװ מיט זײַנ פאַרטיזאַנישנ אָטריאַד איז אַװעק אינ װאַלד. מער װי זקײנים, קאַליקעס, װײַבער און קינדער זײַנענ אינ די דרײַ דערפער ניט געבליבנ.

---

אינ קאָלװירטישנ הױפ זיצנ שױנ פריצנ. אינ װינקל װאַלד־דורכלױכט, װו עס קרײצנ זיכ איבער צװײ װעגנ, שטײט שױנ א דײַטשישער פּאַטרול, און אינ דער נאַכט לײַכטנ זיכ שױנ פונ צװישנ די בײמער גרינע פײַנטלעכע סטאָפּ־צײכנס. איבער דער אײנציקער סעװושקער גאַס זעט מענ קײנ מענטשנ ניט גײנ. איבער די דעכער באַװײַזט זיכ ניט קײנ רױכ פונ קײנ קוימענ. איבער די פױערשע הױפנ גישטערנ יעקעס אינ גרינע מונדירנ. זײ שמעקנ אױס און פירנ אַװעק פונ פױערשנ שטאַל דעמ לעצטנ כאַזער, די לעצטע שעפּס און די לעצטע הונ. קאַעס־דיק סקריפּענ זאַװעסעס פונ טירנ און טױערנ, שטיל קריצנ צײנער, נאָר מע שװײַגט ביז א צײַט...

עס איז א ליכטיקע לעװאָנע־נאַכט. ייִצכאָק־בערנ שלאָפט זיכ עפּעס ניט, זינט ער האָט אָפּגעגעבנ דער עװאַקוירטער מטס זײַנ ביסל געצײַג און זינט די גימיעסע יעקעס האָבנ אָנגעהױבנ באַלעבאַטעװענ אינ דער סעװושקער געגנט.

אינ די פענצטערלעכ זעענ זיכ די ריאַבינעס און טאָפּאָלנ, װאָס באַװאַכנ די פױערשע שטיבער און הױפנ. אנטקעגנ אפ דער לעזשאַנקע ליגט װי א קלומפּנ אױפגעדרײט די אַלטע, האַלב־טױבע קסעניע. הײַנט האָט זי געבעכ געהאַט א גרױסנ אַמעסנעפּעש, צװײ דײַטשישע סאָלדאַטנ זײַנענ געקומענ און אַװעקגעפירט איר ליִצט בעהײמעלע. זי האָט זיכ אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט פאַר דער בעהײמעס הערנער און ניט געװאָלט זי אָפּלאָזנ פונ זיכ, ביז די דײַטשנ האָבנ זי מיט געװאַלט אָפּגעריסנ פונ דער בעהײמע און א שלײַדער געגעבנ אָנ דער ערד. נאָכדעמ האָט זי עפּשער א שאָ נאָכאַנאַנד זיכ געשלאָגנ קאָפּ אָנ װאַנט און געריסנ די האָר פונ זיכ, ביז זי האָט זיכ באַרויִקט.

ייִצכאָק־בער הײבט אופ דעמ קאָפּ פונ קישנ און קוקט אַרױס אינ פענצטערל. װאָס זאַמט זיכ עפּעס װאָװקע? װאָס קומט ער ניט?

װאָװקע איז א מײַדים. ער האָט זיכ איבערנ אַקסל פונ דער גאַנצער האַנט אָנגעטאָנ א בעטלערישע טאָרבעטשקע, אױסגעטאָנ זיכ באָרװעס. אָט אזױ, מיט א נעבעכ־פּענעמל פונ אנ אײנהענטיקנ, אומגליקלעכנ בעטלערל גײט ער פונ סעװושקי אינ די װעלדער און פונ די װעלדער צוריק אינ סעװושקי. טאָמער טרעפט ער אָנ אפנ װעג א דײַטש, ציט ער אױס דאָס הענטל נאָכ א שטיקל ברױט. אפ אזא אױפנ ברענגט ער גרוסנ פונ די טאַטעס און ברידער, װאָס באַלעבאַטעװענ אינ די װעלדער. די גרוסנ און אופטראָגנ צעטראָגט ניט ייִצכאָק־בער אַלײנ. זײ נעמט בא אים אָפּ דער עלטערער פױער איװאַנ קאַראַסקינ מיטנ גלעזערנעמ אַרײַנגע־שטעלטנ אױג, װאָס ער האָט נאָכ געבראַכט פונ דער ערשטער װעלט־מילכאָמע. ייִצכאָק־בער קוּפּערמאַנ װײכט שױנ, װי צו פירנ זײַנ געשעפט, אז קײנ האָנ זאָל ניט קײנ קרײ טאָנ.

יִצכאָק־בער לייגט צוריק דעם קאָפּ אפנ קישנ. ווי נאָכ דער ערשטער דרעמל נעמט אופקלעפנ זײַנע וויִעס, פארגעסט ער א שמייכל קראצ פונ אויגנ אָנ אויגנ. דאָס איז וואָוּקע. ער קלאַפּט ניט אינ טיר. ער גיט נאָר א פיר מיט א משהאָק איבער דער אייזערנער קליאַמקע.

— זיידעניו, דאָס בינ איכ! — ענטפערט וואָוּקע פונ הינטער דער טיר יִצכאָק־בערנ, וואָס גייט אים עפענענ.

וואָוּקע שטייט אינמיטנ שטוב אינ נעמט אראָפּ פונ זיכ איבערנ קאָפּ זײַנ בעטלער־טאָרבעטשקע. ער האָט געבראכט פרײַלעכע נײַס. דער פארטיזאַנישער אָט־ריאַד האָט אראָפּגעלאָזנ א דײַטשישנ צוג פונ די רעלסנ, באפאלנ אונ פארכאפּט ניט איינ טראַנספּאָרט זייערנ אונ ניט איינ צענדליק הינט דערבײַ אוועקגעלייגט.

די אַלטע האַלב־טויבע קסעניע כאַפּט זיכ אופ אויכ, דערזעענדיק איר אײנהעניקל אײניקל וואָוּקע, שאַרט זי זיכ אראָפּ פונ אויוונ. פאַסמעס גרויע האָר פאַלנ איר איבנ פּאָנעם, זי לייגט אריפּ וואָוּקענ די הענט אפנ קאָפּ אינ לאָזט ארויס א געוויינ.
— סאָקאָליקל, מײַנ ליכט, ווי וועל איכ א לעפל מילכ פאר דיר געמענ, או מײַנ פערעסטעשקע האָט מענ בא מיר צוגענומענ? פונ וואָס וועל איכ, די עלנטע אונ קראַנקע, זיכ זשיווענ?

---

וואָוּקע האָט געבראַכט יִצכאָק־בערנ אנ איבערטראָג פונ קאָמאַנדיר פונ פארטי־זאַנישנ אָטריאַד, פונ מיכאַיל סטעפּאַנאָוויטש פּאָראָשינ, זיכ פארבינדנ מיט זײַנ שוועסטער מאַריע סטעפּאַנאָוונע, וואָס איז געבליבנ באַמ דײַטש אינ אונטערערד, אינ שטעטעלע לאַפּיניצע.

יִצכאָק־בער האָט גענומענ דעם שטעקנ, פארבינדנ זיכ די באָק מיט א טיכל, קלוימערשט ער גייט אינ לאַפּיניצע צום דאַנטיסט זיכ אויסרײַסנ א פּאָר אַלטע פּעניעס, וואָס לאָזנ אים ניט שלאָפנ.

מיטנ שליאַכ איז דער וועג פונ בעזוושקי קיינ לאַפּיניצע ניט מער ווי א זיבנ — אכט קילאָמעטער, נאָר יִצכאָק־בער גייט מיט אים ניט. פונ צוויי פּויערישע הויפנ לאָזט ער זיכ אראָפּ פונ דער פעלד־הייכקייט, וואָס בעזוושקי שטייט אפ איר, אינ טאָל צעפּיכנט דער אנטקעגנדיקער פעלד־הייכקייט מיטנ דאָרפ מאַסאַלינ אפנ רוקנ. איבער א ריי שטיינער, וואָס ליגנ דאָ אָנשטאָט א קלאָדקע, גייט יִצכאָק־בער אריבער דאָס טײַכל, וואָס פליסט אינ טאָל. פינראָגנ וועט יִצכאָק־בער, ווי הינטער די שטערנ דרייענ זיכ אינדרײַענ פּויערטעס... יִצכאָק־בער ווייסט, וואָס די פּויערטעס טויענ דאָרט. מע פארגראָבט אינ דער ערד פונ דײַטש דאָס לעצטע ביסל מזונ, דאָס לעצטע פּידל מעל אינ לעצטע מעשטל קאַרטאָפל.

עס איז שוינ אזייגער צענ, נאָר אפ די קרייט־בלעטער אינ די גערטנער גלאַנצט נאָכ דער פרימאָרגנדיקער טוי.

פונקט ווי בעזוושקי, שנײַדט יִצכאָק־בער דורכ מאַסאַלינ איבער דורכ צוויי שטיי־נערדיקע פּויערישע הייפנ. מיט א פעלד־סטעזשקעלע קומט ער צום בערגל, וואָס הינטער אים שטייט דאָס דריטע דאָרפ גרוסטשעוואָ. פונ דאָזיקנ בערגל וועט זיכ סיטאָמאָל אלע דרײַ דערזעענ, אינ מיזרעכ — וועלדער אונ אינ מערעוו — וועלדער.

יִצכאָק־בער מײַדט אויס אויכ דאָס דאָרפ גרוסטשעוואָ אונ ווענ ער גייט ארײַנ אינ וואָלד, וואָס פירט קיינ לאַפּיניצע, טוט ער אויס דאָס טיכל, וואָס ער האָט דערמיט פארבינדנ די באָק. ער טרעט איבער ביימער־וואָרצלענ אינ קלערט וועגנ זײַנ בראָכעס, וואָס ער האָט מיט א פּאָר באַרעשיס צוריק באַגראָבנ אפנ לאַפּיניצער בעסוילעמ, אינ יענע ווײַנ זינ זאַרמעס, וואָס האָט זיכ עוואַקוירט פונ לאַפּיניצע צוזאַמענ מיטנ מעכאַנישנ וואַרשטאַט. עס איז עפּעס בעסער, קלערט יִצכאָק־בער, וואָס ער האָט קיינעמ ניט, וואָס זאָל אים שטערנ אינ דעמ, וואָס ער טוט. ווי כ׳האָט זיכ געמאַכט, אזוי איז ניט. אָט גייט ער אינ א שליכעס פונ בעזוושקי קיינ לאַפּיניצע, אינ ער דאַרפ ניט וועגנ יעמעצ צי זײַנ אומרויִק. יִצכאָק־בער הייבט אופּ די אויגנ. עס ליכטנ זיכ שוינ די ווײַטע בערעזעס הינטערנ וועג.

אַז אזוי האָט ער באַוואָלינקע אָפּגעשפּאַנט א האַלבנ וועג אינ גאָרניט באַמערקט, ווי גיכ ער איז אימ דורכגעגאַנגענ!

יִיצכאָק־בער גייט ווײַטער, אונ ער דערזעט יונגע מענטשנ צווישנ די סאָסנעס אינ כערעזעס. די יונגע מענטשנ זעענ גוט יִיצכאָק־בערנ, אונ יִיצכאָק־בער זעט די יונגע מענטשנ זייער גוט. צוויי פונ זיי, דעמ ייִדנ לייזער שנײַדערמאַנ אונ דעמ מעסרומ יאַקוב סקיביצקי דערקענט יִיצכאָק־בער. ער קענ ניט נאָר זיי, נאָר אַפילע זייערע טאַטעס, די לאַפּיניצער מוישוויטמ.

„לויפט, לויפט, קינדערלעכ, פונ יעקע־גאַזלענ“, — קלערט יִיצכאָק־בער בא זיכ אינ האַרצנ, אונ אָפּנ קאָל זאָגט ער: — א גוטער וועטער הײַנט, אקוראט צומ שפּאַצירנ...

— א מעכײַע, — שמייכלט מיט קלאָר־ווײַסע ציינ דער שוואַרצכיינעוודיקער לייזער שנײַדערמאַנ.

— איר'ט ניט פאַרבלאָנדזשענ, קינדערלעכ?

— זײַט רויק, זיידעניו, מיר ווייסנ גוט דעמ וועג. — ענטפערט יאַקוב סקיביצקי, אינ פּינקט ווי זיי זײַנענ אומגעריכט דערשינענ פאַר יִיצכאָק־בערס אויגנ, אזוי רינענ זיי אײַמ אומגעריכט צווישנ די ביימער־שטאַמענ. זיי גייענ, קענטיק, מיט באַזונדערע וועגנ...

יִיצכאָק־בער גיט א זיפצ: אזא יונגט, וואָס סע ווערט עס פונ איר... יִיצכאָק־בער פאַרשנעלערט די טריט. איצט איז ניט קיינ צײַט צו זאָגנ קינעס. ער גייט אזוי לאַנג, ביז עס נעמט זיכ פאַר אימ לײַכטנ דער סאָפ וואַלד, וואָס לאָזט זיכ אראָפּ צומ גאָסטינעצ. צווישנ וואַלד אונ גאָסטינעצ זײַנענ צעזייט קופּעס בלעטער־ביימער. אינ איינער אזא קופּע באַהאַלט זיכ יִיצכאָק־בער אינ קוקט זיכ צו, וואָס עס טוט זיכ אפּנ גאָסטינעצ. א ווײַלע איז שטיל, אונ א ווײַלע טראָגנ זיכ דורכ האַמערנדיק די לופט, מאָטאָציקלענ. נאָכ זיי פאָרנ דורכ א פּאָר שוואַרצע דײַטשישע טאַנקענ. א שטיקל צײַט גייט אריבער, אונ דער גאָסטינעצ איז לער. יִיצכאָק־בער וויל זיכ אופהייבנ פונ פּניאָק, אפּ וועלכנ ער זיצט. אינמיטנ דערזעט ער: עהע, א קאָנוואָי גרינע מונדירנ פירט א גאַנצע מאַכנע, יִיצכאָק־בער וואָלט שווערנ, גאָלע ייִדנ.

אַלע איינזרימ ווערנ יִיצכאָק־בערנ ווי אָפּגענומענ, אונ דאָס גאַנצע כעס זײַנס גייט אימ אריינ אינ די אויגנ. אינ דער קאָנוואָירטער מאַכנע זײַנענ געווענ אריבער א צענדליק מיניאָנימ ייִדנ, צו פיר מענטשנ אינ דער ריי. א סאַכ פונ זיי זײַנענ געווענ שטאַרק צעמאַזיקט אונ זײַנענ דעריבער אָפּגעשטאַנענ פונ דער קאָלאָנע. די קאָנוואָירנ פלעגנ באַפאַלנ די אָפּשטייענדיקע מיט כוויזעקדיקע אויסרופנ: „העפּ, העפּ!“ אונ מיט קלאַלעס: „הינדערט מאַוזענד סאַקראַמענט“, אונ מיט זעצנ מיט די געקאָוועטע שטיבלעטנ. די ייִדנ זײַנענ אַלע געווענ באָרוועס. פונ די גוואַלדריסנ האָט זיכ ארויסגעזוענ דאָס אונטערוועש. בא אייניקע זײַנענ די קעפּ געווענ פאַרבינדנ מיט טיכלעכ אינ מיט שמאַטעס. איינער א הויכער מיט א צעקודלטנ קאָפּ האָר האָט ניט געהאַט קיינ מענטשלעכ פּאָנעמ, נאָר א שטיק אופגעלאָפּנ טייג. צווישנ אוילעמ האָט יִיצכאָק־בער דערקענט דעמ לאַפּיניצער אײַנוווינער, דעמ קליינעמ געפּאַכטנ שעכטל מעשאָנזשניק. ערעוו דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט ער גענומענ הינדערט טויזנט דומסקע רובל נאָדאַנ, בייסנ נעפּ האָט ער געמאַכט גאָלדענע געשעפטנ, שפּעטער איז ער געווענ בא סאָוועטסקער וולאַסט א בוכפירער אינ א קאָאָפּעראַטיוו. איצט איז ער געגאַנגענ א באָרוועסער מיט א פּאָנעמ, וואָס דער גרעסטער סוינע זײַנער וואָלט אימ ניט געווונטשנ.

רעכטס פונ גאָסטינעצ זײַנענ געגאַנגענ הרעטשקע־פעלדער אונ קאַרטאָפל־פעלדער. אפּ די מעזשעס האָבנ גראָזנ זיכ געוויגט אינ זומער־ווינט.

די מאַכנע האָט זיכ באַוועגט לאַנגזאַמ. אינ די הינטערשטע רייענ זײַנענ געגאַנגענ עלטערע מענטשנ אָנגעשפּאַרט אפּ שטעקלעכ, וואָס זיי האָבנ אופגעהויבנ פונ דער ערד, א פּאָר צעקאַליעטשעטע יונגע זײַנענ אונטערגעשפּרונגענ אפּ איינ פוס. איינער איז די גאַנצע צײַט געפאַלנ פונ די פיס, ווי א שיקערער. עפּעשער פלעגט

אימ ווערנ ניט גוט, עפּעס האָט ער געהאַט היצ. די אויגנ זײַנענ אימ געווענ האַלב-צוגעמאַכט, ווי ער וואָלט גײן אינ שלאָפ. ער האָט זיכ קעסיידער געבראָכנ די פינגער. א קאָנוואָיר מיט געלע האָר אונ מיט א דיקנ פרישטשעוואַטנ פּאָנעם איז צוגעגאַנגענ צו דעמ קרענקלעכ-פאַרכושטנ יידנ, קלוימערשט פרײַנטלעכ אימ אַרומגענומענ, מיטליידיק אַרײַנגעקוקט אימ אינ פּאָנעם אונ געזאָגט צו אימ: „אָרע-מער מאַנ, דיר איבלט, דו ביסט קראַנק אונ דו ביסט דורשטיק? נאַ דיר, פרײַנט, א טרונק וואַסער!“ אונ באַ די ווערטער האָט ער פונ רוקזאַק אַרויסגענומענ א טערמאָס, אָפּגעשרויפט זײַנ מעטאַלנ דעקל אונ צוגעטראָגנ אימ דעמ קראַנקנ יידנ צומ מויל. אינ זעלבנ אויגנבליק, ווי דער ייד האָט אויסגעצויגנ די ליפּנ צומ טער-מאָס, האָט אימ דער דײַטש א זעצ געגעבנ מיט דער קײלע אינ די ציינ; דער ייד האָט אַרויסגעלאָזנ אַזא יאָמער, אַז עס האָט זיכ אָפּגעשטעלט די גאַנצע מאַכנע. די קאָנוואָירנ האָבנ זיכ אויכ אָפּגעשטעלט אונ געמאַכט א געלעכטער. מער ווי זייער געלעכטער אונ דעמ בעסיקענעמ יאָמער פונ דעמ יידנ מיט די אויסגעזעצטע ציינ האָט מענ ניט געהערט.

אינסטינקטיוו האָט יויצכאָק-בער זיכ אומגעקוקט אינ אַלע זײַטנ, עפּעס קומט פונ ערגעצ הילפ אָדער רעטונג. מער ווי פעלדער אונ א שטומענ פאַרבלאָזנ האָ-ריזאָנט האָט יויצכאָק-בער פאַר זיכ גאָרניט געזענ.

לאַנג איז יויצכאָק-בער געזעסנ אינ זײַנ באַהעלטעניש, אונ פאַר זײַנע אויגנ זײַנענ נאָכ אַלצ געשטאַנענ די סקעלעטיש-פאַרגליווערטע פּנעמער, פאַרוואַקסענע מיט בערד, מיט דער האָפענונגסלאָזער מאָרעשכוירע אינ די אונטערגעשלאָגענע אויגנ.

יויצכאָק-בער האָט זיכ אויפגעהויבנ פונ פניאַק, ווידער פאַרבונדנ זיכ די באַק מיטנ טיכל אונ אַוועק אינ לאַפּיניצע ניט מיטנ גאַסטינעצ, נאָר מיט זײַטיקע וועגנ. מאַריע סטעפּאַנאָוונע, ביאָראָראָוס שוועסטער, האָט ער געפונענ באַ דער באַלניע ויעש. ער האָט איבערגעגעבנ דעמ אויפטראָג, אָפּגענומענ באַ איר די משוווע אונ מייקעפּ זיכ פאַרנומענ אַפּ צוריק פונ לאַפּיניצע.

ער האָט זיכ נאָר אָפּגעשטעלט באַט שטיבל פונ לאַפּיניצער שאַמעס, אַנטקעגנ שולהויפ. פונ זײַנ שטילנ קלאַפּ אינ טיר האָט די שאַמעסטע יענטע-פויגל זיכ אַזוי דערשראָקנ, אַז יויצכאָק-בער האָט אַפּ דער זײַט טיר געהערט, ווי זי ברעכט די פינגער: „ווינד אונ ווײ איז מיר, זיי גייענ שוינ, די ראָצכים, ווו באַהאַלט מענ זיכ פונ זיי“. יויצכאָק-בער האָט אַפּגעבונדנ דאָס טיכל פונ באַק אונ צוגעקלעפּט זײַנ פּאָנעמ צו דער שויב — יענטע-פויגל זאָל אימ דערזענ. יענטע-פויגל האָט אימ אַרײַנגעלאָזנ, אַוועקגעזעצט אימ אַפּנ טאַפּטשאַנ לעבנ אויוונ אונ גענומענ אויס-ניכנ פאַר אימ איר וויסט, איר פאַרסאַמט האַרצ:

— ריבוינעשעלוילעמ, צו וואָס האָסטו מיר געגעבנ יאָרנ, איכ זאָל דערלעבנ דאָס זענ מיט מײַנע אויגנ? מע לייגט זיכ אינ מע ווייסט ניט, מיט וואָס פאַר א צאָרע מע וועט אויפשטיינ. מע שטייט אויפ אונ מע ווייסט ניט, באַהיט זאָל מענ ווערנ, מיט וואָס פאַר א צאָרע מע וועט זיכ לייגנ. העפקער איז געוואָרנ אונדזער לעבנ, העפקער אונדזער יעדער גליד. איכ זאָג אײַכ, רעב יויצכאָק-בער, פערטלענ האָט מענ באַדאַרפט די, וואָס זיי איז נאָכ ניט געפעלנ געווענ סאָוועטסקע וולאַסט, וואָס האָבנ געוואָלט געבראָטענע טײַבעלעכ זאָלנ זיי, גאָרניט טוענדיק, פליענ אינ מויל אַרײַנ, וואָס האָבנ ניט געוווסט, ווי צו שאַצנ א לעבנ אָנ יידישע צאָרעס... אַז מיר האָבנ דאָכ איצטער מוירע פאַרנ דײַטש, ווי פלעדערמײַז האָבנ מוירע פאַר דער ליכטיקער שײַנ. מיר גייענ אינ מיר קוקנ זיכ אַרומ, ווי מיר וואָלטנ געגאַנגענ אינ א פינצטערנ וואַלד. די פיס ציטערנ אונדז, ווי מיר וואָלטנ טרעטנ איבער עקדעשנ אונ שלאַנגענ... נעכטנ איז דער אַלטער כעמיע פאַרבײַ-געגאַנגענ זייער שטאַטכ-אַמט, ווי זיי רופנ דאָס; ער איז טויב, ווי די וואַנט, הייסט ער ניט. אַז א ייד, טאָמער ער טרעפט א דײַטש אָנ אַמאָלעק, דאַרפ ער אימ אָפּגעבנ טשעסט אינ שרײַענ הײַל-שטיטל, היטלער-שמיטלער. האָבנ זיי אימ, פינצ-טער איז מיר, אַזוי צעקײַלט אונ צעבײַלט, אַז ער איז קוימ א לעבעדיקער אַפּ אַלע פיר דערקראָכנ אַהיימ... ווי די הינט טוענ זיי אונדז אָנ בלעכלעכ מיט נומערנ...

דער ייד איז אזוי איבערגעשראָקנ, אז ער האָט מורע אפילו א לופטשיק עפענענ אינ פענצטער. ניט מע עסט, ניט מע טרינקט, ניט מע אָטעמט. הייבנ זיי נאָך גיינ צומ דאָקטער, צי מע דאַרפ ניט שטערילוזירנ, קיינ סאָריד-אופּאַליט זאָל פונ אינדז ניט בלייבנ... געווענ, רעב יצחק-בער, א שטאָט לאַפּיניצע, ווו אינדזערע זיידעס אונ עלטער-זיידעס האָבנ הונדערטער יאָרנ געלעבט. אונ ניטאָ איצט, רעב יצחק-בער, קיינ שטאָט לאַפּיניצע! עפּעס איינער פונ צענ איז געבליבנ, ווער, געזונט זאָל ער זיינ ווו ער איז, עס איז באַצייטנס אַנטלאָפנ, ווענ זיי האָבנ בא ריוונ אויסגעשטעלט אינ צעשאָסנ, פינצטער זאָל זיי ווערנ אונ וויסט, ווענ זיי האָבנ פאַרטריבנ אַפ קאַטאָרגע-אַרבעט, ווענ זיי האָבנ גלאַט אינ דער וועלט אַרײַנ פאַרפּייניקט... א בעסוילעמ איז, רעב יצחק-בער, פונ דער שטאָט געבליבנ, אונ טאָמער קלייבט זיכ אופ א מיניענ ייִדנ צומ דאַווענענ, זאָגנ אַלע ביז איינעמ קאַדעש, וואָרעמ אַלע זיינענ אַווײלימ, ווי אינ הייליקנ אונעסאַנע טויקעפ שטייט.

---

ווענ יצחק-בער איז צוריקגעקומענ אַהיימ קיינ סעוווישקי, האָט שוינ אַפ אימ געוואַרט דער איינהענטיקער וואָזשקע. די אַלטע האַלב-טויבע קסעניע האָט אַפנ דרעמפּוס געבאַקט פּלעצלעכ פונ קאָרנ מעל. דער איינהענטיקער וואָזשקע האָט אָנגעזאָגט יצחק-בערנ, אז פאַרנאַכט וואַרט אַפ אימ אינ קלוב מיכאַיִל סטעפּאַנאָוויטש פיאָדאָראָוו אָפּצונעמענ דעמ גרוס פונ זיינ שוועסטער מאַריע סטעפּאַנאָוונע, דער געוועזענער לערערינ פונ דער פאָלקס-שול, וואָס איז געבליבנ אינ אונטערערד אינ אַרבעט באַם דייטש אַלס וועשערינ.

דאָס יאָדלע-וועלדל מיטנ נאָמענ קלוב האָט זיכ באַדיקט אינ א מאָל אַפ יענער זייט פעלד-הייכקייטנ, וואָס אַפ זיי זיינענ געשטאַנענ די ביידע פּאַראַלעלע דערפער סעוווישקי אינ מאַסאַלינ. יצחק-בער איז געגאַנגענ מיטנ איינהענטיקנ וואָזשקענ. א שטשערבאַטע האַלבע לעוואָנע האָט באַלייכטנ די סעוווישקער געגנט, דעמ ווינקל-דיקנ וואַלד-דורכלויכט, וואָס הינטער אימ האָבנ געלויערט די דייטשישע וועלפ, דעמ גרושעווער באַרג אונ דעמ גראָזיקנ טאָל, וואָס לאָזט זיכ אויס צווישנ סעוווישקי אינ מאַסאַלינ מיטנ שטאָלענעמ בלישטשיש פונעמ וויהאָג-טייכל.

„ווענ מיכאַיִל סטעפּאַנאָוויטש נעמט מיכ צו אינ וואַלד אַרײַנ!“ — האָט יצחק-בער א טראַכט געגעבנ.

פיאָדאָראָוו איז געזעסנ אינ קלוב אַפ אַנ אומגעוואַלגערטער יאָדלע אונ מיט אַנ אַראָפּגעלאָזטנ קאָפּ אויסגעהערט, וואָס יצחק-בער האָט אימ דערציילט וועגנ זיינ גאַנג קיינ לאַפּיניצע אונ וועגנ לאַפּיניצע גופא. פיאָדאָראָוו האָט קיינ איינ מאָל ניט אויפגעהויבנ די אויגנ צו יצחק-בערנ, נאָר ווענ יצחק-בער האָט געענדיקט, האָט ער עטלעכע מאָל א קריץ געגעבנ מיט די ציינ:

— מערזאַווצי!

נאָכ א קליינער פּויזע האָט יצחק-בער געזאָגט צו פיאָדאָראָוונ:

— אומזיסט האַלטסטו מיכ, מיכאַיִל סטעפּאַנאָוויטש, אינ סעוווישקי, פּאַר א באַבינדלער איז גענוג איוואַנ קאָראָבקינ. נעמ מיכ צו אינ וואַלד אַרײַנ, יצחק-בער איז ניט פונ די מענטשנ, וואָס קריכנ אַליינ צו דער כייע אינ די נעגל...

— גוט יצחק-בער, קומ מיט מיר! — האָט פיאָדאָראָוו זיכ אויפגעהויבנ אינ פעסטער פאַרצויגנ די פּאַרטופּייע איבער דער פּויערשער סוויטקע.

דער איינהענטיקער וואָזשקע האָט זיכ אומגעקערט אינ סעוווישקי מיט א שליכעס צו איוואַנ קאָראָבקינענ, אינ יצחק-בער קופּערמאַנ איז אַוועק מיט פיאָדאָראָוונ אינ וואַלד אַרײַנ צומ פּאַרטיזאַנישנ אָטריאַד.

———★☆★———

ראָכל בוימוואָל

# אַנ אומבאַקאַנטנ רויטאַרמייער

ניט איכ האָב געטראָגנ אים אונטער מײַנ ברוסט,
ניט איכ — פונ זײַנ פּאָקנ אונ מאָזלענ געוווּסט,
ניט איכ האָב אַנ אלעפבייס אים געקויפט,
ניט איכ האָב געזעסנ אינ דער שול ווי ער לויפט;
ניט איכ פלעג אים אָפּוואַרטנ שאָענווײַז לאנג,
ווײַל ס'עסנ ווערט קאלט, אונ א מאמענ טוט באנג...
ניט איכ האָב באגלייט אים אינ רויטער ארמיי
אונ זאָגנ מער גאָרנישט געקאָנט, ווי: „נו, גיי"...
ניט איכ פלעג באקומענ די בריוו נאָכאנאנד
אונ עפענענ זיי מיט א ציטער אינ האנט.
ניט איכ האָב דערזענ פאר די אויגנ זײַנ וויג,
ווענ כ'האָב זיכ דערוווּסט פונ זײַנ אומקומ אינ קריג.
נאָר איכ בינ א מאמע, אונ איכ בינ א פרוי,
אונ כ'ווייס, אז דאָס אלצ איז געווענ פונקט אזוי.
איכ זע דורכ אונ דורכ עס, דאָס שוידער-וואָרט „שלאכט".
איכ ווייס, אז דאָס הייסט גיינ אינ אָנגריפ באנאכט,
אונ וואכ זײַנ פארטאָג, אונ אינ אָוונט זײַנ גרייט,
אונ טיילנ מיט טויזנט דעמ גרויל אונ די פרייד,
אונ האָבנ א ווארעמענ וואָרט נאָכ אינ מויל,
אונ צופעליק טרעפנ א נארישע קויל...
פונ לעבנ פונ גאנצנ א טראכט טאָנ אפגיכ,
אונ אויכ פונ דער מאמענ, וואָס זי איז — ניט איכ...
נאָר איכ בינ א מאמע, אונ איכ בינ א פרוי,
אונ כ'ווייס, אז דאָס אלצ איז געווענ פונקט אזוי.

---

# דו הערסט?

אויסגעבענקט איכ האָב זיכ נאָכ דײַנ נאָמענ, —
דעמ, אפ וועלכנ דו נאָר רופסט זיכ אָפּ,
וואָס פונ אים דאָס בלוט נעמט שטארקער שטראָמענ
אינ מײַנ הארצ, אונ ס'דרייט זיכ זיס דער קאָפּ.

אויסגעבענקט איכ האָב זיכ נאָכ דײַנ אָטעמ,
נאָכ דײַנ ליבנ, נאָענטנ געשטאלט,

נאָכ דײַנ קאָל, אפילע נאָכ דײַנ שאָטנ,
וואָס אפ װענט פונ צימער מער ניט פאלט.

וויַט ביסטו, צו דיר דערגרייכנ כ'קאָנ נישט.
כ'האָב א קורצנ אדרעס פונ ארמיי —
ערגעץ אינ די קאַנטנ פונ װאָראָניעזש
פעלד-פּאָסט טויזנט נײַנ הונדערט זעכציק צוויי.

גיי אונ פרווו מיט אָט אזא מינ נומער
אָפּזוכנ א מענטשנ אפ דער וועלט, —
ערגעץ איז ער איצט שוינ אָנגעקומענ,
זיכ אפ נאכטלעגער דאָרט אָפּגעשטעלט...

פרעגנ כ'וועל באביימער אונ בא קוסטנ,
בא דער זונענ-בלומ אונ בא דעמ זאנג
פונ מײַנ פרײַנט פאר זיי אנ אומבאוווסטנ,
וואָס האָט עפשער דורכגעשפּאנט ניט לאנג

מיט א לעפל אינ די ברייטע שטיוול,
מיט א קעסעלע אונ מיט א ביקס אינ האנט...
הערסט, איכ וויל קיינ סאכ ניט, נאָר א בריוול,
אונ די האנטשריפט זאָל מיר זײַנ באקאנט.

---

# א בריוו

אָפּזײַנ יאָרנלאנג — איינ לעבנ הארט באמ צווייטנ —
ווער איז, אייגנטלעכ, דאָ איכ, ווער דו?
ווי א פאָדעמ, אפ די הענט דיכ שפּרייטנ,
אונ פארלירנ, אונ ניט וויסנ ווו...

ווו ביסטו? ווו איז דײַנ ליבער אָטעמ?
צי האָט אימ ניט אָפּגעהאקט קיינ קויל?
ווו איז יענע טייל אונ יענע ראָטע,
וואָס דו טיילסט מיט איר דײַנ פרייד אונ גרויל?

כ'וואָלט פאר אײַכ פאר אלע וועש געוואשנ —
דײַנ געזאלצנ העמדל גיכער גיב, —
הריקענע וואָלט איכ אײַכ קאָכנ קאשע,
(קאשע הריקענע האָסטו דאָכ ליב).

אוב עס וואָלט דער סוינע אונדז באָרינגלענ,
וואָלסט א לעצטנ מאָל מיכ צודריקנ צומ ברוסט —
כ'וואָלט אנטלויפנ, אויב ס'וואָלט מיר געלינגענ,
כ'וואָלט געשטאָרבנ, אויב איכ וואָלט געמוזט.

---★☆★---

אווראָמ קאהאנ

# אינ א כוטאָר־שטיבל [1]

אפנ ערדענעמ דיל איז געלעגנ פארוויקלט אינ שינעל מאנקע שקליאר. דער ווייטעק אינ דער זײַט איז א ביסל אײַנגעשטילט געוואָרנ. אָבער זי האָט זיכ נאָכ ניט געקענט באַוועגנ. זי האָט זיכ קוימ דערשלעפט אהערצו, אינ דעמ פארוואָרפענעמ כוטאָר, ווו סע שמעקט מיט פוסטקײַט אונ שטילקײַט. וויפל זי ליגט שוינ דאָ, איז איר זיכ שווער צו דערמאָנענ. דער מויעכ איז אזוי פארטשאדעט, אז אלעמאָל, ווענ זי וויל עפענענ די אויגנ, מיישט אינ קאָפ. אינ מויל איז ביטער, ווי זי זאָל קײַענ די גאנצע צײַט פאָלינ. אינ די מינוטנ, ווענ ס'ווערט איר לויטערער דער באַוווּסטזײַנ, געדענקט זי:

...זייער טייל איז געבליבנ אינ הינטערלאנד באמ דײַטש. א פינצטערע נאכט, אָנ שטערנ אונ אָנ א הימל. פונדערווײַטנס בילנ דעמ כוינעס הארמאטנ. זיי שיסנ גלײַכ אינ דער נאכט ארײַנ. אינ זייער סאנטייל זײַנענ געלעגנ נײַנ שטארבנדיקע רויטארמייער. זי מיט יורי קאָשארנ זײַנענ געבליבנ מיט די דאָזיקע נײַנ. די פאַלאטקע זייערע שטייט באמ ראנד פונ א וועלדל. ס'האָט זי געטרייסלט פונ דער אומגעהייערער לאנאָנאדע. באמאָג האָבנ זיי פארלוירנ דעמ פרײַלעכנ גוטמוטיקנ דאָקטער, וואָס פלעגט אינ די שווערסטע מינוטנ פונ ארומרינגלונג טײַנענ, אז מע וועט זיכ דורכרײַסנ אונ מע וועט נאָכ ארײַנ די ערשטע קיינ קיִעוו. ער האָט געוואָלט טרייסטנ די צוויי איבערגעבליבענע פעלדשערקעס מאנקע שקליאר אונ יורי קאָשארנ אינ די נײַנ שטארבנדיקע רויטארמייער. לעבנ דאָקטער האָט זיכ אופגעריסנ א כנאריאד. ער איז צעריסנ געוואָרנ אפ פיצלעכ. מע האָט ניט געקאָנט אפילע געפינענ זײַנ געביינ. דער טויט איז נאָכגעלאָפנ פוס־טריט זייער טייל. ווו מע האָט זיכ ניט א קערעווע געטאָנ — דײַטשנ. אזוי ווי מורעשקעס באַ די וואָרצלענ פונ ביימער — אָנ א שיור. גרינע מונדירנ מיט שווארצע אווטאָמאטנ רוקנ זיכ אלצ פאָרויס. צופוס אונ אפ גרויזאמע טאנקענ.

די נײַנ רויטארמייער בעטנ בלויז טרינקענ. עסנ פאָדערנ זיי ניט. ווו נעמט מענ וואסער? ארומ אונ ארומ — וואלד אונ סטעפ. קיינ טײַכל ניטאָ. קיינ ברונעמ ניטאָ. מאנקע שיקט יורינ נאָכ וואסער. „ווּהינ?“ — פרעגט ער זי מיט די אויגנ, צי וועט ער זיכ צוריק אומקערנ? אָבער מע מוז. זיי שטארבנ, ווײַזט מאנקע אפ די רויטארמייער. שוינ וויפל מאָל איבערגעבונדנ זיי די וווּנדנ, זייער קרעכצנ איז איר שווער איבערצוטראָגנ. פאר די אָנגעהאלטנ כאָדאָשימ צײַט האָט זי איבערגעבונדנ ניט איינ פארוווּנדעטנ, אָבער מיט אָט די נײַנ, מיט וועלכע זייער סאנטייל שטייט שוינ עטלעכע מעטלעכע טעג אפ דעמ זעלביקנ אָרט, וואָס טוט מענ מיט זיי!

— אפ וואָס ווארטנ מיר, מאנקע? — זאָגט קאָשאר. — מע דארפ זיכ לאָזנ וווּהינ די אויגנ טראָגנ.

— ניינ. זי וועט ניט איבערלאָזנ די פארוווּנדעטע רויטארמייער. צוזאמענ מיט זיי... ביז דער לעצטער רעגע.

— ס'איז אָבער נאריש שטארבנ אזוי, מע דארפ זיכ דורכשלאָגנ. זיי, די רויטארמייער, איז שוינ אלצײיינס. מע דארפ זיכ ראטעווענ. מע טאָר ניט אזוי. דער דײַטש וועט אלעמענ פארכאפנ אונ איזדיעקעווענ זיכ.

---

[1] א קאפיטל פונעמ ראָמאנ „אפ אונדזער ערד“.

— כאנקע, — בעט זיכ יורי.

כאנקע פארשטייט, אז ער איז געלעכט. דאָכ — ניינ, זי וועט ניט איבערלאָזנ די פארווונדעטע. קאָשאר נעמט עטלעכע גראנאטעס אונ מיט פלאמענדיקע אויגנ זאָגט ער, אז ער וועט זיכ דורכרייסנ אונ ברענגענ הילפ אונ ברענגענ וואסער. גוט, לאָז דאָ כאנקע בלייבנ לעמ די רויטארמייער. ער פארשטייט, אז ס'איז איר שווער זיי איבערלאָזנ. וועט ער ברענגענ וואסער אונ געזונטע רויטארמייער אונ צוזאמענ וועט מענ ארויספירנ די פארווונדעטע. זאָל כאנקע זיינ רויק.

— כאווירימ, — שעפטשעט צו די רויטארמייער קאָשאר, — האלט זיכ,ווארט, שטארבט ניט, איכ וועל אייכ ברענגענ הילפ, איכ וועל...

די רויטארמייער הערנ שוינ ניט. בא אלעמענ פארמאכנ זיכ די אויגנ. קאָשאר טאפט אָנ בא איניקע דעמ דויפעק. ניטאָ שוינ קיינ דויפעק. „נא, זע — ווינקט ער צו כאנקענ — דריי זיינענ שוינ געשטארבנ, נאָר די איבעריקע זעקס אָטעמענ נאָכ".

אונ ס'איז א פינצטערע נאכט ארומ אונ ארומ. אז ווי קומענ גאָר אהער אזעלכע שוידערלעכע נעכט? ניט ווייט פונ קיעוו — אזעלכע וועלפישע נעכט, מעשוגע צו ווערנ! איינער א רויטארמייער האָט זיכ אויפגעהויבנ אויפנ טראָגבעטל אונ געשריגנ פונ היץ מיט אנ אומענטשלעכ פארענדערט קאָל. כאנקע בארויקט אימ אונ וויל אימ פארמאכנ דאָס מויל מיט דער האנט. סע קאָנ נאָכ אהערצו אָנקומענ דער סוינע, וואָס לויערט דאָ אפ שריט אונ טריט. דאָס שרייענ פונעמ רויטארמייער שפאלט די פאלאטקע-ווענטלעכ אונ פליט ארויס אינ דער נאכט אונ קייקלט זיכ אינ מעשונעדיקע ווידערקאָלנ, וואָס לעשנ זיכ ערגעץ אויס, פארכלינענדיק זיכ אינ שיסערייִ. ווידער שיסערייִ. אפילע באנאכט הערט עס ניט אופ. אונ אז יורי וויל זיכ לאָזנ אוועקגיינ, — עפשער נאָכ וואסער? עפשער נאָכ הילפ? לאָזט אימ כאנקע ניט. זי מיינט, אז יורי וויל אזויארומ זיי פארלאָזנ. זי זאָגט עס אימ. ער ציטערט זיכ אָנ פונ באליידיקונג. וויבאלד אזוי, בלייבט ער מיט איר, מיט זיי, אונ זאָל זי ניט מיינענ, אז ער וויל זיכ ראטעווענ. פארקערט, שפעטער מיט א שאָ, ווענ כאנקע האָט שוינ געוואָלט אימ אוועקשיקנ, האָט יורי ניט געוואָלט. „ניינ, צוזאמענ מיט איר אָדער אויסלעבנ, אָדער אומקומענ".

פונ די געבליבענע זעקס רויטארמייער האָבנ נאָכ צוויי פארמאכט די אויגנ. ס'ווערט שרעקלעכער מיט די געשטאָרבענע אינ דער פאלאטקע. די נאכט ציט זיכ אזוי לאנג, ווי די אומענדלעכע טרויעריקע סטעפעס. קאָשאר איז אייַנגעשלאָפנ. זי, כאנקע, וועקט אימ, ער איז אָבער מעסוקנ מיד. אָנגעשפארט דעמ קאָפ אינ א געשטאָרבענעמ רויטארמייער, שלאָפט ער, איר כאווער. ער ווייסט שוינ ניט פונ אירע ליידנ. זי הערט זיכ איינ אינ דער נאכט. ס'איז איצטער שטילער געוואָרנ. די נאכט האלט זיכ שוינ באמ איבערברעכנ. כאנקע גייט ארויס פונ דער פאלאטקע אונ זעט, ווי באמ האָריזאָנט הייבט זיכ אופ א פייער. סע ברענט א דאָרפ. ווו זיינענ זיי איצטער, אינ וואָסער אָרט? ביז פריער מיט א צוויי טעג האָט מענ געוווּסט, ווו מע געפינט זיכ, אונ איצט זיינענ פארלאָרנ געוואָרנ אלע ווענג, אלע סטעזשקעס. ס'קומט אָנ א פארפרי אונ לעשט אויס די רויטקייט באמ האָריזאָנט. סע טאָגט. כאנקע דערהערט ווידער א קאנאָנענ-שיסערייִ. עפשער זיינענ דאָס אונדזערע? ס'דאכט זיכ איר, אז דאָס רעדט אונדזער ארטילעריע, ניט ענלעכ אפ דער באנאכטיקער שיסערייִ. ניינ, סע איז דאָס זעלביקע. א הילכיקע באָמקערייִ, וואָס פארגייט זיכ איבער די ביימער אונ פאלט אינ די יארנ ארייִנ מיט אָפשטארבנדיקע דונערנ. אונ פלוצעמ... עס האָט זי פארדרייט אונ אופגעהויבנ אינדערלופטנ. אכ!.. ס'האָט זי א ברי געטאָנ אינ דער זייט. די פאלאטקע איז ניטאָ... אונ ווו זיינענ די רויטארמייער? זי דערזעט זיי: באזונדער איינער, אונ דאָרטנ א ביסל וויי̆טער, באמ בערגל — דער צווייטער... א פוס... באזונדער — א שטיוול, אונ יורי קאָשאר מיט גוויסעדיקע אויגנ. „כאנקע, גיב מיר דיינ האנט, כאנקע". „יורי, ווארט, מירנ גייִנ צוזאמענ נאָכ וואסער פאר די רויטארמייער. זיי ווילנ טרינקענ. ווארט

 

אויפ, יודי, שטארב ניט. מיר וועלנ נאָכ צוזאמענ גיינ אפנ פאמיר, איכ ווער אויכ אנ אלפיניסטקע. דערווײַל קומ צום ברוגעט. איכ ווער פארברענט נאָכ א טרונק"...

— דיווטשינא, טשערניאווא, וואָס איז מיט דיר? — וועקט מענ זי.

כאנקע שקליאר עפנט די אויגנ. פאר איר שטייט טערעשקע דוראר, וואָס האָט זי אהער אינ כוטאָר⸗שטיבל געבראכט. ער שמייכלט צו איר דורכ זײַנע גרויסע זאפאָראָזשער וואָנצעס.

— וואָס שרײַסטו? נא, נעמ, — אונ ער דערלאנגט איר א גלאָז מילכ. — באלד וועט ארײַנגיינ אוסטיע, וועט זי דיר געבנ עפעס עסנ.

— זיידעניו, גיב א טרונק וואסער.

— טרינק מילכ, סע היילט אונ סע לעשט דעם דאָרשט.

כאנקע פרווט זיכ אופזעצנ. פונעמ אויוונ שפרינגט אראָפ מאריקע, דאָס צעניאָריקע מיידעלע מיט די לאנגע פארפלאָכטענע צעפלעכ. זי זעצט זיכ צו צו כאנקענ, קוקט איר אינ די אויגנ ארײַנ שווײַגנדיק, אופמערקזאמ אונ מיט קינדערשער פארינטערעסירטקײַט. זי פארבייגט אינ א זײַט דאָס קעפל אונ פרעגט:

— סע טוט וויי?

כאנקע שאָקלט מיטנ קאָפ אונ ציט אפ זיכ ארופ דעם שינעל העכער צום פאָנעמ.

— קומ אהער, דיווטשינא, — אונ דער אלטער ווײַזט איר אפנ געלעגער הינטער א פאָרהענגל.

כאנקע וויל ניט אריבערגיינ. ס'איז איר דאָ ניט שלעכט. ס'איז ווארעמ, פונעמ אויוונ ציט אהערצו אזא ליבע ווארעמקײַט.

אינגיכנ איז אָנגעקומענ אוסטינא פעטריוונא, א באיאָרטע פרוי מיט א וווּנדערלעכ⸗יונגטלעכ פאָנעמ. מיטנ טיכל, וואָס זי טראָגט אפנ קאָפ, האָט אוסטינא פעטריוונא דערמאָנט כאנקענ איר באָבע קיילע, וועלכע פלעגט אויכ אזוי אלע ווײַלע פארבינדנ אונטערנ גוידערל דאָס טיכל מיט צוויי סטארטשענדיקע עקנ. אוי, די זײַדענע טיכל⸗שפיצנ! די באָבע קיילע פלעגט ליב האָבנ כאנקענ קיצלענ מיט איינ טיכל⸗שפיצ אונטערנ אויער אונ פלעגט דערבײַ לאכנ זקייניש⸗דריבנע.

אוסטינא פעטריוונא בייגט זיכ צו צו כאנקענ אונ פרעגט:

— דו ווייסט, וויפל טעג דו ביסט בא אונדז?

ניינ. כאנקע געדענקט ניט.

— טערעשקע, דערצייל איר, דער דיווטשינע.

דער אלטער פארדרייט א ציגאר מאכאָרקע, טוט א גלעט די וואָנצעס אונ פארייכערט.

— ווי רופט מענ דיכ?

— אניא.

— דאָברע, אניא.

דערנאָכ האָט אוסטינא פעטריוונא ארויסגענומענ הייסע קארטאָפל פונעמ אויוונ, ארײַנגעלייגט א שטיקל פוטער, אָפּגעשיילט א ציבעלע אונ דערלאנגט כאנקענ. ביים כאנקע האָט געגעסנ, האָט זי באמערקט, ווי טערעשקע בייגט זיכ אָנ צו דער אלטער אונ זאָגט איר עפעס אפנ אויער, ווײַזנדיק אפ כאנקענ. די אלטע קנייטשט מיט די אקסל.

— סליכײַ נאָ, — טוט טערעשקע א הוסט, — אוסטינא פעטריוונא פרעגט, צי ביסטו פונ די יידנ. טאקא טשערניאווא!

דעם מיידל האָט דאָס בלוט א זעצ געטאָנ אינ פאָנעמ. טערעשקע דערפילט, אז דאָס מיידל האָט זיכ פארלוירנ. פארשטייט ער, אז עפעס האָט ער צו גראָב א פרעג געטאָנ, ער קוקט אפ דער אלטער. אוסטינא פעטריוונא אפ אימ.

— שרעק זיכ ניט, — זאָגט אוסטינא פעטריוונא — מיר וועלנ דיכ ניט ארויסגעבנ, פארקערט... אוי, האָבנ זיי מויבייקענ מיט זײַנע קינדער... דו שרעק זיכ ניט...

— באבוניא, דערמאָנ ניט, — מישט זיך אַרײַנ דאָס אייניקל מאַריקע און פאַר־דעקט דאָס פּנעמ מיט די הענט.

באַנקע איז ווירקלעך געוואָרנ שווער. זי רוקט אָפּ דעמ טעלער קאַרטאָפל און לייגט זיך צוריק אוועק אָפּנ דיל.

דאָס פּאַרפּאַלק דערפילט זיך שלעכט. צוערשט קוקט מענ מיט שטראָפנדיקע בליקנ איינס אָפּנ אַנדערנ, דערנאָך באַהאַלט מענ די פּנעמער איינס פונעמ אַנדערנ. אוסטינא פּעטריוונא נעמט אַרויס עטלעכע גרויסע עפּל, לייגט זיי שווײַגנדיק אוועק לעבנ באַנקענ, דערנאָך האָט זי, טרייסלענדיק מיטנ קאָפּ, געהייסנ דעמ מיידל אַפּגיכ, אַפּגיכ זיך אופהייבנ פונעמ דיל.

— הייב זיך אופ אָנ שום טענעס.

באַנקע האָט מער ניט דערהוידערט. אוסטינא פּעטריוונא האָט זי אַרײַנגעלייגט אינעמ בעט הינטערנ פאָרהענגל, צוגענומענ דעמ שינעל און אָנ שום רייד אַ מ אַרופגעוואָרפנ אָפּנ אויוונ און דאָרטנ אימ פאַרשטעקט. די אַלטיטשקע וויל איבער־דעקנ באַנקענ מיט דער וואַרעמער קאָלדרע. טערעשקע דרייט זיך אַרומ בײַדע — אַרומ דעמ ווײַב און אַרומ באַנקענ און קוקט נאָכ, ווי זאָרגזאַמ, מוטעריש־האַרציק אוסטינא פּעטריוונא פּאָרעט זיך אַרומ דעמ מיידל. סע פילט זיך, אַז ס'מוט אימ האַנאָע, ווײַל אַלע ווײַלע וואַרפט ער זיך דערלאַנגענ דעמ ווײַב, וואָס סע פעלט איר אויס צו דער האַנט: דעמ קישנ, דאָס איבערבעטל, דעמ לײַלעכ, די קאָלדרע, און זי נעמט עס גלײַכגילטיק פונ זײַנע הענט און זאָגט אימ איצטער גאָרנישט, ווי זי וואָלט עס געטאָנ אַ אַנדערש מאָל, ווענ ער מישט זיך ניט אינ זײַנ זאַכ...

— יענע נאַכט, — רעדט טערעשקע ווי צו זיך אַליינ, — זײַנענ דאָ אינ כומאָר געווענ דײַטשנ און געבאַטקעט באַ אַלעמענ אינ די שטיבער. נו, דאַרפ מענ זײַנ געהיט...

אוסטינא פּעטריוונא שאָקלט צו מיטנ קאָפּ, און מאַריקע שטעלט זיך אוועק צו־קאָפּנס לעבנ באַנקענ.

— גיי אוועק, שטער ניט, — בייזערט זיך דער אַלטער, אָבער באַנקע האַלט צו דאָס מיידעלע באַ דער האַנט.

— פאַרקערט, ס'איז מיר ליב. זאָל זי שטיינ, וואָס אַרט אײַנ.

מיט אָנגעבלאָזענע ליפּנ איז מאַריקע געבליבנ שטיינ, דערנאָך האָט זיך אַ לאָז געטאָנ צום פּענצטער, גענומענ אַ לערנביכל, אופגעמישט אַ בלעטל און אָנ־געהויבנ לייענענ. פונ צײַט צו צײַט זיך אָפּגעשטעלט, איבערגעפירט די בליקנ אָפּ באַנקענ.

— לייענ, דו לייענסט שוינ גוט. — זאָגט באַנקע.

אָפּ מאָרגנ איבערפרי איז טערעשקע דורכ אַרײַנגעלאָפּנ פאַרסאָפּעט, שווער אַרויסגעאָטעמט: „זיי גייענ", און זיך אוועקגעזעצט אָפּנ טאַבורעטל קוקנ אינ פענצ־טער אַרײַנ, לעבנ אימ, — אוסטינא פּעטריוונא. אינ אַ ווינקל, מיט אַ אָפּנ מויל, כיט דערשראָקענע אויגנ — מאַריקע. אַלע דרײַ האָבנ זיך אומגעקוקט צום בעט צו באַנקענ. דערפילט די אָנגעשטרענגטקײַט און די פאַרלוירנקײַט פונ אירע באַ־באַטים, האָט באַנקע זיך אופגעהויבנ פונעמ געלעגער און, פאַרקלעמענדיק די ציינ פונ ווייטעק אינ דער פאַרוואונדעטער זײַט, האָט זי געוואָלט אַרויס דורכ דער הינ־טערשטער טיר.

— ליג! — האָט פעסט געזאָגט טערעשקע, — ליג אָפּ דײַנ אָרט.

מער האָט ער שוינ גאָרניט באַוויזנ צו זאָגנ. אינ שטוב איז אַרײַנ אַ פּאָליציײַ, אַליינ זיך גענומענ אַ טאַבורעט, שווער זיך אוועקגעזעצט, באַקוקט די שטוב.

— ניטאָ דאָ קיינ פּאַרטיזאַנער?

קיינער האָט ניט געענטפערט.

אוסטינא פּעטריוונא האָט געטראָגנ צום טיש איר באַליבט מאַכל — אַ קיר־בעסענע קאַשע.

— עפּשער וועט דער פּאַנ עפּעס עסנ?

— איכ פרעג דאָכ אײַכ, וואָס זשע פארשטופּט איר מיר דאָס מויל מיט קאַשע.

— מיר זײַנענ שוינ צו אַלט פאר אזעלכע זאכנ, — ענטפערט מערעשקע, — ארבעט איז פאראנ איבערנ קאָפּ. מע דארפ מעלייצענ, מע דארפ דעמ פלויט פאריכטנ. דערצו האָט גאָט מיכ געשטראָפט מיט א קראנקער פלימעניצע, וואָס שטארבט, פאנ פאָליציאַנט.

— האָספּאָדי — מוט אוסטינא פעטריוונא א קרעכצ אונ שטעלט זיכ אוועק לעבנ פאָרהענגל.

כאנקע הערט אלצ. די פיס האָבנ זיכ בא איר אָפּגענומענ. איר קאָפּ איז שווער, זילבערנע פונקענ פליענ פאר די פארמאכטע אויגנ. זיי פאלנ, די פונקענ, אינ אנ אָפּגרונט אונ לעשנ זיכ אויס מיט א זידעניש. דערפונ הילכט אינ די אויערנ.

דער פאָליציי מיט א ריס ארױפ דאָס פאָרהענגל. צוויי וואָלפישע אויגנ מיט א פאריסענער נאָז האָבנ זיכ אָנגעשטעלט אפ כאנקענ.

— די פלימעניצע דײַנע זעט אויס ווי א טאראָקשקע.

— באָראָנ באָזשע, פאנ פאָליציאַנט, — כאפט אונטער אוסטינא פעטריוונא, — אינ אונדזער מישפּאָכע זײַנענ קיינמאָל קיינ ייִדנ ניט געווענ. — אונ קערעוועט זיכ אויס צו כאנקענ, — אנישקא, משויעשע, אנושקא. זי הערט נעבעכ גאָרניט. מערעשקא, ווענ וועסטו שוינ גיינ אינ אפטייק?

מערעשקע גלעט די לאנגע וואָנצעס.

— א ווײַטער גאנג אינ אפטייק.

— מײַנ קאַשע איז מאקע פארכאָלאָנעט געוואָרנ, פאנ פאָליציאַנט. — שאָקלט באדויערנדיק אוסטינא פעטריוונא מיטנ קאָפּ.

— א קאַשע גיט מענ א מאנבפארשוינ? — האָט מערעשקע זיכ געבייזערט. — פּאָמשעקײַ. — ער איז ארויס אינ פירהויז, ארײַנגעבראכט א פלעשל, ארומגעווישט עס פונ די ארומגעקלעפּטע שטרויעלעכ. — עמעסע „מאָסקאָווסקע“, זיכ דערוואַרט אפ א גאסט.

דער פאָליציאַנט מיט א הוסט, זעצט זיכ אוועק אפ א טאבורעט. אפנ טיש האָט אוסטינא פעטריוונא דערלאנגט געדייכערט פלייש. אויסגעטרונקענ א גלאָז בראנפנ, פארביסנ, האָט זיכ דער פאָליציאַנט אוועקגעשטעלט קעגנ דער איקאָנע אינ ווינקל, עטלעכע מאָל זיכ איבערגעצייכנט, געניטענ מאריקענ אפ די הענט, זי צוגעבראַנג צו דער איקאָנע אונ א געשריי געטאָנ:

— ציילעמ זיכ איבער!

דאָס מיידעלע האָט פאר שרעק ניט געוווסט וואָס צו טאָנ.

אוסטינא פעטריוונא האָט צארט אונ שטיל געזאָגט צומ אייניקל:

— ציילעכ זיכ איבער.

באמ מיידעלע האָבנ געציטערט די הענטלעכ. זי האָט געפלאטערט אינעמ פאָליציאַנטס הענט, קוקנדיק אפ זײַנ געזונט, אָנגעגאָסנ פּאָנעמ.

— נו, מערעשקא, אויב דײַנ פלימעניצע איז אזא, דארפ מענ אײַכ צעשיסנ, וואָס איר האָט עס געמאכט פונ די קינדער...

אונ ער איז ארויס פונעמ שטוב.

אוסטינא פעטריוונא האָט זיכ איבערגעציילעמט, כאנקע האָט פרײַ אָפּגעאָטעמט. די קליינע מאריקע האָט א הייב געטאָנ דאָס פאָרהענגל, צוגעלאָפנ צו כאנקעס געלעגער אונ זיכ צוגעטוליעט מיטנ שטערנ צו כאנקעס באק, וואָס האָט געפלאמט אונ אזש געברוט דעמ מיידעלע אינ שטערנ.

— אנושקא־אנישקא, — האָט מאריקא איצטער נאָכגעמאכט דער באָבענ, ווי זי האָט עס פריער, ווענ דער פאָליציאַנט איז געווענ, געשריענ.

דערופ האָט אוסטינא פעטריוונא צופרידנ זיכ אָנגערופנ:

— אכ דו, שאָדנ־ווינקל, קרימסט נאָכ דער באָבענ.

א וואָכ נאָכ א וואָכ איז אוועק אונ כאנקע איז נאָכ אלצ געווענ פארשטעקט אינ דער פייערשער שטיב אינ פארוואָרפענעמ כוטאָר, ניט ווײַט פונ גארעווקע.

די ווונד האָט זיכ צוגעהיילט. אונ אָט איז שוינ דער ערשטער טאָג, ווענ זי איז אראָפ פונעמ געלעגער. זי וועט פרווונ שטעלנ די פיס, דורכשפאנענ איבער דער שטוב. זי קוקט ארויס דורכנ פענצטער אונ ווערט צוגעזאָמט מיטנ פאָנעמ צו דער טאפליע. גאנצפרי... נאקעטע ביימער, וואָס שטייענ אינ קופקעס, האלב-צוגעפרוירענע פארזשאווערטע בלעטער, איינגעטאָפטשעטע אינ דער ערד. א דינ פרעסטל האָט מיט ווייסע קענטעלעכ ארומגעזוימט די צווייגנ אפ די ביימער, די רעכער פונ דער קלוניע אונ פונ דער פערד-שטאל. פונ אָנגעכמארעטנ הימל רייסט זיכ די זונ אונ קאָנ אלץ זיכ ניט באווייזנ. עס דאכט זיכ, אז זי רוקט זיכ ערגעצ אינ יענער זייט באלקע אונ וועט זיכ קיינמאָל ניט אופהייבנ. אש-קאָלירענע וואָלקנ-דלעכ הענגענ איבערנ הייפל אונ איבער דער קלוניע. אָט גייט פונ שטאל ארויס די בעהיימע אונ גייט צו צומ טויער. זי רופט, אונ איר רופ טראָגט זיכ מאָרע-שכוירעדיק איבערנ ארומ.

מאריקע גייט צו צו כאנקענ אונ טוליעט אויכ איר קעפל צו די טאפליעס. כאנקע נעמט ארומ דאָס מיידעלע אונ דריקט זי צו צו דער ברוסט.

— האָסט א טאטנ? — פרעגט פלוצעמ מאריקע אונ קוקט כאנקענ אינ די אויגנ.

— יאָ.

— אונ א מאמענ?

— יאָ.

— אונ שוועסטערלעכ?

— יאָ, — שאָקלט כאנקע מיטנ קאָפ.

— אונ ברידער?

— ניינ.

— אונ איכ האָב, — בארימט זיכ מאריקע אונ פירט צו כאנקענ צומ ווינקל, ווו סע הענגענ פיל פאָטאָגראפיעס. דאָס מיידעלע ווייזט אפ א פאָטאָ-בילד פונ א יונגנ באָכער. אפ זיינ ברוסט א צייכנ פונ א פיזקולטורניק, אנ אויסדריקלעכ פאָ-נעמ. ער לאכט אפנ בילד, באווייזנדיק ווייסע געזונטע ציינ.

— א שיינ יינגל דיינ ברודער.

אוסטינא פעטריוונא, וואָס האָט זיכ געפאָרעט ערגעצ באמ אויוונ, דערהערט דעמ שמועס אונ גייט צו צו די מיידלעכ.

— ווער איז א שיינ יינגל? אהא, מיקאָלע. איינמאָל א יינגל. דער טאטע מיט דער מאמענ זיינענ געשטאָרבנ. ער מיט מאריקענ זיינענ שוינ אפ אונדזערע הענט אופגעוואקסנ. — די אלטיטשקע לאָזט א טרער. — א כפרימנע יינגל מיקאָלע, אָט וועל איכ דיר ווייזנ. — אונ זי טוט א קערעווע אויס דאָס בילד. פונ יענער זייט ראמ, אונטערנ קארטאָנ איז געווענ צוגעקלעפט א פלוג-בלעטל.

דערזעענ עס, האָבנ בא כאנקענ פאר פרייד גענומענ ציטערנ די הענט.

— זאָלסט ניט זאָגנ טערעשקענ. ער וועט זיכ בייזערנ, וואָס איכ דערצייל. מיקאָלע איז בא די פארטיזאנער, קומט אמאָל צו לויפנ, — דאָס אלץ האָט די אל-טיטשקע אָפגעזאָגט אפגיכ אונ געגאנגענ אלעמאָל קוקנ צו דער טיר, צי קומט קיינער ניט.

כאנקע איז געווענ פארטאָנ אינ לייענענ. דאָס איז געווענ א פלוג-בלעטל, ווי ס'איז געווענ אפ אוקראיניש אָפגעדרוקט סטאלינס רעדע פונעמ דריטנ יול. אונ-טערגעשריבנ איז געווענ: „אָבריאד אפנ נאָמענ פונ טאראס שעווטשענקאָ“.

פאר פרייד האָט כאנקע זיכ געוואָרפנ צו'ערשט קושנ אוסטינא פעטריוונא, דער-נאָכ מאריקענ, וועלכע זיינענ געשטאנענ פארכידעשטע, ניט פארשטאנענ, וואָס אזעל-כעס קומט פאר מיטנ מיידל.

אוסטינא פעטריוונא שלעפט איינ שפיצ פונעמ קאָפ-טיכל אינ מויל ארייננ, דער-נאָכ דעמ צווייטנ אונ שעפטשעט:

— כ'האָב מוירע געהאט, אוי, האָב איכ מוירע געהאט ווענ די דייטשנ זאָלנ עס געווענ געפינענ, וואָלטנ זיי אונדז געקאטעוועט. נאָר כ'האָב עס פארהיט, — אינ אירע אויגנ האָט געלויכטנ פרייד.

— פיר מיכ צו מיקאָלענ, — זאָגט כאנקע צום מיידעלע.

מאריקע קנײטשט מיט די אקסל, ווי זי זאָל זיכ פארענטפערנ:

— איכ ווייס ניט וווהינ. — אונ זי נעמט ניט אראָפּ די אויגנ פונ דער באָבע. — עפּשער ווייסט די באָבע, טאָ זאָל זי ווײַזנ דעם וועג.

אוסטינא פעטראָוונא מאכט מיט דער האנט.

— ווארט, ער וועט אליינ זיכ אראָפּכאפּנ. אָט אנומלטנ שאבעס איז ער ארײַנגעלאָפנ. אפילו ניט פארזוכט מײַנע קנישעקלעכ. עפּעס אלצ זיכ האָ געדרייט. זאָרג זיכ ניט, אנא, ער וועט אליינ קומענ.

נאָכ א קלייניקער פאוזע זאָגט ווײַטער די אלטיטשקע:

— וווהינ וועסטו גייג, ביסט נאָכ קראנק. אונ אָט איז טערעשקע! — אימ דערזענ, האָט אוסטינא פעטראָוונא זיכ אָנגעהויבנ צולאשטשענ צו אימ. גלײַכ זי וויל זיכ פאר אימ פארענטפערנ עפּעס פאר א זינד, וואָס זי איז באגאנגענ. דערלאנגט זי אימ זײַנ באליבט מײַכל קירבעסענע קאשע, דערנאָכ טראָגט זי אימ צו א גלאָז טיי מיט האָניק. דער אלטער עסט, קוקט אפ כאנקענ אונ פרעגט:

— ווילסט אונדז שוינ אוועקווארפנ, דו, טשערניאווע?

כאנקע האָט זיכ צוגעזעצט צום אלטיטשקנ, אימ אָפּגעדאנקט פאר אלצ אונ מיטאמאָל געזאָגט:

— פירט מיכ צו מיקאָלענ אינ אָטריאד. איכ ווייס שוינ אלצ, האָט פאר מיר קיינ מוירע ניט. — אונ כאנקע האָט מיט שטילער הארציקײַט זיכ צעשמייכלט צום אלטנ: — זיידעניו, זאָגט מיר ניט אָפּ.

טערעשקע האָט זיכ פאמעלעכ אויפגעהויבנ פונעם טיש, צוגעגאנגענ צו זײַנ פרוי, ברייטלעכ א גלעט געטאָנ זײַנע וואָנצעס אונ צופרידנ איר א קלאפּ געטאָנ איבער איר אויסגעדארטנ אקסל.

— ביסט בא מיר, אוסטינא, א קאָפּ־מענטש, נאָר האָסט דאָכ געקענט אויסווארטנ, איכ זאָל עס זאָגנ. נו, פארפאלנ, — אונ צו כאנקענ זיכ אויסגעקערעוועט אונ געזאָגט: — אונ דיכ פירנ צו מיקאָלענ וויל איכ ניט. ס'איז געפערלעכ. זיי דרייענ זיכ דאָ ארומ, ווי הינט. דאָס יאָ: איכ וועל באפוילנ, וועט ער זיכ אראָפּכאפּנ אהער.

כאנקע דערווידערט. בעשומויפנ וועט זי ניט ווארטנ. זי האָט קיינ געדולד ניט.

— גייג, ביסט בא מיר אינ די הענט, ס'וועט זײַנ רעכט. אונ אלציינס, מיקאָלע דארפ זײַנ הײַנט־מאָרגנ. איכ ווייס... — אונ וואָרנט זי מיטנ פינגער — ביסט צו יונג, מע מאָר זיכ ניט כאפּנ. ביסט נאָכ קראנק.

זי האָט ניט איבערגעשפּארט דעם אלטנ.

אינ יענעמ טאָג איז כאנקע שוינ ארויסגעגאנגענ אינ דרויסנ אונ זיכ אײַנגעהערט. ס'ארא אויסגעשטאָרבנקײַט ארומ. א גאלקע איז דורכגעפלויגנ, זיכ אוועקגעזעצט אפנ דאכ פונ דער קלוניע, געקוקט אפ א פארלאָזטער נעסט, געפרווט אהינ ארײַנקריכנ אונ באלד צוריק ארויס מיט א געשריי אונ איז ניט געבליבנ צווישנ די בעריאָזעס. דאָס הינטל באם טויער האָט דערפילט א פרעמדנ מענטשנ אונ זיכ צעבילט. מאריקע איז ארויסגעלאָפנ מיט א לאנגנ קאָזשוכ אפ די אקסל, זי איז צוערשט צו צום הינטל, בארויקט עס, דערנאָכ אָנגענומענ כאנקענ בא דער האנט אונ זי געצויגנ אינ שטוב ארײַנ.

וואָס מער מיט א שאָ, אלצ שווערער איז געוואָרנ דעם מיידל אפנ הארצנ. ס'האָט אפ איר געדריקט די שטילקײַט אונ די געפאר, וואָס האָט געקאָנט אומגעריכט פונ ערגעצ אויסוואקסנ, אונ זי זאָל דאָ פארפאלנ ווערנ. ס'האָט זי אופגעהערט צו ווארעמענ די ליבהארציקע באציִונג פונ די אלטע. זי האָט געוואָלט וואָס גיכער אוועק פונדאנענ, כע זאָל מיט איר עפּעס ניט טרעפנ. איצט, פילט זי, וועט זי דאָכ שוינ קאָנענ אָנווענדנ אירע יונגע קויכעס אינ געראנגל. ס'איז אינ איר געוואקסנ דער פארדראָס אפ זיכ אליינ, וואָס זי מוז דערווײַל ליידיק זיצנ. ארום דעם פארוואָרפעלטנ כוטאָר איז טעטיק אנ אָטריאד, דאָרטנ איז איר אָרט, ניט

ווײַט איז גארעוווקע, עפּשער וועט זי זיכ דערשלאָגנ אַהינצו און געפֿינענ די עלטערנ. כאָטש, ווערליק די אַלטע דערציילנ, האָבנ די דײַטשנ דאָרט אַלצ כאָרעוו געמאַכט. די דערוואָרטונג אַפֿנ אָנקומ פֿונ דוואָרס אייניקל, מיקאָלענ, האָט זי גענאָגט און דאָכ געוועקט זיסע האָפֿענונגענ. מיט די געדאַנקענ איז זי די נאַכט אײַנגעשלאָפֿנ. זי האָט געהערט, ווי באַנאַכט איז טערעשקע ערגעצ אַרויסגעגאַנגענ. פֿאַרטאָג האָט ער זיכ אומגעקערט. זי האָט ניט געוואָלט פֿרעגנ, וווּהינ האָט עס אים אַוועקגעטראָגנ. זי האָט זיכ אים פֿולקומ פֿאַרטרויט. אָבער דאָכ האָט זי שוינ גיכער געוואָלט אַוועק פֿונ דער שטוב. וואָס מער דער פֿאַרלאַנג איז געוואַקסנ, אַלצ קרעפֿטיקער האָט זי זיכ דערפֿילט. געדאַכט האָט זיכ איר, אַז זי איז גאָר ניט געווענ פֿאַרוווּנדעט און האָט זיכ אַליינ אײַנגערעדט, אַז ס'ע טוט איר שוינ ניט וויי. אינדערפֿרי האָט זי צומ ערשטנ מאָל פֿאַר דער גאַנצער צײַט אַ קוק געטאָנ אַפֿ זיכ אינ שפּיגל. דאָס אָפּגעצויגענע פּאָנעמ און די אײַנגעפֿאַלענע באַקנ האָבנ זי אַ ביסל געשראָקנ. זי האָט דערזענ לעבנ זיכ מאַריקע.

— ביסט אַ שיינע, — זאָגט דאָס מיידעלע און לאַשטשעט זיכ צו כאַנקענ.

אַפֿנ געדאַנק קומט אַרופֿ מישע, ווו איז ער איצטער? עפּשער איז ער שוינ ניטאָ, אַזוי ווי יורי קאָשאָר. ניינ, דאָס ניט. זי טוט זיכ אַזש אַ טרייסל.

— וואָס ציטערסטו? — דערהערט זי מאַריקעס שטימ.

— ס'האָט זיכ דיר אויסגעוויזנ, מיידעלע, — און כאַנקע קערעוועט זיכ אָפּ פֿונעמ שפּיגל. — נעמ לייענ. — און זי דערלאַנגט דעמ קינד דאָס לערנביכל.

מאַריקע וויל איצטער ניט לייענענ. זי וויל זיצנ לעבנ כאַנקענ און אויכ קוקנ אינ פֿענצטער אַרײַנ. ס'ע געפֿעלט איר, וויאַזוי כאַנקע זיצט פֿאַרטראַכט און קוקט אומבאַוועגלעכ אינ איינ פּינטל אַרײַנ.

כאַנקע האָט זיכ דערוואַרט. אינ איינעמ פֿונ די נאָענטסטע טעג איז פֿונ דרויסנ אַרײַנגעלאָפֿנ מאַריקע און, קוקנדיק צו כאַנקענ, אײַנגערוימט דער באָבענ:

— מיקאָלאַ.

אינ שטוב האָט זיכ אַרײַנגעשטעלט אַ הויכער מענטש מיט אַ בלאָנדער באָרד. כאַנקע האָט בלויז לויט די אויגנ זיכ אָנגעשטויסנ, אַז דאָס איז מיקאָלע, דער, פֿונ דער פֿאָטאָגראַפֿיע. זי האָט אימ אויסגעשטרעקט די האַנט, גלייב זי קענ אימ שוינ פֿונ לאַנג און זיצט דאָ בלויז און וואַרט אַפֿ אימ, גראַד אַפֿ אימ. אַ גרויסע ברייטבייניקע האַנט האָט אַרײַנגענומענ איר האַנט. קוקנדיק מיט כשאַד איר אינ פּאָנעמ, האָט ער געזאָגט:

— ניינ, מיר קענענ זיכ ניט מיט אײַכ.

דאָס מיידל צעשמייכלט זיכ און שאָקלט מיטנ קאָפּ:

— ניינ, מיר קענענ זיכ יאָ מיט אײַכ.

דעמלט טוט דער יונג אַ קנייטש מיט די אַקסל, באַטראַכט שוינ איצטער מער אויפֿמערקזאַמ דאָס מיידל און זאָגט מיטנ זעלבנ טאָנ:

— מעגלעכ.

— ניט מעגלעכ, נאָר געוויס, — איז אײַנגעשפּאַרט כאַנקע, — אָט פֿרעגט אויסטינאַ פּעטריוונאַ און אײַער זיידנ און... אײַער שוועסטערל, — מאַריקע טוט אַ לאָז זיכ צו כאַנקענ און פֿאַלט איר אַרײַנ אינ די אָרעמס. מיקאָלע טוט אַ הוסט און זאָגט שוינ ווייכער:

— מ'האָט אונדז דערציילט וועגנ אײַכ. ווער זײַנט איר?

ניט געוואַרט אַפֿ אַזאַ פֿראַגע, האָט דאָס מיידל אַ ביסל זיכ פֿאַרלוירנ, פֿאַשעט ניט געוווּסט, ווי אויסצודערציילנ, געקנייטשט זיכ, קאָנ ניט אײַנשטיינ אַפֿ אַנ אָרט. אויסטינאַ פּעטריוונאַ מישט זיכ אַרײַנ, צעלאַכט זיכ:

— ווער זי איז? פֿונ דײַנע מענטשנ, מיקאָלאַ. אַ יאַק זשע!

— קיינ דאָקומענטנ האָב איכ ניט, צומ באַדויערנ, דאָרט אינ דער אַרומרינגלונג איז אַלצ פֿאַרלוירנ געגאַנגענ... פֿירט מיכ צו אײַער קאָמאַנדיר, וועל איכ אַלצ דערציילנ.

— נו, גוט, אונ געווער האָט איר?

אוסטינא פּעטריוונא מישט זיכ ווידער ארײַנ:

— געווער ווילסטו? נאַ דיר איר שינעל: מערעשקע האָט זי געפונענ אינ באַלקע... דאָרטנ... אינ באַלקע. מיר האָבנ זי קוים אָפּגעראטעוועט. געווער וויל ער. עכ טי, מיקאָלא...

— נו, באָבע, איצטער איז אזא צײַט, אז מע טאָר קיינעמ ניט גלייבנ.

— ריכטיק, מיקאָלע. — האָט באבקע צו אימ געזאָגט מיט א טאָנ, ווי צו א גלײַכנ.

ער האָט עס דערפילט אינ צופרידנ זיכ געטאָרעט די באָרד. די יונגע האַנט האָט ניט געפּאַסט צו דער האָזיקער אומגעוויינלעכער ארבעט — גלעטנ די געדיכט אויסגעוואקסענע באָרד.

— נו, דאָברע, מיר וועלנ זיכ אָפּרוענ אונ זיכ לאָזנ אינ וועג.

— וואַרט! — שרײַט אומצופרידנ אויס אוסטינא פּעטריוונא. — אָט וועט קומענ מערעשקע. ווי בלאָנקעט ער עס דאָרט אומ, מערעשקע, אינ אזא צײַט?

— נישקאָשע, נישקאָשע, באָבע, דער זיידע מערעשקע ווייסט, וואָס ער האָט צו טאָנ. דו טשעפּע אימ ניט.

— ווער טשעפּעט אימ? — אינ די אַלטיטשקע נעמט זיכ פּאָרענ ארומ טיש, ווי איר שטייגער, געלאסנ אונ רויק.

ווענ ס'איז אָנגעקומענ מערעשקע אינ דערזענ מיקאָלענ, האָט ער מיט א לויכטנדיק פּאָנעמ גערייצט זיכ מיט באַנקענ.

— אהא, דיוטשינא, איכ האָב דיר אימ צוגעשטעלט, אונ דו ביסט געווענ אומעטיק, אראָפּגעלאָזט די נאָז, טשערניאַווא טי.

נאָכ א פּאוזע זאָגט ווײַטער דער אַלטער:

— אונ איצט וועט איר גייג צו אײַער קאַפּיטאַנ.

— ניט קיינ קאַפּיטאַנ, זיידע, נאָר א קאָמאַנדיר, — פאַרריכט מיקאָלע.

— מיר איז אַלציינס: א קאַפּיטאַנ, צי א קאָמאַנדיר, אבי איר זאָלט ארויסטרײַבנ די היצלעס. אוי, צי נימצי, זשאכ!

שפּעט אינ אָוונט זײַנענ ארויסגעגאַנגענ ביידע — מיקאָלע מיט באַנקענ. ביז דער באַלקע האָט זיי באַגלייט מערעשקע, אוסטינא פּעטריוונא אונ מאַריקע. די אַלטע האָט געוויינט אונ מאַריקע האָט געוויינט.

— די עטלעכע וואָכנ זײַנענ פאַרפלויגנ ווי א טאָג, — האָט געזאָגט אוסטינא פּעטריוונא אינ זיכ צעקושט מיט באַנקענ. — זאָלסט מיכ ניט דערמאָנענ צומ שלעכטנ, — אונ פאַרריכט בא באַנקענ אפ דער פּלייצע דאָס טאָרבעלע מיטנ עסנווארג, וואָס זי האָט איר מיטגעגעבנ.

מערעשקע האָט שווײַגנדיק ארומגענומענ דאָס מיידל, ווי אנ אייגענע, זי צוגעדריקט צו דער ברוסט.

— די הענט זאָלנ בא אײַכ, קינדער, ניט ציטערנ, ווענ איר וועט שיסנ. שיסט אונ טרעפט. איכ וואָלט געגאַנגענ מיט אײַכ, קאָנ איכ ניט...

מאַריקע האָט זיכ אײַנגעקלאַמערט אינ באַנקעס שינעל אונ ניט געוואָלט צוריק זיכ אומקערנ אהיימ.

— נו, גענוג, — האָט א שעפּטשע געטאָנ מיקאָלע אינ האָט א צי געטאָנ באַנקענ בא דער האַנט. ביידע האָבנ זיכ געלאָזט מיטנ שיטערנ וועלדל דורכ דער באַלקע.

—★☆★—

## שיפרע כאָלאָדענקאָ

# אייל זיב, ברודער

און אויב זי גייט אויס איצט פונ הונגער און נויט,
אינ פײַנטלעכער פרעמדקײַט פארומערט,
פאר דיר פארבאהאלט זי א שטיקעלע ברויט,
זי ווארט נאָכ ביז איצט אפ דײַנ קומענ.

און אויב פאר איר בלאנקט איצט די מערדערשע שווערד
און פאלט אפ איר קאָפּ אפ איר אלטנ,
אינ פײַנלעכסטנ קרעכצ, אינ דער ביטערסטער טרער,
א שמייכל פאר דיר פארבאהאלט זי.

איז אײַל זיכ, מײַנ ברודער, פארברייטער דײַנ טראָט,
רײַס דורכ זיכ דורכ פײַנטלעכנ פײַער,
דו זאָלסט צו דער צײַט נאָכ ארײַנגיינ אינ שטאָט,
די מוטער די אלטע באפרײַענ.

---

# די מאפע

אינ קינדערשע יאָרנ דערלערנט כ'האָב גערנ
די מאפע די גרויסע פונ אונדזער פארבאנד,
נאָר קיינמאָל געטרײַ כ'האָב אזוי ניט געלערנט,
ווי האיאָר — גענוי מיט א בלײַער אינ האנט.

בא רעדעלעכ שטעט און בא פאסיקלעכ טײַכנ
איכ נישטער און זוכ, ווי אנ עכטער סטראטעג:
— עס מוז אָט דער פלאנג באלד אפ רעכטס זיכ פארגלײַכנ,
מע טאָר אים ניט לאָזנ קיינ וועג צו דעם ברעג.

ווי טיפ אינעם סטעפ האָט פארהאקט זיכ דער צווייקל,
א קליינינקײַט גאָר זיי פארבינדנ אינ זאק.
היינט קאָנ מענ פונ רעכטס זיכ נאָכ טאָנ א צעוויקל,
היינט קאָנ מענ פונ לינקס דאָ נאָכ געבנ א קנאַק.

דורך שטעט און דורך שטעטלעך איך פיר מיטן בלייַער,
נאָר אָט-אָ פאַרהאַלט זיך מיט ציטער די האַנט,
די שטאָט — זי איז מעדער פון אַלע מיר טייַער,
דאָס אָרט — עס טוט מערער מיר וויי אין מייַן לאַנד.

אָט גאָר דאָך ניט לאַנג, דאָך נאָך ערשט פאַראַיאָרן,
און ס'דאַכט זיך מיר אויס, שוין אַוועק אַ יאָר צעג,
אַ גליקלעכע זיך אין דער שטאָט דורכגעפאָרן,
געפאָרן זיך גלאַט מיט דער מאַמען זיך זען!

כ'געדענק, אַז באַנאַכט בין איך איינמאָל געקומען,
געזעסן בין איך באַם וואָקזאַל און געוואַרט,
געוואַרט אומגעדולדיק מיט אומרו מיט שטומען,
ביז וואַנען ניט ענדיקן וועט זיך די נאַכט.

די מאַמע איז אַלט שוין, וואָס דאַרף מען זי וועקן,
ניט גלייַכער דען צוואַרטן דאָ אָפּ דער באַנק,
און ליכטיק וועט ווערן, כ'וועל לאָזן אין וועג זיך,
פאַרגיכערן דעמלט כ'וועל בעסער דעם גאַנג.

ס'איז פרי, כ'וועל אַוואַדע אין בעט זי נאָך טרעפן.
אָט איז שוין דאָס הויז, און די טרעפּלעך, דער שטאָק,
אַ קלונג — און די מאַמע די טיר מיר צעעפנט:
„איך שלאָף שוין ניט לאַנג, ס'האָט דאָס האַרץ מיר געזאָגט".

אויב ס'שלאָגט זיך דייַן האַרץ נאָך, וואָס זאָגט עס דיר האַיאָר,
וואָס זאָגט עס דיר הייַנט אין דער רעגע אָט דער,
ווען כ'שטיי באַ דער מאַפּע און טייַט מיטן בלייַער
אין טייַערסטער שטאָט אויף דער נאָענטסטער ערד.

אָט דאַכט זיך מיר אויס, אַז דו שטייסט באַם אַרייַנגאַנג,
צו מיר מיט געבעט איז געווענדעט דייַן בליק.
און איך... אָפּ אַ שטיקעלע ברויט דיר דערלאַנגען
גאָר בייַשטיין באַדאַרף איך אַ וועלטלעכן קריג.

אָפּ קומען אַהיים דורך באַטראָטענע וועגן,
אין אייגענער שטוב צו דער מאַמען צוגאַסט, —
באַדאַרף איך הייַנט בייַשטיין מילכאָמע-געשלעגן,
מייַן בלוט דאַרף זיך גיסן אין אייגענער גאַס.

⁂

מירע כענקינ

# דעמ ברודער

ווו זשע זאָל איכ זוכנ דיכ, מײַנ ברודער?
צווישנ די געפאלענע אינ שלאכט? —
נעמט די נאכט דערציילנ פונ איר וווּנדער —
דוכט זיכ מיר, איכ הער: דו לעבסט, דו לאכסט.

ווו זשע זאָל איכ זוכנ דיכ, מײַנ ברודער?
בא דעמ סוינע, אינ געדיכטעניש פונ וואלד? —
דוכט זיכ מיר, פונ שלאכטנ אופגערודערט
ועסטו שווּעל מײַנעמ אריבערטרעטנ באלד.

קאָנ זײַנ גאָר, אז בא א שטילער ווערבע
האָסטו אויסגעהויכט דײַנ אָטעמ אונ דו רוסט?
ליבער, טײַערער, דו הערסט דענ,
ווי די וויוגע אויגנ דײַנע קושט?

קאָנ זײַנ גאָר... דער טויט ט׳דיכ ניט געפונענ
אונ ארויסגעלאָזט דיכ — פריש, געזונט אונ פרײַ?
אונ דו האָסט א יִשעוו ערשט פארנומענ?
אונ דו שלאָגסט זיכ פארנ לאנד געטרײַ?

קאָנ זײַנ... קאָנ זײַנ... זײַ געזונט, מײַנ ברודער!
לעב אונ פיר צומ זיג דײַנ באטאליאָנ!
כ׳גלייב, אז מאָרגנ, איבערמאָרגנ, ליבער ברודער,
א יעדיִעלע פונ דיר קומט אָנ.

——★☆★——

פײװל סיטאָ

# מאָטקע

איזײגער אכט איז אָװנט האָט א קלונג געטאָן דער טעלעפאָנ.

— רעדאקציע? אללאָ! איכ דארפ האָבנ דעמ רעדאקטאָר.

— איכ הער. װער קלינגט עס?

— פאָלקאָװניק ראָמאשקא. באװער לײטענאנט, דאכט זיכ, איר האָט געװאָלט מיט מיר א שמועס טאָנ? בימע, קומט ארײנ אינ שטאב.

װעגנ דעמ פאָלקאָװניק ראָמאשקא האָב איכ געװוּסט, אז ער איז א שטרענגער מענטש אינ א גרויסער שװײגער, שטענדיק פלעגט ער ארומגײנ מיט א פארלאָשענער פײקע צװישנ די צײנ, פונ צײט צו צײט ציפרידנ אָדער אומצופרידנ עפּעס א מורמל טאָנ, נאָר מ'האָט אלע מאָל פארשטאנענ זײנ מײנ דערבײ. געבנ עמעצנ א שטײכל האָט געהײסנ יענעמ שענקענ א מאטאָנע, שױנ אָפּגערעדט, װײזנ עמעצנ, אז ער איז מיט אימ א שטיקל גיטער־ברודער. אינ מינוטנ פונ אָפנהערציקײט האָט ער דאָכ אלע מאָל עפּעס איבערגעלאָזט פאר זיכ.

געקומענ בינ איכ צו אימ מיטײעכ דעמ הײמלאָזנ יונגל, װאָס ראָמאשקא האָט מיטגענומענ מיט זיכ פונ אײנעמ פונ די ײדישע ײשוװימ אינ איקראינע. דאָס יונגל אלײנ האָב איכ נאָכ נישט געזענ, געהערט אָבער האָב איכ װעגנ אימ זײער א סאכ אינ נישט װײניק װעגנ אימ, װי װעגנ ראָמאשקאס פאָטערלעכער צוגעבונדנקײט צומ ײדישנ יונגל.

— זעצט זיכ, באװער לײטענאנט, — האָט זיכ אָנגערופנ צו מיר דער פאָלקאָװניק נישט איבעריק גאסטפרײנטלעכ, אָבער װײט נישט בײז. אונ דאָס אלײנ איז שױנ געװענ א גוטער סימנ. — אײַכ אינטערעסירט אװאדע מײנ יאמל? א געװײנלעכ יונגל. אפּ די װעגנ פונ מילכאָמע קאָנט איר אזעלכע טרעפנ אינ די טױזנטער.

— איכ רעדנ אינ דער מאָרגנדיקער צײטונג עפּעס געבנ װעגנ דעמ. װי מײנט איר?

ראָמאשקא האָט אָנגעצונדנ א שװעבעלע, צוגעטראָגנ צו דער פײקע, געפרוּװט א פאָר מאָל א שמאָקע טאָנ מיט די ליפּנ, די פײקע איז אָבער געװענ פוסט.

— דאָס איז שױנ איבעריק, כאָטש דאָס יונגל איז א װױל יונגל, — ער האָט אָנגעשאָטנ טאבאק אינ דער פײקע אונ אײנגעפּרעסט מיט א פינגער. — יאָ... האָט ער רויק ארײנגעלאָזט א קנויל געדיכטנ רויכ. — איכ איר האָט שטארק כײשעק זיכ באקענענ מיטנ יונגל, בימע.

— איכ װאָלט א באלד זײנ אָנשרײבנ װעגנ אימ אונ פארײנט װעגנ אײַכ, באװער פאָלקאָװניק.

— איכ זע, אז די אָרדענס מײנע לאָזנ אײַכ נישט צורו, — האָט ראָמאשקא קימאט װי זיכ צעבײזערט. — איר האָט נאָכ װײניק פּילװער געשמעקט, באװער לײטענאנט. איכ איר װילט, קאָנ איכ אײַכ באקענענ מיט מײנע כאװײרימ, װעגנ זײ איז דאָ װאָס צו דערצײלנ דער װעלט. אָט, זעט איר, מיט זײ װאָלט איכ אײַכ אלײנ געײצעט א שמועס טאָנ.

— גערעכט, כאווער פּאָלקאָווניק. אפּ וויפל אָבער די געשיכטע מיטנ ייִנגל יִיז פארבונדנ מיט איִכ אונ ניט מיט זיי...

— דעריבער איז וואָס? — ראָמאַשקא האָט א טשמאָקע געטאָנ מיט די ליפּנ די פּאָרלאָשענע פּייִקע. — קעלבערנע היספּייִלעס! וואָס רעג האָב איכ געזאָלט טאָנ, ניט מיטנעמענ מיט זיכ? איר וואָלט דענ ניט אזוי געטאָנ?

— ריכטיק, כאווער פּאָלקאָווניק. אונדז איז אָבער באוווּסט עפּעס מער.

— גאָרניט ווייסט איר גישט. פאנטאזיע. א וויל ייִנגל אונ פּארטיק. כ'האָב אויכ א ייִנגל. עפּשער וואלגערט ער זיכ אויכ אומ ערגעצ אפּ א שליאכ... ווענ דעמ וויִלט איר שרייִבנ?

ראָמאַשקא האָט ארויסגעכאפּט פונ מויל די פּייִקע אונ מיט דער רעכטער האנט זי באהאלטנ אהינטערנ רוקנ, ווי ער וואָלט דערמיט ווערנ אויסבאהאלטנ פונ מיר דאָס כאמע פארבאָרגנסטע, וואָס האָט אימ אינ דער מינוט אופּגערודערט.

— טשודאק, — ראָמאַשקא האָט זיכ אופּגעהויבנ אונ אויסגעגלייִכט אפּ זיכ די פּאָרטופּייע. — פונ יעדער קלייניקייט מאכט איר א טומל. א געוויינלעכע געשיכטע. נאָכ איינער א פּאראקשנטער שלאכט בינ איכ פארבייגעפאָרנ א דאָרפּ, וואָס די דייטשנ האָבנ נאָרוואָס געהאט פארלאָזט. ניט ווייט פונעמ שליאכ האָב איכ דערזענ שטיינ אפּ די קני א פארשמאכט ייִנגל. ער איז געשטאנענ צוקאָפּנס בא א דעריִשאָסנ מיידעלע... א ייִנגל מיט שוואָרצע, קוטשעראווע האָר. די ליפּנ אויסגעטריקנט. קוים, וואָס סע אָטעמט.

— ווּעמעס ביסטו, ייִנגעלע? — האָב איכ אימ א פרעג געטאָנ.

— קייִנעמס ניט... — האָט דאָס ייִנגל אָפּגעענטפערט.

— אונ עפּשער ביסטו מייִנ ייִנגל?.. ייִנגעלע, הא, ביסט ניט מייִנער?

בא ראָמאַשקא האָט זיכ אָנגעצונדנ א פייִער אינ די אויגנ.

— נייִנ, מייִנ טאטע איז א ייִד.

— דעריבער איז וואָס — א, ייִנגעלע?..

דאָס ייִנגל האָט זיכ אוועקגעזעצט אפּ דער ערד, א קוק געטאָנ מיט לויפּנדיקע אויגנ אפּנ ברענענדיקנ דאָרפּ, גיכ־גיכ גענומענ רייִבנ די אויגנ, ווי דאָס אלצ זאָל זייִנ א כאָלעמ...

— נייִנ, — האָט דאָס ייִנגעלע א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ, — איכ בינ נישט אייִערער. מייִנ טאטע איז א נידעריטשקער. מייִנ טאטנ רופּט מענ אבראמ דאָברי...

— אונ מיכ רופּט מענ ראָמאַשקא...

— ראָמאַשקא? — האָט דאָס ייִנגל איבערגעכאזערט אונ האָט זיכ מיט ציטעריקע הענט א כאפּ געטאָנ פארנ הארצנ...

— וואָס איז מיט דיר, ייִנגעלע?.. — האָב איכ אימ א פרעג געטאָנ.

ראָמאַשקא האָט א טשמאָקע געטאָנ די פּארלאָשענע פּייִקע אונ איז אנשווייגנ געוואָרנ.

נאָכ א לאנגנ שווייִגנ האָט ער באפוילנ דעמ אדיוטאנט ארייִנברענגענ דעמ יאט.

אָנגעטאָנ אינ א שינעל, אופּגענייט אינ דער מאָס, אונ אינ אויסגעפּוצטע גלאנציקע שטיוועלעכ, איז ארייִנ דער יונגער רויטארמייער טאָטקע דאָברי, זיכ אויסגעציִגנ פאר ראָמאַשקאָנ אונ, אָפּמעסטנדיק דרייִ ברייטע שפּאנ ביז צומ טיש, צוגעלייגט די האנט צומ שלייפּ אונ אָפּגעטאָקט:

— לויט אייִער באפעל איז דער רויטארמייער מאטוויי דאָברי געקומענ!

— וואָלנאָ! — האָט ראָמאַשקא אָפּגעענטפערט. — באקענ זיכ מיטנ רעדאקטאָר פונ אונדזער בריגאדע־צייִטונג. ליענסקי! — האָט ער א געשריי געטאָנ, אונ אינ צימער איז ארייִנ זייִנ אדיוטאנט אונ געבליבנ שטיינ אפּ דער שוועל. — מאָמער ווּעט מענ פרעגנ אפּ מיר, ווּעסטו זאָגנ, איכ בינ אוועק אינ פערטנ באטאליאָנ.

— יעסט! — האָט דער אדיוטאנט א בלענד געטאָנ מיט די אויגנ אונ איז נעלעמ געוואָרנ. נאָכ אימ איז ארויס ראָמאַשקא, אונ איכ בינ געבליבנ אויג אפּ אויג מיט מייִנ העלד.

אונ דאָס, אנ ערעכ, איז זייִנ קורצע געשיכטע:

מאָטקע איז געווענ א בימער יינגל. די מאמע האָט פונ אים געהאט קאלטס אונ ווארעמס. אפנ צווייטנ טאָג מילכאָמע האָט ער צעשפּאָלטנ א בענקל אינ קיכ, איזעק אינ א ווינקל אינ זיכ גענומענ עפּעס מיטצטרעווענ. געכאפּט האָט ער דערפאר פינ דער מוטער קלעפּ מער, ווי עסנ. דער זיידע, וואָס איז גראָדע געווענ דערביי, האָט זיכ געפרווט אָנגעמענ פארנ יינגל, נאָר ס'האָט ניט געהאָלפנ.

— איי, ביסטו א רעצייעכ, מאלקע, איי, א רעצייעכ! — האָט דער זיידע גע-שאָקלט מיטנ קאָפּ.

— דערפאר זייט איר ביידע גוט, — האָט אים די שנור ברוגעזלעכ אָפּגעענט-פערט, קוקנדיק פונדעסטוועגנ מיט ראכמאָנעס אפנ זונ, וואָס איז א באלייִדיקטער געשטאנענ, פארשעמענדיק מיט ביידע הענט דאָס פּאָנעם.

מאָטקע האָט גוט געוווסט, אז דער מאמעס קלעפּ האָט ער קאָשער פארדינט. פאר צעברעכנ א בענקל קומט אים נאָכ מער. פארפאלנ! דערפאר איז אָבער די ברעט בא אים אינ די הענט. שוינ מיט א פּאָר כאדאָשים צוריק האָט ער געמאכט א מייבנשלאק, אונ וואָס איז ער שולדיק, אז צים דעכל מוז ער האָבנ פּונקט אזא שמיקל ברעט.

דאָס דאָרפ איז געלעגנ ניט ווייט בא דער גרענעצ. פונעם דאָרפ ביזנ ראיאָנעמ צענטער איז געווענ כאבאקל 25 קילאָמעטער. ווענ מ'האָט דעמ טאטנ גערופנ אינ ארמיי, אונ אז די מאשינ, וואָס האָט געפירט די פּריזיווניקעס אינ ראיאָנ, האָט זיכ גערירט פונ אָרט, האָט זיכ מאָטקע מעיאשעוו געווענ אונ האָט זיכ ארייַנגעגאנוועט אינ מאשינ. דער טאטע, וואָס האָט דאָס באמערקט, האָט זיכ געמאכט ניט זעענדיק.

„אוי, א מאזיק, אוי, א גאזלענ! — האָט ער א טראכט געטאָנ. — דעמ וועג אהיימ וועט אזא יאט טרעפנ מיט פארמאכטע אויגנ, איז זאָל ער פאָרנ! זאָל ער מיכ כאָטש באגלייטנ“.

מאָטקע האָט אָבער דערביי געהאט זיינעמ א צווייטנ כעזשבנ. אינ ראיאָנ אָר-גאניזירט מענ א קינדערישע פוטבאָל-קאָמאנדע, אונ ער גייט אויס, מאָטקע, אזוי וויל ער זייַנ א פוטבאָליסט.

אז די מאשינ האָט זיכ אָפּגעשטעלט באמ ראיוואָיענקאָמאט, איז מאָטקע אראָפּ-געשפּרונגענ אפ דער ערד אונ זיכ שוינ געלאָזט גייג.

— אָנ א זיי-געזעגנט, מאָטקע? — האָט דער טאטע א געשריי געטאָנ, — ווילסט זיכ גאָר מיט מיר ניט געזעגענענ?

מאָטקע האָט דערשראָקנ זיכ אומגעקוקט אפנ טאטנ.

„וואָס הייסט געזעגענענ? — האָט דאָס יינגל א טראכט געטאָנ, — דער טאטע פאָרט דענ אוועק אפ אלעמאָל?“

ער האָט זיכ דערנענטערט צומ פאָטער אונ שולדיק געקוקט אפ אימ.

— א טאטנ דארפ מענ פאָלגנ, מאָטקע. א טאטע איז עלטער פאר דיר. דע-רעכערעצ דארפ מענ האָבנ פאר א טאטנ, דו הערסט? אונ אז א טאטע גיט אמאָל א קלאפּ, דארפ מענ פארשווייגנ. דער קלאפּ טוט איר וויי מער, ווי דיר, שקאָצ!

דער טאטע האָט נאָכ ארויסגענומענ א ביכעלע, אונ מאָטקע האָט זיכ צעוויינט אפ א קול. דאָס הארצ האָט אימ שטארק פארקלעמט, אונ מאָטקע האָט ניט גע-וווסט, אפ וועמענ קלעמט אים מער דאָס הארצ: אפ דער מאמענ, וואָס בלייבט אליינ אינ דער היימ, אפנ טאטנ, וואָס פאָרט אוועק, אונ עפּשער גאָר אפ זיכ אליינ, אפ מאָטקענ.

ס'האָט זיכ דערהערט א קאָמאנדע: „אויסשטעלנ זיכ“! דער טאטע האָט געוואָלט צומ לעצטנ מאָל ארומנעמענ מאָטקענ. דאָס יינגל האָט זיכ אומיסטנ ארויסגעגלימשט, אונ דער טאטע האָט אָנגעכאפּט מאָטקענ בא דער נאָז.

— דעריקער זע, פיר ניט קיין מילכאָמע מיט דער מאַמען, הערסט, וואָס מע רעדט צו דיר? נו, גיי געזונטערהייט און גריס דעם זיידן.

מאָטקע האָט באַגלייט דעם טאַטן מיט די אויגן. אהיים איז ער אָבער ניט געגאַנגען. מע דאַרף זיך דערוויסן וועגן דער פוטבאָל־קאָמאַנדע.

— פאַרשפּעטיקט, ברודערקע, — האָט מאָטקע געענטפערט אַ בלאָנד יאַטל, — מירן שוין מיט דיר אַזוי גיך אין פוטבאָל ניט שפּילן...

אהיים איז מאָטקע געגאַנגען צופוס. ער האָט ערגעץ אויסגעלייענט, אַז די באַווּסטע לויפערס, די ברידער זנאַמענסקי, איידער זיי האָבן אָנגעהויבן שטעלן אַף דער וועלט מיט זייער גיכן לויפן, פלעגן זיי אַלע טאָג דורכמאַכן אַ צוואַנציק־דרײַסיק ווערסט אין לאַנגזאַמען געלויף. ציקאַווע אַ פּרוּוו טאָן, וויפל וועט ער קאָנען דורכלויפן אָן אַן אָפּשטעל. צוערשט לויפט ער גרינג; עס שײַנט די זון. אַ לינד ווינטל יאָגט אַנטקעגן, און ס'איז אַפילע אָנגענעמער לויפן, ווי גיין.

איצטער וועט ער אַ פּרוּוו טאָן אַ ביסל גיכער. קעדיי צו פאַרגיכערן דעם טעמפּ, הייבט ער זיך אַליין אָן אײַנריידן, אַז עמעצער יאָגט אים נאָך, און קאָלזמאַן מע יאָגט, איז געלאָפן!

זע נאַר! ער איז שוין באַלד אין דער היים! אַ שאָד, וואָס ער האָט קיין זייגער ניט. ער איז גראָד אַ באַלן וויסן, פאַר וויפל צײַט האָט ער דורכגעמאַכט האַלב וועג. פוי!.. פונדעסטוועגן איז ער גוט מיד. מע דאַרף זיך אַ ביסעלע צוזעצן.

ער זעצט זיך צו אַף דער ערד, קאַטשעט זיך, ווי אַ יונג לאַשעקל אַפן גראָז, אַנטקעגן דער פאַרגייענדיקער זון, וואָס שיט מיט גאָלדענעם פּריסיק.

מאָטקע איז אײַנגעשלאָפן.

אַז ער האָט געעפנט די אויגן, איז שוין געווען שפּעט.

„די מאַמע וועט האָבן יעסורים“, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און געוואָלט לויפן ווײַטער. פּלוצעם האָט ער דערזען אַ שטיק ברענענדיקן הימל. וואָס זאָל דאָס באַטײַטן? עפּשער אַ סרייפע? און מאָטקע האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך האַסטיקער, ווי פריער. לויפן איז אים אָבער געווען שווערער. די קני האָבן זיך אים וואָס אַמאָל אָפּטער אונטערגעבראָכן, דאָס האַרץ האָט שטאַרקער געקלאַפּט און, וואָס ווײַטער, איז אים געוואָרן קירצער דער אָטעם.

די ערשטע, וועמען מאָטקע האָט געטראָפן אין וועג, איז געווען די שכיינע ברײַנע שטורקאַטש. זי איז אים אַרופגעפאַלן אַפן האַלדז און אויסגעשאָסן אַ געוויין.

— וואָס איז מיט אײַך, ברײַנע? — האָט זי מאָטקע דערשראָקן אָנגעקוקט. — וואָס וויינט איר?

— גיי ניט, מאָטקע, גיי ניט... אוים...

דערנאָך האָט זי אָנגעבויגן דעם קאָפּ, פאַרשטעלט מיט ביידע הענט דאָס פּאָנעם, ווי זי וואָלט שוין מער מיט דער וועלט נישט געוואָלט האָבן צו טאָן. און נישט אויסריידנדיק מער קיין וואָרט, איז זי אוועק.

מאָטקע איז געבליבן שטיין אָפן שיידוועג.

— וואָס זאָל עס באַטײַטן, אָט דאָס ניט גיין אהיים? און די מאַמע? און דער זיידע?..

ער האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך ברײַנען.

— מומע ברײַנע, מומע ברײַנע! — האָט ער איר נאָכגעשריגן. נאָר ברײַנע איז אַלץ געלאָפן פאָרויס. פּלוצעם האָט זי זיך אויסגעקערעוועט און ווילד גענומען טײַטן מיטן פינגער אַפן וואַלד:

— אהין, אהין לויף! — און זי האָט ווידער גענומען לויפן פאָרויס.

פאַרוואָס אַנטלויפט זי פון אים און פאַרוואָס דאַרף ער לויפן אהין, וואָס האָט ער דאָרט ניט געזען אין וואַלד?

עטלעכע טריט האָט ער האָב געמאַכט אין דער ריכטונג צום וואַלד, דערנאָך האָט ער ראַפּטום זיך געגעבן אַ קערעווע אויס און, אַ צערייצטער, גענומען לויפן אין דאָרף אַרײַן.

דאָס דאָרפ האָט געברענט. זײַנ שטיב — אױכ. קײנ דאַכ איז שױנ ניטאָ. מיט א װילדנ געשרײ: „מאמע! זײדע!“ איז מאָטקע ארײַנגעשפּרונגענ אינ דער ברענענדיקער שטוב. אינ האלדז האָט מיטאמאָל א שלאָג געטאָנ דער רױכ, װי עמעצער װאָלט אים גענומענ װארגנ. פונ שרעק איז ער אומגעלאָפנ פונ אײנ װינקל צום צװײטנ, ביז ער האָט זיכ אינ עפּעס פארטשעפּעט אונ איז אומגעפאלנ.

— מאמע... — איז מאָטקע אופגעשפּרונגענ.

די צײנ זײַנענ בא איר געװענ פארביסנ. פונעם אקסל האָט נאָכ גערונענ בלוט.

— געהארגעט... געהארגעט... — האָט מאָטקע שטיל איבערגעכאזערט. — געהארגעט די מאמע...

דער קינ האָט בא אים געציטערט. מיטאמאָל איז אים געװאָרנ קאלט, פונקט װי ער װאָלט געשטאנענ א באָרװעסער אפנ שניי. באלד אָבער איז אים װידער געװאָרנ הײס.

— מאמע, — האָט מאָטקע געפרעגט בא זיכ אונ אלײנ זיכ געענטפערט: — געהארגעט... געהארגעט...

דאָס פײַער האָט געבושעװעט ניט װײַט פונ אים. אָט-אָט אונ עס װעט אים אײַנשלינגענ, אים האָט זיכ אָבער זײער ניט געװאָלט איבערלאָזנ דאָ די מאמע אײנע אלײנ. ער האָט אָנגעהױבנ ארומדרײענ זיכ איבער דער כאטע, װי ער װאָלט װעלנ אָפּנארנ דאָס פײַער, זיכ ארױסדרײענ פונ דער אלצ פארשלינגענדיקער מאכט. נאָר דאָס פײַער איז אומעטום אים נאָכגעלאָפנ, געכאפּט אים פאר די פּאָלעס, פארנ העמדל, פאר די האָר.

א ברענענדיקער איז ער ארױסגעלאָפנ אינ דרױסנ. פארבײַ האָט זיכ דורכגעטראָגנ א דײַטשישער מאָטאָציקליסט. מאָטקע האָט דערהערט, װי איבער זײַנ קאָפּ האָט, װי א בינ, דורכגעזשומעט א קױל. דאכט זיכ, אז ס'האָט אים געטראָפנ אינ פּלײצע. אונ עפּעס ברימ אים נאָכ אלצ דאָס פײַער?

— אהינ, אהינ... — האָט ער װי נאָכאמאָל דערהערט דער מומע ברײַנעס װערטער, אונ ער האָט זיכ געלאָזט לױפנ צום װאלד.

...שױנ זשע איז דאָס אלצ א כאָלעמ? פארװאָס האָבנ זיכ אים ביז אהער נישט געכאָלעמט אזעלכע שלעכטע כאלומעס. נײנ, נײנ, ניט קײנ כאָלעמ. דאָס איז ער... דער זײדע, זײַנ זײדע, יאָ!

אפ א גראָבנ צװײַג פונ א יאָדלע-בױמ איז געהאנגענ דער זײדע... אונ װאָס שײַנט עס אים אזױ אינ די אױגנ?.. צי דעמ זײדנס הײסע באָרד, אונ עפּעס לײַכטנ עס מאָטקעס טרערנ אינ די אױגנ? דעמ זײדנס אױגנ זײַנענ אָפּנ אונ קוקנ בײז אפ דער װעלט. די פױסטנ זײַנענ באמ זײדנ צונױפגעצױגנ. „װעמענ קלײַבט ער זיכ עפּ איצטער שלאָגנ, דער אױפגעהאנגענער זײדע?“ — האָט מאָטקע א טראכט געטאָנ.

מאָטקע קאָנ נאָכ אלצ נײשט פארשטײנ, װאָס קומט עס פאָר מיט אים. פונ די אױגנ גיסנ זיכ אָנ אופהער טרערנ, א קװאל פונ טרערנ האָט זיכ אים געעפנט, אונ ער, מאָטקע, איז ניט בעקױעכ דעמ קװאל אָפּצושטעלנ. אײנ געדאנק האָט אים גענעבערט דעמ מױעכ:

— פארװאָס? פארװאָס?..

— װאָס טוסטו דאָ, מאָטקע?

פאר אים איז אױסגעװאקסנ די מעלקערנ כאנע קוליק.

— מומע כאנע! — איז איר מאָטקע ארופגעפאלנ אפנ האלדז. — מומע כאנע, איכ האָב מוירע...

— װײנ ניט, קינד מײַנס, װײנ ניט, מאָטקעלע, — האָט כאנע גענומענ אים גלעטנ אונ טרײסטנ. — װילדע ראָצכים האָבנ עס געטאָנ. אלעמענ צונױפגעטריבנ אינ קאָלכאָזנעמ הױפ אונ געפאָדערט ארױסגעבנ די קאָמוניסטנ. אלע האָבנ געשװיגנ. האָט מענ גענומענ ארױספירנ אײנציקװײַז אונ שיסנ פאר אלעמענ אינ די אױגנ... „מײַנ זונ איז א קאָמוניסט“, — האָט זײ דער זײדע דײַנער א װאָרפ געטאָנ אינ פּאָנעמ. „מײַנ זינ איז א קאָמוניסט, אונ ער װעט זיכ נוקעמ זײַנ אינ אײַכ פאר מיר אונ

פאר אלע, וואָס זײַנען איצטער דאָ. פאר די לעבעדיקע און פאר די טויטע...״ ווײַז נים, מאָטקע, א מאקע זײ, נים קיין פרעגן. דאַרפֿט, מיר אין וואלד זײַנען אלע. לויט אהין, צו אונדזערע.

איבערן שליאַך האָבן זיך דורכגעטראָגן פֿרעמדע מאַשינעס מיטן האקנקרייץ אף די פירלעכ. ערגעץ נאָענט האָט זיך געהערט א ביקסן־שיסערײַ.

2

דעם ערשטן האָט מאָטקע אין וואלד באגעגנט גריגאָרי איוואנאָוויטש סמאָראָ־דינא, זײַן לערער פון רוסישער שפּראַך.

מאָטקע האָט שטענדיק געהאט גרויס דרעכערעצ פארן לערער סמאָראָדינא. באַ־זונדערס פלעגט אים געפעלן ווערן, ווי סמאָראָדינא טײַטשט שיין אויס א דורכגע־לייענטע זאך. אז דער לערער פלעגט עפעס איבערלייענען פאר די שילער אין דער הויך, האָט זיך עס שוין פארגעדענקט אף לאַנג. פאר מאָטקען פלעגן גלײַך אויס־וואקסן לעבעדיקע מענטשן, ווי אין קינאָ, פלעגן דורכשווינדלען פאר די אויגן פעלדער מיט לאָנקעס, אינמיטן ווינטער פלעגט אמאָל א בלאָז טאָן א מעכטיקער ווינטל, א שמעק טאָן מיט פרילינגדיקער בלוונג.

איצטער שטייען זיי ביידע איינער קעגן אנדערן — דער לערער און זײַן שילער, שטייען באַם שוועל פון א געדיכטן וואלד.

— ביסט הונגעריק? — האָט דער לערער א פרעג געטאָן. — יעדער מענטש מוז עסן, אפילע ווען ער איז אין וואלד. וועסט נים עסן — וועסטו נים קאָנען שלאָגן דעם דײַטש, — זאָגט ער שוין עטוואָס האָפערדיקער און מאקע גלײַך דערלאנגט מאָט־קען א שטיקל ברויט מיט אן איי. און קעדיי דאָס יינגל זאָל זיך מיט אים פילן היימישער, האָט ער זיך צוגעזעצט אף דער ערד, די ביקס אוועקגעלייגט אף די קני, בערייש אָפגעשיילט אן איי, און דער ערשטער געגומען עסן.

— קײַ, מאָטקע, האָב האנאָע, לערן זיך פון מיר, דעם לערער דײַנעם.

מאָטקע איז געזעסן א שווײַגנדיקער, א פארקלערטער, געקוקט מיט נײַגער אף די הויכע סאָסנעס. סמאָראָדינא האָט אים ארײַנגערוקט אין דער האַנט נאָך א שטיקל אָקראיעק ברויט.

— ווי מיינסטו, מאָטקע, דער דײַטש וועט גיך אָנלייגן מיטן קאָפּ? — האָט ער צו אים א פריילעכן פינקל געטאָן דורך די ברילן.

— איך ווייס?.. — האָט מאָטקע געענטפערט מיט א פול מויל.

סמאָראָדינא איז פלוצעם אופגעשפרונגען פונעם אָרט, אָנגעהויבן אומרויק ארומ־שפאנען הין און צוריק. דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעשטעלט אף די קני און צוגע־לייגט אן אויער צו דער ערד, ווי ער וואָלט פריער געהאט געפרעגט בא איר עפעס, און איצטער ווארט ער אף אן ענטפער.

— מאָטקע, טו נאָר א שמעק... האכט זיך, עמעצער גייט.

דער לערער האָט געוווּסט, אז מאָטקען דארף מען קיין פינגער אין מויל נים ארײַנלייגן. דער יאָט איז גלײַך נעלעם געוואָרן. דער לערער האָט אוועקגעשטעלט די ביקס לעם בוים, אויסגעטאָן די ברילן און גענומען פאוואָליע רייַן מאכן מיטן נאָזטיכל יעדעס גלעזל באזונדער. אין א פאָר מינוט ארום האָט מאָטקע זיך אומגע־קערט און געבליבן שטיין פארן לערער.

— נו, וואָס האָסטו דאָרט אויסגעשפירט?

— קיין אייג דײַטש נים באגעגנט, — ענטפערט מאָטקע; און סמאָראָדינא קאָן נים פארשטיין, פון וואָס פלאמען באַם יינגל אזוי די באקן — פון פארשעמטקײַט אָדער פון היספּײַלעס.

— אויב אזוי, איז גוט. וועסטו מאקע איצט זיך צולייגן און כאפּן א דרעמל. און שפעטער וועסטו מיר העלפן שטיין אף דער וואך. אָן דאָרטן לייג זיך, דאָרטן, אונטער יענעם בוים.

מאָטקע איז זייער גיכ אנשלאָפנ געוואָרנ. די נאכט — א ליכטיקע, אנ אויסגעשטערנטע. דער לערער סמאָראָדינא מיט א ביקס אינ דער האנט אונ מיט גראנאטעס אינ גארטל גייט ארומ הינ אונ צוריק אונ היט אָפ דעמ שלאָפ פונ זיינ געוועזענעמ שילער אונ איצטיקנ שלאכט-כאווער מאָטקע דאָברי.

3

דעמ ערשטנ עקזאמענ אינעמ פארטיזאנישנ אָטריאד האָט מאָטקע אויסגעהאלטנ. מע האָט אימ געשיקט א שמעק טאָג, ווי האלט עס באמ דייטש מיט בענזינ, האָט ער זיכ ארומגעדרייט א גאנצנ טאָג אינ דערבייִקנ דאָרפ בא די פאשיסטנ אונטער דער נאָז, ביז ער האָט זיכ דערוווסט אלצ, וואָס ער האָט נייטיק געהאט. אומקערנדיק זיכ, האָט מאָטקע זייער קורצ אונ זאכלעכ ראפאָרטירט: ווו, וואָס אונ וויפל.

איינ זאכ האָט ער אָבער אפילע דעמ לערער ניט דערציילט — די געשיכטע, ווי אזוי ער האָט שיר ניט אראָפגעפירט פונ זינענ א דייטשישנ לייטענאנט. אונ נישט דערציילט האָט ער עס קיינעמ נאָר דערפאר, ווייל ער האָט פארשטאנענ, מאָטקע, אז פאר אזא זאכ גלעט מענ ניט איבערנ קעפל... אז מע גייט אינ א שליכעס, דארפ מענ פארגעסנ יינגלשע שטיק...

גייענדיק צוריק פארביי דעמ דייטשישנ שטאב, האָט זיכ מאָטקענ פארגלוסט אָפטאָנ די פאשיסטנ א שפיצל. גראָד אינ דער רעגע האָט זיכ קיינער באמ שטאב ניט אומגעדרייט. וואָלט מאָטקע געהאט מיט זיכ א פאָר גראנאטעס, איז אנ אנדער זאכ — טוט מענ זיי א שליידער אינ פענצטער פונעמ שטאב אונ א גוטנ-טאָג, נאצי-דייטש — אינ דר'ערד מיטנ קאָפ! נאָר גיי טו עפעס מיט ליידיקע הענט. אָבער גלאט אזוי אוועקגייענ פונדאנענ אָנ א „זיי-געזונט“ איז ניט אינ מאָטקעס טעווע. עס רופט אימ. ער מוז זיי אָפגעבנ א גרוס פונעמ אָטריאד. באמערקט, אז קיינער דרייט זיכ ניט ארומ נאָענט בא דער דרויסנדיקער טיר פונעמ שטאב, האָט ער זיכ אונטערגענאנוועט אונ מיט א שטיק געלנ קרייד אויסגעמאָלט מיט גרויסע אויסיעס אָפ דער טיר אָפ דריי שפראכנ: אָפ דייטש, אָפ רוסיש אונ אָפ יִדיש:

Hitler kaput!

Долой Гитлера!

א מאקע היטלערנ!

אויפגעשריבנ אונ ארויפגעקלעטערט אָפ א בוימ ניט ווייט פונעמ שטאב. ווי א וועווריק איז ער געזעסנ אָפנ בוימ אונ, ציטערנדיק, מיט מוירע נאָכגעשפירט פונ צווישנ די צווייגנ, וואָס וועט פאָרקומענ.

צומ שטאב איז צוגעגאנגענ א ווערגעלעצ, וואָס האָט אויסגעזעענ פונדערווייטנס ווי א גייענדיקער שמעקנ. דער ווערגעלעצ האָט דערזענ די אויפשריפט אָפ דער טיר, א רופ געטאָנ דעמ וואכמאנ, וואָס האָט זיכ אומגעקערט פונ יענער זייט שטאב. דער וואכמאנ איז צוגעלאָפנ, אָבער אָנשטאָט אנ ענטפער אָפ דער באגריסונג, האָט אימ דער ווערגעלעצ מיט זיינ ביינערדיקער האנט אראָפגעלאָזט א פליאסק אינ פאָנעמ.

— שולדיק, הער לייטענאנט!

— דאָנער-וועטער! — האָט דער לייטענאנט א דונער געטאָנ, אָנווייזנדיק מיט דער האנט אָפ דער טיר. — געפינענ דעמ פארברעכער!

דער וואכמאנ האָט אויסגעדרייט דעמ קאָפ צו דער טיר אונ גענומענ פלייסיק אָפרייבנ מיטנ ארבל די אויפשריפט. דער לייטענאנט איז אריינ אינ שטאב. דער סאָלדאט האָט זיכ הויכ אויסגעזידלט אונ אָנגעהויבנ לויפנ ארומ שטאב, אויסשפילנ דעמ באפעל...

אונ מאָטקע איז געזעסנ אָפנ בוימ אונ אלצ געזוגנ, אונ ס'האָט בא אימ גוט געציטערט דער פופיק. איצטער האָט ער שוינ כאראָטע געהאט אָפ דער גאנצער מיי-

סע. ער וועט, דאכט זיך, מוטעס ופּשנײַדן... נאָר פּלוצעם האָט ער באמערקט, ווי דער סאָלדאט האָט זיך פאררוקט אף א פּויערטע, וואָס האָט געטראָגן אין האנט א קלומעקל. דער סאָלדאט האָט זי צוגערופן און באטראכט דאָס קלומעקל. מאָטקען איז גרינגער געוואָרן אפן הארצן. וויבאלד דער דײַטש האָט דערזען א קלומעקל, וועט ער שוין אף א שטיקל צײַט פארגעסן, אז מ'האָט אים באפוילן זוכן א פאר־ברעכער. דאָס קלומעקל איז בילכער. דער פארברעכער, אויב ער איז דאָ, וועט ער נים אנטלויפן, און דאָס קלומעקל קאָן פארשווינדן... און ביז דער דײַטש איז געווען פארנומען מיט „אָרגאניזירן" דאָס קלומעקל, האָט מאָטקע געמאכט פּליטע...

4

— און איצטער, מאָטקע, הער מיך אויס מיט קאָפּ, — האָט איין א פּאָר טעג ארום געזאָגט צו אים דער קאָמאנדיר פון פּארטיזאנישן אָטריאד. — מע מוז זיך דורכרײַסן צו אונדזערע טיילן און איבערגעבן דעם פּאָלקאָווניק ראָמאשקא א פּאַ־קעט. פארגעדענק: פּאָלקאָווניק ראָמאשקא... מאָמער פאלסטו ארײַן צו די פאשיסטן אין די הענט, איז נאָכאמאָל געדענק: פריער דער פּאקעט, און נאָכדעם דו. פאר־שטאנען?

מאָטקע האָט געשוויגן. פּאָטער ווערן פונעם פּאקעט הייסט: באגראָבן אין דער ערד, פארברענען, צערײַסן, אופעסן.

— נו, און גראנאטעס? — האָט מאָטקע אף אים א קוק געטאָן.

— און קיין גראנאטעס וועלן מיר דיר נים געבן. אין דעם פּאקעט, וואָס דו וועסט טראָגן, וועט זײַן טויזנט מאָל מער פּולווער, ווי אין טויזנט גראנאטעס.

מאָטקע האָט גאָרניט געענטפערט. ער האָט עפּעס, ווי מיטאמאָל, דערפילט די שווערקײַט פונעם פּאקעט פריער אין די הענט, דערנאָך אין בוזעם. א היפּשער פּאַ־קעט, ווײַזט אויס. אזא פּאקעט אראָפּשלינגען דארף מען קענען. פונדעסטוועגן, האָט ער דערבײַ א טראכט געטאָן, וואָלט ניט געשאדט מיטנעמען מיט זיך א פּאָר גרא־נאטעס אויך.

— און גיין וועסטו אינצווייען, דו און מארינקע, — האָט דער קאָמאנדיר פאר־ענדיקט זײַן באפעל.

דאָס איז שוין ערגער. מיט מארינקען, סמאָראָדינאס טאָכטער, איז ער צעקריגט שוין א פּאָר כאדאָשים. ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט ניט ריידן מיט איר א יאָר נאָכאנאנד.

— כאווער קאָמאנדיר, איך וועל גיין אליין...

— אז א קאָמאנדיר זאָגט: אינצווייען, ענטפערט מען: „רעכט, כאווער קאָמאַנ־דיר, אינצווייען!"

— אינצווייען! — האָט זיך מאָטקע נעגעבן א ציי אויס.

— און איצט גיי שלאָף זיך אויס. מאָרגן גאנצפרי וועט איר זיך לאָזן אין וועג. די נאכט איז מאָטקע שלעכט געשלאָפן.

— ווי דרייט מען זיך פון איר אוים? — האָט ער אלץ געטראכט.

מאקע אין שול האָט ער זיך צעקריגט מיט איר, בעשאס דעם גרויסן איבערײַס. ווען ער האָט איר דערציילט וועגן דער קינדערשער פוטבאָל־קאָמאנדע, וואָס מע אָר־גאניזירט אין ראיאָן, האָט זי אויסגעשאָסן א געלעכטער:

— דו דארפסט מאקע זײַן א פוטבאָליכט...

— פארוואָס?

— ווײַל אלע פוטבאָליסטן זײַנען גרויסע...

— וואָס?

— גרויסע כאכאָמים. דער גאנצער סייכל ליגט זיי אין די פיאטעס...

ער האָט זי דעמלט שיר ניט אויסגעפאטשט. ווי קומט עס נאָר, וואָס ער האָט זיך אײַנגעהאלטן און נײַשט אויסגעדראפעט איר די האָזעריקע בלויע אָפשפּעטנדיקע

אויגנ. דערפאַר האָט ער אָבער געהאַלטנ וואָרט. אפ אײנ פאַרטע געזעסנ אונ קײנ אײנ וואָרט צו איר ניט געגעבנ. זי האָט א פּאָר מאָל געפרוווט א שמײכל טאָנ צו אימ מיט אירע בלויע אויגנ, אינ עלנבויגנ אימ א שטופּ טאָנ, אונ ער, ווי ער וואָלט אַנגענומענ א פולנ מויל מיט וואסער...

אונ איצטער, קוממ אויס, דארפ ער איר אלצ מויכל זײַנ. אלײנ מויכל זײַנ.

אונ אָט איז געקומענ די שאָ, ווענ מע דארפ זיך לאָזנ אינ וועג. דער קאָמאנדיר האָט צוגערופנ ביידע קינדער, מאָמקענ האָט ער אײַנגעוויקלט אפ דער האָנט דעמ פּאַקעט.

„גאָר ניט אזא שווערער", — האָט ער א טראכט געטאָנ קימאַט מיט פאַרדראָס. ער האָט ארײַנגעשטופּט דעמ פּאַקעט אינ בוזעמ, פאַרשפּיליעט דאָס העמדל אפ אלע קנעפּלעכ.

— נו, בעוורע, גײט אונ קערט זיך אומ געזונט. געדענקט אָבער, אז פריִער דער פּאַקעט אונ נאָכדעמ איר!..

אינ א ווינקל איז געשטאנענ סמאָרָדינא, געקוקט אפ די קינדער, ווי שטרענג זײ זײַנענ געוואָרנ אונ ערנסט. גאָר ניטאָ קײנ קינדער — דערפארענע שלאכטלײַט זײַנענ געשטאנענ פארנ קאָמאנדיר.

5

מאָמקע אונ מארינקע זײַנענ געגאנגענ מיט זײַטיקע וועגנ, געהאַלטנ זיך נעענטער באַמ פעלד אָדער בא א באַלקע, טאָמער וואָס, ניט מענ זיך א גלימש אראָפּ, אונ מע ווערט ניט. געגאנגענ זײַנענ זײ אונ צווישנ זיך ניט גערעדט. ארויסשפּרינגענ דער ערשטער מיט א וואָרט האָט קײנער פונ זײ ניט געהאַלטנ, דערפאַר האָט מענ אָבער געשפּאנט הארט אײנער לעבנ דעמ צווײטנ, נײַשט מאכטעס מוירע, נאָר מאכמעס טרײַשאַפט, וואָס האָט זײ אצינדערט פאַרבונדנ, דאכט זיך, אפנ גאנצנ לעבנ.

פּלוצעמ האָט מאָמקע דערזענ א לאנגנ, דינעמ דראָט.

— מאָמקע, א דראָט! — האָט מארינקע אויכ דערזענ אינ אויסגעשריִענ א שײַנענדיקע.

— ששש, שטילער, — ענטפערט איר מאָמקע.

— וואָס קענ עס זײַנ? — פרעגט שוינ מארינקע זײער שטיל.

— וואָס פרעגסטו? איבערשנײַדנ דארפ מענ דעמ דראָט אונ נײַשט אָנריידנ זיכ, פאַרשטײסט ניט, אז דאָס איז זײער טעלעפאָנ־פאַרבינדונג! — ער איז צונעפאַלנ צו דער ערד אונ גענומענ רײַסנ, בײַגנ אינ אלע זײַטנ דעמ דראָט. מארינקע האָט ארײַנגעכאַפּט דעמ דראָט אינ מויל, אימ פאַרקלעמט צווישנ אירע שארפע צײנ.

— וואָס טוסטו, די ליפּנ וועסטו זיך צעשנײַדנ.

ער האָט זיך אָבער ניט באַוויזנ ארומקוקנ, ווי אפ דער ערד האָבנ זיך שוינ געבאָמבלט צוויי איבערגעהריזשעטע דראָט־עקנ.

אָנגענומענ זיך פאַר די הענט, ווי קינדער, נאָר באַפליגלטע, ווי גרויסע, האָבנ זײ אוועקגעשפּאנט ווײַטער, שווײַגנדיקע, פאַרטײַעטע אונ גליקלעכע.

...די ערשטע צוויי טעג זײַנענ דורכ גלאַט. אפנ דריטנ טאָג האָט מארינקע גענומענ ביסלעכווײַז אָפּשטײנ. די פיס זײַנענ איר אָנגעבראָקנט געוואָרנ, אונ וואָס ווײַטער אלצ שווערער איז איר געוואָרנ זיך באַוועגנ פאָרויס. דערצו נאָכ די מײסימ, וואָס וואַלגערנ זיך אפנ וועג, לאָזנ זי ניט קומענ צו־זיך.

מאָמקענ טוט אויכ א ריס באַמ הארצנ, ווענ זײ גײענ פאַרבײַ דערהארגעטע, אָבער מארינקע, אז זי דערזעט, פאַרדרײט זיך איר דער קאָפּ אונ עס שווינדלענ איר פאַר די אויגנ אָפּגעהאקטע פיס, צעשפּאָלטענע שארבנס אונ אלצ אינײנעמ אינ א קאַראַהאָד. שיר, וואָס זי פאַלט ניט אומ.

זי האָט זיך צוגעזעצט אפ דער ערד.

— לאָמיר זיך אָפּרוענ א ביסל, — האָט זי מיט שולדיקע אויגנ א קוק געטאָנ אפ מאָמקענ.

ס'האָט זיך דערהערט א שיסערײַ און האָט זיך אָפּגעהאַקט. ס'איז געוואָרן שווײַגעדיק שטיל, אין באַלד האָט זיך די שיסערײַ איבערגעכאַזוערט, נאָר שוין א סאַך הילכיקער, נעענטער. פונדערווײַטנס האָט מאָטקע דערזען דײַטשן לויפן. „דער פּאַקעט!“ — האָט מאָטקע אין קאָפּ דורכגעבליצט א געדאַנק. ער האָט זיך א כאַפּ געטאָן פאַרן בוזעם.

— לויפן! וואָס שנעלער לויפן.

מאַרינקע האָט זיך אויפגעהויבן און האָט ווי א שיכורע גענומען נאָכלויפן מאָטקען.

„פריער דער פּאַקעט, און נאָכדעם דו“, — האָט מאָטקע, לויפנדיק, געכאַזוערט. ער איז אַזוי געלאָפן, אַז ער האָט ניט באַמערקט, ווי ער האָט זיך דערווײַטערט פון מאַרינקען. ער זעט זי שוין ניט.

ווו איז זי? געשיקט זיך עס, אַז ער וועט איבערלאָזן מאַרינקען און אַליין אַנטלויפן? ניין, ער מוז זיך אומקערן... נו, און דער פּאַקעט?.. און טאָמער כאַפּט מען אים?

מאָטקע שפּאַנט צוריק. א היפּשן וועג דורכגעמאַכט אָפּ צוריק — און מאַרינקען זעט מען אַלץ ניט. שוין זשע איז ער אַזוי ווײַט אַנטלאָפן? די ברידער זנאַמענסקי, די וועלט-באַרימטע לויפער זנאַמענסקי זײַנען פּלוצעם אויסגעוואַקסן פאַר די אויגן. ער האָט א קוק געטאָן רעכטס, און אין א ווײַט פונעם וועג האָט ער דערזען ליגן מאַרינקען א פאַרווונדעטע אין קאָפּ.

— מאַרינקע, וואָס איז מיט דיר?

מאַרינקעס בלויע אויגן זײַנען געוואָרן גראָ — אין זיי זײַנען געשטאַנען טרערן. ער האָט זיך אָנגעבויגן צו איר.

— נו, מאַרינקעלע, כאָטש א פופציק שפּאַן... מע מוז א ביסל אָפּגיין ווײַטער פונעם וועג.

מאַרינקע שאָקלט שווײַגנדיק מיטן קאָפּ אָפּ ניין.

— וואָס זשע זאָל איך טאָן מיט דיר, א? דער פּאַקעט... און דו...

— דער פּאַקעט איז וויכטיקער, מאָטקע. וויכטיקער, ווי איך.

מאָטקע האָט א כאַפּ געטאָן מאַרינקען אָפּ די הענט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער טראָגט איצטער א לײַבלעכע שוועסטער, אַזוי טײַער און נאָענט איז זי אים. אירע בלאָנדע צעפּלעך זײַנען זײַנע, אירע בלאָווע אויגן — זײַנע. אַלץ איז מיטאָמאָל געוואָרן ווי צוגעוואַקסן. ניט אָפּצורײַסן פון אים מאַרינקען.

ער האָט אַוועקגעלייגט מאַרינקען הינטער א קוסט, אַוועקגעלייגט פּאַוואָליע, לאַנגזאַם, און מיט מוירע, עמעצער זאָל ניט דערזען, פּונקט ווי א פייגעלע מאָסטעט אײַן אין נעכט אירע אייפעלעך.

— ווילסט שלאָפן, מאַרינקע? נו, שלאָף, שלאָף, איך וועל זיצן דאָ, לעבן דיר.

ערגעץ נאָענט האָט א געדיכטער שטויב ערד א פלי געטאָן צום הימל.

„הימל און ערד מישן זיך אויס, — האָט מאָטקע א טראַכט געטאָן — און וואָס טוט מען מיט מאַרינקען? לאָזן זי דאָ איינע אַליין א פאַרווונדעטע וועט ער זי ניט — באַדײַ...“ — ער האָט א קוק געטאָן אָפּ מאַרינקען: זי איז געלעגן מיט אויסגעלאָשענע אויגן.

— אויס! — האָט ער צו זיך אַליין א זאָג געטאָן. — ס'וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, אין כמאָראַדינאַ וועט אַלע שילער איבערופן צום מאָזל, אַלעמען, נאָר ניט זי, מאַרינקען.

מאָטקע איז געשטאַנען אָפּ די קני צוקאָפּנס בײַ מאַרינקען, און ס'האָט אים מיטאָמאָל א שווינדל געטאָן פאַר די אויגן זײַן ברענענדיקע שטוב... די מאַמע... דער אויפגעהאַנגענער זיידע... דער הימל איז געווען שוואַרץ פון רויך. בלויע וואָלקנדלעך האָבן געבלאָנדזשעט, זובנדיק א פרײַען וועג צווישן די געדיכטע קנוילן רויך.

פאַרבײַ אים, מיטן וועג, איז דורכגעפאָרן א מאַשין. ער האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט. ווי פון א מיטן שלאָף זיך אויפגעכאַפּט האָט ער, ווען ער האָט דער-

פילט אפנ אקסל א שווערע וואַרעמע האַנט. באַר אימ איז געשטאַנענ א הויכער קאָ־
מאַנדיר מיט א פּײַקע צווישנ די ציינ.
— וועמעס ביסטו, יינגעלע?
— קיינעמס נישט.
— אונ עפּשער ביסטו מײַנ יינגל?.. יינגעלע, א, ביסט נישט מײַנער?
באַם קאָמאַנדיר האָט זיכ אָנגעצונדנ א פײַער אינ די אויגנ.
— ניינ, מײַנ מאַמע איז א ייד...
— דעריבער איז וואָס — א, יינגעלע?
דאָס יינגל האָט זיכ אַוועקגעזעצט אפּ דער ערד, א קוק געטאָנ מיט לויפּנ־
דיקע אויגנ אפּנ ברענענדיקנ דאָרפּ, גיכ־גיכ גענומענ רײַבנ די אויגנ, ווי דאָס אַלצ
זאָל זײַנ א כאָלעמ...
— ניינ, — האָט מאָטקע א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ, — איכ בינ נישט אײַערער.
מײַנ מאַמע איז א נידעריפּשקער. מײַנ טאַטנ רופּט מענ אבראַמ דאָברי...
— אונ מיכ רופּט מענ ראָמאַשקאַ!..
— ראָמאַשקאַ? — האָט מאָטקע איבערגעבאַזערט, — פּאָלקאָווניק ראָמאַשקאַ, —
אונ האָט זיכ מיט ציטעריקע הענט א כאַפּ געטאָנ פּאַרנ האַרצנ.
— וואָס איז מיט דיר?.. — האָט ראָמאַשקאַ א פרעג געטאָנ.
— פּריִער דער פּאַקעט, אונ נאָכדעמ דו, — האָט מאָטקע אָפּגעענטפּערט.



פאַרגעקומענ איז דאָס אינ סענטיאַבער כוידעש 1941. אונ פונ דעמאָלט אָנ וויל
זיכ ראָמאַשקאַ מיט מאָטקענ נימ שיידנ... ווו דער גוירל פונ מילכאָמע האָט דעמ
פּאָלקאָווניק ראָמאַשקאַ נימ געשלײַדערט, אומעטומ — אינ רויכ אונ אינ פײַער —
האָט איכ באַגלייט דאָס יידישע יינגל מאָטקע דאָברי.

———★☆★———

## מענדל גאָלדמאַן

# היימלאַנד מײַנס!

ווייצן-פעלדער זאַטע גייען דיר אַנטקעגן,
זאַנגען שלאַנקע, ריַיפע — אַ געמיַיערט וואַנט —
און אין היימלאַנד מײַנעם, ווײַ — אויף אַלע וועגן,
פעלדער, וועלדער ברענען אין אַ וויסט געבראַנד.

אײַליק יאָגט די אַרבעט אין די עמטעעסן,
פעלד-מאַשינען גלאַנצן אָקאָרשט פון רעמאָנט, —
און אין היימלאַנד מײַנעם כאָרעווע מעסלעסן
גייען אויס פאַרשעמטע אויפן האָריזאָנט.

שטראַליק-אויסגעצירטע גרייטן זיך קאָמבײַנען
דורכצושפּאַנען ערדן אין דער לענג און ברייט —
און אין היימלאַנד מײַנעם יאָמער און געוויינען,
דאָרט מיט טרערן שנײַדט מען, כאָטש געזייט מיט פרייד!

היימלאַנד מײַן צעקלעמטע, כאָרעווע און וויסטע,
וואָס געווידמעט דיר איז אָט די טרויער-ליד —
דײַנע וויִען, קראַמפּן זײַנען ניט אומזיסטע,
ווערסט נאָך, היימלאַנד, בליִען ווי נאָך קיינמאָל ניט!



ל. גאָרנשטיין

# צו מײַן ברודער

מײַן ברודער דעם שלאַכטמאַן, סוני.

און אויב דײַן האַנט זיך וואַלגערט אין אַ ריוו,
און ס׳פּיקן זי דאָרט שוואַרצע,
ווי דער סוינע, ראָבן...
פֿאַרלייקן ניט, זאָל עמעץ אָנשרײַבן אַ בריוו,
אינצווייען וועלן מיר איין גרויסן ווייטעק טראָגן.

און אויב אין סטעפּ עס פֿוילן דײַנע פֿיס,
און ס׳צערטלען ווינטן זיי
פֿון אונדזער אוקראַינע...
ברודער האַרציקער, שיק איבער כאָטש אַ גריס,
שרעק זיך ניט, איך וועל ניט רירן זיך פֿון זינען.

אויב אויסגערונען איז דײַן אויג אין שלאַכט,
און די פֿינצטערניש
וועט מיט דײַן גורל שפּאַסן; –
אינצווייען לאָמיר טראָגן דאַן די נאַכט,
ווי קינדווײַז קוישן בייגל אַפֿ די גאַסן.

נאָר אויב דײַן האַרץ צעלעכערט האָט אַ שפּיז,
און שווערע שטיוול
סאָפּטשען דײַנע ביינער...
כ׳בין קיינמאָל ניט געווען קיין העלד, קיין ריז,
נאָר ס׳וועט מײַן ווייטעק מיר ניט שטילן קיינער,

ביז וואַנען כ׳וועל אַליין אַרויס אין פֿעלד,
דערשטעכן, וואַרגן
כאָטשבי איינעם אַ באַצווינגער!..
אָט דאַן כ׳וועל האָבן רעכט צו לעבן אַפֿ דער וועלט,
אָט דאַן וועט מיר ניט פֿריקרע זײַן מײַן זינגען.

—★☆★—

# אינ שפּיטאָל

(קאַפּיטלענ)

1

קאָנצענטרירט, אינ זיכ פארטאָנ, איז באָגאָד עפּעס אזוי ווינקלדיק-האַרט געזעסנ אפנ ברעג פונ א שטול, וואָס איז געשטאַנענ צווישנ צוויי צונויפגערוקטע טישנ. ער איז געזעסנ פארלייגט א פוס אפ א פוס, דער רעכטער עלנבויגנ אָנגעשפּארט אינ קני, אונ דער שטארק צונויפגעדריקטער פויסט האָט אונטערגעשפּארט די נידעריק אראָפּגעלאָזטע קײַלעכיקע גאָמבע. די לינקע האַנט, וואָס איז בא אים געהאַנגענ אונטערגעבונדנ מיט א מארליע, איז געווענ באהאלטנ אונטער דער אָנגעבויגענער ברוסט. זײַנ אָפּגעזונדערט זיצנ האָט אים אזוי ווי אָפּגעשיידט פונעמ גאנצנ טומלדיקנ ארומ. נאָר פונ אריבערנ טיש, וווּ סמירנאָוו איז געזעסנ, האָט אינ באָגאָדס לינקנ אקסל קעסיידער אזוי ווי ארײַנגעשטראָמט אנ אומרו.

אפנ קעגנאיבערדיקנ ווינקל טיש איז לעבנ סמירנאָוונ געלעגנ א פּעקל צײַטונגענ אונ זשורנאלנ, וואָס ער האָט אָפּגעקליבנ צווישנ די, וואָס די שעפנ האָבנ הײַנט געבראכט, אונ האָט זיכ אָנגעלייענט מיט זיי, ווי א פּויק. סמירנאָוו — שוינ ניט קיינ יונגער ליטעראטור-לערער, געקומענ אינ ארמײ מיט דער מאָסקווער פאָלקס-אָפּאָלטשעניע — האָט זיכ ניט געקאָנט בארויִקנ: צו אָפט האָט ער געשאָקלט מיטנ קאָפּ אפ „נײנ" — א פעלער, וואָס איז אים געקומענ פונ דער קאָנטוזיע. ער איז ערשט געוווירע געוואָרנ וועגנ די נעוואָלעס, וואָס די היטלערישע פּראָיִמ האָבנ אָפּגעטאָנ אינ „יאסנאיא פּאָליאנא", האָט ער מאמעש ניט געקאָנט אײַנזיצנ אפ זײַנ אָרט. דאָ אינ גרויסנ טונקל-באלויכטענעמ עס-זאל, וווּ עס האָבנ זיכ נאָכ געטראָגנ די פריילעכע קלאנגענ פונ דער ראכוועסדיקער רוסישער פאָלקס-ליד „זשיגולי", וואָס דער פרויענ-כאָר פונ די שעפנ האָט אָקאָרשט פארענדיקט זינגענ. ער האָט זיכ עטלעכע מאָל געפרוווט אופהייבנ אונ האָט זיכ דאָכ צוריק אוועקגעזעצט אפ זײַנ אומרויִקנ אָרט. אלע ערטער זײַנענ פאר אים איצט אומרויִק, איז קיינ נאפקעמינע, וווּ צו זעצנ זיכ.

אינ גרויסנ עס-זאל זײַנענ די מיטלסטע צוויי שורעס טישנ צונויפגערוקט צוזאמענ ארומ די פאלמענ אינ מיטנ פונ זאל, אונ די זײַטיקע — זײַנענ צוגערוקט צו די ווענט. ענג איז געווענ דער גרויסער זאל פאר די עטלעכע הונדערט פארוווּנדעטע אונ פארשלאָפטע רויטארמייער. זייער פריילעכער דערהויבענער גערויש האָט זיכ געריסנ פונ די ווענט ארויס. אונ אינ סאמע מיטנ פונ אָט דעמ יאָמטעוודיקנ געפּילדער האָט זיכ דער לערער סמירנאָוו געפילט הײַנט אײַנזאמ אונטער דער פאלמע צווישנ די טישנ.

אויכ אײַנזאמ, ווי זײַנ ווינקלדיק אָפּגעזונדערט זיצנ דאָ אינ זאל, האָט זיכ מיטאמאָל דערפילט דאָוויד באָגאָד. מיטאמאָל האָט זיכ אים דער מויעכ געעפנט: איינער אליינ אפ גאָר דער וועלט, איינער אליינ, ווי פונ א שטיינ. ער האָט שוינ לאנג קיינ ייִדיש וואָרט ניט געהערט, קיינ ייִדישנ אָנ ניט געזענ. דאָס לעצטע בריוול פונעמ טאטנ האָט ער אינ שפּיטאָל באקומענ נאָכ זײַנ ערשטער פארוווּנדונג. דער טאטע האָט אים באגריסט מיטנ מעדאל „פאר געוואגטקייט" אונ האָט אים געשריבנ:

„...פונ אונדז ניט טראַכט. שלאָג זיי, ברודערקע, די ראָצכים, ווי די באָנאָדס קענענ שלאָגנ, דערמאָנ זיי, טײַערער, אָוועס-איוויסייני — נאָכ פאר די כאָרעוו געמאַכטע יידישע קעהילעס בײַם די קרייצ-ציגנ, פאר צאַפנ יידיש בלוט עמערווײַז אונ פאר אומברענגענ באַ אונדז אינ לאַנד שטעט אונ שטעטלעכ אינ די הונדערטער. לייג צו א פלייצע, זונ מײַנער, העלפ פארטיליקנ דעמ אמאָלעק פונ דער וועלט".

אינ נאָכ דעמ טאַמנב כבימע „באַ-גד" (אַזוי פלעגט זיכ אויכ דער זיידע כאַס-מענענ) איז געקומענ א צישריפט: „גד גדוד יגודנו" — נאָר וועט כאַיאָלעס זאַמלענ. „מיר וועלנ זיכ זענ אינ פרײַדנ, וועל איכ דיר דערקלערנ, פונוואַנענ דאָס שטאַמט אונ וואָס דאָס באַטײַט; ס'שאַדט ניט, מע זאָל וויסנ".

אינ גאָר. פונ דענסטמאָל אָנ — קיינ שום יעדיע, קיינ יידישנ אָס, קיינ יידיש וואָרט. מיטאַמאָל האָט, גראָד איצט, נאָכנ פריילעכנ אָפהילכ פונ דער רוסישער פאָלקס-ליד „זשיגילי" זיכ צו אימ צוגעטשעפעט אונ לאָזט אימ אָפ קיינ רעגע ניט אָפ דער בענקענדיקער ניגנ מיט די ווערטער פונ דער ליד:

איכ גיי ארויס אפנ גאַנעקל
די שטעטעלע באַקוקנ,
איכ זע, עס פליט א קליינע פייגעלע
אונ טוט זיכ צו מיר בוקנ.

אינעמ קעסיידערדיקנ געיאָג פונ די געשעענישנ האָט ער, דאָוויד, אינ מעשעכ פונ די לעצטע כאַדאָשימ קיינ צײַט ניט געהאַט זיכ אַרומצוקוקנ, א טראַכט צו טאָנ וועגנ זיכ אונ וועגנ זײַנע נאָענטע. דער רועכ ווייסט — עס טראָגט אונ גאָר.

„די שטעטעלע באַקוקנ" — קלינגט אימ קעסיידער אינ די אויערנ. עפשער האָט ער זיכ פארבענקט נאָכ זײַנ קליינ שטעטעלע, נאָכנ קרײַשטאָל-ווײַבערנ טײַכל, נאָכנ גרינעמ רוישיקנ וועלדל אינ איבערהויפט נאָכ די כעדער... א רייעכ פונ צײַטיקע, אָנגעגאָסענע אַנטאָנעפל האָט אימ א שלאָג געטאָנ אינ נאָז אַרײַנ אונ גלײַכצײַטיק האָט דער זיקאָרנ געקייט מיט א ניגנ: „עס פליט א קליינע פייגעלע... עס פליט א קליינע פייגעלע..."

אָדער עפשער פארקערט — מע בענקט נאָכ אימ א מיידל טאַמאַרע — א נײַ-װײַנלעכ יידיש מיידל מיט געוויינלעכע אויגנ. וואָס גייט אימ אָנ, צי בענקט נאָכ איר נאָכ עמעצער, צי ניט. פאר אימ איז זי די איינציקע. ניט אינ שטעטל — אינ רײַשיקער מאָסקווע אינ א טעאַטער-שול האָט ער זי איבערגעלאָזנ. אַכ, וויפל טרוימענ ניט-פארווירקלעכטע! — פונ סאַמע יוגנט האָט ער אַליינ געשטרעבט צו טעאַטער שפילנ, געווענ א ליבהאָבער, געשפילט אינ דראַמקרײַזנ — איז ער אַנ ארבעטער אינ זאַוואָד געוואָרנ; האָט ער געטרוימט אַנ אינזשעניר צו ווערנ — זיכ געלערנט אינ אינסטיטוט, ניט אָפרײַסנדיק זיכ פונ דער ארבעט, — איז ער א סאָלדאַט געוואָרנ; האָט ער א מיידל אינ מאָסקווע איבערגעלאָזנ — האָט ער פונ טאַמאַרענ דעמ לעצטנ בריוו אויכ אינ שפיטאָל באַקומענ. זי קלײַבט זיכ אויכ אפנ פראָנט, האָט זי אימ געשריבנ. איז זי עפשער אויכ ערגעץ אינ א שפיטאָל? אונ עפשער ווער ווייסט, ווו איר געביינ איז אַהינגעקומענ?

אָדער עפשער האָט זי זיכ אַראָפגעכאַפט אינ שטעטעלע אַרײַנ אונ בענקט דאָרט אַפ א גאַנעקל:

„ניט אַזוי די שיינע פייגעלע,
ווי איר מאָדנער פליענ..."

נאָר ווו שטעטל, וואָס שטעטל?! אַז די טײַוואָלימ האָבנ אָפגעווישט דעמ יידישנ יישעוו פונ דער ערד! אַז מע דערמאָנט זיכ, הייבט זיכ דער מויעכ.

דעמ הונדערט-שטימיקנ געפילדער האָט פונ דער מיטאַמאָל ליכטיק געוואָרענער עסטראַדע איבערגעשטיגנ דעמ קאָנפעראַנסיעס קוויטשיק קאָל:

— דער ווײַטערדיקער נומער פונ אונדזער פּראָגראַמ וועט זײַנ טענצ. קאָסטיומירטע רוסישע פאָלקס־טענצ...

— ניט טאנצנ, וויינענ דאַרפ מענ אפנ כורבנ פונ די רוסישע קולטור־אויצרעס!.. — האָט א קלאפּ געטאָנ אינ באָגאָרס לינקנ אויער סמירנאָווס הייזעריקע אויפגערעגטע שטימ.

באָגאָר האָט האסטיק דעמ קאָפּ א קערעווע געטאָנ לינקס, זײַנ מעוווילוועלער בליק האָט זיכ געטראָפנ מיט סמירנאָווס פיבערדיק־אָנגעצונדענע אויגנ. סמירנאָוו האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ אפ „ניינ", האָט די הענט צעפירט אונ, ווי צו קיינעמ ניט, א זאָג געטאָנ:

— אגעוו, וואָס איז דער כידעש? — א פאָלק אָנ א נעשאָמע! די דײַטשנ מיינ איכ...

ער האָט פאַרפּליושקעט זײַנ לינק אויג, וואָס האָט בא אימ אלעמאָל אויסגעוויזנ צו זײַנ עטוואָס קלענער פונעמ רעכטנ, האָט אופגעהויבנ די רעכטע העלפט פונ זײַנ אויסגעפּויקלטנ שטערנ מיט א בארג קנייטשנ אונ סוידעכפּול אויסגעשעפּטשעט:

— נאָכ מיט א הונדערט יאָר צוריק האָט גערצענ פאַרשריבנ אינ זײַנ טאָגבוכ: «Пруссия бездушна» איר פאַרשטייט? — האָט זיכ כמירנאָוו שוינ צו באָגאָרנ געווענדט, — אָנ א נעשאָמע...

באָגאָר האָט גאָרנישט געענטפערט, ער האָט שנעל אָפּגעקערט דעמ קאָפּ אונ צוגעמאכט די אויגנ.

פאַר זײַנ זיקאָרנ־קוק איז געשטאנענ ניט קיינ מענטשלעכ פּאָנעמ, נאָר א מאסקע — דער דײַטשישער אָפיצער, וואָס האָט געשאָסנ אינ טורבײַעוו, דעמ פאַרווונדעטנ אונ שוינ איינ מאָל געשאָסענעמ. מיילע, געהייסנ צעשיסנ פינפ פאַרווונדעטע געפאנגענע — ווײַט, גאָר ווײַט פונ הומאניזמ! — נאָר מילכאָמע איז מילכאָמע, סאָנימ, מע דאַרפ אנטלויפנ... האָבנ סאָלדאטנ געגעבנ א זאלפּ, א צווייטנ — גאַנצ אומענטשלעכ!..

ביז גאָר בוילעט האָט זיכ אינ באָגאָרס זיקאָרנ אויפגעוועקט, מאמעש געשטאנענ פאַר די אויגנ דאָס בילד, וואָס ער האָט מיט א ווײַטלדיקנ בליק דערזענ, ווענ ער איז געלעגנ א „צעשאָסענער" אפנ שניי הינטערנ שײַער באמ ברענענדיקנ דאָרפ אונ האָט דערהערט איבעראנײַס אנ איינצלנעמ שאָס: טורבײַעוו, א צעשאָסענער, אויסגעצויגנ אפנ בויכ, האָט זיכ עטוואָס אונטערגעהויבנ אפנ עלנבויגנ, אונ, באלויכטנ פונ דער אנטקעגנדיקער סרייפע־שײַנ, די קאלטבלוטיק־מערדערישע מאסקע פונעמ דײַטשישנ אָפיצער מיט דעמ רויכנדיקנ „פאַראבעלומ" אינ האנט...

אנ אינערלעכער ציטער האָט אימ, באָגאָרנ, ארומגענומענ איצט אפילע פונ דער דערמאָנונג אליינ. א שווידער איז אינ אימ אדורכ פונ די שפּיצ פינגער אינ די פוטערנע שטעקשיכ ביז דעמ גלאנצנדיקנ געגאָלטנ קאָפּ זײַנעמ: „יאָ, אָנ א נעשאָמע, ניט אנדערש", — האָט בא אימ געקלונגענ אינ די אויערנ סמירנאָווס הייזעריק קול.

כעמעלע „טאבעבע" דער פערד־שינדער — וואָס קאָנ זײַנ פאַרגרעבטער פונ אימ? — האָט אימ, דאָווידנ, געזאָגט, ווענ ער איז יינגלווײַז מיט בעוורע נאָכגעלאָפנ הינטער דער בוינע נאָכ א פאַרטיע פערד, וואָס מע האָט געפירט שינדנ:

— דײַ ניט, יאטל, ניטאָ וואָס צו טונ. דלייב מיר, סיימ דרײַשיט יאָר, אז איכ סינד זיי, אָבער סטעכנ א פערד דאַרפ מענ זיכ יעדער מאָל אָנטאָנ א טייעכ, פאַרסטאנענ?!

יאָ, ער פאַרשטייט — „אָנ א נעשאָמע..." נאָכאמאָל איז א ציטער אדורכ איבער זײַנ לײַב, א קורצער עלעקטרישער שטראָמ, אונ ער האָט זיכ בארויקט. אפ דער ווידער שוינ באלויכטענער עסטראַדע האָט דער ראַיאָל אויסגעקלאפּט א „באַרינִיאַ".

נאָר סמירנאָוו האָט זיכ ניט געקאָנט באַרויִקנ.

— ניינ, ניינ, — האָט ער געטענהט, דאכט זיכ, צו קיינעמ ניט, — ס'איז אנ אייביקע סינע!.. איר פאַרשטייט? — האָט ער זיכ ווידער געווענדעט צו באָגאָהס לינקנ אקסל, — Вековая вражда מאַכעש געווענ... מיט א יאָרהונדערט צוריק האָט גערצענ געשריבנ... איכ האָב דאָ ניט לאנג געלייענט, יאָ! — די פריילעכע מוזיק האָט סמירנאָווג נאָכ מער אויפגערעגט. אימ האָט געהויבנ פונ שטול.

— יאָ, — האָט ער סאָפקאָלסאָט מיט א מוירעדיקער אָנשטרענגונג הייזעריק ארויסגערעדט, — ער האָט געשריבנ, דאכט זיכ, אזוי:

«Полнейшая ненависть не к русскому правительству..., а к русскому народу...

צו אלדעמ רוסישנ... זייער פינקטלעכקייט, דער סימבאָל פונ דער דייטשישער „קולטור“, איז נאָר אנ אויסערלעכער גלאנצ... די רוסישע אינטעליגענצ האָט מעקאנע געווענ אָט די פינקטלעכקייט... פאלש, פאלש אפ דורכ אונ דורכ.. מיט אָט דער פינקטלעכקייט בויענ זיי, די דייטשנ, די בעסטע מאשינ. מיט דער זעלבער פינקטלעכקייט פונ א מאשינ מאכנ זיי כאָרעוו די וועלט, ברענגענ אומ די מענטשנ, צעשטערנ די קולטור.. איר פארשטייט? — אָנ א נעשאָמע.. בראָקנ זיי, שטעכנ זיי, די מענגוואַלימ, קיינ זייכער זאָל ניט בלייבנ פונ די בארבארנ, וואָס האָבנ מיט אָנדערהאלבנ טויזנט יאָר צוריק כאָרעוו געמאכט די אנטיקע קולטור, אונ איצט — די אייראָפיישע! בראָקנ זיי, שטעכנ זיי, פערטלענ!.. ווייניק!.. ווייניק!.. — האָט סמירנאָוו היציק געשעפטשעט, נאָר קיינער האָט אימ, דאכט זיכ, ניט געהערט אינ דעמ פריידיקנ געפילדער.

אפ דער העל־באלויכטענער עסטראדע האָט געוויכערט א בונטער געווירבל פונ דוימע, גרינגע, געלע, ראָזע קליידלעכ, קאָפּטלעכ, סטענגעס; גלאנציקע שטיוול, לאנגע אויסגעניימטע רוסישע העמדער מיט קוטאסנ פארגארטלט; ראָזעווע צעפארעטע מיידלשע פענעמער; פלינקע פויסטלעכ זעצנ היציק אינ די פייקלעכ, וואָס צעשיטנ א דרינזשענדיקנ מעשענעמ הארבסטיקנ בלעטער־גערויש — א ברייטער ראכוועסדיקער רוסישער טאנצ וויכערט אינ דער ענגשאפט פונ דער עסטראדע. אונ אינ באָגאָדס אויפגערייצטע, אויפגעיווירטע געהירנ וויכערט א פלאָגטער פונ געפילנ, א קנויל פונ געדאנקענ. זיינ שטארער קוק נעמט אופ בלויז א ווירבלענדיקנ בונטנ פלעק, אונ אינ די אויערנ קלינגט קעסיידער: „בראָקנ זיי, שיגדנ זיי, פערטלענ... ווייניק... ווייניק...“

א פארדרוס נאָגט באמ הארצנ, ער איז מעקאנע סמירנאָווג, וואָס איז, לויט זיינ, באָגאָדס, פאָרשטעלונג, פול אונ איבערגעפילט מיט קולטור. אונ ער, באָגאָד, וואָס אייגנטלעכ הייסט ער ניט נאָר פונ דעמ כוינעס, ווי סמירנאָוו זאָגט, „בלאָנדזשער בעסמיעס“ פארגאנגענהייט, נאָר אפילע פונעט יאָרטויזנטיקנ מארטירער־וועג פונ זיינ אייגענעמ יידישנ פאָלק, פונ זיינע פריידנ אונ ליידנ, פונ זיינ פארדאָרבנקייט אונ העלדישקייט? — קיכאט ווי נאָרנישט, כאָטש ער האָט געענדיקט א יידישע זיבנקלאסיקע שול. אָפגעריסענע שטיקלעכ, ברעקלעכ פונ געזוזענע טעאטער־שטיק: „באר־קאָכבא“, „אוריעל אקאָסטא“, אונ ניט מער, ווי ווערטער אָנ קיינ שום פאָרשטעלונג: „קרייצ־צוגנ“, „אינקוויזיציע“...

מיטאמאָל האָט באָגאָדנ ווידער א שלאָג געטאָנ אינ נאָז ארײנ א רייעכ פונ אנטאָנ־עפל — א דערמאָנונג פונ דער היימ זיינער: א קליינ שטעטעלע, וואָס געפינט זיכ ווייט דאָרט אינ טירעה, אינ פאָלעסיע אפ רוסלאנדס ערד. פיר דורעס באָגאָדס האָט ער, דאָחיר, דערוויסט אפ דער ראָזיקער ערד. קוים וואָס ער געדענקט די עלטער־באָבע ליבע, ער געדענקט, אייגנטלעכ, נאָר איר לעצטנ ערעוו־יאָמקיפער.

די באָבע ליבע — א ברעקעלע יידענע, הויט אונ ביינער, מער קליידלעכ איידער גופ, מיט א גרויסנ שווארצ־בלויענ זיידענעמ טוכ דער קאָפּ אויסגעבונדנ — ווי א משאָלמע — מיט א צוויי־הערנערדיקנ קנופ אפנ שטערנ. בער האָט ער קיינ פרויענ

אַזוי אויסגעבונדנ ניט געזענ, אַחוץ איינמאָל אויפנ מאַרק אַ פויערטע נאַרנגאַר אינ אַלמע פונ אַ ווייטנ פּאָלעסיער דאָרפ.

— דאָדיק! — האָט דער באָבע ליבעס הייזעריק־קווימישיק קאָל געריפנ, — דאָדיק, ווי ביסטו דאָרט? קום אַקאָרשט אַהער, דאָדיק!

די באָבע האָט פונ אונטער דעמ מונקל־גרינעמ אַמלעסענעמ יאָמטעוודיקנ פאַרטעכ אַרויסגעצויגנ פונ אַ טיפער קעשענע עפּעס אײַנגעוויקלט אינ אַ זויבער־ווײַס טיכעלע אונ האָט עס גענומענ צעוויקלענ.

— מצא־מצא־מצא... — האָט די באָבע אַ שמוצער־געטאָנ, — זאָגסט אַ ביסל... מײַנ זונ יעקבֿעל, אַ ייִד פונ זיבעציק יאָר, ביז הונדערט אונ צוואַנציק, האָט אַ מאַמענ, אונ אַזאַ ברעקעלע ווייסט פונ קיינ מאַמעס לאַסקע ניט, זאָל דער אייבערשטער ניט שטראָפנ פאַר די רייד... שוינ פיר יאָר, אַז אַזאַ שיינהייט — בלוט אונ מילכ — ליגט אינ דר'ערד, אַ ליכטיקער גאַנייִדנ... ווײַזט אויס, אַזוי דאַרפ זײַנ... נאַ, זונעלע, — האָט די באָבע אימ דערלאַנגט פונעמ טיכעלע אַ שטיק קלעפּיקנ קאָרענעמ לעקעכ, — עס געזונט, אונ זאָל זײַנ אַ זיס יאָר פאַר דיר, פאַר אונדז אַלעמענ אונ פאַר קאָל ייִסראָעל, האַלעוויי איבעראַיאָר...

אונ מאָצע־יאָמקיפּער איז די באָבע ליבע געשטאָרבנ נאָכ אַ לאַנגנ הונדערטיאָריקנ לעבנ אונ איז מעקובער געוואָרנ דאָרט, ווו אירע עלטערנ, אַפנ בערגל באַמ שנעל־פליסיקנ שטילנ טײַכל, אינ דער פּאָלעסיער ערד, וואָס פאַר איר שלאָגנ זיכ שוינ אָט דרײַ דורעס באָגאָרס, דער באָבע ליבעס קינדער אונ קינדס־קינדער.

דער ערשטער איז געווענ דער זיידע זײַנער, יעקבֿיעל דער מילנער. זעקס ברידער, ווי די דעמבנ, זײַנענ זיי געווענ, אונ יעקבֿיעל — דער לעצטער, אַ גוואַר אַ באָכער, איז ער באַמ ערשטנ פּריזיוו אינ רוסלאַנד אַוועק אינ סאָלדאַטנ. ווי דענ? — קיינ „אָכאָבניקעס“ זײַנענ פאַר אימ ניט געגאַנגענ, אונ זײַנ פלייצעקע וועט מענ ניט פאַרבראַקעווענ. ער, דאָוויד, געדענקט אימ שוינ אַ ייִדנ אינ די זיבעציקער — דער זיידע פלעגט נאָכ אַבער אַ נעמ טאָנ אַ „קוליאָק“ מעל, אַז זיבנ יונגע האָבנ געמעגט מעקאַנע זײַנ:

— ווײַז אָקאָרשט אַהער, שקאָץ, וואָס איז דאָרט בײַ דיר! — האָט דער זיידע צו אימ, דאָווידנ, איינמאָל געזאָגט.

דאָוויד האָט דערלאַנגט דעמ זיידנ די הילצערנע ביקס, וואָס דער טאַטע האָט אימ ערשט־אָ אויסגעשניצט, אַ ביקס מאַכע, וואָס לאָזט אַרויס אַ פײַער אונ שיסט אויס אַ „קויל“. האָט דער זיידע אַרויסגענומענ די ליולקע פונ צווישנ דער אַשגרויער קודלאַטער באָרד אונ די לאַנגע וואָנצעס, וואָס זײַנענ קורצ אונטערגעשאָרנ באַמ סאַמע פאָרנט (אַיִ, האָבנ זיי געשטאָכנ די באַק בײַמ דעמ זיידנס אַ קוש), האָט אָנגעכמורעט די געדיכטע גרויע ברעמענ אונ מיט פאַרזשמורעטע אויגנ באַטראַכט ערנסט מיט אַ מעווינעס די ביקס.

— זאָגסט אַ ביסל, נאָר ווי אַנ עמעסע, ווײַל די עמעסע ביקס זייערע, — אַ וונק אינ דעמ מאַמנס זײַט, וואָס איז דאָ דערבײַ געזעסנ אונ גוטמוטיק געשמייכלט, — איז אויכ ניט מער, ווי אַ שטעקעלע פאַר אַ פליוכטער אַפ צו דרייענ מיט צוויי פינגער אַפנ שפּאַציר. אַ סאָלדאַט דאַרפ גאָר צו איר קיינ קויעכ ניט האָבנ... „נאַ פּליעטשאָ!“ איינס, צוויי... פאַרטיק. אָט די בערדאַנקע — אַ „שטיק“ איז אַ „שטיק“, אַ קויל איז אַ קויל, איז מאַכע — „נאַ פליעטשאָ!“ — פינפ „פּריִאָמענ“, ניט איינס־צוויי...

דעמ זיידנס אַז עס האָט עפּעס פאַרטשעפּעט, איז שוינ באַ אימ אַוועק אונ אַוועק: די קאַרפּאַטנ זײַנענ גאָר קיינ בערג ניט (אַ שטאָט ניט גאָר דעמ טאַטנ, נאָר אַלע „הײַנטיקע“ סאָלדאַטנ), אַ מאָשל, אַנטקעגנ די באַלקאַנענ מיט דער „שיפּקע“. אינ 25־גראַדאָווע פראָסט אַריבערכאַפּנ זיכ דורכ דעמ עכטראָפּאָליער באַרגשפּאַלט איז עפּעס ווערט! אַ שפּילכעלע — פּלעוונע! — דער זיידע פלעגט זיכ צעגייענ אינ מעסיקעס. — הײַנט ווו איז פיליפּאָפּאָל אונ אַדריִאַנאָפּאָל?.. עס זײַנענ געווענ גענעראַלנ! — גורקאָ, סקאָבעלעוו... אונ די טערקנ זײַנענ אויכ ניט קיינ מאַפּעלעכ — אַלײַנ אָסמאַנ־

פּאַשאַ אינ בילייקאנ-פאַשאַ!.. בא דעמ זיידנ איז אויסגעקומענ, אז די דײַטשנ זײַנענ אנטקעגנ די טערקנ א „הינט“ — מיט צוויי פינגער וואָלט מענ זיי צעריבנ. דער בילעק איז סאכאקל א פערציק יאָר, ס'זײַנענ אָבער ניט די דוירעס, ניט דער קויעכ — א האַרטנ זעצ אָנ דר'ערד...

— פּע! — דער זיידע האָט ארויסגענומענ די ליולקע פונ מויל אונ נאָכ א פּעטנ שפּײַ פאַרענדיקט, — מיט איינ וואָרט — פליכטערס! (זײַנס א באַליבט ווערטל, וואָס האָט באַטײַט: פּראַנטנ, פּריצנ, ליידיקגייערס, פּוסטע-קײַלעס, ווינט-אונ-שטויב-אונ-רויכ).

אפ דעמ טאַטנ, מאָשע דעמ מעכאַניק, האָט א שיינ מיידל, שיפרע די פּאָפּי-דאָסניצע, קימאַט פינפ יאָר געוואַרט. באַוועכטעס, קרוווימ אונ אפילע ווילד-פרעמדע ווײַבער האָבנ איר די אויערנ אָפּגעקײַט:

— וויפל דער שיר? מע קאָנ דאָכ אזוי זיצנ ביזנ גרויענ צאָפּ! סט'געהערט, אנ אויסבאַפּענייש אפ אָט דעמ פירימשפּילער, אפ דעמ יאָזנ. ווייניק זײַנענ איצט פאַראנ ניט קיינ געדינטע מיט גראָבע טײַכטערס אָנגעספּעקולירטע רענדלעכ, וואָס וואָלטנ זי פאַר איר מאָליע, פאַר אירע גאָז-אונ-אויגנ גענומענ „יאַק סטאָי“, אויסגעקליידט פונ קאָפּ ביז די פיס אונ אוועקגעזעצט אפנ אייבערשטנ גאָרנ. אונ אז מאָשקע וועט ברענגענ דעמ קאָפּ אהיימ, איז ווער ווייסט וואָס פאַר א קאַליקע עס קאָנ אראָפּקומענ, אונ גיי ניאַנטשע זיכ מיט אימ א גאַנצ לעבנ!.

איז ער, דער פריילעכער זינגער אונ טענצער, געקומענ אינ 1917 יאָר אפצולאָכעס מיט פיס אינ מיט הענט אונ האָט אינ שפּעטנ הארבסט געטאַנצט אפ זײַנ אייגענער כאַסענע. אונ אינ 1918 יאָר האָט שיפרע איר ערשטלינג, דאָווידנ, געבוירנ — דעמ ערשטנ אונ דעמ לעצטנ, ווײַל אָנהייב 1919 יאָר האָט מאָשע ווידער אָנגעטאָנ דעמ שינעל — ער איז אוועק טרײַבנ די דײַטשנ מיט די פּעטליוראָווצעס פונ אוקראַינע. אונ אינ 1920 יאָר איז שיפרע געשטאָרבנ פונ א טיפוס. ווייסט טאַקע דאָוויד ניט פונ קיינ מאַמענ אונ פונ קיינ מאַמעס לאַסקע. איז וועמענ האָט ער כוצ דעמ טאַטנ געהאַט אפ דער וועלט? — דעמ זיידנ יעכיעלנ אונ די באָבע ליבענ? — זײַנענ דאָס דאָכ פאָרט דוירעס פאַרגאַנגענע, קוואָרימ באַרעכטיקטע, ווונדנ פאַרצוויינענע... אָבער דער טאַטע...

ווו איז אצינד טאַקע דער טאַטע? די גאַנצע געגנט זײַערע האָבנ די מענטשנפרעסער נאָכ אינ סענטיאַבער פאַרנומענ, איז וואָס איז שײַעכ צו טראַכטנ פונ א יידנ, פונ א יידישנ יישעוו?!.. טאַמעטש עס הייבט זיכ דער מויעכ... וויפל טאַטעס זײַנענ שוינ איצט אומגעקומענ איבער אָט דער פאַרפליכטער בעסטיע, איבערהויפּט יידישע טאַטעס! אָבער דאָס איז דאָכ זײַנ טאַטע, זײַנ איינציקער טאַטע...

געווענ אמאָל א מײַסע, וואָס אז ער, דאָוויד, דערמאָנט זיכ יונג, לאַכט ער. אפ זײַנ פאַרטויערטנ פּאָנעם מיטנ פאַרשפּיינערטנ קוק האָט אפילע איצט א שמייכל קוימ א קרימ געטאָנ די מויל-ווינקלענ:

אינ ערשטנ קלאַס איז ער דעמאָלט געווענ, האָט ער זיכ מיט זײַנ שול-כאַווער יאָסקענ, טאַמאַרעס עלטערנ ברודערל, צעקריגט ביזנ בײַנ. ער איז אײַנגעשפּאַרט באַשטאַנענ אפ דעמ, אז זײַנ טאַטע, דער ברייטפּלייציקער געזעצטער מיל-מעכאַניקער, איז העכער פאַר יאָסקעס מיט טאַמאַרעס טאַטנ, דעמ הויכנ עמזאָס אײַנגעבויגענעמ מיל-בוכהאַלטער, אזריעלנ, וואָס לייענט א צײַטונג טאַמעטש מיט דער נאָז — אזוי קורצזיכטיק איז ער.

אָבער אז אזא ביקס, ווי דער טאַטע האָט פאַר אימ איבערגעשיצט, וועט קיינער ניט מאַכנ — דערינ איז ער זיכער געווענ, ווײַל וואָס האָט זײַנ טאַטע ניט געקאָנט מאַכנ?..

ניינ, זײַנ טאַטע... ניינ, ניט אזוי גיכ קומענ אומ די באַגאָרס... דער זיידע יעכיעל איז נאָכ דרײַ מאָל שטורעמטענ פלעווענע געקומענ אהיימ מיט א צעבראָכענער ריפּ, האָט ער נאָכ אָבער געהאַרעוועט קימאַט ביז די אכציק. דער טאַטע איז אויכ פינ צוויי מילכאָמעס ארויס סאכאקל מיט עטלעכע נישטיקע דראַפּנ. אונ

אז ער, דאָוויד באָגאָד, איז פאר זײַנ קורצ לעבנ שוינ אפ דער דריטער מילכאָמע געקומענ מיט אנ אָרדענ פונ רויטנ שטערנ אונ איז שוינ דאָס צווייטע מאָל פארווּנדעט, אונ אז די מענגוואָלים האָבנ אים אפילע צעשאָסנ, שפײַט ער אפ זיי...

ניינ, דער טאטע לעבט. געוויס לעבט ער... ער פארטיזאנעוועט מיסטאמע ערגעצ אינ די בריאנסקער וועלדער אונ האקט זיי, די פריצנ, דאָרט אינ קארק אריינ, אזוי א רויכ גייט. אונ פונ פאָרנט — אפנ פראָנט גייט דער אָנגריפ. עס שטעלט זיכ אים פאָר, באָגאָדנ, עפעס א גרויסע, א גוואלדיקע, א מעגושעמדיקע מאשינ, ניינ, ניט קיינ טאנק, נאָר עפעס פאָרט ענלעכ צו א טאנק, גייט אונ גייט, גיט זיכ א הייב אופ, ווי אנ אומגעהייערע שווער-גופיקע כײַע, אפ די הינטערשטע לאפעס, גיט זיכ א וואלגער מיטנ גאנצנ גופ, א זעצ אינ א שלײַדער... אונ צעקוועטשט זיי, די פריצנ, ווי די ווערעמ...

דער מיטאמאָל אויסגעבראָכענער שטורעמ פונ אפלאָדיסמענטנ האָט באָגאָדנ באגלײַכ מיט אלעמענ אופגעהויבנ פונ שטול. צו אים איז צוגעגאנגענ זײַנ פאלאטע-שאָכנ דער יונגער ווײַטמיזרעכניק קוואלדינ אונ האָט אים באגײַסטערט א פרעג געטאָנ:

— נו, וואָס זאָגט איר עפעס אפ אונדזערע שעפנ?

באָגאָד האָט אים אָנגעקוקט מיט ווי א ניט-היגנ בליק אונ האָט אָבער פעסט אָפגעענטפערט:

— יאָ, עכטע גאָלדגרעבער, אָנ שפאָס!

2

הײַנטיקער אָוונט, וואָס די שעפנ האָבנ אײַנגעאָרדנט, איז געווענ זייער א גראָטענער, איבערהויפט האָט שטארק אויסגענומענ דער פרויענ-כאָר אונ די טאנצ-נומערנ. דער אוילעמ איז שטארק קאָנטענט געווענ פונעמ קאָנצערט.

— עכטע גאָלדגרעבער, אָנ שפאָס! — האָט זיכ געהערט איבערכאזערנ באָגאָדס ווערטל אינ פארשיידענע עקנ צווישנ דעמ זיכ צעגייענדיקנ אוילעמ.

ווײַטער קאזאכסטאנ, שפעטער ווינטער, טיפער שניי. אפנ ברייטנ אומענדלעכנ פלאכלאנד ציט זיכ א בערגלדיקע קייט, צופוסנס האָט זיכ אנ אָזערע אויסגעשפרייט אינ ארומ אָזערע — א געדיכטער נאָדל-וואלד — אנ אָאזיס אינמיטנ מײַלנווײַטנ סטעפ. אינ וואלד בײַ דער אָזערע, אינעמ סאנאטאָרי פונ די בארג-ארבעטער איז איצט א מיליטערישער שפיטאָל. פונעמ נאָענטנ גאָלדגרוב האָבנ זיכ אפ ברייטע פויערשע שליטנס געלאָזנ איבערנ סטעפישנ שניי, אינ זאווערוכע עטלעכע צענדליק פרויענ אונ מענער צו פארווײַלנ, מונטערנ אונ לינדערנ די ווייטיקנ פונ די צײַטווײַליק ליידיקגיינ געצווונגענע שלאכטלײַט פונ דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

פאָרויס זײַנענ אָנגעקומענ צוויי פאָר ליזשניקעס — יונגע באָכערימ אונ מיידלעכ מיט פלאמענדיקע באקנ — אונ נאָכדעמ איז פול געוואָרנ דער שפיטאָל-הויפ מיט פריילעכנ געפילדער פונ די אָנגעפאָרענע אפ שליטנס.

דאָס איז געווענ באטאָג. די געסט האָבנ אָפגערוט א ביסל, זיכ אָנגעוואָרעמט אונ צעשפרייט זיכ פאָרלעכווײַז איבער די פאלאטעס. זיי האָבנ דאָרט געכאפט א שמועס מיט די שלאכטלײַט אונ באמיילט זיי מיט מאטאָנעס.

דער אָוונט האָט זיכ אָנגעהויבנ מיט דער יאָמטעוודיקער וועטשערע פונעמ ערעוו 23-טנ פעווראל. אלס צוגאָב-געריכט האָט יעדער איינער באקומענ א פולנ טעלער מיט פליישיקע קרעפלעכ, וואָס די שעפנ האָבנ געבראכט אינ א סכום ניט מער אונ ניט ווייניקער, ווי צוועלפ טויזנט שטיק. צומ פארבײַסנ איז געקומענ דער קאָנצערט מיטנ פרויענ-כאָר מיט זײַנ אָנפירערנ אלעקסאנדראָווא. אָט די ניט יונגע אונ ניט שיינע פרוי האָט אזוי פלינק באיוגנט אירע קליינע הענטלעכ בײַכנ דירידשירנ, אז פונ אָט דער גימנאסטיק אליינ איז כעוורע אינ היספאילעס געקומענ.

גרופעסווײַז איז זיכ דער אוילעמ צעגאנגענ איבער די טונקל-באלויכטענע קאָרידאָרנ. ס'איז ערשט צענ אזייגער, אונ הײַנט איז דערלויבט צו זיצנ ביז

צוועלפ. אינ מאָסקווע איז איצט זיבנ אזייגער — מע גיט איבער די אָוונטיקע לעצטע יעדיִעס. האָבנ גרופּעס שלאַבמלײַט זיכ געשטופּט בא די ראַדיאָ־רופּאָרס אינ דוימנ ווינקל, אינ די קאָרידאָרנ, מע האָט אײַנגעשטילט איינער דעם אנדערנ אונ זיכ צוגעהערט צו די הויכרייִדער.

די פּאַלאַטע נומער עלפ איז אינ לאַנגנ קאָרידאָר געווענ א ראָגאָווע, אפנ סאמע קער פונעם קאָרידאָר האָט זי זיכ געפונענ. אינ ווינקל פונעם קאָרידאָר האָט געברענט א ליכטיקער לאָמפּ. די שוועסטער גאַליע האָט באַלייט בעלאָוונ ביז דער סאמע טיר פונ פּאַלאַטע נומער עלפ, האָט זי ברייט צעעפנט, אזוי אז די איצט פינצטערע פּאַלאַטע, איבערהויפּט דער קעגניבערדיקער ווינקל איז אינגאנצנ באַלויכטנ געוואָרנ. די שוועסטער האָט אים, בעלאָוונ, איבערגעגעבנ דאָס קליינע קישעלע צום אונטערלייגנ אונטער דעם אָפּגעשניטענעם פוס, האָט צוריק די טיר פארמאַכט אונ איז אוועק אנדערע ארויסבאַלייטנ.

בעלאָוו האָט פארנומענ דאָס קישעלע מיט ביידע קוליעס זײַנע אינ איינ האַנט אונ האָט אַוועקגעקולעהײַעט אפ איינ פוס, האלטנדיק זיכ מיט דער אנדער האַנט פאר די וועגטלעכ פונ די בעטנ, ווי זײַנ געוווינהײַט איז שוינ דאָ געוואָרנ. אינ דער פינצטער האָט ער זיכ אזוי אַוועקגעלייגט אפ זײַנ בעטל, ער האָט הויכ אופגעהויבנ דאָס איבערגעבליבענע שטיקל לינקע פוס, עס באַטאַפּט אונ ארויסגעלאָזנ א קרעכץ:

— עהה!.. אנ אויסגעריסענער צאָנ זאָל גאָר וויי טאָנ?!..

אינ דער פינצטער זעט איצט קיינער ניט, ווי בא בעלאָוונ רונצלענ זיכ די באקנ מיט פאָכראַרטיקע קנייטשנ, וואָס שטראַלנ ארוים פונ די דרויסנדיקע אויגנ־ווינקעלעכ, קיינער זעט ניט די אָנגעדראָלענע העל־בלויע אָדערנ אפ זײַנע יונגע, דרײַסיקיאָריקע שלייפנ. ער האָט שוינ לאַנג קיינ גרוס ניט געהאט פונ דער היים. שוינ באלד א כוידעש, אז ער ליגט דאָ אינ שפּיטאָל אונ האָט נאָכ פונ דער ווײַטער יאַרעָסלאַווער היים ניט באַקומענ קיינ ענטפער. א שלאַל מאכשאָוועס שטויסנ זיכ בא אים אינ קאָפּ, אונ דאָ טוט אים גאָר וויי דאָס אָפּגעשניטענע שטיקל פוס. דער דאָקטער, דער הויפּט־כירורג, זאָגט אפילע, אז ווײַבאלד ער האָט אנ אייגענע געזונטע קני, וועט דער פּראָטעז זײַנ א לײַכטער, אונ קיינ איינ מענטש, וואָס ווייסט ניט זײַנ סאָד, וועט אים פאר קיינ קרומענ ניט האלטנ. די וווּנד איז שוינ פארצויגנ אונ אלץ, דאַכט זיכ, איז אינ אָרדענונג. ער פילט אָבער, מאמעש ער טאַפּט דאָרט אָנ דאָס צעדריבלטע אונטערשטע קנעכל — מע קאָנ זיכ דערצו ניט צורירנ! ער האָט דאָס שוינ אינ סאנבאַט דערשלעפּט א בלוטלאָזעס, א דערפראָרנס, אונ דאָרט אפנ אָרט האָט מענ דאָס מאקע גלײַכ אָפּגענומענ. הײַנט פארוואָס טוט דאָס אים הײַנט גראָדע אזוי וויי?

בעלאָוו האָט הויכ אופגעשטעלט די קני פונעם רעכטנ פוס, אפ איר ארופגעלייגט דאָס קליינע קישעלע, וואָס ער האָט מיט זיכ ערשט געבראַכט, דערנאָכ אוועקגעלייגט דעם לינקנ פוס אינ גענומענ מאכנ גימנאסטיק מיטנ איבערגעבליבענעם פארבאנדאזשירטנ שטיקל ליטקע.

א שאָרכנ מיט פּאַפּיר האָט ער אָבער דערהערט באַם ווײַטלעכנ בעטל, וואָס בא דער סאמע טיר, אינ ער האָט געמיינט, אז ער איז אינ פּאַלאַטע איינער אליינ... „זע, ווי רופט מענ אים?“ — עפּעס א מאָדנע פאמיליע. ער האָט שוינ הײַנט אפילע עטלעכע מאָל געהערט, ווי די פּולבלעכע שוועסטער גאַליע מיט די גלאַט־פארקעמטע פּעכ־שווארצע האָר לייענט אויס מיט איר איקראַיִנישנ אקצענט זײַנ פאמיליע־נאָמענ פונעם צעטל אונ זאָגט אים אָנ, אז פריִער זאָל ער אײַנעמענ די טאבלעטקע, אונ נאָכדעם זאָל ער פארטרינקענ מיט דער פליסיקײַט פונ דער מענזורקע, וואָס זי האלט דערבײַ אינ האַנט. עפּעס גאָר אינערלעכע רעפּועס גיט מענ אים, אונ נאָכ צוויי מיטמאָל, צווייענ זײַנענ זיי נאָכ אײַערנעכטנ געקומענ. דער יונגער, דער זשוואַווער, וואָס מיט אים איז פול די וועלט אונ וואָס זײַנ בעטל שטייט בא אים, בעלאָוונ, צופוסנס, איז, דאַכט זיכ, גאָר א ייִד, אונ אָט דעמס פאמיליע איז עפּעס אויכ ניט קיינ רוסישע. ער איז אנ עלטערער שוינ, א לאַכנדיקער אפילע, נאָר א שווײַגער. „איז ווי רופט מענ אים, דעם נײַנקנ?“

— גײַנקער, — האָט בעלאָוו אפנ קאָל געזאָגט, — איכ ווייס ניט, ווי דו הייסט, דו גייסט פאַרייכערנ?

— ניינ, — האָט זיכ געלאָזט הערנ אינ דער פינצטער פונעמ ווינקל, וואָס בא דער טיר.

— הײַנט וואָס שאָרכסטו מיט פּאפּיר?

— ניט אלצ, וואָס בלישטשעט, איז גאָלד; אמאָל — אקוראט דער היפּעכ...— האָט די שטימ פונ טיר־ווינקל מיט אנ אײַנגעהאלטענעמ געלעכטער אָפּגעענטפערט. — טאקע פּאפּיר, נאָר ניט צומ פאַרייכערנ.

— זאָל זײַנ ניט פאַרייכערנ גייסטו, אָבער שלים אײַנ דאָרט די עלעקטרע. לאָז מיר כאָטש זענ ווי אָנצילנ מײַנ זעניטקע. — אזוי האָט בעלאָוו גערופנ זײַנ איבערגעבליבנ שטיקל ליטקע.

— אָט באלד, — האָט דער „גײַנקער“ ווייכ ארויסגערעדט.

מיטאמאָל האָט זיכ די טיר פונ פּאלאטע אנ עפנ געטאָנ אונ האָט מיט א גאָלדענעמ פּאס שײַנ באלויכטנ דעמ דיאגאָנאל־קעגנאיבערדיקנ ווינקל פונ פּאלאטע מיט בעלאָוונ מיט זײַנ „זעניטקע“, מיט זײַנ גאנצנ בעטל. דער ערשטער האָט האסטיק אריבערגעטראָטנ די שוועל באָגאָד, א ברייטפּלייציקער מיטלווּקסיקער יונגערמאנ מיט שארפע באוועגונגענ. ער האָט זיכ ארײַנגעשטעלט אינ פּאלאטע אונ שיר ניט צעבוצקעט זיכ מיטנ „גײַנקנ“.

— זע, טורבײַטשיק! כאפּט דיכ דער רועכ! דו דראפּעסט זיכ שוינ גאָר אפּ די גלײַכע ווענט?! — האָט באָגאָד אינ אײנ אָטעמ, מאמעש זיכ פארכלינענדיק, אויסגעשאָסנ אונ האָט אָנגעשטעלט דעמ רעכטנ אקסל קלוימערשט א שטויס צו טאָנ טורבײַעוונ.

בעלאָוו האָט אופגעעפנט זײַנע אויגנ, וואָס פריער האָט ער זיי געהאט שטארק צונויפגעדריקט פונ דער פלוצעמדיקער שײַנ, אונ האָט, ווי א דערשראָקענער, ווייכ א בעט געטאָנ:

— לאָזט אימ, זאָל ער אײַנשליסנ די עלעקטרע! ס'האָט שוינ דערעסנ די פינצטערניש — זאָל זײַנ ליכטיק!

— אכ, אזוי! — האָט באָגאָד פריילעכ־אופגעלעבט זיכ א כאפּ געטאָנ, — די עלעקטרע ווילסטו אײַנשליסנ? אנו, אנו, ווײַז דײַנ בעריעשאפט! — אונ ער האָט אלײנ הויכ א שמעק געטאָנ זײַנ רעכטע האנט.

אינ צימער איז ליכטיק געוואָרנ, אונ די דרײַ איבעריקע אײַנוווינער פונ דער פּאלאטע, וואָס זײַנענ ארײַנגעקומענ גלײַכ נאָכ באָגאָדנ, האָבנ דערזענ: אינ ווינקל צווישנ עק פונ זײַנ בעט אונ דעמ בײַשטידל פונ טיר הייבט זיכ טורבײַעוו אפּ די שפּיצ־פינגער, זײַנע עלנבויגנס זײַנענ פעסט צוגעדריקט צו דער ברוסט אונ די דלאָניעס מיט צעשפּרייטע פינגער זײַנענ אויסגעשטרעקט אינ דער הייכ אונ קאָנענ נאָכ ווײַט ניט דערלאנגענ דעמ אײַנשליסער.

— עכ, טורבײַ, דו טורבײַ! — האָט באָגאָד געזאָגט מיט א זויערער מינע אונ, באדויערנדיק, א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

ער האָט אימ מיט דער רעכטער, געזונטער האנט זײַנער א שמיר געטאָנ איבער דעמ צו דער סטעליע פאריסענעמ פּאָנעמ אונ האָט שוינ פריילעכ א זאָג געטאָנ:

— מאטשעפּורע דו אײנער! מע האָט דיכ מיט דײַנ פלינקײַט געדארפט אוועקשטעלנ דיריזשירנ מיטנ כאָר אָנשטאָט דער נינע אלעקסאנדראָוונע. אָט דאָס וואָלט פאר דיר אנ ארבעט געווענ. אנו, ווײַז אָקאָרשט, ווי דו וואָלסט זיכ צעשאָקלט!

— גיי, די... — האָט טורבײַעוו מיט א געמאכטער אקשאָנעס ארויסגערעדט. — דו ווילסט, אז אלע זאָלנ דאָ אויכ דערזענ, אז דו ביסט א פארשלעפּטע קרענק? שוינ, באלד? דו האָסט נאָכ צײַט זיכ צו באווײַזנ!..

— נו, נו, טורבײַטשיק! — האָט זיכ באָגאָד געבעטנ; דערבײַ האָט ער ווידער אָנגעשטעלט זײַנ רעכטנ אקסל אפּ א שטויס צו געבנ אונ מיט א מינע, וואָס זאָגט: „דו ווייסט דאָכ, אז איכ וועל זיכ אלציינס ניט אָפּשטעפּנ, הײַנט וואָס לאָז־

סטו זיך בעטן“, האָט ער אַ הויכע געטאָן אױף אים, — מאַך ניט קײן שטיק, מורבײַטשיק!..

— נו, נו, כאַפּט דיך דער טײַוול! — האָט מורבײַעוו גוטמוטיק מיט אַ שמײכל אַ זאָג געטאָן און אַ טרײסל געטאָן אױף באַגאַדן מיט די הלאָניעס.

ער איז גרײט, מורבײַעוו. אױף זײַן פּאָנעם איז צעגאָסן געוואָרן אַ ברײטער, אָבער שטומער געלעכטער. מורבײַעוו האָט ווידער פּעסט צוגעדריקט זײַנע עלנבויגנס צו דער ברוסט, האָט געלאָזט אַרויסשפּרינגען פון זײַן ברײט צעעפנט מויל מיט די אויסגעשטשירעטע געלע צײן עטלעכע הײזעריקע „קכע-קכע“ און האָט גענומען גיך באַוועגן ניט אַזוי מיט די הלאָניעס, ווי מיט די פינגער — דאָס האָט געזאָלט מײנען, אַז ער מאַכט נאָך די פלינקע באַוועגונגען פון דער גינגע אַלעקסאַנדראָווען.

דער אַרומיקער אוילעם האָט אויסגעשאָסן אַ הילכיקן געלעכטער. מורבײַעוו האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און האָט ווידעראַמאָל אַרויסגעלאָזט פונעם שמײכלענדיקן מויל עטלעכע הײזעריקע „קכע-קכע“, — הויך לאַכן ניט ער האָט געטאָרט, ניט ער האָט געקענט. בײַ אים זײַנען די לונגען דורכגעשאָסן מיט אַן אופּרײַס-קויל.

— פּראָ:ים, וואָס איר זײַט! — באַגאַד האָט אַ שפּיציקן אָדלער-בליק אַ וואָרף געטאָן אױף די אַרומיקע און האָט מיט רוגזע געזאָגט, — ווען די מענטשן וואָלטן אײַך אַזוי ווי אים צוויי מאָל צעשאָסן, וואָלט איר דאָס אויך ניט געמאַכט!

דער אוילעם האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט לאַכן און איז געבליבן שטײן פאַרגליווערט, פאַרכידעשט. נאָר מורבײַעוו האָט אַלץ אַזוי שמײכלענדיק אַ שמעק געטאָן מיט זײַן צײַגפינגער באַגאַדן אין ברוסט און אַ פרעג געטאָן:

— און דיך? דיך האָבן זײ ניט צעשאָסן, בעריע מײַנער?!

אױף אַ רעגע האָט זיך אויסגעלאָשן דער שפּיציקער אָדלער-קוק פון באַגאַדס אויגן, ער האָט מאַמעוואַטע אַ קנײטש געטאָן מיט די אַקסלען און האָט מיט נעמאַכטן ניצאָכן אָפּגעענטפערט:

— מיך — אײן מאָל, און דיך — צוויי מאָל! ס'איז אַ נאַפּקעמינע!

— זאָגסט דאָך אַלײן, אַז דו ביסט אַ גליקלעכער, אַזאַ פאַמיליע-נאָמען טראָגסטו: באַ-גאַד — Счастие привалило. איך האָב דאָך געזאָגט — אַ פאַרשלעפּטע קרענק! אַנו, גײ צו אַלדי רוחעס! לאָז מיך אָקאָרשט גײן מײַן וועג! — מורבײַעוו האָט ראַפּטום זיך אַ לאָז געטאָן און איז נעלעם געוואָרן הינטער דער טיר.

---

ווען באַגאַד האָט געענדיקט דערצײלן זײַן גאַנץ לאַנגע אָבער לעבעדיקע געשיכטע וועגן דעם, וויאַזוי ער מיט מורבײַעוון זײַנען דאָך לעבן געבליבן און האָבן זיך געראַטעוועט פון די דײַטשישן נאָך דער צעשיסונג, האָט אין פּאַלאַטע אַ רעגע געהערשט אַ מוירעדיקע, אָנגעשטרענגטע שטילקײַט. סמירנאָוו האָט זיך אויפגעהויבן פון בעטל, פון אויפגעבראַכטקײַט האָט צו לאַנג געסקריפּעט בײַ אים אין האַלדז, ווײַזט אויס — געוואָלט עפּעס זאָגן. נאָר די טיר פון פּאַלאַטע האָט זיך אויפגעעפנט, און אױף דער שוועל האָט זיך באַוויזן די שוועסטער גאַליע מיט אַ הויפן וואַטע און מאַרליע אין דער רעכטער האַנט און מיט אַ פלעשעלע אין דער לינקער.

— קוזנעצאָוו! — האָט זי אויסגערופן, — אַנו, ווו מיט הײַנט ווײ? לאָמיר צוטרעטן צו דער אָפּעראַציע.

— גײן, שוועסטערקע, איך קלײַב זיך נאָך ניט שלאָפן!

קוזנעצאָוו, דעם קאָלווירטניק פון אָריאָלער געגנט, וואָס האָט אַכט דער וווּנד געפּאַקט נאָך אַ פליענדיקן רעוומאַטיזם אין די געלענקען, האָט מען פאַרגעשריבן פאַרן שלאָפן אײַנרײַבן די ווײטעקדיקע ערטער מיט אַ שאַרף-שמעקעוודיקן שפּירעכץ און פאַרבאַנדאַזשירן זײ מיט „וואַרעם“.

דער הויכער בוזעם, די אויפגעבלאָזענע ראָזע באַקן, די גלאַט פאַרקעמטע שוואַרצע האָר, דאָס קאַפּריז-פאַריסענע נעזל — אַלץ האָט בײַ דער שוועסטער גאַלינע אַרויסבאַוויזן פראָטעסט, און זי האָט מיט אײַנגעהאַלטענעם קאַס אויסגערופן:

— וואָס איז עס פאַר אַן אָנשיקעניש! קײן שלאָף נעמט זײ גאָר ניט! ס'איז שוין עלף אַזײגער!

— גײַג, שוועסטערקע, — האָט קונצעוו גוטמוטיק געטײַנעט, — הײַנט וועסטו קומענ צוועלפ...

— ני, ני, — האָט די שוועסטער מיט א געמאכטנ בארוגעז אינ די אָנגעבלאָזענע ליפנ אָפגעענטפערט אפ איר אוקראַיִנישנ אקצענט: — איכ וועל שוינ ניט קומענ, איכ בײַט זיכ אומ. הײַנט וועט אײַכ שוינ הײלנ סארא...

— זאָל זײַנ סארא! פארוואָס ניט סארא? אָבער צוועלפ אזײגער!

די שוועסטער גאליגע האָט שוינ באוויזנ דעמ אוילעמ איר ברײטע פלײצע אונ האָט מיט מומלדיקע שטיװל-קנאפל אװעקגעמארשירט צו דער טיר. זי האָט ברײט אופגעפראלט אונ אזוי אנ אָפענע געלאָזנ שטײנ די טיר. אינ דער אנטקעגנדיקער פאלאטע האָט דער פאטעפאָנ געענדיקט זינגענ די גרוזינישע ליבע-ליד „סוליקאָ“. קוואלדיג האָט דער ערשטער אופגעכאפט אונ נאָכגעצויגנ: „סוליקאָ, סוליקאָ“, אונ נאָכ אימ האָבנ נאָכ-עטלעכע שטימענ, וואָס זײערע באזיצער האָבנ קײנמאָל גרוזיע ניט אָנגעקוקט, מינאָריש-פארכאָלעמט איבערגעכאזערט דעמ שלומ פונ דער ליד „סוליקאָ, סוליקאָ“...

3

די פאלאטע נומער עלפ האָט געשעמט אינ שפיטאָל פאר א פרײלעכער פאלאטע. אפילע לויט דער אויסשטאטונג האָט זי זיכ אויסגעטײלט צווישנ די איבעריקע פאלאטעס. עס האָט זי באפוצט איר שעפ — אײנע פונ די עוואקוירטע אינספעקטיצעס פונ דער אלפארבאנדישער וויסנשאפט-אקאדעמיע. באפוצט האָט מענ זי מיט ליבע אונ געשמאק. דעמ פרײלעכסטנ אײַנדרוק האָבנ געמאכט די גראָז-גרינע פאָרהאנגענ אפ די ברײטע פענצטער, די פאָרטיערע פונ דעמ זעלבנ קאָליר אפ דער טיר אונ אויכ אזעלכע סערוועטלעכ אפ די טומבעס. בא דער שײַנ פונ דער רײַצ-רויטער אופגײענדיקער זונ אפ דעמ טיפ-בלויענ הימל האָט די פאלאטע אויסגעזענ, ווי א נאטור-פײזאזש, אָבער אפילע איצט בא עלעקטרישער שײַנ האָבנ אלע ווינקעלעכ אינ איר געקוואָלנ.

„די פאלאטע נומער עלפ, — האָט אלײנ דער קאָמיסאר פונ שפיטאָל געזאָגט, — איז די פרײלעכסטע פאלאטע. זי שטײט, ווײַזט אויס, אפ פרײלעכע סטויפעס“.

א טראדיציע פונ פרײלעכקײַט הערשט אינ איר. כאלאָימ קומענ אָנ, כאלאָימ גײענ אוועק, אונ דער פאָדעמ פונ פרײלעכקײַט ווערט ניט איבערגעריסנ. ס'הײבנ זיכ אָנ שוינ וועבנ לעגענדעס ארומ דעמ. איצט איז אָט שוינ באלד א כוידעש צײַט דער טרעגער פונ אָט דער פרײלעכקײַט-מעסוירע דער יונגער ווײַטמיזרעכניק פיאָטר קוואלדינ. אנדערש, ווי „פעטושאָק“, רופט אימ דאָ קײנער ניט.

כאָטש ער איז אלט סאכאקל אײנ אונ צוואנציק יאָר, איז ער שוינ געווענ א קוואליטעט-קאָנטראָליאָר פונ וואגאָנ-רעדער. זײַנ מיטלוווקסיקע אײדעלע ספריטנע פיגור מיטנ מילדנ פאָנעמ, וואָס פארמאָגט אינ זיכ עפעס ווײַבלעכעס, שפרודלט מיט לוסטיקײַט. אונ כאָטש די רעכטע פארווונדעטע האנט זײַנע טראָגט ער אונטערגעבונדנ, האָט ער זיכ אויסגעלערנט שפילנ אינ ביליארד מיט דער לינקער האנט אלײנ אזוי, אז ער גײט שוינ גאנצ אָפט ארויס א זיגער, אונ זײַנ פאָנעמ — מאמעש ס'שטראלט הערבײַ. אינ זײַנ ווײכנ גאנג אינ די פומערנע שטעקשיכ פילט זיכ א טאנצ — אזוי ריטמיש באוועגט ער זיכ באמ גײנ. אונ שטענדיק מורמלט ער עפעס א ניגנ פונ א קינאָ-פילמ; אָפטער פאר אלצ פארגײט ער זיכ מיט מאקסימס לידל:

«Крутится, вертится шар голубой».

איצט, אז עס האָבנ אָפגעקלונגענ די לעצטע טענער פונ דער גרוזינישער ליבע-ליד „סוליקאָ“ אונ אינ פאלאטע איז מיטאמאָל שטיל געוואָרנ, האָט קוואלדינ ברײט א פאָכע געטאָנ מיט זײַנ לינקער געזונטער האנט אונ האָט אויסגערופנ טרויעריש-אנטשלאָסנ:

— עכ, מאַ! ווענ ס'איז דאָ א הארמאָניק!..

— א הארמאָניק, זאָגסטו, ווענ ס'איז דאָ?.. כוץ די אלטע האָבנ די שעפנ הײַנט געבראכט א באיאנ אונ צוויי „וויאטקעס“, אבי נאָר שפיל! — האָט טורבײַעוו ברײט

שמייכלענדיק געזאָגט. — אָט גיב איך א שפּרונג און ברענג דעם באַיאָנ. לאָמיר אָקאָרשט זען, ווי איר וועט עס פלינק א לויפ טאָנ איבער די קלאַווישנ און א זעצ טאָנ אינ אַלע „שטימענ“, אז די קוליעס מיט די „קאַטשקעס“ וועלנ זיכ לאָזנ א טאַנצ, קכע-קכע...

באַגאָדם אויגנ האָבנ זיכ אָנגעצונדנ מיט א רייצ, און די שוואַרצע סאַמעטענע ברעמענ האָבנ זיכ א הייב געטאָנ איבער די רעגלמעסיקע בויגנס, ער האָט א סמאָרע געטאָנ מיט דער נאָז און א רייד אַרויס געטאָנ:

— ואַנו, דערלאַנג אַהער דעם באַיאָנ! קוואַלדינ וועט מיט דער לינקער האַנט א שפּיל טאָנ אפ די „באַסנ“, און איכ וועל מיט דער רעכטער איבערקלייבנ די „שטימענ“, אז א רויכ וועט גייִנ. דו, טורבינטשיק, שטעל אָנ א היטל, פאַרקרימ זיכ א ביסל און בעט: „שענקט אינוואַלידנ פונ דער פאָטערלענדישער מילכאָמע אפ ברויט!“

סמירנאָוו האָט דאָס ניט געקאָנט פאַרלייִדנ, ער איז, ווייַזט אויס, געווענ נאָכ שטאַרק דערהריקט פונ באָגאָדס דערציילונג, האָט ער מיט זייַנ גאַנצער איבערגעבראַכטקייט אפ די דייטשישע מענגוואָלימ אויסגערופנ:

— מעשוגע, צי כאָסערדייע?! מיר דאַרפנ דאָס ניט!.. פאַר אונדז זאָרגט מענ...

— שאַ, שאַ, באַרויִק זיכ, — האָט אימ קוזנעצאָוו איבערגעשלאָגנ.

שטיל, מיט א האָרפּייַנער געלאַסנקייט און מיט א מילדנ שמייכל אפ זייַנ געשטופּלטנ פּאָנעמ האָט ער ווייטער געזאָגט:

— זע, ווי דער לערער האָט זיכ אינ אימ איינגעכאַפּט... מע טאָר זיכ שוינ גאָר ניט פאַרשטעלנ?.. מיר ווייסנ אַלע: קאָלזמאַנ עס זייַנענ דאָ סאָוועטנ און עס פירט מיט אונדז אָנ סטאַלינ, דאַרפ מענ דאָס ניט. זיי שפּילנ זיכ, זיי האָבנ דאָס דאָכ קיינמאָל ניט געזענ, אָבער דו געדענקסט אינ יענער מילכאָמע פאַר ניקאָלקענ א סאַכ אַזעלכע בילדלעכ...

אינ דער אַנטקעגנדיקער פאַלאַטע גומער צוועלפ האָט פונ דער פּאַטיענטאָנ-פלאַטע מיטאַמאָל א זעצ געטאָנ א ספּרונגעס-אָרקעסטער, און אינ כאָלעל אַרומ האָט זיכ צעגאָסנ א „רוסישע“. ווער ס׳האָט געזאָגט: „אינדזוערע, א וואָראָגיעזשער“, און ווער — „נייִנ, אינדזוערע, אָנ אָריאָלער“, נאָר קוואַלדינ האָט פאַרוואָרפנ דעם קאָפּ, האָט די לינקע האַנט א שטעל געטאָנ אינ דער באָקע אינ מיט א ברענ אויסגערופנ אפנ העכסטנ טאָנ:

— לאָזט מיכ! מאַכט א וואַרע!

באַגאָד האָט געמאַכט א פּאָר שריט אפ צוריק, האָט זיכ מיט אָנ אויסגעשטרעקטער רעכטער האַנט קעגנ אימ פאַרנייגט, מיט דער זעלבער האַנט א כאַפּ געטאָנ דאָס טעפּעכל, וואָס ליגט לעמ אייזונ, און האָט מיט נאָכ מער היצפּילעס אויסגערופנ:

— צערוקט זיכ, כעווערע! אַנו, פלינקער!..

און קוואַלדינ האָט זיכ שוינ געטראָגנ מיט שטילע טריט — אפ די שפּיצ פינגער — אינ אָנ ענגנ רעדל. נאָר אָט האָט ער אַרויסגעוואָרפנ אינ א זייַט די לינקע האַנט אינ געגומענ יאָגנ, ווי א וויכער. מיטאַמאָל איז ער קימאַט ווי געבליבנ זיצנ אפנ דיל, נאָר ניט ער איז געזעסנ — אימ האָט געטראָגנ, ווי א רועכ, אינעמ רעדל. ער האָט זיכ גענומענ דרייענ, זיצנדיק אפ איינ פיס, אינ פלינק אַרייַנוואַרפנ „קניִע-לעכ“, אונטערהאַלטנדיק דעמ גלייַכגעוויכט מיט דער לינקער האַנט נאָר אַזוי, אז די צושויער האָבנ די מייַלער צעעפנט פאַר וואונדער.

לעבנ דער אָפענער טיר האָט זיכ שוינ אָנגעקליבנ אָנ אייַלעט, וואָס האָט צוגעמאַכט צוגעפליעסקעט מיט די הענט. די שוועסטער גאַלינע איז אַהיימ ניט געגאַנגענ. זי איז געשטאַנענ צווישנ אויִלעט מיט א שטאַרק צופרידענעמ שמייכל, וואָס האָט ברייט צעצויגנ איר מויל און צעלעכערט אירע ראָזע פּיִכקע באַקנ מיט טיפע גריבלעכ. מיט אייגנ מוירעדיק באַטשעפּטיקטע האָט זי נאָכגעקוקט יעדער באַוועגונג פונעמ טענצער.

ווענ קוואלדינג איז מיטאמאָל שטיינ געבליבנ, האָט די שוועסטער גאלינע זיכ שטארק צעבליעסקעט בראוואָ און מיט היספּײַלעס א קווימשע געטאָנ:

— וואָט מאק פּיוועג, פּעטושאָק! אָט דאָס פּארשטײ איכ, א מאנצ!..

קוואלדינג איז עטוואָס אָפּגעגאנגענ אָנ א זײַט, האָט א הייב געטאָנ דעמ קאָפּ, ווי ער איז געוווינט געווענ צו פּארוואַרפנ זײַנע שאטעווע פּאטלעס, כאָטש דער קאָפּ זײַנער איז געווענ הויל — אינגאנצנ א געגאָלטער — און האָט, וויַזט אויס, עפּעס געוואָלט זאָגנ דער שוועסטער גאליענ. נאָר פּונ דער פּאלאטע נומער צוועלפ האָט זיכ שוינ געטראָגנ די „בּיראָבידזשאנער פּישער=ליד“, האָט זיכ קוואלדינג ראשיק אויסגעקערעוועט צו באָגאָדנ און אויסגערופנ מיט א גיצאָכנ=שטימ:

— Еврейская комсомольская...

און, אונטערווינקענדיק צו באָגאָדנ, געזאָגט:

— איצט וויַז דו, אָקאָרשט, וואָס דו קענסט!

באָגאָד האָט אפּ אימ אָנגעשטעלט א פּאָר היסלאָוועבדיקע אויגנ און מיט א פּרײַו=מינע געפּרעגט און איבערגעפּרעגט:

— וויַזנ זאָגסטו, וויַזנ?.. אנו! ברייטער די ראָד!

באָגאָד האָט האסטיק אויסגעשטרעקט זײַנ רעכטע האנט, האָט עטלעכע מאָל א קנאק געטאָנ מיט די פינגער און האָט זיכ לײַכט א לאָז געטאָנ מיט דריבנע טרימעלעכ, ווי די באָבע ליבע פלעגט גייג א באריגעז=מאנצ. ער, דאָווקע, האָט זי קיינמאָל נית געזענ טאנצנ, אָזוי ווי ער האָט שוינ נית דערוויכט דעמ פּעטער כאָימ=שאָלעמ, נאָר כאָימ=שאָלעמס „קאזאצקע“ קאָנ ער טאנצנ, ווײַל דער טאטע זײַנער מאָשע דער מעכאניק איז געווענ א פרייִלעכער ייִד, א לעצ, וואָס האָט אלעמענ און אלצ נאָכגעמאכט. אינ די יונגע יאָרנ האָט ער זיכ ארומגעשלעפּט מיט די פּורימשפּילער, און אינ 1917 יאָר, אז ער האָט זיכ געקערט פונ מילכאָמע, האָט ער מיט די קוסטארעס געשפּילט „מעכירעס=יויסעפ“ און שפּעטער — אפילע „ליטערארישע פּיעסנ“. אלטע ייִדישע מענטש אינ לידער ווייסט ער, דאָווקע, פונעמ טאטנ. ער איז זיכער, אז דער טאטע וואָלט איצט אויכ געטאנצט.

האָט ער אָנגעהויבנ פונ דער באָבע ליבעס באריגעז=מאנצ, דערנאָכ האָט ער פּארשטעקט די עקנ פונ די כאלאט=פּאָלעס אינ גארטל און האָט זיכ געלאָזט אינ א „רעדעלע“ — א „כאבאלניק“ האָט דאָס דער טאטע גערופנ, — און איצט האָט ער שוינ געהויבנ די קני ביז דער נאָז און איז געגאנגענ א „קאָזאק“ — כאָימ=שאָלעמס „קאזאצקע“.

מיטאמאָל האָט זיכ דער פּאטעפאָנ אָפּגעשטעלט — דער גאנצער עולעמ פונ דער צוועלפטער פּאלאטע האָט זיכ דאָ בא דער טיר געשטויסנ.

אינ דער פּלוצעמדיקער שטילקײַט האָט זיכ הילכיק דערהערט דער שוועסטער גאליעס היספּיִלעסדיקער קווימש:

— בּראוואָ, בּראוואָ! ניכער אהער! דינעמ מאנצט מענ!

סארע שוב, א הויכ, א שמאלנע אבצניאָדיק מיידל, וואָס האָט זיכ אהער עוואקווירט פונ מאָסקווע מיט איר מאמענ דער טימארבעטערנ פונ אייגער אנ אינ=סטיטוציע פונ דער וויסנשאפטנ=אקאדעמיע, האָט פונ דער ייִדישער קולטור גע=יארשנט בלויז איר ביבלישנ נאָמענ. זי איז אהער צוגעגאנגענ מיט גיכע ענערגישע טריט, איז אדורכ צווישנ עולעמ און שטיינ געבליבנ לעבנ גאליענ מיט ברייט צעשפּנטע, קימאט קעלעבדיקע גרויסע שאָפּענע אויגנ. זי האָט נית געוווּסט, צי זאָל עס זי שאָקירנ, צי פרייענ דארפ זי זיכ אינײַנעמ מיטנ ארומיקנ עולעמ.

אנטקעגנ אָבער האָט זיכ א ריס געטאָנ צו דער טיר דער רויטער קוזנעצאָוו.

— וואָס איז דאָרט! — האָט ער אנ אופגעבראכטער אויסגעשריִענ. — די ספּרו=זשינע איז אויסגעגאנגענ, צי די נאָדל איז ארויסגעפאלנ? כאָטש עס דער רועכ! נאָכאמאָל, פונ אָנהייב אָנ!

א פּאָר מענטשנ האָבנ זיכ נאָכ אימ א לאָז געטאָנ צומ פּאטעפאָנ.

אינ דער ווארטנדיקער שטילקייט פונ פאלאמע נומער עלף האָט זיכ מיטאמאָל דערהערט סמירנאָווס הייזעריקלעכ קאָל:

— וואָס טאנצט איר אזוי? וואָס איז מיט אייכ די סימכע?.. — האָט ער זיכ א פארמויעכטער, א באָטעלער צו קוואלדינגע עפּעס אזוי אָפּהענטיק געווענדט.

בעלאָוו האָט זיכ קעגנ אימ אופגעשטעלט אפ די קוליעס אינ זיינ גאנצער הייכ אונ מעיושעוודיק צו באָגאָדנ א זאָג געטאָנ:

— טאנצט, כעוורע, טאנצט! איכ וועל שוינ מער אפילע קיינמאָל נימ טאנצנ, נאָר איכ האָב ליב, אז מע טאנצט. אפּצולאָכעס אלע פריצנ, אינ זייער מאמענ אריינ, טאנצט!

— וואָס טאנצ איכ? — האָט באָגאָד נימ סמירנאָוונ, נאָר דעמ אוילעמ גע־פרעגט. — איכ טאנצ א דרייפאכנ טאנצ. ערשטנס, פלעגט א ייד זאָגנ אפ גיינ אינ סאָלדאטנ — גיינ טאנצנ. בינ איכ דענ נימ קיינ סאָלדאט פונ דער רויטער אר־מיי? צווייטנס, זאָגנ יידנ אפ דער גסיסע — טאנצ: „טאנצנ מוז מענ; דאָס וועט קיינעמ גיט אויסמיידנ“. האָבנ דענ די היטלערישע מענגוואָלימ נימ געטריבנ מיכ צומ טאנצ? אונ, דריטנס, בינ איכ שוינ באלד געזונט, — ער גיט א פיר היג אונ הער מיטנ לינקנ עלנבויגנ, דאָס הייסט, אז די לאָפּעטקע ארבעט שוינ א ביסל. — צו פרילינג גייענ מיר זיכער ווידער אפנ פראָנט. אונ בא מיר גיינ אפנ פראָנט איז „ווי צומ טאנצ“, זאָגנ יידנ. — באפרייענ אונדזערע ברידער פונ מיירעוו־אוקראינע אונ פונ מייִרעוו־ווייסרוסלאנד בינ איכ געגאנגענ? — געגאנגענ! שלאָגנ די ווייס־פינענ? — געשלאָגנ! אונ די היטלערישע באנדיטנ האָבנ מיר געשלאָגנ אינ וועלנ שלאָגנ אינ דר'ערד ארייִנ! אפ צעפּוקעניש אלע היטלעריסטנ, אלע פאשיסטנ מיקאָל־האמינימ, וואָס ווילנ אומברענגענ מיינ לאנד, מיינ פאָלק, אלע פעלקער — לעב איכ אונ וועל לעבנ! איכ טאנצ, אפ זייער קיידוער טאנצ איכ!

אינ אָנגעהיצטנ כאָלעל האָט זיכ ווידער צעקלונגענ די פישער־ליד. באָגאָד האָט א הונק געטאָנ צו די שוועסטער, וואָס מיילנ זיכ אויס. אינ זייערע ווייסע כאלאטנ צווישנ דעמ אוילעמ, אונ האָט זיכ היסלאָוועסדיק ווידער א לאָז געטאָנ מיט א קנאק אונ מיט א ניגנ:

העכער זינגט זשע לידער,
אָט אזוי־אָ!
אלע פעלקער — ברידער
געוואָרנ דאָ...
איי, איי, איי, איי!..
לעבעדיקער!..

———★☆★———

פערעצ מארקיש

# דער כירורג[1]

## I

צומ דריטנ האָנענ-קריי איז די געפאר פארבײַ.
א האלבער דעמב האָט זיכ געוואלגערט צווישנ מאָכנ.
באמ סאמע וועג, בא דעמ צעאקערטנ פונ בלײַ,
געשטאנענ איז א מענטש נעבנ א קייווער — אײַנגעבראָכנ,
ווי א מאצייווע אויסגעבויגנ פונעמ ווינט —
די אויגנ אויסגעקריצט, ווי אויסיִעס פונ אוראלט,
אונ מיט א פידל אונטער פאכווע האָט א קינד
צו אימ זיכ, ווי א בראָכשטיק, דאָרט געניורעט...
געווענ געשמידט ס'איז צו דער קייווערדיקער ערד,
נאָר ס'האָט דער בליק אדורכגעריסנ צאמענ
אונ זיכ ארײַנגעקוקט, ווי כעסעדיקע רעכט
ווערט אונטערוועגס דאָרט אָפגעטאָנ זײַנ מאמענ...
ס'איז ניט געווענ קיינ קאָוועד פארנ מעס,
מע זאָל אימ ברענגענ אינ דער פינצטערניש צו קווורע,
נאָר ס'האָט געדוכט, אז ס'שטייט דער מאנ שוינ א מעסלעס,
ווי א מאצייווע מיט אנ אופשריפט פונ דעמ אוראלט.

דעמ וועג געוויונ האָבנ שטערנ דאָרט געהיימ.
נאָר די אווייּלימ ניט געצײַלט האָבנ פארשטארטע,
ווי אינ דער איינציק וווינונגס-רעכטער היימ
וואָלט' די געהארגעטע פארבעטנ זיי אפ נאכטלעג...
רגעצ אינ דר'הייכ — א דײַטשישער אעראָפלאנ
ט זיכ אינ וועג ארײַנ געלאָזט שוינ אפ האריגע, —
נאָ פונ דעמ קייווער איז ניט אָפגעגאנ דער מאנ,
דאָס מויל — מיט טרויער מיט צעוואקסענעמ פאריגלט.
עפעס האָט, פאָכעדיק, געטאָנ די לופט א ברי,
מיט א נעצווי·טשער פונ קאיאָר אדורכגעפלויגנ,
ווי פונ נעסט, זיכ אופגעכאפט — פארפרי
וואָלט א ארויס מענאכעמ-אָוול זײַנ א פויגל,

1 פראגמענטנ פונ א ...מע.

גענומענ קרײַזנ מיט א כעדווע ארום אים
און מיט געצוויטשער נאָך א ווערעמל זיך יאָגנ,
עס האָט דער פויגל אָנגעפאנגט זײַנ מי
אינ דער פארקישעפטער געהיימעניש פונ׳ סאָגנ...

שוינ האָבנ שאָטנס זיך געשיידט מיט זייער רו,
שוינ האָבנ אײנציקווײַז געלאָשנ זיך די שטערנ.
פונ יעדער צוויטש געוואָרנ העלער איז ארום,
א יעדער טרעל — א שנירל בלאנקענדיקע פערל.
עס ווענדט ניט אָפּ פונ דער יעצירע זיך די גאָב
אפילע דאנ, ווענ זי פארלענדט און זי פארהאָגלט...
האָט ער זיך אומגעקוקט. א הייב געטאָנ דעם קאָפּ,
פונקט ווי געהאט וואָלט ער דעם גאסט זײַנעם צו זאָגנ:
— דער שארפסטער האק איז ניט באוווּסט דער טאט
פונ וווּקס, פונ א צעפלאנצ זיך אינ דער הויכ טאָג,
אָבער דער מינדסטער זייכער פונ ארומגעהאקטנ שטאם
גייט פרי׳ר, צי שפעטער אופ מיט בליִונג א באהויכטער...
געוועגנ די פליגעלעכ צעדריפלט זײַנענ, גרוי,
פונקט ווי די ארבל פונ א וואָכעדיקנ רעקל;
האָט ער אוועקגעלייגט פאר אים א שטיקל ברויט,
געקוקט, ווי מיטנ פיסקל ער צעהאקט עס און צעברעקלט.

זיך דורכגעפיקט דורכ איר, ווי דורכ אנ איי, דער טאָג האָט;
געקוקט האָט ער אפ זײַנ פרימאָרגעדיקנ גאסט,
פונקט ווי געהאט ער וואָלט אים נאָך צו זאָגנ:
— ווענ ס׳קלאפּט דער שטורעם אָפּ פונ צווײַג די פרוכט,
גראָבט זי מיט כאָכמע דורכ די טיפקײַט פונ דער ערד דאָרט
און קערט זיך פונדאָסנײַ אום דורכ געבורט,
א זיבנ מאָל צעצוואָגטע און פארמערטע...
אונטער די ברעמענ, ווי אינ שטײַגנ-נעסט פארשפארט,
האָבנ געפאנגענע געטרויערט זײַנע אויגנ,
נאָר זיך געריסנ האָבנ זיי איבער דער נאכט,
פונקט ווי דערזאָגנ׳ ער באדארפט וואָלט נאָך דעם פויגל
— קוקט פונעם מענטש דענ ווייניקער ווי פונעם בוים, וואָרגרינטס?
— איז צו זײַנ קלוגער פאָרזעצונג א טכום געשטעלט הינ?
געגאנגענ איז אים מענאכעם-אָוול זײַנ דער ווינט,
און דער באגינ האָט שוינ פונ ערגעץ זיך דערנעענט׳ס...

א בינ האָט, זשומענדיק, צום פעלד זיך שוינ ויאָגט,
א מורעשקע האָט אונטער לאָסט זיך שוינ געדרייאָרט, —
דאָס ווערק פונ מאלכעסדיקנ אופוואכנ אפּ ס׳
האָט זיך געשאפנ אינעם אײַנגעשטעלטנ סיילד...

דער ראנד פון הימל האָט שאַריִעט און געהעלט,
דער מיזרעכ אופגעגאנ איז אינ געשאל פון טרויבנ, —
חי ליכט נעצוונדענע צוקזָפּנס בא דער וועלט
האָבנ זיכ סרייפּעס אינ פארטאָג ארײַנ געהויבנ,
און צו קאיאָר, ווי נאָר דער כוישעכ איז אראָפּ,
האָט ער זיכ נידריקער, ווי שטענדיק, אָנגעבויגנ,
אונטערגעלייגט עפּעס דעם מעס אונטערנ קאָפּ,
אימ דאָרטנ צוגעדעקט מיט שערבעלעכ די אויגנ,
און, ניט צעשטערנדיק די שטילקײַט מיט געוויינ,
דעמ אָפשייד שליסנדיק, אינ וו׳רבל-פּײַנ געלײַטערט,
האָט ער געבראכט אנ אונטערוועגדיקנ שטיינ
און מיטנ קינד געלאָזט אינ וועג ארײַנ זיכ ווײַטער...

אפ מײַלנ ווײַט געהערט האָט זיכ דער טראָט
פון טרויער-מאכנעס היימלאָזיקע פלייסים;
געפלייצט, ניט וויסנדיק, ווהינ מע האָט,
אינ קלומקעס אײַנגעשפאנטע, אָנ באגלייטער.
א יעדנ וועג האָט זיי די פיבער-שטאָט פארטרויט,
פארטרויט דעמ פעלד האָט יעדער גסיסעדיקע גאס זיי
און אָנגעטריבנ סווישטשענדיק דער טויט
האָט זיי מיט ברענענדיקע בײַטשנ פון פוגאסנ.
געגאנ אפ מיזרעכ זײַנען יונג און אלט
מיט קינדער אפ די הענט, מיט זקיינים אונטער אָרעמ —
זיי נאָכגעגאנ איז ברענענדיקער וואלד,
זיי נאָכגעגאנ איז אויסגעקלאפּטער קאָרנ.
געשטראָמט פארפלייצנדיק א מאכנע נאָכ א מאכנע האָט —
צופוס, אפ וועגענער, צוזאמענ און צעזייט דאָרט,
ווי ס׳וואָלט די אָדערנ אליינ געעפנט זיכ די שטאָט
און אָפּגעגאנ מיט בלוט און אָפּגעגאנ מיט ווייטאָק.

אינ דער פארלאָזטער שטאָט האָט זיכ געהערט א קנאל,
נאָר ניט געהערט האָט זיכ קיינ לעבעדיקע שטימ מער —
אינ רויכ האָט זיכ געשטיקט דער אלטער ארסענאל,
און ס׳האָט געברענט דער בארג פון הייליקנ וולאדימיר,
ווי א באשווערנדיקער נידער פון דער שטאָט,
אז ניט צעשיידנ וועלנ זי קיינ קייטנ און קיינ קלעמער
מיט איר פאנאנדערגעצוימטנ גורל און באראָט,
און נאָכגעקוקט האָבנ די אלטע קלויסטערדיקע שליעמעס
נאָכ די פארשווינדנדיקע מאכנעס אינ דער ווײַט,
נאָכ שטאמענ אויסגעריסענע אפ וואָגל און אפ וואנדער,
און ווי אינ שטאָט פירט איבער אפ צוריק די צײַט

אליינ דער טויט מיט ביינערדיקער האנט דאָרט.
א בוים האָט קרעכצנדיק געטאָנ א פאל,
אונ ווי א כאַלעם איז געווענ דאָס אש פונ הימל —
די ווונד האָט צוגעלייגט צו דר׳ערד דער ארסענאל,
אונ ס׳האָט געברענט דער בארג פונ הייליקנ וולאדימיר,

אפ מײַלנ ווײַט געהערט האָט זיכ דער טראָט,
אפ מײַלנ ווײַט דער פיבער האָט געהערט זיכ —
פארשטיינערט אָפגעטראָטנ מ׳איז פונ שטאָט,
נאָר אינ איר יעדנ שטיינ געלאָזט האָט מענ די הערצער.
הארמאטנ ווונדיקע געטראָגנ אפ די הענט
ווי שוועס — אינ דער הייכ — זיכ שיידנדיקערהייט דאָרט;
עס האָט דער דניעפער זיי אפ וויאָרסטנ ווײַט געזענ
אונ אָנטאָנ ניט געלאָזט פונ די באצווינגער זיכ די קייטנ;
די בריקנ איפגעריסנ איבער זיכ האָט ער אליינ,
מיט דונער-קנאלנ אויסגעמישט האָט זײַנ געוויי זיכ.
געהערט האָט זיכ, ווי ער באשווערט א יעדנ שטיינ,
ווי ער אינ פײַנט זיכ שלײַדערנ איז אפ זיי גויזער.
ווי צו דעם גרינס פונביימער טראָגט זיכ זײַנ פארבאָט —
ניט קאָנענ זאָל דער פײַנט פונ זייער בלי געניסנ זײַנ. —
צעשטויבט מ׳איז אָפגעטראָטנ פונ דער שטאָט,
נאָר אינ איר יעדנ שטויב געלאָזט האָט מענ די הערצער.

א וואָגנ נאָכ א וואָגנ — אָנגעפילט מיט בראָכ,
פארזאָרגטע אָנטרײַבער מיט ביקסנ אונטער פאכוועס;
סאָלדאטנ — מענגעסווײַז — אינ טרויער גייענ נאָכ
דורכ גאָלד פונ רײַפנדיקנ פעלד. נאָר ווער באדארפ עס?
באקלאזשקעס — אויסגעליידיקט ביז צום דעק,
אינ קעסעלעכ זיי קלינגענ ווי לעווײַדיקע גלעקער;
אפ קרענעצעס אינ וועג גיט קיינער ניט קיינ פרעג,
אונ ס׳קאָנ קיינ שטיבעלע זיכ קיינער ניט דערוועקנ.
פונ גאנג דורכויסיקנ דער ווינט אונ בראנד
קאָנ פונ דעם מילדסטנ ווינט ניט זײַנ געלינדערט;
זיכ אויסגעמישט האָט גרילצנדיק — באנאנד
געהירזש פונ פערד, פונ וואָגנס דער געקלימפער.
פונ אונטער פיס — דער וועג ערגעץ פארשווינדט,
מיט שלייפ ארום די מידע ער פארדרייט זיכ,
אונ אפנ רייטנ האָריזאָנט אינ פײַער פונ באגינ
איז נאָכגעגאנ צופוס א וויסטמיל, ווי א קרייצונג.

דאָס ברויט אינ פעלדער בלענדיק האָט געבליט.
מיט זאפט זיכ אָנגעזאפט אינ סעדער האָבנ עפל,

און אײַלנדיק — מיט פּלאָנטערנדיקע טריט
א פּאָלק איז אָפּגעטראָטן פּ׳נעם דניעפּער.
די היץ פארצויגן האָט דעם גאָרגל און געברענט,
פון בוים האָט פאלן ניט געוואָלט קיין שאָטן;
אפ װעגן כאָרעווע מיט קינדער אפ די הענט
געגאנגען זײַנען פּלייטים — מענגעסווײַז, צעשאָטן.
דער סקאַרב דער אָרעמער — אפ גאָטס באראָט —
האָט קרעכצנדיק אפ רעדער נאָכגעשלעפּט זיך:
ווער א בעהיימע צו דעם וואָגן צוגעבונדן האָט,
און נאָכגעבלאָנדזשעט ווי עס האָבן א פּאָר שעפּסן.
צעטראָטענע געלעגן זײַנען זאנגען אפן שליאַך,
קיין ווינט געוואָלט האָט ערגעץ זיך קיין ריר טאָן,
און איינער מיט א קינד — אונטערן אָרעם א פּוטליאַר,
געגאנגען איז, ניט וויסנדיק אין וועלכער ריכטונג.

די בראָכע פון דער ערד האָט ברויזנדיק געשפּאַרט.
ס׳איז א גערעטעניש געווען. געגאַן איז שפּע.
און דאָ האָט ערשט געענדיקט זיך א שלאַכט,
געלעגן דער ארום איז מיד און אײַנגעשלעפערט.
דער רינג פון סוינעס קלעם און צוואַנג
האָט ענגער א פּאַרשליס און א פאַרצי געטאָן זיך;
פון בוים צו בוים, פון זאַנג צו זאַנג
געגאַנוועט האָט אַן אומעט זיך, ווי אזא טריבער אָנזאָג...
— פאַנאַנדערשטעלן גלײַך זיך אפ אַן איבערוף! —
געגעבן א קאָמאַנדע קורץ דער קאָמאַנדיר האָט.
און פון דער ווײַט צו אים האָט ווענדן זיך געפּרוּווט
דער מאַן, וואָס האָט דעם וועג, ניט וויסנדיק וווהין, געוווירעט.
געפאַלן איז די נאַכט. אַן אומרויִקע. וויסט.
דער ראַנד האָט נאָך אין פלאַם געהאַלטן זיך אין שמעלצן.
דער קאָמאַנדיר האָט פונדערווײַטנס זיך באַגריסט
און אפ דעם רוף פון אומבאַקאַנטן אָפּגעשטעלט זיך:

— ווו ז׳אײַער ביקס? — א קערווע זיך געטאָן האָט ער
צו דעם באַיאָרטן מאַן מיט דערעכערעץ.
— כ׳פאַרשטיי... כ׳פאַרשטיי... נאָר ניט קיין ביקס איז מײַן געווער, —
געענטפערט האָט דער מאַן, — א סקאַלפּעל מײַן געווער איז.
— ווו ז׳אײַער סקאַלפּעל? — צוגעלייגט דער קאָמאַנדיר די האַנט
האָט צו דעם שלייף אלס צייכן פון פאַרערונג;
באַהערשט א ווײַל האָט א פאַרלעגנהײַט דעם מאַן;
— אויב דאָס איז מעגלעך, זיך דערוויסן וואָלט ער גערן,
ווו וועט אים אָנווענדן דעם סקאַלפּעל זײַן באַפעלט?
עס האָט דער קאָמאַנדיר די האַנט געגעבן א דערלאַנג אים
און אים א ווײַז געטאָן: — איבער דעם גאַנצן פעלד!

און אין פארוואונדעטע איז ניט פאראַנען דאָ קיין מאנגל! —
און דריקנדיק די האנט מיט אכטונג דעם כירורג,
האָט ער צו איינעם פון דער ריי געטאָן א זאָג דאָרט:
— כאפ אפ א ווײַלע זיך ארויס און פיר אדורך
צו די פארוואונדעטע דעם כאוועր דאָקטער!
באמערקט דער קאפיטאן האָט ערשט אצינד
דעם קליינעם בעזשענעצ לעבן דעם טרויעריקן מאן דעם אלטן.
— אן אויגנבליק!.. דערלויבט. ווער איז דאָס קינד? —
האָט ער דעם דאָקטער אפ א ווײַלע נאָך פארהאלטן.
געקוקט אפ דעם ווי א פארשולדיקטער האָט ער,
אפ די געזיכט-צוגן די מאַגערע און אויסגעטאָקטע.
— דאָס סאמע אלטע אויסקויפ-בלוט פון דר'ערד, —
האָט מיט די אקסל שטיל א קנייטש געטאָן דער דאָקטער.
געוואָרעמט האָט דאָס הארצ באם קאָמאנדיר א בריוו
מיט א געמעל... מיט ביימער... מיט א שטיבל...
און מיטן קינד אוועקגעגאנ אין וואלד-געדיכטקײַט טיף
צו די פארוואונדעטע דער דאָקטער איז א טריבער.
באגלייט דאָרט שווײַגנדיק דער קאָמאנדיר האָט אים
און לאנג אפ אים א טרויעריקן בליק פארהאלטן.
אים האָט געדוכט, אז ס'ציטערט נאָך דעם דאָקטערס שטים:
— דאָס אויסקויפ-בלוט פון דר'ערד דאָס סאמע אלטע...

2

דער וועג געווען געצייכנט איז מיט בראָך,
געוואלגערט איינס אפ אנדערנ זיך האָבנ ביימער;
עס זײַנען נאָכגעגאנ דעם דאָקטער זעקס און פופציק יאָר
און גאָר די ערד, ווי אזא אומלעגאלע הימלאנד.
ער האָט אין ערגעצ איר קיין אייגענער ניט אָנגעהערט,
אפ איר אין ערגעצ ניט געשטעלט האָט פעסט קיין טראָט ער,
נאָר אָט אזא האָט ער זי ליב געהאט, די ערד,
ווי אלצ, וואָס ס'גיט זיך ניט, ווי אלצ, וואָס ס'איז פארבאָטן.
עפשער דערפאר איז זי געווען דאָס סאמע טײַערס און געגארטס,
עפשער דערפאר ז'געווען זײַן בליק אזא באטריבטער,
עפשער דערפאר האָט ער געטראָגן זי בא זיך אין הארצ,
ווי אן אוועקגעגאנגוועט בילד פון א געליבטער,
און א פארצויבערטער געשטאנען פאר איר פראכט
אפילע ווען דער טויט האָט ארום אים א נעצ געשפינט דאָרט
און, ניט פארטראכטנדיק זיך, איר געבראכט
זײַן הארצ און זײַן געדאנק און זײַנע קינדער,

אז ליב האָבנ זאָל זי אים זײַן דערלויבט,
דערלויבט זאָל מיט איר כאָכמע אים דערגערט זײַן —

אָט גלאַט דערפֿאַר, ווײַל ס׳איז דער הימל בלוי,
אָט גלאַט אַזוי זיך, ווײַל די אויגן לעכצן.
ער האָט אין קינד זײַנעם זיך אָנגעהאַלטן פֿעסט, —
ווי פֿ׳ן זײַן פֿאַרזעצונג — דעם סאַמע העכסטן אָרעוו;
א סאַך אַזעלכע אָרווים פֿון זײַן נעסט
ער דורכגעטראָגן האָט אינעם געוועלב פֿון יאָרן.
ווו זײַנען זיי? עס ווייסט עפּשער דער וואָגלדיקער ווינט,
וואָס יאָגט אַרום אין זײַן פֿאַרנעפּלטן זיקאָרן;
דערמאָנט האָט ער אין זײַנע קינדער זיך אַצינד,
אַן אויסגעהוילטער, ווי די שטרוי פֿון אויסגעקלאַפּטן קאָרן,
ווען ס׳האָט אים אָפּן מיטן וועג צעשיידט דער טויט
מיט דער, וואָס אַפֿ דער וועלט האָט זי געבראַכט זיי:
געלײגט האָט זיך אַפֿ אים פּרימאָרגעדיקער טוי,
א ווינט האָט אָפּגעהילכט באַ אים אין האַרצן.

געשטעלט דער דאָקטער האָט איצט פֿעסט דעם שפּאַן,
און ס׳האָט געריסן זיך זײַן האַרץ, ווי אין באַלאַגערונג פֿון פֿײַער;
בעיס א כאַסענע זיך אין די קינדער מע דערמאָנט
און אויך דערמאָנט מען זיך אין זיי באַ א לעווײַע.
ס׳איז גרויס די ערד — ניט צו באַנעמען מיטן בליק,
נאָר אָנגעשפּאַרט זײַן טרויער אומעטום האָט.
א בלעטער גיבן זיך אַליין די יאָרן אַפֿ צוריק,
באַוואַקסענע מיט קראָפּעווע, מיט פּאַכעד און מיט אומעט...
ס׳איז אין זיי שטיל און טרויעריק, און ווייסט
ווי אין זײַן אויסגעקוילעט שטעטעלע אין אוקראַינע.
מיט ביסערקײַט גיט אים ס׳געמיט זיך א באַגיס,
ביז ווי די אויגן גיט א צי אַהין אים,
און א פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ ביז מעשוגאַס,
כאַפּט נעם דעם קאָפּ און אין א שטיין צעפּלעט אים!
עס פֿאַדען מערדער איצט אַרום דאָרט אַפֿ זײַן גאַס
איבער די טויטע הײַזער, אַפֿ די בלוט-פֿאַרפּלעקטע בעטן...

פֿון אומעטום האָט זיך געשטרעקט צו אים דער בראָך,
מיט אַזאַ בלוטיק-בריענדיקן בלײַ-ריס;
עס האָט אים אָנגעקערט א קאַרעוו דער בעסוילעם פֿון ניו-יאָרק,
א קיווער ער זײַן אייגנס האָט געהאַט אין בונעס-אײַרעס.
די ערד די אויפֿגעבראָכענע געוועזן איז שוואַרץ ווי פּעך,
געבונדן דאָס געדעכעניש האָט זי באַ יעדן שפּאַן אים.
צופּוסנס באַ די הונדיקע גוואַדאַלאַכאַרער בערג
געלעגן זײַן א זון איז א געפֿאַלענער פֿאַר שפּאַניע.
און איינער אומגעשוועבט האָט ערגעץ אין דער לופֿט,

א גוואַרדיע־מאַיאָר פֿון אוויִאַציע.
געדוכט האָט אים, אַז פֿונעם פּאָכען איבערופֿט...
אַף די צעוויגטע צווײַגן בלאַט מיט בלאַט זיך.
דער ווינט געשפּילט האָט אַפֿן וואַלד, ווי אַף אַ האַרף,
און מיט אַן עלנטקײַט אַזאַ די דורכגייער פֿאַרשפּראָכן:
אַ קויעך אָנטאָן זיך אַ גרויסן מע באַדאַרף
בלויז אין געדאַנק די קאָרים אופֿזאַמלען פֿון דער מישפּאָכע...

געלייגט האָט זיך אַף ווײַט פֿון רויך אַ זויגי,
געוויקסן דורכגעשפּאַרט פֿון דאָרטן האָבן גרינע:
— ווי וואַקסט עס אויס אַ בוים אַזוי,
אַז יעדער צווײַג זאָל אָנקערן אַן אַנדערער מעדינע,
אַז יעדער צווײַג זאָל אָנקערן אַן אַנדער שפּראַך,
אַז יעדער צווײַג זאָל פֿון אַן אַנדער זאַפֿט געגנערט זײַן
און זײַן ניט מער, ווי מיסט — געבראַכט
אַף דורכברענענע אײַנײַנעם מיט די הערצער?!..
און דאָך געפֿילט האָט ער זיי אַלע געבן זיך,
ווי ער וואָלט איצט מיט יעדערן פֿון זיי גערעדט דאָ;
ער האָט געזען זיי אַלע אין געזיכט,
דעם אָטעם זייערן געהערט דורכן גערויש פֿון בלעטער,
דורך אופֿגעוויגטן ווינט אין רוים,
דורך דעם געוואַלגער פֿון יאָרטויזנטיקע צוימען;
געפֿאַלן ווײַט זײַנען די עפּל פֿונעם בוים,
נאָר דורכגעטראָגן אומעטום די זעלבע זוימען...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ יעדער ווײַל,
באַטראַכט פֿון פּעסט פֿון דײַטשישער דעם מאָלצײַט;
אין גרונט האָט ער זיך קײנמאָל שטאַרבן ניט געײַלט,
נאָר איצט ווי קײנמאָל ניט האָט לעבן אים געוואָלט זיך.
— ווי קאָן מען אויסהויכן דאָס האַרץ אַזוי,
ניט האָבנדיק געזען די שטראָף פֿון די פֿאַרדאַרבער,
ביז אויסברוקירט דער וועג — פֿון זוים צו זוים
וועט דאָ ניט זײַן מיט זייערע פֿאַרדאַמטע שאַרבנס!
— ווי וועט מען אומקערן זיך אין אַ שטאָט?
— ווי וועט מען אומקערן זיך אין אַ יישעוו,
ווו ס'איז קיין מענטש קיין לעבעדיקער מער נישטאָ,
ווו פֿון דער כויטער שטילקײַט איז די ערד פֿרילישעט?
צו טריט צו איינגענע זיך צוגעהערט האָט ער,
געדוכט האָט זיך, אַז ס'רײַסן זיך פֿון זיי געהוילן.
איז ווירקלעך אים געבליבן איצט ניט מער,
ווי בלאָנקען פֿון בעסוילעם צו בעסוילעם?...

— ווי האָט פאַרשאָלטן זײַן באַדאַרפט א פאָלק,
און ווי פאַרקריפּלט האָט באַדאַרפט א לאַנד זײַן,
אַז ס'זאָל א מוטערטראַכט פאַרקנופּט זײַן מיט א וואָלף,
ס'זאָלן געבוירן ווערן עגדעשן אין פאַנצערס!
ער קלײַבט ניט מיט דער כּמעט פּירן זיך קיין שטרײַט,
און טײַנען האָט ניט וואָס מיט זיי ער —
עס ווערט רעגלאַמענטירט די כּמעט דורך א שטײַג,
און די — דורך דעם געווער פון רויטאַרמייער!
וועס איצט קיין וועג ניט שווער זײַן פאַר זײַן טראָט,
אויב גיין אפילע טאָג און נאַכט וועט זײַן געניים ער —
נאָר זײַן א יעדער טאָג זאָל א געבאָט
און יעדער נאַכט זאָל זײַן א ניידער:
— זיך אָפּ א ווײַלע ניט צעשיידן מיט דעם וויי,
ווי מע צעשיידט זיך אָפּ א ווײַל ניט כּיטן שאָטן,
ביז אָפּגעמעקט וועט זײַן דער לעצטער צווישן זיי,
ביז ס'וועט דער לעצטער זײַן פון זיי צעטראָטן!

ניט האָבנדיק קיין הייל קיין אייגענע אָפּ דר'ערד,
איז ער אָפּ איר דורך זײַן באַרוף געשטאַנען, ווי א הערשער,
און מיטן סקאַלפּעל זיך געשלאָגן קעגן טויט, ווי מיט א שווערד,
און דעם געדאַנק האָט פאַר א היימלאַנד ער דערקלערט שוין.
אים האָט געדוכט, אַז ס'ברויכט ניט דער געדאַנק
קיין ביקסן, קיין האַרמאַטן און קיין פאַנצערס;
אַנטוואָפנט האָט זיך די נאַטור קעגן זײַן דראַנג,
און אונטערטעניק זײַנען כּפערן אים געוועזן גאַנצע,
ווען ער דאָס האַרץ פון מענטש געהאַלטן האָט אין האַנט,
דערגרינטעווענדיק דעם געהיים פון די געוועבן,
איבערשפּאַנענדיק פונעם קאַנאַן דעם ראַנד
האָט אים באַהערשט א טרוים — פאַרלענגערן דאָס לעבן.
יאָ, יאָ! ער איז געווען גערעכט, דער קאַפּיטאַן,
וואָס האָט א ביקס בא אים געפרעגט, ווי נאָר ער האָט דערזען אים;
אָפּ צו באַקעמפן די נאַטור — גענוג איז דער געדאַנק,
אָפּ אויסראָטן דעם דײַטש — איז ווייניק דער געהענעם.

צווישן גרינס פון וואַלד געשווינדלט מאַרליע האָט ווי צוויט.
נאָך פון דער ווײַט האָבן פאַרווונדעטע זיך אָנגעזען דאָרט;
פאַרשנעלערט האָט דער דאָקטער זײַנע טריט
און גלײַך צו אַלעמען דעם בליק געווענדעט:
צו יעדן איינעם איז ער צוגעגאַנגען נאָנט,
פאַרכלינענדיק מיט רייכעס זיך מיט האַרבע:
— האָט העכערס דען א מענטש נאָך ווינטשן זיך געקאָנט,

װי זײַנע באַצײכנט דורך די שלאַכטן מיט פּאָדאַרבער?
עס האָט זי צוגעדעקט די קרוין פֿון װאַלד,
א יעדער װינטעלע זיך צוגעלײגט האָט װי א הײלונג;
אונטער דער מאַרליע האָט בא יעדערן דער װײ געשטראַלט,
אונטער דער מאַרליע איז א יעדער װוּנד געװעזן הײליק.
צו יעדן אײנציקן האָט ער זײַן בליק געװענדט,
װאָס גיכער לינדערן דעם װײ געװאָלט האָט זיך אַזױ אים;
ס'איז אים א שאַנד געװען פֿאַר זײַנע גאַנצע הענט,
און פֿאַר זײַן גאַנצן גוף איז אים געװעזן א ביזאָען.

3

די בינ איז זיך פֿאַרגאַנגען — דערשטיקט פֿון רױך,
דער טױט געטױוולט האָט דעם סאַמעטענעם מאָך איר,
געדרײט האָט זיך אין אַש איר גאָלד-געשטרײַנטער בױך,
דער בינשטאָק האָט געברענט — דאָס פֿײַער צעפֿלאָכטן...
די שיספֿרײַ האָט זיך פֿונװײַטן נאָך געשפּאַרט,
ס'האָבן די הײזעריקע גאָרגלען זיך געריסן די האַרמאַטן,
װי נאָכגעשריען עפּעס װאָלטן זי דער נאַכט,
װי עפּעס נאָך דערצײלן װאָלטן זי געהאַט דאָרט...
א פֿור מיט א פֿאַרװוּנדעטן מאַטראָס איז דורך,
זיך אײַנגעקלאַמערט אין א ראָד די שטאַרבנדיקע בין האָט,
דער בױם, װאָס האָט מיט האָניק זי גענערט — אין ברוך,
די הרעמשקע אפֿן פֿעלד — אין פֿײַער איז פֿאַרכלינעט...
װעט זי — א הימלאָזע — זיך דרײען מיט דער ראָד,
ס'זאָל ערגעץ אָנקומען דער לעצטער טראָפּן האָניק;
און באַם סאַנבאַט דער װאָגן אָפּגעשטעלט זיך האָט,
װי א דערמאָנונג.

געװען עס איז א קלאָרער האַרבסטיקער קאַיאָר,
די בלעטער האָבן, איבערװײדנדיק, געלײגט צו דר'ערד זיך,
געהערט פֿון אײניקע האָט זיך א שאָרך,
געהערט פֿון אַנדערע האָבן זיך קרעכצן.
אַרײַנגעטראָגן אין א שטוב מ'האָט דעם מאַטראָס,
די בין אַרופֿגעדראַפּעט האָט זיך צו א פֿענצטער,
עס האָט א זיסע װאַרעמקײַט געטאָן זיך א צעגאָס,
די זון אף קלאָרע שױבן האָט צעשמעלצט זיך...
זיך אָנגעזען דורך זי האָט דער פֿאַרװוּנדעטער מאַטראָס,
אף גרינע כװאַליעס האָט געװיגט דאָרט דער עפּיר אים,
און שטיל און לאַנגזאַם אָנגעטאָן א שלאָס
אף זײַנע מידע, אײַנגעשלאָפֿענע געהירן...

ניט וויַיט ז׳געגאנ א שיסעריַי,
דער הילכ זיכ נאָכגעיאָגט נאָכ דעמ מאטראָס האָט, —
ער איז באנאנד מיט דעמ עפיר אינ אימ אריַינ,
אינ זיַינע קרעכצנדיקע ביינער זיכ צעגאָסנ...

נאָר דער פארווונדעטער האָט מער פונ גאָר שוינ ניט געוווּסט,
געוואָרפנ האָט אליינ זיכ יעדער גליד באזונדער,
אונ דער כירורג געשפירט האָט נאָכ דער מעסיקיַיט פונ פולס,
געשפירט, ווי צוגעגרייט עס ווערט פאר אימ די וווּנד דאָרט;
ניט אָפגעזונדערט זי פונ גאנצנ סכום
געוועבנ דורכגעפלאָכטענע ער האָט דאָ, —
ניט פונ דער זונ, וואָס האָט געפלייצט ארומ,
ניט פונ דער בינ, וואָס האָט זיכ אינ איר ווארעמקיַיט געבאָדנ, —
געטראָגנ האָט אפ וויַיט זיַינ בליק זיכ פונ סאנבאט
אונ דורכגעברענט פונ רויכ אונ שיסעריַי דעמ נעבל:
ניט מיט קיינ וווּנד האָט ער צו טאָג געהאט,
ער האָט זיכ דאָ באשעפטיקט מיט א מענטשלעכ לעבנ,
וואָס איז פארוועבט ארומ מיט יאמ, מיט פעלד,
מיט איַינגעשפארטקיַיט רוישיקער אונ הארבער,
מיט טרערנ מוטערלעכע ערגעצ בא א שוועל
אינ אש פונ כורבנ אונ פארדארבונג...
אונ טרויער האָט געטאָגט צו אימ זיכ א פארטרוי,
ווענ ער האָט אומגעריכט באמערקט, ווי דורכ א נעבל,
א טאטויִרטנ נאָמענ פונ א פרוי
באמ סאמע ראנד פונ די פארווונדעטע געוועבנ —
א נאָמענ פונ זיַינ ליבסטער אפ געווים!
א נאָמענ — אינ זיַינ בלוט אונ ביינער איַינגעשלאָסנ;
אונ צוגעשמידט דורכ דעמ עפיר צומ טיש,
געריסנ ערגעצ וויַיט האָט דער מאטראָס זיכ;
עס האָט דאָרט אינ אנ אומבאקאנטער רייזע שנעל
אונ האסטיק ערגעצ אופגעטראָגנ העל אימ
זונ, שווינדלדיק, געדריַיט פונ שוועל צו שוועל,
ווי אינ א ראָד פונ שמיַיסנדיקע קארוסעלנ.
געגאנ איז איבער אימ א ווינטיקער געפעכט,
אונ גליד פונ גליד געגעבנ א צעשליס זיכ,
אונ ווי א טויבער רויש פונ אונטער דר׳ערד
האָט אלע וויַיל פונ אימ א קרעכצ זיכ אויסגעריסנ.

געראנגלט האָט ער זיכ מיט דעמ עפיר,
ווי מיט א שטורעמ אינ א מידבער אינ א וויַיטנ;
ס׳האָט יעדער וויַיל צומ סאָפ געטאָגט אימ א פארפיר,

דעם אָנהייב — יעדער ווײַל געטאָן א ווײַ! אים...
בעראנגלט אַפּן טיש זיך, ליגנדיק, ער האָט,
די אקסל — הויל, אין וויקלשנור געפּענטעט,
ווי א געפּאַנגענער געטאטוירטער גאָט
מיט א געקרייצטער וווּנד א דורכגעברענטער
אפ דער פּארברוינט-אנטבלויזטער האנט,
וואָס האָט דעם פּײַנט — געמאָסטענע און גראדע —
געשליידערט האס און בלײַ באנאנד,
ווי אפ א בלענדיקער אָלימפּיאדע.
און מיט דעם לעצטן ראנד אין בליציקן באריר
איז ער אין אומבאקאנטע אויסשפּירן געזונקען;
געראנגלט האָט ער זיך מיט דעם עפּיר
און ניט ארײַנגעלאָזט אים אין די לונגען.

נאָר ס׳האָט דער שלאָף פון אלע זײַטן אים געהיט,
געהויערט מיט באלאגערונג — צופוסנס און צוקאָפּנס;
און אָט איז שוין דאָס לײַב דאָס מעכטיקע געשמידט,
און אָט דערהערט זיך שוין א קרעכצנדיקער כראָפּע;
נאָר יעדער מוסקול איז דערווידער און זיך שפּארט
און גיט באַם מינדסטן צוריר נאָך א פלאטער.
כאָטש דעם באוווּסטזײַן ט׳ער פארלוירן נאָך אין שלאכט
איניינעם מיט דער לעצטער לײַבלעכער גראנאטע.
און מיטאמאָל האָט זיך צעווײנט די בין
און מיטן קאָפּ אין שויב א זעץ געטאָן זיך.
ס׳געווײן געוועזן איז דורכזיכטיק און דין
און ווי א דימענט אפן גלאָז ס׳האָט בריִענדיק געבלאָנדזשעט;
געווײנט האָט זי ס׳געווײן פונעם פארברענטן צוויט
אפביימער אומגעוואלגערטע, צעפלעטשטע, —
פארגאנגען זי איז זיך מיט א קלאָגנדיקער ליד
פון דער צעטראָטענער און אויסגעקלאפּטער הערטשקע...

די זון האָט אפ איר רוקנדל געבלענדט,
די רייפלעכע אָנגעפילט מיט גאָלד מיט שווערן
און אופגעהויבן אירע פליגעלעך, ווי הענט,
און זיי אראָפּגעלאָזט, ווי דורכזיכטיקע טרערן...
און מיט דעם מויל דעם שווינדלדיקן העל
געגעבן אלע ווײַל האָט זי א מיש דאָרט
ס׳געווײן פון האָניק ניט דערבראכטן אין דער צעל,
ס׳געווײן פון כאָרעווו פארברענטן בינשטאָק...
און ניט געפּילט, א צוגעקלעפּטע צו דער שויב,
ווי ס׳האָט די זון מיט מילדקײַט זי געגלעט דאָרט,

ווי דורכ די פליגעלעכ — אינ ווינטיקנ פארהויב —
זיכ האָבנ דורכגעשטאָכנ שטראלנ, ווי פינצעטנ
אונ לײַכט אזוי געמאַכט איר דעם באוועג,
די הערנערלעכ געטאָנ איר א צעפעכער, —
אונ זי האָט ווי אינ גאָלד-געוועבטנ וועג
איבער דער שויב א לאָז געטאָנ זיכ העכער...

אפ טאפליעס קלאָרע — טרויעריק אונ צארט —
האָבנ זיכ האָזנ בלענדיקע געיאָגט אונ זיכ געפינעט;
אט בראָנזיק אויסגעוויינט דעם שטומענ צאר
פונ דעמ פארוואונדעטנ מאטראָס די הימלאָזיקע בינ האָט.
געראנגלט אפנ טיש זיכ, ליגנדיק, ער האָט,
ווי א געפאנגענער געטאטויִרטער גאָט
מיט א געקרייצטער וואונד א דורכגעברענטער.
די קײַלים האָבנ איבער אים געבלאנקט
אונ קישעפדיק געוויגט האָט דער עפיר אים,
געוואָרפנ זיכ אפ אים האָבנ די כוואליעס לאנג
אונ ניט געקאָנט אינ ערגעצ אים פארפירנ...
געלעגנ איז ער דאָ, ווי אינ א ווײַסנ וואלד,
געגאנגענ אינדערשטיל איז א באראטונג;
געדאכט האָט יעדער וואָרט זיכ ווי א בלאט, וואָס פאלט,
אונ ס'האָט א שאָרכ געטראָגנ זיכ פונ וועבענע כאלאטנ...

פארזאמלט אינ א פײַערלעכער וואכ
ארום פארוואונדעטנ האָבנ געשורעוועט די שוועסטער,
ווי יאָדלעס שנייִקע אינ ווײַסער פראכט
מיט שלאָפ-געטראנק די אויגנ אים געפעסטיקט...
נאָר נאָכגעיאָגט האָט זיכ נאָכ אים דאָס פעלד,
פונ ערגעצ נאָכגעלאָפנ אים דער האסטיקער „הורא" איז,
אונ דער כירורג — געגורט מיט רו אונ מיט געוועלט —
האָט איבער אים באוועגט זיכ, ווי דער אייצ-האדאאס...
דאָ וועט ער זיכ ארײַנמישנ אינעם באשאפ פונ דער נאטור,
ארײַנגיינ אינ דעם סאָד פונ זײַנ וועט ער פונדאנענ,
דאָ וועט ער דורכדרינגענ אפ דורכ אונ דורכ
אינ דעם יעסאָד אונ אינ דער פראכטפולער הארמאָניע
פונ בלוט אונ פלייש, פונ אָנהייב אונ פונ סאָפ,
אינ דעם צוזאמענהאנג פונ ברויזנדע געוועבנ
אונ אינ דער כאָכמע פונ באוועגנדיקנ שטאָפ,
וואָס איז דאָס זײַנ אונ דער באשטאנד פונ לעבנ.

אינ טויבנ רויש פונ נאָנטער שיסערײַ
דערהערט האָט ער פונ בינ דאָס דימענטענע זשומענ,

ווי א געזאנג פון דער נאַטור איבער דעם ריס פון ביין,
איבער דעם בלוטיקן פאַרוויסטנדיקן ברומען;
געמורמלט האָט אין דעם די זאַנג פון צײַטיק פעלד,
דער ליפּע-צווײַג, פאַר האָניק גאָלדענעם פאַרגרייטער,
די קלוגע מי פון פרידלעכן געוועלט
און אזא יאָסעמדיקער שטילער ווייטעק.
נאָר אלעמען געפירט האָט ערגעץ הויך און ווײַט
דער רייעך פון עפּיר, דער שניצדיקער און הארבער;
האָט דער כירורג באַגײַסטערט פאַרגעזעצט דעם שטרײַט
מיט דעם צעשטערנדיקן גײַסט פון די פאַרדאַרבער.
געווען זײַן דראַנג איז טיפער פון דער ווונד,
געווען זײַן בליק איז שאַרפער פונעם סקאַלפּעל,
און דוירעס גאַנצע האָבן ביז צום גרונט
געפירט זײַן האַנט, געווענדט קעגן דער מאַלפּע.

געפירט זי הערשעריש, און פעסט, און פרײַ
קעגן דער כײַע דער געפאַנצערטער מיט אײַזן:
און ווידער אָטעמען ער צווינגט ס׳צעשניטן לײַב
און צו דעם לעבן אומקערן פונסנײַ זיך...
געלעגן איז די ווונד פאַר אים באַגינען-רויט,
א יעדע פלאַך אין איר האָט בלוטנדיק געמורמלט, —
געזען האָט ער דורך איר דעם מאַרש פון טויט,
דעם מאַרש פון ווילדע בלוטדורשטיקע אורלײַט;
געזען האָט ער דורך איר — פאַרברענטע שטעט.
און פעלדער אויסגעטראָטן דורך פאַרדאַרבער,
און טאָלן מיט הארוגים, מײַלן-ווײַט געבעט,
און בערג געשוואָלענע פון ביינער און פון שאַרבנס,
דורך וועלכע ס׳האָט געקוקט די בושע פון דער פעסט,
די נעגל פון דעם אור — אין בלוט פאַרהריזטע,
וואָס האָבן מיט דעם טויט געטאָן זיך א פאַרמעסט
אין אומברענגן, אין פאַרלענד און אין פאַרוויסטונג.

זי האָט געהויכט, די ווונד, ווי א צעבלוטיקט מויל,
און זיך געוועלבט מיט רויע אופגעהאַקטע ליפּן;
נאָר ניט אַרויסגעריסן האָט פון זיי זיך דאָס געהויל,
ווי ס׳רײַסט זיך ניט אַרויס דאָס האַרץ פון אונטער ריפּן.
א שטילקייט פון אזא ווידעראַנאַנדיקן געבורט...
דאָס לעבן גייט מיט קרעכצנדיקע רויע ראָשן,
און ס׳פירט עס אָפּ דעם מעסער, שמייכלענד, דער כירורג,
ווי א באַשעפער א מעכאַשעס...
אָט האָט ער אָפּגעטײלט שוין פונעם לײַב די קויל,

די קנאָכנ צוגעפּײַלט. באַפעלט זיי זיך א העפט טאָנ.
זיי זײַנעג אפּדראָסנײַ, ווי באַם אנטשטייענ — הויל
אונ ציִענ איינס צום צווייטנ אײַנשליסנ זיך העפּטיק.
ארום איז שטיל. ס'געוועלטיקט דער עִפיר,
אונ ס'הייבט זיך אופ א כוואַליע אפּ א כוואַליע:
ניט בלויז די וווּנד זײַנ סקאַלפּעל איצט באַרירט, —
דעם שטאם ער שנײַדט אפּ ווײַט בא קאַניבאַלנ!

עס פירט אים, אײַלנדיק, די וווּנד צום שלאַכטיק פעלד.
אינ יעדנ שטיינ, וואָס איז פונ ווייַ פאַרברענט עוינ,
אים ווײַזט זי דעם צעשטערטנ סײדער פונ דער וועלט
אונ די געשענדעטע האַרמאָניע פונ דער מענטשהײַט;
אינ יעדנ שניט פונ לײַב ער העֶרט,
אינ יעדנ ריס פונ קנאָכ דערפילט ער
איינ גרויסע ווונד אפּ גאָר דער ערד
אינ פּײַער אונ אינ אײַז אנ אײַנגעהילטע...
אונ מיטאַמאָל דערלאַנגט א ציטער דער סאַנבאַט,
א טשאַטשע רויב-פייגל רײַסט דורכ איבערנ דאַכ זיך...
א שוואַרצער דונער גיט א מאָרדעווע זיך גראַד,
אונ ס'הייבט זיך אופ א שטורעם-ווינט א שוואַרצער.
עס גיט איינ וואַנט א קרעכצנדיקנ פאַל
אונ א שטיק דאַכ שוינ וואַלגערט זיך דערנעבנ...
דער הימל קוקט פרימאָרגעדיק אינ זאַל:
די מי ווערט פאַרגעזעצט פונ אומקערנ דאָס לעבנ!

א שפּליטער שנײַדט זיך אײַנ אינעם כירורג,
אונ ס'ענטפערט בלוט אפּנ כאַלאַט אים מיט א זשבורע,
נאָר — ניט פונ אָרט! דאָס לעבנ פירט ער דורכ,
ער נעמט אליינ א פעסטונג איצט מיט שטורעם!
איז פעסט זײַנ האַנט, אונ ווונדערלעכ, אונ לײַכט,
אונ צום פאַרוווּנדעטנ דערלאָזט דאָרט ניט דעם ווייַ ער.
צו ביקס צו גרויזאַמער זײַנ סקאַלפּעל איז געגלײַכט,
זײַנ מי זײַנ איידעלע — צו מי פונ רויטאַרמייער,
וואָס טרעט ניט אָפּ דעם סוינע אפּ קיינ טראָט,
וואָס טרעט ניט אָפּ דעם טויט זײַנ פלאַם פאַרנעבלט.
מיט בלוט באַגאָסנ, פאָרגעזעצט ער האָט,
פאַרלוירנ זאָל ניט גיינ קיינ טראָפּנ פונעם לעבנ...
— צום זײַנ פונסנײַ וואַכ אופ, געוואַגטער זונ!
— שטיי ווידער אופ צום שלאַכט מיט די פאַרדאַרבער!
אינ פענצטער האָט געקוקט א מילדע זונ,
די בינ האָט, זשומענדיק, געטאָנ א שפּאַר דאָרט.

4

מיט טאָרבעס אין די הענט, מיט זויגקינדער אין שויס,
מיט בראָך אין הארצ און מיט שיגאָענ אין די בליקנ —
אפ אומוועגנ פונ טויט — טאָג-איינ, טאָג-אויס
האָבנ זיך יידנ היימלאָזע געזוכט אנ אָרע-מיקלעט,
אנ אָרט, א נאכטלעגער, א דאך
צעווישנ שנידנדיקנ פראָסט און שמעלצנדיקנ פייער;
דער ייעש האָט פונ זיי פארפליצנדיק געשפארט
און זיי געפירט, ווי א פארבלאָנדזשעט-טויזנטיעריקע לעווייע...
זיך אָפגעשטעלט צומאָל — באזונדער און באנאנד —
אונטער דעם פייפ פונ שרויס און פאטשנדיקנ רעגנ, —
אנ אומגעפאלענעם דאָרט אויסגעשטרעקט די האנט
און א געפאלענעם באגראָבנ אונטערוועגנס
און ווייטער זיך געשלעפט אפ קיינעמס ניט באראָט,
געוואָגלט ווייטער אינ דעם אויסזיכטסלאָזנ אומגאנג,
און אויסגעפאָכט דאָס כייעס יעדער איינער האָט,
אפ אקסל שלעפנדיק, פונקט ווי א בארג, דעם אומגליק.

געטריבנ האָט דער דייטש זיי האסטיק פונ דער ערד.
נאָר אינ אומענדלעכקייט געפירט האָט זיי דער וועג דורכדאנענ;
פונ טרערנ אויסגעדעמפט — איז הויך און שווער
געהאנגענ איבער זיי א שווארצער אמוד-אָנאָנ...
די טויכעכע האָט מאלכעסדיק אפ זיי באגינט!
ניט נעכטיקנ אָט דאָרט, ווו ס'האָט געטראָפנ זיך צו טאָגנ, —
האָט עס געטראָגנ זיי, ווי זאמד צעוויייעטנ פונ ווינט,
ווי קערנער אפנ פעלד, צעקלאפטנ פונ א האָגל...
און מיט א קינד א האלב-דערפרוירנס פאר דער האנט,
זיך איינהערנדיק אינ זיינ יענוועלטיקנ קאָל נאָר,
געגאנ צווישנ די היימלאָזע איז א באיאָרטער מאנ, —
אראָפגעלאָזט דעם קאָפ אינ כויבעלענעם קאָלנער.
דערמאָנענ עפעס-וואָס האָט ער זיך נאָך געהאט...
אינ קאָפ האָבנ זיך אופרייסנ פארשיידענע געבאָמבלט;
ער האָט געדענקט דעם אופגעפלויגענעם סאנבאט...
די זשומענדיקע ביג... די סווישטשענדיקע באָמבע...

און ניט באוויזנ האָט ער שוינ מיט גלעמענ אוועק
בעשאס דעם אינדערפריענדיקנ אָנפלי פונ דער האָרדע;
און אז דער טויט פארשטעלט פונ אלע זייטנ שוינ דעם וועג,
איז אים נאָך ניט געווענ איינגאנצנ קלאָר דאנ...
— צי איז אָט דאָס פונ פיינ די העכסטע מאָס?

— צי העכער נאָך וווּהין האָט אים דער פּײַן צו פירן?
ער האָט געדענקט די מוסקולן די בראָנזענע פונעם מאטראָס
און בא דער רויער ווונד — די בלויע טאטויִרונג...
נאָכהער האָט מען זיך איינציקווײַז צעשלײַכט אפגיך
מיט שטיקלעך ברויט אין טאָרבעלעך, פארפּאָלגט און שאָפל;
ער האָט געדענקט, ווי ס׳האָבן פויערים באהאלטן אים בא זיך
און ווי די הימלאָזע האָט ער פונסנײַ אין וועג געטראָפן...
אונטער דער פּאכווע — א פּוטליאר, פּונקט ווי א טרונעלע א דינס,
אונטער די ברעמען — אויגן אויסגעלאָשן-מידע;
געבליבן פון דער גאנצער וועלט איז אים ·דאָס קינד,
און פון פארפרוירן־ווערנדיקן קינד — דער פידל.

נאָר ער האָט אף קײן פידל ניט געשפּילט.
דעם מענטשן אויסשפּילן באַם טויט בארופן ער געווען אמאָל איז;
באגלײט האָט אים דער דרײַצניאָרעדיקער פידלער שטיל
איבער זײַנע אומענדלעכן, טרויעריקן גאָלעס.
ער איז געגאנגען — פארטיפט אין זיך און אין דער וועלט,
געזוכט צוזאמענהאנג, וואָס האָט שוין אָפּגעטאָן זיך;
אין זײַנע אומרויִקע אויגן האָבן טרערן זיך געשטעלט,
זיי האָבן איבער יעדן קעגנשטאנד מיט ווײ געבלאָנדזשעט;
— דער בוים איז בוים. דאָס גראָז איז גראָז. די ערד איז ערד, —
האָט זיך דאָס הארץ מיט ביטערקײַט געלאָזן א באשאָט טאָן, —
נו, און דער מענטש? דער דאָקטאָר קאָגאן — ער?
דער מויעך? דער געדאנק? איז מער ניט ווי א שאָטן?
דער מענטש!.. געשיקט זיך, אז דער מענטש קאָן גאָרניט טאָן,
ווען ס׳קומט די צײַט, ווען ס׳קומט דער פרווו פון גוידל?..
נו, און א פאָלק!.. אוועמען גייט זײַן אומגליק אָן
אָט דאן, ווען סע פארשעלט דעם טאָג פונעם געבוירן?..

ער זעט אצינד די מענטשהײַט ווי א קראנקן בוים,
אין וועמעס פרוכטן ס׳האָבן ווערעם זיך פארנעסטיקט,
און רײַסן זיך ארײַן פון זוים ביז זוים,
און טריפן אָן אין יעדן איינעם סאמ און פעסט דאָרט,
און דרינגען אין געוועב ארײַן שוין דורך אף דורך,
די וואָרצלען און די קרוינען ערטערווײַז מע פלעט שוין:
— וואָס פאר א גליק עס איז פון צווײַג ·זיך אָפּרײַסן דער פרוכט
און, פאלנדיק אף דר׳ערד, די פעכט מיט אייגן לײַב דערקוועטשן!...
געוויס איז יעדער צווײַג פארטאָן אין זיך אליין,
— אין ראנגלען זיך דורכויס, פארקלעמט אין פּײַער,
און ס׳קאָן צו זיי דער בראָך פון ברידער ניט דערגײַן, —
אָבער דער בוים! דער גאנצער אייץ־האכאיִם?!

עס האָט נאָך אים די מאכנע היימלאָזע געפּאָלגט
מיט אויגנ, ווי די נאכט, אדורכגעברענט שוינ:
ווער טראָגט דעם קאינ-צייכנ פאר א פּאָלק?
דער ווילדער קאט צי די דרעסירטע מענטשהייט?!..

געטאפּט ווי אינ דער פינצטערניש האָט יעדער זייער שפּאנ
אונ, גאָרניט זעענדיק, האָבנ זיי מיד אזוי געשלעפּט זיך,
אונ פונ דער הייך האָט זיי דערזענ א דייטשישער עראָפּלאנ,
א לאָז געטאָנ זיך, ווי א וואָלף צו אומבאשיצטע שעפּסנ.
ער האָט פּיקירט. דערנאָך — א קרייז. דערנאָך — איבער די קעפּ.
פונ מאָרד דעם טיינעג האָט ער לאנגזאם זיך צעצויגנ,
אונ שוועבנדיק אראָפּ, ווי דורך ספּיראלארטיקע טרעפּ,
האָט ער די אומגליקלעכע נאָך געוואָלט א קוק טאָנ אינ די אויגנ.
אונ צוגעפאלנ זיינענ דאָרט די פּליטים צו דער ערד,
זיך איינגעקלעמט ביז מעשוגאס אינ אירע פאלדנ —
פארטויבטע, — ניט געוווּסט האָט קיינער פונ זיי רעכט,
צי זיינענ זיי שוינ טויט,- צי דארפ דער טויט נאָך א באפאל טאָנ?!
אראָפּגעכּירט פונ זינענ האָט זיי בלויז דער זשום
אונ דער געפּרעסטער ראש פונ אייזערנעם געפּאָכע,
עס האָט זיך א געשריי געוואָרפנ אפ ארום,
אונ צריקגעפאלנ דאָרט אינ בלוט איז א געכאָרכל.

א לאָפּ געטאָנ א קינד האָט פונ דערשרעק,
דערזענ א שמעטערל אונ אויסגעשטרעקט די הענט דעם,
אונ נאָכנ קינד האָט זיך געלאָזט דער שפּארבער אינ געיעג —
דעם פּילאָטאזש דעם סאמע נידעריקסטנ אָנגעווענדט דאָרט,
— א גענעראל-געשלעג! א ריטערלעכער איינס-אפ-איינס
צווישנ א דייטשישנ אס אונ היימלאָזיקנ קינד דאָרט,
וואָס האָט א שמעטערל געהאלטנ אינ די הענט א קליינס
מיט פליגעלעך מיט גאָלדענע אינ לייכט באגרינטע;
געריסנ האָבנ שטיקער ערד זיך אינ דער הויך
מיט קעפּ מיט בערדיקע צעשמעטערט אונ צעשפּליטערט,
אונ מיט דעם בלוט פונ קינד באצירט דעם בויך
זיך אָפּגעטראָגנ אינ די וואָלקנס האָט דער דייטשער ריטער.
אונ אָפּגעטאָנ מע האָט דאָרט די הארוגים רעכט,
דער דאָקטער — הילפ האָט די פּארווּנדעטע געגעבנ;
אונ אופגעהויבנ מ'האָט זיך פונ דער טרויעריקער ערד,
געלאָזט זיך ווייטער גיינ אונ — ווידער לעבנ...

געצויגנ ווייט פּאָרויס האָט זיך דער וועג,
באַר יעדער ווייל זיך אומגעקוקט צו פרישע גריבער;

מע האָט זיך ניט געציילם דאָרט, וויפל מ׳איז געווען,
מע האָט זיך ניט געציילט דאָרט, וויפל מ׳איז געבליבן...
געגאַנגען שטיל. זיך ניט פאַרהאַלטן. ניט געזאַמט.
נאָר בײַ די קוואָרים בײַ די לײַבלעכע פאַרלייגט מע האָט אַ סימען;
דער דאָקטער האָט געדענקט: — אַז ווי באַם ברעג פון יאַם דער זאַמד...
דער דאָקטער האָט געדענקט: — אַז ווי די שטערן אַפן הימל...
געצײַיגן האָט דער וועג זיך, דרעמלדיק־פאַרקלערט,
דעם וועג געענגבערט האָבן בלוט און טרערן:
— ווי איז צום פאָלק, וואָס, וואָרצלענדיק זיך אין דער ערד,
דערגרייכט זײַן קאָפּ ניט צו די שטערן!..
ניט וואָס באַשטעטיקן זאָל ער דעם אום און גראַד?
אַ וועלכע שאַרף דער האַק קאָן קעגנגעשטעלט ווערן?
דער דרײַעק פון ספּינאָזע גילט ניט פאַר דעם קאַט.
און זון? די זון קיין אַרגומענט איז פאַר די ווערעם!

ער האָט זיך אַלע ווײַלע אומגעקוקט צוריק,
פאַרהאַלטן האָט דער וועג דאָרט יעדן שפּאַן אים;
— און דאָך, — געטראַכט האָט ער, — געהערט דער זיג
דעם קינד, דעם — מיטן שמעטערל, איבערן קאַט־גערמאַניע!
פונקט אָט אַזאַ געהאַרגעט האָט זײַן מוטער אַפן וועג,
און מאַמעס אומעטום אַזוי געהאַרגעט האָט ער,
און נעכט זײַנען געבליבן נעכט, און טעג זײַנען געבליבן טעג,
און הימלאָזע דעם ווײַטעק מיט די פּיס האָבן געטראָטן.
און ווען אַרײַנגאַנגען זײַנען זיי אין דאָרף באַנאַכט,
איז זיי דער פּאָרוּיצער פון ראַט געגאַנגען אַנטקעגן,
און ס׳האָבן די קאָלווירטניקעס געגעבן זיי אַ דאַך,
און ברויט, און טרייסט, און אַ געלעגער,
און אין דער שטיל האָבן געוויינט קאָלווירטניצעס — געצירטס, —
די פּליטים גאַסטפרײַנטשאַפט פאַרטיילנדיק ווי ברידער,
דעם דאָקטער דורכגעפירט מאַלאַניע האָט צו זיך
אײַנייִנעם מיטן קינד — דעם דרײַצניאָרעדיקן פידלער.

דער דאָקטער האָט אַ סויבעלענעם פּעלץ געהאַט,
אַ זייגער איז אַ גאָלדענער בײַ אים געבליבן;
גאַנצפרי גיט ער אַ גלעט דעם ווײַסן ציפערבלאַט
און לאָזט צו די כאַלאַים זיך פון שטוב צו שטיבל.
עס בלײַבט זײַן זון. עס בלײַבט מיט אים אַן אַלטע קאַץ.
זי רונדיקט אויס דעם רוקן, ווי אַ בויגן,
און מיט אַ גענעץ, אַ פאַרשלינגענדיקן אַלץ,
גיט זי אַ שטעל אַפּ אים די גרינע שנײַדנדיקע אויגן...
ער פּײַנלט דורך דער שויב, ווי אַ קווואַרצאַפּל דורך אַ טרער,

און, שפילנדיק, פארשפרעכט דעם צווייט פונ שנייפאל;
— צי זיכ פארענטפערט ער ניט אָט אזוי — געבראכט אפ א פארהער —
פאר זײַנע דרײַצנ יאָר, פונקט — ווי פאר א גנייווע...
— בא וועמענ זשע געגאנוועט האָט ער זיי?
— אונ צאָלנ דאָ פאר זיי באדארפ ער וועמענ?
דורכ פענצטער קוקט ארײַנ די וועלט. עס פאלט דער שניי,
אונ ס׳האלט זײַנ בליק ניט אויס אונטער די ברעמענ...

דער טאָג פארהענגט דעם פענצטער מיט א זאק,
נאָר ס׳לעכערנ אימ דורכ די בריִענדיקע קלאנגענ:
— ער דארפ א דינ-וועכעזשבנ אָפגעבנ דער האק,
— ער דארפ דעם גאָרגל איר פאר זײַנע דרײַצנ יאָר דערלאנגענ...
עס עגבערנ די קלאנגענ דורכ אפ ווײַס דעם פראָסט,
זיי רײַסנ, ריזלענדיק, ארײַנ זיכ מיט גערויִשנ;
געזאָגט אזוי האָבנ די זיידעס זײַנע כצאָס
בא א פארטרערנט שטיקל ליכט איבער דעם גאָרנ כוישעכ...
ער גייט שוינ צו צום האלדז, צום מויל, דער גזאר,
די שפיצנ ביימער פונ דער הייכ אינ אימ זיכ טרענקענ, —
ער שטייט פארנ געריכט איצט פונ דער האק דערפאר,
וואָס מ׳האָט זי ניט ארויסגעקלאפט באצײַטנס בא דעם הענקער.
ער וועט ניט בלײַבנ קיינ באלכויוו פאר זײַנע דרײַצנ יאָר,
באצאָלנ וועט ער פאר די שטערנ — איבער קאָפּ זײַנעמ צעזײַטע,
ווי פאר דעם ליכט פונ כצאָס אפ שײַטערפלאמ פאריאָגט,
געצאָלט האָבנ מיט קעפ מיט גרויע זײַנע זיידעס...

געקוקט האָט דורכ די פענצטער אומעטיק דער שניי,
דער קריג האָט ווי א ווײַטער צושלאָג פונ א יאמ געהערט זיכ
דורכ וואָי פונ ווינט, דורכ בראָכ פונ באטאריי,
וואָס האָט א יעדער אויגנבליק גענענטערט זיכ אהערצו.
ניט ווײַט פונדאנענ איז געוועזנ שוינ דער סויפ,
די וועגנ אויסגעקוקט זיכ אלע — אפ ארײַנ דאָרט;
מאלאניע האָט אוועקגעשטעלט דעם יונגנ אוירעכ ברויט
אונ מילכ ארײַנגעגאָסנ אינ א ליימיק רײַנדל,
אונ אויסגעשמירט דער פאָל געוועזנ איז מיט ליימ,
נאָר ס׳קומט בא קיינעמ ניט דעם אוירעכ גאָרניט...
קיינ מאמע — ניט אונ ניט — קיינ היימ,
ניט ער אליינ — מיט זײַנע דרײַצנ קינדערישע יאָרנ...
אונ ווענ עס האָט די קאץ געגעבנ זיכ א צי
אונ שטיל צו אימ א לאשטשע האָט געטאָנ זיכ,
האָט זיכ אימ אָפגעשטעלט דאָס הארצ: — צו אימ?
אונ א דערשראָקענער זײַנ בליק געגעבנ האָט א בלאָנדזע...

געקוקט פון קיך מ־לאניע האָט פּארטײַט,
ווי ס׳לויפן בלאסע פינגער איבער שווארצע גריפ אום, ·
ווי ס׳ליגט דער קאָפּ דער קינדערשער פארבראָכן אף א זײַט,
ווי קלאנגען ער־עץ ווײַט פון שטיבל זיך צעטריפן...
אין יעדן אויג בא איר געציטערט האָט א טרער,
א יעדער קלאנג האָט איר דאָס הארץ געזעגנ:
— א װעמען טוען זיי א קריוודע אף דער ערד?
— פארוואָס זשע יאָגט מען זיך נאָך זיי אף אלע וועגן?
געקוקט אף אים און א געוויין פון ערגעץ ווײַט געהערט,
זי זעט אים ניט, — האָט זיך איר אויסגעדאכט דאָרט:
אזעלכע־אָ מיט קעפּ פארבראָכענע, ווי ער,
האָבן די מערדער שוין אזויפיל אויסגעקוילעט און דערהארגעט...
זי האָט זיי קיינמאָל נאָך, די מערדער, ניט געזען,
א װעלכע זײַנען זיי — ניט שווער זיך פאָרשטעלן איז דאָך איר;
און כ׳ניט דער קאָפּ אליין א מאל ז־יר אף די הענט,
ווי עמעץ װאָלט אים איר דאָרט אונטערגעבראָכן...

5

באם דאָרפסראט האָט א טלית זיך געהויכט,
ווי דער ארײַנגאנג אין דער אָרדענונג דער נײַער;
געוואָרגן האָבן ביימער זיך מיט רויך,
געשטיקט האָבן זיך דעכעלעך מיט פײַער.
אוי, ניט צו גוטן האָט זיך אָנגערוקט די נאכט,
געקריט די הענער ניט צו גוטן האָבן לאנג דאָרט.
איבערן דאָרף — די טלית האָט געוואכט,
ווי צו דער נײַער אָרדנונג דער ארײַנגאנג.
— ווער װעט דער ערשטער זײַן צו א־יר געבראכט?
— צוערשט פון דאָרף בארג װעט זי װעמען?
געלעגן בא דער קרענעצע פארשטארט
איז א קאָלהאָזניצע מיט בלוט־פארפלעקטע עמער,
צעשפרייט די הענט, ווי א קאָראָמיסלע פארוקט,
די זויגן אופגעשפארט, ווי עפּעס דארף זי זיך דערמאנען;
די טלית פון דער הייך האָט מאַלכעסדיק געקוקט,
פונקט ווי דער הערב דער שטאָלצער פון גערמאניע.

און אָפּגעשמיסנס, אף דעם מיכל וועג
געשטאנען איז דאָס דאָרף פאר יעדן אומגליק — אָפּן;
ס׳װאָלט יעדער שטיבעלע ערגעץ אוועק,
ס׳װאָלט יעדער שטאל ערגעץ אנטלאָפן...
א װעלכע ווײַ האָט עס ניט אויסגעפרוווט?

א וועלכנ שאנד איז עס ניט אויסגעשטאנען?
א יעדער נאכט עפנט די טירן אופ
דעם אומגליק אינ דער היים בא זיכ מאלאניע:
— וואָס נאָכ פארלאנגט דער אומגליק דאָ?
— וואָס נאָכ האָט מענ אים ניט דערגעבנ?
אוועקגעפירט ערגעצ דעם טאָג,
אוועקגעפירט ערגעצ דאָס לעבנ...
צופוס מ׳האָט פויערים געיאָגט צום באנ,
וואנאָנעס האָבנ זיכ פאר זיי, ווי קייטנ, דאָרט געפלאָכטנ;
מאלאניע האָט זיכ ניט דערוווארט איר מאנ,
מאלאניע האָט זיכ ניט דערוווארט איר טאָכטער...

א יעדער כאטקעלע — מיט פאכעד האָט געקוקט,
איבער די פענצטער אָנגערוקט פונ דאכ די שטרויענ:
אונ ס׳גאנצע דאָרפ געטאָנ האָט זיכ א טוק
אינעם פאנאנדערפלייצ פונ אומגליק אונ פונ טרויער.
ס׳איז דעם אינ האלדז געבליבנ שטיינ די צייט,
א פרעס צונויפ געגעבנ ס׳האָט זיכ ענגער;
געשיקלט האָבנ פענצטערלעכ: — פונ וועלכער זייט
וועט זיכ אראָפלאָזנ די קלאָלע פונ די הענקער?
א דאָרפ א גאנצ — פארכאלעשט-טויט,
אונ ווינטנ איבער דעם — מיט סרייפעס אינ די מיילער;
פונ שייערס איז געווענ צעראבעוועט דאָס ברויט,
דאָס פי געטריבנ מ׳האָט דורכ אומבאקאנטע מיילנ;
איבער דער גאס געלאָפנ איז דער אומגליק הינ אונ צריק,
דער הימל איז מיט פאָכעדיקנ פלאם געווענ פארוויעט —
צו אלטע דעמבעס, צונויפגעבונדענע מיט שטריק,
געברענט האָבנ פארווונדעטע אונ שטארבנדיקע רויטארמייער.

אונ א באפעל איז גלייכ דערשינענ דאָרט
מיט שריפט, ווי ציינ פונ שארבנס הוילע:
— די ייִדנ, וואָס געפינענ זיכ אינ דאָרף,
באם צווינטער זיכ פארזאמלענ איז באפוילנ.
געקלאפט האָט דער באפעל אינ פענצטער: — גיכ! —
ווי מיט דער האנט פונ מאלכאמאָוועס דער צעשפרייטער:
— די זאכנ מיטנעמענ די ווערטפולע מיט זיכ
אונ שפייז זיכ אפ א טאָג, אפ צוויי פארגרייטנ.
ס׳האָט ניט פארפעלט קיינ ברויט. קיינ קלייד האָט ניט פארפעלט,

און נים געפעלט האָט קיין געהאָרכזאַמקײַט בא קײנעם.
זיך צוגעדריקט צו נידעריקע פענצטער האָט די וועלט:
— אָט איצטער איז די צײַט מיט די פארווסטילטע צו גײן איר...
געגריצט האָבן די פליסים זיך אין לעצטן וועג,
צום לעצטן מאָל אפ רוקנס אָנגעטאָן דעם קלומעק;
— וואוהין? — האָט אײנער בא דעם צווייטן ניט געפרעגט,
זיך פעדערן אפגיך געפֿײַלט האָט זיי דער אומגליק.

דער דאָקטער האָט קײן קלומעק נעמען ניט געוואָלט,
צוקאָפנס בא א כוילע האָט געטראָפן דער באַפעל אים;
ער האָט באַם זייגער אופגעמאכט ס׳קאָפּערטעלע פון גאָלד,
געשפירט דעם פולס — קיין אײנצל־ניט פארפעלן.
און מיט א בליק פון א געהאנגענעם אין שויב
האָט שטיל ארײַנגעקוקט דער טאָג — פארגליווערט, אומבאוועגלעך;
אוועקגעלײגט דעם פידל האָט זײַן קינד און זיך דערקונדיקט: — שוין?
ווי ער וואָלט אלע דרײַצן יאָר געווארט אפ דעם טאָג-טעגלעך...
דער דאָקטער האָט דעם סיבעלענעם פעלץ זיך אָנגעטאָן,
גלײַך ווי אפ א קאָנצערט, ווו גאָר די וועלט וועט בײַזײַן,
וואָלט ער געפירט זײַן זון, און אויסגעבלוטיקט: — טו זיך אָן
און קום, בײַם שטראָם... וואוהין... וועט גאָט אונדז ווײַזן...
די קאץ געסאָפן צו זײַנע פיס האָט זיך א גלעט,
מאלאניע האָט געוויינט אין קיך פון סאמע אינדערפרי דאָרט, —
און מער האָט שוין צום זון דער דאָקטער ניט גערעדט,
אים בלויז געווונקען: — נעם דעם פידל!..

אין ווײַסן קלעם געהאלטן האָט דער פראָסט
די טרויעריקע ערד און די פארשנייטע ביימער;
מיט די פארווסטילטע באנאנד האָבן פארלאָזן
קאַלווירטניקעס פון דאָרף די אומעטיקע היימען.
געגאנגען זיי זײַנען שווײַגנדיק-פארקלערט
אונטער די גידיק-ושאַרבנדיקע, פרעמדע בליקן;
אָט ערשט איז עס געוועזן זייער היים און זייער ערד.
אצינדערט איבער איר זיי גייען, ווי ניט היגע...
און אלע פינעף דונדערט אײַנוווינער פון דאָרף
געפאלן זײַנען אפ די קני דאָרט פאר די מערדער;
אין קלעם פון ווייי געגאנגענע זײַנען נאָך,
פון אומעטום האָט אוילעם זיך געמערט דאָרט:
— דערבארעמט זיך!.. געגעדיקע... א קינד אזא...—
געטריפט א שפרוך האָט נאָך א שפרוך דאָרט;
און אָפגעענטפערט האָט איבער די פויערים א זאלפ.
מיט דעם געווען געכאסמעט איז דער אורטייל.

די קעפ אין זשאָלעבעס, די הינטנס — צו דער וועלט,
געכראָזקעט רעגלמעסיק פערד האָבנ דעם האָבער;
מיט ווײדלענ לײַכט געפּאָכעט זיך די פעל
אונ, הירזשענדיק, אנטבלויזט די געלע ציינ זיי האָבנ.
גערייכערט האָט די קיך מיט רויך פונ אונטערוועגס,
צעהאקט געלעגנ זײַנענ אָנגעוואלגערט פריידיקס,
אונ, רײַסנדיק פונ אונטער פּאכוועס רוי געבעקס,
האָבנ סאָלדאטנ זיך געסאדערט הילכיק אינ דער רוי דאָרט.
די פליטים טרויעריק פארבײַ האָבנ געשפּאנט,
אינ כראָמק פונ פערד דאָרט אײַנגעהערט זיך,
אונ בא דער זײַט האָט פּינ קאָנוואָי א יאשטשערדיקע וואנט
פארטויבט מיט שטאָל די וואָרגנדיקע קרעכצנ,
וואָס האָבנ שוינ צו קיינעם ניט דערגרייכט,
אונטער די פיס, צעווישנ שניי אונ קויט צעטראָטנ,
אונ מיט די אווטאָמאטנ, דורכגעקרייצט איבערנ בויך,
זײַנענ די הענקערס דורכגעגאנ פּאָרויס, ווי מיט פאגאָטנ.

עס האָבנ די געטריבענע נאָך ניט פארשטאנענ אלץ,
אונ, גייענדיק, ניט אלצ זיי האָבנ נאָך באנומענ;
נאָר עפּעס האָט זיך זיי די לופט געשטעלט אינ האלדז
אונ ס'האָט זיי פארנ הארצ פארקלעמט אזא מינ אומעט,
פונקט ווי די היים געזענ זיי וואָלטנ נאָענט אונ פארטרויט,
אונ גייענדיק פארוואונדערטע עפּעס געטײַנעט מיטנ אומגליק:
— יאָ, יאָ!.. מ'האָט ניט פארגעסנ מיטנעמענ קיינ ברויט,
אונ יעדער איינער זיך געטולעט האָט צום קלומעק...
געלעגנ זײַנענ אינ די טאָרבעלעך זעקס טויזנט יאָר
נעוווע, אונ געוויינ, אונ שטרײַטנדיקער טרויער,
אנטפלעקונגענ אונ פּײַנ, אונ גאָלעס, אונ דאָס וואָרט,
אונ אָרעמ ברויט, אונ כאסענעס, אונ דאָרשט פונ טרוימער, —
וואָס נאָך האָבנ זיי דאָרטנ, אינ די קלומעקעס, געהאט,
צו דער אקיידע גייענדיק, צום טויט גענענענד?
זיי האָבנ ווי א לאוו די גיירע אָנגענומענ אקוראט.
צו דער מינוט. קיינ קאפּ ניט ווידערשפּעניקט.

אונטערנ דאָרפ האָבנ זיך פעלדער הויל
אונ אויסגעברעגט צום קאלטנ הימל-ראנד געצויגנ;
ערשט איצטער האָבנ די פארורטיילטע מיט גרויל
געטומענ קוקנ איינס דעם צווייטנ אינ די אויגנ
אונ זוכנ שוצ מיט יאָגנדיקנ בליק,
אונ מיט דער לופט זיך וואָרגנ, ווי מיט ברייענדיקע זאמדנ;

די קעפּ געדרייט זיי האָבן אָפּ צוריק,
און אַ געשריי געשפּאַרט האָט זיך, ווי דורך אַ צאַם דאָרט, —
אַזאַ געשריי, ווי אין געוויטער שרײַט דער וואַלד,
ווי אין די שטורעם-ווינטן שרײַען יאָמען,
ווי דונערן נאָך דעם, ווי ס׳גיט דער בליץ אַ פאַל,
ווי אין אַן ערדציטערניש אויפגעלייזטע צאַמען,
ווי פון קאָמעטן-שטויס דער קראַכנדיקער שטיין, —
אַז אויפטרייסלען זאָל זיך די וועלט אין איר פאַרדאַמטן ברען-קאָן,
נאָר אין די גאָרגלען זיך דערשטיקט האָט דאָס געשריי,
און אין די גאָרגלען זיך אַליין האָט עס דערטרונקען.

געלעגן איז די ערד פאַרכאַלעשט, מיד,
פונוויַיטן ווינקענדיק מיט צלאָמים און מיט רידלען.
דעם גאַנצן וועג ז׳געגאַן דער דאָקטער אין דער מיט
און פאַר דער האַנט געפירט זײַן דרײַצניאָרעדיקן פידלער.
ער פלעגט מיט אים אַזוי אַפּ אַ שפּאַציר,
הינטערן שטאָט, אין אַ פאַרנאַכט זיך אין אַ זומערדיקן לאָזן,
געוועזן דאָס פעלד איז אַזוי בליִענדיק באַצירט,
און פון דער שטילקײַט האָט אין האַרץ זיך אַזאַ לײַטערונג געגאָסן,
אַז שאָען-לאַנג האָט מען פאַרגאַפט אין איר זיך אײַנגעהערט,
ניט אָפּגעריסן — ניט דאָס אויג און ניט דעם אויער,
און יעדער רעגע זיך געענדערט האָט די ערד
אין איר באַצויבערדיקן פראַכט און אין איר געטלעך-שטילן טרויער;
ער פלעגט מיט אים אַזוי אַרויסגיין אַפּ שפּאַציר
הינטערן שטאָט — פון ראַש און טומל זיך פאַרהוילן:
די גוטע, מילדע ערד!.. אַציגנדערט אײַלט ער זיך צו איר
דאָס לעצטע מאָל, ווי צו אַ כוילע...

זי ליגט, ווי אַ מעצוירערין, אין פיבער און אין שפּאָט,
אונטער די פיס אַ יעדער רעגע גרייט זיך אַ צעפאַל טאָן,
געבוירן כײַעס אין געשטאַלט פון מענטש זי האָט,
וואָס האָבן זי פאַררומווירדיקט און זי פאַרגוואַלדיקט.
פאַר זיי איז ניט אַנטפּלעקט, וואָס מוטער איז אַזוינס,
און וואָס אַזוינס ס׳באַטײַט אַ קינד — דערגייט צו זיי ניט;
זיי האָבן טויזנט יאָר אין זיך דעם אור געצוימט,
און דורכגעריסן האָט ער זיך דורך זייער מאַרך און ביינער.
ס׳איז זייער מיזאַמק׳ס געוועזן גיר און לאָק!
אַ ליגן איז געוועזן בײַ זיי דער אומבײַט פון די טקופעס!
זיי האָבן מיזאַם טויזנט יאָר פאַרפולקומט נאָר די האַק,
ווײַל הארגענען איז זייער גײַסט און רויב — זייער באַרופ איז!
זיי הארגענען אַ מענטש. זיי הארגענען אַ פאָלק.

זיי האָרגענען א שטאָט. זיי קעפּן א מעדינע —
— האָט דאָקטער קאָגאַן יושער דען פון זיי געוואָלט?
— צי דען פארלאנגט האָט ער פון זיי א פונק פון זינען?

זיי זײַנען אָפּגעטיילט געווען פון אים מיט פינצטערניש פון אור,
מיט א דערשלינגענדיקן יאַם פון האַס און עקל.
— האָט ער געוואַרט בא זיי פון אויפלויכט דען א שפור?
— צי מיטגעפיל האָט ער געהאָפט אין זיי דערוועקן?
ער האָט זײַן קינד געוואָלט א קוק טאָן אין געזיכט
און אפּ א לעבן אפּ א גאַנץ זיך פאָרשטעלן אים עלטער,
פונקט ווי געקוקט ער וואָלט אליין אפּ זיך
צום לעצטן פרווו פון גורל א געשטעלטער,
דערזען מיט די סימאָנים אים מיט אלע פון א ייִד,
וואָס טראָגט אונטער דער הויט, ווי א גנייווע, אום דאָס לעבן
פון לאַנד צו לאַנד — מיט שטיינער אפּ די טריט,
אונטער דער וואַך פון קייווער-ווערעם און באַגרעבער,
אַן אוירעך אים דערזען בא טישן אין דער פרעמד,
פאַרהאַסט פון אלעמען און קיינעם ניט געהערן, —
ווי פאַר א נאַכטלעג צאָלט ער מיטן האַרץ און מיטן העמד,
ווי צו דער גרוב ער ווערט געפירט פאַר קוקן צו די שטערן...

איז זאָל כאָטש זײַן פאַר אים א טרייסט דערין,
וואָס ניט אדורכגעגאַנגען אלע טרעפּ פון פּײַן און מאַנגל,
וועט ער זיך אומקערן צוריק אהין,
פונוואַנען ער איז אופגעגאַנגען...
און מיטאַמאָל האָט אפּ א פערד דערשײַנט,
צעשפּאַרט דאָס מויל, א רײַטנדיקער קריפּל:
— ווער פון באַרופ איז אַרצט — דרײַ פוס-טראָט אין דער זײַט! —
ער א קאָמאַנדע האַווקענדיק האָט אויסגעכריפּעט.
צום דאָקטער האָבן אלע בליקן זיך געווענדט,
א בויג האָט מען געטאָן צו אים, ווי אָטשערעט אונטער א ווינט, זיך,
נאָר אומבאַוועגט דער קאָפּ באַם דאָקטער איז געווען,
דער דײַטשער גנאָד איז אָנגעגאַנגען אים ווינציק.
ער האָט זיך פאָרגעזעצט דעם טרויעריקן וועג —
אַן אָפּגעטאָנענער פון יעטווידן געהודע.
און, רײַסנדיק די צוים אין מויל באַם פערד,
האָט דער שטאַפּעט א הילך געגעבן: — יודע!

געוואַרט אַן אופגעיושעטער האָט דער שטאַפּעט
שוין א מינוט. שוין צוויי. און דרײַ. אַזן פיר שוין.
ארויסגיין קיינעם פון די רייען — ניט ער זעט,
דאָס פערד גיט יעדער ווײַלע נאָר א הירזשע.

י דאָרפס־לײַט קומען אָן, געפּוילט זיי האָבן דאָך —
ע זאָל דעם דאָקטער כאָטש דאָס לעבן שענקען.
עשווינדלט האָבן פינעף הונדערט כסימעס פונעם דאָרף,
ון אויסגעפּעלט האָט אויך א דאָקטער בא די הענקער.
עקוקט דער ראנד פון גרוב האָט ווי א שוועל,
ים אלעמען געגענטערט האָט דער דאָקטער זיך אהינצו,
ון שטאָלץ, ווי ער געגאנגען וואָלט מישפּעטן די וועלט,
אָט ער דאָרט יעדער ווײַלע אָנגעשפּארט אין קינד זיך,
ון מיט א קאָל פון ריכטער — נאָכן איבערײַס —
יעם אורטייל לייענענדיק, האָט דעם שטאָפּעט ער אויסגעפּלאמיקט:
— ווען מײַן בארוף זאָל ווי מײַן הארץ דערלויבן סאמען אײַך, ווי מײַז,
זאָלט איך פון אײַער גנאָד ניט אָפּגעזאָגט זיך דאמלט.

א ווונק געטאָן די גרוב האָט, ווי א שווארצע ווונד,
בא אירע זוימען — ערד האָט זיך געהויכט, ווי א באלעמער;
— און עפּשער ניט? — האָט אים דעם גאָרגל ביז צום גרונט
גענומען עפּעס ווארגנדיק פארקלעמען...
ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. און ס'איז דאָס קינד געבליבן שטיין.
אַף זײַנע מיטגייער — א בליק. און — גלײַך געלאָזט זיך ווידער:
— און ווי וועט ער דעם קינד עס געבן צו פארשטיין,
וואָס איז צום טויט געגאנגען מיטן פידל?
עס האלט דאָס קינד דאָך אזוי פעסט אים פאר דער האנט,
און ס'שריפּט אזא געבעט דאָך פון זײַן יעדן פלאטער...
— און ווער איז עס בא אים אליין אין גאָרער וועלט פאראן,
ער זאָל אין אים זיך אויכעט אָנכאפּן, ווי אין א טאטן,
ס'זאָל אים אזוי ניט שרעקלעך זײַן די שווארצע ווונד —
די גרוב, וואָס אײַנשלינגען וועט באלד די אידע ייִדן?
— דאָס פאָלק? צי עפּשער גאָט? — ווו זײַנען זיי דען, ווו?
און ס'האָבן זײַנע אויגן זיך פארהאקט אפן פוטליאר פון פידל.

די אידע איז געגאנגען — דעם טויט אנטקעגן — גראד
פון אומעטום, פינוואנען ייִדן קאָנען גיין נאָר;
צווײ מיידלעך. שוועסטער צוויי פון לענינגראד.
א ייִד פון מינסק. פון פערוואָמײַסק — א זקיינע.
פון קלומעקל בא איר האָבן זיך לײַכטער דורכגעשײַנט,
איר האָט דאָס קאָל אין האלדז איבערגעבראָכן שוין
פון אויספרעגן — צי פרײַטיק אפ דער וועלט איז הײַנט...
געצריכט האָט זי זיך אונטערוועגנס ליכט נאָך בענטשן.
— קיין איין מאָל האָט זי ליכטבענטשן נאָך ניט פארפעלט.
און איצט, ווען צוגעשטעלט איז צו דעם האלדז דער מעסער,
זאָל מען ניט וויסן, צי ס'איז פרײַטיק אפ דער וועלט,

דעם ערעוו-שאבעס זאָלן האָבן ייִדן שוין פארגעסן?!..
נאָר אָפגעשטעלט האָט זי זיך פון א שטויס,
דאָס טיכל אפן קאָפּ א שאר ארופּ געגעבן —
א לייַכטער איז בא איר פון קלומעקל ארויס,
און ווי א שטיין האָט זי א פאל געטאָן דערנעבן.

עס האָבן זי די קלעפּ פון הענקער ניט גערירט,
ניט שווער געמאכט האָבן די שטויסנדיקע טריט איר,
פונקט ווי נ׳כאלאָשעס, אפ דער ערד, געבענטשט די ליכט
זי וואָלט און — טאָר ניט מאפסיק זייַן אינמיטן...
זי איז געלעגן א צעטראָטענע. און אפ איר פאל
האָט פון די מיידלעך צוויי דערהערט זיך א געשריי דאָרט.
געגאנען זיי זייַנען איינגעהילטע אין איין שאל,
דעם גאנצן וועג ארומגענומענע איינס די צווייטע.
זיי האָט מען אופגעהויבן אייַלעוודיק פון בעט,
דער שלאָף איז נאָך אפ זיי געלעגן העפטיק,
פארזעסן זייַנען זיי די נאכט די פּאַריקע זיך שפּעט
איבער א גאנצן הויפן שילערישע העפטן —
און טרויעריק אדורכגעגאנגען די שול פארבייַ
זייַנען זיי, קוקנדיק אפ איר, ווי אפ א מאמע...
...קיין לעקציעס וועלן הייַנט שוין מער ניט זייַן,
די לערערנס וועלן אפ לאנג זיך הייַנט פארזאמען...
געטאפּט דאָס קלומעקל האָט דאָרט אן אונגארישער ייִד,
א יעדער ווייַלע מיטן בליק געגעבן א באפעל עס;
דאָס דריטע יאָר ווי ער האָט, גייענדיק, געהיט
און אויסגעהיט אין קלומעקל דעם אלטן טאלעס.
דעם קאָפּ האָט ער געהאלטן אין א זייַט,
אים נאָכגעגאנגען די פינצטערניש פון לעצטער נאכט אין שטאל איז.
געבעטן האָט ער ג-ט, ווען קומען וועט די צייַט,
באגראָבן זאָל מען אים אין טאלעס.
אפ זייַנע אויגן ניט אראָפּגעגאנגען קיין שלאָף איז,
פון די קארפּאטן אָן, ניט אופהערנדיק, טאָג ווי נאכט,
געיאָגט האָט זיך נאָך אים דער מאלכאמאָוועס
אין אזא שווינדלדיקן בארג-ארופּ און בארג-אראָפּ,
נאָר כאפּן האָט זיך דאָך ניט אייַנגעגעבן דאן אים;
אצינד האָט ער דעם טאלעס אָנגעטאָן איבערן קאָפּ,
פונקט ווי אין שול, בעשאס עס דוכענען קויהאנים.

און בא דער זייַט — אן אָפּגעצערטער ביזן ביין,
די הענט ניט ווּיסנדיק ווו צו באהאלטן,
געגאנען איז, עפּעס ריידנדיק מיט זיך אליין,

ן גאָלדענע פּענסנע — א קיִעווער בוכהאלטער.
רנעפּלט האָט זיך אים געדוכט פון ראנד דער זוים,
די פּענסנע האָט, א פארהויכטע, אלץ פון אים פארהוילן...
אויגן איבער אים א הויב געטאָן?—פונקט אָט אזוי
ן מען געגאנגען אין קיעוו צום לוקיאנאָווקער בעסוילעם,
נקט אָט אזוי־אָ אײַלעוודיק און שנעל,—
כעזשבנט דער בוכהאלטער האָט דעם בוך פון לעבן...
וויש געטאָן האָט ער די גאָלדענע פּענסנע,
ן ס'האָט די גרוב געטאָן א שווינדל שוין דערנעבן.
בליבן ניט קיין סאך איז שוין צו גיין,
נער די פּיס האָט ערד גענומען ביסלעכווײַז שוין פעלן,
ן מיטאמאָל דערפילט האָט יעדערער, ווי ער איז דאָ אליין,
זעצ געטאָן אף אלעמען האָט אזא קאלטער עלנט...

באַ דעם ראנד פון גרוב זיך צויסגעשטעלט
האָבן אלע — מיט פארדעקטע קעפּ, ווי די קויהאנים.
ן אָט אזוי — איבער דער גאנצער וועלט,
נאָר געטראָטן ס'האָט די בלוטיקע גערמאניע,
נאָר ס'האָט זיך אראָפּגעלאָזט איר ברוינע נאכט
ן האָט די ערד אין אש גענומען איבערטוישן —
ן ס'האָבן באַ דער וועלט די אויגן זיך פארמאכט,
זאָל ניט בלינד ווערן — אין בלענד פון די קעדוישים.
ונטער דער האק, אין א פארפלייצנדיקן יאם פון ווײ
עשטאנענע זײַנען, טרינקענדיק דאָרט אָן א שיר אים —
, וואָס די זיסטע ליבע אף דער ערד האָבן געזייט,
ון זי באפּײַכט מיט שטערנדיקן טוי פון שיר־האשירים...
יט ווײנענדיקע הענט געשטאנענע זײַנען זײ
יבער דעם ראנד פון גרוב — געשטרעקטע צו דעם לעבן
ון דורך די בלאָנדזשענדיקע וואָלקנס, אײַנגעהילט אין שנײ
עם פּײַן, ווי א צוואָע האָבן זײ דער וועלט איבערגעגעבן.

'האָט ביסלעכווײַז געענדיקט זיך די ערד,
י הענקערס האָבן פון פארורטיילטע באשמעקט די בגאָדים;
שושקע זיך געטאָן האָבן די שלעסער באם געווער
ון גיך און פיבערדיק זיך אָנגעלאָדן.
י לענינגראדער לערערנס — די שוועסטער צוויי,
יינס צו דער אנדערער זיך טוליענדיק — ארויס זײ זײַנען ביידע
ון צו די הענקערס צו: — צעשיס: גלײַך די ערשטע זאָל מען זײ,
יט צווען זאָלן זײ די בלוט־באָד און די ליידן...
וי א געלעכטער האָט זיך גלײַך א שאָס דערהערט,
ון באַ דער גרוב — אין אָפּגעצאמטן איגל,
זי מעווערס צוויי א פאל געטאָן זײ האָבן צו דער ערד

און זיך אראָפּגעקײַקלט, פּאַטשנדיק מיט הענט, ווי פליגל.
דאַן האָט דער דאָקטער אויסגעטאָן לעם פּעלץ פון זיך,
א וואָרף אין אוילעם אים געטאָן און צו דער גרוב א שפּאַן נאָך;
געווען — ניט צוטריטלעך און רויִק ס׳זײַנען געזיכט:
— נעמט, טראָגט אים אָפּ אין וואַלד די פּאַרטיזאַנער!

דעם זייגער פון זשילעט געטאָן א שלעפּ,
ווי א שטיק בלוט פון האַרץ אים אויסגעווייערט
און אין דער הייך געהאַלטן אים איבער די קעפּ:
— זאָל ער די שאָ פון דער גאולע ווײַזן רויטאַרמייער! —
ס׳איז א געשטויס געוואָרן צווישן די פּאַרשוין,
וואָס האָבן זיך געאַרעמט מיט די אווטאָמאַטן, —
און ס׳האָט דאָס קינד א פרעג געגעבן: — שוין?
און ס׳האָט דאָס קינד א ווײַן געגעבן: — טאַטע!..
— נאָך ניט! — האָט ער געטאָן דעם פידלער א פאַרהיל
מיט זײַנע הוילע הענט און א פאַרשטעל אים פון די כײַעס:
— דו דאַרפסט נאָך שפּילן, קינד מײַנס, — שפּיל!
פאַר די, וואָס וועלן קומען אונדז באַפרײַען!
אויב ס׳וועט אפילע בלײַבן איין ייִד אויף דער ערד,
וועט זײַן א פאָלק, און עס וועט אייביק לעבן!
שפּיל, קינד מײַנס, שפּיל, — געמונטערט אים האָט ער,
ביז ביידע האָבן זיי אין גרוב א פאַל געגעבן...

# דער אלטער שניצער

אריבער אכציק יאָר — אין קאָוועד און אין פּראכט
בא לײַטן און בא גאָט, אין דר'היים און איבער וועגן —
געטראָגן האָט אפ זיך דער קאָנאָטאָפּער פּאטריִארך
ווי אַן אטאָרע פון סטאמעסקעלעך, פון דאָלעטעס און זעגן...
ער איז געווען א שניצער — איינער אפן קאנט,
און אפ דער שטאָט געשעמט ער אויך האָט פאר א לערנער:
זײַן אײדלע שניצערײַ געוועזן איז באקאנט
אפ ווײַט אויך איבער א גאנצענער גובערניע.
ער פלעגט ארויספאָרן אליין אין וואלד,
א דעמב זיך אויסקוקן און אויסמעסטן אפ בראָך אים,
און זען ווי אונטער זינגענדיקער זעג ער פאלט
און מאכן איבער אים א קאָרבן-אוילעדיקע בראָכע,
ווי באם מיזבייעך אפ א פעטן אָקס
א בראָכע האָט געמאכט דער קויהען-גאָדל;
דערנאָך אין וואסער טויוולען זיך געגאנגען פארטאָגס,
דערנאָך מיטן געצײַג קעגן דעם האָלץ זיך אָנגעלאָדן.

מיט זײַנע אלטע הענט האָט זיך די שנעלקײַט ניט געפאָרט,
און ניט פון שארפע דאָלעטעס די טאנצנדיקע בליצן;
ער האָט נאָר אלע ווײַל אוועקגעשארט די באָרד,
וואָס מיט די שפּיצן האָט באַרירט די אײדעלע געשניצן.
איבערן שטערן יעדער ווײַל האָט ער פארוקט די בריל,
פארקנייטשט אַן אויג, געקוקט מיט פארגעניגן,
און ווען ס'האָט אים פון פרייד דאָס הארץ געטאָן א ברי,
האָט ער פארגינט זיך אונטערברומען שטיל א ניגן.
געזעסן איז ער איבער זײַן געטריקנטן געהילץ
אריבער פופציק יאָר און גרייט געווען אפ נאָך אזוי פיל;
מיט ווײַסן קאָפּ, ווי אין א זילבערנער אטאָרע אײַנגעהילט
עס זיצט איבער די פארמעטן די הייליקע א סויפער.
און ווי א מיזמער זיך געלייגט האָט דאָס געמאָלטס,
און דאָס געשניץ האָט אלע ווײַל ערגעץ געטאָן א הייב אים. —
און ס'זײַנען אונטער זײַנע הענט — פון שטיקער האָלץ
ארויסגעגאנגען לעבעדיקע לעמפּערטן און לייבן.

אין דינסטן האפט האָט זיך געטוקט זײַן אָרנאמענט,
אזא מין לופטיקער, ווי ער אין שוים וואָלט זיך געהוידעט:
באגערט האָט יעדער שול פון זײַנע קישעפדיקע הענט
פארשאפן זיך א מאלכעסדיקן אָרן-קוידעש.
האָט ער א לעבנלאנג געמאכט זײַן שניצערײַ,

און אַלע יאָר — אַ סיִעם צו זײַן אײדעלער מעלאָכע,
און גאָטספאַרכטיק געווען, געדינט צו אים געטרײַ
און ניט געוווּסט, מיט וואָס צו דינען זאָל ער נאָך אים.
ער האָט נאָר אײנס ניט ליב געהאַט: — באַווײַזן זיך אין שול.
באמית אין איר וואָס מער פון קאָוועד זיך באַפרײַען,
ווי פון דער מיזרעך-וואַנט געקוקט אַף אים וואָלט זײַן אַ שולד,
און ניט זײַן האַרץ ס'פאַרקערפערטע אין דינסטע שניצערײַען.
אין פּאָליש בײַ דעם דאַווענען — אַ קײַלעכיקן יאָר
איז ער אַזוי האַווייל-האַוואָלימדיק געזעסן,
ווי ער וואָלט זיך פאַרטראַכט, אַז עפּשער איז ער אױוועך גאָר
אַף — לוי סאַאַסע לעכאָ קאָל פּעסעל...

די לעצטע צײַט האָט ער קײן אָרן־קוידעש ניט געשניצט,
זיך אָפּגעגעבן ער צו פּראָסטער סטאָליערײַ האָט,
— איז וואָס? — האָט מיט די ברילן ער געטאָן אַ בליץ, —
קײן אָרן-קוידעשן באַדאַרף זי ניט, די פרײַהײַט?
— איז ניט! איז לאָז צום האַרץ זיך נעמען גאָט,
ס'איז זײַנס! — האָט ער זיך שמײכלדיק געווערטלט, —
ס'וועט אַלפּי סײכל אָן אַ שניצער זיך באַגײן די שטאָט,
אַזוי די גרויס, ביז קומען וועט מאָשיעך אַף זײַן פערדל.
דערלעבן זאָלן ייִדן נאָר ביז יענער צײַט,
און רודערן בײַ ייִדן זאָל ביז יענער צײַט זיך נאָר אָן אױוועך,
וועט מען מיט ליכט אַרומגײן זוכן שניצערײַ,
פון קײוועך וועט מען אים אַרויסשלעפּן: — רעב לייווי!
אַן אָרן-קוידעש דאַרף מען איצטער פאַר דער וועלט,
פון פּימסנהאָלץ, רעב לייווי, שניצן מע באַדאַרף אים!
צי האָבן אײַך סטאַמעסקעלעך, רעב לייווי, ניט פאַרפעלט,
אָט זײַנען: זײ, רעב לייווי — גאָלדענע און שאַרפע!

דערווײַל — ביז וואָס, ביז ווען — אַרײַנגערוקט אַ בלײַ
אַ פּינעפּקאַנטיקן אין כאָליעווע זיך האָט ער
און קאָשער זיך גענומען אָט אַזוי צו סטאָליערײַ,
ווי גאָט האָט אַלע ייִדן סטאָליערעס געבאָטן.
און ווידער פון מאַ-טויווו — לעבעדיק און פריש
אַ ווידרע אויסגעשניצט פון אַ סאָסנאָווע ברעטל,
און זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אויסשטעלן אַ פּראָסטן טיש,
זיך ניט געוואָרפן האָט ער מיט אַ פּאָשעט טאַבורעטל.
אין קלוב האָט ער די בענק אין אָרדענונג געבראַכט,
און שוין פון זיך אַלײן מיט שניצערײַ אַ פּוץ געטאָן די בימע,
און, שניצנדיק, אַ יעדער ווײַל געטאָן אַ טראַכט:
פונדעסטוועגן איז נאָך פאַראַן אַ גרויסער גאָט אין הימל!
און ווען דער דײַטש האָט מיטאַמאָל געגעבן אַ באַפאַל

און אלץ האָט ווי אווירבל זיך געגומען דרייען,
האָט ער איבערגעוואָרפן זיך, שוין צוטערדיק און אלט,
אַפּ אויסגעפּאַרבטע קעסטעלעך פאַר רויטאַרמייער.

אַריינגעריסן האָט זיך די בעהאָלע אומגעריכט,
ס׳האָט ניט פאַרשטאַנען קיינער, וואָס ס׳געשעט דאָרט;
באַלויכטן איר דעם וועג האָט כריפּעדיקע ליכט,
נאָך פונדערווייטן זי געזען האָט א פאַרוואָרטיילטע דאָס שטעטל.
דער אומגליק האָט זיך ווירבלדיק געחאַפּט א דריי,
א בראָך ארויס געטאָן מ׳האָט זיך דורך אופגעהאַקטע טירן,
און העפקער זיינע הייזער שוין, פאַרבראָכענע שוין הענגען טירן.
געזעסן איז דער זאַקן לייווי אין דער היים,
און פון דער היים איז ערגעץ ניט געוואָלט זיך רירן.
ער האָט געהערט פונוויינטן דעם ביזוואונדערדיקן טראָט,
געוויין פון קינדער און פון זקיינעס האָט געהערט ער,
וואָס האָבן זיך געלאָזט צופוס אַפּ גאָטס באַראָט
צו ראַטעווען דעם נעפעש פון די מערדער.
נאָר ער האָט ערגעץ ניט געוואָלט אוועק,
און אַפּן רוקן נעמען ניט געוואָלט דעם קלומעק;
דער מאַלכאַמאָוועס זאָל ניט טרעפן אים אין וועג,
ער האָט ניט ווו צו גיין. ער איז שוין אָנגעקומען.

אַראָפּגעזעצט האָט ער זיך אַפּ דער ערד,
ארופגערוקט די ברילן אַפּן שטערן
און מיט פאַרמאַכטע אויגן שטיל דערקלערט,
וואָס ניט באַוויזן האָט ער נאָך דערקלערן.
באַזאָרגט האָט אים דער אייבערשטער מיט ערלעך ברויט,
געשענקט האָט אים דער אייבערשטער אַריכאַס־יאָמים,
און קינדער ניט פאַרלאָזן אין דער נויט,
און אים ניט אָפּקערווען געלאָזט זיך פון זיין נאָמען.
וואָס קומט אים נאָך ארויס דען פון דער וועלט?
נאָך אכציק יאָר ניט וואַרטן מער שוין אַפּן וועג אים!
אָט דאָ וועט ער פאַרבלייבן בא זיין שוועל,
ער וועט אין ערגעץ ניט אוועקגיין...
אָט דאָ, אויב ס׳איז באַשערט, וועט ער מעקאַדעש זיין דעם שעם,
אָט דאָ אין שטוב נעבן דעם מאָקעם־קאָדעש,
ווו ס׳האָט זיין האָרעוואַניע פערציק יאָר געשעמט, —
עס ווייסט די שטאָט, און ס׳ווייסט אייך גאָט עס!

פאַר זיינע אַלטע אויגן האָט געגעבן זיך א שטעל
אַן איידע יידן, צו דעם טויט געפירטע.
עס איז אים מיטאַמאָל פון זיי געוואָרן העל,

עס איז פונ זיי אימ מיטאמאָל געוואָרנ ליכטיק...
געדוכט האָט אימ, אז יעדנ איינציקנ ער זעט,
געדוכט האָט זיכ — זיי גייענ דורכ פארביי אימ;
זיי האָבנ אלצ באזאָרגט מיט טפילעס אונ געבעט,
מיט — מי באַייש אונ מי באמאימ...
אונ גרינג אונ לויטער איז אזוי פונ דעמ.
עס מונטערנ זייערע שאָרכנדיקע טריט אימ.
ס'איז ווי פארטאָג אינ וואלד. נאָר ער אליינ איז איצט דער דעמב
אונ מאכט אפ זיכ אליינ די בראָכע: — אל האשכיטאָ!
וווהינ זשע זאָל ער עס אנטלויפנ פונעמ גזאר,
אויב ס'איז א גזאר אזא, ווי אלעמע: באשערט אימ;
עס דויערט יעדער רעגע נאָר צופיל, א סאכ,
ער האָט דעמ האלדז געהאלטנ גרייט שוינ פאר די שעכטער.

דער ראש פונ זייער היצעלשנ געלאָפ
געוועזנ דערווידערדיק, געוועזנ איז מיעס אימ;
געגאנגענ לאנגזאמ איז צו אימ דער טויט,
אונ ער — אנ אָפגעשיידטער — האָט געווארט — דער כייעוו מיסע...
מיט אימ א כעזשבנ א באזונדערנ געהאט
האָבנ די בלוט-באזויפטע לאָקערדיקע דייטשנ.
אנ אייניקל — א באָלשעוויק, א זונ — א באָלשעוויק אונ גלאט
א ייד. אונ דאָס האָט אלצ פארענטפערט אונ פארטייטשט אימ.
דער דעמב, דער דעמב — ניט נאָר דער דעמב אליינ,
דער גאנצער וואלד דארפ זיינ איצט פאר דער וועלט דער קאָרבנ כאטעס.
ניט לייווי — נאָר דאָס פאָלק — פונ גרויס ביז קליינ
שוינ אָפגעציילט אונ אָפגעמאָסטנ אקוראט איז...
אונ יעדנ טאָג האָט ער דעמ טויט געווארט,
געשטאנענ בא די פענצטער איז די וועלט אזא מינ גרויע.
אונ אָנגערוקט האָט זיכ שוינ פרי די נאכט,
אונ אָנגעקומענ זיינענ די יעמיי נויראָימ.

— „כבודו מלא עולמ" — האָט אינ הארצ בא אימ געברויזט,
זיינ כעסעד לאָזט זיכ פאלנ אינ דער נידער.
ארייַנגעריסנ האָבנ זיכ צו אימ אינ הויז
צוויי דייטשנ שיקערע אינ אָוונט, — פאר קאָלנידרע.
ער איז געשטאנענ אָנגעטאָנ אינ טאלעס אונ אינ קיטל גרייט
אליינ, ווי קיינער מער וואָלט אינ דער וועלט שוינ ניט געוועזנ גאָר.
די דייטשנ האָבנ נישטערדיק געגעבנ זיכ א דריי,
אונ ארומ אימ דער קרייז פארשלאָסנ האָט זיכ ענגער.
ער האָט א קוק געטאָנ אפ זיי: — מע דארפ שוינ גיינ?
א ווייז געטאָנ זיי האָבנ אפ דער טיר אימ.

און דאָך האָט זיך אים פאַרן טויט געוואָלט פאַרשטיין,
אין וואָס באַשטייט דער טאָעס דאָך פון דער יעצירע?
אפּ וויפל קער אַזעלעכער מיט מענטש זיך אָן?
ווי ווײַט אַזעלעכער — פון פינצטערניש דער סאָף איז?
א ווײַלע נאָך איז ער געווען פאַרטאָן
אין זײַנע לעצטע דאָיִקע מאַכשאָוועס:

אָט איז זי, אָט — זײַט אָרעמע, פאַרשעמטע שוועל,
דורך וועלכער ס'זײַנען אַכציק יאָר אַדורכגעפלויגן;
פאַרוואָס האָט ער ניט וועמען אין דער גאָרער וועלט
צולעצט א קוק טאָן אין די אויגן...
אָט דאָ האָט ער די אָרנקוידעשן געטאָקט,
פונדאַנען האָט באַוווּנדערט גאָט אליין זײַן שניצערײַ דאָך,
פאַרוואָס האָט ער אין גאָרער וועלט ניט וועמען אָפּזאָגן א גוטן-טאָג,
כוץ זײַנע דאָלעטעס, וואָס זײַנען אפן פאָל צעשלײַדערט?..
אַרײַנגעקוקט א בוים האָט האַרבסטיק דורך דער שויב,
אים האָט געדוכט, ער הערט דעם שאָרך פון די פאַרוועלקטע בלעטער...
צי האָט נים דער פאַרטאָג געגעבן פון געלעגער אים א הויב
ווי דאַן, צו דעם וואַלד מע פלעגט זיך לאָזן פונעם שטעטל...
האָט ער מיט מי געמאַכט דעם ערשטן טראָט,
אים אָפּגעריסן פון דער ערד אינײנעם מיט זײַן ביטערן סאַכאַקל.
און זיך געכאַפּט: — איז וואָס? צי האָט ער דען אין גאָט
צווינדערט פאַרן טויט געגעבן זיך א וואַקל?
און אין די מערדער אײַנגעשניטן מיטן בליק זיך לאַנג,
און פאַרגעשטעלט האָט יעדערער פון זיי זיך הויל אים.
ס'איז דער קאָליר פון זייער פעל, ווי בא א שלאַנג,
און ס'איז בא יעדערן א פאַרצעפּ, פונקט ווי בא א גוילעם.
ס'האָט קלאָרקײַט אים דערלאַנגט אין קאָפּ, ווי מיט א שטיין,
ווי ס'וואָלטן אָקאָרשט זיך געעפנט זײַנע אויגן:
די מערדער זײַנען צוויי, און ער — אליין.
די צײַט איז זיי פאַרבײַ, און ער מיט צײַט איז אָנגעזויגן.
דערלאַנג אַזוינעם מיט א האַק פאַרפריר,
איז וועט ער אומפאַלן פאַר דײַן צופוסנס אײַנפאַך, ווי א כײַע;
נאָר זיי האָבן געײַלט זיך ווײַזן אים די טיר
מיט שוואַרצע רערן פון קלײזײַען.
זיי האָבן אים אַדורכגעפירט איבער דער שטאָט,
און צוגעײַלט אים טעמפּ, אז גיין זאָל ער געשווינדער;
אָט זײַנען שוין קיין שטיבלעך מער נישטאָ,
און אָט באַווײַזט זיך שוין אַנטקעגן אים די ווינטמיל.

לעם איר פלעגט מען אין וואַלד פאַרקערווען נאָך געהילץ,
אָפּ צריקוועגס פלעגט מען זיך דאָ אָפּשטעלן אפּ א לעכאַיִם.

אצינד האָט דאָ פונ קראָענ זיכ געהערט א גרילצ,
א באָרעכאבע לייווינג. פונ מאכשאָוועס א צעשטריי אים!
ווי אנ אסיפע וואָלט דער טויט פארופנ אָט אהער.
ס׳גיט אלע מאָל די ווינטמיל זיכ א קרעכצנדיקנ הוידע.
געלעגנ זײַנענ יידנ ארום איר מיט פענעמער צו דר׳ערד,
פונקט ווי יאָמקיפער אינ דער שול צו דער אווידע.
נאָר קיינ געוויינ האָט זיכ פונ קיינעמ ניט געהערט,
אונ ס׳האָט אינ הארצנ ניט געקלאפט זיכ קיינער,
אינ די ארויסגעשלײַכטע הענט האָט פונ דער ווײַט נאָכ ער
דערקאָנט זײַנע לאנגאָנעדיקע אלטע שכיינים.
אזא צונויפגעמישט-פארגליווערטער געפלעכט:
די סטאָליערעס, די טעסלערס אונ די באָנדער,
ווי ס׳וואָלטנ זיכ די קלעפקעס מיטאמאָל צעפאלנ פונ דער ערד,
אונ מע באטראכט: ווי טויט מענ איר צוריק די רייפנ אָנ דאָרט!

די קלוגע גלעזערס מיט די קעסטלעכ גלאָז אונ קיט,
וואָס זײַנענ ארויסגעגאנ דעם קאנט ארום אפ גאנצע מײַלנ;
זיי ליגנ איינס צומ אנדערנ געפעגטעט אונ געשמידט
מיט ניט-פארקילטע שפריכווערטלעכ אפ טויטע מײַלער.
אָט באלד וועט יעדערער זיכ טאָנ א כאפ,
אָט באלד וועלנ א שאָרכע טאָנ מיט בערד מיט הארבע
די אײַנבינדער — פארוקט די ברילנ אונ דעם פאפ,
די שטריקלדרייער אונ די וואלקער אונ די גארבער,
די שוסטער אונ די שנײַדער פונ דער שטאָט,
אונ די לאטוטניקעס, וואָס פלעגנ איבער דערפער אומגיינ;
ווי אויסגעלייגט זיכ יעדער איינער האָט
ארומגענומענ מיט דעם אומגליק!
געדוכט זיכ: — פונ א וועג א ווײַטנ דאָ מע רוט,
די טאָרבעלעכ אפ רוקנס, ווי צונויפגעלייגטע פליגל.
געגלאנצט האָט ארום זיי נאָכ ניט פארקילטע בלוט,
אונ זיי האָבנ זיכ אלע טויטערהייט אינ דעם געשפיגלט.

ס׳האָבנ די הענקער לייווינג צו דער מיל געבראכט
אונ אינ די הענט ארײַנ געגעבנ אים א רידל.
אנ אופגעהאנגענע האָט זיכ געוויגט די נאכט,
געשפילט די ווינטמיל ווי אנ אָרגל האָט קאָלנידרע.
איבערגעוואָיעט אינ אָרקעסטער א שאקאל האָט א שאקאל,
געשפילט אפ ביינער האָבנ זיי מיט נאָטנ אפ געשטעלנ,
ווי אופגעגאנ אינ מיל פונ קאפאקאל
וואָלט אפ א גאָטעסדינסט א טײַוולשע קאפעלע.
געוועננ די ערד ארומ פונ בלוט איז רויט,

געווען דער רוים איז שווארץ פון ווינט און ווינד דאַרט.
די פליגל האָט געשטרעקט צום הימל אין דער הויך,
ווי הענט פארבראָכענע און פינצטערע, די ווינטמיל.
ס'האָט ניט באנומענ לייווי — וואָס געשעט,
און ניט באנומענ לייווי האָט דעם טײַוולשנ געיִבל,
ווי אין דער וועלט עס וואָלט ארײַנ א שעד,
ווי אין דער וועלט עס וואָלט ארײַנ א דיבעק.

— גראָבֿ זיך א גרוב! — האָט זיך פונ קאט דערהערט, —
דרײַ איילנ פינקטלעך אָפמעסטנ כונדאנענ! —
און אָפגעטאָנ האָט פונעם זאָקנ זיך די ערד,
אפ וועלעכער ער איז דאָס לעצטע מאָל געשטאנענ.
צום הענקער האָט ער נעענטער געמאכט א טראָט,
מיט זײַנע אלטע אויגנ דורכגעדרונגענ דאָס געביינ אים,
און ניט נאָר אים אלײנ געזענ ער האָט,
נאָר אלע דײַטשנ אויסגעדריקט אינ אים אינ איינעם...
פארלאָזט האָט אים פונ נאכט פונ הארבסטיקער די קעלט,
און אָפגעטאָנ האָט זיך דער פאכעד פונ זײַנ הארצנ;
געזענ האָט ער דעם סאָפ פונ גאָר דער וועלט
אינ אָט דעם טעמפנ הענקערדיקנ פארצעפ.
— מע דארפ זי ניט, די וועלט! — האָט ער געטאָנ א טראכט,
צום מאלכאמאָוועס נעענטער געטאָנ א ריס זיך.
די ווינטמיל האָט געשפילט. דער הענקער האָט געלאכט.
— א וועלט אזא איז כײַעוו מיסע!

און ווי צו שניצערײַ צום לעצטנ מאָל געשטעלט,
האָט לייווי אפנ שטערנ זיך צום לעצטנ מאָל פארוקט די ברילנ.
נאָר ס'איז קאָלנידרע איצטער אפ דער וועלט,
און גראָבנ מיט א רידל אום יאָמקיפער איז א כילעל...
די ווינטמיל האָט געשפילט. דער הענקער האָט געלאכט,
און אויסטאָנ זיך בז.פ.גלט דעם זאָקנ צו דער ארבעט.
ער ציילט די לעצטע רעגעס אים אוןווארט.
נאָר אויוועך זײַנ א דינ איז פונעם טויט נאָך דרײַ מאָל הארבער.
האָט ער דעם טאלעס אויסגעטאָנ. אים אָנגעטאָנ דער ערד,
שוינ פלאטערנ גענומענ פונ זײַנ העמד האָבנ די ארבל,
דעם רידל אופגעהויבנ אינ דער הייך האָט ער,
אדורכ דער פינצטערניש זיך אײַנגעקוקט אינעם לאקירטנ שארבנ,
א ווײַלע גאָרנישט ניט באנעמענדיק אפ אקוראט,
און ווי א לײַב מיט א געברום: — על דעת המקום! [1]
האָט ער א לאָז געטאָנ דעם רידל אפנ קאט
און ווי א קוויטשענדיקע קלאָץ געגעבנ א צעבראָק אים!

---

[1] אל דאאס האמאָקוים — די ערשטע ווערטער פונעם כאזנס טפילע פאר קאָלנידרע. (רעד.)

—✶✡✶—

# מײַן באַקאַנטער

## I

כ׳האָב אים דערקענט נאָך אין מײַן יוגנט. ער האָט מיך געפֿאַנגען מיט זײַן גוטמוטיקן, קימאַט זיסן שמייכל פֿון א קלוגן און א מידן אַף אַלץ, אָבער אונטער אָט דעם שמייכל האָט זיך געפֿילט א פֿאַרביטערטקייט פֿון אײַנעם, וועמען ס׳גייט ניט און ס׳גליקט ניט אין עפּעס אַן עכטן איקער; א שמייכל פֿון אײַנעם, וואָס, זײַענדיק נאָך יונג, טראָגט ער שוין אין זיך די עלטער, און ער זעט פֿאָרויס זײַן גאָר ניט־געראָטענעם גורל, מיט וועלכן ער וועט איצט, שפּעטער, אָדער וועגן ניט־וועגן זיך באַגעגענען. פֿון די אייגן האָט אים אַרויסגעקוקט א שטיל־געדעמפּטער טרויער — ווײַזט אויס, פֿון צופֿיל פֿאָרויסזען, און דערפֿאַר, האָט געדאַכט, האָט ער זיי קעסיידער געזישמירעט, מ׳זאָל ניט זען, אַז ניט ער לעבט, נאָר ער *לעבט זיך איבער*, און אַז יעדער מינוט און רגע שטייט ער שוין א ביסל ווײַטער פֿון דער, בא וועלכער ער האַלט איצטער.

און אַזוי ווי ער אַליין איז עפּעס אָפּגעלעבט און מאָדנע, אַזוי אויך האָט ער זיך מאָדנע געקליידט: מיט א קליינעם הוט מיט קײַלעכע ראַנדן, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אַף זײַנע אָנגעהויפטע, קיטשעראַווע האָר, וועלכע האָבן זיך קיינמאָל ניט געלאָזט פֿאַרקעמען, און וואָס יעדעס מאָל, דערזעענדיק אים אין יענעם הוט, האָט מען ניט פֿאַרשטאַנען, וויאַזוי ער האַלט זיך און פֿאַרוואָס ער פֿליט ניט אַראָפּ, ווען אין דרויסן איז אַפֿילו קיין ווינט ניטאָ; דערצו האָט מען אים קעסיידער געזען אין א העננ־מאַנטל, אין א לופֿטיק־ווינטיקער פּעלערינע, וואָס ער האָט געטראָגן קימאַט א גאַנץ־גייענדיק יאָר, אויסער נאָר עפּעס אום ווינטער שוין אין די גאָר גרויסע קעלטן, ווען ער האָט זי געביטן אַף א ראָק, אָבער פֿון א פֿאַסאָן אויך גאָר ניט לויט דער מאָדע. מיט זײַן דאַר־לענגלעכן וווּקס, עפּעס אין דער פּלייצע געבויגן, האָט ער אַלעמאָל, ביפֿראַט בײַם א ווינט, אויסגעזען אינעם העננ־מאַנטל, ווי א פֿאַרצײַטיקע שיף, נאָך פֿון קאָלומבוסעס צײַטן, וואָס רײַסט זיך און שטרענגט זיך אָן בײַצוקומען די כוואַליעס פֿון א יאַם, אַזוי האָט ער מיטן קאָפּ געשטויסן די לופֿט, בײַם די פֿאָלעס פֿון דער פּעלערינע האָבן זיך אויפֿגעבלאָזן, ווי די זעגלען.

ער איז נאָך גאָר ניט אַלט געווען — ערשט א יאָר פֿינף־זעקס און צוואַנציק, ווען איך האָב זיך מיט אים געטראָפֿן אין אײַנער, אַמאָל געוועזענער רוסישער גובערניע־שטאָט אַף דאָרעם־מיִרעוו, א געגנט פּראָווינציעלע, נישט געקוקט אַף איר בעקאַוועדיק־אַמטלעכן פּאַרנעם; מיט שמאָלבלעכע, פֿאַרשלאָפֿענע גאַסן, פֿול סעדער און גערטנער, מיט שטילע בולוואַרן פֿאַר אויסגעדינטע באַאַמטע און פּענסיאָנערן מיליטער־לײַט צום שפּאַצירן צווישן די הויכע טאָפּאָליעס, זומער — באַוואַקסענע, ווינטער — הוילע, זומער — מיט שטאַרק־שרײַענדיקע קראָען־נעסטן באַזעצט, און ווינטער — ליידיק.

אָט דאָרט האָבן מיר זיך מיט אים געטראָפֿן. ער — שוין א באַוווּסטער אין דער דעמאָלט זייער מעיוכעסדיקער העברעיִשער ליטעראַטור, אין וועלכער ער האָט זיך שטאַרק קוינע־שעם געווען, ווי נאָר ער האָט אַרײַנגעשטעלט א פֿוס אַהין. איך — נאָך א יונגל. ער — שוין געווען אײַנגעלאַדן מיטצואַרבעטן אין דער דעמאָלטיקער,

שטאָרק ראַש־אָנמאַכנדיקער, מוידעש־שריפט מיטנ נאָמענ „דאָס יאָרהונדערט“, וואָס איז אַרויסגעגעבנ אונ רעדאַקטירט געוואָרנ פונ איינעמ א גאַר באַוווּסטנ אינ יענער צײַט, אַנ ערעכ דעמ 5־טנ יאָר, שרײַבער אונ קריטיקער מיט א שאַרפער פּענ אונ מיט גאָר שטרענגע פאָדערונגענ, — אונ פונ אימ, פונ אָט דעמ רעדאַקטאָר, האָט ער, מײַנ באַקאַנטער, נאָכ אַזוי יונג, מיט דער ערשטער פענ אינ האַנט, אָפּ זײַנ ערשטער אוועקגעשיקטער אַרבעט, באַקומענ אַנ ענטפער, מיט א שטאַרק־האָפּערדיקנ אַנטקעגנקומענדיקנ באַרוכ־האַבע: „די טויערנ פונ „יאָרהונדערט“ זײַנענ פאַר דיר געעפנט“ — מיט א צוגאָב: „דײַנ נאָמענ וועט פאַרעכנט צווישנ די געציילטע מיטאַרבעטער פונ אונדזער שריפט...“ אונ איכ, ווי געזאָגט, א יונגל, וואָס האָט פונ אַזא געהויבענעמ סאָרט באַגעגעניש אפילע ניט געקאָנט טרוימענ, אונ ווער ס'האָט יאָ זויכע געוועג צו אַזא, האָט בא מיר אַוואַדע אַרויסגערופנ גרויס ערע אונ אַכטונג, ביז צו האַלטנ דעמ קאָפּ צו אימ פאַריסנ.

אופגעהאַלטנ האָט זיכ מײַנ באַקאַנטער אינ יענער פּראָווינציעלער גובערניע־שטאָט אונ זיכ ניט אַוועקגעלאָזט אַהינ, ווו זײַנ ֿאייגנטלעכ וווינ־אָרט וואָלט באַדאַרפט זײַנ אונ ווו זײַנ באַרופ האָט געפאָדערט — אינ די גרויסע ליטעראַרישע צענטרענ, ווו אַזוינע, ווי ער, זאַמלענ זיכ געוויינלעכ — איבער אײנער א ליבע, וואָס האָט זיכ בא אימ לאַנג געצויגנ אונ האָט זיכ געענדיקט גאָר ניט פריילעכיק, אונ וועלכע האָט געלייגט א שטעמפּל פונ א שטיק אָסקעט אָפּ זײַנ פּאָנעמ, האָט אימ געמאַכט אַי אויסערלעכ גוטמוטיק שמייכלענ אונ אַי אויכ צו האָבנ א גאַליקנ אונ־טערשלאַק אונטערנ שמייכל, אַי פייניק צו ערלעכ האַלטנ א זאַכ ביז פאַרעדונג, אַי צו קאָנענ וואַרפנ א שטיינ אינ פאַרערטנ, אַי צו קליידנ זיכ מאָדנע, אַי צו גיינ — גיינ, נישט גיינ, נאָר לויפנ — אונ צו שטויבנ מיטנ קאָפּ די לופט פאַר זיכ אונ אויסזענ אַזוי, ווי אַנ אַלטמאָדישע שיפּ, נאָכ פונ קאָלומביסעס צײַטנ, מיט די צעלאָזטע פּאָלעס פונ זײַנ אַלעמענ־באַקאַנטנ הענג־מאַנטל.

זײַנ ליבע איז געווענ צו איינער א רײַכער סאָכרישער טאָכטער, מיט וועלכער ער האָט זיכ געטראָפנ, זײַענדיק איר לערער, אינ איר איבערגאַנג־צײַט פונ מיידל צו יונגפרוי, דהײַ. צו זעכצנ — זיבעצנ יאָר. זי האָט אימ אינ מויל געקוקט, באַזוירקט אונ אָנגערירט פונ זײַנ באַגאַבונג אונ מערגײַסט, וואָס האָט צו איר אַרויסגע־שטראָמט — ערשטנס, טאַקע ווי פונ א מער־ווייסער, א לערער, אינ, צווייטנס אונ דעריקער, ווי פונ אַזא, וועלכער נוצט אויס דאָס מער־וויסנ, ווי א געווער, געווענדט צו א פרוי, פונ וועלכער ער איז פאַרכאַפּט אונ האָט קורצנ אָטעמ פונ פאַרכאַפּונג.

ער, זײַענדיק עלטער פונ איר, האָט באַליבט איר יוגנט, אונ זי, ווי געזאָגט — זײַנ מער־וויסנ, פאַר וועלכנ אירע אויערנ זײַנענ געווענ וואַכ אונ אַזוי נײַגעריק, ביז ניט צו זעגנ, אַז דער, וואָס דערלאַנגט דאָס איר, איז אַי גאָר ניט שיינ, אַי ער פאַסט זיכ ניט אַרײַנ אינ איר פּאָטערס סוויווע מיט זײַנ גאַנצנ באַנעמ אינ מיט זײַנ אָפּ־געפרעגטנ באַרופ, וואָס אינ דער דעמאָלטיקער סאָכרישער געזעלשאַפט האָט מענ אַזא איינעמ, אינ בעסטנ פאַל, נאָר געקאָנט באַדיענ, אינ אינ ערגסטנ — לאַכנ אימ אינ פּאָנעמ, ווײַל מ'האָט אימ געהאַלטנ גאָר ניט פאַר קיינ באַל־טאַכלעס אונ ניט פאַר אַזא, וואָס קאָנ זיכ צו עפּעס רעכטס אַרופשלאָגנ.

איר אָבער האָט ער צו יענער צײַט אויסגעזענ יאָ שיינ, כאָטש זײַנ פּאָנעמ דאַר אונ אויסגעריבלט, כאָטש די האָר האָבנ זיכ אימ שלעכט געלאָזט פאַרקעמענ, אונ כאָטש דעמ קאָפּ האָט ער קאָמיש פאָרויסגעשיקט אינ גאַנג, ווי א מענטש נישט פונ ד ע ר וועלט, אונ באַזונדערס, ניט פונ איר טאַטנס, דעמ רײַכנ סויכערס וועלט. אויכ פונ קיינ טאַכלעס האָט זי ניט געטראַכט, מאַכטעס אימ־ערפאַרנ אונ האָט נאָכ ניט געוווּסט, וואָס דאָס וואָרט באַטײַט.

דער פּאָטער אונ אַלע איבעריקע אינ שטוב — די מוטער, ברידער, שוועסטער אונ שטוב־אײַנגייער — האָבנ גלײַכ באַמערקט די צוינג פונ זייער אייגענער, פונ דער געראָטענער, זיבעצניאָריקער יונגער טאָכטער, צו אָט דעמ פאַרטראַגענעמ, שלעכט־געקעמטנ אונ אינ פלייצע געבויגענעמ עלטערלעכנ פאַרשוינ, וואָס מיט די

פולע פּאָלעס ווינט און אָנגעשטאָפּטע קעשענעס קענטעניש, — באַמערקט, אָבער ס'האָט זיי ניט אויסגעמאַכט, ווײַל מע האָט ניט דערלאָזט דעם געדאַנק, אַז אויסער סטאַם פאַרינטערעסירטקייט, אויסער פאַרערונג פונ א שילער צו א לערער, קאָנ דאָ שטעקנ נאָכ עפּעס, א מער ערנסטס.

אַז מ'האָט אָבער סאָפּקאָלסאָפּ דערזענ, האָט מענ זי גענומענ אָפּציִענ פונ אים, געזוכט אים פאַרמײַדנ, אויסלאַכנ, ביז מ'האָט זיכ איבערצײַגט, אַז ס'איז ווייניק, און מ'האָט באַשלאָסנ איבערײַסנ אינמיטנ — אים פּאָשעט דעם וועג ווײַזנ, און מ'האָט אים אָפּגעזאָגט פונ לערערשאַפט.

מ'האָט אָבער ניט געפּועלט: די באַציִונגענ האָבנ זיכ ווײַטער געצויגנ, און די באַגעגעניִשנ פונ פּאָרל זײַנענ פאָרגעקומענ אויכ ווײַטער, כאָטש ביגנייווע, פאַרשטעלט און מיט גרויס שווערינקייט, ווײַל דעם מיידל האָט מענ גענומענ נאָכקוקנ, איר היטנ די טריט, זי האַלטנ ווײַט-אָפּגעשיידט פונ יענעם, און געזוכט זי מער פאַרינטערעסירנ מיט די איר גלײַכע יונגטלעכע פונ איר שטאַנד, וואָס איז איר רײַכנ טאַטנס שטוב אַוואַדע מער גערנ געזענ זיי צו האָבנ פאַר אײַנגייער, באַזוכער און צו זייער טאָכטער נאָענט.

פּאַמעלעכ, פּאַמעלעכ האָט זיכ דאָס אײַנגעגעבנ. פּאַמעלעכ, פּאַמעלעכ האָט זיכ די יונגע געליבטע גענומענ אויסניכטערנ און זיכ אַרויסרוקנ פונ דער גאָרער פאַרשלינגענדיקער היִשפּאָע פונ אונדזער באַקאַנטנ, דערזעענדיק אינ אים שוינ אָפּט דאָס, אָפּ וואָס אירע שטוב-אייגענע האָבנ איר פריִער אָנגעוויזנ, און זי האָט ניט געוואָלט הערנ, ניט באַנעמענ. איצט האָט זי יאָ באַנומענ, אַז ער, אינ וועמענ זי האָט פריִער געזענ די פאַרקערפּערונג פונ אַלדאָס שלייִמעס, וואָס פונ א מענטש און מאַנצבל איז צו פאָדערנ, איז אָפּ פיל גראַדוסנ געמינערט: ער איז אי פיל עלטער אי גאָר ווײַט פונ יענער אַלגעמיינ אָנגענומענער האַלטונג, מאַניִרנ און געשמאַקנ, וואָס מיט איר אונטערוואַקסנ און צונויפקומענ זיכ מיט די איר גלײַכע יונגטלעכע זײַנענ זיי אויכ איר געוואָרנ א וועזנטלעכער באַשטאַנד-טייל פונ איר אַליינ, פונ וועלכנ ס'איז איר שווער געווענ זיכ אָפּזאָגנ.

זי איז עמוואָס אָפּגעקילט געוואָרנ און האָט שוינ געטיילט איר צײַט-פאַרברענגענ צווישנ אים, דעם באַקאַנטנ, מיט אַנדערע, וועלכע האָבנ זי פאַרכאַפּט ניט מיט איבערגעלאָדנקייט פונ וויסנ און ערנסט, וועלכע האָבנ אים געמאַכט דעם קאָפּ געבויגנ, נישט לאָזנדיק אים זענ, וואָס אַרום אים, און זײַנ נאָענטקייט, מוט זיכ; נאָר אויכ זיכ צוזענ צו זאַכנ פונ מער מאַמאָשעס, ווי פלירט און ווילטיק, ווי מער בעסער זיכ קליידנ, קעדיי אויסצוזענ וואָס בעסער און מער אויסנעמענדיקער.

עמעס, ס'האָט זי נאָכ אַלץ געצויגנ צו יענעם. זי האָט ניט געקענט פאַרגעסנ איר ערשטע ליבע-שולה, וואָס האָט זי געמאַכט דאָס ערשטע מאָל די אויגנ מיט בישע אַראָפּלאָזנ און זיי צוריק ווידער אויפהייבנ, האָבנדיק אים צו שטיינ אָדער זיצנ פאַר זיכ. עמעס אויכ, אַז ווענ ער, איר געוועזענער געליבטער, וואָלט נישט געווענ ער, ד.ה. דער צוריקגעהאַלטענער, געצווימטער, שעמעוודיקער מאַנצבל, אָט דעמלט, ווענ זי איז שוינ אַפילע געהאַט געווענ עמוואָס אָפּגעקילט צו אים, וואָלט ער, אַליינ מיט דעם, וואָס ער איז פאַרט דאָכ אויכ א י צ ט איר געווענ דער אַמנאָענטסטער פונ אַלע, געקאָנט זי מענעריש דערוואַרבנ און אַרײַנבאַקומענ אָפּ מאָמיד און אָפּ פאַרפאַלנ, און ציִ מאַמע-טאַטע וויל, ציִ ניט, ציִ די סאָכרישע שטוב וואָלט באַשטאַנענ, ציִ ניינ, וואָלט די זאַכ געווענ אָפּגעמאַכט אָפּ צוריק ניט צו כאַפּנ, און מעגלעכ, אַז, סאָפּקאָלסאָפּ, וואָלט מענ אויכ געמוזט מיט דעם שאָלעם מאַכנ, און ווידער — ציִ גערנ, ציִ ניט — אים פאַר אנ אייגענעם פאַרעכענענ בעיִנ ברײרע... איז ער אָבער יאָ געווענ ע ר, האָט ער דערום אויכ אָט די לעצטע אַנטשליסנדיקע מעגלעכקייט אַדורכגעלאָזט, און דעם עמעס געזאָגט, האָט זי, זײַנ געליבטע, אויכ אינ ד ע ר צײַט זײַנער שלעכט א קוק געטאָנ, זעענדיק אינ אים עמוואָס געמינערטס.

די אָפּקילונג איז אַוועק ווײַטער. דעמלט האָט אונדזער באַקאַנטער זיכ גענומענ מאַטערנ און אומבלאָנקענ באַנאַכט אונטער די פענצטער פונ זײַנ געליבטערס פּאָמערס שטוב, אַרײַנקוקנדיק אַהינ, ווענ די לאָדנ זײַנענ נאָכ געווענ אָפּנ, און ווענ

שוינ צו, האָט ער אַנ אויער צוגעלייגט צו איר ציטערל, אַרויסצוהערנ, עפּעס זיצנ איצט פרעמדע באַ איר, צי לאַכט מענ דאָרט, צי שטיפט מענ, אָדער עפּעס פאַרברענגט מענ אינ דער שטיל, וואָס דאָס האָט אימ נאָכ מער געערגערט פונ שטיפנ אינ לאַכנ...

זעלטנ פלעגט זי זיכ שוינ דערמאָלט צו אימ אַהיימ אַרײַנשטעלנ, אָדער ערגעצ אַפּ אַנ אָפּגעשטעלט אָרט אינ א פאַררוקטער גאַס זיכ באַגעגענענ, ווי פריִער, אונ אויב יאָ, איז שוינ אויכ, ווי ס'האָט געשײַנט, מער פונ ראַכמאָנעס אינ פונ מיטלײַד, אונ דערמיט האָט ער, אונדזער באַקאַנטער, אויכ זי געניִמענ מאַטערנ — מיט רייד, מיט פאַרוואורפנ, מיט פאַרשעמענ אַלצ, וואָס איז איר צוגעקומענ פונ הײמישע, כאָבריש-גווירײשע געשמאַקנ, אונ געזוכנ זי דערנידעריקנ מיט באַווײַזנ איר, אַז זי איז גלײַכ, ווי אַלע, פונ וועמענ ער האָט די גאַנצע צײַט זיכ געמיט זי אָפּצוזונ מיט זײַנ דערציִונג, מײַנענדיק, אַז אירע האָסאָנעס זײַנענ פיל העכער, ווי באַ די יע- ניקע. דאָס האָט געווירקט, אַז אינ זײַנ אָנוועזנהײַט פלעגט זי זיכ מאַכע עטוואָס אונטערשעמענ פאַר איר געפאַלנקײַט אינ פאַר איר נישט קאָנענ אַרויפקומענ צו מער פײַנערע באַגערנ; אָבער ווי נאָר זי איז אַוועק פונ אימ, אַזוי האָט זי זיכ צו- ריק אומגעקערט צו אירע נײַ-דערוואָרבענע אינ צומ מאָמ-געקומענע געשמאַקנ, פילנדיק זיכ אינ דער געזעלשאַפט פונ אירע פרײַ-אויפגעבראַכטע באַקענטע פיל בע- סער, ווי אינ זײַנער, וועלכע האָט זי גענענט, געדריקט, ווי א דריקנדיקער קאָרסעט.

ס'איז שוינ דערגאַנגענ אַזוי ווײַט, אַז... זאָל דאָס בלײַבנ צווישנ אונדז, אַז ער, פאַר וועמענ, ווי געזאָגט, כ'זײַנענ שוינ געווענ צעעפנט די טויערנ פונ „יאָ- הינדערט", וואָס פאַר פיל אַנדערע זײַנענ זיי געווענ געשלאָסנ, זייער שווער נישט אַריבערצוטרעטנ; ער, וואָס זײַנ יעדער דערמיט דערשינענע אַרבעט אינ יענער שריפט האָט אַרויסגערופנ באַ פיל לייענער פונ דער פּראָווינצ, אינ אויכ ניט פונ דער פּראָ- ווינצ, גרויס באַגײַסטערונג, עכטעמייִנ נענום אינ פיל נאָכדענקערײַ; ער — האָט אינ דער זעלבער צײַט, אינ זײַנ פערזענלעכ לעבנ זיכ געפילט אַזוי שאָפל אינ געפאַלנ, אַז ער האָט געקאָנט גיינ אַפּ אַזאַ זאַכ, ווי זיכ נעקאָמע אינ דער זאַטער, באַלעבאַטישער שטוב פונ זײַנ געליבטערס פאָטער, וואָס האָט אַלעמאָל אַרויסגעקוקט אינ גאַס מיט גרויסע פענצטער אינ מיט גווירײשער האַרבאַווע, — זיכ נעקאָמע אינ דעמ, וואָס ער האָט זיכ אַמאָל דערלויבט אינ אײנעמ א שײנעמ אָוונט, שפּילערהײט, פונ אַנ אויסבאַהאַלטנ ווינקל, אַהינ א שטײנ אַרײַנלאָזנ — מיט טראַסק, מיט צעבראָכנ שויבנ אינ מיט איבערשרעקנ אַליינ די באַלעבאַטימ, ווי אויכ די געסט, וואָס האָבנ זיכ צופעליק דעמאָלט געפונענ, ביז צו פאַלנ אינ כאַלאָשעס פונ דערשרעק, אינ פונ אָמ-אָמ, שיִר מאַקע ניט געשעדיקט ווערנ ביז בלוט פונ אַרײַנ- געשלײַדערטנ... מ'האָט נישט געקאָנט דערגיינ, ווער האָט דאָס געטאָנ, אָבער וועמענ- וועמענ, נאָר אַפּ אימ, ווי אַפּ אַזאַ, האָט דאָכ אַזאַ ניט געקאָנט קיינ כשאַד פאַלנ: געוויס א גאַסנ-יינג, א כוליגאַנ, א שיקער, אָבער בעיינ אייפנ וואָלט מענ זיכ ניט פאָרגעשטעלט, אַז פונ זײַנ האַנט האָט דאָס געקאָנט קומענ אינ טרעפנ.

מ'וואָלט זיכ אויכ ניט פאָרגעשטעלט, אַז צו יענער צײַט האָט זיכ אונדזער באַקאַנטער צונויפגעקאָמפּאַניִעט מיט אײנעמ א שיקערנ מאָנאַכ פונ היגנ, שטאָטישנ מאָנאַסטיר, וואָס איז אינ א ווײַטער, אָפּגעלעגענער גאַס, צווישנ סעדער, געווענ פאַררוקט, אינ מיט אָט דעמ מאָנאַכ פלעגט ער גאַנצע טעג פאַרברענגענ, ערגעצ אונטער א בוימ פאַרבאַהאַלטנ, אינ ביימ דער באַגעגעניש פלעגט ער קעסיידער מיטברענגענ אונטער דער פאָלע דאָס, וואָס יענער האָט באַגערט אינ נאָכ וואָס יענער איז אַזוי לאָהעט געווענ, אינ צוזאַמענ מיט אימ אויכ אַליינ פיל אַרײַנכאַפּנ פונ יענעמס באַגערטנ — פונ געטראַנק.

ער האָט א געוויסע צײַט דערמיט זיכ אויכ אַרײַנגעלאָזט אינ פאַרשיקערנדיקער שאָכ-שפּיל מיט אײנעמ אינ יענער שטאָט באַוווּסטנ גאָר מאָדנעמ פאַרשײַנ, מיטנ נאָמענ ביק — א פאַרשײַנ פונ זײַנ עלטער, א ווילדער מאַטעמאַטיקער אונ שאַכמאַטיסט, וועלכער האָט זיכ מיט אָט דער שפּיל פאַרנומענ פונ קליינערהייט אָנ אונ וואָס איבער איר האָט ער פאַרלוירנ א גרויסע נאַכלע — א שטוב, הײַ-

ראָד און א גוט־באאַרבעט האָבנ־פעלד, וואָס איז אימ געפאלנ בעירושע נאָכ זײנ טאטנס טויט, און וואָס אנדערע, קלוימערשט באלעבאטישע און אינ־דערעמעסנ שווינדלער — האָבנ דאָס בא אימ אוועקגענומענ, אימ לאָזנדיק בא גאָרנישט... ער האָט זיכ דערנאָכ געכאפט, אָט דער ביק, און אומגײענדיק, ווי זײנ געוווינשאפט, אינ קאלאָשנ אפ די באָרוועסע פיס סײ זומער, סײ ווינטער, האָט ער אינ אײנ יאָר דורכגעמאכט א קורס פונ א גימנאזיע, און אזוי זיכ אומ־דרײענדיק אינ די זעלבע קאלאָשנ — אויכ אנ אוניווערסיטעט, און דאָס האָט אימ באוווסט געמאכט אינ שטאָט אלס דעמ בעסטנ אונטעריכט־געבער, פונ וועלכנ ער האָט געצויגנ זײנ שפור־קלײנעמ באדארפ, ווײל נאָכ געלט און פארדינסט האָט ער זיכ ניט געיאָגט, אָפגעבנדיק אויכ איצט די מערסטע־בעסטע צײט דעמ שפילנ.

און אָט, מיט דעמ ביק, איז זיכ איצט צונויפגעגאנג אונדזער באקאנטער, פאר־ברענגענדיק מיט אימ גאנצע טעג, אמאָל אויכ די אָוונטנ, און אמאָל אויכ אפילע איבער די נעכט אריבער... — ווו? — אינ ביקס עקסטערנ־צימערל, ווו ס'איז קײנ־מאָל ניט געווענ געקערט, ניט צוגענומענ פונ טיש, און ווו אויכ דאָס הארטע, שטאָלענע בעט מיטנ שלעכטנ, טאָגערנ מאטראצל, ניט פארבעט.

ער האָט אזוי לאנג געשפילט באטאָג, באנאכט און פארנאכט פאר א לאָמפ אָנצינדנ, פארגעסנדיק שײנ מאכנ, אז ער האָט אָנגעהויבנ עפעס קוקנ קאָסע — א קרענק, פונ וועלכער ער האָט זיכ א צײט דערנאָכ געמוזט הײלנ, שיר אויכ ניט בלינד ווערנדיק.

צו יענער צײט האָט ער זיכ באקאנט אויכ מיט מיר, וואָס כ'בינ אויכ אָנגע־קומענ פאר א לערער אינ זײנ געליבטערס פאָטערס שטוב צומ אונטעריכטנ די ייִנגערע קינדער — ברידערלעכ און שוועסטערלעכ פונ זײנ געליבטער. דאָס האָט אימ צו מיר דערנענט... דערפילנדיק אינ מיר אי א פארערער, אי אויכ ניט קײנ קאָנקורענט (מאכמעס מײנ קלײנ־ווינציקײט האָט מיט זיכ דעמאָלט נאָר־נאָר א קלײנע ווערט פאָרגעשטעלט), האָט ער אינ מיר געפונענ יענעמ צוטרויענ, דורכ וועמענ ער וועט האָבנ די מעגלעכקײט צו האלטנ פארבינדונג מיט דער שטוב, אז, ווענ ס'וועט אימ נײטיק זײנ, זאָל ער, געהײמערהײט, דורכ מיר אמאָל עפעס קאָנענ איבערגעבנ, אָדער ארויסבאקומענ וואָס, פונ וועמענ ער דארפ...

ס'איז אזוי געווענ. דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבנ ווערנ אנ אָפטער אײנגײער צו מיר — ניט קײנ אײנגעלאדענער, נאָר אלײנ געקומענ, ווענ נאָר ס'האָט זיכ אימ פארוואָלט: באטאָג, אפדערנאכט און אמאָל אפילע נאָר שפעט אינאָווונט, אפ דער גאנצער נאכט איבערצוזיצנ. גערעדט האָט ער מיט מיר ווענג פארשײדנס; אָבער יעדעס מאָל פלעגט ער ארופקומענ דערויפ, וואָס האָט אימ אמערסטנ געענגסטיקט, און פונ וואָרט צו וואָרט, פונ זאצ צו זאצ פלעגט ער אויכ לעסאָפ נעמענ אָנרופנ דעמ נאָמענ פונ דער, וועלכע האָט אימ געשאפנ דעמ אנגסט. ער פלעגט זיכ אונטערשעמענ פאר מיר, וואָס ער, אזא, צו וועלכנ איכ האָב נאָר געקאָנט דעמ קאָפ פארריסנ, איז געווענ געצווּנגענ זיכ אראָפלאָזנ אזוי נידעריק, ביז אויפ אָנ־צוקומענ אויסגיסנ דאָס הארצ פאר מיר — נאָכ א ייִנגל, א האלב לערערל, וואָס שטײט אָפ פונ אימ אינ אלצ: אינ יאָרנ, פארשטאנד און אינ אלעמ איבעריקנ — נאָר דערפאר, וואָס אָט דאָס ייִנגל, אָט דאָס האלב־לערערל, האָט די זכיע צו אָטע־מענ מיט יענער לופט, מיט וועלכער ס'אָטעמט יענע באשעפעניש, וואָס איז אימ — צו זײנ גרויסנ אומגליק — אמליבסטנ און אמטײערסטנ. ווײ, צו וואָס ער איז דער־גאנגענ... פונ דער אנדערער זײט אָבער, זעענדיק מײנ פארערונג, מײנ מיטגעפיל און מײנ מאכנ זיכ קלוימערשט ניט באמערקנ זײנ לאגע, האָט ער זײנ קאָווער פארבויגנ, האָט אויכ דערפאר מיכ א ביסל, ווײזט אויס, געאכטעט און מיכ גע־נומענ רעכענענ, ווי פאר א ברודער, פאר וועמענ מע מעג זיכ עפענענ און אלצ אנטפלעקנ אָנ בושע.

האָבנדיק אינ זינענ נאָר עפעס אנדערש, איז ער פארבײלויפיק, מיר אויכ מײנ לערער געוואָרנ; אָנהאלטנדיק מיט מיר באציונגענ בלויז אפ אויסנוצנ מיכ פאר

זײַנע טרויעריק-אויסבאהאלטענע צוועקנ, האָט ער, צוליב אָנשטענדיקײַט אונ צוליב צודעקנ עטוואָס יענע צוועקנ, אינ דער צווישנ-צײַט פונ איינ געשפּרעכ אונ אנדערנ וועגנ איר, וועגנ דער, בא וועמענ אינ די הענט ס׳איז געלעגנ זײַנ פארשטויסענער גוירל, — אויכ מיכ קלוימערשט אינ זינענ געהאט, אונ פונ צײַט צו צײַט האָט געזענ זאָרגנ פאר מיר אונ מײַנ אָפּגעשטאנענקײַט, אונ צו עפענענ פאר מיר דאָס, וואָס איז פאר מיר נאָכ דעמאָלט געווענ גאָר-גאָר ניט צוטריטלעכ.

צוליב זײַנ זעלבסטבאהערשונג אונ קעדײַ כאָטש ווי-ניט-ווי זיכ אמאָל באפרײַענ פונ זײַנ גאָר ניט צו מעקאנע-זײַענדיקנ שטאנד, פלעגט ער זיכ דעמאָלט אָפט פארנעמענ מיט גריכיש-רוימישער קלאסיק, דערהויפּט מיט פילאָסאָפנ, וועלכע ער פלעגט באשטענדיק אומטראָגנ אינ קעשענע, אונ קומענדיק צו מיר, פאר מיר זיי פאָרלייענענ; ווי, לעמאָשל, פלאטאָנס „די סודע“, אָדער „פעדאָנ“, וועלכע ער האָט שטארק באליבט, אונ, לייענענדיק, מיר באווײַזנ צוערשט, וואָס ס׳הייסט אזוינס די גאָלדענע לאָגיק, אויב מ׳קאָנ אזוי זאָגנ, אונ זאָגנדיק דערבײַ, אז יעדעס מאָל, ווענ ער שטייט פאר יענע קוואלנ, דאכט אימ, אז ער געפינט זיכ א שטיל-באגליקטער צושויער בא א זילבער-פליסנדיקנ וואסער פונ א פלאכ טײַכל, שטיל אונ גרינ באהאלטנ צווישנ בוימ אונ גראָזנ, אונ ער קוקט צו, ווי אלטע כאכאָמימ אונ ב א ר ו ט ע לײַט פאנגענ גאָלדענע פיש אינ גרויס באָרוטקײַט.

יאָ, מיכ האָט ער רו געלערנט, אונ ער אליינ איז פונ אָט דעם אלעמ געלערנטנ א גאָר ווייניק באָרוטער ארויס... דעמאָלט האָט ער זיכ איינמאָל אויפגעהויבנ, אונ נישט זאָגנדיק גאָרנישט, אָנ א זײַ געזונט, זיכ אוועקגעלאָזט אינ יענע צענטערנ, וווּהינ זײַנע אינטערעסנ האָבנ אימ גערופנ אונ וואָס ביז אהער האָט ער ניט געהאט קיינ אויער פארנ רופ, אונ האָט זיכ דאָרט געזאמט אזויפיל, אז וויפל זײַנ געדולד האָט אימ געקלעקט צו בלײַבנ ווײַט אונ אויסער זײַנ הויפּט-אינטערעס. אָבער אויכ זײַענדיק אינ צענטער, האָט ער זיכ אָפט אינ מיר דערמאָנט, — ניינ, ניט אינ מיר, נאטירלעכ, נאָר אינ איר, מיט וועמענ איכ געפינ זיכ אינ איינ שטאָט, אונ אינ איר שטוב, אונ מיכ געבעטנ, איכ זאָל אימ מיטיילנ כאָטש וואָס-ניט-איז, כאָטש וויפל-ס׳ניט-איז וועגנ איר, וואָס איכ, פונ מײַנ זײַט, האָב דאָס אוודע גערנ געטאָנ, גרייט זײַענדיק אימ צו דינענ.

דער סאָפ, ווי געזאָגט, איז געווענ א שלעכטער. ער איז אָט אוועקגעפאָרנ, אָט צוריקגעקומענ, פילנדיק, אז זי, די געליבטע, גליטשט זיכ וואָס ווײַטער אלץ מער ארויס פונ זײַנ נאָענטקײַט אונ איבערווירקונג. עמעס, ס׳האָט זי נאָכ אלץ א קליינ ביסל געצויגנ דער אינטערעס צו אימ, ווי צו אזא, וואָס זײַנ נאָמענ איז ערגעץ אינ געוויסע קרײַזנ, גרויס באוווּסט אונ אָנגעזעענ; אָבער פארכאפּט אינגאנצנ האָט זי דאָכ שוינ נישט דאָס, וואָס איז, ערשטנס, איר אליינ נישט איבעריק נאָענט, אונ, צווייטנס, מאכמעס ווידער איר פאָטערס כויווע, וואָס האָט זי געהאלטנ אינ איינ רײַסנ אָפּ צוריק, וואָרענענ אונ שרעקנ, אז ס׳שטייט איר פאָר, ארײַנפאלנדיק צו אימ, אנ אָרעמ, נישט-געזיכערט לעבנ מיט א מענטשנ א האלב-העפקער, אינגאנצנ א לופט-באלאָנ אונ אָנ א פעסטנ שטאנד אינ דער געזעלשאפט, וועלכע איר פאָטער אונ זײַנ ארומ האָבנ געהאלטנ פאר גאָר פעסט אונ שטאנדהאפטיק.

זי האָט זיכ נאָכ געוואקלט... צו יענער צײַט זײַנענ זײַנע באקנ געוואָרנ אלץ מער אויסגעגריבלטער, די פלייצע געבויגענער, זײַנ אײַלנדיק-אומפליענדיקער גאנג אינ געוויסנ הענג-מאנטל — אלץ האסטיקער אונ פארטראָגענער אונ זײַנ גוטמוטיקער שמייכל פונ א כאָכעמ, א מייווינ אפ אלץ — אלץ באטריבטער.

צו יענער צײַט — אונ דאָס איז געווענ אינ איינעמ אנ אָנהייב זומער — פלעגט ער זיכ צו מיר ארײַנשטעלנ גאָר שפּעט אינאָוונט מיטנ אויסרייד, אז בא מיר, ווו איכ האָב דעמאָלט געוווינט, אינ איינער א שטארק-פארוקטער סעדער-גאס, איז אימ באנאכט אמאָנגענעמסטנ צו זיצנ אינ דער שטיל אונ זיכ אײַנהערנ אינעמ געזאנג פונעמ געוויסנ פויגל, וואָס מײַנ זילבערנ פלעשעלע אינ גאָרגל — דעמ סאָלאָוויי,

וואָס זינגענדיק אינ די לעוואָנע-נעכט, אינ די בעדערדיקע אויפבאהעלטענישנ, פארגייט ער זיכ אזוי פארגאפט, אז ער ווארגט זיכ קימאט פונ זײַנע אייגענע אומבאגרענעצטע געזאנג-מעגלעכקײַטנ אינ אימענדלעכער מעסיקעס.

אָט דעמלט, זיצנדיק מיט מיר אפ מײַנ שוועל אינ דרויסנ, פלעגט ער אויסזענ שטארק נידערגעשלאָגנ, הערנדיק, ווי יענער, דער אויסבאהאלטענער סאָד-פאָעט, רופט זיכ איבער מיט זײַנ אויסדערוויילטער אפ זײַנ טרעלנדיקנ מאיאָוונ לאָשנ, אזש ביז צו לאָזנ זיכ הערנ אפ די ווײַטסטע גאסנ ארומ, אונ אויכ הויכ ארופ, ביז, דאכט זיכ, אפילע צו די שטערנ; אינ הערנדיק אימ, האָט ער זיכ געוויס דערמאָנט אינ דער זײַניקער, וועלכע איז איצט אזוי ווײַט פונ אימ, — נײַנ, נישט ווײַט, דאפקע נאָענט, אָט-אָט מיט דער האנט צו דערלאנגענ: אינ איינער א שטוב, נישט אפ קיינ ווײַטער גאס, מיט א היימישנ דאכ אפנ קאָפ, אונ וואָס נאָר א קלייניקײַט גייט אָפ, ווענ נאָר א ביסעלע אנדעריש, ווענ א קליינ ביסעלע מער ליבע פונ איר צו אימ, וואָלט ער זיכ, מעגלעכ, אויכ ווי אָט דער, וואָס מיטנ פלעשעלע אינ גאָרגל, צעזונגענ...

ס'האָט שוינ דעמלט געהאלטנ גאָר שלעכט מיט מײַנ באקאנטנ: ס'האָט געהאלטנ דערבײַ, אז ער זאָל אָדער ענדיקנ מיט זיכ אליינ, אָדער אָפטאָנ עפעס ערגערס. ס'איז דערגאנג דערצו, וואָס איינמאָל (האָט ער מיר דערציילט), ווענ זי, די זײַניקע, איז געקומענ צו אימ מיט א באזוכ, אנ איבערגעכאפטע, א פארבײַלויפנדיקנ, ווי ביכלאָל די לעצטע צײַט — מער פונ אלטער געוויינשאפט, ווי פונ אינטערעס, אונ מער פונ מיטלייד; אונ ווענ זי האָט זיכ געלאָזט פונ אימ, ווידער נאָר פונ געוויינשאפט, ארומנעמענ אונ אפילע צו קושנ — האָט ער, האָבנדיק זי נאָענט-נאָענט, אונ אינ דער זעלבער צײַט פילנדיק זי אזוי פרעמד, פרעמד, זיכ צו איר א בויג געטאָנ אונ א זאָג געטאָנ, שטיל, איר אײַנראמענדיק: „אוי, ליבסטע... בעסטע... בעסטע מײַנע...“ — וואָס? — האָט זי איבערגעפרעגט, נישט אײַנהערנדיק, — גאָרנישט, גאָרנישט — האָט ער איר געענטפערט, אונ אינ דער זעלבער רעגע איז אימ א שטארק-באגערנדיקער געדאנק אדורכגעפלויגנ, זיכ צו איר נאָכאמאָל א בויג טאָנ אונ מיט א פול מויל אונ מיט אלע ציינ איר דעמ אויער אָפבײַסנ: אויב נישט אימ, איז ניט קיינעמ, זאָל דאָס הייסנ, אונ זאָל זי בלײַבנ מיט א מומ...

ער האָט זיכ דעמלט מאקע באלד אָפגעטראָגנ פונ שטאָט, מוירע האָבנדיק אי פאר באגיינ מיט זיכ אליינ עפעס נישט גוטס, אי — פאר נאָכ עפעס ערגערס מיט איר, פילנדיק, אז ס'דערנעענטערט זיכ דער סאָפ, וואָס האָט, אגעוו, מאקע ניט געזאמט באלד אָנצוקומענ.

ווײַל יאָ, אינגיכנ איז די זײַניקע פארקנאסט געוואָרנ צו אנ אנדערנ. זי האָט, עמעס, געוויינט, האָט מענ געזאָגט, פונ דער געוועזענער געדעכעניש, וואָס האָט זיכ איר נאָכגעשלעפט, אונ אויכ פונ וויסנ, וויאזוי ער, איר פריערדיקער געליבטער, וועט אויסזענ נאָכ דעמ, ווי ס'וועט אימ טרעפנ דער שלאק פונ איר אוועקגיינ אונ אָפטריניקײַט... דאָכ האָט זי דאָס געטאָנ אונ, סאָפקאָלסאָף, זיכ בארויִקט.

שפעטער א ביסל האָב איכ פונ צענטער, וווּהינ מײַנ באקאנטער איז אוועק, באקומענ א בריוו מיט א ביטער אויסגעשריי: אלהי אָבי יהיה בעזרי — דאָס הייסט, אז גאָט אליינ זאָל אימ בײַשטיינ אינ זײַנ צאאר, וואָס איז אימ ניט צומ איבערטראָגנ.

ער האָט שוינ נישט כאסענע געהאט אונ איז פארבליבנ א באָכער. פונ דעמלט אָנ האָט ער, ווי טראָגנדיק טרויער נאָכ זײַנ פארגאנגענהײַט, זיכ ניט געשיידט מיט דער האלבאָשע, וועלכע ער האָט געהאט אפ זיכ אינ יענער שטאָט, פונ וועלכער ער איז ארויס היימ, נאקעט אונ באנימענ, ווי א ניסרעפ — נישט מיטנ קאפעליושל מיט די קורצלעכע ראנדנ, וואָס איז אימ קאמ אפ די קימשעראוווע האָר געלעגנ, ווי אויכ ניט מיט זײַנ הענג-מאנטל, מיט דער ליפטיק-ווינטיקער פעלערינע.

דעמלט האָט ער זיכ פארקליבנ אינ באליבט איינעמ א צימערל אפ א הויכנ שטאָק, אָפגעדונגענ בא גאָר ניט קיינ רײַכע לײַט, ווי זײַנע דעמלטיקע מיטלענ האָבנ דאָס אימ דערלויבט; אינ האָבנדיק פאר זײַנ איינציקנ פענצטער עפעס איי-

נעט א פלאכנ דאכ פונ א פרעמדר הויז, וואָס האָט זיכ געטוליעט צו דעמ, אינ וועלכנ ער האָט געוווינט, האָט ער אהינ אלעמאָל געוואָרפנ ברויט-ברעקלעכ אונ אנדערע שפּײַז-שיראַיִמ פאר שפּערלינגענ אונ טויבנ, וועלכע פלעגנ קומענ מאסנ-ווײַז, היפּענדיק, טאנצנדיק, מיט סווישטשערײַ אינ פליגל-בראָכ זיי איפּקלײַבנ.

אינ אָט דאָרט האָב איכ אימ געטראָפנ; ווענ כ'האָב שפּעטער, אינ ערעכ דעמ 10-טנ יאָר, זיכ אליינ אויכ געלאָזט אינ צענטער — שוינ מיט אייגענער מעלאָכע, אונ מיט דער האָפענונג אליינ אויכ צו פארנעמענ א געוויס אָרט צווישנ פענ-לײַט. כ'האָב אימ אָפּגעזוכט, אונ ער האָט מיכ זייער פרײַנטלעכ איפּגענומענ אינ באַגעגנט, רעקאָמענדירנדיק מיכ, וווּהינ אינ צו וועמענ איכ האָב באדארפט, אונ ביכלאל מיכ אונטערגעהאלטנ מיט אײַצעס אינ אָנווײַזונגענ, ווי ס'טוט א גרויס-שטאָטישער מיט א פּראָווינציאַל.

כ'האָב בא אימ אויכ סטאנציע געהאלטנ. ער האָט מיכ ניט אָפּגעלאָזט, כ'האָב געגעסנ, געטרונקענ מיט אימ צוזאמענ, אונ אינ די אָוונטנ, ווענ איכ האָב זיכ אָפּגעפּאָרטיקט מיט מײַנע באשיידענע באטאָגיקע באשעפטיקונגענ, פלעגט ער מיט מיר פארברענגענ אונ מיכ אויספרעגנ אפ דער שטאָט, פונוואנענ איכ קומ אונ מיט וועלכער ער איז געווענ אזוי באקאנט, ביז צו געדענקענ יעדער שטיינ, יעדער גאס אינ געסל, ווו ער האָט אינ זײַנ אמאָליקער פארצווייפלינג אומגעבלאָנקעט אונ זײַנ פארוווּנדעטע הארצ אויסגעזיפצט.

ער האָט אויכ דערמאָנט פונ וואָרט צו וואָרט, פונ זאצ צו זאצ, ריידנדיק, דאכט זיכ, נאָר פונ עפּעס אנדערש, פאָרט לעסאָפּ זיכ דערקלייבנ צו דעמ, וואָס ער האָט ביז איצט ניט פארגעסנ — ווענג איר, וואָס, ווי ס'האָט זיכ ארויסגעוויזנ, ווענדט ער זיכ אויכ איצט, פונ צײַט צו צײַט, צו איר מיט בריוו, אפ וועלכע ער באקומט קיינ ענטפער ניט.

כ'האָב באפרידיקט זײַנ באגער זיכ צו דערוויסנ די מינדסטע פּראָטימ פונ דאָרט — ווי ס'לעבט זיכ איר, ווי כ'גייט איר, אונ ווער איז דער פּארשוינ, וואָס האָט אימ פארביטנ אזוי.

ער איז מיר דאנקבאר געווענ. ער האָט מיר געצאָלט דערפאר מיט טרײַער נאָענטקײַט — דערמיט, וואָס ער האָט פאָרגעזעצט מיר צו זײַנ מײַנ מוירע-דערעכ — מײַנ וועגווײַזער, הייסט עס; אונ אויסער אלערליי אנדערע אײַצעס, וואָס איכ האָב, זײַענדיק בא אימ, פונ אימ דעמלט באקומענ — אײַצעס, וואָס האָבנ געהאט אנ אומיטלבארע שײַכעס צו מײַנ דעמלטיקנ זײַנ אונ פארברענגענ אינ צענטער, האָט ער מיר נאָכ איינע געגעבנ — אזא, וואָס ער האָט געהאלטנ, ווײַזט אויס, פאר גרויס-וויכטיק אונ פאר א נוצלעכנ איקער פאר מיר: — „אנטלויפ, — האָט ער געזאָגט, — פונדאנענ, אונ זאָל דער גאָט פונ דער פּראָווינצ דיר זײַנ דײַנ שיצער אינ דײַנ אומשולד. דאָ איז קיינ אָרט פאר דיר, פאר אזוינע — האָט ער געזאָגט — קוקנדיק אפ מיר אינ ווייסנדיק, ווײַזט אויס, מײַנ וועזנ, וואָס קאָנ דאָ צעריבנ אונ אויס ווערנ. — דאָ — האָט ער געזאָגט — איז יאריד, ווו מ'האנדלט מיט וואסערדיקנ טינט אונ מיט ביליקע שמאָכטעלײַענ; דאָ זיצט די געדראָלענע גאדלעמ מיט פאריסענע פיס אפנ ליטערארישנ טיש, נאָר ניט אָנשטענדיק"... דערבײַ האָט ער מיר געבראכט א בײַשפּיל פונ איינעמ א באוווּסטנ דאָרטיקנ ליטעראט „דער געניאַלער נאָגער", — ווי ער האָט אימ אָנגערופנ — א פארשוינ, א קריטיקער אינ אלע הינזיכטנ, ביז צו האָבנ קויט אונטער די נעגל אונ ביז ניט אָפּצווישנ דאָס מויל נאָכנ עסנ, וואָס גייט ארומ מיטנ זײַטלדיקנ שטאָלצנ בליק אינ מיטנ שווארצנ שנאָבל אונ קאָפּ הויכ-מאיעסטעטיש פאריסנ, גלײַכ ער וואָלט געפליגנ ניט נאָר ביז פלויט אונ פּארקנ, ווי אלע גענדז, נאָר ווי ער וואָלט געווענ א שאָכנ אינ די וואָלקנס אונ א שמעלקע אינ די שמיי-שאָמאַיִמ — אינ די הימלס הימלענ, הייסט עס. ער דערלאָזט ניט קיינ גלײַכנ צו זיכ, מ'קאָנ דאָס בא אימ ניט פּויעלנ, ניט אויסדרינגענ. אונ אז מ'רופט אימ אָנ א גרויס-באוווּסטנ וועלט-נאָמענ, וואָס דערמאָנענדיק אימ, לאָזנ זיכ אראָפּ בא אלע פונעמ שרײַבערשנ פאכ די הענט פונ ווילדער ערע אונ אָנער-

קענונג, זאָגט ער, דער געניאַלער גאַנער: „פבע... עמעס, די מעלאָכע קאָן ער, נאָר ער מאַכט זי מער שלעכט, ווי גוט... פארשטייט איר מיך, ער האָט אויך מיטל־מעסיקע ראָמאַנען“ ...און דאָס זאָגט ע ר, ד ע ר, וואָס האַלעווײַ — האַלעווײַ פאַרמאָגט ער כאָטש א מינדסטן, א שפּיץ, אן אונציע פון אָט יענעם קלוימערשטער מיטלמעסיקײַט.

אָט אזוי האָט ער מיר געזאָגט, מײַן באַקאַנטער, און פון געזאָגטן, און דעריקער, פונעם טאָן, ווי אָט דאָס געזאָגטע איז ארויסגעבראַכט געוואָרן, איז געווען צו זען, אז ער אליין איז שוין אויך א שטיק ניט קיין היגער. פונעם האָדעווען די טויבן אפן פרעמדן דאַך, מיטן וועלן מיך אָפּרײַדן פון צו בלײַבן אין צענטער, וואָס דאָס איז געווים געווען א פויעל־יויצע פון זײַן אײַנשטעלונג בענעגײַע זיך אליין, וואָס כאָטש, הייסט עס, ער אליין געפינט זיך דאָ, איז ער דאָך ארויסגענומען, אויסגעטיילט און באַזײַטיקט פון אלעם, — איז געווען צו זען, אז מיט זײַן פארשפּילן אין ליבע איז אים אָפּגעקומען אויך אין עפּעס אנדערש, — דאָס מיינט מען — אין כיישעק און אין דראַנג זיך צו וועלן מאַכן מער אָרט און מער נאָמען צווישן צעכן און פּאַכ־לײַט, ווי ס'איז אייגנטימלעך פאַר יעדן. ניין, ער — ניט, ער, אין דעם פּראָט, געלאָשן.

דערפאַר אָבער, האָב איך באַמערקט, האָט ער אין אנדער ווינקל ווידער אויפגעפלאַקערט. ער האָט זיך א קער געטאָן מיט זײַן ליבע צו א געביט, וווּ ער איז געווען פרײַ אומגעצוימט, אומבאַגרענעצט און אָן דער מוירע, אז ער וועט פון צווייטן צאַד, דה. פון יענעם וועזן, וואָס ער האָט איצט ליב געקריגן, באַגעגענען א שטער, א ווידערשטאַנד, אן אומיוילן אָדער א ווידערווילן, ווי ס'האָט אים באַגעגנט אין זײַן ערשטער. ער האָט זיך א וועלן געטאָן צו דעם, צו וואָס ער האָט זיך אַפּגײַ איבערגעגעבן, מיט יענער גרויסער פארישלונגנקײַט, אַפּ וועלכער אזא, ווי ער, איז נאָר פייִק; מיט יענער גײַציקײַט, ווי ס'טרעפט אמאָל מיט מענטשן נאָך א שלאָפקײַט אָדער נאָך שיפ־ברוך, ווען מ'דערקלײַבט זיך צוריק צו געזונט און צו פעסטן באָדן, ווען מ'דערפילט דעם טאַם פון קיום אַפּ דער וועלט פיל מער, ווי איידער מ'איז אָט־אָט, שיר־שיר ניט פאַרזונקען, אַפּ נישט ארויסקומען פון פאַרזינקעניש. ער האָט זיך איבערגעגעבן דעם פאָלק און זײַן אויפלעבונג, לויט ווי ער, מײַן באַקאַנטער, האָט אין זײַן צײַט, לויט זײַן דערציִונג, לויט זײַן בילדונג, סוויווע און גײַסטיק דורכגעמאַכטן וועג, זי פארשטאַנען, די אויפלעבונג.

שוין דעמלט, זײַענדיק אין צענטער און שטייענדיק בײַ אים סטאַנציע, האָב איך באַמערקט אַפּ זײַן טיש א העפטל מיט אן אויפגעשריבענעם נאָמען אפן שאַר־בלאַט Pro et Contra. — פאַר און קעגן, הייסט עס, — אין וועלכן ער האָט געזאַמלט מיינונגען און ארויסזאָגונגען פון פארשיידענע פײַנט און פרײַנט פון פאָלק; אָנהייבנדיק, פון איינ זײַט, פון די קעגנער, ווי פונעם אלטן אפּיאָן, און ענדיקנדיק מיט די פון אונדזער צײַט, מיט א דריומאָן, משעמבערלען און שטעקער; און פון דער צווייטער זײַט — מיינונגען און ארויסזאָגונגען פון אַפּאָלאָגעטיקער און פארטיידיקער פון פאָלק, ווידער אָנהייבנדיק גאָר פון אמאָל, פון פילאָן דעם אלעקסאַנדריער, ביז פארשיידענע רוימישע פויפּסטן, עפּיסקאָפּן, הומאַניסטן, ביז אזעלכע, לעמאָשל, ווי א זאָלא און ביז גאָר די לעצטע, וועלכע האָבן זיך דערפאַר אײַנגעשטעלט און אין אן איים־צאָרע אונטער זייער שוץ אין פליגל גענומען.

ריידנדיק מיט מיר וועגן אָט דעם מין, האָט ער שוין אָפּט דעמלט אונטערגעפלאַקערט, ווי בײַם זײַן אמאָליקער ליבע, אויסזעענדיק מיט זײַן לעגנלעכן, עם־וואָס אײַנגעבויגענעם וווקס, מיט די קום־שעראַווע האָר, וועלכע האָבן זיך שלעכט געלאָזט פארקעמען, מיט די אויסגעריבלטע באַקן פון גאָר מינקעלן קאָליר, מיט די דאַרלעכע הענט און מיטן גוטמוטיקן אָבער צוגלײַך אויך פארבימערטן שמייכל, און דעריקער מיט זײַנע האַלב־געלאָשענע, אָבער אין דער זעלבער צײַט אויך אונטערגלײַענדיקע פארשמורעטע אויגן, — מיט דעם אלעם האָט ער שוין דעמלט אויסגעזען עפּעס וואָס ענלעך, ווי אַפּ אן אמאָליקן אַפּאָסטאָל, וואָס אי ער קאָן זיך

איינשטעלנ פאַר דעם, אינ וואָס ער גלייבט, ביז צו גיינ פרייִדיקנ פאַר דעם אינ די מידבאָריעס, פאַר שטיינער אונ העלצער, אי צו וואַרפנ א שטיינ אינ דעם, אינ גרויס קאַס אונ אופגערעגטקייט.

שפּעטער א ביסל, שוינ זייענדיק אינ דער היים, אינ מיינ פּראָווינציִעלער שטאָט, ווי ער, מיינ באַקאַנטער, האָט מיר מיינ אָרט אָנגעוויזנ, אונ ווי, אַגעוו געזאָגט, האָב איכ דאָרט לאַנג פאַרבראַכט, געדענקענדיק אונ אויספאָלגנדיק זיינ געבאָט, אונ וואָס, ווידער אַגעוו, כ'האָב קיינמאָל דערופ קיינ כאַראָטע ניט געהאַט, — שוינ זייענדיק אינ דער היים, האָב איכ שפּעטער א שטיקל צייט באַקומענ א בריוו פונ אים, פונ ערגעצ א שטאָט אָדער שטעטל אינ דייטשלאַנד, אינ וועלכער ער האָט געשריבנ, אז ער מאַכט איצט דורכ, מיט פורווערק אונ צופוס, דעם וועג פונ יידישנ גאַלעס, ווו ער באַזוכט „קברי אָבות“, ווי שפּייער, וואָרמס אונ פאַרשיידענע עלזאַס-שטעט, ווו יידנ זיינענ אינ מיטלאַלטער אויסגעשטאַנענ נעגישעס, שכיטעס אונ פאַרפאָלגונגענ, אונ אז ער דענקט זיכ אזוי-אָ רוקנ, רייזנדיק ביז שפּאַניע, ביז טאָלעדאָ, סאַראַגאָסאַ, גראַנאַדאַ אונ קאָרדאָווא, וועלכע ער וויל באַזוכנ, זוכנדיק ועג דאָס אָרט, ווו ס'איז געשטאַנענ דאָס גאָלדענע וויגעלע פונ אונדזערע קרוינ-פּאָעטנ, ווי א יעהודע האַלייווי, מוישע איבנ עזראַ, גווירל, אווראָם איבנ עזראָ אאַ.

נאָכ שפּעטער האָב איכ באַקומענ פונ אים א בריוו שוינ אזש פונ פּאַלעסטינע, ווו ער האָט געשריבנ, אז אָנקומענדיק אינ יאַפע פאָרט צוזאַמענ מיט נאָכ רייזנדע, מיט כאַלוקע-יידנ אונ ווייבער פונ גאַליציע אונ אונגאַרנ, מיט יידנ פונ מאַראָקאָ, טונים, פּערסיע אונ בוכאַרע, אונ אויכ מיט כאַלוצים פונ פּוילנ, רומעניע אאַ. — האָט ער, דערנענטערט זיכ צום האַפנ אונ אַראָפּגעקומענ אַפנ ברעג, נישט וויסנדיק פאַרוואָס, פאַר וועג אונ וואָס פאַר א סיבע האָט אים דערצו געשטויסנ, מיטאַמאָל אַרויסגעלאָזט א גרויס ביטער געשריי — צעקה גדולה ומרה, האָט עס געהייסנ אינ זיינ העברעיִש-געשריבענעם בריוו — וואָס א האָר איז אָפּגעגאַנ, אז ער זאָל דערביי מאַקע שוינ בלייבנ, דאָס הייסט, ער זאָל שוינ קיינמאָל ניט אופהערנ שרייענ, ווי א דולער אונ גערירטער.

ער ווייסט ניט, צי ס'איז אים געקומענ דערפונ, וואָס ער האָט פיל אומגערייזט איבער די געוויסע געשיכטלעכע ערטער, וועלכע האָבנ אַפ אים אזוי געווירקט, צי ס'איז געווענ נישט נאָר זיינ געשריי, נאָר דאָס געשריי פונ עלטערנ אונ עלטערנס-עלטערנ, וועלכע האָבנ דוירעסלאַנג צו אָט דעם לאַנד זיכ געצויגנ אונ האָבנ פאַרזייערע קורצע לעבנס אינ די פרעמדע לענדער, אינ טומל פונ פאַרשיידענע מאָג-טענגלעכע טוונגענ, באַשעפטיקונגענ אונ אויסשטייענישנ, נישט געהאַט די מעגלעכקייט דאָס צו זענ אונ דערצו דערגרייכנ, אונ דאָס האָבנ זיי, אָט די עלטערנ אונ עלטערנס-עלטערנ, איצט פונ זיינ גאָרגל אַרויסגעשריגנ.

אָבער, ווי ס'זאָל ניט זיינ, נאָר אַלע, סיי די כאַלוקע-יידנ אונ ווייבער פונ גאַליציע אונ אונגאַרנ, סיי די פונ טונים, מאַראָקאָ, פונ בוכאַרע אונ פּערסיע, סיי די כאַלוצים-ייִנגלעכ אונ מיידלעכ פונ פּוילנ, רומעניע אאַ., וואָס באַ אַלע זיי האָבנ זיכ אויכ געוויזנ טרערנ פונ פאַרגאַפונג אינ די אויגנ אונ שטומעניש אינ פּאָנעם, דערזעענדיק דעם האַפנ אונ אָנקומענדיק צום ברעג, — אַלע זיי, אז ער, מיינ באַקאַנטער, האָט דאָס געשריי אַרויסגעלאָזט, האָבנ די אויגנ אונ פּנעמער א ווענד געטאָנ צו אים, מיינענדיק בעעמעס, אז ער איז גערירט.

ס'האָט דערביי מאַקע געהאָלפנ, — האָט געשריבנ מיינ באַקאַנטער. ס'האָט אויכ געהאָלפנ דערביי, אז ער זאָל שוינ דאָרט פאַרבלייבנ, אינ לאַנד, אונ קעדיי זיכ ווי-ניט-איז דערנערנ, וואָלטנ אים פאָרגעשטאַנענ צוויי וועגנ: אָדער צושטיינ צו די אַקשאָנעסדיקע כאַלוצים, וועלכע האָבנ גענומענ אַפ זיכ אַלצ, ביז זיכ אָפּזאָגנ פונ די מינדסטע מענטשלעכע באַדערפענישנ, ביז ניט צו האָבנ קיינ העמד אַפנ לייב, אַבי דאָרט בלייבנ אונ זיכ קאָנענ שטעלנ פאַר א קנעכט, פאַר א דינסט, באַ א באַמיטלטנ באַלעבאָס פאַר א שיבעשדיקנ פאַרדינסט, אָדער אָנקומענ, אויכ ניט פאַר קיינ געהויבענעם געהאַלט, אַפ א האַלב הונגערלעכנ, אַלס לערער אינ איינער

פונ די דאָרטיקע שולנ, וועלכע האָבנ זיכ אויסגעהאַלטנ אַפ נעדאָוועס פינ אויסערנ לאַנד, פונ אָנהענגער, מיטפילער אונ סתמ וווילטעטיקע לײַט, זייער שפּאָרעוודיק, אי דאָס אויכ מיט גרויסע האַפּסאָקעס, פונ צײַט צו צײַט.

א סוואָרע, אַז אונדזער באַקאַנטנ איז נאָכ פאָרגעשטאַנענ א דריטער וועג, אונ נעמלעכ: אימ, ווי א געבראָכענעמ אינ גײַסטיקנ בײַנ, איז נאָכ צו דערלאָזנ, ער זאָל זיכ געוועננ אַראָפּגליטשנ פונ וועלטלעכנ גלויבנ אינעמ ישועו פונ לאַנד, צו א רעליגיעזנ גלויבנ, וואָס דאָס וואָלט אימ געבראַכט דערצו, ער זאָל זיכ פאַרקלײַבנ ערגעצ אינ א צפאַס, יעריכוי אָדער יערושאָלאַימ, אונ צושטייענדיק צו א דאָרטיקער אשקענאַזישער אָדער ספאַרדישער קעהילע, זאָל ער פאַרזינקענ אינ אַזאַ פרומ-אָפּגעשטאַנענעמ מאָכ אונ שימל, אַז מ'זאָל זײַנ קאָפּ אונ זײַנע האָר ניט אַרויסזענ.

יאָ, אויכ דאָס א סוואָרע. האָט זיכ אָבער עפּעס געטראָפנ, אונ ער האָט זיכ אויסגעדרייט פונ אַלע דרײַ וועגנ מיטאַמאָל... ער האָט זיכ אַנטוישט, אונ אינ איינעמ א שיינעמ טאָג, נאָכ א צײַט פאַרברענגענ אינ יענעמ לאַנד, האָט ער זיכ געכאַפּנ אַפ א שיפ, וועלכע האָט אימ געפירט צוריק פונ דאָרט: צוריק אַהיימ, צוריק אינ זײַנ צענטער, צוריק צומ פאָלק, וואָס ער האָט דאָס געוואָלט פאַרלאָזנ צוליבנ לאַנד, ווי ער האָט געשריבנ, אונ וואָס דערנאָכ האָט ער זיכ נעכאַפּט, ווי ער האָט ווײַטער געשריבנ, אַז ער, וואָס האָט געהאַט דעמ אומגליק, אָדער דאָס גליק אָדער בײדע צוזאַמענ, צו געבוירנ ווערנ א זונ פונ א פאָלק, וואָס האָט מיט מאַזל, אָדער שלימאַזל, אָדער ווידער מיט בײדע צוזאַמענ, שוינ באַלד אויסגעשפּאַנט דעמ גאַנצנ ערדקײַלעכ, אָנהייבנדיק פונעמ נילוס-טײַכ, ביזנ גאַנגא-טײַכ, ביזנ יאַנדזע-טײַכ, ביז אַלע אַנדערע וועלט-טײַכנ, וואָס אַפילע מעבר לימ, דה. פונ יענער זײַט גרויסנ אָקעאַנ, — אַז פאַר אימ, פאַר אַזאַ, איז שווער, ענג אונ דריקנדיק זיכ אײַנצופּאַסנ צוריק אינ ענגע שיכעלעכ פונ לאַנדיישע פיר איילנ, זאָל זײַנ אַפילע פונ אַנ איינג לאַנד, אויביפראַט, אַז די ווערטער „איינג", אונ „לאַנד" לאָזנ זיכ נאָכ פיל אונ שטאַרק באַשטרײַטנ.

קומענדיק צוריק פונ זײַנ רײַזע, וועלכע האָט זיכ באַ אימ אָנגעהויבנ מיט גרויס האָפענונג אַפ נײַ-געבורט אונ האָט זיכ געענדיקט מיט אָפּגעשטימטקײַט אונ אַנטוישונג, האָט ער מיט זיכ מיטגעבראַכט צוויי בילדלעכ, וועלכע כ'האָב אַפ זײַנ טיש דערזענ, באַזוכנדיק אימ שפּעטער, א צווייט מאָל, אינ זײַנ צענטער.

דאָס זײַנענ געווענ — איינס פונ אַנ אַלטנ איטאַליענישנ מײַסטער, א בילד פונ דער באַוווסטער מיריאַמ פינ מיגדויל, די פריער געוועזענע זינגע, וואָס איז דערנאָכ געוואָרנ אָנהענגערנ, נאָכפאָלגערנ אונ דינערנ פונ יעזוס, וועלכער האָט זי דערנענט, געלײַטזעליקט אונ איר פאַרגעבנ איר פאַרגאַנגענהײַט... אונ דאָס צווייטע — א פאָשעטע פאָטאָגראַפיע פונ איינעמ א שוימער אינ פאַלעסטינע...

מיריאַמ איז געמאָלט אינ האַלבער גרויס, אינגאַנצנ נאַקעט, נאָר א כוואַליענדיקער שלאַל האָר, וואָס מ'זעט קימאַט ניט באַ קיינ מענטשלעכ באַשעפעניש, באַ קיינ פרוי, פאַלט איר פונ קאָפּ אַפּנ פאָדערשטנ טייל קערפּער, אונ מיט אָט דער כוואַליע פרוווט זי פאַרשטעלנ מיט איר רעכטער האַנט איר רעכטע ברוסט, וואָס זעט זיכ אַרויס מיט איר בלענדנדיקער ווײַסקײַט, מיטנ רויטנ קנאָספּעלע, מיטנ ראָזנ קרײַזעלע אַרומ דעמ, אינ פונ אָט די בײדע, דה. אי פינ וועלנ פאַרשטעלנ די ברוסט, אי פונ ניט קאָנענ פאַרשטעלנ, קוקט אַרויס אַזאַ שרײַענדיקע, ניט-אויסצובאַהאַלטנדיקע זינדיקײַט, וואָס אַפ איר וויינט זי, דאַכט זיכ, אָט די מיריאַמ, אונ איינע א גרויסע, ווײַס-פּערלדיקע טרער איז איר אינ ווינקל פונ רעכטנ אויג הענגענ געבליבנ, אַפ קיינמאָל, דאַכט זיכ, ניט אַראָפּצופאַלנ אונ קיינמאָל זי ניט אויסצוווײַנענ.

דאָס — איינס. אונ דאָס פאָטאָגראַפישע בילד פונעמ פאַלעסטינישנ שוימער, וואָס איז געשטאַנענ אַפנ צווייטנ עק טיש פונ מײַנ באַקאַנטנ, אַנטקעגניבער דעמ ערשטנ, האָט געלאָזט זענ א באַרשײַנ מיט א ביקס אינ האַנט, א מיטלוווּקסיקער, א יונגער, א קרעפטיקער, אָבער אַזאַ אָרעמ-אָפּגעריסענער אונ, דעריקער, מיט אַזאַ סאָרט פאַרשוואַרצטקײַט אינ פּאָנעמ, — זעט אויס, פונ היצ, פונ אַנגסט, פונ גאָר

ניט קיינ גוט לעבנ אונ פינ א שטארק־פארביטערטער אקשאָנעס, — וואָס האָט געגעבנ צו ווייכנ, אז אָט דער יונגער, מיטלוווּקסיקער, אָרעמ־אָפּגעריסענער אונ באָרוועסער פארשוינ איז אָדער ער האלט ערעוו עפּעס א קרענק, וועלכע וועט באלד, שפּעטער, אימ אפּנ קארק ארופּשפּרינגענ, אָדער אז אזוי ווי ער שטייט אונ האלט די ביקס אינ האנט, איז ער שוינ פונ איר באהערשט, אָנגעגריפּנ אינ באוועלטיקט.

— יאָ, — האָט מײַנ באקאנטער געזאָגט, ווענ איך האָב זיך דערפרעגט אפּ אָט דעמ שוימער, זעענדיק אימ אינ זײַנ אָפּגעריסענעמ אונ קרענקלעך־פארשווארצטנ שטאנד — יאָ, ער האָט געענדיקט שלעכט, אָט דער, וואָס אפּנ בילד: ער האָט ניט אויסגעהאלטנ אונ האָט זיך פסיכיש אײַנגעבראָכנ. ער האָט איינמאָל, אינ איינעמ א טאָג, אינמיטנדערינענ, גענומענ וויינענ. אז מ'האָט אימ געפרעגט: „וואָס איז?" האָט ער געזאָגט: ער איז זינדיק. — „וואָסי?" — וואָס די מאמע האָט אימ געבוירנ ניט קיינ היגנ, אאוו. ער האָט שוינ אזוי געוויינט ביזנ טויט — האָט מײַנ באקאנטער צוגעגעבנ.

אונ אָט די ביידע בילדלעך, איינס אנטקעגנ צווייטנ אפּ ביידע עקנ טיש פונ מײַנ באקאנטנ שטייענדיק, זײַנענ געווענ די איינציקע אײדעס אפּ זײַנ צוזייענדיקנ בראָך, וואָס ער האָט געליטנ. פונ ערשטנ בראָך האָט ער שוינ נישט גערעדט, נישט דערמאָנט, קוקנדיק נאָר פונ צײַט צו צײַט, פארשטעלט, הינטנאָרומ, אפּ דער ווײַס־פערלדיקער טרער בא מיריאמענ אינ ווינקל פונ איר רעכטנ אויג, אונ געדאכט האָט אימ, זעט אויס, אז ער זעט דאָ א טרער פונ דער זײַניקער, וואָס האָט אימ פארלאָזט אונ האָט, מעגלעך עפּשער, כאראָטע דערפּ — זאָל זיך אימ דאכטנ...

אינ פונ צווייטנ בראָך, פונ זײַנ רײַזע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבנ, ווי געזאָגט, מיט גרויס האָפענונג אונ האָט זיך געענדיקט מיט אָט דעמ מיטגעבראכטנ בילד פונ שוימער, וואָס האָט זיך פסיכיש אײַנגעבראָכנ, האָט ער יאָ גערעדט, אָבער עפּעס מאָדנע, קאפּריז־איפּגערעגט, לאָגיש אונ אומלאָגיש געמישט, האלב וואקלדיק, האלב פעסט, ווי ביכלאל יעדער באָהעמישער אינטעליגענט, ווענ ער האָט צו טאָנ, דארפּ זיך ארויסזאָגנ אונ נעמענ שטעלונג צו אזא זאך, ווי געזעלשאפטלעכקײַט, ווענ אָדער ער טרעפּט מיט א פינגער אינ הימל אינ ביימשט גארישקײַט, אָדער ווענ ער טוט אמאָל אפילע א קרײַ ארויס נעוויעס, קומט זי אויך בא אימ ארויס ווי עפּעס נישט אינ דער צײַט, נישט פונ זײַנ ביידעמ אונ נישט לויט זײַנע נאָטנ.

ווי אָט, לעמאָשל, האָט ער איינמאָל דערמאָנט א זאָג געטאָנ:

— אז איינגעמלעך, איז נאָר עפּשער אפּצולאָכעס סאָנימ ליגנ זיך די קאָרבאָנעס, וואָס ווערנ דאָרט אוועקגעלייגט... ווײַל אינ עצעמ האָבנ מיר דאָך די גאנצע מײַסע שוינ אויסגעלעבט — ער מיינט, דאָס קאָנענ פרייענ זיך מיט יענעמ ביסל וועלט־נאָדנ, וואָס איז אויסגעפאלנ אפּנ גוירל פונ די קליימערשט גאָר באַנליקטע, וועלכע האָבנ אייגנ לאנד, אייגנ פעלד, אייגענעמ גאָרטנ, קו, ציג, צאפּ אונ באמיכטיקונג, אונ וואָס וועלנ, סאָפּקאָלכאָפּ, דאָך מוזנ ווערנ אלעמענס אייגנס; אזוי, אז בלויז נאָר עפּשער אפּצולאָכעס סאָנימ, וואָס זאָגנ אונדז אָפּ אינ דער אָפּגעשטאנענער פייִקײַט פונ צו קאָנענ זיך האלטנ אינ פעכט קלאמערנ אינ טויטע, אומבאוועגלעכע גימער, וואָס אינדערעמעסנ זײַנענ זיי אייך זייער באוועגלעך, ווײַל דאָס, וואָס ס'געהער הײַנט צו איינעמ, האָט פריער געקערט צו אנ אנדערנ אונ מאָרגנ, ווידער, וועט קערנ צו א דריטנ; — איז עפּשער נאָר צוליב דעמ איז קעדײַ צו באווײַזנ, אז מיר שטייענ ניט אָפּ אויך אינ דעמ פראט, ווענ מיר האָבנ לוסט, ווילנ אָפּ אויסצופירנ אונדזערס... אינ מאָך אָבער גייט דאָס אונדז ניט אָנ, ווײַל אינדערעמעסנ וועט זיך דער גוירל פונ פאָלק לייזנ ניט דאָרט, ווו מ'הייבט ערשט אָנ פונ אלעפּ אונ ווו מ'לערנט זיך גיינ, ווי קינדער, מיט שטרויכלונגענ אונ מיט אלעמאָל פאלנ צומ געוויינ אונ צומ געלעכטער, — נאָר דעמ פאָלקס גוירל, סײַ דער מאטעריעלער, סײַ דער גײַסטיקער, וועט זיך לייזנ אפּנ גרויסנ טראקט פונ גויראָלעכ — דאָרט, ווו דער גרייכער בינ־זשיטענדיקער ראָז זײַנער געפינט זיך, זאָל זײַנ, ווי ס'הייסט אציגר, אינ דער פרעמד, אָבער, וואָס שפּעטער וועט שוינ געוויס אזוי ניט הייסנ...

אונ דאָ האָט מײַנ באַקאַנטער א דערמאַנ געטאָנ די געשעענישנ פונ צוריק מיט עטלעכע יאָר, וואָס צו יענער צײַט, ווענ איכ האָב אים באַזוכט דאָס צווייטע מאָל, אַנ ערעכ דעמ 10-טנ יאָר, איז כאָטש זיי זײַנענ שוינ געווענ אײַנגעשטילט, געצײַמט אונ אײַנגעגלידערט, אָבער ווער ס'האָט געהאַט אַנ אויער צו הערנ, וואָס ערד אונ אונטערערד רעדט, דער האָט נאָכ פאַרנומענ א טויב-שטומענ עכאָ, ווי א געקרעכצ פונ א געפּענטעטנ גיבער, וואָס יענע האָבנ געלאָזט נאָכ זיכ.

— זיי זײַנענ געבליבנ באַמ האַלבנ וואָרט, — האָט געזאָגט מײַנ באַקאַנטער, — מ'האָט זיי די, וועלכע זיי האָבנ געוואָלט אַרויסברענגענ, צוריק אינ גאָרגל אַרײַנ-געיאָגט; אָבער אַרויסזאָגנ וועלנ זיי זיכ מוזנ — מיט ראַש, מיט קוילעס, מיט שטורמ-אָניאָג אונ געוויכער, וואָס גייט אינ רוקט זיכ אָנ פונ מיזרעכ אַפּ מײַרעוו, אונ פונ דאָרט ווידער אַפּ צוריק... אינ אָט דאָרט, דורכוואַנגענ אָט דער דערפרישנדיקער שטורעמ דאַרפ זיכ אַדורכטראָגנ, אַדורכגיינ, ליגט אונ געפינט זיכ דער גרויסער ראָוו פונ פאָלק, מיט אויסזיכטנ אַפּ אויפלעבנ אונ אויפשײַנענ, אונ דערבײַ אויכ עפּעס אַפּ פיל קאָרבאָנעס צו ברענגענ; אָבער מיט אָט דעמ ראָוו וויל ער, מײַנ באַקאַנטער, צוזאַמענ זײַנ, וואָס ס'זאָל אים ניט טרעפנ, אונ וואָס זײַנ מאַזל זאָל דאָרט אים ניט ברענגענ...

אונ דאָ מוזנ מיר איבערײַסנ דאָס ווײַטער דערציילנ וועגנ אונדזער באַקאַנטנ, ווײַל... דאָס לעבנ האָט אונדז צעריסנ. כ'איז אָנגעקומענ די מילכאָמע פונ 14-טנ יאָר, וואָס נאָכ איר האָט פוילנ, ווי באַוווסט, באַקומענ זעלבשטענדיקײַט, אונ ווענ ער, מײַנ באַקאַנטער, איז געבליבנ, ווו ער — אינ זײַנ צענטער, אינ וואַרשע (זאָגנ מיר איצט אויפ דעמ נאָמענ), וואָס געפינט זיכ פונ יענער זײַט גרענעצ, אונ איכ, ווו איכ, פונ ד ע ר זײַט.

מער האָב איכ אים ניט געזענ אינ פאַר דער צײַט נאָר ווייניק ידיעס פונ אים באַקומענ. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט, אַז איכ זאָל זיכ אַלעמאָל אינ אים דערמאַנענ, ער זאָל מיר אַלעמאָל פאַר די אויגנ אויפשווימענ אינ ער זאָל יועקנ מײַנ אינטערעס צו זיכ, אי ווי א מענטש, אי מיכ רייצנ ליטעראַריש... ווײַל יאָ, ווײַל אויב דעמ עמעס זאָגנ, אינ אויב ריידנ אַפּ אונדזער גראָבלעכנ ליטעראַרישנ פאַכ-לאָשנ, האָב איכ אים געדענקט איב ווענ-ניט-ווענ „אויסגנוצנ“ אינ א געוויסער געלעגנהײַט, אינ געוויסע טעמאַטישע אומשטענדנ, אונ מיט נאָר אַנ אַנדער אָנהייב אונ אַנדער סאָפ, זאַמלענדיק איכ פיל מער ידיעס וועגנ אים אונ, דערי-קער, וועגנ די יאָרנ איבערײַס, וואָס האָבנ אונדז צעשיידט, — נישט ווי איצט, ווענ איכ פיל, אַז ס'איז ביטער קאַרג אונ אַז כ'וואָלט פראָפעסיאָנעל ניט יויצע געווענ, ווענ איכ וואָלט וועלנ מיינענ דאָ צו האָבנ געשילדערט דאָס געשטאַלט פונ מײַנ באַקאַנטנ אינ דער פולער מאָס אונ ווי געהעריק. אַזוי האָב איכ געמיינט. אָבער...
אַזוי ווי דער קאָפּ פונ מײַנ באַקאַנטנ איז געווענ אַנ אומגעריכטער אונ א פרי-צײַטיקער, ווי אומגעריכט אונ פריצײַטיק כ'איז דער טויט פונ פיל אונדזערע ברי-דער, וועלכע קומענ איצט אומ פונ דער אַבזאָריעטדיקער האַנט פונעמ אַבזאָריעס-דיקנ סוינע; אונ אַזוי ווי די לעצטע צײַט פיל איכ זיכ ביכלאַל אינ דער ראָל אונ אינ דער לאַגע בלויז פונ א מאַצייווע-שלעגער, וואָס כ'ווייס נאָר איינס — צו באַ-צייכענענ וואָס מער נעמענ פונ ניפטאָרימ, וואָס קומענ אַלעמאָל אַלצ מער אָנ אַפּ אונדזער פאָלקס-בעבוילעמ, קומענ אינטער אָנ א צאָל, — האָב איכ דערום צווישנ אַלע אַנדערע מײַנע פלענער, וואָס כ'האָב פאַרלאָזט, פאַרלאָזט אויכ דעמ פּלאַנ פונ צו נעמענ זיכ אַמאָל מער ערנסט פאַר מײַנ באַקאַנטנ, אונ איכ קומ דאָ נאָר זײַנ נאָמענ צו דערמאָנענ... אונ מיט אַראָפּגעבויגענעמ קאָפּ, — אונ מיט וויפל דיכטע-רישער ערע כ'פאַרמאָג פאַר זײַנ געדעכעניש, וויל איכ דאָ מײַנ אַרבעט טאָנ, אונ ווידער נאָר ווי א מאַצייווע-שלעגער.

די לעצטע ידיעס, וואָס כ'האָב געקריגנ פונ מײַנ באַקאַנטנ, זײַנענ פאָלגנדיקע:

איינער א פויליש-ייִדישער ליטעראַט פונ וואַרשע, וועמענ ס'האָט געגליקט זיכ

ארויסכאפּן פון דאָרט, אָפּזײַענדיק א געוויס שמיקל צײַט אונטערן הימלער־יאָך, און פֿין וועמען כ'האָב זיך צוערשט פֿיל אָנגעהערט פון דעם פֿיל אויסגעשטאַנענעם פון דער גאַנצער דאָרטיקער באַפעלקערונג ביכלאל, אויספראַט פון דער ייִדישער, — אָט דער ליטעראַט, אז כ'האָב זיך דערנאָכ בא אים גענומען דערפרעגן איינצל־הייטן וועגן איינצלנע און האָב אים א פרעג געטאָן:

— „נו, און מײַן באַקאַנטער, וואָס מאַכט? ווי גייט אים? צי לעבט ער, צי נים?“ — האָט ער מיט דער האַנט א מאַכ געטאָן: אָלעוו־האַשאָלעם... שוין נישטאָ, געשטאָרבן, הייסט עס, און — מיט א מעשונע טויט, — האָט ער צוגעגעבן.

ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אז אָט דער ליטעראַט איז געווען א שטאַרקער מעקורעת פון אונדזער באַקאַנטן און איינער פון די, וועמען יענער האָט אויסגעטיילט צום בעסערן און צו האָבן צו אים מער צוטרוי, ווי צו אלע אַנדערע פּענ־לײַט, ווי אָט, לעמאָשל, אמאָל צו מיר, יוען כ'האָב אין מײַן יוגנט געגאַנגען וואַכער אָפּ זײַנע הענט, דה., ווען כ'האָב אים באַדינט, ווי א שילער א לערער. ער, דער ליטעראַט, האָט, זײַענדיק נאָכ יונג, די לעצטע צײַט אָפּ יענעם אויך האַזשנאָכע געגעבן, אָפּ וויפל יענער האָט זיך גענייטיקט, ווי אַן עלטערער און אַזא, וואָס איז געבליבן א באָכער; און ער, דער ליטעראַט, ווידער, איז, צווישן אַנדערע ווייניקע, אויך בא זײַן טאָט בײַגעווען, פון וועלכן ער האָט מיר געקאָנט גענוי באַריכטן און דערציילן, וואָס מיט האָט אינטערעסירט.

ער האָט דערציילט: די לעצטע יאָרן איז יענער שוין געווען שטאַרק אָפּגע־פאָרן — אי פון' עלטער, אי פון ווייניק גליקן, וואָס האָבן אים געטראָפן. ער האָט נאָכ אלץ געטראָגן די אויסער־מאָדע־מאַלבושים, מיט וועלכע ער האָט זיך נים געקאָנט שיידן — דאָס קאַפּעליושל מיט די קורצלעכע ראַנדן אָפּ די קומישעראַזיע האָר, וואָס האָבן איצט אי געהאַט די מאַרע פון געלאָשן איש, אי זיי זײַנען אים שטאַרק שיטערלעך געוואָרן, אזוי אז ער האָט זיי געהאַט נאָכ בא די זײַטן קאָפּ אָנגעקומשערובעט שטייענדיקע, אין דער גאַנצער קאָפּ, אָנהייבנדיק פון שטערן ביז דער פּאָטיליצע — הויל און פּליכעוואַטע. אויך האָט ער זיך נים געקאָנט שיידן מיטן הענג־מאַנטל, וועלכן ער האָט געטראָגן אין אלע יאָר־צײַטן קימאַט, און האָט געצווונגען אלעמען, ווער ס'האָט אים באַגעגנט, זיך אויסקערעווען און אים נאָכ־קוקן מיט כידעש, און קליינוואַרג האָט אים מיט די פינגער נאָכגעטײַטלט און אָפּילע אויך אין די אויגן געלאַכט.

מ'האָט שוין געלאַכט אויך פון זײַן פּאַרטראָגנקײַט — פון זײַן נים־היגן קאָלע־טוטן, מילכ־קאָלירקן הײַטעלע, וואָס ער האָט אלעמאָל געהאַט איבער די אויגן אריבערגעצויגן, ווי א האָן באַט אײַנשלאָפן — א סימען, אז צווישן זיך און דער אויסן־וועלט האָט ער געלאָזט פאַלן א פּאָרהענגל, וואָס זאָל אים אײַסטיילן, ארויס־נעמען און פארשטעלן פון אלעמען.

ווירקלעך: מיט דער אויסן־וועלט האָט ער שוין גאָר ווייניק צו טאָן געהאַט: אָפּ צו האָדעווען זיך און די באָכערישע טײַכן אָפּן פרעמדן דאַכ האָט אים געניגט גאָר א קליין ביסעלע שרײַב־מעלאָכע, וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן גאָר ווייניק מי און צײַט און וואָס, נישט געקוקט דערויף, האָבן געוויסע רעדאַקטאָרן און פאַר־לעגער דאָס אלעמאָל בא אים אײַליק און נײַציק פון די הענט ארויסגעכאַפּט, ווי יערזעענדיק א זאַכ פון גרויס כשיוועס, און מוירע האָבנדיק, אז אַנדערע קאָנקו־רענטן זאָלן דאָס בא זיי נים אויסכאַפּן. און דעריקער צײַט, מי און פלײַס האָט ער אָפּגעגעבן איינער אַן ארבעט, וועלכע האָט אים פאַרכאַפּט אָן איבערבלײַב און וואָס ער איז יאָרן פון איר נים ארויס, א פארשלונגענער און ביז איבערן קאָפּ א פאַרקנעכטער.

דאָס איז געווען זײַן דריטע ליבע — פון גאָר א הויכן סאָרט, צוליב וועלכער ער האָט אלע זײַנע לעצטע מאַרכן פון די ביינער ארויסגעצויגן, ביז א שפּענט און ביז נים איבערלאָזן פאַר זיך גאָרנים. דאָס איז געווען א ווערק, וואָס האָט געפאָ־דערט געזירעס, דה., צו בלײַבן א ייִנגל־פארשוין, וואָס ווי ער האָט א קאָפּל בײַעכ,

וויסן, אינמיטן אין לײַדנשאַפֿט, זאָל ער דאָס דעם, און נאָר דעם אָפּגעבן, נישט זעענדיק פֿאַר זיך, כּיצ דעם, קיין זיג און זײַן גאַרן קומט און קומען אױף דער וועלט; א ווערק, וואָס ער האָט דעם א נאָמען געגעבן „היה, הווה ויהיה"[1] — א מין לויבגעזאַנג צו אַלדעם, וואָס קומט אויף, קומט אָפּ, אנטשטייט, באַשטייט, בײַט די פֿאָרם אין אומאויפהערלעכן קרײַזלויף פֿון ענדערונגען און שטאָף־וועקסלערײַ, וואָס איז אומענדלעך און אייביק; א ווערק, אין וועלכן ס'האָט זיך געדעכט פֿון הערן און צו קלערן: פֿון וועלט־אַל, פֿון נאַטור, פֿון קולטור, וואָס דאָס מיינט — דאָס הויבמענטשלעכע שטרעבן זיך אַרײַנצוטישן, נעמען אָנטייל, מיטהעלפֿן און אליין צו זײַן א טייל און א שטיקל צו אלעם זײַענדיקן, ווערנדיקן און שאַפֿנדיקן; אָנהייבנדיק נאָך פֿון גאָר־גאָר אמאָל, ווען דער מענטש איז אומגעגאַנגען נאַקעט, מיט א פֿעל באַוואַקסן, ווי א בהמה, און קומענדיק ביז אונדזער צײַט, מיט אירע פֿיל שוין אַנטפּלעקטע און געלײַזטע סודות און רעטענישן פֿון דער פֿריִער געשלאָסענער, שטומער, טויבער, האַרבער, ספֿינקסישער און מיירע־אָנוואַרפֿנדיקער נאַטור; און ענדיקנדיק מיט דער ווײַטסטער צוקונפֿט, וואָס אהין איז נאָך ניט מיט קיין אויג אין קיין שפּאַקטיוו ניט צו דערלאַנגען און וואָס מ'קאָן זי זיך פֿאָרשטעלן בלויז אין ווײַט־ווײַטן געפֿל פֿאַרבלאָזן, ווי א ליפּטיקן הענג־שלאָס, וואונדערלעך־קונציק געבויט פֿאַר עפּעס פֿאַרהוילענע מיניט ברוים, פֿון וועלכע מיר האָבן קיין אנונג, און וואָס נאָר דער אײַדלסטער־אײַדלסטער אויער קאָן פֿאַרנעמען דעם גרויסן פֿרײַדיקן פֿאַנפֿאַרן־פֿאַראַד, מיט ערע און בסורע, וואָס דערוואַרט זיי, יענע ברוימ, ווען זייער צײַט וועט קומען.

אונדזער באַקאַנטער האָט שוין געהאַלטן ווײַט אין זײַן ווערק, שוין געהאַט גאַנצע בערג אָנגעשריבן, און אין די אויגן האָבן אים שוין פֿון צײַט צו צײַט אויפֿגעבליצט פֿײַערלעך פֿון האָפֿענונג צו זען דאָס פֿון יאָרנלאַנג געכאָוועטע, דערצויגענע און אלבעסטע כּמעט דעם אָפּגעגעבן — שוין פֿאַרענדיקט. ער האָט זיך אמאָל די הענט פֿון האַנאָע געריבן, און אַנדערש מאָל האָט אים פֿון טיש אויפֿגעריסן און אים לאַנג געמאַכט אומשפּאַנען, קימאַט אומלייפֿן, איבערן צימערל — אָט די האַנאָע. דאָס אָבער ניט אָפֿט, ווײַל דערווײַל איז נאָך געווען צו פֿרי זיך צו פֿרייען. דערווײַל איז ער נאָך געווען אזוי פֿאַרנומען, פֿאַרכאַפּט און נעזיריש־אַרײַנגעטאָן אין זײַן אַרבעט־זאַכ, אז סײַ ווען ער האָט זיך מיט איר אומטלבאַר באַשעפֿטיקט, זיצנדיק באַם טיש, ווען אלע אייזורים האָבן זיך אים געפֿילט דערהאַרעמט, בעשאַס ער האָט געצויגן דעם שעפֿערישן קליי פֿון זיך; סײַ ווען ניט, ווען קליימערײַט פֿרײַ פֿון איר, שפּאַצירנדיק אין גאַס, אָדער זיצנדיק אין א קאַפֿע, אַרומגערינגלט פֿון פֿרעמדן זשום אין פֿון גרויס פֿאַרזאַמלטן מענטשן־געדיכטעניש — האָט ער זיך אויך דעמאָלט געפֿילט אזוי פֿאַרקנעכטעט אין איר רעשוס, ביז ניט צו מערקן, ווי ער שעפּטשעט אמאָל ווערטער, אמאָל זאָגט אין אמאָל גאַנצע שטיקעך פֿון דער מעלאָכע, באַ וועלכער ער האַלט, בײַס ווען אַנדערע באַמערקן יאָ, און — ווער מיט שפּאָט, ווער מיט כידעש — קוקט אים אין מײַל און אויף די ליפּן דעמאָלט...

אווילעט פֿענ־לײַט, וועלכע האָבן געוווּסט פֿון זײַן אַרבעט און אפֿילע דעם נאָמען, מיט וועלכן ער האָט דאָס ווערק באַטיטלט, און וואָס האָבן ביכלאַל אים אלעמאָל גרויס ערלעך געהאַלטן פֿאַר זײַן גרויס וויסן און פֿאַר זײַן שטיין ווײַט און העכער פֿון אלע זייערע מאָנטעגלעכע ביליקע טאַראַראַמען, האָבן דאָך זיך נישט נעקאָנט אײַנהאַלטן, וועג־ניט־ווען, אײַך פֿון אים שפּיל אָפּצוכייזעקן, קוקנדיק, ווי ער זעט אויס אין זײַן אייסטערלײַשער האַלבאָשע, זעענדיק, ווי ער האַלט זיך ווײַט און אָפּגעשיידט פֿון דעם ראַוו און רימל, און מרעפֿנדיק אים אָפֿט, בעשאַס ער גייט אין גאַס, אָדער זיצט אין קאַפֿע, ווען ער רעדט צו זיך אַליין — און האָבן אים אַליין איבער אָנגערופֿן מיט נאָמען פֿון זײַן ווערק „היה, הווה ויהיה", מײַנענדיק

---

[1] האָיאָ, האָווע וועיִהיע — ס'איז געווען, ס'איז דאָ און ס'וועט זײַן (העבר.).

צו זאָגן, אַז ער איז געווען, איז און וועט בלײַבן אַ באָכער, ווען ס'איז אים אַ ביסל צו באַהיערן און אים ס'דערלויבט זיך אַמאָל אויך שפּאַס מאַכן פֿון אים.

אונדזער באַקאַנטער האָט דאָס ניט אויסגעמאַכט. ער האָט דאָס ניט באַמערקט. ער האָט זיך מיט קיינעם ניט אָנגעקערט, זײַענדיק פֿאַרנומען אין מיט זײַן אייגענעם לעבער מעלאָכע, ווי אויך מיט די פֿיל ביכער, מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגערינגלט, האַלטנדיק זיי אײַנגעהאַנדלטע, געקויפֿטע, אָנגעלייגטע אַ פֿולן צימער אָנגעפּאַקט — אין ביכער-שאַפֿעס, אויף טיש, אויף בעט, און אַפֿילו אונטערן בעט אין אָרדענונג און אין אומאָרדענונג ליגן.

ער האָט שוין געהאַלטן גאָר ווײַט, אונדזער באַקאַנטער. און אָפֿט פֿלעגט ער שוין דעם קאָפּ און די אויגן אויפֿהייבן צו דער סטעליע, ווי אַ יונג צום טרינקען, פֿון איבערגעפֿולטקייט, פֿון איבערגעלאָדנקייט, און אויך — כאַפּן אַ ציטער פֿון קעלט, וואָס איז אים דורך די ביינער אַדורך, דערמאָנענדיק זיך, צו וואָס ער דערנענטערט זיך — אַז צו יענע צוקונפֿט-לײַט, צו די פֿאַרהוילענע און אין נעפּל-פֿאַרבלאָזענע ברוים פֿון דעם הענגענדיקן לופֿט-שלאָס, וואָס פֿאַר זײַנע טרעפּ און פֿאַר זײַן צוגאַנג הערן זיך שוין די טראָמײַטנדיקע און שאַלנדיקע גינגאָלדענע פּאַנפֿאַרן, ווען מ'באַגעגנט זיי אָנקומען, אָדער אַרויסקומען פֿון יענעם שלאָס.

ער האָט שוין געהאַלטן גאָר ווײַט, אונדזער באַקאַנטער, אין ניט האָבנדיק מיט וועמען זיך טיילן, מאַכמעס פֿון גרויסן ראָוו פֿענ-אווילעם האָט ער זיך, ווי געזאָגט, געהאַלטן אָפּגעזונדערט — האָט ער דערום אויסדערוויילט און צו זיך דערנענטערט אַמאָל איינעם, אַמאָל אַ צווייטן פֿון די מער ווערטיקע פֿון זיי, ווי אָט, לעמאָשל, דעם ליטעראַט, וועלכער האָט אונדז דערציילט וועגן אים, — אַ מענטש אַליין מיט באַגאַבונג, אָבער נאָך מער מיט יענער פֿייִקייט פֿון צו קאָנען פֿאַרערן יענעם, וועמען ער האַלט פֿאַר עלטער און העכער פֿון זיך — און פֿאַר אָט די אויסדערוויילטע, געציילטע פֿלעגט ער פֿון צײַט צו צײַט זײַן טיש-שופֿלאָד אויפֿעפֿענען, פֿון דאָרט זײַנע ווערק אַרויסנעמען און פֿאַר זיי עפּעס פֿאָרלייענען.

פֿאַר אַלע אַנדערע, ווי געזאָגט, ווידער, איז ער געווען אָפּגעשלאָסן, אַרויסגענומען און פֿאַרוקט באַזונדער אין זײַן געוויסן איבער-שטיבעלע, וואָס ער האָט עס אויף אַלעמאָל באַליבט און קיינמאָל ניט פֿאַרלאָזט, אַפֿילו ווען די באַלעבאַטים פֿון וווינונג האָבן זיך פֿון איר אַרויסגעצויגן. אַזוי, אַז די הויז-איינגעטימער האָבן שוין געוווּסט, אַז יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן צו פֿאַרדינגען די וווינונג, דאַרפֿן זיי אַפֿריער פֿאַרפֿעסטיקן די כאַזאָקע פֿון אונדזער באַקאַנטן אויף זײַן צימערל און אים איבערגעבן צום נײַעם שאָכן, ווי די ווענט פֿון וווינונג, ווי אַ צוואָק אויף דער וואַנט.

אָט אַזוי האָט געלעבט, אַזוי אויסגעזען און אַזוי האָט זיך אויפֿגעפֿירט אונדזער באַקאַנטער, זײַענדיק ביז איבערן קאָפּ אין זײַן אַרבעט פֿאַרזונקען און האָפֿנדיק, אַז אָט-אָט וועט ער קומען צום געקרוינטן, צום געגאַרטן ברעג שוין — ביז ס'האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע פֿונעם 39-טן, ווען פּוילן, ווי באַוווּסט, האָט געליטן אַ מאַפּאָלע, און אין משך פֿון קורצע צוויי-דרײַ וואָכן איז זי צעריבן געוואָרן און מיט אַ מיליטעריש-געבראָכענעם רוקן געבליבן.

וואַזוי די נײַע מאַכט איז זיך באַגאַנגען מיט דער גאַנצער פּוילישער באַפֿעלקערונג נאָכן זיג — איז באַוווּסט, און מיט דער ייִדישער — אוודאי און אוודאי.

ווי אָט: באַלד נאָך איר אָנקומען, נאָך איידער זי האָט באַוויזן דאָס עמעס-ריכטיקע פּאָנעם, וואָס זי האָט שפּעטער אינגאַנצן אָפּגעדעקט, איז זי אויף דערווײַל, צום אָנהייב פֿון אַלע אָנהייבן, שוין אַרויס מיט די געוויסע אויסנאַם-געזעצן פֿון אַלטן מיטלאַלטערלעכן קאָדעקס, אָנגעווענדט צו ייִדן — צייכענען מיט דער געוויסער אײַנריכטונג, מיט דער געטאָ, וווּהין אַלע ייִדן איז באַפֿוילן געוואָרן זיך אַריבערקלײַבן פֿון אַלע יענע ערטער און ראַיאָנען, וווּ זיי האָבן פֿריִער געוווינט, אין ספּעציעל באַשטימטע קוואַרטאַלן פֿאַר זיי אויסגעטיילט; דערצו נאָך באַשטעלט, באַמויערט און אַרומגעצײַמט מיט שטעכל-דראָט, נעבן וועלכן ס'האָבן באַטאָג, באַ-

נאכט געוואכט סאָלדאטנ מיט געווער אינ האנט, עלעהיי, א האָר זאָל אָפּגיינ פונ מיטלאלטער, ווענ די טויערנ פונ געטאָ זײַנענ באוואכט געוואָרנ פונ סאָלדאטנ מיט אלעבארדנ.

דעמלט איז פונ שלימאזלדיקנ ארכיוו ארויסגעצויגנ געוואָרנ אויכ דאָס איבעריקע אלטווארג, ווי: אז יידנ טאָרנ אָנ קיינ דערלויבעניש־שײַנ ניט ארויס פונ געטאָ, אונ ניט־יידנ טאָרנ ניט ארײַנ אהינ אָנ קיינ דערלויבעניש; ווי אויכ, אז יידנ האָבנ קיינ רעכט ניט זיכ צו באזעצנ אפ די שפּײַז־מערק, ביז די ניט־יידישע באפעלקערונג וועט ניט האָבנ אויסגעקויפט אלצ, וואָס זי דארפ, אונ ווענ ס׳בלײַבט שוינ בלויז ברעקלעכ, רעשטלעכ אונ שיראַיִמ; יידנ טאָרנ ניט באקומענ קיינ מעדיצינישע הילפ, קיינע מעדיקאמענטנ, אפילו ניט קיינ זייפ, וועלכע די מאכט שפּאָרט אונ האלט פאר צו א גרויסנ לוקסוס פאר אזוינע, וועמענ זי האָט אויסגעטיילט אונ וויל זענ פארמיעסטע אונ פארשמוציקטע, ביז זיי ניט צו פארגינענ אפילו קיינ וואסער אינ דער געניגנדיקער מאָס אונ לאָזט זי אָפּ אויכ זייער שפּאָרעוודיק אונ באגרענעצט.

אונדזער באקאנטער איז ווי אלע יידישע שטאָט־לײַט געוואָרנ געטאָ־אײַנוווינער איבער צוויי טעמימ: ערשטנס, ווײַל בייסנ באָמבארדירנ די שטאָט, ווענ זי האָט זיכ אקשאָנעסדיק פארטיידיקט, איז זײַנ הויז, ווו ער האָט געוווינט, כאָרעוו אונ צעוואלגערט געוואָרנ; אונ, צווייטנס, ווענ אפילו ניט כאָרעוו, וואָלט ער אויכ געווענ געצווונגענ זיכ ארויסצוציענ פונ יענעמ אָרט, וואָס האָט זיכ איצט געפונענ אויסערנ טכום, ווו יידנ איז זיכ דערלויבט צו באזעצנ.

ער האָט אויכ איצט געקריגנ א בוידעמ־שטיבעלע אפ איינעמ א הויכנ עטאזש, אָבער שוינ נישט, ווי פריער מיט קיינ אויסבליק אינ א הויפ אונ אפ א פרעמדנ דאכ, נאָר אפ א ראַשיקער טומלדיקער גאס ארויס. ער האָט שוינ נישט געהאט מיט וואָס קיינ טויבנ צו האָדעווענ, ווײַל ער האָט זיכ אליינ געניי־טיקט אונ געמוזט אָנקומענ נאָכ הילפ צו דער יידישער קעהילע, וואָס אירע מיטלענ זײַנענ אויכ געווענ ענג אונ באגרענעצט, מאכמעס פונ אויסנ האָט זי קיינ שטיצע ניט באקומענ אונ האָט זיכ געמוזט שפּײַזנ פונ אייגענע זאפנ, ד. ה. נעמענ בא קלענערע קאפּצאָנימ אונ אָפּגעבנ צו גרעסערע...

אונדזער באקאנטנס בוידעמ־שטיבעלע האָט איצט אויסגעזענ שטארק אָרעמ אונ באנומענ, אָנעמ נייטיקנ מעבל, וואָס האָט אויסגעפעלט, אונ אָנ אפילו זײַנע ספאָרימ, מיט וועלכע ער האָט פריער געהאט זײַנ צימערל פארפילט — אינ ביכער־שאפעס, אפנ טיש, אפנ בעט, אינ אויכ אונטערנ בעט, אינ אָרדענונג אונ אינ אומ־אָרדענונג ליגנ. איצט הויל אונ מיט נאָרנישט פארפילט, נישט באצירט, אויסער מיט צוויי בילדלעכ, וואָס ער האָט באוויזנ פונ זײַנ פריערדיקנ צימערל ארויסצוראטעווענ אונ אהער צו ברענגענ, אונ וואָס ער האָט זיי אויכ איצט געהאט אפ זײַנ טישל איינס אנטקעגנ צווייטנ אוועקגעשטעלט. איינס — פונ עפּעס א האלב נאקעטער פרוי, וואָס טוט מיט א האנט איר ברוסט פארשטעלנ, אונ דאָס צווייטע — פונ אַנ אָפּגעריסנ באָרוועסנ פארשוינ מיט א ביקס אינ האנט — ביידע שוינ אָפּגעריבענע אונ פונ דער צײַט אָפּגעבליאקעוועט.

אָבער דאָס אלצ איז גאָרניט קעגנ דעמ, וואָס האָט אימ פיל ערגערס געטראָפנ ביים דער באָמבארדירונג — דאָס, וואָס א גרויסער טייל פונ זײַנ באלד שוינ אויסגעפארטיקט ווערק איז אימ פארלוירנ געגאנ, אונ דאָס, וואָס אימ איז געבליבנ, שוינ אויכ קאליקעוואטע, צעשעדיקטע — טייל פארנעצט, טייל צוגעברענט אונ פארכמאליעט.

דאָס האָט אימ אינגאנצנ צוגעפלעטשט אונ אויס מענטש געמאכט, נישט זעענדיק קיינ מעגלעכקײַט זיכ ווידער ווענ אמאָל קאָנענ נעמענ פאר דעמ אונ דאָס אופשטעלנ, ניט פילנדיק אינ זיכ שוינ די פייִקײַט דערצו, מאכמעס אי די יאָרנ האָבנ ניט דערלויבט, אי נישט די באדינגונגענ, וועלכע האָבנ זיכ אָנגערוקט, ווי א וויסטע כמארע.

עמלט האָט מען אים שוינ גאָר אָפט געזען דעם קאָפ און די אויגנ צו דער סטעליע ארופהייבנ, אָבער שוינ נישט פונ איבערפולטקײַט און איבערגעלאָדנקײַט, ווי פריִער, נאָר פונ פארלוירנקײַט און פונ זוכנ א זינ צו זײַנ דאָ-זײַנ, וואָס ער האָט דאָס געפינענ פאר איבעריק און נישט ווערט, ער זאָל צוליב דעם די פיס שלעפנ. זײַנ פארטראָגנקײַט, וואָס האָט אלעמאָל געמאכט זײַנע אויגנ זיכ איבערציִענ מיט א ווײַס-קאלעמוטנע, מילכ-קאָליריק הײַטעלע, האָט זיכ איצט נאָכ מער געשטארקט. אָבער ניט, ווי פריִער, פונ דעם, וואָס ער האָט אלעמאָל אינ דער ווײַט אריבערגעקוקט און מיט א וואכנ אויער געגלייבט שוינ צו הערנ דאָס טרומייטנ און שאלנ פונ די פריידפולע פאנפארנ, נאָר פונ דעם, וואָס אלע זײַנע קנופנ מיט דער וועלט שוינ לויז און אופגעבונדנ, און פונ דעם ווידער, וואָס אפ איר ווירקלעכקײַט איז אים ניט קעדײַ געווענ צו קוקנ.

אז ער האָט אמאָל דורכנ פענצטער ארויסגעקוקט, האָט ער געזענ, וויאזוי ייִדנ ווערנ געיאָגט און געטריבנ, אלט און יונג, אפ דערנידערונג און שענדלעכקײַט, און וויאזוי צום פארגעניגנ פונ די פאָרשטייער פונ דער מאכט אָדער אפילע בלויז צום פארגעניגנ פונ פאָשעטע זעלנער, ווערט אמאָל אזא פאָרשטעלונג געגעבנ, ווענ אלע צוזאמענגעטריבענע און אינ א גרויסער צאָל פארזאמלטע אײַנוווינער ווערט באפוילנ, זיי זאָלנ זיכ אפנ גאס, אפנ טראָטואר אוועקלייגנ און אזוי, זיכ רוקנדיק, מיט זיכ אליינ און מיט די מאלבושים זייערע פארקערנ דעם שטויב און דאָס מיסט, ווי מיט בעזעמער.

ער אליינ איז שוינ, זינט די מאכט איז ארײַנ, אינ גאס ניט ארויס, ניט וועלנדיק זיכ באגעגענענ מיט יענע, וואָס האָבנ צופעליק, ווײַזט אויס, — זיכ אינ אים ניט דערמאָנט, און אים דערווײַל נאָכ ניט אופגעפאָדערט זיכ אײַנצושפאנענ אינ וואָגנ פונ שענדלעכקײַט, ווי אלע אנדערע. נאָר ער האָט זיכ אָפגעהאלטנ פונ זיכ ווארפנ זיי אינ די אויגנ און זיכ אָנצושלאָגנ מיט זיי, ווײַסנדיק, אז יעדער באגעגנטער געטאָאײַנוווינער איז אפילע אינ דער צײַט פונ זייער ניט אָרדנטלעכער רישעס — א קאָשער געפינס אָדער בלויז פונ אים כויזעק צו מאכנ, אָדער ערגער — אפ אים אויספרווונ די קראפט פונ דער טרייפענער האנט, ווי ווענ מ'שלײַדערט א שטיינ אינ א טוימער ציל-ברעט.

ער איז געווענ געפלעפט פונ דעם, וואָס ער האָט זיכ אָנגעזענ, קוקנדיק דורכנ פענצטער, ווי אויכ פונ וואָס ער האָט געהערט פונ באקאנטע, וועלכע פלעגנ אים באזוכנ — עמעס, שיטערלעכ, מאכמעס מ'האָט געשפאָרט אנ איבעריקנ גאנג אינ גאס, ווו מ'איז אלעמאָל געווענ אײַנגעשטעלט; און אויכ פונ וואָס ער האָט געהערט פונ שכיינים, שכיינעס, פונ גאנצנ הויז, וועלכע פלעגנ זיכ פארזאמלענ בא די באלעבאטים, בא וועמענ ער האָט זײַנ צימערל פארנומענ; — מענטשנ פונ פארשיידענעם געכטנ, פונ פארשיידענעם שניט, געוועזענע שטייגער אינ הוילשטאנד, וועלכע זײַנענ אלע מיטאמאָל פונ אלערליי ערטער און שטאָט-ראיאָנענ אהער, אינ געטאָ, צוזאמענגעיאָגט געוואָרנ; מענטשנ פונ פארשיידענער דערציִונג, ווי פויליש-ייִדישע אריסטאָקראטנ, האלב און גאנצ רײַכע, וועלכע האָבנ זיכ די ערשטע צײַט ווײַט געהאלטנ פונ דער ייִדישער מאסע און ניט געוואָלט שאָלעמ מאכנ מיטנ אלגעמיינעם גוירל, וואָס האָט אלעמענ פארייניקט אינ איינ צאָרע, אינ איינע שמוציק-צונויפגעדריקטע וווינונג-באדינגונגענ, אָבער וואָס פאמעלעכ-פאמעלעכ האָבנ זיי זיכ יאָ געוווינט, יאָ שאָלעמ געמאכט און, סאָפקאָלסאָפ, האָבנ זיכ גענומענ צונויפגייג, זיכ פארשטענדיקנ אפ פארשיידענע פריִער אָפגעפרעמדטע שפראכנ און זיכ קלאָגנ אינ איינ קאָל: „צאָ מאָ בענדזי?! צאָ מאָ בענדזי?!“ — האָבנ זיכ געקלאָגט די פויליש-ריידנדיקע, — „וויי, וויי, ס'ארא אומגליק אפ אונדז!“ — האָבנ זיכ זיי אנטקעגנ געקלאָגט די אלעמאָל ייִדיש-ריידנדיקע ייִדנ.

ווײַל יאָ, די ווירקלעכקײַט האָט אויסגעגלײַכט, פאראייניקט און צוזאמענגענומענ און-מער איינ אומגליק — דאָכ, אָנ קיינע מעיוכאָסימ, אָנ קיינע אויסנאמענ און אָנ שום אויסגעטיילט זײַנ צום בעסערנ און צו געפינענ מער כיינ אינ די אויגנ פונ דער

מאכט, וואָס האָט שוינ איבער אַלעמענס קעפ געלאָזט אויסשווימענ דעמ באַלד־אָנקומענדיקנ אורטייל, וועלכנ זי האָט נאָכ דערווייל אינ בוזעמ פאַרשטעקט געהאַלטנ.

אונדזער באקאנטער האָט גאָר ניט געדענקט פירצינעמענ אפ ארויסציִענ פונ אָט דער לאַגע — נישט ווי אַנדערע, מער יונגערע אונ אונטערנעמונגספייִקע, וועלכע האָבנ זיכ געריסנ פונ דער געטאָ. מיינענדיק גאַנזוענענ די מיזרעכ־גרענעצ אינ זיכ אריבערפעקלענ אהינ, ווו ס'איז פאַרגעשטאַנענ א רעטונג. ער — ניט, אי מאַכמעס שוינ אַלט אונ לאַבליטנ ניט פייִק אפ אַזוינס, אי, דעריקער, ווײַל ס'איז אים אַלציינס געווענ: — ניט, — ניט, פונ גלײַכגילט אונ אָפּגעלאָזנקייט.

ער פלעגט שוינ גאנצע טעג ליגנ אויסגעצייגנ אפ זײַנ בעטל, מיט די אייגנ צו דער סטעליע געווענדט, ניט וואַרטנדיק אפ קיינ יעשועס, וועלכע קאָנענ אמאָל אומגעריכט טרעפנ; אונ אויכ אפילע ניט אפ דער הילפ פונ דער קעהילע, וועלכע איז אים אָפּגעלאָזט געוואָרנ זייער שפאָרעוודיק, אונ וואָס מאַכמעס מאַנגל אינ מיטלענ פלעגט זי נאָכ דערצו אפ פיל פאַרשפעטיקנ, אינ ער פלעגט בלײַבנ טעגווײַז אָנ גאָרניט. ער האָט נישט געוואַרט, נישט ארויסגעקוקט אפ איר, ווײַל זײַנ באַדאַרפ אינ אײַנגעשרומפענער, אונ ווײַל ביכלאַל האָט ער געטראַכט, אז אומזיסט ווערט זי אים דערלאַנגט, די הילפ — אים, וואָס ער נעמט זי איזעק בא אַזוינע, וואָס נייטיקנ זיכ אינ איר מער, ווי ער, ווײַל זיי זײַנענ יונגער, געזינטער, זייערע באַדערפענישנ גרעסער אונ דערפאַר אויכ מער באַרעכטיקט.

שוינ ניט האָבנדיק אינ זינענ ניט זיכ אונ קימאַט אפילע ניט דאָס ווערק, וואָס איז אים געבליבנ פונ מאַזל באַרויבט, האָט ער געפייִעלט בא זיכ אָט אַזוי אפנ בעטל ליגנ, אויב מ'וועט אים ניט אראָפּבעטנ פונ דעמ, ביז ער וועט זיכ אויסוואַרטנ אפנ געוויסנ נאַכט, וואָס ער קאָנ קימענ אים באַפרײַלנ, אי ווי אַנ אַלטנ, אי ווי אַזאַ, וואָס דער אינטערעס האָט זיכ אים אײַנגעלאָזט צו אַלדעמ, פאַרוואָס אַנדערע קלאַמערנ זיכ אינ ווילנ זיכ מיט לעצטע קײַכעס אינ דעמ אָנהאַלטנ.

אינ אָט אַזוי האָט ער מאַקע אײַנמאָל זיכ אויסגעדריקט פאַר זײַנע באַקאַנטע, וואָס האָבנ אים ארומגערינגלט, טרעפנדיק אים אינ בעט: ווענ דער מאַלעכ־האַמאָוועס, האָט ער געזאָגט, זאָל זיכ צו אים אַרײַנשטעלנ אָנ פאַראַד אינ אָנ איבעריקע טאַראַראַמענ אינ פאָדערנ, וואָס ס'קומט אים, וואָלט ער דאָס אים גערנ אַנטקעגנ געטראָגנ, מיט דער פולסטער האַסקאָמע אינ אָנ א וואָרט צו זאָגנ. פאַרקערט: א דאַנק... גאָט האָט געגעבנ, גאָט — גענומענ, אונ זאָל זײַנ נאָמענ זײַנ געבענטשט פאַר די פיל מויזועס, פונ וועלכע ער האָט אפ זײַנ לעבנ גענאָסנ: פאַר די פילע שיכ, וואָס ער האָט צעריסנ, אינ פאַר די קוגלענ, וואָס ער האָט פאַרצערט.

ס'איז געווענ אזא לאַגע, אז זיי, זײַנע באַקאַנטע, אז זיי האָבנ פונ אים אָט די רייד פאַרנומענ, האָבנ אים מיט גאָרנישט דערווידערט, ניט איבערגעשלאָגנ אינ ניט געפּרוּווט אים אָפּרעדנ, ווי אַנ אַנדערש מאָל, ווענ מ'הערט אַזוינס פונ עמעצנ אינ ס'קלעקט מוט, אימפעט יענעמ אינ זײַנ פאַלש צו איבערצײַגנ אונ אים דערווײַזנ, אז ער איז אריפגעטראָגנ נישט אפ קיינ ריכטיקנ וועג. איצט — ניט. מ'איז אַליינ אויכ ניט ווײַט געווענ פונ צו טראַכטנ אינ אָט דער ריכטונג אינ מ'האָט אים, שטילערהייט, ווי דעמ גערעכט אָפּגעגעבנ.

מ'האָט באַמערקט, ווענ מ'פלעגט אים צו יענער צײַט באַזוכנ, ווי ער וואַרפט עפּעס צו אָפּטע פאַרבאָרגענע בליקנ אפ די אָפּגעבליאַקעוועטע אינ פונ צײַט פאַרמוהלטע בילדלעכ אפ זײַנ טיש. מ'פלעגט אים אויכ אַמאָל טרעפנ בא זײַנ טיש איבער עפּעס צעשייבערטע, האַלב פאַרנעצטע, האַלב פאַרשמאַליעטע בלעטלעכ זיצנ, אינ ווענ ער פלעגט דערהערנ, אז מ'גייט, מ'קומט אָנ צו אים, אַזוי פלעגט ער זיכ איפכאַפּנ אונ אַפּגיכ זיכ אָפּרײַסנ פונ דער מעלאָכע, גלײַכ מ'וואָלט אים געכאַפּט בא אַנ אַוויירע, בא א פאַרבאָטענער זאַכ, פאַר וועלכער מ'דאַרפ זיכ שעמענ.

ער האָט אָפּט דעמלט, דערצײַלט דער ליטעראַט, שוינ ניט גאָר געשעפּטשעט צו זיכ אַליינ, גאָר גערעדט הייכ אפנ קאָל, נישט גאָר בלײַבנדיק אַליינ, גאָר אויכ אינ דער אָנוועזנהײַט פונ באַזוכער, ווענ מ'פלעגט פונ אַנ אַלגעמיינעמ געשפּרעכ,

אונ ווענ ער פלעגט זיכ מיטאמאָל אויסשליסנ פונ אַלגעמיינעם אונ נעמענ רייד: אַזוינס, וואָס האָט צו אַנדערע קיינ שײַכעס ניט אונ גלײַכ קיינער איז אינ צימער ניטאָ. אונ מ'הערט אים ניט.

ער האָט שוינ דעמלט ביכלאַל אויסגעזעג, ווי א האַלב דולער, וואָס פידט אַנ אייגענעם כעזשבנ מיט זיכ... ס'האָט זיכ געפילט, אַז ער וואַרט אַפּ עפּעס זייער וויכטיקס, ווי ערעוו־יאָמטעוו אַפּ א יאָמטעוו, גרייט זײַענדיק, אַפּאָנעם, אופּצונעמענ דעם געווינסנ גאַסט, וואָס אַז ער וועט אים טרעפנ מיטנ אויסגעצערטנ גופ אויסגעצויגנ אַפנ בעטל ליגנ, וועט ער נאָר א קליינע האַנט דאַרפנ צולייגנ, אַז ער זאָל אים אַרײַנבאַקומענ, א נאָכגעגעבענעם, געשטילטנ אונ אינגאַנצנ א זײַניקנ. מ'האָט דאָס געזעג בעכויש, ווי יעדעס מאָל, בײַם סאַמע אינמיטנ א געשפּרעכ פלעגט ער א דריי אויס טאָג דעם קאָפּ צו דער טיר מיט אַזאַ פאַרינטערעסירטנ בליק, גלײַכ אַט באַלד דאַרפ זיכ טאַקע פונ דאָרט באַווײַזנ דער, וואָס איז אים איצט אַמוויכטיקסטנ אונ אַמסאַמע געווינטשנסטנ.

די באַלעבאַטימ פונ דער וווינונג האָבנ דערציילט, אַז ווענ שטוב־לײַט פלעגנ זיכ צו אים דעמלט אַרײַנשטעלנ, אים וועלנ באַהילפיק זײַנ מיט וואָס נייטיק איז, אַזוי פלעגנ זיי אים אַמאָל טרעפנ זיכ אָנטאָנ צום אַוועקגיינ, — מיט אַזאַ אויסזעג, גלײַכ ער וואָלט לאַנג געהאַט געוואַרט אַפּ עמעצנ אונ, זיכ ניט אויסוואַרטנדיק, זיכ אים אַנטקעגנגעלאָזט, פאַרגעסנדיק, אַז יעדער גאַנג אינ גאַס איז פאַרבונדנ מיט סאַקאָנע, ביפראַט פאַר אַזאַ, ווי ער, וואָס קאָנ פונ א ליאַדער באַוועגעניש, פונ א מינדסטנ שטויס געשעדיקט ווערנ. מ'האָט דאָס אים געדאַרפט דערמאָנענ אונ אים אָפּציִענ פונ זײַנ באַשלוס, וועלכנ ער האָט אָנגענומענ אינ גרויס פאַרטראָגנקײַט, ווײַזט אויס, אונ פונ פאַרגעסנ די נויט־לאַגע, אינ וועלכער מ'געפינט זיכ.

די באַלעבאַטימ האָבנ ווײַטער דערציילט, אַז ער פלעג דעמלט צו אָפּט בײַטנ וועש, וואָס אינ יענע באַדינגונגענ איז דאָס געווענ פונ גרויס כשיִועס, מאַכמעס מ'האָט באַדאַרפט ניט נאָר זייפ זשאַלעווענ, נאָר אַפּילע וואַסער, אונ זיכ ניט באַגיינ מיט אַזוינע זאַכנ אַזוי פאַרשווענדעריש, — א סימנ ווידער, אַז ער האָט זיכ געהאַלטנ אינ ריכטנ אַפּ עפּעס א יאָמטעוו, וועלכנ ער דאַרפ באַערנ אונ אים זויבער באַגעגענענ.

מ'האָט ווײַטער דערציילט, אַז מ'פלעגט אים דעמלט הערנ אַמאָל באַטאָג, אַמאָל בײַנאַכט, עפּעס זאָגנ, זינגענ, — דאַכט זיכ, פּכיקים אָדער גאַנצע קאַפּיטלעכ טילימ, מיטנ אַלטנ, נאָר אַלטנ ייִדישנ נוסעכ, דעם שטאַרק פאַרטרויערטנ אונ פרומ־נאָכדרווייקעמנ, וואָס איז, געוויס, פונ אים אַרויסגעקומענ אומווילק, נישט זײַענדיק באַ[illegible]ער קלאָרער דייע, מאַכמעס ער איז אַלעמאָל, ווענ יאָ קלאָר, געווענ ווײַט פונ פרומקײַט.

אָט אַזוי האָט ער זיכ געהאַלטנ, שטיל צאַנקענדיק, א שטיקל צײַט. אינ נאָכדעמ, ווי ער האָט פיל מאָל גערעדט צו זיכ אַליינ, געזאָגט אונ געזונגענ, וועש געביטנ אונ געקוקט אַפּ די בילדלעכ, וואָס אַפּ זײַנ טיש, אונ אויכ זיכ געווענדט מיטנ בליק צו דער טיר, וואַרטנדיק אַפנ געווינסנ גאַסט, פאַר וועמענ ער האָט געהאַלטנ די נעשאָמע אָנגעגרייט, זי אים אַנטקעגנ צו טראָגנ, אונ יענער, דער געוואַרטער, האָט זיכ אַלץ ניט געוויזנ, — אַזוי האָט ער זיכ אײַנמאָל, נישט באַמערקט פונ קיינעם אונ די שטוב־לײַט, וועלכע האָבנ אים פונ אויג אַרויסגעלאָזט, זיכ אַרויסגערוקט. מענטשעכ, ס'האָט אים געדאַכט, אַז אינ איצט איז דרויסנ שטיל, ווײַל א פּאָר טעג זײַנענ אַוועק, ווענ די מאַכט האָט קיינ איבעריקע רײַשעס נישט אַרויסבאַוויזנ, אונ ער האָט זיכ באַשלאָסנ אַרויסגיינ זענ, ווי מוישע אינ מיצראַימ, זײַנע ברידער בסבלותם, ד. ה. אינ זייערע לײַדנ, ווי ער האָט זיכ אינ זײַנ מעטושטעשנ געדאַנק געוויס [illegible]געזאָגט: זענ, ווי לעבט זיכ, וואָס טוט מענ, מיט וואָס ס'באַשעפטיקט זיכ אונ וואָס ס'אָטעמט די געמאָ. אַזוי האָט ער געטראַכט, ווענ אינדערעמעסנ האָט [illegible] זיכ געלאָזט דעם טויט אַנטקעגנ.

און דאָ, איידער מיר גייען איבער צו דערציילן, וואָס ס'איז מיט אים אין :אָפּ מיט דער מאכט זיך פּרעפּנדיק, געשען, און וואָס מיר זאָגן אפריער, אז דאָס אי גול און נישטיק קעגן אלעם דעם, אפּ וואָס יענע מאכט האָט זיך שפּעטער ארויס באוויזן פּייניק אפּ צו מאכן געשען; איידער מיר גייען דאָס דערציילן, ווילט זיך אונדז די שיך אויסטאָן, זיך אוועקזעצן אין א ווינקל-שטוב און הייסן ארײַנברענגען א שפּייז, און, אזוי זיצנדיק, לאנג אין אים זיך אײַנקוקן, ווי מ'טוט אמאָל ביים שיוע, — און נישט אזוי, זאָגן מיר דאָ ווידער, פון צאר פון געשעענעם, ווי אויך אפילו ניט פון די פאָלגן, וואָס האָבן זיך באקומען פון דעם פאר אונדזער באקאנטן, נאָר פון דעם, וואָס מיר האָבן דערלעבט א דאָר, ווען ס'געשיקט זיך אזוינס, פאר וואָס דער מענטשלעכער זיקאָרן וועט זיך שפּעטער דארפן אזוי שעמען, אזש ביז דעם קאָפּ אונטער דער פאכווע פארשטעקן, און וואָיען, וואָיען, ווי א וואָלף, לאנג און ביטער

יאָ, דאָס מאָל האָט קיינער פון די שטוב-לײַט אים ניט באמערקט, אָדער מ'אי[ז] אין דער היים ניט געווען, מ'זאָל אים אָפּהאלטן פון אוועקגיין.

און ס'איז געווען: ווי נאָר ער איז ארויס פון הויז און געמאכט אייניקע שפּאַ[ן] פארבײַגייענדיק נאָך א פּאָר שכײנעסדיקע הײַזער, אזוי האָט ער זיך פּלוצלינג אָנ געשלאָגן אָן א גרופּע מאכט-האָבער אין דער פּערזאָן פון פּאָטעמע זעלנער, בראָ מיט אייגעם, וואָס האָט זיך ארויסבאוויזן פאר זייער אן עלטסטן.

ס'איז ווײַטער געווען: אז ווי נאָר יענע האָבן אים באמערקט אין זײַן מאָרגנ האלבאָשע — איינעם געוויסן קאפּעלוש מיט די קורצלעכע ראנדן, וואָס ער האָ[ט] עס אלע מאָל אויסגעזוכט אין די הוט-מאגאזינען פון צווישן ליגער- און אויס מאָדע-סכוירעס, אויך איינעם הענג-מאנטל, וואָס ער האָט אים שוין געטראָגן פיל מאָ[ל] געביטן פון אלט אפּ נײַ, אָבער וואָס זײַן פאסאָן איז געבליבן דער זעלבער און האָ[ט] אים איצט געמאכט אויסזען ענלעך אפּ אן אלטן אָפּגעפּאָרענעם אקטיאָר אויך מיט די אָנגעקומשערובעטע האָר אפּ זײַנע ביידע זײַטן קאָפּ, מי[ט] די אויסגעגריבלטע באקן — מער ביין, ווי הויט, און מיט די פארזשמירעטע אויג[ן] אי פון עלטער, אי פון לאנג אין שטוב זיצן און אין דרויסן זיך ניט ווײַזן, — ח נאָר מ'האָט אים דערזען, אזוי האָט זיך די גאנצע גרופּע זייעריקע פארהאלטן א[ן] זיך א שטעל אָפּ געטאָן, דערפילנדיק אין אים א פארשוין, וואָס קאָן שאפן יענ[ע] ביסל פריילעכקײַט, אין וועלכן ס'נייטיקט זיך אזא סאָרט קאָמפּאניע, נאָך א זא עסן אמאָל, ביים א שפּאציר, אָדער גלאט ווען מ'איז אופגעלייגט און ס'גליסט זי[ך] א שפּאס טאָן.

דעמלט איז דער עלטסטער צו אים צוגעגאנגען און, קומענדיק אים האַרט פּאַ זײַן פּנים, האָט א זאָג געטאָן:

— ווער ביסטו, דו פלעדערמויז, דו שטינקטאַז, דו וואנץ-פּארשוין?

— איך? — האָט אונדזער באקאנטער, דערזעענדיק, פאר וועמען ער איז שטיי[ן] געבליבן און פון וועמען פארהאלטן, פארבײַ אויער יענעמס זידל-ווערטער אדורכ געלאָזט און געענטפערט ערנסט, ווי אפּ אן ערנסט: — איך — א ליטעראט.

— אזוי, א שריפטשטעלער, הייסט עס, — האָט זיך דער עלטסטער, וואָס האָ[ט] דאָס וואָרט גענומען פארן גאנצן בינטל זײַניקע, זיך ארויסגעוויזן פאר א ווי קענעוודיקן און האָט אויך דעם ווײַטערדיקן געשפּרעך געוואָלט פירן און פאָרזע[ן] פאר אלע. — נו, און קיין קלאָון קיינמאָל ניט געווען? אין קיין צירק ניט געדינ[ט]?

— ניין, — האָט געזאָגט אונדזער באקאנטער.

— איז זאָל ער דאָס מאכן איצט!

— וואָס הייסט?

— דאָס הייסט, זיך איבערקוליען, זיך ברעכן און באווײַזן דאָס אופלײַכטנדי לעמפּעלע אין זײַנע פּאיאצן-הויזן פון זײַן פונהינטן.

— וואָס מיינט דער הער אָפיצער? — האָט אונדזער באקאנטער מיט די אָק געקנייטשט, נישט פארשטייענדיק — כ'קאָן דאָס ניט. כ'בין ניט דער מענטש.

— אבער שנעל! אונ אויב ער קאָנ ניט, וועט ער אימ לערנענ. — ווער? דער הער אָפיצער, וואָס גלײַכ איז אימ דער קאס פונ די אויגנ אינ פּאָנעמ ארײַנ אינ פונ דאָרט אינ דער רעכטער האנט, וועלכע האָט זיכ אויסגעשטרעקט אונ צומ באַקאנטנס קאָפּ זיכ דערנענטט.

ער האָט אימ שטיל, פאמעלעכ אָנגענומענ מיט צוויי פינגער פאַר זײַנ רעכטנ אויער, אונ שווײַגנדיק, אָנ א וואָרט צו זאָגנ, אימ גענומענ ציִענ אראָפּ, אראָפּ, אזוי לאנג, אז דעמ באקאנטנס קאָפּ אונ גאנצער קערפּער האָט זיכ געמוזט נאָכגעבנ, זיכ בייגנ אונ נאָכציִענ, געפינענדיק זיכ אינ קלעמ אונ ווי אינ אײַזערנע צוואנגענ צווישנ יענעמס פינגער.

ער האָט אימ אזוי לאנג געצויגנ, ביז ער האָט אימ געמאכט אָנרירנ מיטנ מויל דעמ טראָטואר, אפּ וועלכנ ער מיט זײַנ קאָמפּאניע האָבנ זיכ געפונענ, אונ דעמלט האָט ער א זאָג געגעבנ:

— בוק זיכ פאַר די נאציאָנאל-גענאָסנ.

ס'איז אימ ווייניק געווענ, האָט ער אימ, אָט אזוי ציִענדיק, צוגעשלעפּט צומ ברעג פונ טראָטואר, ווו ס'איז געשטאנענ אָדער גערונענ א שמוציקע גאס-רימשקע, אונ אימ געצוווּנגענ דאָס מויל, דאָס פּאָנעמ, די אויגנ ביז דעמ שטערנ אינ איר אײַנטונקענ.

איז דאָס אימ נאָכ אלצ ווייניק געווענ, איז ווי יענער איז אזוי געבליבנ אנ אָנגעבויגענער, א דערנידעריקטער אונ פארשעמטער, האָט דער עלטסטער, צו באקרוינענ זײַנ פארשעמטקײַט, דעמ טייל הענג-מאנטל, וואָס אפּ זײַנ רוקנ, אופגעהויבנ אונ מיט אימ זײַנ קאָפּ איבערגעדעקט, אונ ווענדנדיק זיכ צו זײַנע מיטכאווערימ, צו די זעלנער, וואָס זײַנענ די גאנצע צײַט געשטאנענ אונ די שפּיל צוגעקוקט, א זאָג געגעבנ:

— קוקט, זאָגט: ס'לויכט, צי ניט?

— ניינ, ניט... — האָבנ יענע קלוימערשט קוקנדיק אהינ, וווּהינ ס'איז זיי אָנגעוויזנ געוואָרנ, אויסגעשריִענ אונ פונ פריילעכקײַט ווי די פערד זיכ צעהירזשעט.

— ניט? באלד!..

אונ דאָ האָט דער עלטסטער מיט א הארטנ אונ שארפנ שטיוול-שפּיצ דערלאנגט אונדזער באקאנטנ גאָר ניט אינ קיינ גוט אָרט אונ גאָר ניט אינ קיינ ש ײ נ אָרט. אזא סאָרט זעצ, אז ס'האָט זיכ ווירקלעכ מאקע צעלויכטנ, — עמעס, נישט קיינ לעמפּעלע, נאָר א גאנצער לאָמפּ, — עמעס, אויכ, ניט דאָרט, ווו דער עלטסטער האָט זײַנע מיטכאווערימ אָנגעוויזנ, נאָר אינ די א ו י ג נ פונ אונדזער באקאנטנ, וואָס האָבנ פּלוצעמ אופגעבליצט אונ דערנאָכ שטארק פארפינצטערט געוואָרנ, אונ דעמלט האָט ער א פאל געטאָנ אנ אונטערגעהאקטער, א פארטויבטער, א פארבלענדטער אונ געווענ שוינ נישט בעקויעכ אלײנ זיכ אופצוהייבנ.

יאָ... אונ אז יענע זײַנענ אוועק נאָכ דעמ, ווי זיי האָבנ אָפּגעטאָנ זייער שיינ שטיקל ארבעט, וואָס אלע בײַזײַענדיקע האָבנ דערצו גאָרניט געקאָנט זאָגנ, זיכ ניט קעגנשטעלנ, מוירע האָבנדיק זיכ ארײַנצומישנ אינ אפילע נאָענט צומ אָרט צוגיינ; נאָכ דעמ, ווי יענע זײַנענ אוועק, אזוי האָבנ גאס-מענטשנ דעמ באקאנטנ פונ זײַנ אומגעוואלגערטקײַט אונ כאלאָשעס אופגעהויבנ, אונ, פירנדיק אימ אונטער די הענט, אימ ביז זײַנ הויז געבראכט, אויכ אפּנ אייבערשטנ עטאזש אופגעהויבנ אונ דערנאָכ אימ אינ זײַנ צימער אפּנ בעט, א שווײַגנדיקנ, א בלאסנ אונ האלב-טויטנ אוועקגעלייגט.

ער איז געלעגנ מיט געשלאָסענע אויגנ, אָנ א וואָרט צו זאָגנ — נישט די שטובלײַט, וועלכע זײַנענ זיכ אָנגעלאָפנ אונ אימ געוואָלט העלפנ, ווי אויכ נישט די מעקוראָווימ אונ באקאנטע, וואָס, געוווירע-ווערנדיק וועגנ דער מײַסע, זײַנענ זיכ צונויפגעקומענ אונ ארומ זײַנ בעטל זיכ פארזאמלט.

דאָס איז געווענ א האלב טויט: שווײַגעניש, דער אָנהייב פונעמ סאָפ, וועלכנ ער האָט, ווײַזט אויס, באליבט מיט דער לעצטער ליבע...

ער האָט שוינ קיינ עסנ ניט אָנגענומענ, נישט דעמ ערשטנ טאָג, אויכ נישט שפּעטער, אונ ווענ מ'האָט אימ דערלאַנגט, האָט ער דאָס מיט א ווונק ווי אָפּגעשאַרט אונ געהייסנ פאַרנעמענ. ער האָט קיינ דאָקטער=באַזוכ ניט דערלאָזט, ווידער ווינקענדיק: ניינ, ס'איז איבעריק.

אַז ער האָט איצט ווענ יאָ אַמאָל די אויגנ געהאַלטנ אָפנ, האָט מענ באַמערקט, ווי ער האַלט זיי איצט נישט, ווי פריִער, צו דער טיר געווענדט, נאָר צומ פענצטער, וואָס מ'ווייסט ניט, פאַרוואָס ס'האָט אימ אהינ עפּעס געצויגנ.

נו, אונ נישט דערוואַרטנדיק זיכ אויכ איצט אפנ געגאַרטנ גאַסט, אפ וועלכנ ער האָט אַרויסגעקוקט די ערשטע טעג נאָכ דעמ, ווי דאָס אויבנדערמאָנטע איז געשענ, האָט ער, ווײַזט אויס, באַשלאָסנ, יענעמ דעמ ווענ פאַרשפּאָרנ...

באַלעבאַטימ פונ זײַנ וווינונג האָבנ דערציילט, אַז א נאַכט דערפריִער, איידער ער האָט זײַנ באַשלוס אויסגעפירט, האָט ער זיכ פונ בעטל אַראָפּגעשלעפּט אונ זיכ לאַנג אַרומגעדרייט אפ עפּעס פאַרטרוימטע פיס, ווי א לעוואָנע=וואַנדלער, וואָס א פרעמדער קויעכ פירט אימ. ער האָט יענעמ אָוונט, האָבנ זיי ווײַטער דערציילט, ווידער עפּעס „געזאָגט" אונ באַנאַכט געזונגענ.

אונ אינדערפרי האָט דאָס געטראָפנ...

מיר זײַנענ ניט געווענ דערבײַ, נאָר מיר שטעלנ זיכ דאָס פאָר בעערעכ: ער האָט צוערשט געביטנ וועש, וואָס דאָס איז געווענ צו זענ פונעמ אויסגעטאָנענעמ, וואָס איז דערנאָכ אפ א בענקל ליגנ געבליבנ. ער האָט זיכ אָנגעטאָנ ווי צומ אַוועקגיינ: אינעמ הענג=מאַנטל. דעמלט האָט ער זיכ מיטנ פּנימ צו זײַנ טישל געשטעלט, געווענדט צו די צוויי בילדלעכ, וואָס האָבנ זיכ דאָרט געפונענ, אונ ער האָט זיכ מיט זיי שטיל=שווײַגנדיק געזעגנט, אָדער — אָדער: אָדער א טרער לאָזנדיק, אָדער שטייענדיק פאַר זיי פאַרגליווערט.

אונ שוינ: דעמלט האָט ער פונ שופלאָד דאָס גײַשער=ווערק אַרויסגענומענ אונ מיטנ דעמ צומ פענצטער צוגעגאַנג, דאָס געעפנט אונ גענומענ ציִענ איינציקע בלעטלעכ אונ גאַנצע פּעק אינ אָנגעצונדענערהייט אינ דער לופט אַוועקגעלאָזנ. גלײַכ דעמלט האָט ער זיכ אפנ שוועל=פענצטער אַרופגעשטעלט אונ א קליינע ווײַלע זיכ דאָרט אופגעהאַלטנ. אינ באַלד האָבנ מענטשנ פונ גאַס אָדער פונ אַנטקעגניבערדיקנ טראָטואַר דערהערט א געשריי, וואָס ווענ מ'וואָלט דאָס דערהערט דײַטלעכ, וואָלט מענ, מעגלעכ, פאַרנומענ די ווערטער היה היה ויהיה, וועלכע יענער האָט געוויס, זײַענדיק צעמישט, ווי א מינ שמע=ישׂראל פאַרנ טויט פונ מײַל אַרויסגעלאָזט. דײַטלעכ אָבער האָט מענ ניט געהערט, נאָר א געשריי, ווי פונ א פויגל, וואָס פאַלט אַרונטער אונטער א ראָד א צעקוועטשטער... אונ דעמלט ווידער, אינ צוזאַמענ מיט אָט דעמ געשריי, האָט מענ פלוצלינג פונ הויכנ עטאַזש אינ פונ הויכנ פענצטער פונ צימער פונ אונדזער באַקאַנטנ דערזענ, ווי צוזאַמענ מיט עפּעס ברענענדיקע בלעטלעכ, וואָס זײַנענ זיכ פונ פענצטער אינ די פאַרשיידענע לופט=זײַטנ צעפלויגנ, האָט זיכ ראַפּטומ=שווער אונ שווינדלענדיק געלאָזט פליִענ ווי עפּעס א צעבלאָזענע זאַכ מיט זעגלענ — א זאַכ, א מענטש, אָדער א פויגל, וואָס באַלד האָט מענ זיכ איבערצײַגט, אַז די זאַכ איז קיינ זאַכ, דער פויגל — קיינ פויגל, ווײַל באַלד האָט א מענטש, שוינ נישט קיינ מענטש, אפנ טראָטואַר א פּראַכ געטאָנ אונ מיט זײַנ גאַנצער שווערקײַט אינ מיטנ גאַנצנ ניט צעשמעטערט געבליבנ... מ'האָט א געשריי אַרויסגעלאָזט, פאַר די קעפּ זיכ געכאַפּט, זיכ צעלאָפנ, דערנאָכ זיכ צונויפגעגאַנג אונ אַרומ געפאַלענעמ זיכ פאַרזאַמלט.

דאָס איז אונדזער באַקאַנטער שוינ א צעשפּרייטער, אַנ אַוועקגעוואַלגערטער, א טויטער אפ דער ערד געלעגנ, מיט האַק=פּאַק, מיט זײַנ אָנטאָג, מיט זײַנ הענג=מאַנטל, וועלכנ ער האָט אפ אַלעמאָל באַליבט אונ אפילו באַמ טויט זיכ מיט אימ ניט געקאָנט שיידנ.

אונ שוינ. אַז דער לימעראַט אינ אַנדערע באַקאַנטע פונ אונדזער באַקאַנטנ האָבנ זיכ דערפונ דערוווּסט, אינ נישט באַלד, נאָר שפּעטער אינ יענעמ טאָג צו יענעמ

ָארט זיכ געלאָזט, ווו דער באקאנטער איז אנידערגעפאלנ, האָבנ זיי אים שוינ נישט
געטראָפנ אפנ אָרט, ווײל מ'האָט אים שוינ פארנומענ, ווו מ'דארפ. אונ דאָס אײנ-
ציקע, וואָס זיי איז געבליבנ, איז אויסצוגעפינענ אײנציקע בלעטלעכ, וואָס זײנענ
ברענענדיקע אינ פארשיידענע זײטנ זיכ צעפלויגנ, אינ וואָס מערסט האָבנ שוינ אנ-
דערע, זײטיקע, גאס-מענטשנ בלויז פונ נײגער, צונויפגענומענ. ווייניק האָט זיכ שוינ
געלאָזט צונויפנעמענ, גאָר ווייניק איז אפ זייער בײלעק איסגעפאלנ. אונ דאָס, וואָס
זיי איז געלונגענ, האָט דער לימעראט, ווענ ער איז צו אונדז אריבערגעקומענ, מיט
זיכ מיטגעבראכט, אונ דאָס האָט ער מיר געוויזנ, אונ איכ האָב מײנ באקאנטנס
כסאוו דערקענט, אונ דעמלט האָב איכ זיכ גענומענ פאר דער ארבעט, וואָס ווערט
דאָ דעמ לייענער דערלאנגט — ערע זײנ אָנדענק!

מאָסקווע, פעברואר 1944.



# מוישע בראָדערזאָן

## דערהארגעטע קינדער

איך האָב געזען זיי אף די וועגן ליגן, אף שאָסייען,
די קינדער די דערהארגעטע דורך קויל פון פײַנט,
איך האָב געזען, ווי איבער זיי לעוואָנע-נעכט עס גייען,
געזען פון סרייפע-פײַערן אף זיי די שײַן.

מיט הענט און פיס צעוואָרפן זײַנען זיי געלעגן,
צי אײַנגעקאָרטשעט אין דעם לעצטן ווײ-געשריי,
מיט אויסגעשריי, וואָס קיינמאָל וועט נישט אופהערן צו פרעגן,
פאר וואָס, פאר וועלכע זינד דען קומט עס זיי?

געזען — א ייִנגעלע אנטקעגן הימל אויסגעצויגן,
זײַן פּאָנעם האָט א בלוי קאָליר געהאט אזא,
פארגלייזט בא אים געוועזן זײַנען שוין די אויגן,
און אף די ליפּן אָפּגעהאקט האָט קויל דעם יאָמער: מא...

★ ★

פײסעכ בינעצקי

# די געלע לאַטע

די געלע לאַטע אַפּ דער פּלײצע פונ מײַנ שװועסטער.
דער שטילער טרויער אינ פֿאַרשטאַרטנ בליק
אונ דער געשריי, װאָס איז אינ האַלדז פֿאַרשטיקט,
זיי שלײַכנ נאָכ זיכ מײַנ געביינ מיט גרויל־געשפּענסטער.

זיי גרײכנ דאָ צו מיר אינ װײַטנ קאַזאַכסטאַנ,
װוּ ס׳רוט א הימל שטענדיק בלאָ אַפּ שנײי פונ בערג,
אינ יעדנ װײ פונ מינדסטנ װינטעלע איכ הער,
װי ס׳װײנט מײַנ שװועסטער אַפּנ צײכנ פונ איר שאַנד.

אָ, שװועסטער מײַנע, װוּ דו ערגעץ זאָלסט ניט זײַנ,
די געלע לאַטע ניט קיינ שאַנד איז זי פֿאַר אונדז.
עס האָבנ זײדעס אונדזערע אַמאָל אינ פּײַנ —
זי טראָגנ אַפּ די פּלײצעס זײערע געמוזט.

נאָר ס׳איז פונ זײדעס סאָנים שוינ קיינ שפּור פֿאַראַנ,
אויכ אונדזער פּײַנט מיט בלוט װעט צאָלנ פֿאַר דײַנ שאַנד...

1942

—★☆★—

נאָכעם באָמזע

# פליִיטים אונטערוועגנס

נאכט, זײַ גוט צו מיר.
אָט איצט, ווען איך עפן די טיר
פון מײַן כאָרעווע הויז, —
וויג מיך אײַן אין דײַן שויס.
מאך מיר נעענטער די פרעמד.
איך טראָג ארויס
פון דײַן מים:
א ברויט, א העמד,
מײַן טרויער פון ליד.

**
*

ביימער בא די וועגן, איך טו אײַך באשווערן:
היט מיך אויס פאר דעם געוויטער,
הילט מיך אײַן אין גרינע בלעטער —
ס׳זאָל קיינער נישט דערהערן
אין די שאָען שפּעטע
פון מײַן הארץ דעם ציטער.

ערד, קילע ערד, וויג מיך אײַן, היל מיך אײַן
אין טיפן טשערעט, אין נאסע גראָזן.
בעט מ׳ר אויס א שווארץ געלעגער.
נישט דערגרייכן זאָל צו מיר די שײַן.
מיר זײַנען איצט, ווי יונגע האָזן
אין געיעג פון יעגער.
און דו, בעריאָזע, אין די׳ ווײַסע קליידער,
פארן קלאָרן טאָג באהאלט דיך אויכעט!
א רעגע — און מע קאָן אונדז ביידע
איצט דערזען אין אָוונט־דעמער.

מיר וועלן ביידע זײַן ווי לעמער
אין דער האנט פון שויכעט.
און דו, לעוואָנע, אין די בלאָע הייכן,
וואָלט איך געקאָנט צו די׳ר דערגרייכן —
פארדעקט איך וואָלט דיך מיט א וואָלקן.
אָט באלד, אָט באלד — און ס׳קומען פאָלקן
פונעם סוינע,

*
**

איבער מיר, אין בלעטער-קרוינען,
זינגט א פויגל העלע לידער
און ווייסט אפילע נישט דערפון,
אז איך, אין שווארצנ נידער,
בין א סוינע איצט דער זון,
וואָס ברענגט דעם טויט מיר אין די רוימען.

אָ, בלעטער, איך ווייס: ס׳איז הארבסט,
און איר בענקט צו ערד, אין פוילונג.
אָ, בלעטער, ב־עטער, פאלט נישט אראָפ!
דער כאווער מײַנער שטארבט,
און איך — וויל פארטוליענ איצט מײַנ קאָפ,
אינ אײַער געלקײַט אים פארהוילנ.

דער כאווער מײַנער רעדט פונ פיבער,
און איך אליינ שרײַ אופ אינ שוידער.
דער ווינט האָט איצט דעם פלאם צעהוידעט
פונ אלע ברענענדיקע שטיבער.
און איבער אלע בערג, איבער אלע טאָלנ
שרײַט מײַנ כאווער — דער קראנקער גיבער:
— פאר אלצ, פאר אלצ מיר וועלנ נאָכ באצאָלנ!

*
**

די כאטעס בא די וועגנ ברענען,
די שווארצע נאכט איז זיי מעקאנע.
זי שפיגלט זיך אינ רויטע פלאמענ
און קאָנ אליינ זיך נישט דערקענענ.

זי וואָלט אליינ געוואָלט אצינדער
פארטיליקנ די איינגעווײדנ,
פארלעשנ יענע טיפע פריידנ
פונ גראָע זקיינים און פונ קינדער,
וואָס זי פלעגט צום שלאָפ פארוויגנ
מיט דער שיינקײַט פונ א מײַסע
פונ די ציגעלעכ די ווײַסע,
מיט א וווּנדערלעכנ ליגנ...

*
**

...עס גייט מיר נאָכ דער אלטער ייִד פונ קאלושינ:
— לאָזט מיך נישט איבער, ווהינ שפאנט איר, ווהינ?

ווארשע — טאשקענט.

★☆★

# באלאדע
# פון דריי געהאנגענע פארטיזאנער

## א. די בין

פליט דורכ א בין, פליט דורכ און זשומעט,
און ס'איז איר ליד באלאָדנ מיט אומעט —
פון אייגענעם גופ זיבנ מאָל שווערער.
אָ, גאָלדענע בינ, דערציייל, גיב איבער
פון דיינ טרויער וואָס איז די סיבע,
איכ וויל זי' וויסנ, איכ וויל זי הערנ.

דערציילט די בינ: — איכ בינ געפלויגנ
צו אנ עפלבוימ, קעדיי צו זויגנ
פון זיינע בליטנ פאר מיר דעם האָניק.
איכ זויג דעם זאפט פון זיינע בליטנ,
נאָר פלוצעמ בלייב איכ שטיינ אינמיטנ —
אָ, שווערע, אָ, פינצטערע דערמאָנונג!

וואָס כ'האָב דערזענ — איז נישט צום גלייבנ!
איכ האָב מוירע, אז ס'האָט אפ אייביק
דעם קוואל פון האָניק אינ מיר פארטריקנט,
און כ'וועל פון דעמלט דאָס גאנצע לעבנ
גיפט בלויז האָבנ און גיפט בלויז געבנ.
אוי, קומ מיט מיר, אפ דעם צו קוקנ.

## ב. דער בוימ

און אָט איז דער בוימ, און אָט זע איכ:
די שענדלעכע האנט פון דייטשנ רעצייעכ
האָט דעמ בוימ אפ א טליִע פארביטנ.
דריי פארטיזאנער געשטאָרבנ מיט ערע,
און דריי רויטע, דריי בלוטיקע שטערנ —
אפ זייערע בריסטנ אויסגעשניטנ,

— אוי, עפּלבוים, אין צוויט אין ווײַסן,
ווי פון א שיינער קינדער-מײַסע,
וויִאזוי ביסטו געוואָרן אַ טליִע?
דו, וואָס געהערט האָסט אין ווייען גרויסע
מענטשן זיך וואַרגן, כאַרכלען, גויסען —
וויִאזוי וועסטו איצט ווײַטער בליִען?

וויִאזוי וועסטו אין די עפּל דײַנע
אָנגיסן זאַפטן זיסע און ווײַניק
און אַף רויט זייערע באַקן פאַרבן?
זאָג, האָסטו כאָטש געוואָלט אין דער רעגע,
ווען זיי האָבן דעם טויט באַגעגנט,
ווערן פאַרוויאַנעט — צוזאַמען שטאַרבן?

## ג. דער שטורעם

קאָן דער בוים שוין מער נישט שווײַגן
און נעמט האַסטיק מיט זײַנע צווײַגן
די געהאַנגענע אַף זיך צו וועקן.
הער, ווי די געהאַנגענע זיך סוידען,
זע, ווי די געהאַנגענע זיך הוידען,
הוידען זיך, ווי צונגען פון גלעקער.

הייבט זיך אויף אַף דער ערד אַ וויכער,
טײַכן פּליסן רוישיקער, גיכער:
כײַעס רעווען, ווי בײַס סאַקאָנע,
און אָט איז דער וויכער געוואָרן שטורעם,

קלעטערט אַרויף אַף די העכסטע טורעמס
און רײַסט אַראָפּ דעם סוינעס פאָנען.
און אָט קומט ער אין גערטנער צו פליִען,
פליקט אָפּ דעם צוויט אינמיטן בליִען —
קיין פּרוכטן פאַרן סוינע האַיאָר!

אָט איז ער צום שמיד אַרײַנגעשפּרונגען,
געטאָן אַ כאַפּ פון דער קוזניע פונקען
און טראָגט צום שײַער פון סוינעס פײַער.

## ד. אָנזאָג

הערט זיך אַ שעפּטשען, הערן זיך שטימען:
— ווינטן וואָיען — דאָס איז אַ סימען,
אַז אומרעכט געשעט דאָ און געוואַלטן.

דעם סוינעס סאָלדאטנ שטייענ בלייכע:
— ווינטנ הוליענ — ס׳א שלעכטער צייכנ, —
אונ זוכנ אנ אָרט ווו זיכ באהאלטנ.

גאָר ווילנ זיי אינ די וועלדער זיכ שיצנ,
פארטיזאנער באוואָפנטע זיצנ
הינטער קוסטנ אונ ווו א בוים איז.
ווילנ זיי אינ די בערג זיכ באהאלטנ,
קומענ פארטיזאנער פונ היילנ אונ שפאלט:
אונ שליידערנ זיי אראָפּ אינ טעהוימעס.

ווער קאָנ שטילנ דעם שטורעם אינ ברויזנ?
אפנ אָרט פונ דריי — קומענ טויזנט
פונ שטאָט אונ דאָרפ, פונ כאטע אונ קעלער.
געבענטשט זייער טאט אונ זייער מי איז!
אפ די גאסנ, ווו זיי הענגענ אפ טליעס,
א דענקמאָל וועט שיינענ העלער אונ העלער!

טאשקענט, 10 יול 1942



שירקע גאָמאנ

# א העלד קעגנ סאָראָקעס

ביילע=פּערע, איסער דעמ שנײַדערס ווײַב, איז שוינ פונ לאנג אָנ אנ אלמאָנע, אונ כאָטש זינט לימע איז געוואָרנ סאָוועטיש, קריגט זי א פּענסיע, — האָט זיכ איר שטייגער נית געענדערט. ווי אמאָל שטריקט זי באוולנע אינ וואָלענע זאָקנ, פליקט פעדערנ, פאסט מאָנטיק אונ דאָנערשטיק, שמעלט א פּערל=גרויפּענע קאשע אינ א גרויסנ ליימענעמ טאָפּ אפ מעכאבער צו זײַנ די סאָראָקעס שאבעס אינדער=פרי. אכוץ דעמ האָט זי א קאָטער, וועלכנ זי האלט צימעריק ווי אנ איינציק קינד.

אָט=אָ דער אלטער קאָטער איז געווענ א קוואל פונ הארצווייטעק אינ פארדרוס פאר ביילע=פּערענ. ער פלעגט אָפט נעלעמ ווערנ, אינ ביילע=פּערעס קאָפּ האָט זיכ דעמאָלט געמוזט ארײַנשטעקנ אינ פרעמדע טירנ.

אונ כאָטש מע האָט דעמ „מעשומעד“ אפילע אינ די אויגנ נית אָנגעקוקט, פלעגט זיכ די צונג נית איבערקערנ צו זאָגנ: ניינ. פארקערט:

— ביילע=פּערע, טוט א בליק בא שימענ דעמ אײַנבינדער.

דער אײַנבינדער הייסט א קוק טאָנ בא שײַע דעמ שיכטער...

אזוי שיקט מענ זי מיט א ווערטל:

„גאָט שיקט צו דעמ שענקער זײַנ ווײַנ, דעמ שפּיגער — זײַנ פלאָקס“

אונ אז זי האָט שוינ געפונענ איר קאָטער, איז זי געגאנגענ פאָרויס, אונ „ער“ פונ הינטנ.

— דער האָבער שטעכט דיכ? לײַדאק, טעלערלעקער! געדענק, סט'קומענ צומ סייכל, נאָר ס'וועט זײַנ צו שפּעט... — פלעגט ביילע=פּערע מײַנענ, אײַנדרייענדיק אלע ווײַלע איר קאָפּ צו „אימ“. — האָסט א דאכ איבערנ קאָפּ — זיצ! פלי נית ארומ איבערנ שטעטל, ווי א יאלעווער באלדארשנ.

דער קאָטער איז האכנאָעדיק נאָכגעגאנגענ זײַנ באלעבאָסטע, אינטערהייבנדיק א קאָפּ דעמ עק בא א בלאָטקע.

— שעמענ מעגסטו זיכ אינ דײַנ ווײַטנ האלדז! פלייִשיקס האָט זיכ אימ פאר=וואָלט. אזש צו די קראסנאָארמייצעס זיכ פארשלעפּט, גוט אָנגעשטאָפּט זיכ מיט טארפעס: וועסט שוינ בא מיר ווארטנ דרײַ שאָ ביז מילכיקס, געשמאדטער האלדז.

---

אפ ביילע=פּערעס שטעטעלע אינ לימע, נית ווײַט פונ דער גרענעצ, איז דער דײַטש אָנגעפאלנ פלוצלינג.

די אלמאָנע האָט געקוקט דורכנ קליינעמ שײַבעלע אינ געטראכט:

— אזויפיל מאשינעריע בא זיי — ס'וועט ווערנ א טעל פונ דער וועלט...

א שכיינע איז ארײַנגעלאָפנ מיט גוואלדנ:

— קאָמיר לויפנ, ביילינקע! זיי לאָזנ א פליג נית פארבײַ, א בראנד אינ זייערע ביינער!

ביילע=פּערע האָט נית געוואָלט הערנ:

— סטײַטש! פארוואָס זאָל איכ לויפנ? וואָס האָבנ זיי צו מיר — איז איינמאָל אוועק, אונ ווײַטער פארהאָפ איכ צו דעמ, וואָס לעבט אייביק, אז די ראָצכימ וועלנ

דאָ לאַנג ניט הערנ. אינדערע וועלנ זיך מיטצייטעט אימקערנ, אינ ס'וועט נעמענ א קאָפּ צו די צאָרעס.

די דײַטשנ האָבנ זיך אפ אלצ געוואָרפנ, ווי די הייטעריקנ. ווו נאָר א הונ, א גאנדז, א קאַטער, א שעפּס, א בעהיימע — אלצ איז ווי פאַרברענט געוואָרנ אינ העלישנ פײַער. זיי האָבנ אויסגעראמט, ווו ערגעצ א מעשענער לײַכטער, א קופּער־נע קוואָרט — פונ גרעט אונ בעטגעוואנט איז שוינ אָפּגערעדט. זיי האָבנ אלצ צו־גענומענ ביזנ שפּענט.

— שיינ כאַיל... א ווייטעק זיי אינ די קעפּ! ווײַבערישע גרעט איז בא זיי אויכ א סכוירע, — האָט מענ זיך געוועדטלט אינ שטעטל, כאָטש ס'איז אלעמענ געווענ וויסט אונ פינצטער אפנ הארצנ...

דאָס שטעטעלע איז ווי אויסגעשטאָרבנ. אפילע באטאָג פלעגט זיך קיינער ניט ווײַזנ אינ גאס.

— א קלאָג צו זיי! — האָט ביילע־פערע געטײַנעט צו איר שכיינע. — ביילע איר באלעבאטעוועט, איר ראבעוועט, האָב אײַכ צענ שווארצע יאָר, נאָר צונויפגע־מענ ווײַבלעכ אונ מיידלעכ אינ באָד אונ שענדנ מאמעס מיט טעכטער אינאיי־נעם — דאָס איז נאָכ ניט געהערט געוואָרנ!.. די ערד זאָל זיי אײַנשלינגענ אונ צוריק ארויסוואַרפנ, ליבער גאָט! אונגערקעס־ראָסל דארפ מענ זידנ אונ ווי די וואנצ: זיי אינ דעם אויסברייענ — די ווילדע שוואָטים...

אינ שטעטל איז אלצ געוואָרנ מיט גאָלד צו גלײַב. די אלמאָנע פלעגט קוימ מיט צאָרעס אויסקלאַנטשענ א הײַפל געריטנ אפ מעבאבעד צו זײַנ די סאָראָקעכ.

איינמאָל שאבעס אינדערפרי, ווענ ביילע־פערע איז געזעסנ אינ שפּיבל מיטנ קאָמער אינ שוים, האָט זי דערהערט — מע קנאלט. זיך אײַנגעקוקט אינ שפּיגל, האָט זי דערזענ: א הויכער יונגער דײַטש שיסט די סאָראָקעס, וועלכע זײַנענ זיך צונויפגעפלויגנ אפ געריטנ. זי האָט געכאַפּט דעמ קאָמער אפ די הענט אונ איז ארויסגעלאָפנ פונ שטיבל.

— ליבער הארעלע, נאָכסאָל לאָזט איר זיי ניט פיקנ די טווגע? סע פעלט אײַכ אייט צו א יויכ?

זי האָט נאָכ עפּעס געוואָלט זאָגנ, נאָר כ'האָט איר מוירעדיק א ברי געטאָג אינ הארצנ. דער קאָמער האָט מאָרנע הויכ א מיאוקע געטאָנ, אונ זי איז אומגעפאלנ.

דער „העלד" האָט אראָפּגעלאָזנ זײַנ ביקס אונ געשמייכלט, קוקנדיק אפ דער אלמאָנע, וועלכע איז געלעגנ אפ דער ערד, שטײַפ האלטנדיק איר קאָמער מיט ביי־דע הענט. ער האָט געשמייכלט, דער דײַטש. מיט איינ קויל האָט ער נאָכ צוויי־ענ קיינמאָל ניט דערשאָסנ.

# דווירע

ס'איז שוינ געווענ ניט פרי, אָבער דעמ ווינטערדיקנ טאָג איז זייער שווער אָנגעקומענ צוצוהאלטנ כאָטש אפ עטלעכע שאָ ס'ביסל נראָווע ליכט פאר די מענטשנ, וועלכע ס'איז אלציינס געווענ, צי ס'איז טאָג, צי ס'איז נאכט.

— וואָלסטו ארײַנגעגאנגענ צו בענצינענ זיך אנ אייצע האלטנ, — האָט דווי־רעס טאָכטער געזאָגט שטיל צום מאנ.

— מע דארפ אינ ערגעצ ניט גיינ. מאכ פײַער, שטעל צו דעמ טשײַניק. די קינדער וועלנ אופשטיינ, זאָלנ זיי אויסטרינקענ א גלאָז הייסע וואסער, — האָט ער געזאָגט נאָכ שטילער.

— וואָס שושקעט מענ זיך א גאנצנ פרימאָרגנ? וואָס באהאלט מענ פונ מיר? אָדער איכ בינ שוינ ווינציקער בארדאכ פונ אײַכ, — האָט די אלטע דווירע געזאָגט.

— מאמינקע, אפ אונדזער גאס זײַנענ מיר געבליבנ די איינציקע, קלער איכ, אז זיי וועלנ דאָ הײַנט זײַנ.

— ס'איז מיר ווי פונ זינענ ארויס, — האָט די אלטע געזאָגט אונ גענומענ דעמ שטעקנ.

— מאמע, וווּהינ גייסטו?

— צום מאַטנ, טאָכטער מײַנע, — האָט דווירע געענטפערט אונ איז דורכ דער הינטערטיר איבער די גערטנער אוועק צום בעסוילעם. א גאַנצנ וועג האָט זי געטראַכט אונ געכאַזערט, וואָס זי וועט זאָגנ איר דאָווידנ.

„ערשטנס, וועט זי אים זאָגנ, אַז איצט איז ניט קיינ צײַט צו וועגנ אוויירעס אַפ לויטנ. ער אינ הימל וואָלט שוינ נישקאָשע געמעגט באַטל מאַכנ אַלע גזײַלעס. וואָרעם — וויפל איז דער שיר? מיט די שטיינער פונ סאַמבאַטיענ האָט ער זײַ געדאַרפט פאַרשטעלנ דעם וועג, פּעכ אינ שוועבל האָט ער אַפ זײַ געדאַרפט גיסנ. דו מוזט פועלנ באַ אים אינ הימל, אַז מע זאָל אופהערנ צו מאַכנ פונ אונדז קרעפּל-פלייש. דו ביסט שוינ פופצנ יאָר אַפ יענער וועלט, ווייסטו בעסער פונ מיר ווי אײַנ אונ ווי אויס".

דאָס אונ נאָכ א סאַכ האָט דווירע געכאַזערט צו זאָגנ דעם מאַנ, אָבער ווענ זי איז געקומענ אַפנ בעסוילעם אונ האָט מיטנ שטעקנ עטלעכע מאָל א קלאַפּ געטאָנ איבער דער מאַצייווע באַ זײַנ קייווער, האָט זי דערפילט, אַז זי וועט אים זאָגנ גאָר ווינציק.

— דאָוויד, גוט-מאָרגנ. דאָוויד, דײַנ ווײַב דווירע איז צו דיר געקומענ. ניט די פיס האָבנ מיכ אהער געבראַכט, מײַנ אימפעט האָט מיכ געטראָגנ צו דיר. זאָלסט וויסנ — דער כאַלעפ ליגט אַפנ האַלדז.

דווירע האָט זיכ אײַנגעבויגנ צום בערגל אַזוי נאָענט, אַז אירע ליפּנ האָבנ אָנגערירט די פאַרפראָרענע ערד. „פונ דאָרטנ איז קיינער ניט צוריקגעקומענ. עפּעס שער איז גאָר מײַנ גאַנג אַנ אומזיסטער", — איז איר דורכגעפלויגנ א מאַכשאָווע. ס'האָט זיכ איר אויסגעוויזנ, אַז אַלע טויטע ווייסנ, וואָס זי האָט געטראַכט. זי האָט זיכ אַרומגעקוקט. אײַנגעפאַלענע מאַצייוועס. דער ווינט שאָקלט די נאַקעטע ביימער, קראָענ פליִענ פונ צווײַג צו צווײַג. קאַרקענ עפּעס. אונ מונקל-גראָווע כמאַרעס האָבנ א יִשעוו-האַדאַס, צי זאָלנ זײַ הײַנט שיטנ שניי אַפנ קליינעמ לימעווישנ שטעטל, צי ניט. שטיל אונ טויט. א שרעק איז זי באַפאַלנ, אונ זי איז שנעל, ווי א יונגע, אַנטלאָפנ, שפּרינגענדיק איבער די קוואָרימ. איבערנ שטעטל איז זי אויכ געלאָפנ. געקומענ צום שטוב אָנ אָטעמ.

לעבנ בראָם זײַנענ אינ א שורע געשטאַנענ איר טאָכטער, דער איידעם אונ די פיר אייניקלעכ. אַלע זײַנענ זײַ געווענ ווי פאַרגליווערט. זײַ האָבנ, דוכט זיכ, אַפילע ניט באַנומענ, צוליב וואָס שטייענ אַנטקעגנ זײַ דײַטשנ מיט ביקסנ אינ די אויסגעשטרעקטע הענט. נאָר דער יונגסטער האָט געשריִענ: — מאמע, קום אוועק פונדאַנענ, איכ וויל דאָ ניט שטיינ, איכ האָב זײַ פײַנט.

דווירע האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, אָפּגעזיפצט: „אַבי כ'האָב ניט פאַרשפּעטיקט".

— מיר וועלנ באַלד אוועק פונדאַנענ, — האָט זי געזאָגט, קושנדיק דאָווידלס בלויז קעפּל. זי האָט שטאַרקער פאַרצויגנ די פאַטשײַלע אַפנ קאָפּ אינ מיט איינ אויג א קוק געטאָנ צו די דײַטשנ. דער, וואָס איז געגאַנגענ די גאַנצע צײַט הינ אונ צוריק מיט א לעדערנ שטעקל אינ האַנט, האָט זיכ א לאָז געטאָנ גלײַכ צו איר. „אהא... ס'געפעלט אים ניט, וואָס איכ האָב א קוש געטאָנ ס'קינד", — האָט דווירע א טראַכט געטאָנ, אונ איידער יענער האָט אָנגעהויבנ דאָס שטעקעלע איבער איר קאָפּ, האָט זי זיכ פאַרמאָסטנ אונ א הייב געטאָנ איר כוקעוואַטנ שטעקנ.

— פריִער שלאָגנ, נאָכדעם שיסנ: א מאַקע פאַרנ וועלנ, — האָט זי געזאָגט אונ אַראָפּגעלאָזנ דעם שטעקנ אַפ זײַנ האַנט. אינ דער זעלבער רגע האָט זי דערזענ, ווי די ביקסנ ציִענ זיכ אויס.

— קינדער, קוקט זיכ אײַנ, ס'גייט מיר ניט קיינ בלוט פונ נאָז?

די גלײַכגילטיקע פאַרגליווערטע קינדער האָבנ אויסגעדרייט זייערע קעפּ צו איר. זי האָט צו זײַ א שמייכל געטאָנ... אונ דערפילט, ווי א סאַכ פײַערלעכ האָבנ זיכ אָנגעצונדנ אינ איר לײַב. ס'האָט איר א מוירעדיקנ שטויס געטאָנ אינ כוטאַשעדרע אונ זי איז אומגעפאַלנ.

# באסשעווע די שויכעטקע

שאבסע, דער אלטער שויכעטס פונעם קליינעם לימווישנ שטעטל, איז געשטאנענ אונ געשארפט א כאלעפ. זײנ ווײב באסשעווע איז אומגעלאָפנ איבערנ שטוב, ארויסגערוקט אונ ארײנגערוקט די שופלאָדנ פונ קאָמאָד, געטראכקעט מיט די טירלעכ פונ קלײדער־שאפע אונ געטײנעט:

— פונ זינט כ'קענ אים, איז אלץ אפ מיר. אזא צאָרע! אזא גרויל! מענטשנ ראטעווענ זיכ, ער שארפט כאלאָפימ. יעדער רעגע קאָנענ די גאזלאָנים ארײנ אינ שטעטל. צו וועמענ זאָל איכ ריידנ? מיט וועמענ זיכ אנ אייצע האלטנ?

שאבסע האָט געפרווט דעמ שארפ פונ כאלעפ אפנ נאָגל פונ גראָבנ פינגער אונ א זאָג געטאָנ:

— מע וועט עס נִיט דערלאָזנ! א וועלט וועט ניט שווײגנ.

באסשעווע האָט א וואָרפ געטאָנ עפעס א מאלבעיש אינ האָט א געשריי געטאָנ:

— ווער וועט ניט דערלאָזנ? וואָסער וועלט? קאלטער לונג־אונ־לעבער! דײנ אקשאָנעס האָט אונדז מיט די קינדער צעשיידט. זיי זײנענ אינ דער רויטער ארמיי. אונדז וועט מענ אויסשעכטנ ווי די אויפעס. טו עפעס, רייד!

שאבסע האָט אָפגעזיפצט אונ שטיל געזאָגט:

— באסשעווע, שרײ ניט. האווע ניט. מיינ ניט, אז ס'איז עפעס געווענדט פונ מיר...

עטלעכע מאָל א גלעט געטאָנ מיטנ כאלעפ די דלאָניע, איז ער צוגעגאנגענ צו דער ספאָרים־פאָליצע, ארויסגענומענ א סייפער, לאנג געבלעטערט, צוריק אוועקגעשטעלט אונ אָנגעהויבנ זאָגנ „איכא“ אפ אויסווייניק, שפאנענדיק הינ אונ צוריק איבער דער שטוב. אצווטס אונ פארצווייפלונג האָט אָנגעפילט יעדעס ווינקעלע...

דערפאר האָבנ זיכ באסשעווענ נאָכ שרעקלעכער אויסגעוויזנ די טרוקענע הנאהדיקע קלעפ, וואָס האָבנ זיכ מיטאמאָל דערהערט פונ דרויסנ.

איבערנ גאס האָבנ זיכ מעשנעדיק ניכ געטראָגנ קליינע מאשינדלעכ, וואָס האָבנ געשפריצט מיט פײערדיקע רימער...

זי האָט געכאפט די ווינטערדיקע גרויבע פאטשיילע, זיכ פארוויקלט אינ איר אונ איז געבליבנ זיצנ אפ דער קאנאפע ווי א פארקילטע.

שאבסע איז צוגעגאנגענ אפ די שפיץ פינגער, פארגלט די טיר. „איכא“ האָט ער איצט געזאָגט זייער שטיל, ווי ער וואָלט מוירע געהאט, אז עמעצער הערט אונטער. פלוצלינג האָט ער אופגעציטערט פונ מוירעדיקע קלעפ.

— זאָל איכ עפענענ? — האָט באסשעווע שטיל געפרעגט.

— כ'וועל אליינ, — האָט ער געענטפערט.

אינ שטיבל זײנענ ארײנ דײטשנ אונ, ווי באסשעווענ האָט זיכ אויסגעוויזנ, האָבנ זיי זיכ אלע גלײכ ארופגעכאפט אפנ טיש. ערשט ווענ זי איז א קאפל צו זיכ געקומענ, האָט זי דערזענ, אז באט מיר שטייענ נאָכ צוויי דײטשנ מיט באגנעטנ. „מיילע, זיי שטייענ באט מיר. דאָס איז, אפאָנעט, איכ אונ שאבסע זאָלנ ניט אנטלויפנ. אָבער אלעמנ האָבנ זיי זיכ אויסגעזעצט אפנ טיש?..“

פלוצעמ האָט איינער א געשריי געטאָנ צומ שייכעט:

— דו, קאָמוניסט, באָלשעוויק, קאָמ היר!

אונ ווי נאָר שאבסע איז צוגעגאנגענ, האָט ער אימ א בריק געטאָנ מיטנ שטיוול אינ בויכ. נאָכדעמ האָבנ די איבעריקע אויכ געבריקעט, אזוי לאנג, ביז דער אלטער שאבסע איז אומגעפאלנ, צוהאלטנדיק מיט ביידע הענט די יארמעלקע אפנ קאָפ.

די דײטשנ האָבנ אראָפגעטאנצט פונ טיש, געברילט ווי מעשוגאָים:

— קאָמוניסט, יודע, שווײנ, אאופשטיינ!

באסשעווע האָט אויכ געבעטנ:

— שטיי אופ, שאבסע, פאָלג זיי, האָב ראכמאָנעס, הייב זיכ ניט אָנ מיט זיי...

האָט זיכ דער שײכעט מאַקע אופגעשטעלט, זיכ וואַקלענדיק, צוגעהאַלטנ די יאַרמעלקע, אונ זײ האָבנ, נימ אופהערנדיק שרײענ „דאָנער־וועטער“, געבריקעט מיט די שטיוול דעמ שײכעטס אַלטנ גופ, וועלכער איז שױנ ווידער געלעגנ אפנ פּאָדלאָגע. די, וואָס זײַנענ געשטאַנענ בײַ דער טיר, זײַנענ אײַנ צוגעגאַנגענ, גע־בריקעט אונ געשריענ: „באָלשעוויק“! נאָכדעמ האָבנ זײ שאַבסענ, א האַלב־טויטנ, ערגעצ אַוועקגעשלעפּט...

באַסשעווע איז געבליבנ זיצנ אפ דער קאַנאַפּע. א פּאַראַליקלטע אינ דער גרוי־סער ווינטערדיקער פאַמשײַלע. די טיר איז געווענ אײַנגעפּראַלט. זי האָט זיכ עט־לעכע מאָל געוואָלט אופהײבנ, זיכ לאָזנ איבער דער פּוסטער גאַס אהינ, ווו זײ האָבנ אַוועקגעשלעפּט איר מאַנ, נאָר אַלע אײווריט אירע זײַנענ געווענ ווי מיט בלײַ אָנגעגאָסנ.

אינ קאָפּ האָבנ זיכ איר געפּלאָנטערט מאָדנע מאַכשאָוועס. זי האָט געפילט, אז זי דאַרפ באַטראַכטנ אָדער באַשליסנ זײער א וויכטיקע זאַכ. וואָס — האָט זי נאָכ אלײנ נימ געוווּסט. „ווענ די מעשוגענע, פאַרטאַמטע ווײַפּ וועלנ נאָכאַמאָל קומענ אהער, האָב קײנ מוירע נימ. פאַרקערט, לויפ ארויס אינ ציגנד אינמער די שטוב“, — האָט באַסשעווע צו זיכ געזאָגט. — „אָדער קאָכ אופּ די פּײַסעכדיקע גרויסע קופערנע פאַנ מיט וואַסער אונ ברי זײ אָפּ. אָדער? וואָס אָדער?“ — האָט זי געפרעפּלט. „זיצ נימ, באַסשעווע, גרײט זיכ צו“. אינ איז געבליבנ זיצנ אפ דעמ זעלבנ אָרט, ווו זי איז געזעסנ, ווענ זײ האָבנ אַוועקגעשלעפּט איר שאַבסענ.

— נו, הײב זיכ אופ, באַסשעווע, אונ זײַ גרײט! — האָט זי ווידער צו זיכ געזאָגט, זיכ אופגעשטעלט אונ, נימ וויסנדיק צוליב וואָס, האָט זי גענומענ פונ שײד דעמ כאַלעפ (וועלכנ איר שאַבסע האָט א גאַנצנ פרימאָרגנ געשאַרפט), באַ־האַלטנ צו זיכ אונטערנ פאַמשײלע.

דערפילט א מוירעדיקע שלאַפקײַט אינ אַלע גלידער, איז זי צוגעגאַנגענ צומ עמער וואַסער, עטלעכע מאָל א זופּ געטאָנ פונ דער קופּערנער קוואָרט, אײַנגע־נעצט דאָס פּאָנעמ אונ זיכ ווידער אַוועקגעזעצט אפ דער קאַנאַפּע. אירע שוואַרצע אויגנ האָבנ מאָדנע טרוקנ געגלאַנצט.

דורכ דער אופגעפּראַלטער טיר האָט נ' געזענ די גאַס, וואָס האָט זיכ א פּוסטע געצויגנ צומ מאַרק. מוירעדיק שטיל איז געווענ אינ שטעטל. לײדיק אינ שטיל. נאָר פונ צײַט צו צײַט האָט זיכ געהערט, א שעפּס מעקעט, א קאַלב רעוועט, א הונ קוראַכטשעט, א מענטש רופט צו הילפּ...

טונקעלע שאָטנס האָבנ שױנ אָנגעפילט דאָס שטיבל, ווענ פיר דײַטשנ זײַנענ ארײַנגעגאַנגענ, טראָגנדיק אנ אָפּגעטמאַליעטנ כאַזער. זײ האָבנ אימ אַוועקגעלײגט אפנ טיש אונ אָנגעטאָנ שאַבסעס יאַרמעלקע אפנ כאַזערשנ אָפּגעטמאַליעטנ קאָפּ... נאָכ פיר דײַטשנ זײַנענ ארײַנ מיט א טראָגבעטל אינ אראָפּגעוואָרפנ א באַרמינע אפ דער פּאָדלאָגע.

באַסשעווע איז געזעסנ אינ געקוקט מיט אירע שוואַרצע גלאַנציקע אויגנ אפ די צוויי דײַטשנ, וועלכע זײַנענ צוגעגאַנגענ צו איר, געהירזשעט, ווײַזנדיק מיט די פינגער אפנ אָפּגעטמאַליעטנ כאַזער אונ אפנ באַרמינע.

עס זײַנענ געקומענ נאָכ דײַטשנ, זײ האָבנ אָנגעפילט דאָס גאַנצע שטיבל.

„נאָכ וואָס זײַנענ זײ געקומענ עפּעס זאַלבעצוואַנציק, וואָס ווילנ זײ נאָכ?“ — האָט באַסשעווע געטראַכט.

צוויי האָבנ זיכ אַוועקגעזעצט אפ דער קאַנאַפּע. באַסשעווע איז אופגעשפּרונגענ ווי אנ אָפּגעברימע. „ס'הײבט זיכ שױנ אָנ“ — האָט זי א טראַכט געטאָנ, זעענדיק ווי עטלעכע האַלטנ די פערענע־ציכ, אינ די איבעריקע וואַרפנ אהינ שאַבסעס יאָמ־טעפדיקנ קיטל, זײַנע גרעט, אירע גרעט, לײַלעכער.

נאָכדעמ האָבנ זײ אינ די זילבערנע, פּײַסעכדיקע בעכערס געגאָסנ בראָנפנ פונ פלעשער, געטרונקענ אונ געהירזשעט.

אײנ דײַטש איז געשטאַנענ לעבנ טיש, אראָפּגענומענ אינ אריבגעלײגט די יאַר־מעלקע אפנ כאַזערשנ אָפּגעטמאַליעטנ קאָפּ, שרײַענדיק:

— דאָס איזט הערליכ! ניכט וואר?

די איבעריקע האָבנ זיכ געשטאָלצנ פונ ווילדער האנאָע. באַשעווע איז געשטאַנענ אינ ווינקל, צווישנ קאָמאָד אונ קאנאפע. זי האָט געקוקט אַפנ בארמינגע.

„דאָס איז דענ מײַנ שאבסע? ער איז דאָכ געווענ א הויכער. אהא, זײ האָבנ אים אָפגעשניטנ די פיס“, — זי איז צוגעגאנגענ, זיכ אײַנגעבויגנ איבערנ מויל. זײַנ פּאָנעמ אונ דער שארבנ זײַנענ געווענ אָפגעשונדנ.

— דאָס ביסטו, שאבסע? וואָס האָבנ זײ מיט דיר געטאָנ? קאָרעש מײַנער! — האָט זי שטיל געפרעגט. — אונ עפּישער ביסטו נאָר ניט שאבסע, הא? — האָט זי נאָכ שטילער געפרעגט.

זי האָט זיכ אויסגעגלײַכט, דערזענ די צוויי דײַטשנ, וועלכע זײַנענ געזעסנ אַפ דער קאנאפע. זײ האָבנ פארוואָרפנ די קעפ אונ געדריגעט מיט די פיס פונ געלעכטער.

באַשעווע האָט זיכ געמאכט, ווי זי וואָלט זיכ ווידער גײנ שטעלנ אינ ווינקל, וואָס צווישנ קאָמאָד אונ קאנאפע. פארבײַגײענדיק, האָט זי ארויסגעכאפּט דעמ כאלעפ פונ אונטערנ פּאטשײלע אונ פלינק א פיר געטאָנ איבער די צוויי פארויסענע העלדזער.

די העלדזער האָבנ זיכ פארכלינעט אונ זײַנענ שטיל געבליבנ.

באַשעווע איז אָפּגעשפּרונגענ פונ קאנאפע. פאָכנדיק מיטנ פארבלוטיקטנ כאלעפ, האָט זי געשריגנ:

— ארויסט! ארויס! אינ פוסטע פעלדער, אינ לײדיקע וועלדער גײט אײַכ. מײנ שאבסע דארפ לערנענ...

זי האָט גאָרניט ניט פארשטאנענ, גאָרנישט ניט באנומענ. דערפאר האָט זי ניט געזענ, ווי די דײַטשנ זײַנענ, פאלנדיק אײנער איבערנ אנדערנ, געלאָפנ פונ איר שטוב. אײנער האָט זיכ פארט אָפּגעשטעלט אפנ שוועל פונ דער אָפענער טיר, זיכ אָנגעצילעוועט אונ אויסגעשאָסנ. אָבער אפילע ווענ באַשעווע איז שוינ געלעגנ אַפ דער ערד מיטנ פארבלוטיקטנ כאלעפ אינ דער אויסגעשטרעקטער רעכטער האנט, האָט דער דײַטש ניט געוואגט ארײַנצוגײנ אינ שטיבל.

---

# אָנ פּײַער

די דײַטשנ האָבנ דאָ אינ שטעטל קײנ אײנ ײדנ ניט געלאָזט, נאָר עטלעכע גוטע באלמעלאָכעס אינ א פּאָר קאליקעס.

זײ האָבנ ארויסגעשלעפּט אויזער דעמ בלינדנ, אוועקגעלײגט ארומ אים שטײנער, שײַטנ האָלצ אונ גענעבנ א קאָמאנדעווע:

— יודע, רעכטס! יודע, לינקס!

אויזער פאלט, שטײט אופ, פאלט ווידער, שרײַענדיק:

— שמא יִסראָעל!

זײ זײַנענ ארײַנ אינ צעמעכ דעמ שמידס שטוב, ארויסגעשלעפּט פונ בעט זײַנ ווײַב ראָכע, וועלכע ליגט שוינ יאָרנ מיט געלײמטע פיס. צוויי האָבנ זי געהאלטנ אונטער די אָרעמס, אונ די איבעריקע האָבנ געשריגנ:

— פאָרווערטס, שווײַנעהונד!

לאָזנ די צוויי אָפּ, פאלט ראָכע ווי א קלאָץ אַפ דער פּאָדלאָגע. אלע מאָל נעמט זי צעמעכ א צעבײַלטע אַפ דער ערד. בעשאס ער הײבט זי אופ אונ לײגט זי צוריק ארײַנ אינ בעט, זאָגט זי שטיל:

— צעמעכ, דערבארעמ זיכ, גיב מיר אײַנ סאם.

צעמעכ האָט געקראָגנ סאם. שוינ עפּשער צוויי כאדאָשימ, ווי ער טראָגט ארומ אינ קעשענע א קלײנ קניפּל אינ א לײַוונטענער שמאטקע. נאָר יעדעס מאָל, ווענ ער דערלאנגט ראָכענ ס'ביסל געקעכצ פונ נערשטענעמ קלײַענ, פארגעסט ער דאָס ארײַנצושיטנ...

צעמעכ שמייט אינ מיר פונ קוזניע, זײַנ האנט ליגט אינ קעשענע. זײַנע פיננער האלטנ דאָס קניפּעלע. ער האָט נאָר געוואָלט ארויסנעמענ דעם טאבאק פונ רעקל־קעשענע, נאָר די לעצטע צײַט האָט זײַנ האנט א טאָעס... אונ שטענדיק טרעפט זי נאָר אינ קעשענע מיטנ קניפּעלע.

„הײַנט מוז נעמענ א סאָפּ. ער וועט זי ראטעווענ, זײַנ ראָכענ. מער וועל זי זיכ ניט איזדיעקעווענ איבער איר. הײַנט וועט נעמענ א סאָפּ", — באשליסט ער.

צעמעכ האָט דערהערט א קלאפּנ פונ רעדער. ווי נאָר ער האָט דערזענ דאָס צוויירעדערדיקע וועגל, וואָס דער שיקערער דײַטש האָט צוגעקײַקלט צום קוזניע, האָט ער גלײַכ פארשטאנענ, ס'איז כוויזעק. פונדעסטוועגנ האָט ער לאנג באטראכט אונ באקוקט דאָס וועגל. געפּרוווט אראָפּנעמענ א ראָד.

„ער זאָל אזוי לעבנ אונ עסנ, ווי כ'ווייס וואָס צו טאָנ מיט דער אָפּגעשלאָגענער הוישײַנע", — האָט צעמעכ געטראכט.

— וואָס פארלאנגט דער הער?

— דער וואָגנ זאָל פאריכט ווערנ ביז פארנאכט.

— אכ, ביטע מעדייע ווי, — האָט צעמעכ געזאָגט, צושײענדיק צום זאק קוילנ.

— נײנ, נײנ. אָנ פײַער ארבעט. א שמיד א יודע דארף קאָנענ בײגנ אײַזנ אָנ פײַער, — האָט דער דײַטש געזאָגט, זיכ זעצנדיק אפנ זאק קוילנ. ער האָט ארויסגענומענ דעמ רעוואָלווער אונ געפרעגט, — האָסטו פארשטאנענ?

— כ'פארשטײי גאנצ גוט, — האָט צעמעכ געענטפערט.

— שמיל שווײַגנ, קרעציקער הונט!

צעמעכ האָט ווי ניט געהערט. ער האָט זיכ ארומגעדרייט אינ קוזניע, עפּעס געזוכט, צוגעגאנגענ צו דער וואנט, אראָפּגענומענ פונ האקנ א שטיקל רינג, ברייט באנד־אײַזנ. ער האָט עס א פרווו געטאָנ אינ האנט, זיכ אײַנגעבויגנ, ווי ער וואָלט עפּעס געדארפט נעמענ.

— יודע, שווײַג! — האָט דער דײַטש אויסגעשריענ, — וועסט זיכ נאָכ לאנג שפּילנ? — אונ האָט זיכ אײַנגעבויגנ ארויסצורײַסנ דאָס אײַזנ פונ צעמעכס האנט.

צעמעכ האָט פלינק פארהויבנ די הענט, אונ מיט א קרעכצ, ווי ער וואָלט אראָפּגעלאָזנ דעמ האמער אפ דער קאָוואדלע, האָט ער אריבערגעוואָרפנ דעמ באנד־אײַזנ איבערנ סאָלדאטס קאָפּ, מיטנ גאנצנ קויעכ פארדרייט, ווי מיט א שטריק, דאָס אײַזנ באמ האלדז.

דער דײַטשישער סאָלדאט האָט א ברומ געטאָנ. צעמעכ האָט נאָכאמאָל אריבערגעוואָרפנ דאָס אײַזנ, ווידער פארצויגנ, צוגעקוועטשט דעמ דײַטשס קאָפּ צו דער ערד מיט דער קני. נאָכדעמ אימ אָפּגעשלעפּט צו דער וואנט, אויסגעשאָטנ אפ אימ דעמ זאק קוילנ אונ, ניט פארמאכנדיק די טיר נאָכ זיכ, ארויסגעגאנגענ פונ קוזניע.

— א גוט־מאָרגנ, צעמעכ, — האָט געזאָגט הירשע דער ציגעלניק, וועלכער איז דאָ גראָד פארבײַגעגאנגענ.

— פונוואנענ, הירשע?

— פונ יאגילער וואלד.

— וואָס מאכנ די קינדער?

— דערווײַל גאנצ אונ געזונט. — גוטע זינ בא דיר, צעמעכ.

— קומ ארײַנ, כ'וועל דיר עפּעס ווײַזנ, — האָט צעמעכ געזאָגט, ארײַנגייענדיק אינ קוזניע. ער האָט אָפּגעשארט די קוילנ פונ טויטנ סאָלדאט. — זעסט, הירשע?

— כ'זע, געזונט זאָלנ זײַנ די הענט, וואָס האָבנ דאָס געטאָנ. די פיס זאָלנ זיכ אָבער גלײַכ אָפּטראָגנ, אונ טאקע אינ וואלד, אונ טאקע צו די זינ די פארטיזאנער. הערסט, צעמעכ?

— כ'הער. הײַנט מוז נעמענ א סאָפּ, הײַנט... שוינ... באלד... — האָט צעמעכ געזאָגט. הירשע האָט אימ פארוואונדערט אָנגעקוקט.

— קומ, הירשע.

זיי זײַנענ איבער די מאָהילקעס אוועק צום שטעטל.

א שוואַרצער רויכ האָט זיכ געהויבנ צומ הימל. ס'האָט זיכ געהערט מיט סמאַליִנעס.

— זיי האָבנ שוינ ווידער אונטערגעצונדנ, — האָט הירשע געזאָגט.

— וואָס?

— מיר דאַכט, דאָס ברענט דײַנ שטיב, צעמעכ.

— קומ איבער די גערטנער, הירשע.

ווענ זיי זײַנענ צוגעגאַנגענ, איז שוינ פונ צעמעכס שטיב, פונ זײַנ געלײַמטער יונגער דאַכע געבליבנ א קופּע רויטע קוילנ.

— דו קערסט זיכ הײַנט צוריק? — האָט צעמעכ געפרעגט.

— נײַנ, כ'האָב דאָ אַנ איניעג.

— וועלנ מיר זיכ אינגיכנ זענ? — האָט צעמעכ געפרעגט.

— געוויס, — האָט הירשע געענטפערט.

זיי האָבנ זיכ געגעבנ די הענט. א רעגע געשטאַנענ שווײַגנדיק.

— נו, שוינ צײַט, — האָט צעמעכ געזאָגט אונ איז אוועק צו יאַנילער וואַלד צו.

★ ★ ★

א. סוצקעווער

# קאַלנידרע[1]

פּאָעמע

(דערציילט פון א געבליבענעם)

## א

...האָט מען אונדז פארטריבן אין א שטײַג פון צווײ־דרײַ געסלעך
און פון דאָרט ארויסגעשלעפּט צו הונדערט און צו טויזנט,
ווי פיבערדיקע רויפּליִיש,
און געוואָרפן פאר די כײַעס...

זײַנען מיר געלעגן אין די קעלערן און לעכער,
גלײַך ווי אין געוועלבטע אונטערערדישע פּאלאצן,
מיט ווײַב און קינד,
אויך קינד, וואָס דארף געבוירן.
— איינ וווּנדיקער געפלעכט,
איינ פיבערונג,
איינ פלאצן.

און ס'איז געווען א טאָג —
אָ, ווער וועט ברענגען אים צו מישפּעט? —
א טאָג, וואָס האָט א בלענד געטאָן
מיט עפּשערדיקן צוזאָג,
און אָנגעבליט ראכמאָנעסדיקע שײַן
אָפּ בלינדע שײַבלעך,
און דורכגעשניטן שטיינער:
— היינט אין אָוונט איז יאָמקיפּער...

---

1 „קאַלנידרע“ קאָן אויסזען אויסגעטראכט, אומגלייבלעך, ס'איז אָבער, כ'וואָלט געזאָגט, א רעאַליסטיש געמעל פון א געשעעניש, וואָס כאפּט ארום די צײַט, ווען דער געסטאפּאָ־אָפּיצער ש ו ו ײַ־ ג ע נ ב ע ר ג האָט אין הארבסט 1941 ליקווידירט די איזיגערופענע „צווייטע געטאָ“ מיט א באפעלקערונג פון פינף און צוואנציק טויזנט יידן. דער ייִד, וועמען איך רוף אָן באַם עמעסן נאָמען, האָט מיר אליינ דערציילט, חיאָזוי אין טפיסע אפּן הריפּ, ווו נע האָט צוערשט געבראכט די יידן, האָט ער דערקענט זײַן זון דעם רויטארמייער, וועמען ער האָט צוואנציק יאָר ניט געזען. ניט וועלנדיק, אז דער פארוווּנדעטער זון זאָל געפּײַניקט ווערן, האָט ער אים דערשטאָכן. נעמענדיק דעם דאָזיקן פאקט, האָב איך גלײַכצײַטיק געפּרווּט איבערגעבן דעם פּאָן, די שטימונגען פון יאָכיד און מאסע און דעריקער — די איבערלעבונגען פונעם אלטן יידן, וואָס דער כויט האָט ניט געהאט אפּ אים קיין שליטע. — א ו ו ס אָ ר.

האָבן זיך צונויפגעקליבן פארמעטענע ייִדן,
פון בוידעמער פארשפּינענע
און ברונעמדיקע קעלערס,
אין לויכטנדיקער קלויז פון ווילנער גאָען
זיך אופגעקליבן צו קאָלנידרע
גלײַך ווי צו אן אופשטאנד.
און צווישן דער צונויפגעקלעמטער, יאָמט ווּדיקער איידע,
באפלעמלט זיבן-פארביק
מיט די טפילעדיקע ליכטן —
בין איך אויך געוועזן,
איך,
דער לעצטער פון געזינד.
נאָר ניט איך האָב געשלאָגן זיך מעכילע
אינעם הארצן,
נאָר ניט איך האָב געבעטלט
שטיקלעך טעג און ברעקלעך מאזל, —
ווײַל גאָרנישט מער באדארף איך שוין,
און איבעריק א באשיצער...
דאָך האָט מיר ארויסגעלויכטן פון אונטער מײַנע הויטן
א צאנקענדיקע יאָרצײַט־ליכט,
און, בליקנדיק דערינען,
האָט מײַן הארץ ארויסגעפלאצט
פאר עמעצן א נאָענטן,
וואָס האָט מיט קאלטע פליגל
מיר א ברען געטאָן דאָס פאָנעם:

„מיט וואָסער צוגערייטן ווייטעק ווּעסטו מיך נאָך נערן,
און וויפל הונגעריקע גלוסטן טראָגן דײַנע ציינער?
איז טאקע דיר מײַן לײַב געשמאק און האָניק — מײַנע טרערן?
און ווילסטו וואָס ארויסבאקומען, · ווי א פונק פון שטיינער?

מיט זיבן טעמפּע שווערדן האָט געשלאָגן מיך דײַן שטראָפונג,
מײַן אלטער קראנקער טאטע האָט אליין די גרוב געגראָבן...
מײַן ווײַב איז, ווי מיט אן אייניקל באם ברוסט — איר לעצטע האָפנונג,
אוועק ווי צו א סימכע אין דעם קיניגרײַך פון ראָבן.

פינף זין האָב איך געהאט אמאָל, ווי פינף געטרײַע פינגער,
און זיי האָב איך פארטרויט מײַן לעבן נאָך מײַן טויט צו שפּינען.
מעראכעם האָסטו זיך געוועגן, געמאכט מײַן אלטקײַט גרינגער:
האָסט איינציקווײַז אראָפּגעהאקט און מיך געלאָזט באם זינען.

און מיך, ווי אפצולאָכעס, האָבן שווערדן ניט געשניטן,
און שווערדן — אָפּגעקלאפּט צוריק, און טרייפעס — ניט געצונדן;

וואָס עסיקער די ווונדן, האָב איך ווינציקער געליטן,
און דו אליין, מײַן גאָט, האָסט זיך געשפּיגלט אין די ווונדן.

פאַרוואָס בין איך געבויגן קעגן ווילן מײַנע? ווײַל עמעס
געוויין האָט מיך אַרײַנגעטרעטן אין מאָס פון מענטשיש-בלינדער.
אויב עמעס, אַז דו דאַרפסט אַזוי — טאָ הער באַדאַרף דײַן עמעס?
ניט איך וועל שלאָגן זיך אַלכעט, ס׳איז דו, ס׳איז דו, דער זינדער!

וואָס קאָן איך דען פאַרלירן מער, און וואָס קאָן איך געווינען,
אַז מײַן פאַרלאָשן אויג שוין קאָן ניט ווערן פײַכט און גלאַנציק? —
אָ, בלינד בין איך געוואָרן, קאָן מײַן טויט גאָר ניט געפינען
און ניט מײַן עלסטן זון, וואָס איז אַוועק שוין אַ יאָר צוואַנציק.

ווי נעמט מען אָפּ דער וועלט אַ ליכט, קעדיי כאָטש איין מאָל זען אים
און וויסן, אַז עס בלײַבט אַ שפּראָץ נאָך מײַנע גרויע יאָרן?
געקושט וואָלט איך אַ פּרײדיקער די געסעלעך פון גענעם,
און שטילע רו וואָלט אופגעבליט אָנשטאָט פאַרקאַלכטן צאָרן.

די ווערטער האָבן נאָך ווי זשאַר
געאָטעמט אין מײַן לײַב,
ערשט איך הער, — אַ שטורעם פון געוויין
וויקלט זיך און ווירבלט איבער דעכער,
צעראַסט זיך שטיקערווײַז
און פאַלט אַראָפּ,
אַראָפּ,
אַראָפּ,
ווי שטיינער אין אַ טהאָם...
און פונעם שול-הויף
טראָגט זיך אַ צעשניטענער געשריי
אהער אין קלויז,
דערשטיקט די ליכט,
צעכוואַליעט די טאַליסים,
און הינטער אים
עס שטראָמט אַרײַן אַן אופגעהאַקטער קאָפּ,
דרייט זיך אין אַ קעסלגרוב
מיט שווימענדיקע אָרעמס,
טרינקט זיך, ווערט ניט,
נאָר זײַן קאָל
בלײַבט הענגען ווי אַ כאַלעם:
— סאַקאָנע!

אַפּ ליפּ: פאַרברענטע,
באַ יונג און באַ גרײַז,
בלײַבן די טפילעס

פארפרוירן. אײַז.
אין גלאָזיקער שײַן
פון די שפּליטערס לעוואָנע
שפּרינגט דאָ אַרײַן
די כײַע: סאקאָנע.
א ריס די ליפּן.
א ביס די הענט.
סאקאָנע אין קופּער,
סאקאָנע אין ווענט.
גלידער
פאַראַט: דאָס אַלטע געבײַן.
ברידער —
צעשפּאָלטן. אַלײן. אַלײן.
לײַב אָפּ לײַב.
געדרײ. געמיש.
אָט שפּרינגט די סאקאָנע
פון אונטערן טיש
גלײַך אין די פענצטער!
אָט, אומגעריכט,
ברענט די סאקאָנע
אין וואַקסענער ליכט.
ברענט.
פאַלט.
פאַרכאַפּט דאָס געבײַ.
סאקאָנע אין קלויז
און נאָך מער — אָפּ דער פרײַ.
און שפּיציקע נעגל
וואַרגן, וואַרגן:
— לויט אוועק, ווי א הונט מיט א בײן,
מיטן געפעש,
אָט יאָגן זײ אָן —
און זײ וועלן דערהאַרגענען!

...איז דעמלט פאַרבליבן אין קלויז פון דער איידע
אָפּ זעלביקן אָרט א פאַראַקשנסטער זיידע
און ווידער געפּויקט זיך אין האַרצן מיט פײַער:
— באָגאַדנו, גאָזאַלנו, אוי, פּאָטערניו טרײַער.
און עמעץ אין כאַלעפּדיק-ווײַסע געוועגדער
איז ווײַטער געשווומען צו גאָט אָפּן שטענדער...
א דריטער — זיך כוליעט אין פרייד און שיגאָען
צום שטול, ווו אַמאָל איז געזעסן דער גאָען,

בײַסט אײַן מיט די ציין אים און בלײַבט דאָרטן ליגן!
און זע: אויך א קינד, וואָס מע דאַרף נאָך פאַרוויגן,
א וואָרם געטאָן פון די אנטלויפער מיסכאַמע,
עס כליפּעט קאָלנידרע און כליפּעט: אָ, מאַמע!
און איך — ניט פון אָרט, צו דער ערד, א געשמידטער
בין אויבעט פאַראַן — דער געשווירענער היטער.
און כ'האָב ניט געהערט דאָס געיאָג אף די שטיגן,
דעם גאַנג פון דער שטיטע, נאָר ס'קינד און זײַן ניגן.
און ס'האָט מיך געצויגן צו שטאַרבן אצינדער,
ווײַל כ'האָב אין דעם כליפּעט דערזען מײַנע קינדער.

נאָר ווען ס'איז די מאַכנע מיט ביקס און געפילדער
אין פּאָליש אַרײַן, האָט א קויעך א ווילדער
א ריס מיך געטאָן ווי א בוים פון א גאָרטן,
א ריס געטאָן, צום אָרן-קוידעש, פון דאָרטן
אַרויסגעכאַפּט האָב איך די טוירע געשווינד,
און אָנשטאָט דער טוירע — באַהאַלטן דאָס קינד!

ב

פאַראַן א געטראַנק, וואָס דו טרינקסט און דו ווייסט ניט
זײַן שרעקלעכן טאַם.
און ווען ס'פאַנגט דיך זײַן שיקרעס,
ברענט אויס און מאַכט בלינד דײַנע נאַקעטע כושים,
איז מײנסטנס: ביסט ברענעוודיק ניכטער,
באַנעמסט ניט,
אז דו ביסט אַליין אָט דער פליישענער בעכער
און טרינקסט דײַנע אייגן צעיושעטע זאַפטן.
און אַלץ, וואָס דו זעסט, איז דער סיידער
פון אייביק:
דאָס פרײַוויליק שפּאַנען אין ריי צו דער מיטע,
באַגלייט מיט באַגנעטן, ווי דײַנע באַשיצער,
דאָס טראַכטן דערבײַ, אז דער גײַסט וועט פאַרבלײַבן...
אז ערגעץ־ווו לעבט נאָך א זון צי א קאָרעוו,
אז גוט, וואָס אויך איצטער ביסטו ניט עלנט,
ס'באַגלייטן דיך הײַזער — פאַרשטיינטע מאַכשאָוועס,
און געסלעך,
און פרויען מיט בערגיקע בײַכער...
און כאָלעמסט, אז באַלד וועט געשען מיט דיך וואונדער,
גלײַך ווי דו וואָלסט זיך אַריבערגעקליבן
אין א דירע א צווייטע.

וואָס האָט אַן אויסבליק
צו עפּעס אַ רויִקן, צײַטיקן גאָרטן,

נאָר ווען ס'האָט מיך פּלוצעם אַ שטאָלענע רעגע
באַפאַלן די אָפּגעטייט-שיקערע גלידער,
ווי ס'לאָזט זיך אַראָפּ אַ באַנעגלטער שפּאַרבער
אַף דער אַנדרימלטער טויב אין דער נידער —

האָב איך באַגעגנט מײַן אייגענעם שאַרבן...
פינגער צעבראָכענע ציִען זיך, פרעגן,
און ווי יעכעזקל אין טאָל פון די ביינער
קלאַפּט מיר אַ מעכטיקע זעונג אַנטקעגן:

אײַזערנע ווענט קעגן אײַזערנע שטערן
צוימען, באַרינגלען אַן אײַזערנע טפיסע.
דאָ, ווי אַן אײַזערנער פלאָנטער געדאַנקען,
קנוילן זיך קופּעס אין אײַזערנער גסיסע.

ווער האָט געבראַכט זיי אין נאַכט פון קאָלנידרע,
ווער קען זיי העלפן, זיי שרעקן אַן אָרעם?
מיר דאַכט, ס'האָט אַן ערדציטער אַף אַ בעסאַלמען
אַ וואָרף זיי געטאָן אויס די ווערעמיקע קוואָרים!

זײַנען דאָס מייסים? זיי ריידן דאָך, שמייכלען,
אונטערן ליכט פון אַ פּראָסטיקן מילכ־וועג...
און אין אַ ווינקל סע ציטערט אַ זויגלינג,
ציט זיך צו מאַמישער ברוסט, צו איר מילכ-וועג.

אויב ניט קיין מייסים, וואָס וואַרטן זיי רויִק
אַף שאַרבן-געקראַך, אַף באַשטימטער צעשטערונג?
ייִדן, די אײַזערנע ווענט זײַנען שפּינוועבס,
ייִדן, אַקעגן דעם טויט — אַ פאַרשווערונג!

זאָלן זיך שליסן צעוואָרפענע קנאָכנס,
זאָלן אַ שלאָג טאָן געבונדענע שטראָמען!
לעצטע צום לעבן און ערשטע צום אומקום,
לאָזט ניט פאַרשנײַדן דעם מעכטיקן זאָמען!

מאָרגן, ווען רויט וועט אַ קריי טאָן דער כורבן,
וועלן, ווי טירן, זיך עפענען גריבער...
ייִדן, סע נאַרט אײַך פונוויטן אַ קישעף,
פאַרברענט זײַנע אויגן און שפּרײַזט איִם אַריבער!

אינמיטן דער נאכט, ווען ארוף צו די שטערן
האָבן געצויגן זיך הונדערטער אָטעמס,
ווי קנעכט אף די קני,
און ס'זײַנען די מאכנעס געלעגן פארשטארטע
מיט פענעמער קעגן געקרייציקטן גורל —
האָב איך געשוועבט צווישן קנויליקע גופן,
און זיי, ווי א שפיגלראָד,
האָבן געדרייט זיך
און יעדער באזונדער —
א טייל פון מײַן אויסזען:
דער זאָקן אין טאלעס,
פארדאוונט ווי פריִער,
(ער הערט ניט קיין זיפצן,
געזאנג פון מאלאָכים...)
די מאמע, וואָס דריקט צו איר הארצן א פּוסטקײַט,
א פּאָר אין באהעפטונג
(מיסטאמ — כאָסן-קאלע).
א ייִדל, וואָס הענגט אף א האָק
ווי אין יאטקע.
און דער,
באם באהאלטן זײַן גאָלד אין א קניפּל...
א מאן מיט א גאָלמעסער צווישן די פינגער,
דער באָכער, וואָס זינגט:
„דאָס וועט זײַן שוין דער לעצטער".
און די פרוי מיטן אָפענעם קלאפיקן לײַב,
וואָס ווארפט זיך אין פּאליקע
קעגן לעוואָנע.
ס'האָט מיר געדאכט:
איך בין יעדער באזונדער,
אין איטלעכנס לײַב
בין איך בלוטיק פארקנאָטן.

ד

נאָר דאָ האָט מײַן עסיקער בליק זיך פארשפּיזלט
אף עפּעס א פּאָנעם — און ס'פּײַפט שוין און ריזלט
די בענקשאפט — א פלאם אונטער אײַז.

פון טונקל דאָס פּאָנעם קוואלט אוף מיר באקענטער,
— לעוואָנע, ארויס פונעם וואָלקן, קום נענטער!
געשווינדער — דאָס פּאָנעם באלײַכט!

לעוואָנע באַלייכט, און א ווירבל מיט פונקענ
סע דרייט זיך אלץ טיפער אינ מויעכ פארזונקענ
און דרייט דאָרט צרײַנ דאָס געשטאלט.

און ס'טוט מיר א פלאצ, ווי א שויב, די נעשאָמע:
— ס'איז ער, מײַנ פארשוווּנדענער זונ, ס'איז מײַנ יאָמע!
איכ האָב דאָכ באגערט אימ צו זענ...

באגערט — און אצינד איז מעקויעמ די טפילע,
אצינד פארנ סאָפ. און ער וייסט ניט אפילע,
און זע, ווי ער דרימלט אינ רו:

די באקנ — פארדארט, אויסגענאָגטע פונ ווייענ,
און טונקל און בלייכ, ווי א שאָטנ אפ שנייענ,
און ווינטיק-פארקאָלטנט די באָרד.

ווי עלנט סע וואָגלט דער קנייטש אפ זײַנ שטערנ!
די שפּיציקע הוט — מיט א בלוט-רויטנ שטערנ,
און ס'לײַב אינ צעפליקטנ שינעל!

ליפּנ אינ פיבער,
מעשוגע פאר פרייד,
שרעקט אימ ניט איבער
מיט אײַערע רייד,
זאָל ער נאָכ דרימלענ, דרימלענ...

זאָל ער קוימ שפּירנ,
ווי ליבנדיק-זיס
טוט איר באַרירנ
די וווּנדיקע פיס
מיט ניט קיינ גערעדטע ווערטער.

פונוואַנענ? ווער האָט אימ
אהערצו געבראַכט?
ווי לויטער זײַנ אָטעמ
באפליגלט די נאַכט,
די נאַכט פונ קאָלנידרע!

שטילער, ניט פרעגנ,
כ'בינ ווידער אליינ.
די נאַכט נעמט מיכ זעגנ
מיט זעג פונ געוויינ.
שוינ איבערגעזעגט, מײַנע ווערטער...

איך גאפ און באטראכט אין דער טפיסע מײַן שאָכן;
אלץ אזוי אָכן, און אלץ איז געהיימיש...
די אפּלען
ווי ליכט דורך א נעפּל זיי צאפּלען,
די ברייטלעכע נאָזפליגל פּאָכן, פּאָכן,
זיי האָבן דערשמעקט עפּעס היימיש
געביין,
ער קאָן נאָך א בראָך טאָן מײַן מאסקע פון שטיין
און דערפילן די אויגן, וואָס ברענען.

ניין!
ער טאָר ניט זײַן טאטן דערקענען.
טויזנט מאָל שווערער וועט זײַן דער צעשייד,
איך מוז פארהאקן דעם סאָד אין א פורעם.
ווײַל פאראן אזא פרייד, אזא סאמיקע פרייד,
וואָס איר אין פאַרגלײַך איז א שפּילכל יסורים.

ה

איך:

זײַט מוחל, עפּשער העלפן אײַך? די נאכט
איז בלענדיק-ווײַס, ווי אָקאָרשט אויסגעגאָסן
וואָלט עמעץ אײַך צופוסנס די לעוואָנע.
און אינעם ליכט איז דײַטלעך צו באמערקן
א שנירל בלוט, זיך דריבלענדיק אין שווארצן
פון אופגעפּלאצטע וווּנדן אפ די פיס, —
מײַן פרײַנט, איך וועל אײַך העלפן זיי פארבינדן.

מײַן זון:

א דאנק, זאָל בעסער אויסרינען אינגאנצן.
אליינוויליק זיך ראטעווען פון גורל,
ס׳איז בעסער ווי דורך זיי...

איך:

ניטאָ קיין בעסער.
עס איז דער מאָרגן קיינעמס קיין פארמעג ניט,
אזוי איז אלעמאָל געווען, אויך — איצט.
און איר זײַט שטארק, ניט יאָגט אוועק דעם ווילן:
איר ל ע ב ט, איז לאָזט ניט אויסרינען דאָס בלוט.
ס׳האָט פײַנט די פרײַ
געווינט צו זײַן געפאנגען,
פארקערט ווי מיר...
און וואָס עס וויל דער מאָרגן,
דאָס איז א סאָד,
וואָס מאָרגן ווייסט אליין ניט...

**מײַן זון:**

כ'בין ניט געווינט צו טראַכטן אַזוי טונקל.
דער סאָד איז קלאָר, און אָפן איז דער מאָרגן.
ווען ס'קײַקלט זיך דער באַרג-שטראָם באַרג-אַראָפּ,
איז ווער ער ניט דערקײַקלען זיך אַרופּצו.
איך האָב ניט מוירע פאַרן טויט. איר זעט?
אַ קריגסמאַנן בין איך, כ'בין אַ רויטאַרמייער,
סע האָבן שטענדיק טויטן מיך באַגלייט,
ווי עס באַגלייט אַ רײַטנדיקן יעגער
אַ מאַכנע הינט.
און ס'איז מײַן לײַב געווען צו אַלע צײַטן
אַ גוט געשמידטער, אויסגעפּרוווטער פּאַנצער.
און האַקט אים דורך דעם סוינעס בייזע קויל,
איז דעמלט מיט דער בלאַנקער שווערד זיך ראַנגלען.
און האַלט אַרויס די שווערד — איז מיט די הענט,
אַז יעדער פינגער זאָל אַ מעסער ווערן.
צעברעכן זיך די מעסערס — איז אַ שפּרונג,
און מיט די ציין דעם גאָרגל אים צעפליקן.
און האָב איך אַלצדינג אָנגעווירן — דעמלט,
אַ רויִקער, ניט אופּשטײַן שוין פון אָרט.

נאָר קנעכטיש, אָן אַ האַפט איז איצט דער ווילן,
אָט ליג איך דאָ אין שטאָט פון מײַן געבוירן,
די פיס אַדורכגעוווּנדיקט, און איך וואַרט...

**איך:**

איר זענט אַ ווילנער?

**מײַן זון:**

יע, איך בין געבוירן
אין זאַוואַלנע הויף, מע רופט מיך יאָמע קאַגאַן...
ווי גליקלעך וואָלט איך זײַן, ווען צו מײַן אויער
דערגרייכן וואָלט אַ גרוס פון טאַטע-מאַמע,
אַ גרוס פון זיי צו מיר — און ניט פאַרקערט.
די ליבשאַפט, אײַנגעלאָשן אין מײַן לײַב,
וואָלט ווידער זיך צעגליט אין פרישע פאַרבן...

**איך:**

קען זײַן, דער טאַטע לעבט, וואַרט אויף, איך קען אים...
כ'האָב גראָד געווינט אין זעלבן הויף, צוזאַמען,
מע רופט אים זכריה... האַ?

**מײַן זון:**

אַזוי, אַזוי...

איר האָט געזען מײַן פֿאָטער? איז געוויס
דאָך איַינגעבויערט זײַן געשטאַלט אין אײַער!
דערנענטערט זיך, און לאָזט מיך אים דערפֿילן!
צי האָט ער ווען גערעדט...

**איך:**

ער האָט ניט איין מאָל
דערציילט מיר טאַקע וועגן עלטסטן זון...
ווי לאַנג שוין האָט איר ניט געזען דעם פֿאָטער?

**מײַן זון:**

מיט צוואַנציק יאָר צוריק בין איך אַנטלאָפֿן
צו קעמפֿן מיט פּעטליורעס אויף אוקראַינע.
דערשלאָגן אים — און דאָרטן שוין פֿאַרבליבן,
געבויט אַ היים. זיך אויסגעזוכט אַ ווײַב,
געלערנט שפּעטער אין דער אַקאַדעמיע
און ניט פֿאַרביטן קיינמאָל דעם שינעל...
פֿאַרגעסן האָב איך, אַז מע רופֿט מיך זשיד,
פֿאַרגעסן, אַז מע קען נאָך ניט פֿאַרגעסן...

און קוים איז וואָכן עטלעכע אַריבער,
ווען הינטער קיעוו, אין אַ גרויסער שלאַכט
פֿאַרוווּנדעט האָט מיך דער עקלדיקער סוינע,
דערנאָך — אין מײַן געבוירן־שטאָט פֿאַרטריבן.
און דאָ האָט זיך אַרויסגעבריט אַ מאַסער
און אָנגעוויזן מיט אַ שטעקן: „יענער
איז ניט פֿון אונדזער שטאַם". און דערמיט האָט מען
אַ שפּיצעכיקע לאַטע אָנגענאָדלט
און ווילן לײַב מײַנס און געבראַכט אַהער
צוזאַמען מיט אַ בלינדער מאַכנע ייִדן,
וואָס האָט מײַן גוף געטראָגן אויף די הענט,
ווײַל גיין מיט זיי האָב איך ניט מער געקענט...

אַצינד — וואָס זאָל איך טאָן? איך ווייס, אַז מאָרגן
פֿאַרקילן וועט ווי בלײַ מײַן לעצטער אָטעם.
כ'בין שטאָלץ, וואָס איך וועל שטאַרבן, ווי אַ ייִד,
מיט אַלעמען אינאיינעם... נאָר פֿאַרוואָס
געלאָזט האָב איך זיך פֿאַנגען ווי אַ כײַע —
און ווען דער גוף איז דורכגעקוילט געוועזן,
זיך ווײַטער ניט געראַנגלט כאָטש
מיט אייגענעם געדאַנק
און אויסגעקליבן גנאָד —
אָט דאָס איז שרעקלעך!

**איך:**

ניט אלעמאָל טוט גוטסקייט דער געדאנק.
פאראנ א רעגע — ווערט א שטרוי דער ווילנ
אונ שרעקלעכקייט איז אָנ א גרונט ווי פרייד.
פארוואָס, מיינ ליבער, זוכט איר ניט קיינ וואָרט,
א וואָרט, וואָס זאָל ארייננזאפנ די גסיסע
פונ צענער, טויזנטער האמונים יידנ,
וואָס ניט מע האָט פארווונדט זיי אינ א שלאכט,
נאָר לעבעדיקע שפאנענ זיי געהאָרכיק
צום טויטנטאָל, ווי איך, ווי זיי, ווי אלע,
צי זענט איר אויסדערוויילט, צי זענט איר בעסער?

**מיינ זונ:**

פאר מיר איז קוידעם קאמפ, איך בינ א קריגער...

א רעגע פריער האָט זיך מיר געוויזנ
דורכ דרימלדיקער נעפל-שיינ, מיינ טאטע.
האָט אויסגעזענ ווי איר, אינ זעלבע יאָרנ.
אונ רייד האָט ער גערעדט ווי איר, א צופאל!
נאָר איך האָב אימ געבעטנ: טאטע, טאטע,
א בעסער נעמ אונ עפנ מיר די ברוסט,
עס זאָל פונ דאָרט ארויספליענ מיינ לעבנ —
ווי ס'פליט ארויס א פויגל פונ א ברענענדיקער שטייג.
אצינד וואָלט איך עס בעטנ אייך, א פרעמדנ.

ו

אונ דעמלט האָב איך אפ מיינ צונג דערפילט צעשטויסנ גלאָז,
אפ זייער שארפ — צעשניטנ מיינע ווערטער אינ ביזויענ.
זיינ בליק האָט מ'ר די האָר געריכנ גלייכ ווי בינטלעכ גראָז.
איך האָב גע'שטומט, אונ שטומענדיק האָט גאָט געהערט מיינ וויינ:

...האָסט ווידער זיך געזעטיקט מיט מיינ יאָמער דעמ געהיימענ,
פונ מיר וועבסטו ארויס דעם איינסאָפ פונ יעסורים!
פארוואָס בינ איך ניט רויער ליימ, א טייל פונ דיינע ליימענ?
פארוואָס איז דיר מיינ גייסט א טויטע אויג, פארכאפט אינ שטורעמ?

געבעטנ האָב איך — האָסטו מיינ געבעט אינ פלייש פארקנאָטנ.
געפונענ אימ—דעמ לעצטנ זונ, געפונענ — ערעוו גסיסע.
א שאָטנ כ'בינ געוואָרנ. גריזשענ דיינע הינט דעמ שאָטנ,
באלעקנ זיך אינ טיינעג, ווי מיט קאנדלצוקער זיסע.

צי בין איך דיר א מאָשל בלויז? בארעכן זיך, בארעכן:
מיט גאַל וועל איך פארשפּײַען דיר דײַן קוואַלנדיקן סײכל.
סו ראַטעווען מײַן קינד—אַניט וועל איך אים דאָ דערשטעכן,
דערשטעכן אויס נעקאָמע מיט געזאַנג און מיט א שמייכל.

אָ, ראַטעווע! און הונדערט מאָל בין איך דאָך גרייט צו שטאַרבן.
פארשטעל זיך פאר א שוימער, אָדער ברעך אדורך דעם טויער.
אַנטפּלעק, אַז דו ביסט דאָ, און הער דעם דונער פון מײַן שאַרבן!
אַניט וועט דיך פארשילטן מײַן ארויסגעפלאַצטער טרויער!

און כ׳וועל א לאַנגע פויסט א הייב כאָן ביז צו די מאַזאָלעס:
— דו ביסט א ראָשע! אַלדײַן גנאָד און גוטסקײַט איז א ליגן!
און ווי א הויז, וועט אײַנפאַלן די וועלט אונטער די קלאָלעס,
אינײינעם וועלן מיר פארסאַרפעט ליגן!

ז

אין פיבער-שרעקן לויערט דאָס געהער
אַף מינדסטן ענטפער. טריט. כינאָנים.
איך פיל דעם אָפּגרונט פון א קליינער טרער,
די נאַכט צעגייט, ווי כ״לעוו אַף מײַן פּאָנעם.
לעוואָנע זויגט זיך אײַן אין ווענט, אין ציגל.
דער מיזרעך גליט אַנטקעגן מיר ווי שטאָל.
איך טאַפּ די אַקסלען: עפּשער זײַנען אָנגעוואַקסן פליגל...
(כ׳וואָלט אָפּגעריסן זיי פאר אים!),
און וואַרף זיך מיטאַמאָל
אַף דר׳ערד: צי טראָגט זיך ניט א שטים,
א וואָרט, א נאָמען?
די ערד איז לעבעדיק, נאָר אָן א צונג...
דער ווײַס-צעגליטער שטאָל צעגייט אין שטראָמען,
עס קלאַפּט דער שלייף. א פאַסטקע ווערט דער אויער.
צי שמעלצט זיך ניט די טפיסע, ווי א וואַקס?
צי קען א נעס ניט דורכדרינגען א מויער?
צי קען א גראָז ניט געבן א צעוואַקס
אין וואַלד-געווילד, אַז קיינער קען ניט כאַפּן?..

שא.
די כושים וואַרפן זיך פאָרויס, פאָרויס
דערטאַפּן
דעם רייעך פונעם שוועבנדיקן אויסלייזער! צוגלײַך
טראָגט זיך מיר די אויסלייזונג אַנטקעגן,
ווי א שטילער טײַך
צווישן יאָמערדיקע ברעגן;


116—19

איך שטרעק א האנט, וויל אָנכאַפּן מײַן גאָט!
א רעגע... נאָך איין צי... איך האָב אים... אָט...

און דורכן הויף, אין ברוינער אוניפאָרם
און אײדלשטיינער-אָנוווּקס אף די הענט,
מיט ערנ-קרייצן אפן רעכטן אָרעם
און בליקן צו דער ערד אראָפּגעווענדט, —
באַווײַזט זיך מיר דער דײַטש... די שטיוול גלאַנצן
מיט עכטן אַרישן קאָליר.
די מענטשן-מאַסקע — ניט קיין צוק און ריר —
פאַרשטיינערט, אָן א קנייטשעלע אינגאַנצן;
א קאַלבן-פּיסל מיט א לאַנגן עק
פון בייגעוודיקע דראָטן פּויסטיק האַלט ער.
מיט דעם איז ער געווינט, א מירמל-קאַלטער,
צו טאָן א שניט, א פײַפנדיקן וועק
די זשיפּיקע קאָרבאָנעס פאַרן שיסן,
ער האָט זיי אייגנטלעכ דאָך ליב, געוויס!
א נײַער גאָלד-מעדאַל איז דער געוויסן!
און זעט ער, ניט געקוקט, א מיידלס פּיס,
צעשפּרייטסן זיך באַ אים די נאָזלעכ: יענע
וועט מוזן אים אליין געהערן באַלד!
צוערשט — א קויל, זי צאַפּלט זיך, זי־פאַלט,
און פאַלנדיק — ווי אײַנגענעמ די סצענע!
א כאַפּ טאָן זי... נאָר גלײַך איז ער באַהערשט:
סע קען נאָך עמעצ זײַן געדאַנק דערהערן,
פאַר אים איז די קאָלעקציע בלוט צוערשט,
קיין לעבעדיקער טאָר דאָס ניט באַגערן!

און מיטאַמאָל: א בײַטשיקער געהויל:
„צוזאַמען אופשטיין!" און די מידע ייִדן
זיי נעמען שפּרינגען פון דעם גראָען קנויל,
ווי עמעצ וואָלט זיי האַנט אין האַנט פאַרשמידן.
און דורכן אײַנגעגליווערטן שפּאַליר
מאַרשירט דער האַר. דאָס פּאָנעם ראָז, באַגיניק:
„איך בין דער קיניג אײַער, קניט פאַר מיר
און שרײַט דערבײַ: זאָל לעבן אונדזער קיניג!" —
די מאַסע גלײַזט. מע קוקט זיך אָן דערגעבן;
ס'איז שטיל. נאָר שטום-געבוירענע, מיר דוכט,
באַקומען לאָשן און מע שרײַט: „זאָל לעבן!"
און פאַלן אַף די קני, און יעדער זוכט
דעם קיניג צו געפעלן: עפּשער... טאָמער...
און ער אליין, פון קיינעם ניט באַגליט,

ער לאָזט זיך אָפּ די רוקנס קאַלטערהייט,
און ס׳פּייפט זײַן בײַטש אין לאַכיקן געיאָמער.

און שפּרײַזנדיק אַפּ קרעכצנדיקע ביינער
מיט זיכערן געביטערישן טראָט,
באַמערקט ער צווישן דעם האַמוין, אַז איינער
האָט ניט דערפילט זײַן קיניגלעכן געבאָט
און ליגט אַפּ דר׳ערד, און ס׳ברענט אין זײַנע ווונדן
די זון, ווי אין פרימאָרגנדיקן טוי.
און גלײַך ווי צו די פיס אים צוגעבונדן,
אַן אַלטער מאַן שווײַג וואַקלדיק און גרוי —
דער טאַטע לעבן זון. דעם קיניגס פּאָנעם
פאַראָדערט זיך, ווי אַ געהיימע שפּין
וואָלט אויסגעפּעדעמט דאָרטן איר געשפּין:
צי ווידערשפּעניקט עמעצער דעם טראָן אים?
און מיטן קאַלבן-פּיסל גלײַך אַ שניט:
„אַזוי! פאַראַן אַזאַ, וואָס שטעלט זיך קעגן?
ס׳געפעלט מיר... ניט געזען אַזאַ מין ייִד" —
און ס׳גיבן זיך עלעקטריש אַ באַגעגן
די בליקן זייערע: אַ רעגע... צענ׳...
סע האַלט ניט אויס דער קיניג... ווערט דערצערנט:
— ווער ביסטו, הונט, ווער האָט דאָס דיך געלערנט?
אַ רויטער שטערן גאָר? איז לאָמיר זען,
ווי ס׳וועט אַזאַ פונדעסטוועגן זיך בוקן. —
נאָר פּלוצעם: כליופּ... אין קיניג פאַלט אַ שטיין,
אַ שטיין מיט שאַנד אין מאָרדע אים געטראָפן
פון דעם צונויפגעבראָכענעם געביין,
וואָס קוקט דעם טויט אַנטקעגן קאַלט און אָפן.
דער האַר איז בלייך, צעטומלט, פינגער צוקן.
סע פאַלט זײַן קרוין! ער וויל אַ שרײַ טאָן: וועכטער!
און כאַפּט דאָס וואָרט צוריק. עס קומט אַ גרילץ,
געמישט מיט מוירע, טײַוועס און געלעכטער,
די בלייכע ליפּן ווערן בלוי ווי מילץ,
און וועגן באַגנעטן, דאַכט זיך, ניט גערופן,
דערלאַנגענע פון די ווינקלען זיך אַ טראָג,
באַשיצט ער מיט די אָרעמס ביידע גופן,
ער איז נאָך האַר, זײַן ערע האָט אַ וואָג,
ער וועט אַליין באַפרײַען זײַן רעציכע!
און ניט אַזוי זיך, מיט אַ שניט, אַ שאָס...
עס שלענגלען די געדאַנקען גיכע, גיכע,
און ס׳קומט די פּײַניקונג אין פול ער מאָס:

„די ציגנער וועל איך אויסשנײַדן אײַך ביידן,
און איר אליין וועט הערן זייער שטים!“
נאָר באלד פארגייט ראכמאָנעס אין זײַן ריידן,
אין גנעדיקײַט פארוואנדלט זיך דער גרים:
ער ציט ארויס פון זילבער-שייד א שמאָלן,
א גילדענעם קינזשאל, ער בייגט זיך צו
און גיט מיר אים געלאסן: — „טו דאָס דו,
און ס'וועט דײַן קאָפּ מיט גאָרנישט ניט באצאָלן“.
און דעמלט... ווי סע האָט נאָר דער קינזשאל
באַרירט מײַן דלאָניע, האָט אין מיר א צווייטער
אין טיפסטער טיפעניש געטאָן א שטראל,
א הייב געגעבן מיך, ווי אפּ א לייטער.
איך האָב דערזען אין שכאָלענעם געשפיגל
מײַן לעצטן זונס פארלאָפענע שווארצאפּלען.
קיין אויסלייזער ניטאָ און ניט קיין פליגל, —
די רויע גלידער שלײַדערן זיך, צאפּלען.
צוקאָפּנס ווארט דער שמייכלדיקער סגליען,
און ס'פּײַפט זיך צו א פויגל אפּ א צווײַג...
ער'ט אײַנעצן מײַן זון די האָר און סמאליען,
פארפּײַניקן מיט דאָקטערשן געשווײַג!
און גאָט אליין האָט ניט געהערט מײַן טפילע,
ער האָט געשלאָסן שוטפעס מיטן קאַט.
מיט דעם וויל ער זיך אָפּפאַטשן נאָך נילע,
מיט מײַנע זין די פיר איז ער ניט זאַט.
און מיט א ײַ ן שפרונג האָב איך דאָס בלאנקע אײַזן
מײַן לעצטן זון אריינגעזעצט אין ברוסט!
— אזוינס קען טאָן דײַן טאטע און באווײַזן
פאר דעם, וואָס האָט דיך פּײַניקן געגלוסט! —

ט

און וואָס געשען איז ווײַטער? ס'האָט די ערד זיך ניט געשפּאָלטן,
די זון איז ניט אראָפּגעשפּרונגען מיטן קאָפּ אפּ שטיינער.
נאָר טויטנוואָגנס האָבן אונדז ארומגעצוימט, ווי וואָלקנס
אײַנגעשלונגען
און געבראכט אהינצו,
ווו קראָען האָבן זיך א הייב געטאָן מיט אָפּשײַ,
זיך אָנגעהאנגען ווי א שווארצע ברוכט
אפּ געלע צווײַגן,
דערוואַרטנדיק א נײַע, רײַכע סודע.

און ווען דער קוילן-הײַשעריק
האָט ווידער מיך געמיטן, —
צי איז ער דעמלט זאַט געווען,

צי מײַן פּלײש צו זויער, —
איז מיך, דעם לעבנ-בלײַביקן,
א שווארצע קראָ באפּאלן,
און כאָטש איך האָב געאָטעמט,
האָט זי מיך געפּיקט אינ שטערן...

אזוי האָט אינ א יאָר ארום דערציילט מיר
אינ געטאָ, צו קאָלנידרע, ער אליינ,
דער איציעוודיקער ייִד און אָפּגעשיילט מיר
דעם גורל זײַנעם ביזן סאמע ביינ.

און רויִק זײַן קאָל,
ווי א קוועלכל אינ טאָל,
באנאכט מיט לעוואָנע באגאָסן.
און איך האָב געלאכט:
„ווער'ט געוווּנען די שלאכט?"
און זײַן גורל אינ מײַנעם אײַנגעשלאָסן!

פארענדיקט דעם 2/6 1943 אינ ווילנער געטאָ.

—— ★✦★ ——

## מ. גאָלדשטיינ [1]

# אַנ אײַנפאַל פונ א דײַטש

אינדערפרי האָט דער קאָמענדאַנט פונ פּרעלעבנ באַפוילנ, אַז מע זאָל צו אים אַרײַנפירנ די צוויי ייִדנ: לייזער־וואָלף דעם באַלעגאָלע אונ דעם שנײַדער שלוימע־דאָוויד. דער קאָמענדאַנט פעלדפעבעל קליינקאָפּ איז געזעסנ באַם טיש אונ געגעסנ אָנבײַסנ. ער איז געווענ גוט געשטימט אונ האָט געקײַט מיט א זעל־טענעמ אַפּעטיט. עס איז געווענ זייער א שיינער פרימאָרגנ, אונ דער פעלדפעבעל האָט געהאַלטנ, אַז די זונ שײַנט נאָר פאַר אים, אונ אַז הײַנט איז זי ליכטיקער ווי יעדנ טאָג, אונ זי וואַרעמט מער ווי שטענדיק. אינ די צוויי ייִדנ, וואָס גייענ געלאָסנ אויס פונ הונגער, האָט ער זיכ דערמאָנט פּונקט אינ דער מינוט, ווענ זײַנ באַדינער האָט אים דערלאַנגט צום טיש די גרויסע שיסל קאַרטאָפליעס מיט א שטיק געבראָטנ כאַזער־פלייש, א צופרידענער שמייכל האָט זיכ באַוויזנ אויפ זײַנ פּאָנעמ.

— בורשע, ווי לאַנג קענ א ייִד לעבנ אומגעגעסנ? — האָט ער פאַרגעבנ דעם באַדינער זײַנעמ א פראַגע.

— עס איז געווענדעט אינ אײַכ, הער פעלדפעבעל, — האָט דער סאָלדאַט געענטפערט, ניט לאַנג געטראַכט.

דעם פעלדפעבעל איז זייער פײַנ געפעלנ געוואָרנ דער ענטפער אונ, קוויקנדיק זיכ מיט דעם זעלטענעמ אײַנפאַל זײַנעמ, האָט ער געהייסנ אַרײַנפירנ די צוויי ייִדנ.

אינעמ אַלטנ שטעטל, וואָס איז געשטאַנענ לעבנ דעם הויז פונ דער קאָמענ־דאַטור, זײַנענ געזעסנ די צוויי ייִדנ. דער וואַכ־סאָלדאַט, וואָס האָט אָפּגעהיט די קאָמענדאַטור, האָט פונ צײַט־צו־צײַט אַרײַנגעקוקט צו זיי דורכ א שפּאַרע פונ דער טיר אונ געהיטנ, אַז די ייִדנ זאָלנ רויִק אויסגיינ פונ הונגער. קיינער זאָל זיי ניט שטערנ אונ ניט צוהעלפנ. אינדערפרי האָט דער סאָלדאַט געזעענ: די אַרעס־טאַנטנ זיצנ אייגער אַנטקעגנ דעם אַנדערנ אויפ דער ערד, באַטראַכטנ א פּאָר צעריסענע שטיוול אינ שעפּטשענ זייער שטיל, קלאַפּנדיק מיט די ביינערדיקע פינ־גער איבער די פאַרטריקנטע אויסגעריבענע זוילנ.

„די ייִדנ האַנדלענ פאַרנ טויט מיט אַלטע שטיוול“, — האָט דער דײַטשישער קאָפּ א טראַכט געטאָנ אינ האָט אוועקגעשפּרײַזט אָפּהיטנ, אַז דעם קאָמענדאַנט זאָל באַלילע קיינ שלעכטס ניט געשענ.

א גאַנצנ אינדערפרי האָט לייזער־וואָלף אײַנגעטײַנעט מיט שלוימע־דאָווידנ, אונ ער האָט אים געוואָלט אײַנריידנ, אַז די שטיוול וועלנ אים נאָכ צונוצקומענ, אַז ער דאַרפ זיי אָפּהיטנ. שלוימע־דאָוויד האָט אים אָנגעקוקט מיט זײַנע אויסגע־טריקנטע אויגנ, אינ דאָס גרויע בערדל האָט געציטערט:

---

1 דעם 11־טנ אויגוסט 1943 יאָר איז כ׳ מ. גאָלדשטיינ העלדיש אומגעקומענ אפנ פראָנט אינ קאַמפ קעגנ די דײַטשישע פאַשיסטנ.

— מיר איז אלציינס. יאָ שטיוול, ניט שטיוול. אונדזערע ברידער האָבנ אינ אונדז פארגעסנ, אָדער מע האָט זיי אלע אויסגעהארגעט אינ וואלד. אליינ וועלנ מיר זיכ פונדאנעט ניט ארויסראטעווענ. ס'גיטאָ קיינ קויכעס צו באָרענ זיכ מיטנ דייטש...

לייזער=וואָלפ קאָנ ניט פארטראָגנ, אז מע רעדט אימ פונ טויט, אונ ער בעט זיכ:

— שרעק ניט מיט יענער=וועלט, שלוימע=דאָוויד. ווי לאנג קרענקט דער דייטש, אז איכ זאָל ליגנ פאר אימ ווי א געפייגערט פערד. ער וועט מיכ אזוי גיכ ניט אויסמאָרענ. איכ שטאמ פונ א געזונטער מישפאָכע, מיינ זיידע האָט צו ניינציק יאָר געמאכט א ברים, אונ מיינ מאמע האָט צו זיבעציק יאָר גענומענ א יונג ווייבל.

אפ שלוימע=דאָווידס פארברענטע צעטראסקעטע ליפנ באווייזט זיכ א שמייכל. אז לייזער=וואָלפ דערזעט דעמ שמייכל, פארקלעמט אימ דאָס הארצ. עס איז ניט קיינ שמייכל, נאָר א גרימאסע, וואָס דריקט אויס שטארקנ ווייטעק, טיפנ פיינ.

— וואָס ביסטו דענ בעקוימער צו טאָנ, אז א האלבע וועלט ליגט באמ דייטש אינ טפיסע? — פרעגט שלוימע=דאָוויד אונ שאָקלט באדויערנד מיטנ קאָפ. לייזער=וואָלפ פארטראכט זיכ אפ א מינוט, פרוווט אפנ צאָנ דעמ שפיצ פונ זיינ האָרטער געלער וואָנצע אונ זאָגט מיט א ניינ פונ א שטארקנ מיווונ:

— אונ די אנדערע האלבע וועלט וועט דעמ דייטש דערשטיקנ. וועסט זענ, שלוימע=דאָוויד, מיר וועלנ נאָכ פראווענ א גרויסע סימכע באמ קייווער פונ אונדזערע סאָנים.

שלוימע=דאָוויד האָט א שווערנ זיפצ געטאָנ אונ האָט אראָפגעלאָזט דעמ גרויענ קאָפ צו די קני. אינ דער מינוט האָט זיכ געעפנט די טיר, אונ דער סאָלדאט האָט א געשריי געטאָנ:

— ארויס, יידנ!

לייזער=וואָלפ איז בלאס געוואָרנ אונ האָט זיכ שווער אופגעהויבנ. שלוימע=דאָוויד איז גלייכ אופגעשטאנענ, ווי ער וואָלט שוינ לאנג געווארט אפ דער מינוט, ווענ מע וועט אימ רופנ שטארבנ, אונ האָט אינ דער שטיל פאר זיכ אָנגעהויבנ זאָגנ ווידע.

אינ דרויסנ האָט געשניינט די זונ. אינ דרויסנ האָט געשמעקט מיט פרילינג. לייזער=וואָלפ האָט א שלונג געטאָנ די פרישע לופט אונ האָט זיכ אויסגעגלייכט. אונטערגעטריבנ פונעמ סאָלדאט, האָט ער א שפריינ געטאָנ פאָרויס. הינטער אימ איז געגאנגענ שלוימע=דאָוויד. דאָס גרויע שיטערע בערדעלע האָט געציטערט, אונ דער אלטער איינגעטריקנטער גופ האָט זיכ געבויגנ צו דער ערד.

צו זייער גרויס וווּנדער האָט מענ זיי ניט געפירט גלייכ שיסנ, נאָר מע האָט זיי ארונגעטריבנ אינ הויז פונ דער קאָמענדאטור, צומ פעלדפעבל קלייןקאָפ. אויב די ארעסטאנטנ זיינענ איצט געווענ בא די קלאָרע געדאנקענ, האָבנ זיי אינ דער מינוט געקאָנט טראכטנ נאָר פונ איינ זאכ: „באלד וועט זיכ אָנהייבנ א נייע מאטערניש, דער דייטש וועט זיי ניט לאָזנ אויסגיינ רויק". פריער האָט מענ זיי דאָ געשלאָגנ, געטראָטנ מיט די פיס, געברענט מיט אָנגעגליטע אייזנס, מע האָט זיי אָנגעטאָנ שרעקלעכע יעסורימ. מע האָט געוואָלט בא זיי דערגיינ איינ קלייניקייט: ווו באהאלטנ זיכ אויס די פארטיזאנער אונ נאָכ וואָס זיינענ זיי בייזע, דער שניידער מיטנ באלעגאָלע, געקומענ אהער, ווענ די גאנצע יידישע באפעלקעראנג איז פונדאנענ אנטלאָפנ.

דער דייטש האָט געוואָלט דערגיינ, ווער עס האָט זיי דאָ איבערגעלאָזט אונ וואָס האָבנ זיי דאָ געהאט צו טאָנ. נאָר ניט אנדערש, ווי די צוויי יידנ האָבנ בא זיכ געפוילט בעסער צו שטארבנ, איידער זאָגנ א וואָרט. דער פעלדפעבל האָט עס ניט גלייכ פארשטאנענ. ער האָט זיכ עס דערוווּסט, ווענ די יידנ זיינענ שוינ געלעגנ פארוווּנדעטע, צעמאָרדעווטע אונ צעבליטיקטע אונ האָבנ געשוויגנ ווי א שטיינ. — א פארשאָלטענע ראסע, — האָט דער פעלדפעבל געברענט פונ קאס

און האָט באַפוילן אוועקזעצן די יידן אין שטעלכל און ניט נעבן זיי עסן. „איך וויל זען, ווי לאַנג זיי וועלן אויסהאַלטן“, — האָט ער געזאָגט מיט א מאָן פון א זיגער. נאָר אָט איז שוין דער פערטער טאָג, און די צוויי יידן שטייען ווידער דאָ פאַר אים, פאַרן קאָמענדאַנט פון פרײַלעבן, שטייען נאָך אַלץ לעבעדיקע.

פעלדפעבעל קליינקאָפּ האָט געגעסן מיט אַפּעטיט און איז געזעסן זעלטן גוט געשטימט. הײַנט פײַערט ער דעם טאָג פון זײַן געבוירן. מיט אכט און צוואַנציק יאָר צוריק האָט טאַמילדע פון דיטעלדאָרף באַגליקט די וועלט. דעם טאָג, האַלט דער פעלדפעבעל, דאַרף די גאַנצע מענטשהײַט פײַערן, אַלט און יונג, נאַטיר-לעך, אַרײַער דאַרפן זיך מעסאַמייען זײַן, דאַרפן טרינקען פאַר זײַן געזונט און זיך לאָזן וווילגיין. ער גיסט אָן א גלאָז ווײַן, הייבט זי אויף און פרעגט די אַרעס-טאַנטן: — יידן, איר ווייסט, וואָס פאַר א טאָג הײַנט איז? — איידער עס דערגייט צו זיי די פראַגע, איידער זיי פאַרשטייען, וואָס ער וויל פון זיי, גייט אַוועק א שטיק צײַט. שלוימע-דאָוויד קנייטשט דעם שטערן, פאַרמאַכט די אויגן. לייזער-וואָלף קוקט אָן דעם דײַטש, באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס. ניין, זיי הייבן ניט אָן צו וויסן, וואָס פאַר א טאָג הײַנט איז. און אז אין דעם טאָג איז די וועלט באַגליקט געוואָרן, הערן זיי איצט צום ערשטן מאָל.

— זײַט זשע וויסן, יידן, זין פון הימל פאַרשאָלטענער ראַסע, אז הײַנט איז דער טאָג פון מײַן געבוירן. הײַנט דאַרפט איר טאַנצן פאַר מיר און זיך פרייען, פאַרשטאַנען?

לייזער-וואָלף קוקט אָן דעם דײַטש. צי איז ער בײַ די קלאָרע געדאַנקען? וואָס הייסט, ער הייסט פאַר זיך טאַנצן? וואָס זײַנען זיי בערן, וואָס מע הייסט זיי טאַנצן? אָט ווען ער קאָן איצט לאָזן טאַנצן זײַנע הענט איבערן ווײַסן געדע-געלע פונעם דײַטשל, וואָלט ער זיך פאַרשעמט מעכײַע געווען. ער וואָלט געשטילט דעם הונגער. ניין, לייזער-וואָלף ווייסט ניט, וויאַזוי ער, דער הויכער, ברייטפּליי-ציקער, פּופּציקיאָריקער באַלעגאָלע וועט זיך אַוועקשטעלן טאַנצן פאַרן דײַטש.

שלוימע-דאָוויד, פאַרקערט, האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, וואָס דער דײַטש וויל פון אים. דער אַלטער טאָג האָט זיך גשהאַט אָנגעהערט זייער פיל מײַסעס פון פריצים, וואָס האָבן געפּראַוועט סימכעס און האָבן באַפוילן, אז יידן זאָלן פאַר זיי טאַנצן. און יידן האָבן ניט אויסגעהאַלטן, האָבן געטאַנצט פאַרן פאָרעץ דעם באַרפע-טאַנץ. און דער פאָרעץ איז געזעסן מיט א בײַטשל אין האַנט און האָט זיי אונטערגעשמיסן. און יידן האָבן געטאַנצט, און פריצים האָבן געלאַכט, האָבן זיך מעסאַמייעך געווען. „שוואַכע יידן, ווײַזט אויס, זײַנען אַמאָל געווען“, — טראַכט שלוימע-דאָוויד. ער הייבט אויף די אויגן. גיט א קוק אויפן פעלדפעבעל. „דאָס דײַטשל איז ניט א זון אָדער אן אייניקל פון יענע פריצים?“ — פרעגט ער זיך אין געדאַנק. ער וויל זיך גוט אײַנקוקן אין זײַן פּאָנעם, נאָר ער קאָן ניט קוקן לאַנג אויף איין זאַך, עס פאַרדרייט זיך אים דער קאָפּ. עס איז, אַוודאי, פון שוואַכ-קײַט. די פיס ציטערן אים און ציען אים צו דער ערד, ער וואָלט זיך איצט א ביסל צוגעלייגט. נאָר דער דײַטש שרײַט: „טרינקט, יידן, ווײַן!“

— טרינקען ווײַן?

— אָנגיסן צוויי גלעזער ווײַן פאַר די טענגזאָלים! טרינקט פאַר מײַן געזונט און פאַרן געזונט פונעם פיורער!

– שוין, איצט ווייסט שלוימע-דאָוויד, אז עס נעמט אן עק, אז דאָס גיט ער זיי א טרונק פאַרן טויט. מע וועט זיי אָנשיקערן, וועלן זיי טאַנצן פאַרן דײַטשל. דערנאָך וועט מען זיי הייסן קריכן אויפן בויך, זיך שטעלן אויפן קאָפּ; מאַכן מע-שוגענע האַוואַיעס.

— ניין, — דרייט שלוימע-דאָוויד מיטן קאָפּ, און מיט זייער א שוואַך קאָל, וואָס מע הערט עס קוים, זאָגט ער, — איך טרינק ניט קיין ווײַן און וועל ניט טאַנצן.

דער דײַטש האָט אויפגעהערט עסן. ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין שלוימע-דאָווידס בלוי-הויטיק פּאָנעם, און מיט א פרייליכער קאָל האָט ער איבערגעפרעגט:

— דו ווילסט ניט טרינקענ? אונ ווילסט ניט טאַנצנ? כא, כא, דו, פאַרשאָלטענער ייִד, דו וועסט טאַנצנ ווי א בער, בילנ ווי א הונט אונ קרייענ ווי א האָנ. כא, כא, אונ דו? — פרעגט ער בא לייזער=וואָלפנ, — דו ווילסט אויכ ניט טאַנצנ?

לייזער=וואָלף האָט ניט געענטפערט. ער האָט געהאַלטנ אינ איינ קוקנ אפנ דײַטש. ער האָט אים אָפּגעמאָסטנ, ווי גרויס ער איז. ער האָט געשאַצט זײַנע קויכעס אונ די קויכעס פונעמ דײַטש, אונ ווענ ער האָט א קוק געטאָנ אונ פאַרהאַלטנ זײַנ בליק אפנ קאָמענדאַנטס האַלדז, האָבנ זיכ אינ די ווינקלענ פונ זײַנע אויגנ באַוויזנ אָנ א שיר רויטע אָדערלעכ, זײַנ האַרצ האָט אָנגעהויבנ קלאַפּנ שטאַרקער, אונ זײַנע האַרטע פינגער האָבנ זיכ אויסגעצויגנ אונ דערנאָכ האַלבקײַלעכדיק פאַרבויגנ. אינ דער מינוט האָט דער פעלדפעבעל אָפּגעשפּיליעט דעמ רעוואָלווער=טאַש, עס האָבנ א קלאַפּ געטאָנ די אָפּצאַסנ באַמ סאָלדאַט, וואָס איז לעבנ זיי געשטאַנענ אונ אפ זיי געקוקט מיט אויגנ פונ א טאַליענ. אונ פונ דרויסנ האָט זיכ דײַטלעכ געהערט דאָס האַרטע געטאָפּטענע שפּרײַזנ פונ דער וואַכ. לייזער=וואָלף האָט אָוועקגענומענ די אויגנ פונעמ דײַטשס האַלדז, אונ פונ דער טיפעניש פונ זײַנ ברוסט האָט זיכ ארויסגעריסנ א ברומ: — איכ טרינק ניט פאַרנ געזונט פונ באַנדיטנ אונ ווינטש ניט קיינ גליק די דײַטשנ!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אפ טויט, האָט דער דײַטש באַפוילנ, זאָל מענ זיי ניט דערהאַרגענענ. צו פרי פאַר זיי צו שטאַרבנ. זאָלנ זיי זיכ אָנטרינקענ מיט זייער אייגנ בלוט, — האָט דער פעלדפעבעל געזאָגט מיט פאַראַכטונג. אונ ווענ מע האָט ארויסגעפירט די ייִדנ, האָט דער דײַטש פאַררייכערט א ציגאַר אונ, קוקנדיק אפנ שוועבעלע, האָט ער צו זיכ אַליינ געזאָגט:

— אָט אזוי וועלנ זיי בא מיר אויסגיינ, נאָר פיל לאַנגזאַמער. — שפּעטער האָט ער געזאָגט צו זײַנע געסט: — די האָזיקע ראַסע מוז מענ פאַרניכטנ. צו שטאַרק לעבט אינ זיי דער לעבנס=אינסטינקט, אז מיר זאָלנ זיי לאָזנ לעבנ.

פאַרנאַכט האָט די זונ ארײַנגעשײַנט צו די ייִדנ. יעדנ טאָג פאַרנ פאַרגיינ גאַנוועט זיכ ארײַנ צו זיי א פאַס שײַנ, ווייסנ זיי, אז עס פאַרגייט א טאָג אונ עס קומט א נאַכט מיט טראַכטנ אונ וואַרטנ, מיט ברעכנ דעמ קאָפּ אונ מיט אײַנהערנ זיכ צו דער נאַכט. עפּשער וועט זי עפּעס ברענגענ, עפּשער וועט עמעצער קומענ מיט א גרוס פונ וואַלד. שלוימע=דאָוויד האָט שוינ, וואָס עמעס איז, אויפגעהערט האָפנ אפ עמעצנס הילפ. אפ זײַנע אייגענע קויכעס האָט ער זיכ אַוודאי ניט וואָס צו פאַרלאָזנ, ליגט ער אונ קרעכצט זייער שטיל. הײַנט, האָט זיכ אים אויסגעדאַכט, איז אים שוינ לאַנג צוגעפאַלנ די נאַכט. עס איז אים געוואָרנ זייער פינצטער פאַר די אויגנ. ער האָט גאָרניט געזענ... דעמ פאַס שײַנ האָט ער נאָר דערפילט, ווענ ער האָט אים א שמיר געטאָנ דאָס פּנימ. ער האָט געפּרוּווט אויפעפענענ די אויגנ, דערזענ דעמ ליכטיקנ פאַס שײַנ פונ דער פאַרגייענדיקער זונ. נאָר וואָס טוט זיכ מיט זײַנע אויגנ? ער פּרוּווט מיט צוויי פינגער זיי אויפרײַסנ, נאָר ער דערפילט א שטאַרקנ ווייטעק. ער קאָנ זיי ניט אויפעפענענ, זיי שטעכנ אים, ווי עס וואָלטנ דאָרט געשטעקט נאָדלענ.

— לייזער=וואָלף, — בעט ער זיכ, — טו נאָר א קוק, וואָס איז מיט מײַנע אויגנ? זיי שטעכנ, אונ כ'זע גאָרניט.

לייזער=וואָלף קוקט שוינ לאַנג אפ שלוימע=דאָווידס פאַרבלוטיקטע אויגנ. ער האָט ניט געגלייבט, אז דער אַלטער לעבט נאָכ. אונ ער וווּנדערט זיכ, וויאַזוי האָט ער אויסגעהאַלטנ אַזעלכע קלעפּ. ער קוקט אפ שלוימע=דאָווידס גרויסנ קאָפּ, אפ זײַנ באָרד, וואָס איז רויט פונ בלוט, אונ ער ליבט דעמ אַלטנ פאַר זײַנ שטאַרקייט. עס געפעלט אים, ווענ עמעצער שטעלט זיכ אַנטקעגנ די דײַטשנ, גיט זיכ ניט אונטער, שלאָגט זיכ מיט זיי. אָט דער אַלטער שלוימע=דאָוויד לעבט נאָכ

אזעלכע קלעפ, אָט רעדט ער, אפצולאָכעם די דײַטשנ, זײ אפצופּיקעניש אָטעמט ער נאָכ. לײזער-װאָלפ װאָלט אימ געזאָגט א װארעם װאָרט אפ צו קרעפּטיקנ, נאָר ער קאָנ ניט רײדנ. די צונג איז אימ צעשניטנ אונ געשװאָלנ, ער קאָנ נ:יט א ריר טאָנ מיט איר. דאָס מױל איז אימ פול מיט פארבאקנ בלוט, אונ אינ האלדז שטיקט אימ. ער מוט זיכ אָנ א קװיעכ, װיל עפּעס זאָגנ, נאָר עס באקומט זיכ א ברומ, א ברומ װי גאָר ניט פונ קײנ מענטשישנ האלדז ארױס.

— װאָס איז מיט דיר, לײזער-װאָלפ? — קערט אױס צו אימ דעמ קאָפּ דער אלטער, — שטארק זיכ, גיב זיכ ניט אונטער, לײזער! — ער ציט אױס די האנט, שארט אינ דער לופט אונ ער טאַפּט אָנ לײזער-װאָלפס האנט. ער שפּארט אָנ דעמ קאָפּ אָנ זײַנ אקסל: „אָפּגענומענ בא אימ דאָס לשונ", — קרעכצט דער אלטער.

עס איז געשטאנענ א קילער אָװנט פונ כױדעש מײַ. אָפּגעפּראװעט זײַנ געבורטסטאָג, איז דער פעלדפעבעל געבליבנ זיצנ באמ אָפענעמ פענצטער, געקוקט אפנ ברײטנ הימל, אפ די פעלדער אונ האָט געטראכט פונ זײַנ דײַטשלאנד. װאָס האָט זיכ צעװאקסנ אונ צעשפּרײט. װעט אײַנגיכנ אײַננעמענ די גאנצע װעלט אונ װעט הערשנ איבער אלע לענדער. ער האָט געטראכט פונ דעמ גרױסנ יאָמטעװ, װאָס די דײַטשנ װעלנ פּראװענ, װענ אפנ לעצטנ שטיקל ערד װעט דער דײַטש ארופשטעלנ זײַנ פוס. אונ ער, דער פעלדפעבעל (שױנ אװדאי דאנ לײטענאנט אָדער גאָר קאפּיטאנ), װעט קומענ װי א זיגער קײנ דיסעלדאָרפ, די מענטשנ װעלנ אימ טראָגנ אפ די הענט, די שטאָט װעט יובלענ. א ביז גאָר צופרידענער, האָט ער נאָכ פארנ שלאָפנ גײנ איבערגעלײענט די באנדיסונגענ, װאָס זײַנענ אָנגעקומענ פונקט הײַנט צו זײַנ געבורטסטאָג, אונ מיט דער רויקײט פונ א זיגער האָט ער פארמאכט די אױגנ.

עס שלאָפט דער קאָמענדאנט פונ פרײַלעבנ. אונ פרײַלעבנ ליגט געזונקענ צו דער ערד, איז אָפּגעשטאָרבנ. ארומ דער קאָמענדאטור גײט ארומ דער װאכ-מאנ, שרעקט די נאכט מיט זײַנ שװערנ גאנג. צו די טריט פונ דער װאכ הערט זיכ צו לײזער-װאָלפ. ער ליגט אױסגעצױגנ מיטנ פּאָנעמ צו דער ערד אונ קוקט מיט צװײ בלוטיקע אױגנ צו דער טיר. ער מעכט די סאָלדאטסקע טריט, װאָכ אָט דערנענטערנ זײ זיכ אונ אָט דערװײַטערנ זײ זיכ. װענ דער סאָלדאט שפּרײַזט אװעק פונ דער שטאל, שארט זיכ לײזער-װאָלפ צו צו דער טיר, שפּארט זי אָפ אונ שלינגט די קילע נאכט-לופט. ער שטארבט א טרונק, עס טריקנט אימ אינ האלדז, עס איבלט אימ דאָס פארטריקנטע בלוט אינ מױל. אײנ שלונג װאסער װענ ער גיט, װאָלט זײַנ צונג געהײלט געװאָרנ, אונ ער װאָלט װידער גערעדט װי א מענטש. נאָר װער װעט אימ געבנ װאסער? אָט, װײַנ האָט מענ אימ נעװאָלט געבנ. דער דײַטש האָט אימ מעכאבעד געװענ מיט װײַנ, ער זאָל פאר אימ טאנצנ. אנ אײַנפאל פונ א דײַטש! דאָס ערשטע מאָל הערט לײזער-װאָלפ פונ אזא זאכ. עס ברענט אינ אימ אופ א שרעקלעכער קאכ, עס צינדט זיכ אָנ זײַנ פּאָנעמ, אונ ער שלינגט די לופט שטארק אונ גיכ. נאָר אָט דערנענטערנ זיכ די סאָלדאטסקע טריט. לײזער-װאָלפ לאָזט געלאסנ אָפ די טיר. דער סאָלדאט שטעלט זיכ אָפ, לײגט צו אנ אױער צו דער טיר אונ שפּרײַזט אװעק װײַטער. אלע מאָל, װענ לײזער-װאָלפ טראכט פונעמ פעלדפעבעל, זאמלענ זיכ אָנ א שיר רױטע אָדערלעכ אינ די װינקלענ פונ זײַנע אױגנ. דאָס פארבלוטיקטע פּאָנעמ ברענט אימ אלץ שטארקער אונ די צענעריקטע הענט שטײַפנ זיכ אָנ, װי זײ װאָלטנ זיכ גרײטנ ברעכנ אײַזנ. ער װערט אלץ אומרויקער אונ אומרויקער, לײזער-װאָלפ. ער דרײט זיכ איבער פונ אײנ זײַט אפ דער אנדערער, לײגט זיכ אפנ בױכ אונ ציט ארונטער אונטער זיכ א קני, װי ער װאָלט זיכ גרײטנ א שפּרונג צו טאָנ. דאָ-אָ, אינ שכײנעס מיט אימ, שלאָפט דער דײַטש. אנ אָנגעטרונקענער, שלאָפט ער אװאדע געשמאק. לײזער-װאָלפ שטעלט זיכ פאָר, װי אינ דער גרױסער שטוב פונ דער קאָמענדאטור, אפנ בעט, װאָס שטײט אינ דער לינקער זײַט פונ ארײַנגאנג, באמ װענטל, װאָס טײלט אָפ די שטוב פונ דער קיכ, ליגט דער פעלדפעבעל

אונ שלאָפט. אינ קיכ שלאָפט זײַנ באַדינער, אינ דרויסנ גייט אַרומ די וואַכ. דאָס ערשטע מאָל פילט לייזער-וואָלף א שטאַרקנ פאַרדרוס צו שלוימע-דאָווידנ. ווענ אפנ אָרט פונ דעמ אַלטנ וואָלט געווענ אזא געזונטער ווי ער, א באַלעגאָלע, וואָלט דער דײַטש פונ לאַנג שוינ געווענ בײַ זײַנ אײדעלנ עלטער-זיידנ צוגאַסט. נאָר שלוימע-דאָוויד האָט שוינ נישט קיינ קויעכ צו זיצנ. וואָס קאָנ ער העלפנ? אונ פונ וואַלד קומט אויכ קיינער נישט. עפּשער וואַרטנ זיי נאָר דאָרט אפּ זײַנ הילפ? עפּשער געפינענ זיי זיכ אינ א גוימ? בײַ דעמ געדאַנק שטאַרקט זיכ דער ווילנ אונ דער קויעכ בײַ לייזער-וואָלפנ. ער קערט אײַנ דעמ קאָפּ צו שלוימע-דאָווידנ. ער וויל זיכ מיט אימ אײַצעגנ, דערצײלנ אימ פונ זײַנ אײַנפאַל, פונעמ געדאַנק, וואָס מאַטערט אימ, נאָר די צונג פילט אָנ זײַנ מויל, רירט זיכ נישט אונ טוט שרעקלעכ ווי.

שלוימע-דאָוויד שלאָפט נישט. ער ליגט אײַנגעקווילט אונ קרעכצט זייער שטיל. לייזער-וואָלף שאַרט זיכ צו צו אימ אונ מיט זײַנ צעשניטענער, געשוואָלענער צונג פּרוּווט ער רײדנ צו שלוימע-דאָווידנ. שלוימע-דאָוויד פילט זײַנ הייסנ אָטעמ, הערט זײַנ געמאַטערט ברומענ. נאָר ער פאַרשטייט נישט גאָרנישט, וואָס ער וויל אימ זאָגנ. אונ לייזער-וואָלף מאַטערט זיכ, ער קערט די צונג, ער אָטעמט אײַנ שלוימע-דאָווידנ אפּנ אויער:

— כ'גיי... באַצאָלנ... עס ברענט... אָט דאָ... — קלאַפּט ער מיט דער פויסט אינ ברוסט, — דערשטיקנ דעמ דײַטש... כ'גיי... — מער קאָנ ער נישט רײדנ. ער כאַפּט זיכ מיט דער האַנט צומ מויל. זײַנ פּאָנעמ פאַרקרימט זיכ פונ ווייטעק, אונ ער שאַרט זיכ צוריק צו דער טיר. ער בלײַבט ליגנ, פאַרהאַלט דעמ אָטעמ אונ הערט זיכ אײַנ. עס דערנענטערט זיכ דער דײַטש. ער שטעלט האַרטע שווערע טריט. זיי רודערנ אופ די שטילקייט אַרומ אונ הודערנ אופ לייזער-וואָלפנ. ער פילט דעמ דײַטש דורכ דער טיר, א דינע ברעט טײלט זיי פונאַנדער. ער האַלט אײַנ דעמ אָטעמ אונ וואַרט ביז דעמ דײַטשעס טריט וועלנ זיכ דערווײַטערנ. אונ ווענ זיי דערווײַטערנ זיכ, באַטראַכט לייזער-וואָלף די טיר. זי הענגט אפּ א שלאָס אונ אפּ צוויי זאַווערעס. אָט ווענ ער הייבט זי אופ אָט אזוי, בלײַבט זי הענגענ אפנ שלאָס. דאָס מיינט ער גיכ אינ שטיל. שלוימע-דאָוויד הערט קוימ, וואָס לייזער-וואָלף מיינט, נאָר ער ווייסט, אז באַלד וועט עפּעס געשענ, אינ ער שעפּטשעט שטיל פאַר זיכ: „זאָלנ דיר דײַנע הענט צענ מאָל געשטאַרקט זײַנ. זאָלסטו זיכ נוקעמ פאַרנ גאַנצנ פאָלק, פאַר די צאָרעס. זײַ מיר מויכל, איכ בינ שוואַכ אונ נישטאָ די ריע..." — לייזער-וואָלף הערט נישט, וואָס שלוימע-דאָוויד רעדט. ער לויערט. אָט דערנענטערט זיכ זײַנ רויב. באַלד וועט זיכ דער סאָלדאַט אָפּשטעלנ דאָ לעבנ אימ. ער האַלט די טיר בײַ דער אינעווייניקסטער לײַסט. ער האַלט זי שטאַרק, זי זאָל זיכ קיינ וויג נישט טאָנ. ער האַלט זי מיט די פינגער, ער האַלט זי מיט די בלוטיקע ציינ, אונ ווענ דער דײַטש שטעלט זיכ אָפּ, גיט ער א הייב די טיר אונ דעקט צו דעמ דײַטש... זיי האָבנ זיכ אײַנגעקלאַמערט, אײַנגעביסנ אײנער אינ אַנדערנ, זיכ געוואַלגערט, געדרילט אינ געשטיקט... שלוימע-דאָוויד איז צוגעקראָכנ צו דער טיר. ער האָט געטאַפּט מיט די הענט, געזוכט. ער האָט געוואָלט העלפנ...

— ווו ביסטו, לייזער-וואָלף? גיב אימ, נעריק, מיימעס, לאָז נישט לעבנ... — ער האָט געזוכט א שטיינ, א שטיק האָלצ, נאָר לייזער-וואָלף איז שוינ אויפגעשטאַנענ אונ א שפּרונג געטאָנ:

— ליג, סטערווע! — אײַצט האָט ער שוינ א ביקס אינ האַנט, ער האָט א צי געטאָנ די טיר פונ קאָמענדאַנטור. זי איז פאַרמאַכט. דאָס פענצטער שטייט אָפנ. יעדער פעלדפעבעל האָט ליב לופט. לייזער-וואָלף גאַנוועט זיכ צו צומ פענצטער. שטעלט אַריבער א פוס, דערנאָכ נאָכ א פוס. אָט איז ער אינעווייניק... אפנ טיש שטייענ פלעשער... עס פילט זיכ א ריח פונ ווײַנ... דאָ איז הײַנט דער פעלדפעבעל אלט געוואָרנ אכט אונ צוואַנציק יאָר. אָט דאָ איז אימ אײַנגעפאַלנ צו הייסנ די ייִדנ טאַנצנ... לייזער-וואָלף אָטעמט אײַנ דעמ ריח פונ ווײַנ, אונ ער

שטעלט געלאסענע הייבע טריט. ער גייט צום דײַטש מיט צוויי פארבלוטיקטע הענט, מיט א פארבלוטיקט מויל און מיט רויטע אויגן. לייזער-וואָלף הייבט אויף די ביקס. ער וויל זי אראָפּלאָזן אפן דײַטשס מוירעכל און צעשמעטערן עס, נאָר ער כאפט זיך און שטעלט ארויף די ביקס אפן זײַן האלדז. ער שטיקט אים. ער שטעלט ארויף די קני אפן דײַטשס ברוסט. ער פאלט צו מיט די הארטע פאר-בלוטיקטע פינגער צום דײַטשס האלדז און קוועטשט ארויס פון אים דעם לעצטן אָטעם.

אזוי האָט אָפּגעיאָכטעוועט דער פעלדפעבעל קליינקאָפּ פון דיסעלדאָרף, דער קאָמענדאנט פון פרײַלעבן, זײַנע אכט און צוואנציק יאָר.

יונג לייזער-וואָלף איז ארויס, האָט ער געטראָפן שלוימע-דאָווידן שטיין מיט דער קני אפן האלדז פונעם דערמאָרדעטן דײַטש. ער האָט א כאפּ געטאָן דעם אלטן פאר דער האנט, און זיי זײַנען אוועק אין וואלד—צו די ברידער די פארטיזאנער...



בינעם העלער

# וואַרשע — 1939

1

דער הימל ווערט הויכ און ווערט ווײַס,
מיט וואָלקנדלעכ ווײַסע געפּלעקט;
א קראָ פליט פארשפּעטיקט און שרײַט,
לייגט נידריק איר שאָטנ אוועק.

דער ווינט בלאָזט פארלוירנ און קיל
און בלאָנדזשעט אינ פענצטער ארום.
נאָר ס׳ענטפערט ניט קיינער, ס׳איז שטיל —
דער גלאנצ אפ די שויבנ איז שטום.

די טויב גייט ארײַנ אינ קארניז,
די פליגל צום שלאָפ לייגט זי אײַנ,
היפּט איבער די רויטלעכע פיס
און גייט אינ איר כאָלעם ארײַנ.

אזוי זעט עס אויס א פארנאכט,
ווענ שאָלעם איז נאָכ אפ דער ערד.
נאָר ס׳ווערט שוינ פונ שטילנ פארדאכט
די רו פונ די שטערנ געשטערט.

2

עס האָט נאָכ קיינער נישט פּרובירט צעשיסנ
דעם הימל. זע, ווי בלוי ער איז, ווי ווײַט.
נאָר ווי די שטילקײַט וואָלט עמעצ צעריסנ —
דער זומער איז געשטאָרבנ פאר דער צײַט.

ווער האָט די שטאָט אינ אײַלעניש פארפלאָנטערט?
ווער האָט די רויִקײַט אינ איר פארלענדט?
מײַנ קינדהײַט וואָלט אזא זי ניעט דערמאָנט דאָכ,
מײַנ יוגנט וואָלט אזא זי נישט דערקענט.

די טירן שטייען העפקערע, צעפראַלטע,
און איבער שטיגן כליאַפּעט א געוויין.
מע פרווּוט די נאָענטע מיט רייד פארהאַלטן
און מיט געשרייען שטערן זיי אין גיין.

אומזיסט, זיי קאָנען לענגער דאָ נישט בלייבן —
מיט פייער איז געצייכנט זייער וועג.
באַלד וועט מען זיי אַפּ ווייטע רעלסן טרייבן
און וואַרפן אין א קנויל פון פרעמדע טעג.

אָט שרייט מען אויס די לעצטע טעלעגראַמען,
זיי נעמען איין, פארייכערן דעם רוים,
ווי ערגעץ וואָלטן שוין די ווייטע פלאַמען
דעם האָריזאָנט מיט רויטס אַרומגעזוימט. —

אָ, ניין! דעם טאָג איז נאָך באַשערט א שקיעה,
די זון וועט היינט ווי אַלעמאָל פארגיין,
די שוואַלבן וועלן פונקט ווי שטענדיק פליען,
נאָר — לענגער וועט דער אָוונט בלייבן שטיין.

די שטאָט וועט היינט אין ליכט זיך נישט צעגינדן,
די שויבן וועלן פינצטערן פארדעקט,
און ס'וועלן שרייען זויגנדיקע קינדער
אין אָנונג פאַר דער קומענדיקער שרעק.

3

געצונדן איז דאָס לאַנד אין אַלע עקן,
ס'פּלייצט דער סוינע האָרדעסווייז געדיכט,
נאָר דו, מיין מאַמע, פרווּוסט נאָך אַלץ פארדעקן
דאָס בלייכע פּאָנעם פאַר די שאַבעס-ליכט.

פאַר וועמען, מאַמע, קומסטו ווידער בעטן?
פאַר וועמען, מאַמע, שטרעקסטו דיינע הענט?
צי ווילסטו איצט דעם פלאַמענדיקן שעטעך
באַהאַלטן צווישן דיינע שטילע ווענט?

דו פרווּוסט זיך שטילערהייט פארבינדן
מיט יענעם ווייטן אויסגעטרוימטן לאַנד
און באַ די ליכט, וואָס דו האָסט אָנגעצונדן,
דערזען די קינדער אַפּן ווייטן ראַנד.

ניין, דיינע הענט זיי וועלן ניט פאַרלאַטען
דעם טהאָם, וואָס ליגט איצט צווישן דיר און זיי.

דער וועג אהינ איז ווי צום טויטנ טאטנ —
דורך טיפנ טהאָמ פונ טרערנ אונ געשריי...

צי הערסטו נישט, ווי טעלעגראפנ-דראָטנ
פליִעג פונ די סלופעס מיט געזשום?
צי זעסטו נישט, ווי ס'ווערט דער וועג פארשאָטנ,
אז הימלענ שיטנ פונקענ דיר ארומ?

די ערד ווערט איצט דורך טאנקענ איינגעבראָכנ.
מיט דיינע שאבעס-ליכט דו בלייבסט אליינ,
אונ אינ געשריי פונ טויט אונ פונ ניצאָכנ,
א בעטנדיקע, ווער וועט דיך פארשטיינ?

דיינ שטוב איז איצט א שווימענדיקע קריִע,
אונ דו אפ איר — אומזיסט שטרעקסטו די הענט.
אז אלע ברענגנ דיר ארומ איצט גליִענ,
אז פאר דיינ אָנבליק ווערט די ערד פארברענט.

אז דו אליינ — פאר גוטע מאטע שטערנ,
האָסטו דאָס פענצטער מיט פאפיר פארשטעלט,
ווי סאָנימ, טרויסטו זיי שוינ ניט, די שטערנ,
וואָס האָבנ זיך בא שאבעס-ליכט צעהעלט...

4

געקומענ איז רוישיק דער שטאָלענער פלאָט
פארשיטנ מיט שוועבל, פארניכטנ א שטאָט.

דער הימל איז לויטער פונ ראנד ביז צו ראנד,
צעשפרייט, ניט באשיצט ליגט דאָס פוילישע לאנד.

דער רויִמ איז א ריינער, פארעטעריש בלאָ —
קיינ כמארע, קיינ שטורעמ, קיינ אָפּהאלט ניטאָ.

אונ פול ווערט די לופט מיט סירענע־געקלאָג:
— אנטלויפט אונ באהאלט זיך פאר ליכט פונעמ טאָג.

נעמט צו אייער לעבנ פונ זונ אונ פונ שיינ —
אינ שטאָט זיינענ רויבפויגל היטלערס אריינ! —

מע האקט צו די פענצטער, מע לויפט פונ די טרעפ,
פארפלאָנטערטע פיס אונ צעשויבערטע קעפּ.

א פרוי אינ א טוך רייסט זיך אָפּ ווי א ווינט
אונ לויפט מיט געוואָי אפנ הויפ נאָך איר קינד.

א טויער פארקלאפּט זיך אפּ ריגל און שלאָס —
דער ציטער גייט דורך אפּ די ווענט, אפּן גלאָז. —

פארענדיקט האָט זיך דער סירענע־סיגנאל.
און באלד טוט די ערד זיך א הייב און א פאל.

פארפראָפּט מיט געשרייען, וויגט אום זיך א שטאָק;
דער מויער ווערט לײַכט און פארלירט פון זײַן וואָג.

און פלוצלינג — די לופט טוט א קנייטש זיך, א זעץ,
און ס׳ווארפט זיך די זון אין א רויביקער נעץ.

זי שטיקט זיך א רויטע אין טונקעלן קנויל
און ווערט אין די פלאמען פארברענט און פארקוילט.

5

ווי שווער איז האלטן אָפן איצט די אויגן
אנטקעגן גלי פון העל-צעפלאמטן שײַטער.
די אַעראָפּלאנען זײַנען אָפּגעפלויגן,
נאָר ס׳גייט די סרייפע ווײַטער אַלץ און ווײַטער.

עס קער אוואדע זײַן שוין אָוונט איצטער,
נאָר ווער ווער ווי א שטערן כאָטש דערבליקן?
די פונקען פליִען אופ אין אופרײַס-בליצן,
דער רויך וועט אלע שטערן הײַנט דערשטיקן.

פון דאך צו דאך שפּרינגט איבער שנעל דאָס פײַער,
הייבט אופ די פאָן פון רויך און פון בעהאָלע.
די פענצטער רײַסן אופ זיך מיט געשרייען
און ברעכן אויס אפּ דרויסן מיט יעלאָ עס.

א גאס וויל ראטעווען זיך צו א צווייטער,
די צווייטע לויפט אין וואנזין צו דער ערשטער.
און מיטאמאָל — די שטאָט איז פול מיט פּלײטים,
דער ברוק ליגט שוין פון עלנט א באהערשטער...

מע טראָגט דאָס שטילסטע — ס׳ווײַסע פון די בעטן;
דאָס שרײַענדיקסטע — קינדער אין די טיכער.
די אויגן זוכן ווו א פיצל שעטעך
פון פײַער פרײַ און פרײַ פון דער רעציכע.

אָ, ניין, דעם הימל האָט מען אָנגעװונדן,
אין ערגעץ איז נישטאָ שוין קיין אנטרינען.
די פונקען לויפן קנוילנווײַז און בלינדע,
און אלץ, וואָס טויג צום ברענען, זיי געפינען.

און דאָס געשריי, דאָס רעווען פון האמונים
וועט סײַווי קיינער, קיינער נישט דערהערן —
דער כורבן שטײַגט די רוימען אוף מיט שטוינונג,
און אים בלויז — אלע הויכקײַטן געהערן!

6

ווער האָט אונדז געצוווּנגען, ווער האָט אונדז באַפוילן
פארטיידיקן ווארשע, די הויפּטשטאָט פון פוילן?
די הערשער — זיי זײַנען דאָך לאנג שוין אנטלאָפן,
טאָ ווער וועט באַפעלן און ווער וועט באַשטראָפן?
נאָר מיר, כאָטש מיר גייען אָן פרייד און אָן לידער —
מיר טראָגן ווי וואָפן די לאָמען, די רידלען.

די ווײַבער, וואָס שטייען נאָך ברויט אין די רײַען —
זיי שאָקלען אָפּ אונדז מיט די קעפּ די געטרײַע.
ווער האָט אונדז באַפוילן? און ווער וועט אונדז דאַנקען?
מיר גייען מיט רידלען אנטקעגן די טאנקען!
מיר ווילן מיט גרובנס באַשיצן, פארצוימען
דאָס פוילן פון ווײַטע און ליכטיקע טרוימען...
אוועק איז מאָשטשיצקי און בעק דער פארעטער —
מיר גייען זיך שלאָגן פאר פוילן פון שפּעטער!

כ׳האָב דען פון די באריקאדן געכאָלעמט,
ווען ס׳האָט מײַן נעקאָמע געשווירן באַצאָלן...
נאָר ס׳זײַנען די שולדיקע פריִער אנטלאָפן,
און אונדז — ווײַזט מען אָן אַף א פעלד מיט קארטאָפל:
— אָט דאָ אין דעם גרינס זאָלט איר שנעל זיך באַהאלטן,
ווען ס׳וועט פון דעם הימל דער סוינע א פאל טאָן.

עס ווערן די ווענט אונדזער מיט סינע געלאָדן —
מיר גראָבן זיך אײַן אינעם שטייניקן באָדן.
מיר הייבן די רידלען דעם הימל אנטקעגן,
צוריק פאלט אין פּאַנעם א זאמד־קער רעגן. —
ס׳וואָלט גוט געווען איצטער די זון צו פארשיטן,
זי זאָל מער די בלויקײַט פון רוימען נישט היטן.

איך וויש זיך דעם שוויס פון פארלאָפענעם פּאָנעם.
איך קוק זיך ארום, און איך וויל איצט דערקאָנען
די ערד, וואָס איז נעכטן נאָך רויִק געלעגן
א גאַנצע — אנטקעגן דער זון און דעם רעגן,
און ס׳האָבן די שוואלבן, די זשאבעס, די פליגן
געזונגען אינײינעם א פרידלעכן ניגון. —

איך הייב אוף דעם קאָפּ און הער איַין זיך אין זשומען —
מע ווארפט שוין די רידלען — זיי קומען, זיי קומען!
דער הימל אפ צווייען, אפ דרייַען צעפאלט זיך,
און עמעצ באפעלט אינדז: „באהאלט זיך, באהאלט זיך!"

איך טוליע זיך איַין אין די ליכטיקע גראָזן:
ווו האָב איך דאָ ערגעץ מייַן יוגנט געלאָזן?
אָ, ערד, זאָל מיך אָפּהיטן איצטער דייַן אָטעם,
אָ, זאפּ מיך אין זיך אזוי לייַכט ווי א שאָטן!
די לופט איז א סוינע, דער הימל איז פייַער,
נאָר דו ביסט א שטומע, און דיך בין איך טייַער! —

געענדיקט דער אָנפאל, ס'איז נאָך דעם אליארם —
צו ווארשע, צום צענטער לויפט איצט די געפאר אָן.
און דאָ, קייגן מיר פון דעם דאָרף דעם נישט ווייַטן,
געבליבן איז שטיין א פארוואָלקנטער שייַטער,
און כ'קרייַז ארום דאָרט די טויבן אין סטייַעס,
ווי ס'וואָלט זיי צום פליען געשאָכטע דאָס פייַער...

7

און פּלוצלינג — דער רוים ווערט צערודערט, פארכויבט,
און ס'ליגט דער שאָסיי אין א וואָלקן פון שטויב.

אין נעפל, געבויגן, ווי אונטער א ווינט —
איך זע, ווי א מאכנע אנטלויפט און פארשווינדט.

מיר ווארפן די רידלען אוועק אפן גראָז
און פאלן אריַין אין צעקלאפּטן אָבאָז.

דער פראָנט איז געבראָכן און ס'לויפט די ארמיי,
פארפלאָנטערט אין אייגענעם ווילדן געשריי.

פון ווינטן איז אלץ שוין פארמעקט און כארגרויט —
עס יאָגט אפ א וואָלקן דער סוינע, דער טויט.

נאָר וועמען וועט העלפן דער שטעלסטער גאלאָפּ?
דער וועג איז מיט פורן פארלייגט און פארשטאָפּט.

— עך, הינטישע זין, לאָזט אונדז שנעלער דעם וועג
און לאָזט אונדז דערלויפן דעם לעצטן געיעג! —

א ראָד ברעכט זיך אויס און לויפט אָפּ אין דער קרום,
דער טרייַבער טרייַבט ווייַטער, ער קוקט זיך נישט אום.

א זעלנער לאָזט איבער זײַן ביקס אָפּ דער ערד
און זאָטלט זיך אָפּ א פארלוירענעם פערד.

און — אָט איז שוין װארשע און אָט איז די בריק —
נאָר אלץ שטעלט זיך אָפּ מיט א זעץ אָפּ צוריק.

די פערד הייבן אויף די צעיושעטע קעפּ,
און ס'פויקן די הערצער מיט בוילעטע קלעפּ.

א רגע — דער אָטעם שטעלט אָפּ זיך פארווירט:
— די בריק איז צום אופרײַס געגרייט און מינירט!

און אָט, א פארשטאָפּטע אין קנויל און געשריי,
עס זינקט אײַן די לעצטע צעקלאפּטע ארמיי...

8

פאר ברענגען פון הימל דאָס פײַער —
צום פעלדז איז געשמידט פּראָמעטיי.
פאר ליכט און פאר װארעמקײַט טרײַער
געשטראָפט האָט מען אים — איך פארשטיי.

נאָר איצט, װען איך ברענג מײַנע לידער
אליין אפן אאוטאָ-דא-פע
און זע, װי די אויסיעס זידן
און לויפן פון פײַער אפער,

װי גוט װאָלט געװען, װען דאָס װייסן
די לידער, װאָס װערן איצט שװארץ:
זיי װאָלטן צעגליטע און הייסע
געקומען צוריק אין מײַן הארץ.

װי גוט װאָלט געװען, װען עס קענען
די װערטער פארשטיין איצט מײַן בליק:
זיי װאָלטן אינמיטן דעם ברענען
געװאָרן צו טרערן צוריק.

---

מײַן אויג איז פון סרייפע פארבלענדט,
פון װייטעק פארקנוילט איז דאָס הארץ.
און דאָך — עס באװעגן זיך הענט
צום טאקט פון א נאָענטן מארש.

כ'האָט װער װוי געכאפּט אין געהיים
די כװאליע פון מאָסקװע, געהערט:

ס׳קערט אום זיך צוריק צו איר היים
די מײַרעוו-ווײַסרוסישע ערד!

די שרעק פאלט ארונטער פון גוף
און ווערט אינעם פײַער צו אש.
כ׳הער אײַן זיך: מײַן נאָמען מע רופט
אינמיטן פון כורבן און ראַש.

עס ענטפערט מײַן יעדער פארלאנג:
— פאראן אזא איינער — פאראן!
ס׳איז גרייט אין זײַן הארצן שוין לאנג
דער מונטערער פרײַהייטס-געוואנג.

געשווירן האָט ער בײַ זײַן בלוט,
בײַ יעדער באגײַסטערטער טרער,
אז ס׳וועט נישט זײַן דראנג זײַן בארוט,
אז זאט וועט נישט זײַן זײַן באגער —

ביז ס׳וועט נישט די רויטע ארמיי
אים נעמען אין גאנג מיט זיך מיט;
פארלעשן זײַן בלוטיק געשריי
מיט ליכטיקער פאָן און מיט ליד.

9

א גאנצן טאָג האָב איך געזוכט
דעם וועג, וואָס פירט ארויס פון פלאָנטער:
געלאָפן פון דעם שטאָט-געדרוך,
וואָס האָט איצט בלויז אין טויט דערמאָנט מיך.

נאָר ס׳איז דער טויט פון אומעטום
אנטקעגן מיר אין רויש געגאנגען,
און אלע וועגן מיר ארום
פארשטעלט מיט רויכיקע פאָרהאנגען.

אָט איצט, ווען ס׳ליגט די שטאָט אָן ליכט —
ברענט שארף און בריִלעט יעדער שטערן.
זיי ווערן שווערער אין געוויכט
און גלאנצן הײַנט, ווי גרויסע טרערן. —

אָט איז די שטאָט. ס׳איז שווארץ און שטיל,
און אלע הײַזער — אין איין שאָטן.
איך זע נישט קיינעם, נאָר איך פיל
פון א מיליאָן דעם הייסן אָטעם.

10

פֿונ זעקס אינדערפֿרי ביז אינ טיפֿנ פֿארנאכט
אָנ אָפּשטעל, אָנ אופֿהער די לופֿט האָט געקראכט.

די פֿליִער — אינ טשאטעס פֿאנאנדערגעטײלט —
זיי האָבנ די הײַזער געננוי שוינ געצײלט.

עס שווײַגט די זעניט אונ די ראדיִאָ איז שטיל,
אונ ווארשע ליגט הפֿקר אונ פֿרײַ אפֿנ דיל.

די באָמבעס, וואָס פֿאלנ, פֿארשיט מענ מיט זאמד,
נאָר ס׳ווערנ די ראָגנ פֿארוויקלט אינ פֿלאם.

אונ אָנ אנ אליארעם, אונ אָנ א סיגנאל —
אינמיטנ באטאָג — א מאָרד-איבערפֿאל.

מע ברענט אויס די גאסנ א רײ נאָכ א רײ;
מע שטיקט אויס די הויפֿנ מיט רויכ אונ געשרײ.

פֿונ טויער צו טויער מיט פּעק אינ די הענט —
עס לויפֿנ האמוינים, נאָר אומעטום ברענט.

בא יעדערנ אָנפֿלי מע קאָרטשעט זיכ אײַנ —
מע וויל אפּ א ווײַלע גאָר אופֿהערנ זײַנ.

מע וויל אפּ א ווײַלע נישט ווערנ געהערט,
נאָר בלײַבנ, נאָר בלײַבנ אזוי ווי די ערד.

דער טאָג איז א פֿרעמדער, א סוינע — די שײַנ;
דער מויער איז מער נישט דעמ לעבנ קײנ פֿרײַנט.

צו טונקלקײַט האָפּט יעדער אײנער אונ רופֿט:
ס׳וועט עפּשער די נאכט זײַנ א שוץ פֿארנ גוף. —

פֿונ זעקס אינדערפֿרי ביז אינ טיפֿנ פֿארנאכט —
אָנ אָפּשטעל, אָנ אופֿהער די לופֿט האָט געקראכט.

11

שוועסטער מײַנ!
ווענ ס׳האָט אונדז דער מויער פֿארשאָטנ,
ביסטו אינ געשרײענ פֿארשוווּנדנ.
נאָר ווענ ס׳איז דער שטויב אָפּגעטראָטנ —
געווענ איז דײַנ נאָמענ אינ ווונדנ.

דער הימל געגומענ האָט ברענען,
די זונ האָט אינ רויכנ געבלוטיקט,
אונ שווער איז געווען דיך דערקענען,
ווען ס'האָבנ די אויגנ געבלוטיקט.

דער פליִער איז אלצ נישט פארפלויגנ,
געזוכט נאָך אנ אָרט, ווו א פאל טאָנ,
מיט רעשט פונ דײַנ בלוט, אונ געבויגנ —
מיר ווײַנענ אוועק זיך באהאלטנ.

דײַנ בלוט איז געראונענ, געראונענ,
אָמ טיפ כ'האָב פארבאָרגנ מײַנ סינע.
געוואָלט האָב איך ערגעצ געפינענ
באנדאזשנ פאר דיר אונ יאָדינע.

איך פיר דיך אוועק אינ א ווינקל
אונ וויקל דײַנ פּאָנעמ אינ טיכער,
דער שטראָמ פונ דײַנ בלוט איז א פלינקער
אונ לויפט פונ די וווּנדנ נאָך גיכער.

נאָר מער נאָך פונ אלעמ דערשרעקט מיך,
וואָס דו שפּירסט שוינ מער נישט דעמ פּאכעד.
באלד ווערסטו, א בלוטיק-פּארפלעקטע,
אנטקעגנ דעמ טויט זיך צעלאכנ...

12

טיר אונ טויער צוגעמאכט,
אלע פענצטער גלאָצנ בלינד —
פונ די טרעפּ, אינמיטנ נאכט,
גייט א טאטע מיט זײַנ קינד.

אינ דעמ פאלטנ אײַנגעדעקט,
נישט דערכאַלעמט ביזנ סאָפ —
טראָגט דער טאטע מיט די שרעק,
טראָגט זײַנ קינד אינמיטנ שלאָפ.

מאכט זיך אומ א קעלער-טיר,
שמעלצט זיך אפ דער וואנט א ליכט.
קיינער גיט זיך נישט קיינ ריר,
ווי ס'וואָלט יעדער זיך געריכט.

אינ איינ שאָטנ אײַנגעהילט,
האָנט צו האָנט אונ קאָפּ צו קאָפּ,

זיצט מען און מע אָטעמט שטיל
און מע וואַרט אפֿ עפּעס אָפּ.

פּלוצלינג — ווי עס וואָלט א ווינט
אָפּגעריסן ווו א דאַך
און מיט א׳מפּעט אים געשווינד
צו דער ערד אראָפּגעקראַכט, —

גיבן שאָטנס זיך א שטעל,
און דער קעלער ווערט צו קליין;
אָרט — צו ווייניק, לופֿט פאַרפעלט
פאַר א קינדעריש געוויין.

— טאַטע, טאַטע, זאָג מיר ווו —
ווו די מאַמע איז אַוועק?
— קינד מײַנס, קינד מײַנס, לאָז צורו, —
אין א ווײַטן, ווײַטן וועג.

דאָרט, ווו ס׳ענדיקט זיך די וועלט,
דאָרט, ווו ס׳ברענט דער הימל רויט,
האָט דײַן מאַמע זיך געשטעלט
אין א לאַנגער ריי נאָך ברויט.

— טאַטע, טאַטע, הער, מע פּאָרט,
הער, מע לויפֿט, הער, מע שרײַט.
— קינד מײַנס, ליג אײַן אפּ אַן אָרט,
זיכער, לויפֿט מען ערגעץ ווײַט...—

נאָר דאָס וואָרט בלײַבט שטיין אין קעל,
און דער דיל שפּרינגט האַסטיק אָפּ.
פֿון די ווענט פאַלט דראָבנע שנעל,
שטיקלעכווײַז, דער טינק אראָפּ.

— טאַטע, טאַטע, כ׳וויל נישט, ניין!
טאַטע, טאַטע, כ׳וויל נישט מער!
צו דער מאַמען לאָמיר גיין
און זי ברענגען דאָ אַהער!

— אוי, דו שלעכטער, אוי, דו קינד,
ווער קאָן איצט אין גאַס אַרויס?
הערסט דען נישט, אַז אויך דער ווינט
זוכט דערשראָקן זיך א הויז? —

מיטאַמאָל ווערט אַלץ פאַרטויבט,
שאָטנס מישן זיך צונויף.

פינצטער, שטיקנדיקער שטויב,
עמעצנס א שטים: — אנטלויפ! —

און די מאמע, מיט א ברויט,
קומענ וועט אהיים צוריק
און דערזען, ווי ס'האָט דער טויט
מאן און קינד צונויפגעדריקט.

13

אז טויזנטער ליגנ געקוילעט,
איז ווער וועט זיי ברענגען צו קווורע?
ווו נעמט מען פאר זיי א בעסוילעב?
צום פירנ ווו נעמט מען די פורנ?

עס שפרינגענ די וועגעלעך קליינע,
באגלייט פונ א בלייַערנעם האָגל.
דאָרט ווערנ די טויטע געביינענ
מיט טויטנ מיט נייַע געפלאָגנ.

באדעקטע מיט גרויע כאלאטנ—
זיי ווערנ געשטופט פת באגלייטער,
וואָס איַילנ זיך שנעל זיי באשטאטנ,
נאָך איידער דער טויט קומט א צווייט מאָל...

דער הייל, דער גוטער, צעבלויטער
וועט זיכער דאָ קעגנ נישט האָבנ,
מע זאָל אפ דערווייַלע די טויטע
אינ שטאָטישע גערטלעך באגראָבנ. —

ווענ האָבנ די ווארשעווער בוימער
פונ גליק פונ אזא מינ געכאָלעמט?
און ווענ האָט א פרילינג, אינ טרוימענ,
א צוקונפט אזא זיי געמאָלנ?

נייַגעריק קוקנ די צווייַגנ:
מע גרייט צווישנ שטאמענ די קוואָרים;
זיי וואַרטנ אָפ רויִק און שווייַגנ:
מע דעקט אופ די וואָרצלענ די קלאָרע.

זיי וועלנ באלד דאָרטנ דערפילנ
די נייַע אומהיימלעכע שכיינים:
באלד וועט מענ מיט לאָפעטעס קילע
פארשיטנ די מענטשלעכע ביינער...

14

ווי גוט איז די שטילקײַט, די ליבע!
ווי גוט איז די רו פאַרן לעבן!
צי זײַנען מיר איבערגעבליבן —
דעם סוינע זיך אונטערצוגעבן?

דערווײַל איז די שטאָט נאָך א פרײַע
און וויל נישט קיין מאכט אָנערקענען;
אײַנגאנצן געהער זי דעם פײַער
און וויל ביזן סאָף נאָך דערברענען.

נאָר ס'הוליעט דער גרויל א באפרײַטער —
אין ווילדן געוויין און געיאָמער
איצט קאָן א געשרײַ טאָן אין ווײַטעק
די טײַנע צו גאָט פון נעקאָמע.

איצט קאָן מען די טויטע באקלאָגן
און שלוכצן מיט עמעסע טרערן;
דעם אומגליק וועט קיינער נישט יאָגן,
און וויינען — וועט קיינער נישט שטערן.

וואָס זוכן מעשוגענע פינגער
אין פײַער און צווישן רויִנען?
וועט ווערן דעם לעבן דען גרינגער,
אז מ'וועט שוין די טויטע געפינען?

די נאָענטע דאַרף מען באוויינען,
פאַרוויקלען אין שוואַרצע געוואַנטן,
די קוואָרים — פאַרוקן מיט שטיינער —
אַף אייביק, אַף אייביק באהאַלטן...

15

די ערד איז פאַרטריבט, און עס רויִשן האַרמאַטן אַף ווײַטע שאָסייען,
און טשאַטעס וואָראָנעס — זיי קרײַזן אַרום אין די קנוילן פון רויך און געשרייען.

ערשט נעכטן בין איך פון מײַן הײמשטאָט אַרויס,
גענומען א העמד און א ברויט אַפן וועג.
עס האָט דאָרט נאָך ערגעץ געטליִעט א הויז
צום זייכער פון בלוטיק פאַרגאַנגענע טעג.
געיאָגט האָט אין פּאָנעם א שטויביקע היץ,
דער ברוק איז געלעגן צעמישט מיט דער ערד;
געלאַכט האָט דער טויט אינעם ציינער-געקריץ
פון איבערגעלאָזטע צעשאָסענע פערד.

אינמיטן דער גאַס, מיטן קאָפּ אַף אַ שינע,
מיט צײַטונגס-פּאַפּירן פֿאַרהילט און פֿאַרדעקט,
איז עמעץ געשלאָפֿן, זײַן מיסע-מעשונע
פֿון קיינעם געשטערט און פֿון קיינעם געוועקט.

די ערד איז פֿאַרטויבט, און עס רוישן האַרמאַטן אַף ווײַטע שאָסייען,
און טשאַטעס וואָראָנעס—זיי קרײַזן אַרום אין די קנוילן פֿון רויך און געשרייען.

ערשט נעכטן האָב איך אין מײַן היימשטאָט געלאָזט
מײַן יוגנט פֿאַרשאָטן פֿון ציגל און שטיין;
דעם טאַטנס מאַציייווע, וואָס טרינקט זיך אין גראָז,
די מאַמע, וואָס כרינקט זיך אין שטילן געוויין.
זי האָט זיך צום וועג פֿון איר זון נישט פֿאַרגרייט
מיט טפֿילע אַף ליפּן, צום הימל געווענדט;
זי האָט אים אַפֿילע קיין טראָט נישט באַגלייט,
נאָר זיצן געבליבן—פֿאַרבראָכן די הענט.

די ערד איז פֿאַרטויבט, און עס רוישן האַרמאַטן אַף ווײַטע שאָסייען,
און טשאַטעס וואָראָנעס—זיי קרײַזן אַרום אין די קנוילן פֿון רויך און געשרייען.

איך קען דאָך די גאַסן פֿון לאַנג שוין, פֿון לאַנג,
ס׳געדענקט נאָך די שטאָט מײַנע קינדערשע טריט.
נאָר איצט איז אַ פֿרעמדער כוליגאַניש געזאַנג
מיט דײַטשישע שטיוול אַרײַן אין געמיט...
עס ליגן די ראָגן פֿאַרשאָטן, פֿאַרמעקט,
אַ ברודיקער באַנד איז דער האַרבסטיקער דוים.
עס לעשט זיך די שטאָט, ווי אַ ווונדיקער פֿלעק,
פֿאַרציט זיך מיט רויך, ווי מיט אײַטער און שוים.
און איך כאַפּ זיך אָן איצט אָן עק פֿון שאָסיי,
אַזוי ווי אָן עק פֿון אַ שווימענדיק ברעט, —
דאָס איז דאָך דער איינציקער וועג, וואָס איז פֿרײַ, —
און פֿירן וועט ער צו סאָוועטישע שטעט!

די ערד איז פֿאַרטויבט, און עס רוישן האַרמאַטן אַף ווײַטע שאָסייען,
און טשאַטעס וואָראָנעס—זיי קרײַזן אַרום אין די קנוילן פֿון רויך און געשרייען.

ה. בלאָשטיינ

# אינ א הייל

דער כאַווער אראָנ האָט מיט דער לינקער געזונטער האַנט ארויסבאַקומענ פונ בוזעמ-קעשענע א דיק נאָטיצ-ביכל, עס איבערגעלייגט אינ דער רעכטער, וואָס איז געהאַנגענ אינ א ציכטיקנ, ווייסנ, איבערנ האַלדז פאַרוואָרפענעמ, מאַרליע-בינט. ער האָט א ביסעלע אומבאַהאָלפנ א פּאָר מינוט געבלעטערט דאָס ביכל אונ ענדלעכ זיכ אָפּגעשטעלט אפ איינ בלעטל.

— מירנ אָנהייבנ פונדאַנענ, — האָט ער געזאָגט, אונ די גרויע קליינע אייגנ האָבנ א שמייכל געטאָנ. — אז ס'וועט אייכ זיינ ניט אינטערעסאַנט, וועט איר מיר זאָגנ, וועל איכ אויפהערנ...

(שפּעטער א ווייַלע האָב איכ זיכ דערוווּסט, אז פּונקט מיט דעמ זעלביקנ אַרייַנפיר פלעגט ער שטענדיק אָנהייבנ זיינע לעקציעס פאַר די באַזוכער אינעמ טשערניגאָווער קאָציובינסקי-מוזיי, ווו ער איז יאָרנלאַנג געווענ א וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער).

— אליינ האָב איכ געוווינט אינ טשערניגאָוו, — איז ער שוינ צוגעטראָטנ צו דער עצעמ דערציילונג, — נאָר א געבוירענער בינ איכ פונ קאָנאָטאָפּ. אונ דאָרטנ מאַקע האָב איכ פאַרבראַכט מיינ קינדהייט אונ די ערשטע יונגל-יאָרנ. די וועלדער אַרומ קאָנאָטאָפּ קענ איכ, ווי די אייגענע צענ פינגער מיינע. אז אינדזער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד איז אינ פאָריקנ האַרבסט אַרייַנ אינ די דאָזיקע וועלדער, האָב איכ זיכ דערפילט, דאַרפ איכ אייכ זאָגנ, פּונקט ווי בא זיכ אינ דער היימ צווישנ נאָענטע באַקאַנטע: יעדער בוימ, איטלעכער שטענגעלע האָט דאָ עפּעס געהאַט וואָס צו דערציילנ. מיכ האָט דאָ אומעטומ באַגלייט די קינדהייט... נאָר — לאָמיר אייכ דערציילנ ווייַטער, אָנ לירישע אָפּווייַכונגענ אונ סענטימענטנ. דער קאָמאַנדיר פונעמ אָטריאַד האָט געוווּסט מיינ נאָענטע שייכעס צו אָט-די ערטער — האָט מיכ באַשטימט פאַר אנ אויסשפּירער. יאָ, איר מוזט מיר אַנטשולדיקנ: איכ מוז פאָרט מאַכנ א שטיקל אָפּווייַכונג, נאָר דאָס האָט דאַפקע א דירעקטע שייכעס צו דער זאַכ, וועגנ וועלכער איכ וויל אייכ דערציילנ.

טיפ אינ וואַלד, גאַנצ ווייַט פונ קאָנאָטאָפּ, איז פאַראַנ א גרויסע הייל. דער אַרייַנגאַנג אינ איר איז א גאַנצ שמאָלער אונ גאַנצ קוימ באַמערקבאַרער. א קליינע לאָכ צווישנ די ברייט-פאַרשפּרייטע וואָרצלענ פונ צוויי דעמבעס. מע דאַרפ האָבנ א שאַרפ אויג אפ צו באַמערקנ דעמ דאָזיקנ „אַרייַנגאַנג“, ביפראַט אז די הייל געפינט זיכ ווייַט פונ וועג אונ שטעג, אינ דער סאַמע געדיכטעניש, אונ אינ מעשעכ פונעמ זומער ווערט דאָ אַזוי פאַרוואַקסנ מיט אַלערליי ווילדגראָז, אז אפילע א געניט אויג קאָנ עס ניט באַלד אָפּזוכנ. קריכט מענ אָבער ווי-ניט-איז אַרייַנ טיפער, ווערט די הייל אַלצ ברייטער אונ העכער אונ באַקומט דעמ אויסזענ פונ א גרויס צימער, ווו עס קאָנ זיכ באַזעצנ א היפּשע מישפּאָכע, פאַרשטייט זיכ, אָנ באַקוועמלעכקייטנ... די הייל האָט זיכ איר ביאָגראַפיע, א גאַנצ ראָמאַנטישע. איינער א פּאָרעצ זאָל זי האָבנ ספּעציעל אויסגעבויט אפ צו פאַרזעצנ דאָרטנ זיינע שיינע פריצטע, וועלכע ער האָט געכאַפּט „אַפנ אָרט פונ פאַרברעכנ“ מיט זיינ אייגענעמ קוטשער... דאָס זאָל האָבנ פּאַסירט מיט א סאַכ, א סאַכ יאָרנ צוריק. אינדז, פּאַרטיזאַנער, האָט די גאַנצע געשיכטע גאַנצ ווייניק אינטערעסירט. דאַקעגנ אָבער, די הייל גופע האָט אונדז גאַנצ שטאַרק אינטערעסירט. מע האָט זי, אינ פאַל, אויב זי איז נאָכ פאַרבליבנ גאַנצ, געקאָנט איינוצנ צוליב פאַרשיידענע

צוועקנ. מיר האָט זיכ געדוכט, אז די הייל דאַרפ זיכ געפינענ טאָקע נישט ווײַט פונ דעמ אָרט, וווּ מיר האָבנ זיכ צעלייגט אפ אָפּרו נאָכנ לאַנגנ שווערנ מאַרש.

איכ מיט נאָכ א כאַווער האָבנ גענומענ אונדזערע אווטאָמאַטנ אונ זיכ אַוועקגעלאָזט — לויטנ קאָמפּאַס פונ מײַנ זיקאָרנ — אינ דער ריכטונג צו דער הייל. ס'איז געווענ שוינ שפּעט פאַרנאַכט. דער וואַלד איז שוינ געווענ פינצטער, אונ אונדזערע פּויזענדיקע פיגורנ האָבנ זיכ צונויפגעגאָסנ מיט די אַזוי אויכ געדיכטע וואַלד-שאָטנס. מיר זײַנענ געקראָכנ לאַנג, גאַנצ לאַנג. אונ ענדלעכ האָב איכ דערקענט די צוויי דעמבעס.

אײַכ דערציילנ, וואָס איכ האָב בייכמײַסע דערפילט? — אַנ אַנדערש מאָל; אז מירנ אײַנגאַנצנ צעשמעטערנ היטלערנ, וועלנ מיר זיכ מיט אײַכ אָפּגעבנ אינ רעשומ פונ לירישע זיכרוינעס... איצט וועל איכ אײַכ נאָר זאָגנ, אז מיר מיטנ כאַווער האָבנ זייער פאָרזיכטיק, עפּשער אַזוי פאָרזיכטיק ווי די געהיטנסטע וואַלד-כײַעס, פאַנאַנדערגעשאַרט די גראָזנ אונ ווילדע געוויקסנ אונ געפונענ דעמ אַרײַנגאַנג... מיטנ אָנגעצילטנ אווטאָמאַט האָב איכ זיכ געלאָזט קריכנ פאָרויס, ריכטיקער — אַראָפּ... אונ דאָ...

איכ האָב אפילע דעמ אָטעמ אײַנגעהאַלטנ. מיר האָט זיכ געדוכט, אז טיפ אינ הייל איז עמעצער פאַראַנ! איכ האָב דערהערט א שאָרכ אונ אפילע, דוכט זיכ, א ווײַט, פאַרשטיקט קאָל... אינ אַזעלכע מינוטנ אַרבעט דער געדאַנק אויסערגעוויינלעכ פלינק. איכ האָב אינ איינ רעגע איבערגעקלערט: עפּשער א פײַנט, עפּשער א פרײַנט, עפּשער גאָר א כײַע. אלנפאַלס, אז מע הייבט אָנ, דאַרפ מענ ענדיקנ. באָלשעוויקעס האָבנ פײַנט אָפּצולאָזנ א האַלבע אַרבעט. איכ האָב פעסטער צונויפגעדריקט די ביקס אונ אַוועקגעפּויזעט ווײַטער. עמעס, איכ האָב געוווּסט, אז אויב דאָרטנ איז א פײַנט, וועל איכ קיינ גאַנצער צוריק, פונעמ שמאָלנ דורכגאַנג, נישט אַרויס. נאָר די פאַראַכטונג צומ טויט איז דאָכ געוואָרנ איינער פונ די הויפּט-שטריכנ פונעמ סאָוועטישנ מענטשנ. אונ די פאַרגעבונג פונעמ קאָמאַנדיר דאַרפ מענ דאָכ אויספילנ, ביפראַט, אז דאָס איז דײַנ איינענע איניציאַטיוו!

וואָס ווײַטער, בינ איכ געקראָכנ אַלצ פאָרזיכטיקער אונ, דעמ עמעס זאָגנדיק, — האָט דאָס האַרצ געקלאַפּט שטאַרקער ווי געוויינלעכ... די עפנונג איז וואָס ניִדעריקער געוואָרנ אַלצ ברייטער. איצט איז שוינ בא מיר קיינ ספּעק נישט געווענ: איכ הער א שטימ..! איכ קאָנ שוינ אפילע כאַפּנ איינציקע ווערטער... דער טעמבר פונ דער שטימ, ווי אויכ די ווערטער האָבנ מיכ אויגנבליקלעכ באַרויִקט... בלויז א גרויסע נײַגעריקײַט האָט זיכ דערוועקט אינ מיר. אינ א רעגע אַרומ האָב איכ שוינ אויכ דערזענ א שוואַכע, זייער א שוואַכע שײַנ, אונ מענטשלעכע פּענעמער אינ דער שײַנ...

די זעלבע הייל, ווי איכ האָב זי אַמאָל, מיט א סאַכ יאָרנ צוריק, געזענ אינ מײַנ קינדהײַט! אינ א ווײַטנ ווינקל, אַרײַנגעשטעקט אינ דער ערד, האָט געברענט א דינ שטיקל קינ. צונויפגעקופּעט אינאיינעמ, זײַנענ אפ דער הוילער ערד געזעסנ עטלעכע מענטשנ:

דרײַ-פיר שטאַרק באַוואַקסענע בערדיקע מאַנצבילנ, וועמענס עלטער ס'איז שווער געווענ פונווײַטנ פעסטצושטעלנ; עטלעכע פרויענ, עטלעכע גרעסערע קינדער, אינ א צווייטנ ווינקל, אפנ גראָז, זײַנענ געלעגנ עטלעכע אָרעמע קלומעקלעכ, א פּאָר קישעלעכ, א פּענדל, א שיסעלע... די שטימ האָט זיכ געהערט פונ לעבנ קאַנעצל. א שטילע, אָנגענעמע, כאַמעש הייזעריקלעכע שטימ. איכ בינ געבליבנ פאַרוווּנדערט: די שטימ האָט עפּעס געלייענט, ווי פונ א בוכ אַרויס, אונ די ווערטער זײַנענ מיר געווענ באַקאַנטע אונ האָבנ מיכ אויפגערודערט ביז די טיפסטע טיפעניישנ פונעמ האַרצנ... איצט האָב איכ שוינ געטראַכט נאָר וועגנ איינס: ווי גיט מענ צו וויסנ וועגנ מײַנ אָנוועזנהײַט, אז די מענטשנ זאָלנ זיכ נישט דערשרעקנ? דעמ ענטפער האָב איכ געפונענ קימאַט אינסטינקטיוו — איכ האָב פרײַלעכ א זאָג געטאָנ אפ יידיש: „שאָלעמ-אַלייכעמ, יידנ!“, אַראָפּגעשפּרונגענ אינ הייל, אַרומגעכאַפּט דעמ נאָענטסטנ צו מיר מענטשנ אונ אימ גענומענ קושנ. נאָכ מיר איז אַרײַנ מײַנ כאַווער.

אז איכ האָב זיכ שוינ געהאט באַגריסט אונ צעקושט מיט יעדנ באַזונדער, האָב איכ שוינ צײַט געהאט, אינ דער בלייכער שײַנ, צו באַקוקנ די מענטשנ. באָרוועסע, אָפּגעריסענע, אויסגעדאַרטע, ווי שפּענער. ווילד-פאַרוואַקסענע מענער אינ די מיטעלע יאָרנ, גרויע פרויענ, א פּאָר 12 — 14-יאָריקע יינגלעכ, דרײַ מיידעלעכ פונעמ זעלביקנ עלטער. דאָס האַרצ האָט מיר צונויפגעפּרעסט ביז טרערנ, ווענ איכ האָב געקוקט אפּ די דאָזיקע אומגליקלעכע הייל-אײַנוווינער, וואָס האָבנ שוינ קימאַט פאַרלוירנ דעמ מענטשלעכנ אויסזענ! זיי האָבנ זיכ געטוליעט ארומ אונדז, שטיל געשמייכלט אונ שטיל געוויינט...

די זעלביקע שטימ, וואָס האָט פריער א ווײַלע עפּעס געלייענט אונ וואָס האָט געהערט צו איינעמ זייער א הויכנ עלטערנ מאַנצבל (עפּשער איז ער געווענ אזוי הויכ, ווײַל ער איז געווענ אומבאַשרײַבלעכ דאַר) מיט גרויסע בלאָנדזשענדיקע אויגנ, האָט געזאָגט צו מיר:

— באַוויירים, מיר זײַנענ קאָנאָטאָפּער ייִדנ. מיר וווינענ דאָ שוינ לאַנג. מיר זײַנענ אנטלאָפנ פונ די היטלערישע ראָצכים אונ מיר באַהאַלטנ זיכ דאָ אויס ביז די בעסערע צײַטנ, וואָס וועלנ אָנקומענ. עפּשער האָט איר זיי שוינ געבראַכט, די דאָזיקע צײַטנ? עפּשער זײַנענ שוינ געקומענ אונדזערע?

מיר האָבנ זיי געטרייסט אונ באַרויקט, דערציילט גוטע ידיעות פונ די פראָנטנ אונ אינ צווישנ אויסגעהערט זייערע קורצע אונ טרויעריקע געשיכטע:

ווענ די היטלעריסטנ זײַנענ אַרײַנ אינ שטאָט אונ ס'האָט זיכ באַוויזנ דער באַפעל פונעמ קאָמענדאַנט, אז אלע ייִדנ זאָלנ מאָרגנ קומענ זיכ מעלדנ, האָבנ אָט די עטלעכע ייִדנ, וואָס האָבנ געוווינט אינ איינ הויז, שוינ וויסנדיק פונ די ייִדישע שכיטעס אינ אנדערע שטעט, זיכ צונויפגענומענ אונ אינמיטנ דער נאַכט מיט ווײַב-אונ-קינד אנטלאָפנ אינ וואַלד. דעמ וואַלד האָבנ זיי געקענט גוט (קאָנאָטאָפּער טוישאַווימ!), האָבנ זיי אָפּגעזוכט די הייל אונ זיכ דאָ באַזעצט. פונ צײַט צו צײַט לאָזט זיכ עמעצ פונ די מענער באַנאַכט אוועק אינ די נאָענטסטע אוקראַינישע דערפער. די דערפער זײַנענ האַלב כאָרעוו אונ אויסגעקוילעט. נאָר די געבליבענע פויערימ פאַרלאָזנ נישט די אייגענע סאָוועטישע מענטשנ. דער שאָליעכ קומט שטענדיק צוריק מיט א ביסל ברויט, קאַרטאָפל, אונ אמאָל אפילע מיט א קריגעלע מילכ. פונעמ לעצטנ העלפנ זיי, די אוקראַינער פויערימ, כאָטש די הילפ איז פאַרבונדנ מיט לעבנס-געפאַר.

— אָט אזוי לעבנ מיר דאָ, — האָט דער באַיאָרנטער ייִד געשאָקלט מיטנ קאָפּ, — ווי די מאַראַנענ אינ מיטלאַלטער, אינ די צײַטנ פונ טאָרקוועמאַדאַס אינקוויזיציע...

— אונ וואָס האָט איר דאָ געלייענט? — האָב איכ אימ א פרעג געטאָנ אינ א ווײַלע ארומ. — איר האָט פאַרכאַפּט מיט זיכ ביכלעכ?

— וואָסערע ביכלעכ! — האָט ער ביטער א שמייכל געטאָנ. — מיר האָבנ אפילע קיינ צווייט פּאָרל גרעט ניט פאַרכאַפּט! איכ האָב געלייענט... — ער האָט זיכ אפּ א רעגע אָפּגעשטעלט אינ שעמעוודיקער פאַרלעגנהײַט. — איכ האָב געלייענט אפּ אויסוווייניק! איכ האָב אמאָל אזוי ליב געהאַט שאָלעמ-אַלייכעמענ, אז א סאַכ זײַנע זאַכנ האָב איכ אויסגעלערנט אפּ אויסוווייניק. אפּ ליטעראַרישע אָוונטנ פלעג איכ זיי לייענענ... קעדיי א ביסל דעמ אוילעמ צו צעשטרייענ, מע זאָל ניט שטאַרבנ פאַר אייביקער שרעק אונ אומעט, לייענ איכ פונ צײַט צו צײַט... שאָלעמ-אַלייכעמ איז אנ אייביקער גוטער פרײַנט...

— וואָס האָט איר הײַנט געלייענט? עפּעס באַקאַנטס...

— יאָ, „א ייִד — א פויגל“...

איכ האָב זיכ ביטער צעלאַכט: מאַקע זייער א פריילעכע טעמע!..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אינ עטלעכע טעג ארומ האָבנ מיר די גאַנצע גרופּע ייִדנ איבערגעגעבנ אינ אונדזערנ א שכײַנעסדיקנ פאַרטיזאַנישנ אָטריאַד, וואָס האָט דורכ א געלונגענער אָפּעראַציע פאַרנומענ א פּאָר דערפער. דער קאָמאַנדיר האָט אונדז צוגעזאָגט, אז ער וועט די גרופּע באַזאָרגנ אונ צושטעלנ אינ א זיכער אָרט.

אפ דעמ װאָלט איכ, אײגנטלעכ, געקאָנט פאַרענדיקנ מײַנ דערצײלונג. מיר װײלט זיכ אָבער אײַכ איבערגעבנ כאָטש אינ צװײ װערטער נאָכ אײנ קלײניקײַט, װאָס מיר האָט זיכ פאַרגעדענקט. איכ בינ געװענ דערבײַ, װענ די ייִדנ האָבנ פאַרלאָזנ די הײל. שױנ הארט פאַרנ אַרױסקריכנ זײַנענ צװײ ייִנגערע פרױענ צוגעפאַלנ מיט א געװײנ צו אײנ װאַנט אונ שטאַרק געקושט די ערד.

— ס'טוט אײַכ באַנג אײַער לעצטע דירע? — האָב איכ א פרעג געטאָנ.

— נײנ, טײַערער אױסלײזער אונדזערער, — האָט אײנע כליפּענדיק געענטפערט. — דאָ אינ דער װאַנט האָבנ מיר באַגראָבנ אונדזערע קלענערע קינדערלעכ...

דער כאַװער אַראָנ האָט אַראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ אונ איז שטיל געבליבנ. איכ האָב פאַררײכערט א פּאַפּיראָס.

— גיט מיר אױכ, — האָט אױסגעשטרעקט זײַנ לינקע האַנט דער כאַװער אַראָנ.

— איר רײכערט דענ?

— אז די נערװנ צעשפּילנ זיכ... אָט רײד איכ איצט מיט אײַכ אונ זע — די הײל...

— איר װעט זי נאָכ זענ אמאָל, א קוק טאָנ אפ איר אינ גוטע צײַטנ...

— נײנ, מײַנ פרײַנט! — האָט ער אַרױסגעלאָזט א געדיכטנ קנױל רױכ, אָנבלאָזנדיק די באַקנ, װי דאָס טוענ נישט קײנ געניטע רײכערער. — די הײל װעל איכ שױנ נישט זענ, אינ כ'װעט זי שױנ קײנער נישט זענ. װענ עמעצ זאָל זי נאָכ קענענ זענ, װאָלט איכ אײַכ װעגנ איר נישט דערצײלט... װענ אונדזער אָטריאַד האָט, אונטערנ דרוק פונ גרױסע פײַנטלעכע קרעפטנ, געדאַרפט אָפּגײנ אינ אנ אַנדער אָרט, האָבנ מיר די הײל אױפגעריסנ, זי זאָל נישט דינענ אונדזערע סאָנימ. איכ אַלײנ האָב זי אױפגעריסנ אונ דערבײַ געהאַט זײער א בײזער געפיל: כ'האָב גראָד בײַטײַכע א טראַכט געטאָנ װעגנ די קינדער־קװאָרימלעכ אינ דער װאַנט! נאָר — אָנ סענטימענטנ, מײַנ פרײַנט: ס'איז מילכאָמע.

---

# „טראַכט צו א נעקאָמע"...

...מײַנ באַקאַנטער, א יונגער דאָקטער, האָט פאַררײכערט א פּאַפּיראָס, עטלעכע מאָל אײנס נאָכנ אַנדערנ א שטאַרקנ צי געטאָנ אונ גענומענ דערצײלנ:

— איר פרעגט, פאַרװאָס איכ האָב מיכ נישט עװאַקוירט, בײַ די פאַשיסטנ האָבנ זיכ גערוקט צו מײַנ שטאָט? איכ האָב דאָכ געװוּסט, אז דאָס רוקט זיכ אָנ אפ מיר א זיכערער פײַנטלעכער טױט. מײַנ „פאַרברעכנ", האָב איכ געדאַרפנ געלענקענ, איז דאָכ דאָפּלט האַרבנ: אי א סאָװעטישער אינטעליגענט, אי אנ עכטער רוס. זײַנענ אָבער פאַראַנ אזעלכע מאָמענטנ אינעמ מענטשנס לעבנ, װענ דו ביסט נישט בא זיכ אינ די הענט. צופעליקײַטנ אנטשײדנ דײַנ גורל. דער קאָפּ הײסט לױפנ, די פיס זײַנענ גרײט אױסצופירנ זײַנ באַפעל, נאָר דאָס האַרצ האַלט דיכ עפּעס צוגעבונדנ אונ פּענטעט אי די פיס אי דעמ מאַרכ. שטעלט זיכ פאָר, װענ איר זײַט אפ מײַנ אָרט: אײַער יונגע פרױ, װעלכע איר האָט ליב מער פונ אײַער אײגענעמ לעבנ, גײט צו קינד מיטנ ערשטלינג. דער געבורט איז אנ אומנאָרמאַלער. די װײענ זײַנענ שװינדערלעכע אונ ציִענ זיכ שױנ דעמ דריטנ מעת־לעת! דאָס לעבנ פונ דער געװינערנ הענגט אפ א האָר, רירנ זי פונ אָרט טאָר מענ נישט, אונ אַלצײנס איז שױנ נימאָ װוּהינ זי צו פירנ: אי די אַרמײקע װעגנ זײַנענ נישט זיכער אי קײנ טראַנספּאָרט איז נימאָ. אונ אינ שטאָט גופא איז בײַ מיר שױנ אױכ קײנ אײנ מעדיצינישער מענטש נישט געבליבנ. אונ איכ בינ נישט נאָר דער אײנציקער פאַראַנטװאָרטלעכער פאַרנ לעבנ פונ מײַנ פרױ, נאָר אױכ דער אײנציקער, װאָס קאָנ נאָכ, װי א ספּעציאַליסט, זיכ ראַנגלענ מיטנ טױט, װאָס לױערט בא איר צוכאַפּנס. װאָס זשע האָב איכ געקאָנט טאָנ? אַגעװ, כ'האָב דאָכ אַלצײנס אינ יענע שאָענ לאָגיש נישט געקאָנט דענקענ. איכ האָב נישט געקאָנט לױפנ. איכ בינ געװענ

פּונקט אזוי מאַכטלאָז אונ אומבאַהאָלפנ, ווי מײַנ פרוי — אונ איכ בינ פארבליבנ אלײנ מיט מײַנ פרוי אינעם פוסטנ שפיטאָל.

ארומ שטאָט האָבנ זיכ נאָכ געריסנ סנאַריאַדנ, אונ צו מיר אינ שפיטאָל האָבנ זיכ שוינ אראָפּגעריאַווועט דרײַ פאשיסטישע אָפיצערנ, מיט רעוואָלווערנ אינ די הענט. אײנער פונ זײ, אנ עלטערער שוינ, מיט גרויע שלײפנ, האָט זיכ פאָר־געשטעלט אלס „אָבער־ארצט“ אונ געהײסנ איבערגעבנ אימ דעמ שפיטאָל, דערבײַ האָט ער מיר פאָרגעלײגט, איכ זאָל אימ גײנ באַווײַזנ די איבעריקע פאלאטעס. אינ דעמ אויגנבליק זײַנענ שוינ די אנדערע צווײ באַנדיטנ מיר געשטאַנענ פונ בײדע זײַטנ. אײנער פונ זײ האָט קלוימערשט ווי אומגערנ אָנגעדריקט דאָס צינגל פונ זײַנ רעוואָלווער — אונ האָט אויסגעשאָסנ. מײַנ פרוי, וועלכע איז, באַמ ארײַנ־גײנ פונ די „פײַנע געסט“, געלעגנ, צו מײַנ פרײד, אינ טיפנ אומבאַוווּסטזײַנ, האָט זיכ איצט פונעמ שאָס אויפגעכאַפּט, א קוק געטאָנ ארומ זיכ מיט פארשטײנערטע אויגנ — אונ זי האָט אזא געשרײ געטאָנ, אז דער טויט איז זיכער א שפּילכל אינ פארגלײַכ מיט דעמ, וואָס איכ האָב אינ יענער מינוט איבערגעלעבט... א גע־שרײ געטאָנ — אונ די אומנאָרמאַלע געבורטס־ווײענ האָבנ זיכ ווידער אָנגעהויבנ נאָכ מיט א גרעסערער קראַפט.

— ווער איז די פרוי? וואָס איז איר? — האָט דער פאשיסטישער דאָקטער א פרעג געטאָנ. אינ דעמ טאָנ פונ דער פראַגע איז גיכער געווענ פּראָפעסיאָנעלע מעכאַנישקײַט, געוווינהײַט, אײדער אינטערעס. וואָס טוט ניט א מענטש אינ מײַנ לאַגע? מיט טרערנ אפ די אויגנ האָב איכ דערצײלט, וואָס איר איז. אונ דאָ בינ איכ באַגאַנגענ א מוירעדיקנ פעלער: איכ האָב ניט געטאָרט אויסזאָגנ, אז דאָס איז מײַנ אײגענע פרוי.

מײַנ באַקאַנטער האָט מיט אײנ אָטעמ אויסגעטרונקענ א פולע קוואָרט וואַסער אונ ווײַטער דערצײלט:

— דער „אָבער־ארצט“ האָט אפ זײַנ בלײַ־גרינ אויסגעזויגנ פּאָנעמ פונ אנ אלטנ באַלטעוואַניק אָנגעצויגנ א מינע, וואָס איז עטוואָס ענלעכ געווענ אפ מיט־געפיל, אונ מיר געזאָגט: „זײַט רויִק, יונגערמאַנ. מיר וועלנ טאָנ אלצ, וואָס בײַמיק איז די פרוי צו ראַטעווענ. נאָר מיר זײַנענ דאָכ, — האָט ער צוגעגעבנ מיט א גיפטיק שמײכעלע, — מיר זײַנענ דאָכ קאַפּיטאַליסטישע דאָקטוירימ. מיר נעמענ האָנאָראַר. דעמ האָנאָראַר וועט באַשטימענ דער הער עזואהר, דער שעפ פונ דער געסטאַפּאָ־אָפּטײלונג...

דאָ האָב איכ טײקעפּ פארשטאַנענ די גאַנצע שרעקלעכקײַט פונעמ פעלער, וואָס איכ בינ נאָרוואָס באַגאַנגענ. אָבער אינ דער זעלביקער רגע האָב איכ אויכ פארשטאַנענ, אז איכ האָב אינ זיכ גענוג קויכעס בײַצושטײנ אלע ניסיוינעס, ווי שווער זײ זאָלנ ניט זײַנ, אונ אז מײַנ פרוי אלײנ וואָלט אָפּגעגעבנ סײַ איר לעבנ, סײַ מײַנ לעבנ, סײַ דאָס לעבנ פונ אונדזער קינד, וואָס זי האָט ערשט געדאַרפט געבוירנ, אבי איכ זאָל ניט זײַנ קײנ פאַררעטער.

קורצ גערעדט: אינ עטלעכע מינוט ארומ האָט דער „אָבער־ארצט“ מיר גע־מאָלדנ, אז ער פארבלײַבט בײַ דער געווינערנ אונ וועט אָנעמענ אלע מיטלענ איר צו העלפנ, אונ איכ, אינ דער באַגלײטונג פונ אײנ אָפיצער, ווער אָפּגעפירט אינ דער געסטאַפּאָ. איצט וויל איכ אײַכ זאָגנ אָט וואָס: אלע פאשיסטנ זײַנענ באַנ־דיטנ, וועגנ דעמ איז דאָכ איבעריק צו רײדנ. דאָס איז דאָכ אינ דער עצעמ נאַטור פונעמ פאשיזמ. נאָר באַנדיטנ זײַנענ דאָכ פאַראַנ אלערלײ. וויל איכ אײַכ זאָגנ, אז דער בעסטער באַנדיט איז דער, וועלכער לאָזט אײַכ אָנ איבעריקע רײד ארײַנ א קויל אינ קאָפּ — אונ פארטיק. פאַראַנ אָבער אנ אנדער מינ באַנדיטנ — ווירטואָזנ פונ פּײַניקנ א מענטשנ, ראַפינירטע הענקער, וואָס בײַ זײ איז ניט אזוי וויכטיק דער פאַקט פונ מאָרד, ווי דאָס דערנידעריקנ א מענטשנ. אינ אײנעמ פראַט פונ מאָראַליש דערנידעריקנ קליגנ זײ זיכ אזוי ווײַט אונ זײַנענ אזוי דערפינדעריש, אז וואָס פאר א נעקאָמע דו זאָלסט נאָכדעמ ניט וועלנ צוטראַכטנ פאר זײ, איז זי בלײַכ אונ נישטיק...

מײַנ באַקאַנטער האָט זיכ אױפֿגעהױבנ פֿונ אָרט, עטלעכע מאָל זיכ דורכגעגאַנגענ איבערנ צימער, געעפֿנט בײדע פֿענצטער, כאָטש דער אַפּרעל-אָװנט איז געװענ א גאַנצ קילער. ס'האָט אים פֿאַרפֿעלט לופֿט...

— דער שעפֿ פֿונ געסטאַפּאָ, — האָט ער נאָכדעם פֿאָרגעזעצט, — איז אױכ געװענ שױנ ניט קײנ יונגער, אױכ א גרױער, נאָר באַקנ האָט ער געהאַט פֿולע, רױטע אונ אױגנ קלײנינקע, גרױנקע, אַרומלױפֿנדיקע. ער האָט מיכ אױפֿגענומענ זײער העפֿלעכ אונ מיר דערקלערט, אַז אַמאָל איז ער אױכ געװענ א סטודענט פֿונ מעדיצינישנ פֿאַקולטעט, אַזױ אַז מיר זײַנענ שױנ גאָר קאָלעגנ... ער װײסט, אַז איכ בינ א באָלשעװיק, נאָר „ס'מאַכט ניכטס“, עס האַנדלט זיכ דאָכ אינ „געשעפֿט“ — איז לאָמיר האַנדלענ... ער קאָנ מיר אָנזאָגנ, אַז דער הער גראַנעװאַלד, דער אָבער-אַרצט, טוט אַלצ אַפּ צו ראַטעװענ מײַנ פֿרױ. פֿאַרשטײט זיכ, איר לעבנ איז איצט אינגאַנצנ בײַ אים אינ די הענט. „אונ בײַ אײַכ אױכ“ — האָט ער צוגעגעבנ אונ אַפּ א רגע פֿאַרביסנ די אונטערשטע ליפּ. — „אונ בײַ אײַכ... װײַל דעם האָנאָראַר מײַנ איכ. דער האָנאָראַר איז א גאַנצ באַשײדענער“. ער האָט פֿונ טיש-קעסטל אַרױסגענומענ א פּאַפּיר, אָנגעשריבנ אַפּ רוסיש. „אָט דאָס-אָ דאַרפֿט איר הײַנט-מאָרגנ דורכלײענענ באַם מיקראָפֿאָנ“.

איכ בינ מיט די אױגנ דורכגעלאָפֿנ דאָס פּאַפּיר: אײנער א סאָװעטישער קריגס-געפֿאַנגענער האָט דורכ דער ראַדיאָ געלאָזט מעלדנ „דער װעלט“, אַז די דײַטשנ באַגײענ זיכ מיט די סאָװעטישע קריגס-געפֿאַנגענע אַפּנ גלענצנדיקסטנ אופֿנ אונ אאַ״.

אינ דער ערשטער רגע האָב איכ ניט פֿאַרשטאַנענ, װאָס דאָ טוט זיכ: „ס'איז א פּאָלישװוּקע! — האָב איכ אומבאַמערקט פֿאַר זיכ אַלײנ אױסגערופֿנ. — איכ װאָלט געװאָלט זענ“... — נאָר דאָ האָט מײַנ „קאָלעגע“ מיר איבערגעשלאָגנ, שױנ נאָר ניט העפֿלעכ, מיט א געהעכערטנ טאָנ: „דאָס איז ניט אײַער זאַכ“, — אונ כױזעקדיק צוגעגעבנ: — „ער איז ניט נאָר קײנ גראַמאָטנער... אונ איר האָט א גוטע דיקציע... אײַכ װעט די װעלט הערנ מיט פֿאַרגעניגנ“...

איכ האָב א שפּײַ געטאָנ. נאָר מײַנ הענקער האָט זיכ נישט פֿאַרלױרנ. „איכ זע, אַז איר זײַט נערװעז. קײנ װוּנדער נישט — אַזעלכע איבערלעבונגענ באַם בעט פֿונ אַנ אײגענער שטערבלעכ-קראַנקער פֿרױ. גײט זיכ אָפּרוענ אונ באַטראַכט זיכ. יאָ, נאָכדעם, װי איר זײַט יאָרנלאַנג געװענ דאָקטער, איז א ביסעלע באַלײדיקנדיק די באַשײדענע שטעל פֿונ א דיקטאָר... נאָר ניכטס צו מאַכנ — קריגס-צײַט“...

מע האָט מיכ אָפּגעפֿירט אינ א באַזונדער צימערל. צװײ טעג האָט מענ מיכ ניט אַרױסגערופֿנ. איר קענט זיכ פֿאָרשטעלנ מײַנ געמיט-צושטאַנד. קײנע װערטער אינ דער װעלט זײַנענ דאָס ניט אימשטאַנד איבערצוגעבנ. איכ האָב מיטנ קאָפּ געזעצט אינ מיר. קײנער האָט זיכ ניט אָפּגערופֿנ. קײנ עסנ האָט מענ מיר אױכ ניט געגעבנ. אױפֿנ דריטנ טאָג האָט מענ מיכ װידער אַרױסגערופֿנ צום הער עװאַלד. װידער האָט ער מיכ אױפֿגענומענ זײער העפֿלעכ, ניט געפֿרעגט, װאָס פֿאַר א באַשלוס איכ האָב אָנגענומענ. פֿאַרקערט, ער האָט מיכ באַגעגנט מיט א גוטער בשורה: „אײַער פֿרױ האָט געבױרנ א זונ! ער לעבט אונ איז געזונט. אונ די פֿרױ װעט אױכ לעבנ, אױב איר װעט װעלנ“... נאָכדעם ערשט האָט ער מיר װידער אױסגעשטרעקט דאָס פּאַפּירל. נײנ, אַנ אַנדערע. איצט האָט שױנ אינ ראַדיאָ געמאָלדנ א סאָװעטישער דאָקטער, אַז די דײַטשנ באַציִענ זיכ זײער גוט צו דער באַפֿעלקערונג פֿונ די אָקופּירטע געביטנ אונ „ערטײלנ זי“ דרינגענדיקע מעדיצינישע הילף...

„נו, דיזעס װעט איר דאָכ שױנ אָנ צװײפֿל לעזנ באַם מיקראָפֿאָנ? — האָט ער, קימאַט טריומפֿירנדיק, מיר געזאָגט. — דאָס, זעט איר דאָכ, איז שױנ געװיס ריכטיק?“ — „נײנ. איכ װעל גאָרנישט לײענענ“, — האָב איכ קורצ אונ פֿעסט געענטפֿערט. אונ ער איז אַפּ זײַנס ניט באַשטאַנענ. „רעכט, — האָט ער געזאָגט. — איר באַקומט װידער א פּאָר טעג אַפּ באַטראַכטנ זיכ. יאָ, אײַער פֿרױ, געדענקט, איז נאָכ װײַט ניט געזונט... איר קאָנט גײנ“. נאָר אַז איכ בינ שױנ געשטאַנענ אינ טיר, האָט ער מיכ א רופֿ געטאָנ צוריק: „מײַנ הער! איר זײַט זיכער הונגעריק. בײַ אונדז איז פֿאַראַנ אַזױפֿיל אַרבעט, אַז ס'איז אוממעגלעכ װעגנ אַלצ אונ

אלעמענ צו גערענקענ... זעצט זיכ צומ טיש. — ער האָט א דריק געטאָנ א גלעקל. — מע וועט אײַכ ארײַנטראָגנ עסנ". איכ האָב זיכ געזעצט.

מײַנ דערצײלער האָט אָפּגעווישט דעמ שווייס פונ שטערנ. ער האָט אראָפּגענומענ דאָס היטל, אונ כ'האָב דערזענ, אז א זילבער־ווײַס ווענעלע גייט דורכ איבערנ רעכטנ מיטנ פונ זײַנ ראָב־שווארצנ געדיכטנ קאָפּ האָר.

— יאָ, איכ האָב זיכ געזעצט. אינ א ווײַלע ארומ איז ארײַנ עפּעס א סוביעקט מיט א גרוי פענעמל אונ א רויט פארויכנ נעזל. מיט אימ צוזאמענ איז ארײַנ א גרויסער הונט, א בולדאָג. דער הונט האָט זיכ אוועקגעזעצט אינ ווינקל אונ האנאָעדיק געברומט. דער סוביעקט האָט אינ ביידע הענט געטראָגנ גרויסע טעלערס מיט עסנ: אפ איינ טעלער זײַנענ געלעגנ עטלעכע דארע, האלב ארומגעהריזעטע ביינער, אפנ צווייטנ טעלער — א פרעכטיק, שמעקנדיק געבראָטנס מיט אנ איינגעצייכנטנ קארטאָפל־גארניר. דער סוביעקט האָט אוועקגעשטעלט די ביינער לעבנ דעמ הונט, אונ דאָס געבראָטנס — לעבנ מיר. גאָר איכ האָב קוימ באוויזנ איבערצושמעקנ די דאָזיקע ברענ ... א טעלער, ווי דער הער עוואלד האָט מיט א זיס שמייכעלע זי אָפּגערוקט צוריק: „אנטשולדיקנ זי, מײַנ הער. דאָ איז א קליינע מיספארשטענדעניש... הונטבערט האָט די פאָרציעס פארמוישט. דער הומער קערל... — אונ הומבערט, דער הומער קערל, האָט באלד די טעלער איבערגעשטעלט... — איר מוזט אינדז אנטשולדיקנ, — האָט עוואלד שטיל געלאכט, — ביינער, אנ אָרעמער טיש... ניכטס צו מאכנ: קריגס־צײַט!.."

מע האָט מיכ צוריק אָפּגעפירט אינ מײַנ איינצל־קאמער. כ'איז שוינ געווענ אָוונט. מיד פונ פײַנ אונ הונגער בינ איכ אײַנגעשלאָפנ. איפגעכאפט האָב איכ זיכ באגינענ — אופגעכאפט פונ שטארקע באָמבע־אופרײַסנ גאָר נאָענט פונ דער טפיסע. איכ האָב גיט באוויזנ רעכט צו־זיכ צו קומענ, ווי מע האָט מיכ שוינ געטריבנ צומ נאטשאלניק. איכ האָב אפ אימ א קוק געטאָנ אונ זיכ דערפרייט: ער איז געווענ בלייכ... „נו, וואָס, מײַנ הער? — האָט ער מיכ באגעגנט. — אײַער באטשליכ? אלנפאלס, גאנצ עגאל. איכ מוז אײַכ זאָגנ די וואָרהײַט, ווי א קאָלעגע: מיר קלײַבנ זיכ אוועקגיינ פונדאנענ... נאָר מיר ווילט זיכ גיט, אז עס זאָל בא אײַכ פארבלײַבנ א שלעכטער אײַנדרוק וועגנ אונדז... איכ וועל אײַכ שיקנ מיט א פּאָר באגלייטער, איר זאָלט אלייג זיכ איבערצײַגנ, אז אײַער פרוי האָבנ מיר געזונט געמאכט; מיר זײַנענ יואָרטסלײַט!"

אפנ קלונג זײַנענ ארײַנ צוויי הויכע דארע שטורמאָוויקעס. מע האָט מיר פארבונדנ די אויגנ (זיי האָבנ אפּאָנעמ גיט געוואָלט, איכ זאָל זענ, ווי די ארמײ ווייערט טרעט אָפּ) אונ אוועקגעפירט. אָפּגעבונדנ די אויגנ האָט מענ מיר ערשט דאנ, ווענ איכ האָב אריבערגעשפאנט די שוועל פונ דער פאלאטע, ווו איכ האָב מײַנ פרוי איבערגעלאָזט. אונ איכ האָב דערזענ...

מײַנ באקאנטנס קאָל האָט א ציטער געטאָנ, זיכ אָפּגעריסנ אונ הייזעריק געוואָרנ. מיר האָט זיכ געדוכט, אז דאָס קאָל קומט פונ ערגעצ טיפ פונ א קעלער.

— אונ איכ האָב דערזענ: אפ דער ערד, אינ א לויזשע פארבאקנ בלוט, האָט זיכ געוואלגערט מײַנ פרויס קערפער, א צעהאקטער אפ שטיקער; אינ איר ליײַבל איז געלעגנ דער צעשמעטערטער קאָפּ פונ מײַנ ערשט קינד — אונ א הונט האָט עס געפרעסנ, אָט יענער בולדאָג...

איכ בינ געפאלנ אינ כאלאָשעס, דאָס ערשטע מאָל אינ מײַנ לעבנ. צו־זיכ בינ איכ געקומענ פונ א שארפנ ברי אינ פלייצע. נאָר א צווייט מאָל איבערשלאָגנ האָבנ שוינ די באנדיטנ גיט באוויזנ: אינ דער פאלאטע האָבנ זיכ שטורמיש ארײַנגעריסנ אונדזערע אוטאָמאטלער!

— דאָס איז גאָר, וואָס איכ האָב אײַכ געוואָלט דערציילנ, — האָט מײַנ באקאנטער פארענדיקט. — איר זײַט א מענטש מיט א ביסל פאנטאזיע, צי האָט איר געקענט צוטראכטנ א פאסיקע נעקאָמע?

—★☆★——

# הירש אָשעראָוויטש

## וויי-ליד

א

עס ברענגען טעג, עס ברענען טעג
און זייער אש — די נאכט ברענט ווידער.
ביז ווײַט פון א דערשטיקטן וועג
זאָגט שטיל א וואלד מיטביימער ווידע.

אן אלטער וואלד, א שווערער וואלד
בא פּאָניעוועזש — א שטאָט אין ליטע.
א בוים אינמיטן ווידע פאלט,
און ס'פאלט א צווייטער, ס'פאלט
א דריטער.

די פייגל פונעם וואלד — אוועק,
ווי די נעשאָמעס פון די ביימער.
די וואָלקנס — שווערע. גרויע זעק,
פול אָנגעשטאָפּט מיט שווארצער אימע.

עס ליגט א האלבער וואלד שוין טויט,
דער צווייטער האלבער — ש ט י י ט
א ט ו י ט ע ר.
דער הימל — בלויט, דער הימל — גרויט
און בלײַבט א רויטער, בלײַבט א רויטער...

ב

דער ערשטער דײַטשישער מעטלעס
אפּ פּאָניעוועזשער בליכע גאסן...
דער מארק-פּלאץ — א פארברענטער מעס,
און זײַנע מויערן — גרימאסן;

גרימאסן פון א שווערער שלאכט
און פון א שוידערלעכער גסיסע.
א מויער אין זײַן וואנזין לאכט:
„איך בין א טפיסע, כ'בין א טפיסע!"

און הילכיק שעלט א פּײַפל-גרילץ
פין נאצי-זעלנער, וואָס זיי וואכן.

פון צווישן האלב-פארברענט געהילץ
דער שטאָט-מעשוגענער נעמט לאכן.

אן אלטער ייִד, דאָס הארץ פארקלעמט,
באוויינט זײַן היים, זײַן שטאָט, זײַן
לעבן...
אפּ פּארקנס בלויע גראָבע העמט
א פּסאק פון טויט-אורטײלן קלעפּן.

און ס'פירט געסטאפּאָ יונגעלײַט —
ליטווינער, ייִדן און פּאָליאקן.
ווײַט עמעצ וויינט... ווײַט עמעצ שרײַט...
און פויסטן איבער שויבן האקן...

ג

פון שטאָט צום וואלד, וואָס לעבן שטאָט, —
א מאכנע נאָך א מאכנע ייִדן.
עס וואקלען שווער אויס פיס א טראָט,
פון ביקס אין פון באגנעט געטריבן.

שוין טויזנטער זײַנען אוועק,
און נײַע טויזנטער אלץ קומען.
פון ווו די שטאָט האָט נאָר אן עק
ביז לעצטן ייִד צוגויפגענומען.

עס דרייט א ווינט דעם שטויב און דרייט,
און ס'פליִען אום, ווי סארווער, קראָען;
עס האָט פארנאכט זיך אויסגעשפרייט
מיט לעצטע בלוטנדיקע שאָען.

עס קלאָגט א סלופּ דערנעבן וועג
און ס'ציטערט אָפּ זײַן שטים אפּ דראָטן:
גלײַך ס'וואָלט געשניטן אים א זעג,
גלײַך ס'וואָלטן טרייבערן אים דלאָטן.

א צווייטער סלופּ, א דריטער קלאָגט,
און באלד — די גאנצע, גאנצע שורע,
אזש ביז צום האָריזאָנט זיך טראָגט
פון קומענדיקן טויט די בשורע...

דער אלטער וואלד אנטקעגן טרערט
און ווישט מיט בלעטער זיך די טרערן.
עס גראָבן רידלען אויף די ערד,
און ביימער קוקן, ביימער הע־ן,

ווי ס'בראזגעט א יעפרייטאָר-קעל
און ווי א ביקסן-שטים קרימט נאָך אים:
„היי, יודען-באנדע! גראָבן שנעל!..“
א שאָס — א ייִד פאלט אײַנגעבראָכן...

און ס'כאפּן אויף זיך בלייכע הענט,
מיט לעצטע קויכעס גראָבן, גראָבן...
די רידלען טאנצן, שקיִע ברענט,
און ס'טהאָמט א לאנגער, ברייטער גראָבן.

א שווארצער וואָלקן — שווער אין מאט,
ווי מיט א כופּע ציט אלץ איבער.
„דער ערד זאָגט, ייִדן, „האריי-אט“ —
שרײַט אויס א קראָ און פליט אריבער.

א סאָווע קומט פארגרויס, פארבלײַט,
אין אירע אויגן — גרויל און פּערל.
„איך האָב קיין צײַט ניט, כ'האָב קיין צײַט,
זאָל כאָטש וואָס גיכער פינצטער ווערן!“..

און ס'ווערט טאקע! — עס ווערט, עס ווערט...
און ס'כליפּעט וואלד אפּ זיך און ייִדן:
„אָ-וויי, וואָס אײַך איז דאָ באשערט!
אָ-וויי, וואָס איך מוז זײַן אינמיטן!“

„אָ-וויי, אָ-וויי“ — אין בויך פון דר'ערד
פארטעמפּטע כאזערן די רידלען;
און פינצטערער אלץ ווערט און ווערט,
און קוילעס שמײַסן, קוילעס זידלען...

און אָט שוין קריכט ארויס פון גרוב
די שווארצע שטילעניש פון קוואָרים!
נאָר ס'טוט קיין וויִע ניט קיין צוק —
דאָס לעצטע ביסל שרעק פארלאָרן...

„די אייפּעלעך אין גרוב אררררײַן!!!“
— — — — — — — — — —

און זע: די מאמעס ווארפן, ווארפן.
גאָר גלײַך אזוי וואָלט מוזן זײַן,
גאָר גלײַך אזוי וואָלט מען באדארפן“.

און ייִדן שטייען — שטיקער נאכט,
און מאמעס — קאלט און שטום אינגאנצן,
איין מאמע נאָר... האָט זיך צעלאכט.
באפרײַט פון קינד, גענומען טאנצן:

„מײַן קינד, ס'איז גוט! איאָ, ס'איז ווויל?..
איך בין!.. כ'וועל זײַן!.. געווען!..
ניטאָ מער!..
ניט אלע ייִדן זײַנען פויל!..
ניט איך בין טאָמע, איר זײַט טאָמע!

א צוגווינט ציט! פארמאכט די טיר!
נאָך אונדזער — אײַער בלוט וועט פליסן!
אָ, קינד מײַנס, ווויל איז מיר און דיר,
וואָס האָסט דאָס הינטל אײַנגעביסן!..“

א ווײַטער עכאָ סאָוויש קאלט
האָט נאָכגעשריִען: „אײַנ־גע-ביסנ-ן!“
נאָר אָט א ביקס האָט אָפּגעקנאלט
און האָט די טירעפּ-ליד צעריסן.

די ליִד, דעם טאנץ און מוטערס לײַב,
און עכאָ גרויליקן און דינעם.
„מײַן קינד, מײַן ווײַב! מײַן קינד,
מײַן ווײַב!“..
ט'א קאָל געריסן זיך פון זינען.

א דויִק-פינצטערער באַפעל
האָט עפּעס שרעקלעכעס באַפוילן.
און שווערע קוילנוואַרפער צעגן...
און טויזנטער צעגליטע קוילן...

— — — — — — — — — —

א וואַלד, א וועג, א גרוב דערביַי...
און רידלען שיטן און פאַרשיטן
מיט קאַלטער ערד נאָך הייסן בליַי
געטויטע זעכצן טויזנט ייִדן!..

ד

מיַין פּאָניעוועזש! מיַין פּאָניעוועזש!
דו שטאָט פון רו און בלייכער שטילקייַט.
כ׳דערמאַן זיך — בליסט אין בלויען בעז
און אין א כיינעוודיקער קילקייַט.

עס לויפט א ווינטל, ווי א סמיק,
איבער די גאַסן — ווי די סטרונעס.
א שוועלבל טראָגט אין שנאָבל גליק —
עס האָט געבראַכט מיר פון דער זון עס!..

דיַין אָטעם — איַינגעהאַלטן-דין,
דיַין שטים — א זילבערדיקע „דייַנע“.[1]
ווו כ׳בין געווען און ווו איך בין,
איך הער דעם דופּט פון גאַסן דייַנע.

עס שטראַלט באַשיידנקייַט פון דיר.
ביסט „טפילע-זאַקע“ און „נירוואַנא“.
דו האָסט געהערט אמאָל צו מיר,
און איך בין זיך אליין מעקאַנע...

איך וואַרעם דיך מיט מיַין געדאַנק
און טרינק דיַין טיַיך מיט מיַין זיקאָרן.
איך בין א פלאַטערל, וואָס צאַנקט
אַף בלומען — מיַינע יענע יאָרן.

צי דען זשע, פּאָניעוועזש, מיַין שטאָט,
צי דען טאַקע, צי דען ביז איינעם

האָט מען ווי אַלע אויסגעראָט
די בלייכע ייִדן — הערצער ריינע?

איז טאַקע דען ניטאָ שוין מער
דער האָרעפּאַשנער, שטילער טרעגער,
וואָס איבערגעבן פלעגט א גער
זיַין דאַרן, איינזאַמען געלעגער?

און האָבן טאַקע זיי געטויט
דעם אויסגעלייַטערט-אַלטן יאָשע,
וואָס האָט א גאַנצער וועלט געטרויט
און זיך באַטראַכט נאָר פאַר א ראָשע?

צי דען געשען אזוי געמיין,
אַז אויך דער שטילער, גוטער פּיַיע,
וואָס אָפּהיטן פלעגט נאָכצוגיין
נאָך יעדער אָרעמער לעוויַיע?

צי דען האָט טריפע האַנט געעקט
דאָס לעבן אויך פון יענע יונגען,
וואָס האָבן לעבן פריַי געוועקט
אויך ווען אַף זיי ס׳א קייט געקלונגען?

דו שוויַיגסט, מיַין פּאָניעוועזש, אַף „יאָ“.
ס׳איז קיינער שוין פון זיי ניטאָ מער,
און דיַינע גאַסן — טויט און גראָ —
זיי ליגן — לאַנגע פאַכן יאָמער!..

ה

דו דיַיטש! א קלאָלע איז פאַראַן.
זי וועט דיך, ווי א זאַנג, אויסדרעשן!
זי מוז זיַין סאַם און סאַם און סאַם,
זי זאָל אונדזער נעקאָמע לעשן.

ווי קראַפּט פון בערג, וואָס פאַלן איַין,
איז גרויס די קראַפט פון אונדזער סינע.
מיר וועלן ווי די נאַכט זיַין שטום,
ווען ס׳וועט דיַין בלוט פאַרוואָרלאָזט רינען.

[1] „דיַינע“ — ליטווישע פאָלקסליד.

און טראָגן אים מיט ליבע פול,
ווי מיר עס קענען, — מוזן קענען!
נאָך מער פון דיר — אָנהאַרציק,
— דול
דיך כייִש מאטערן און ברענען!

דיך ברענען פאר מײַן פאָניעוועזש
און טויזנטער נאָך שטעט אזוינע,
ווו האָסט צעריסן שטילן נעסט
און אופגעריכט דײַן מענטשן-בוינע!..

פון פעדעם פון מײַן ווייפול האַרץ
איך וועב פאר דיר אויס א נעקאָמע.
איר פאַרב איז: שוואַרץ אף שוואַרץ,
אף שוואַרץ,
זי צאָלט: פאָגראָמען — פאר פאָגראָמען.

נאָך אלץ, וואָס דו האָסט אונדז געטאָן,
די גרעסטע איז פאר אונדז האַנאָע:
דערגעבן אונדזער זונען-פאָן
פאר דיר צו טראָגן דײַנע שיגאָען.

אלמא־אטא, 1942.



י. קאָטליאַר

# באסשעווע

א כמאַריקל, נאָר אָן שום ווינט,
סאָפּ-זומערדיקע נאכט.
באסשעווע האָט דאָס טויטע קינד
צום טונקלענ וואלד געבראכט.

א שאָקל זיך געטאָן, זיך קוים
אָן עפּעס אָנגעשפּאַרט,
און וואָס דאָס איז, א פלויט? א בוים? —
דאָס האָט איר ניט געאַרט.

די נאכט — א נאכט? — א שוואַרצער בריק
האָט אלעס צוגעדעקט.
נאָר פונקענ אומזינ אינ איר בליק
האָבנ די פיס באוועגט...

די מאמע שפּאַנט פונ ווייַט, פונ לאנג,
ראָד-איינ-ראָד-אויס, פונ זינט
מ'האָט אויסגעלאָשנ איר געדאנק,
איר לייַב, איר האַרץ, איר קינד...

א פּיצעלע... ס'האָט הייַנט פאַרזוכט
דעם ערשטנ לעפל טיי...
זי דריקט דאָס קערפּערל, זי זוכט,
זי טאַפּט, ווו טוט דעם וויי.

און ווי ס'דאָס ווינדעלע? ניט נאס?..
און פּלוצעם קלאָגט דער רוים,
דאָס שרייַט דער מאמעס מעשוגאַס,
און שלאָגט זיך קאָפּ אָן בוים.

זי האָט אַלצ פאַר זיך דערזענ אצינד
אפּסנייַ: אָט ברענט איר הויז
אינ ס'לויפּט צו איר א דייַטש, דאָס קינד
ער כאַפּט בא איר אַרויס,
און וואַרפט זי אום, און ס'בריט זי אָפּ
די כייַע סאמיק-שווער...
און וויַיטער, וויַיטער האָט דער קאָפּ
ניט אויסגעהאלטנ מער...

ווער ווײנט? דאָס קינד? ס'וויל עסנ?
וואָרם, —
זי טוט זיך פלינק א נויג,
עס האָט די מילכ איר צוגעשפּאַרט,
טוט ווי אזוי. — נא, זויג! —
בעט זי זיך. די ברוסט בלייַבט הויל,
און ס'קילט זי, ס'לעשט דער ווינט.
די מאמע מיינט, אז ס'איז דאָס מויל,
די הענטלעכ פונ איר קינד.

אינ הימל טאָגט. אפ שפּיצ פונ קליאָנ
א שטראַל האָט אופגעשפּילט,
און פאַרכיזאנער קומענ אָנ
און קוקנ צו דאָס בילד:

דאָס טויטע קינד, די יונגע פרוי,
די ברוסט אינ בלויע הענט...
און פייַנלעכ, ווייטעקדיק אזוי
א כאוועריטע מ'דערקענט,

דערקענט, ארומגעשטעלט זיך ענג
איר מיטהעלפנ געוואָלט.
צו שפּעט. אוי, ברויִם, פאַרגעדענקט,
פאַר אלצ וועט זייַנ באצאָלט!

——★☆★——

ב. מארק

# די קװאדראטנע אױסיעס

(פארצײַכענונג)

## I

איכ האָב זיכ מיט איר באקענט אפ א באנ-סטאנציע ניט װײַט פונ דער פראָנט-ליניע. פונ דעם צוג, װאָס איז אָנגעקומענ פונ פראָנט אונ האָט געבראכט פארװונדעטע, איז ארױסגעשפּרונגענ א יונגער שלאכטמאנ — כ'װאָלט געזאָגט, א גרוזינער. ער האָט געשלעפּט א פיס. א װײַלע האָבנ זיכ אונדזערע בליקנ באגעגנט; בײַ אנדערע אומשטענדנ װאָלט זיכ מײַנ בליק, געװיס, לענגער אָפּגעשטעלט אפ אָט-דעם שמאָלנ קאָפּ, מיט דער אָדלער-נאָז אונ לײַדנדיקע, ענערגישע אױגנ.

איכ בינ ארײַנ אינ װארט-זאל פונ װאָקזאל. אײַנגעמאָסטעט זיכ אפ א ברעג באנק אונ גענומענ ארײַנקוקנ אינ דעם יידישנ ביכל, װאָס איכ האָב גראד געהאט מיט זיכ. אונ כאָטש איכ האָב די געשיכטע פונ טעװיע דעם מילכיקנ אונ זײַנע טעכטער צענדליקער מאָל געלײענט אונ געזעענ אפ דער בינע, האָט זי מיכ איצט, אינ דעם רײַש אונ האװעניש, װאָס איז כאראקטעריסטיש פאר א װאָקזאל, אונ נאָכ דערצו ניט װײַט פונ פראָנט, װידער אימפּאָנירט, גלײַכ איכ װאָלט זי געלײענט דאָס ערשטע מאָל. אונ סאמע מיטנדערינענ:

— איר זײַט א ייד?

הינטער מיר איז געשטאנענ דער יונגער פארװונדעטער שלאכטמאנ, װעלכנ איכ האָב באמערקט צװישנ דעם אָנגעקומענעם אשעלאָנ. ער האָט מיט א שמײכל ארײַנ-געקוקט אינ מײַנ ביכל. דאָס איז געװענ נײַ א שמײכל פונ א בלינדנ, װאָס בלײַבט אפ זײַנ פּנים דעם װארעמענ גלעט פונ א זונ-שטראל.

אזוי האָט זיכ אָנגעהױבנ אונדזער שמועס, װאָס האָט זיכ אױסגעלײגט פאר-װאנדלט אינ א מאָנאָלאָג פונ סאמסאָנ ראבאנאלאָװיטש איזראַילאָװ, א באראגינער, א יונג פונ יענעמ קלײנעמ שטעטל, װאָס זײַנע אאולנ געפינענ זיכ אפ די טײַכנ פונ די הויכע קאװקאזער בערג.

— איכ בינ געװענ א גרוזינער, דאכט זיכ, פונ קאָפּ בינ די פיס, אונ א שטיקל ארמענער אױכ. פונ מײַנע אָװעס האָט אינ מײַנ געדעכעניש געקלעפּט בלויז דאָס פּײַערל פונ דער לעגענדע װעגנ דעם גיבער שימשונ. אָבער דערנאָכ בינ איכ דער-גאנגענ, אז אױכ מײַנ קלײנער שטעטל אינ די בערג איז נישט קײנ אפּשפּריץ פונ דער געשיכטע, נאָר איז א טײל פונ א פאָלק, פונ א גרױסנ פאָלק, װאָס האָט א געשיכטע, אזא אלטע װי די װעלט, װאָס האָט א רײַכע אלטע קולטור. אינ מײַנעמ, הערט, כאװער, מענטשנ פונ מײַנ אלט פאָלק האָב איכ דערזענ װאנדערבארע, אונ געהערט אונ געלײענט האָב איכ, אז אינ דער ברײטער װעלט זײַנענ פאראנ ייִדנ, מײַנע ברידער, פונקט אזױנע װאנדערבארע אונ נאָכ מער װאנדערבארע פונ די, װאָס איכ האָב געטראָפנ. איר װײסט, װי איכ האָב זיכ געשפּירט? איכ האָב זיכ געפרײט װי א יינגל, װאָס געפינט פּלוצעמ זײַנ עלטערנ ברודער, א ברודער, װאָס איז דערפארנ אונ קלוג. אָ, איכ האָב זי גוט אױסגעשטודירט, די געשיכטע פונ מײַנ פאָלק. אונ איצט גיב איכ מײַנ בלוט, מײַנ לעבנ פאר דער פרײַהײט אונ

אומאָפּהענגיקײט פונ דער מעלוכע, וואָס האָט געגעבנ א גליקלעכ און פרײַ לעבנ מיר און מײַנ אײביק פארפאָלגטנ ברודער, געגעבנ אונדז קויעכ צו לעבנ און וואקסנ, פאר דעמ, אז די געשיכטע פונ מײַנ אלט פאָלק זאָל זיכ ניט פארענדיקנ אינ די קװאָרימ, ווו די אויסוואורפנ באגראָבנ ייִדנ לעבעדיקערהייט.

אזוי האָט זיכ פארקניפּט און פארבונדנ אונדזער פרײַנטשאפט. איזראילאָוו איז אוועק אינ שטאָט ארײַנ אינ שפּיטאָל, זיכ אויסהײלנ דעמ פוס. מיר איז אויסגעקומענ זיכ צו פארהאלטנ א געוויסע צײַט אינ דער שטאָט. איכ האָב ניט דורכגעלאָזט קיינ טאָג, איכ זאָל ניט זײַנ בא סאמסאָנענ.

2

— הער אויס, ברודער, — האָט ער אײנמאָל צו מיר מאָדנע טרויעריק געזאָגט, — איכ האָב דיר ביז הײַנט ניט דערציילט. אָבער דאָס לאָזט מיכ ניט רוענ. די קוואדראטנע אויסיעס און דער בלוט־פלעק שטייענ מיר פאר די אויגנ. איכ מוז פאר עמעצנ אראָפּרייד פונ הארצנ.

און ער האָט דערציילט:

זײַנ אָפּטײלונג איז אײנמאָל ארײַנ אינ א שטעטל, פונוואנענ מע האָט אָקאָרשט געהאט ארויסגעיאָגט די דײַטשנ. די מארע פונ שטעטל — אזוי ווי אומעטום, ווו דער דײַטש האָט באלעבאטעוועט: טליעס, כורוועס. לעבער, צום טויט איבערגעשראָקענע מענטשנ, מיגנטישנ קאליקעס, מענטשנ שאָטנס. די ייִדנ? מע האָט איזראילאָוונ אוועקגעפירט הינטער דער שטאָט אפנ בעהיימעס־מארק און געוויזנ:

— אָט זײַנענ די ייִדנ.

ער האָט קיינ מאָגילעס ניט געזענ — ניט קיינ טויטע, ניט קיינ לעבעדיקע, אפ דער ערד איז געלעגנ עפּעס אײַנגעקאָרטשעטס, אויסגעפּינצטערט. ניט קיינ קערפּער, נאָר אָפּגעטמאליעטע בײנער. איז ער געווענ טויט, דער לעבעדיק־פארברענטער ייִד? דאכט זיכ — יאָ, אינ האלט זיכ — ניינ. ער איז געווענ אײַנגעוויקלט, אָבער דער קאָפּ, — דאָס האָט איזראילאָוו געזענ בעפּירעש, — דער קאָפּ האָט זיכ געוואָרפנ פונ רעכטס אפ לינקס און צוריק. און עס האָט זיכ באמאָנענ אויסגעוויזנ, ווי דער קאָפּ וואָלט נאָכ גערעדט:

— ניינ, איכ וועל עס ניט אויסהאלטנ... איכ וועל ניט אויסהאלטנ...

אינ לעבנ דעמ לעבעדיק־פארברענטנ נאָכ אײנער, און א דריטער, און נאָכ... און אינ א זײַט — א קינד, א פארסארפעטכ, א דורכגעשפּיזלטס דורכ־און־דורכ, אינ לעבנ קינד — א ביכל. א פּאָשעטע ייִדיש ביכל, געדרוקט מיט קוואדראטנע שריפט. דאָס ביכל איז געלעגנ אָפנ, אויפגעמישט, אויסגעשמירט מיט בלאָטע און א ביכל פארבמאליעט. איזראילאָוו האָט אויפגעהויבנ דאָס ביכל, אויפגעריסנ די בלעטער, וואָס זײַנענ צוגעקלעפּט געווענ אײנס צום צווייטנ מיט צוגעפרוירענער בלאָטע. די אינעווייניקסטע בלעטער זײַנענ געווענ ריינער. וואָס ווײַטער אלץ רייִנער, בלויז די ראנדנ זײַנענ געווענ שמוציק.

אפ אײנעמ פונ די רייִנע בלעטער איז געווענ א גרויסער בלוט־פלעק.

דאָס בלוט פונעמ קינד? האָט דאָס קינד גראָד דאָ, נעהאט אויפגעמייכט דאָס ביכל, ווענ עס האָט באקומענ דעמ ערשטנ בלוטיקנ קלאפּ פונעמ מערדער?

איזראילאָוו האָט דאָס בלאט ארויסגעריסנ און האלט עס בא זיכ. ווענ קײנער זעט ניט, נעמט ער עס ארויס, גלעטט עס אויס און קוקט אפ די שטומע אויסיעס, אפנ פלעק, וואָס איז שוינ פארגעלט געוואָרנ, אָבער פארשווינדט ניט.

— הערסט? — האָט ער געזאָגט מיט א שטילנ קאָל, גאָר ניט ווי זײַנ מעניער איז געווענ. — פאר אָט דעמ טראָפּנ קינדער־בלוט אפ אָט די קוואדראטנע אויסיעס וועלנ זיי מיר טײַער באצאָלנ. זאָל נאָר דער פוס ווערנ צוריק א פוס.

ווענ איכ האָב פארלאָזט די שטאָט, איז ער שוינ געגאנגענ גאָר נישקאָשעדיק. מיר האָבנ זיכ צעשיידט ווי ברידער. איכ בינ אוועק אינ אנ אנדער ריכטונג. אָבער איכ האָב נאָכגעפאָלגט דעמ ווײַטערדיקנ לעבנס־לויפ פונ מײַנ פרײַנט. אינ אָט וואָס מיט אימ האָט פּאסירט ווײַטער.

דער מאָזדאָק־ראָג, דער ריזיקער באַרג, וואָס שטייט ווי א וואַנט פאַר אָט־דער וויכטיקער שטאָט פונ צאָפנ־קאַווקאַז. איז געווענ אינ מיטנ פונ באַראַשיט א בלוטיק שלאַכט־פעלד, דערנאָכ איז ער געוואָרנ דער קייווער פונ דער פאַשיסטישער אַרמיי, וועלכע איז נאָכ לאַנגע אונ שווערע קאַמפנ אָפּגעשלידערט געוואָרנ אָפּ צוריק.

הונדערטער מאָל האָבנ זיכ מאַכנעס דײַטשישע טאַנקענ געריכט אויפנ באַרג־ריקנ צומ שפּיצ, געוואָלט זיכ אַרויפקריגנ אַהינ, קעדיי דערנאָכ מיטנ גאַנצנ אימפּעט זיכ אַראָפּלאָזנ אויפ די קעפּ פונ די רויטאַרמייער, אויפ די באַפעסטיקונגענ אינ שוצ־גראָבנס ווײַטער אינ עפענענ זיכ אַוויאַרימ א פרײַענ וועג אויפ מאָזדאָק. אָבער א ווערטעלע צו זאָגנ: זיכ אַראָפּלאָזנ. פונ יענער זײַט, ווי עס זײַנענ געשטאַנענ די דײַטשנ, האָט זיכ טאַקע דער באַרג אַראָפּגעלאָזט אָפּליגיק, בײַם די רוסישע זײַט פונ מאָזדאָק־ראָג איז געשטאַנענ ווי א וואַנט, קימאַט גלײַכ. ווענ א דײַטשישער טאַנקיסט האָט זיכ אַרויפגעכאַפּט אויבנ אינ אַרויסגעשטעקט דעמ קאָפּ זיכ צו אָריענטירנ אינעמ ווײַטערדיקנ וועג, האָט אימ געגעבנ שווינדלענ פאַר די אויגנ אונ פאַרפעלט אָטעמ — ער האָט אינמיטנ זיכ דערזענ גישט קיינ באַרגרוקנ, נאָר מאַמעש א תהום. וווּנדערלעכער פונ אַלצ איז אָבער געווענ דאָס, וואָס דאַפקע אינ אָט־דער שטײַלער וואַנט האָבנ געשטעקט סאָוועטישע שיס־פּונקטנ. זיי האָבנ פונ־דערווײַטנ געמאַכט דעמ אײַנדרוק פונ פייגלשע נעסטנ, צוגעקלעפּטע צו די אייבערשטע ראַמענ פונ הייכע פענצטער. ווענ עס פלעגנ זיכ שוינ יאָ געפינענ אַזעלכע מעשוגענע דײַטשישע טאַנקיסטנ, וואָס האָבנ געפּרוּווט זיכ אַראָפּלאָזנ מיט א זײַטיקער טמעזשקע, וואָס איז געווענ ווינציקער שטייל ווי דער גאַנצער רוסישער באַרג־אָפּהאַנג, פלעגנ זיי טײַקעפ דערשפּירנ דאָס פײַער פונ דער סאָוועטישער קעגנטאַנק־אַרטילעריע אונ פונ די סאָוועטישע קויל־וואַרפער. די דײַטשנ האָבנ געכאַפּט קלעפּ נישט פונ אקעגנ, נישט פונ די זײַטנ אונ נישט פונ אויבנ, ווי דאָס טרעפט געוויינלעכ; מע האָט זיי באַשאָסנ פונ אינמיטנ דער ערד, עפּעס ווי זיי וואָלטנ ווי שיפנ טאָר־פּעדירט געוואָרנ דורכ אונטערוואַסער־שיפנ אינ אָפענעמ ים. האָבנ זיי איבער־געלאָזט די קיילים אויפ העפקער אונ גענומענ פליענ. בריוו געציילטע פונ זיי האָבנ קוימ מיטנ לעבנ אויפ אַלע פיר זיכ אַראָפּגעראַפּעט צוריק.

די דײַטשישע קאָמאַנדאַנטשאַפט האָט אָבער באַפוילנ אימ יעדנ פּרײַז נעמענ דעמ באַרג. זי האָט נישט געשאַלעוועט נישט קיינ מענטשנ, נישט קיינ מאַשינעס. עס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ אַטאַקעס אײנע ווילדער פונ דער צווייטער. צענדליקער שטאַרצ־געצייעלטע טאַנקענ ליגנ שוינ מיט צעבראָכענע ריפּנ, אָבער באַלד באַווײַזט זיכ א פרישע מאַכנע, באַגלייט מיט סמאַרעס אַעראָפּלאַנענ. דער באַרג איז מאַמעש גע־שטאַנענ אינ פלאַמענ. עס האָבנ פונ אימ געהאַקט ריזיקע רויכ־קנוילנ אונ פײַער־קלופּעס, עלעהיי ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ א וווּלקאַנ אונ האָט געבראָכנ מיט פײַער אונ פלאַם.

אינ אײנע פונ די פאַרביסנסטע נעכט איז געלעגנ באַמבאַנ ראַפּאַילאָוויטש איזראַילאָוו צוגעמוליעט צומ קוילנוואַרפער. ער האָט זיכ אײַנגאַנצנ פאַרוואַנדלט אינ אויג אונ אויער. ער זעט: אויפנ שפּיצ באַרג כאַפּט זיכ אַרופ, ווי א בייזער רועכ, א טאַנק. אָט וועט ער זיכ באַלד א לאָז אַראָפּ מאָג אויפ זײַנ, איזראַילאָווס, קאָפּ. דאַכט זיכ — א משל, נישט קיינ מענטש, זיצט אינ דער מאַשינ. אינ דאָ בלײַבט דער טאַנק, אַזוי ווי אַלע פאַר אימ, שטײַנ א ווײַלע אינ דער הייכ, ווי דער טאַנקיסט וואָלט אָנ אַנ אָטעמ־פּויזע נישט קאָנענ אַראָפּקערעווענ די מאַשינ גלײַכ באַרג־אַראָפּ. אָט־די רעגע פונ דער אינסטינקטיווער אָטעמ־פּויזע נוצט אויס איזראַי־לאָוו. ער צילט אָנ אויפנ האַקנקרייצערישנ באַל־מאַשכיס זײַנ געווער; עס ענטפערט אימ דער באַווער, וואָס זיצט אינ נאָענטנ שיס־פּונקט, עס הויבט זיכ אָפּ דער דרי־טער, דער פערטער. אײנער נאָכ צווייטנ קײַקלענ זיכ די האַקנקרייצ־טאַנקענ צוריק, פאַלנ אײנער אויפנ צווייטנ, דרייענ זיכ צונויפ מיט א שרעקלעכער טראַסקעריי אינ וואַלגערנ זיכ אַראָפּ אויפ די קעפּ פונ די אײגענע פראָנט־קאַמעראַדנ.

אזוי האָט געדויערט פינפ טעג נאָכאנאנד — טאָג נאָכ טאָג און נאכט נאָכ נאכט. אפנ זעקסטנ טאָג אינדערפרי האָט זיכ די קאנאָנאדע איבערגעשטילט. איזראילאָוו שטעקט ארויס דעמ קאָפּ, זײַנע וואכע אויערנ כאפנ אופ א פײַפערײַ. שוינ זשע שיסנ די דײַטשנ פונ ביקסנ, שוינ זשע קלעקט ניט באמ פײַנט קיינ הארמאטנ און מינענוואָרפער? די פײַפערײַ כאזערט זיכ איבער נאָכ און נאָכ. ערשט איצט האָט זיכ סאמסאָנ געכאפט: דאָס פײַפט אזוי דער ווינט. אפ דער דײַטשישער זײַט איז שטיל, טויט-שטיל.

עס איז דורכ א טאָג, עס איז דורכ א רויִקע נאכט. א מאָדנע שטילקײַט האָט זיכ צעלייגט אפנ בארגרוקנ, געהאנגענע איבערנ אָפּגרונט. און די שטילקײַט איז געווענ אומגעוויינלעכ און דעריבער טאקע — פארדעכטיק. שוינ זשע גרייט ניט דער דײַטש עפּעס א כיטרענ סורפריז?

ווענ עס איז צוגעפאלנ די צווייטע שטילע נאכט, איז סאמסאָנ באנאנד מיט נאָכ איינעמ, מיטנ כאווער ש., וואָס האָט א צײַט געארבעט צווישנ די פארטיזאנער און געווּסט גאנצ גענוי די לאגע אינעמ פײַנטלעכנ לאגער, ארויס אפ אויס-שפּירונג.

דורכ א זײַטיק שטעגל זײַנענ זיי אפ אלע פיר ארופגעקראָכנ אפנ שפּיצ בארג. איזראילאָוו האָט געקוקט אפ דער דײַטשישער זײַט: א געדיכטער טונקל-בלויער נעפּל איז אומבאוועגלעכ געהאנגענ פאר זײַנ בליק. קיינ איינ פײַער-בליצל, קיינ דעכ פונ א מענטשנ. פונקט ווי אלצ, — אי דער בארג, אי דער טאָל, אי הימל-און-ערד וואָלנ פארזונקענ זײַנ אינ א טיפנ שלאָפּ.

אָבער סאמסאָנ איז געווענ זיכער: דער סוינע שלאָפט ניט. און קעדײ צו דער-גיינ, ווו ער שטעקט, און אזויארומ עפּשער קאָנענ דערגיינ, וואָס ער האָט בעדייע צו טאָנ, האָט איזראילאָוו באשלאָסנ ארויסצורופנ דעמ וואָלפ פונ וואלד.

זיי האָבנ זיכ אװעקגעלייגט און גענומענ פויזענ בארג-אראָפּ, פּאָרזיכטיק, מיט געמאָסטענע הענט- און פיס-באוועגונגענ, עלעהיי יונגע שווימער, וואָס געפּרווט נאָכ ניט ניט די כוואליעס, ניט דער געניטקײַט פונ די אייגענע אָרעמס. אונטנ, אינ דער לינקער זײַט, האָט זיכ אָנגעהויבנ א נײַער בארג, און צווישנ די צוויי בערג האָט זיכ ארײַנגעשניטנ א שמאָלער דורכגאנג, די ברייט — קוימ פאר איינ מענטשנ צו שטיינ. אהער האָבנ זיכ ארײַנגעקוועטשט ביידע אויסשפּירער. דאָס איז געווענ א באקוועמ לויער-אָרט. דער שפּאלט איז געווענ זייער לאנג און האָט זיכ געצויגנ א קילאָמעטער צוויי די ווײַט צווישנ די צוויי בערג; ער איז געווענ געדרייט און געשלענגלט, אזוי אז א פארפאָלגער, ביפראט אזעלכער, וואָס האָט נאָכ ניט געקאָנט אָט-דאָס שמאָלע לאבירינטל, האָט געקאָנט גיכער צעברעכנ הענט-און-פיס, איידער פאלנ אפ די שפּורנ פונ די אנטלאָפענע.

סאמסאָנ האָט אויסגעשאָסנ.

דער קנאל האָט זיכ אָנגעשלאָגנ אָנ די ארומיקע בערג און אָפּגעהילכט מיט צענדליקער ווידערקאָלנ. אָבער קיינ איינ פײַער האָט ניט קיינ בליצל געטאָנ, קיינ איינ מענטש האָט זיכ ניט באוויזנ.

נאָכ א שאָס און נאָכ איינער. איז טאקע קיינער דאָ ניט פארבליבנ, אָדער דער סוינע איז נאָכ כיטרער פונ אימ, דעמ דאגעסטאנער, און האלט אינ דעמ אָטעמ בעקיווּנ, מיט קוועכ, קעדײ פארפירנ דעמ סאָוועטישנ אויסשפּירער?

ערשט נאָכנ פערטנ שאָס האָט זיכ מיטאמאָל אינ דער פינצטערניש עפּעס אָנ-געצונדנ. א קליינטשיק פײַערל האָט גענומענ זיכ באוועגנ, אונטערטענצלענ, זיכ א כעקודע פארלאָשנ און ווידער א פינקל געטאָנ מיט א ליכטיק בליצל.

— געפּאקט! — האָט איזראילאָוו אָנגעקוואָלנ, זעענדיק, ווי דאָס פײַערל זוכט און נישטערט אינ דער פינצטערניש, זוכט דעמ שיסער אינ די ריכטונגענ, פונוואנענ דער שאָס איז געפאלנ.

דער כאווער ש. איז צוריקגעלאָפנ אינ שטאב ארײַנ איבערגעבנ די נײַעס. און סאמסאָנ איז אוועקגעקראָכנ פארזעצנ די אויסשפּירונג.

דאָס פײַער־בליצל איז געשפּרונגענ אהער, אהינ, א רעגע האָט זיכ כאמסאָנענ געדאכט, אז דאָס פלעמל דערנענטערט זיכ צו איִמ, ער איז צוגעבאלנ צו דער ערד. דאָס פלעמל האָט זיכ אָבער אָפּגעשטעלט, אפּ עטלעכע סעקונדעס פארשוווּנדנ אינ זיכ ווידעראמאָל באוויזנ, אָבער דאָס מאָל איז עס געווענ א ביסל מאטער, בלאסער אונ האָט זיכ געהאלטנ אפּ איינ אָרט.

איצט האָט זיכ כאמסאָנ גענומענ באוועגנ האסטיקער. דאָס פלעמל איז געפלאָסנ פונ א נישט פארגלאָזטנ אונ נישט פארהאנגענעמ פענצטער — א קליינ הײַזל איז געשטאנענ אינ טאָל.

שטיל ווי א קאצ האָט זיכ דער דאגעסטאנער פארגאנוועט הינטערנ פענצטער אונ ארײַנגעקוקט. עטלעכע דײַטשישע אָפיצערנ זײַנענ געזעסנ איבער א לאנד־קארטע. א שטאב?

ער האָט אויפגעציטערט, ער האָט געהערט, מע רעדט. דאָס האָבנ מיסטאמע פונ יענער זײַט הײַזל גערעדט צווישנ זיכ די וואכ־זעלנער.

די אָפיצערנ האָבנ אויפגעהויבנ די פענעמער פונ דער מאפּע. דער שמועס זייערער איז געווענ א לעבעדיקער אונ ערנסטער. אײַ, ווענ ער קאָנ כאָטש עטלעכע פראזעס כאפּנ, כאָטש א קליינ ברעקל פונעמ שמועס אָנכאפּנ — דאָס פעדעמל וואָלט צומ קנויל צוגעפירט.

אָבער אָנשטאָט הערנ, האָט ער פלוצעמ דערזענ הארט באַמ פענצטער, סאַמע אקעגנ זיכ א פרעמד גרויס פּאָנעמ, א ריינ־אויסגעגאָלטס, א פּאָר דינע צוזאמענ־געפּרעסטע ליפּנ אונ א פּאָר אויגנ, אָנגעגאָסענע מיט האס אונ אומרו, וואָס קוקנ גלײַכ אפּ איִמ, דעמ אויסשפּירער. דער סוינע האָט איִמ דערטאפּט.

דאָס הארצ איז איִמ פארלאָפנ מיט בלוט. ער איז אָפּגעשפּרונגענ, אונ אייִדער די דײַטשישע וואכ־סאָלדאטנ האָבנ איִמ דעריאָגט, האָט ער באוויזנ ארויסציִענ צוויי גראנאטעס אונ בײדע מיט איינ זעצ ארײַנשלײַדערנ אינ פענצטער.

ער האָט ניט געקוקט, וואָס עס טוט זיכ ארומ, נאָר גענומענ לויפנ — צומ שפּאלט צווישנ די בערג. ער האָט געוווּסט — דאָרט איז לעבנ, דאָ איז טויט. ער האָט ניט געהערט די ביקס־קנאלנ, די קוילנ־סווישטשערײַ איבערנ קאָפּ. ער האָט זיכ א וואָרפּ געטאָנ אפּ דער ערד אונ גענומענ פויזנ צומ בארג־דורכגאנג.

מיטאמאָל האָט זיכ א ריזיקער שײַנ־פלעק געלייגט אפּ איִמ אונ שוינ מער ניט צורו געלאָזט קיינ איינ מינוט, קיינ איינ רעגע. ער האָט זיכ אײַנגעקאָרטשעט, אונ אנטבלייזט דעמ אנטלויפנדיקנ. כאמסאָנ האָט זיכ דערפילט אזוי, ווי מע וואָלט איִמ א נאקעטנ אוועקגעשטעלט פאר ווילד־פרעמדע. ער האָט געפּרוּווט זיכ ארויס־באקומענ פונ דעמ גרויזאמענ ליכט־פלעק, אײַנגעראָבנ זיכ ווידער אינ כאשכעס, אָבער די ליכט האָט איִמ ארומגענומענ, זיכ געפּלאָנטערט צווישנ זײַנע פיס, באוועגט זיכ מיט איִמ באנאנד, זיכ ווי צוגעקלעפּט צו איִמ אונ צו דער ערד ארומ איִמ, ניט צורו געלאָזט קיינ איינ מינוט, קיינ איינ רעגע. ער האָט זיכ אײַנגעקאָרטשעט. געשפּרונגענ ווי א געפּלאָגטע פארוווּנדעטע כײַע, געוואָלט איבערקומענ די העליע מעכיצע, וואָס האָט איִמ אָפּגעטיילט פונ לעבנ — עפּעשער איז א רעגע געווענ גוט, פינצטער, אָבער באלד האָט איִמ די שײַנ ווידער דערטאפּט.

דאָס איז געווענ א טראגישער, פארצווייפלטער געראנגל פונ מענטש מיט ליכט. דאָס איז אינ פלוג געווענ א קאמפּ א פּינקט פארקערטער, ווי דער סייכל איז מע־כײַעוו — א קאמפּ פאר לעבנ קעגנ ליכט! עקלדיקע העלע גרינקייט האָט באגאָסנ די ערד — אונ אינמיטנ דעמ ריזיקנ פאס ליכט האָט זיכ ווי אינ מעשוגענע ווייענ געדרייט א ווערעמל, א שווארצ פּאסיקל — א מענטש.

איזראָילאָוו האָט זיכ געפילט געפאנגענ. ער האָט זיכ געפילט ווי אינ א שטײַג. צווישנ איִמ אונ דער פרײַער וועלט, — דעמ בארג־שפּאלט, די באוויירימ, איז געלעגנ א ריזיקער פאס ליכט.

קויל־וואָרפער האָבנ זיכ צעגראנערט. ער האָט א שאָט געטאָנ א האָגל קוילנ. ער איז געבליבנ ליגנ, זיכ צוגעדריקט מיט אלע קויכעס צו דער ערד, גלײַכ ער

וואָלט געוואַרט, זי זאָל זיכ עפענענ אינ אַרײַנעמענ אימ אינ א זיכער אָרט, ער האָט געשפּירט קלעפּ — אינ די פּלײצעס, אינ די הענט. ער איז געבליבנ ליגנ א פאַרוואונדעטער, אָנ קויכעס, איבערגעדעקט מיט דעמ ריזיקנ טעפּיכ פונ גרינער ליכטיקײַט. שוינ זשע איז עס דער סאָפ?

ער האָט דערשפּירט, אז די קרעפטנ גײענ אימ אויס. ער האָט זיכ אָנגעטאָנ א קויעכ, אויסגעדרײט זיכ אַפ דער רעכטער זײַט אונ געווענדט די אויגנ צו מיזרעכ, צו יענער זײַט באַרג, ווו עס זײַנענ געשטאַנענ כאַווײרימ, הײמישע מײלנ, אינ הינטער זײ, איבער בערג אינ טאָלנ, האָט געדרײשט א הײמיש שטעטל אינ א באַקאַנט ווינקל האָט געבלאָזנ איבערנ מאַמע-מאַמישנ אויל. אונ קוקנדיק מיטנ לעצטנ בליק אהינ, האָט ער דערזענ, ווי פונ יענער זײַט הײבט זיכ אויפ אינ די הימלענ א פיאָלעטע ראַקעטע, אונ דאָס אָפּגעשיאַכטע האַרצ זײַנס האָט גענומענ שלאָגנ האַסטיקער אינ שנעלער: דאָס איז געווענ דער אָפּגערעדטער סיגנאַל פונ אָנגריפ. דער לאַנג-צוגעגרײטער אינ לאַנג-געוואַרטער שטורעמ פונ דעמ סינעס פּאָזיציעס האָט זיכ אָנגעהויבנ. איז ניט אמאָל דער איבעריגס פונ זײַנע גראַנאַטנ געווענ א גוטער בײַדע-טרעגער פאַר די כאַווײרימ דאָרט, אַפ דער פרעמדער זײַט?

ער איז שוינ אינגאַנצנ א מאַכטלאָזער געלעגנ אַפ דער ערד, אינ נאָר זײַנ אויער, דאָס וואַכע אויער פונ א געניטנ באַרג-מענטש, האָט געכאַפּט דעמ דונערדיקנ עכאָ פונ דער ערד, וואָס האָט געציטערט פונ דער האַרמאַטנ-קאַנאָנאַדע.

עס האָבנ זיכ ווידער צעגראַגערט קוילנוואַרפער. דער באַרג, וואָס איז געשטאַנענ אינ נאַכט-כאַשעכ, האָט מיטאַמאָל אויפגעליכטנ אינ די בליצנ פונ אויפגעריסענע סנאַריאַדנ. אונ אינ אָט דער ליכט האָט כאַמסאָ דערזענ ניט ווײַט נאָענט שטײנ-פּאַס, וואָס האָט אימ געהאַלטנ אינ קלעמ, די עפענונג פונ דעמ דורכגאַנג צווישנ די צוויי בערג.

ווו האָט ער גענומענ קײַכ זיכ צוצושלעפּנ אהינ? דער שטײנ-פּאַס האָט אימ ניט אָפּגעלאָזט ביזנ סאַמע דורכגאַנג, אָבער אינ דעמ לאַבירינט האָט ער שוינ קײנ שליטע ניט געהאַט.

דורכגעלעכערט ווי א זיפּ, איז כאַמסאָ געבליבנ ליגנ צווישנ די פעלדזנ.
ער האָט אויפגעהערט צו זענ אונ צו הערנ, ער איז געפאַלנ אינ כאַלאָשעס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פונ שפּיטאָל האָט ער מיר צוגעשיקט מיטנ בריוו צוזאַמענ א צעקנײטשט בלאַט פונ א יידיש בוכ מיט א געלכ פלעק אינמיטנ. „באַהאַלט עס, מײַנ טײַערער פרײַנט, מאַמער שטאַרב איכ. האַלט עס מײַנס. דאָס דאָזיקע בלאַט, געדרוקט מיט ליבנ קוואַדראַטנע שריפט, איז געהײליקט מיטנ בלוט פונ א לינער קאָדעט“.

★ ★

# „דראנג נאכ אָסטנ"

וואָס איז געוועזנ דענ זײַנ גאנצער דראנג נאכ אָסטנ?
געהאט האָט פריצ דערבײַ א מיינ א פראָכטנ:
א „נײַע אָרדענונג" דאָרט אײַנצושטעלנ
אונ שיקנ פעקעלעכ דער געלער מויד קיינ קעלנ.

געמיינט האָט פריצ אוואדע ווי צום בעסטנ...
אונ איצטער לויפט ער מיט אזא מינ דראנג נאכ וועסטנ!
ער וואָלט געלאָזט זיכ מיעדייע וויפל קאָסטנ,
ער זאָל די ביינער קאָנענ אָפטראָגנ פונ אָסטנ.

---

# א לוינ

דעמ ערשטנ קרייצ האָט ער פאר יוגאָסלאוויע באקומענ,
דעמ צווייטנ קרייצ האָט ער פאר גריכנלאנד געהאט,
דעמ דריטנ קרייצ האָט ער זיכ פירגענומענ
לעמאנאשעמ זיכ אײַנשאפנ בא סטאלינגראד.

אינ סטאלינגראדער קעסל איז ער היפש לאנג געזעסנ
אונ האָט זײַנ לוינ באקומענ, ווי ער האָט פארדינט:
א וואָכ האָט ער די הינט געגעסנ,
אונ צוויי מעסלעס האָבנ געגעסנ אימ די הינט.

---

# א באגעגעניש

ערגעצ, איכ ווייס ניט, אינ וואָס פאר א געגנט,
האָבנ אנומלט זיכ צווייענ באגעגנט.

רופט זיכ אָנ איינער: — איכ בינ א וואָלפ.
ענטפערט דער צווייטער: — אונ איכ בינ אדאָלפ.

רופט זיך אָן איינער: — איך האָב שארפע צײן.
— און איך, — זאָגט דער צווייטער, — איך בוזעם א שטײן.

רופט זיך אָן איינער: — איך עס שאָפּ און רינדער.
ענטפערט דער צווייטער: — און איך — קליינע קינדער.

דער וואָלף האָט געגעבן א דריי מיט דער נאָז
און איז זיך אוועק׳גאַנ, איך ווייס ניט פארוואָס.

---

# דער גענעראַל־מאַיאָר באַראָן פאָן־פּפערד

דער גענעראַל-מאַיאָר באַראָן פאָן-פּפערד
האָט אלצדינג ליב געהאט צו טאָן פארקערט.
מ׳האָט אים געווינטשעוועט קאדאָכעס, פארעס מאַקעס,
די עקטיקע, א זאָכעניש, א בראַנד,
און ער האָט אלץ געהערט פאר צענ פּיאַסאַקעס, —
מע שעלט, מע שעלט, און ווי אן ארבעס אין דער וואַנט.

ג׳אַז ער האָט יאָ געהאט שוין די מאַפּאָלע,
דער וויסטער קירע-דײַטש, אָט דער קאַפּוירער מענטש,
איז קאָנט איר מיינען, עפּשער פונ א קלאָלע?
כאָלילע: דאַפּקע פונ א בענטש!

דאָס האָט דער כאַווער כאָפּ, — א דעמבּ! א גיבער!
דער ערשטער מײַסטער אינעם פארטיזאַנער-קאַנט,
ער האָט, זי זאָל אים זײַן געזונט און שטארק, א האַנט,
וואָלט איר שוין גראָד געמעגט א קוק טאָן א קאַליבער!
אן אויצער, נישט קיין האַנט! א גאָט-געשאַנק! —
ס׳האָט ער דעם גענעראַל דעם בענטש דערלאַנגט.

—★☆★—

## СОДЕРЖАНИЕ — אינהאלט

### БРАТЬЯ В БОРЬБЕ — ברידער אינ שלאַכט

## НЕ ЗАБУДЕМ И НЕ ПРОСТИМ

## ניט פארגעסנ אונ ניט שענקענ

